# BRIV VEGN ALTN UN NAYEM YIDNTUM

Simon Dubnow





NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

## שמעון דובנאָוו

# בריוו
# וועגן אלטן און נייעם יידנטום

ייִדיש — משה און שאול פּערדמאַן

מיט אַן אַרײַנפירט וואָרט און צוגאָבן פון ח. ש. קאַזדאַן



פ א ר ל א ג



מעקסיקע, ד. פ. 1959

# SIMON DUBNOV

## *Cartas*

Sobre el Judaísmo antiguo y moderno

Traducidas del ruso por
Moisés y Saúl Ferdman



Edición del Fondo Mendelson
de la Sociedad Pro Cultura y Ayuda, A. C.
*México, D. F.*, 1959

# א י נ ה אַ ל ט



## ע ר ש ט ע  ג ר ו פּ ע

## אַלגעמיינע פּרינציפּן



## צ ו ו י י ט ע  ג ר ו פּ ע

## צווישן געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען



## ד ר י ט ע  ג ר ו פּ ע

## צווישן אינקוויזיציע און עמאַנציפּאַציע

## הוספות

# אַרײַנפֿיר־װאָרט

עס איז דאָס ערשטע מאָל, אַז דער ייִדישער לייענער באַקומט די מעג־לעכקייט צו לייענען און שטודירן דאָס פונדאַמענטאַלע װערק פון שמעון דובנאָװ „בריװ װעגן אַלטן און נייעס ייִדנטום" — אין דער ייִדישער שפּראַך.

דאָס גרויסע װערק, װאָס איז געװאָרן דער יסוד פון דער טעאָריע װעגן גייסטיקן נאַציאָנאַליזם, איז לכתחילה געשריבן געװאָרן אויף רוסיש אין פאָרם פון באַזונדערע אַרטיקלען („בריװ"): דער ערשטער בריװ פון דער סעריע איז פאַרעפנטלעכט געװאָרן אינעם רוסיש־ייִדישן זשורנאַל „װאָסכאָד" אין 1897, און דער לעצטער בריװ — אין 1906. מיט אַ יאָר שפּעטער, אין 1907, האָט ש. דובנאָװ צונויפגענומען אַלע בריװ אין איין באַנד פון 370 זייטן (מיט אַ פאָררעדע פון 8 זייטן) און אים פאַרעפנטלעכט אין פּעטערבורג אונטער דעם זעלבן נאָמען, אין װעלכן ער דערשיינט איצט, מיט איבער 50 יאָר שפּעטער, אין דער ייִדישער שפּראַך.

לאַנגע יאָרן איז ש. דובנאָװס ספר געבליבן נישט איבערגעזעצט גאַנ־צערהייט אין קיין שום שפּראַך, צום פאַרשטענדלעכן פאַרדרוס פונעם גרויסן היסטאָריקער. ערשט מיט 30 יאָר שפּעטער, אין 1937, איז אין תּל־אָביב דערשינען דאָס װערק אין דער העברעישער שפּראַך אונטערן נאָמען „מכתבים על היהדות הישנה והחדשה". דער איבערזעצער איז געװען אַברהם לעװינסאָן (געשטאָרבן דעם 20סטן יולי 1955). ש. דובנאָװ האָט גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דער צוגרייטונג פון דער נייער אויסגאַבע, — אויפן שער־בלאַט איז טאַקע אָנגעגעבן: „מהדורה חדשה ומתוקנת... בהשתתפות המחבר" („אַ נייע און אויסגעבעסערטע אויסגאַבע... מיט דער באַטייליקונג פונעם מחבר").

אין זיין פאָררעדע צו דער העברעישער אויסגאַבע, געשריבן אין יולי 1936, דערציילט ש. דובנאָװ: „נאָך דעם װי עס איז חרוב געװאָרן דער גרויסער ייִדישער צענטער (רוסלאַנד — ח. ש. ק.), װאָס האָט געבוירן די נאַציאָנאַלע באַװעגונג, האָב איך געטראַכט צוזאַמענצושטעלן אַ מין „קי־צור שולחן ערוך" פון די „בריװ", אויף אַזאַ אופן, אַז ער זאָל קענען די־נען װי אַ מקור פאַר די עיקרים פון מיין שיטה, פון איר אַנטװיקלונג אין דער קייט פון די געשעענישן אין יענער תּקופה און פאַר דער געשיכטע

פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג בכלל. עס איז שווין באַלד 10 יאָר, ווי אַט דער ספר איז אָנגעשריבן אינעם נייעם נוסח, און עס איז צוגעגרייט פון אים אַן איבערזעצונג אויף דייטש און העברעיש. אָבער דער ניי־אויס־רעדאַגירטער ספר, סיי אין רוסישן אָריגינאַל סיי אין דער דייטשער אי־בערזעצונג, איז נאָך אַלץ נישט אָפּגעדרוקט און ביידע ליגן אין כתב־יד „עד שיבא אליהו". נאָר די העברעישע איבערזעצונג האָט איצט געפונען אַן אויסלייזער — דאָס איז ר' א. לעווינסאָן, איינער וואָס האָט געפאָרשט מיין סיסטעם אין אָריגינאַל; איך האָב גענומען אָנטייל אין זיין אַרבעט און איך האָב געמאַכט פאַר איר צוגאָבן און קאָרעקציעס אינעם טעקסט פון בוך".

דאָס גרויסע ווערק פון 370 זייטן אין רוסיש — איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קלענערער אויסגאַבע פון 144 זייטן אויף העברעיש. וועל־כע קירצונגען און ענדערונגען האָט ש. דובנאָוו געמאַכט אין דער הע־ברעישער אויסגאַבע? ראשית, האָט ער באַזייטיקט אַלע איבערחזרונגען, וואָס זיינען געווען אַ רעזולטאַט פון דעם כאַראַקטער פון די בריוו, געשריבן במשך פון עטלעכע יאָר אין חודש־זשורנאַל און טיילווייז אין דער וואָכנ־שריפט פון „וואָסכאָד". ווייטער האָט ש. דובנאָוו עלימינירט אַלע פאַקטן און אָפּשאַצונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ ווערט און אַן אינטערעס אין יע־נעם געגעבענעם מאָמענט, אין שייכות מיט דער דעמאָלטיקער פּאָליטי־שער סיטואַציע אין יידישן און אַלגעמיינעם לעבן. ער האָט אויך, ווי ער זאָגט אין זיין העברעישער פאָררעדע, „אויסגעמעקט אַ סך שאַרפע אויס־דרוקן לגבי די קעגנערישע פאַרטייען. זיי האָבן געפּאַסט נאָר פאַר זייער צייט — אין די שטורעמטעג פון יענע מלחמות". פונעם אָריגינעלן רו־סישן טעקסט האָט דער מחבר אין גאַנצן באַזייטיקט אין דער העברעישער אויסגאַבע 3 „בריוו": 1) „וועגן דעם בייט פון ריכטונגען אין דער רוסיש־יידישער זשורנאַליסטיק" (1899); 2) „אַ צעשפּליטערטע אָדער אַ פּאַראיי־ניקטע נאַציאָנאַלע פאַרטיי" (1901); 3) „וועגן דער אינטעליגענץ וואָס האָט זיך פאַרלוירן" (1902). דערפאַר האָט ש. דובנאָוו אַריינגעגעבן אין דער העברעישער אויסגאַבע אַ ניי קאַפּיטל אַלס דעם אַכטן בריוו א"נ „חיוב הגלות", — דאָס איז געווען ש. דובנאָווס ענטפער אויף אחד־העמס אַר־טיקל „שלילת הגלות" (ש. דובנאָווס ענטפער איז געווען אָפּגעדרוקט אין „יעווריעיסקי מיר", אין 1909). אין דער העברעישער אויסגאַבע איז אויך דאָ אַ צאָל נייע הערות, וועגן וועלכע מיר וועלן רעדן ווייטער.

די יידישע איבערזעצונג — איז געמאַכט פון רוסישן אָריגינאַל, דורך די ה"ח משה און שאול פערדמאַן און ש. דובנאָווס ווערק דערשיינט ביי אונדז אין פולן טעקסט, אָן שום קיצורים. חוץ דעם זיינען אין מיין איי־גענער איבערזעצונג צוגעגעבן דאָ 2 אַרטיקלען פון ש. דובנאָוו, וועלכע זיינען אין דער רוסישער אויסגאַבע נישטאָ; די דאָזיקע אַרטיקלען שעפּן אויס דעם לאַנגיאָריקן וויכוח צווישן אונדזער היסטאָריקער און אחד־העמען: דער ערשטער איז דער אויבן דערמאָנטער אַרטיקל „חיוב הגלות" (1909),

און דער צווייטער איז: „שלילת הגלות און חיוב הגלות אין אחד־העמס לערע" (1914). די ביידע אַרטיקלען זיינען אַ גאָר וויכטיקע דערגאַנצונג צו די „בריוו", און זיי האָבן אַן אַקטועלן אינטערעס אויך פאַרן היינטיקן לייענער.

ווי עס דערציילט דער העברעישער איבערזעצער א. לעווינסאָן, האָבן זיך די אונטערהאַנדלונגען וועגן אַרויסגעבן די „בריוו" אויף העברעיש אָנגעהויבן נאָך מיט 8 יאָר פריער פאַרן דערשיינען: „לויטן אָפּמאַך צווישן דובנאָוון און דעם „שטיבעל־פאַרלאַג" פון יוני 1929 איז צו זען, אַז דוב־נאָוו האָט דעמאָלט נישט געטראַכט וועגן אַריינברענגען גרינטלעכע ענדע־רונגען אין זיינע „בריוו", און דעריבער האָט דאָס דאָזיקע בוך, וואָס האָלט אין רוסישן אָריגינאַל 23 דרוקבויגן, געזאָלט אַרויסגיין אין דער העברעי־שער איבערזעצונג אין 2 טיילן און האַלטן 30 דרוקבויגן. ווייזט אויס, אַז שפּעטער, ביים צוגרייטן דעם ספר צום דרוק, האָט דובנאָוו באַשלאָסן אים איבערצוקוקן און איבערערדאַגירן. און ווירקלעך, ער האָט אים מצמצם געווען ביז אַ העלפט, אַ דאַנק די השמטות און גרעסערע קיצורים" *).

ווי מיר זעען, איז דאָס דערשיינען פון בוך אויף העברעיש צוגע־גאַנגען זייער שווער... ש. דובנאָוו האָט דירעקט געשריבן צו די ממונים איבערן העברעישן פאַרלאַגס־וועזן אין דעמאָלטיקן ארץ־ישראל (ראַוויניצקי און אַנדערע). אָבער, ווי עס ווייזט אויס, האָט דער פּלאַן אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסן ווידערשטאַנד. אין זיינע בריוו צו א. לעווינסאָנען אין 1935 און 1936 האַלט ש. דובנאָוו אין איין קלאָגן זיך אויף דער אומקאָרעקטער באַ־ציונג צו זיין פּראָיעקט וועגן אַרויסגעבן דעם בוך. אַ פּאָר אויסצוגן פון די בריוו צום איבערזעצער באַלויכטן די זאַך. ש. דובנאָוו שרייבט: „פון דיין שווייגן זע איך, אַז די ארץ־ישראל־פאַרלעגער קווענקלען זיך מכוח אָפּדרוקן דעם ספר, — וויבאַלד אַזוי, איז אַ שאָד מיין גאַנצע אַרבעט אי־בער די אויסבעסערונגען. נאָך די קיצורים, וואָס איך האָב געמאַכט, וועט דער פאַרנעם פון בוך נישט גרייכן העכער ווי 10 דרוקבויגן, און אַזאַ ביכל וואָלט אפילו אַן אָרעמער פאַרלעגער אין וואַרשע געקענט אַרויסגעבן. פאַרענטפער מיר די דאָזיקע רעטעניש און ענטפער באַלד" (בריוו פון 1935 5טן פעברואַר, „ספר שמעון דובנאָוו", זייט 366).

די דאָזיקע באַציונג צו ש. דובנאָווס בוך ווערט נאָך בולטער, ווען מען פאַרגלייכט דאָס מיט דעם, ווי אַזוי די העברעישע פאַרלאַגן אין ארץ־ישראל האָבן באַהאַנדלט אין יענע יאָרן דובנאָווס אַנדער בוך — וועגן חסידות. דעם 16טן מערץ 1930 פאַרנאָטירט ש. דובנאָוו אין זיין טאָגבוך („קניגאַ זשיזני"): „כמעט פאַרענדיקט דעם ערשטן באַנד „חסידיזם" (ביזן יאָר 1781). דאָס בוך וועט זיך דרוקן אין פּאַלעסטינע, אינעם פאַרלאַג

*) אברהם לוינסון — בין המחבר ומתרגמו, ספר שמעון דובנוב, ערוך בידי ש. ראבידוביץ תשי"ד, זייט 187.

„דביר“. דער קאמף פון 2 פארלאגן פארן דאזיקן בוך האט זיך פארענ־דיקט מיטן נצחון פון „דביר“: ביאליק און ראווניצקי שרייבן, אז זיי האבן שוין אנאנסירט די אויסגאבע“. און ווירקלעך, דאס בוך „תולדות החסידות“ איז דערשינען אין תל־אביב אין פארלאג „דביר“ במשך 1930־1931. אבער מיטן ארויסגעבן די „בריוו וועגן אלטן און נייעם יידנטום“ האט מען זיך נישט געאיילט... דער זעלביקער ראווניצקי האט געהאלטן כסדר אין איין קווענקלען זיך און אפציען. ש. דובנאוו האט אפנים גע־האפט אפצוראטעווען די אויסגאבע דורך די שטארקע פארקירצונגען און דורך אויסמיידן די פאלעמיקעס מיט ציוניסטישע פירערס. אזוי, למשל, האט ער אין זיבעטן בריוו זיין גרויסע און שארפע פאלעמיק מיט מאקס נארדוי פארקירצט פון 13 זייטן אין רוסישן טעקסט — צו 2 אין העב־רעישן.

אינעם דריטן באנד פון זיין טאגבוך „קניגא זשיזני“, אונטער דער דאטע פון 20טן יולי 1929, שרייבט ש. דובנאוו: „נעכטן און היינט זיץ איך און בעסער אוים דעם טעקסט פון די „בריוו וועגן יידנטום“ צוליב דער העברעישער און דייטשישער איבערזעצונג. איך בין שטארק מקצר, כ'ווארף ארוים דאס, וואס איז פארעלטערט, הגם כ'האב באשלאסן איינ־צוהיטן דעם קאלאריט פון יענער צייט, ווען די „בריוו“ האבן זיך גע־שריבן. א שווערע אויפגאבע“. מיט 10 טעג שפעטער פארצייכנט ער ווייטער: „...איך מאך אויסבעסערונגען פאר דער פארקירצטער אויסגאבע פון די „בריוו וועגן יידנטום“. איצט, נאכן דורכזיפן, איז פארבליבן ריינע מעל: נישט קיין גרויסער באנד, א מאנומענט פארן אמאליקן אידעען־קאמף, א מאטעריאל צו דער געשיכטע וואס קען נאך אלץ ווירקן פונדעסטוועגן אויף די מוחות, איבערהויפט אין מערב, אין פרט פון קלאר מאכן די נאציאנאלע אידעאלאגיע“.

אבער די אלע באמיונגען האבן נישט געהאלפן. זיין בוך שרעקט מיט זיין אנטי־ציוניסטישן גייסט.

עס איז איבערגעטריבן, אז אין ש. דובנאוון איז פארגעקומען אן „אינערלעכער שינוי בנוגע זיין באציונג צום ציוניזם“ (ווערטער פון א. לעווינסאן, דארט, ז. 194). די צוויי צוגאב־ארטיקלען צו די „בריוו“, וועלכע מיר דרוקן דא אין דער יידישער אויסגאבע פון בוך, ש. דובנאווס פאלע־מיק מיט אחד־העמען, — זאגן עדות פונקט פארקערט.

גערעכט איז פראפ' קאפל ש. פינסאן (אין זיין ארבעט, וועגן וועלכער מיר רעדן ווייטער), ווען ער זאגט וועגן די צוויי בר־פלוגתאס: „טעארעטיש זיינען זיי געווען זייער, זייער נאענט צווישן זיך... אבער פראקטיש און פסיכאלאגיש איז דער אונטערשייד געווען א גרויסער צווישן דובנאוון און אחד־העמען“. און אוודאי נאך גרעסער איז דער אונטערשייד און דער קעגנזאץ צווישן ש. דובנאוון און דעם פאליטישן ציוניזם.

ארויסגעבנדיק די „בריוו“ אין דער אומגעקירצטער פארם, האנדלט דער „ש. מענדעלסאן־פאנד“ בפירוש אין גייסט פונעם גרויסן היסטא־

ריקער אַליין, וועלכער האָט „באַטראַכט זיינע מיינונגען, ווי אַ היסטאָרישן מאַטעריאַל, וואָס מ'טאָר אים נישט ענדערן אָדער מאָדולירן פון דאָס ניי". מיר האַנדלען בפירוש אין זיין גייסט און מיר ווילן, אַז אפילו זייַנע „ גרייזן", ווי ער האָט אַמאָל געזאָגט דעם איבערזעצער, זאָלן פאַרבלייבן, ווייל „זיי באַלאַנגען אויך צו דער געשיכטע און איך טאָר זיי נישט פאַרריכטן". מיר ווילן, אַז דער היינטיקער לייענער זאָל באַקומען דאָס בוך אין זיין בראשית־פאָרם.

די „בריוו" — צוזאַמען מיטן וויכוח ש. דובנאָוו — אחד־העם — זיינען נישט נאָר אַ מאָנומענט פאַרן „גייסטיקן נאַציאָנאַליזם" און דובנאָוויזם. מיר האָבן דאָ אַן אויסערגעוויינטלעך רייכן היסטאָריש־געזעלשאַפטלעכן מאַטעריאַל, וואָס שפיגלט אָפּ די גרויסע תקופה אין אַמאָליקן לעבן פון רוסישן יידנטום: די יאָרן 1861-1914. עס גייען פאַר אונדז אַדורך פּראָבלעמען און פּערזענלעכקייטן, באַוועגונגען און ריכטונגען אין יידישן לעבן און דענקען. מיר זעען פאַר זיך אַ גייסטיקן ריז, וואָס האָט אונטערגענומען די אַרבעט פון אַנאַליזירן און פאַר־סך־הכל־ען די היסטאָרישע דערפאַרונגען, שטרעבונגען און טרוימען פון אַלטן און נייעם יידנטום. מיר זעען פאַר זיך דעם גרויסן מייסטער און אַרכיטעקט פון דער יידישער געשיכטע־שרייבונג — אונטער איר קוקווינקל זיינען עס געשריבן אַלע „בריוו". זיי שפיגלען אָפּ דעם דורכגעמאַכטן היסטאָרישן וועג — פון קאָסמאָפּאָליטיזם צו נאַציאָנאַליזם, פון נאַציאָנאַלער נעגאַציע צו קולטור־נאַציאָנאַלער אַקטיווקייט. דאָס איז דער וועג, וואָס ש. דובנאָוו אַליין און זיין גאַנצער דור האָט אַזוי ווייטיקלעך דורכגעמאַכט. נישט ווייניק האָבן מיר אָפּצולערנען פון דעם בוך אויך אין אונדזערע היינטיקע טעג פון „רעוויזיעס" און אַנטוישונגען, פון ספקות און יאוש־שטימונגען אין נאָכן־חורבן־פּעריאָד.

* * *

רעדאַגירנדיק די העברעישע אויסגאַבע, האָט ש. דובנאָוו געהאַלטן פאַר נייטיק צו מאַכן אייניקע הערות צו עטלעכע „בריוו". הגם דאָס זענען ס'רוב פאַקטועלע, נישט־פּרינציפּיעלע באַמערקונגען, ווילן מיר ציען אויף זיי די אויפמערקזאַמקייט פון אונדזערע לייענער.

צום סאַמע סוף פון פינפטן בריוו („וועגן נאַציאָנאַלער דערציאונג") האָט דער מחבר צוגעגעבן אַזאַ הערה: „אין דער רוסישער אויסגאַבע זענען דאָ אָנגעגעבן די דעטאַלע פּראָגראַמען פאַר דער שול־רעפאָרם און אַן איבערזיכט איבער דער טעטיקייט פון דער „חברה מפיצי־השכלה" אין רוסלאַנד אין יענער צייט. די אַלע פּרטים פונעם קולטור־קאַמף אין די יאָרן 1901—1903 האָבן איצט נאָר אַ היסטאָרישן אינטערעס".

צום זעקסטן בריוו („דאָס אוטאָפּישע און רעאַלע אין ציוניזם"), אין פאַרלעצטן אָפּזאַץ פון דריטן פּאַראַגראַף, האָט דער מחבר צוגעגעבן אַזאַ הערה: „די צייטן האָבן זיך געענדערט, און צו אונדזער גליק האָבן מיר איצט, 55 יאָר נאָכן אָנהויב פון דער נייער קאָלאָניזאַציע, אַ לאַנדווירט־

שאַפּטלעכע באַפעלקערונג פון 70.000 און אַ שטאָטישע באַפעלקערונג פון קרוב 300.000, כן ירבו. פונדעסטוועגן האָב איך נישט באַזייטיקט מיינע אַלטע שאַצונגען, בכדי עס זאָל דינען אַלס באַווייז פון יענע טעג, טעג פון קליינער אמונה אין מעגלעכע דערגרייכונגען, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופן ביי אונדז דאגות און ספקות בנוגע דעם גורל פונעם ישוב".

צום זיבעטן בריוו („די נאַציע פון היינט און די נאַציע פון דער צוקונפט"), צום סוף פונעם צווייטן פּאַראַגראַף, האָבן מיר אַזאַ הערה: „איך וויל טראַכטן, אַז וואָלט אחד־העם געשריבן וועגן דער פראַגע נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמיע איצטער, ווען די פראַגע איז אויפגעקלערט געוואָרן נישט נאָר טעאָרעטיש נאָר אויך פּראַקטיש, — וואָלט ער נישט פאַרעפנטלעכט אַ סך פון דעם, וואָס ער האָט געשריבן מיט 9 יאָר פריער, אין 1898, אינעם אויבנדערמאָנטן עסיי. און אוודאי נישט איצטער, נאָכן (ערשטן) וועלטקריג, ווען די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן זענען פאַרזיכערט דורך אינטערנאַציאָנאַלע און מלוכהשע געזעצן" (באַמערקונג פון 1929).

דאָס קאַפּיטל צוויי („קנעכטשאַפט אין רעוואָלוציע") פונעם צוועלפטן בריוו איז אין דער העברעישער אויסגאַבע שטאַרק געקירצט. די גאַנצע הייסע פּאָלעמיק מיטן „בונד" און מיט די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען — איז אַרויסגענומען. צו דער הערה פונעם מחבר מיט דער ציטאַטע פון וולאַדימיר מעדעם — זענען אין העברעישן טעקסט ביים סוף צוגעגעבן אין קלאַמערן די ווערטער: „ביים סוף פון זיין לעבן האָט דער פירער (וול. מעדעם) זיך צוריקגעצויגן פון דער דאָזיקער מיינונג זיינער און ער איז מער מיטגעריסן געוואָרן פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק". *)

* * *

עס איז נישט די אויפגאַבע פון מיין אַריינפיר־וואָרט צו אַנאַליזירן און אָפּשאַצן די טעאָריע פון דובנאָוויזם. דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות און דער פאַרלאַג, וואָס גיט אַרויס דעם בוך, געהערן צו דער בונדישער ריכטונג, — און די חילוקי דעות צווישן דעם גייסטיקן נאַציאָנאַליזם (אויטאָנאָמיזם) און דער בונדישער אויפפאַסונג פון קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע — זענען גענוג באַקאַנט און אויפגעקלערט. עס איז דעריבער איבעריק דאָ זיך צו פאַרנעמען מיט די דאָזיקע אונטערשיידן. וואָס שייך ש. דובנאָוון, האָט ער אינעם בריוו 12 („דער מוסר השכל פון די שרעקלעכע טעג"), אינעם קאַפּיטל „קנעכטשאַפט אין דער רעוואָלוציע" — באַריכות דערקלערט זיין קעגנערשאַפט צום „בונד". די דאָזיקע שאַרפע אַטאַקע אויפן „בונד" איז געווען אָפּגעדרוקט אין „וואָסכאָד" אין 1905 (נומערן 47 — 50), און זי האָט בשעתו געמאַכט אַ פיינלעכן

---

*) זע צום סוף פון בוך מיין אויפקלערנדיקע הערה וועגן דעם צוועלפטן בריוו.

איינדרוק אין די רייען פון „בונד". אָבער דאָס אַלץ פאַרמינערט נישט אין אונדזערע אויגן דעם קולטור־היסטאָרישן באַטייט פון די „בריוו".

אין „בונד" האָט מען אָפט פּאָלעמיזירט מיט ש. דובנאָווס טעאָריע און באַזונדערס מיט זיינע פּראַקטיש־פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעך־פּאַר־טייאישע לאָזונגען און רעקאָמענדאַציעס.

אויפֿן פינפטן צוזאַמענפאָר פון „בונד", יוני 1903 אין ציריך, בעת דער גרויסער דעבאַטע וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, איז דובנאָוו און זיין טעאָריע אייניקע מאָל דערמאָנט געוואָרן. איינער פון די קעגנער פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אויף יענעם צוזאַמענפאָר, טימאָפּיי, דריקט זיך אויס אַזוי: „די ריכטונג דובנאָווס — איז אַ נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע. די דאָזיקע ריכטונג קומט אַנטקעגן די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון אייניקע בונדיסטן. דאָס איז זייער געפערלעך" („אונדזער צייט", וואַרשע, דעצעמ־בער 1927). טאַראַס (דוד קאַץ) ווידער האַלט, אַז „די אויטאָנאָמיע פון דובנאָוון האָט נישט קיין שום געמיינזאַמס מיטן „בונד". וולאַדימיר קאָ־סאָווסקי זאָגט: „טימאָפּיי האָט געזאָגט, אַז די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דובנאָוון און פון „בונד" איז איינע און די זעלבע. אָבער דובנאָוו רעדט וועגן נאַציאָנאַלער דערציונג — דאָס איז אַ ספּעציפיש־ציוניסטישער טער־מין וועגן לערנען רעליגיע, העברעיש אד"גל. דאָס האָט קיין שום געמיינ־זאַמס נישט מיטן בונד". מאָיסיי ווינאָקור כאַראַקטעריזירט דובנאָוון אַלס „גייסטיקן ציוניסט".

דאָס לעצטע מאָל האָט מיט ש. דובנאָוון פּאָלעמיזירט דער פירער פון פּוילישן בונד הענריק ערליך. ווי עס דערציילט סאָפיע דובנאָוו־ערליך אין איר בוך „דאָס לעבן און שאַפן פון ש. דובנאָוו" (אַרויס אין אונד־זער פאַרלאַג אין יאָר 1952), האָט דעם אַלטן היסטאָריקער „פאַרבונדן אַ הייסע פריינדשאַפט מיט זיין איידעם הענריק ערליך. נישט געקוקט אויף די אונטערשיידן אין זייערע מיינונגען, האָבן זיי געהאַט אַ סך געמיינזאַמס — שטרענגער אידעאַליזם, קאָמפּראָמיסלאָזיקייט, רואיקע מוטיקייט. אין זייערע דיסקוסיעס האָבן זיי קיין מאָל נישט אַריבערגעטראָטן די גרענעץ, וואָס הינטער איר הייבט זיך אָן פערזענלעכע צערייצטקייט". די געשיכטע פון דער עפנטלעכער פּאָלעמיק וועגן וועלכער מיר רעדן דאָ איז פאַר־בונדן מיט דעם 40־יאָריקן יובילײ פון „בונד" אין 1937. אין אַ פריוואַטן בריוו האָט ה' ערליך אויסגעדריקט זיין באַדויערן, הלמאי ש. דובנאָוו האָט זיך נישט אָפּגערופן אויף דער דאָזיקער וויכטיקער דאַטע אין יידישן לעבן. ש. דובנאָוו האָט אויף דעם געענטפערט מיט אַן אַרטיקל אין „צוקונפט" (יוני 1938) א. נ. "וועגן דער איזאָלאַציע פון „בונד" און דער ציוניס־טישער פאָלקסבאַוועגונג — אַ בריוו צו אַ פריינד, אַ בונדיסט". אויף דעם איז געקומען ה' ערליכס ענטפער אין אָקטאָבער־נומער „צוקונפט", אונטערן נאָמען: „צי איז דער ציוניזם אַ באַפרייענדיקע דעמאָקראַטישע באַוועגונג". ה' ערליך שרייבט דאָרט: „ה' דובנאָוו דריקט אויס דעם וואונטש, אַז דער „בונד" — „זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין אַלטער נעגאַטי־

ווער שטעלונג צום כלל ישראל און ווערן אן אָרגאַנישער טייל פונעם יידישן פאָלק" — — — ה׳ דובנאָוו רעדט אי ווענן כלל ישראל אי ווענן א געמיינזאַמען בראַנט מיט אַלע „פּראָגרעסיווע עלעמענטן". דאָס זענען אָבער צוויי פאַרשידענע זאַכן. כלל ישראל שליסט קיינעם נישט אויס פון כלל... אָבער ה׳ דובנאָוו איז דאָך צוגלייך מיט אונדז גרייט צו לאָזן אין א זייט די „אגודה". וואָס איז שייך דער „אגודה", — זאָגט ער, — איז דער „בונד" פולשטענדיק גערעכט. אָבער אויב ה׳ דובנאָוו איז גרייט צו רעזיגנירן פון צוזאַמענאַרבעט מיט אזא באַדייטנדיקער ריכטונג אין דער יידישער געזעלשאַפט, ווי די „אגודה", דאַן זאָגט ער זיך דאָך אַליין אָפּ פונעם כלל־ישראל־פּרינציפּ".

וואָס שייך דער באַציונג פון „בונד" צום ציוניזם און דובנאָווס באַ־שולדיקונג, אַז די דאָזיקע באַציונג איז שוין פאַרעלטערט, ענטפערט ה׳ ערליך אַזוי: „איך האָב דעם איינדרוק, אַז דאָס איז געזאָגט עטוואָס צו סוביעקטיוו. ווייל נישט בלויז מיט 40 יאָר צוריק, נאָר אויך באַדייטנדיק שפּעטער האָט זיך ה׳ דובנאָוו אַליין באַצויגן צום ציוניזם אַנדערש ווי היינט. אָ, געוויס — ער האָט אויך היינט פאַרבאַהאַלטן און גאַנץ ערנס־טע: „מען מוז באַקעמפן, — זאָגט ער, — די נעגאַציע פון גלות אין ציוי־ניזם, דעם ביטול צו גלות און די אתה־בחרתנו־שטימונג פון די ציוי־ניסטן, וואָס איז פּשוט א סכנה פאַר דער גאַנצער וועלט־נאַציע". אמאָל איז דער דאָזיקער באַרבאַהאַלט געווען גענוג אויף צו באַשטימען דובנאָווס נעגאַטיווע באַציונג צום ציוניזם. אָבער... די היטלעריסטישע פאַרפּלייצונג האָט אונטערגעשווענקט אין אים דעם גלויבן אינעם גלות, און ממילא האָט זיין נישט־פון־היינט־טאָגיקע באַוואָרעניש קעגן ציוניזם, — אַז ער איז א סכנה פאַר די יידן פון דער גאַנצער וועלט, — אַנגעוואָרן אין זיינע אויגן א גרויסן טייל פון איר אַמאָליקער קראַפט".

צום סוף פון זיין גרויסן אַרטיקל ברענגט ה׳ ערליך א היפּשע צאָל ביישפּילן, ווי אַזוי די ציוניסטן האָבן געהאַנדלט אויף דער אַרענע פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק און דיפּלאָמאַטיע און אויך אויפן געביט פון אינערלעכער פּאָליטיק אין פּוילן. ער גרענעצט זיך שאַרף אָפּ פון דוב־נאָווס אָפּשאַצונגען וועגן דער ראָל פון דער „ציוניסטישער פאָלקסבאַווע־גונג".

געוויס, דובנאָוויזם און בונדיזם האָבן אַ טעאָרעטישע נאָענטקייט צווישן זיך; דער דובנאָווישער אויטאָנאָמיזם האָט אין די ערשטע יאָרן פון דער אויפוואַכונג פון נאַציאָנאַלן געדאַנק אין די רייען פון „בונד" געהאַט א באַדייטנדיקע השפּעה. די אידעען פון דובנאָווס „בריוו" האָבן בלי ספק באַאיינפלוסט די פּרעדיקער פון אויטאָנאָמיזם אין „בונד" און צוגעהאָלפן אויסקריסטאַליזירן די בונדישע נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע. יענער דור בכלל האָט פון ש. דובנאָוון א סך געלערנט בנוגע די פראַגן: אַקצעפּטאַציע פון גלות, דאָס אָפּוואַרפן אַסימילאַציע, פּרינציפּ פון אויטאָנאָמיזם. אָבער פּראַקטיש־פּאָליטיש און אויך פּסיכאָלאָגיש הערשט צווישן „בונד" און

ש. דובנאָוון, ווי מיר האָבן עס געזען, זייער שאַרפע חלוקי־דעות.

* * *

פּראָפעסאָר קאָפּל ש. פּינסאָן האָט אין 1958 פאַרעפנטלעכט א גרויסן בוך אויף ענגליש א"נ: „דובנאָוו — נאַציאָנאַליזם און געשיכטע". ק. פּינ־סאָנס בוך באַשטייט פון עטלעכע טיילן: 1) א ביאָגראַפישע אָפּהאַנדלונג אָבער צוויי פאַרשידענע זאַכן. כלל ישראל שליסט קיינעם נישט אויס פון כלל... אָבער ה' דובנאָוו איז דאָך, צוגלייך מיט אונדז, גרייט צו לאָזן וועגן דעם היסטאָריקער און „פּאָליטישן דענקער"; 2) אַן איבערזעצונג פון די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" — לויט דער העברעישער אויסגאַבע; 3) ש. דובנאָווס אָפּהאַנדלונג וועגן דער פילאָזאָפיע פון יידי־שער געשיכטע, איר פאַרנעם, איר תוך און מערקווירדיקייט, און וואָס זי לערנט אונדז; 4) 3 קלענערע אַרטיקלען פון ש. דובנאָוו: וועגן סוד פון יידישן קיום, וועגן סאָציאָלאָגישן קוק אויף יידישער געשיכטע, און וואָס דאַרף מען טאָן אין המנס ציימן.

פּראָפ' פּינסאָן איז א געטרייער פאַרשער פון ש. דובנאָווס ווערק און טעאָריעס. ער איז אָביעקטיוו און אומפּאַרטייאיש אין זיינע אָפּשאַצונ־גען. אין יאַנואַר 1948 האָט ער אויף דער 22־טער יאָריקער קאָנפע־רענץ פון ייוו"אָ אין ניו־יאָרק געהאַלטן א רעפעראַט: „דובנאָווס נאַציאָ־נאַלע טעאָריע אין שיין פון אונדזער צייט" (גרויסע טיילן פון דעם רע־פעראַט זענען אַריין אין דערמאָנטן ענגלישן בוך). אָט זענען אייניקע הויפּט־געדאַנקען פון פּראָפ. פּינסאָנס רעפעראַט:

„פאַראַן מיינונגען, אַז דובנאָווס טעאָריע איז היינט באַנקראָט, וואו רעדט מען איצט וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע? ווער הערט איצט פון מינאָריטעטן־רעכט? יידיש, זאָגט מען, האַלט ביי די לעצטע טעג. דער ציו־ניזם האָט געזיגט איבער דעם גלות־נאַציאָנאַליזם, אחד־העם איבער דוב־נאָוון... איך האָב איצט נאָך א מאָל דורכגעשטודירט דובנאָווס ווערק און נאָך א מאָל דורכגעטראַכט זיינע טעאָריעס וועגן נאַציאָנאַליזם. און איך בין געקומען צו דער פעסטער איבערצייגונג, אַז נישט נאָר זענען דובנאָווס טעאָריעס האַפטיק און סאָליד, נאָר זיי זענען איצט נאָך אפשר וויכטי־קער און נייטיקער, ווי א וועגווייזער פאַר אונדזערע יידישע פּראָבלעמען, ווי אין דער צייט וואָס ער האָט זיי אַרויסגעבראַכט... דווקא איצט, מיטן אויפקום פון א יידישער מדינה... דאַרפן מיר האָבן אַן אינטעליגענץ און אַ פירערשאַפט, שרייבערס און פאַרשערס, וואָס פאַטשן נישט קיין בראַוואָ צו יעדער זאַך, וואָס פּאַסירט אויף דער יידישער גאַס און וואָס ס'האָט זיך איצט אַנטוויקלט ביי זיי א היסטערישער פּאַטאָס, וואָס צוליב דער קאַ־טאַסטראָפע פאַרגיבן זיי אַלץ און איבערהויפּט פאַרלירן זיי די געשיכטלעכע פּערספּעקטיוו".

— : — : — : — : — : —

אין מיין בוך „פון חדר און שקאָלעס ביז ציישאָ" (ש. מענדעלסאָן־פאָנד, מעקסיקע 1956) האָב איך געגעבן א גרעסערע אָפּהאַנדלונג „שמעון

דובנאָוו און די יידישע שול־פּראָבלעם". דאָרט און אויך אין דעם קאַפּיטל „די חברה מפיצי השכלה" דערצייל איך וועגן ש. דובנאָווס קאָמפּראָמיסלעכקייט און וואַקלדיקייט אין דער פראַגע, צי יידיש דאַרף זיין די שפּראַך פון לערנען און דערציען די קינדער אין פאָלקשול, ווי אויך אפילו אין דער פראַגע וועגן וועלטלעכן און נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער שול.

ערשט אין די לעצטע צען יאָר פון זיין לעבן איז ער געקומען צום געדאַנק וועגן פּרימאַט פון יידיש אין דער פאָלקשול און געהאַלטן די יידישע שפּראַך פאַרן „אַנטשיידענסטן מיטל פון נאַציאָנאַלער דערציונג".

אַזעלכע וואַקלונגען זעען מיר ביי ש. דובנאָוון אויך אויף אַנדערע געביטן. ווען ער גייט אַריבער פון דער ספערע פון ריינער טעאָריע — צו פּראַקטישער געזעלשאַפטלעכקייט, פאַרלירט ער זיין אויסגעהאַלטנקייט, זיין גאַנצקייט און מאָנאָליטישקייט.

שרייבנדיק „די געשיכטע פון חסידיזם" האָט דער היסטאָריקער געהאַלטן פאַר זיין הויפּט־אויפגאַבע — ווי ער דערציילט אין זיין הקדמה צו דער יידישער אויסגאַבע — „איינצושליסן די חסידישע באַוועגונג אין דער קייט פון דער אַלגעמיינער יידישער געשיכטע, דערקלערן אירע סאָציאַלע און גייסטיקע סיבות און רעזולטאַטן, כדי צו געבן איר דעם פּאַסיקן אָרט אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער קולטור". בנוגע די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן בכלל און דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג בפרט, האָט ש. דובנאָוו אַזאַ אויפגאַבע זיך נישט געשטעלט און נישט אויסגעפירט. ער דערשאַצט נישט די ראָל פון יידישן אַרבעטער־קלאַס און פון זיין רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער זעט נישט דעם פאַטאַלן פּאַראַלעל וואָס הערשט אין יידישן לעבן צווישן אָרעם־רייך און צווישן נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע.

אָבער וואָס שייך ש. דובנאָווס אידעאָלאָגיע פון גייסטיקן נאַציאָנאַליזם, זיין קאַמף קעגן אַסימילאַציע, קעגן דער פאַרלייקענונג פון גלות און דאָיקייט, זיין פּראָפּאַגאַנדע פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע — דאָס אַלץ זענען געווען און פאַרבליבן פּאָזיטיווע און ווערטפולע אידעען.

ח. ש. קאַזדאַן

# הקדמה פון מחבר

די דאָזיקע „בריוו" זענען געוואָרן געשריבן און פאַרעפנטלעכט אין אַ משך פון 10 יאָר (1897—1907), אין דער אייגענער צייט בין איך אויך געווען באַשעפטיקט ביי מיינע היסטאָרישע אַרבעטן. דער געדאַנק האָט געאַרבעט גלייכצייטיק אויף צוויי געביטן — דאָס אַלטע און נייע יידנטום, געשיכטע און היינטצייטיקייט, וואָס ביידע האָבן זיי זיך מיר שטענדיק פאָרגעשטעלט אין אַ לעבעדיקער, אָרגאַנישער פאַרבינדונג, ווי מאָמענטן פון איין גרויסן עוואָלוציאָנערן פראָצעס. די „בריוו" זענען אַ פועל־יוצא פון אָט דער דאָפלטער אַרבעט.

צי מיינט דאָס, אַז אויף מיין פובליציסטיק איז געוואָרן אַרויפגעלייגט דער פראָפעסיאָנעלער חותם פון אַ היסטאָריקער? מעגלעך, אַז אַנדערע לייענער וועלן גאָר מאַכן דעם מחבר פונקט אַ פאַרקערטן פאָרוואורף: אַז ער רעאַגירט צו היים אויף דערשיינונגען פון היינטיקער צייט, מער ווי דאָס פאַסט פאַר אַ מענטשן, וואָס לויט דעם באַרוף זיינעם דאַרף ער טראַקטירן ברענענדיקע טאָג־פראַגעס פון דער קאַלטער הייך פון יאָר־טויזנטער Sub specie aeternitatis (פון שטאַנדפונקט פון אייביקייט). איז זאָלן די ביידע פאָרוואורפן זיך אָפּשוואַכן קעגנזייטיק. איך קאָן נאָר צוגעבן, אַז אין די „בריוו" ווערן גלייכמעסיק אָפגעשפיגלט סיי דער היסטאָרישער געדאַנקענגאַנג סיי די היינצייטיקע איבערלעבונגען. זייענדיק אין געשיכטע און סאָציאָלאָגיע אַן אָנהענגער פון וויסנשאַפטלעכן עוואָלוציאָניזם, האָב איך געשטרעבט צו געבן אַ סיסטעם פון אידעען, וואָס זאָל פעסטשטעלן אי דאָס אָרט, וואָס די איצטיקע עפּאָכע פאַרנעמט אין דער פילדורותדיקער עוואָלוציע פון יידנטום, אי די נאַציאָנאַלע אימפעראַטיוון, וואָס דרינגען דערפון אַרויס. אָבער געפינענדיק זיך אין דער זעלבער צייט אין סאַמע ברען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און אין איינעם פון די קריטישסטע און טראַגישסטע מאָמענטן פון דער יידישער געשיכטע, האָב איך נישט געקענט נישט אָפרופן זיך אויף די אַקטועלע טאָג־געשעענישן, בפרט נאָך בנוגע ענינים, וואָס רירן אָן די עיקר־יסודות פון אונדזער נאַציאָנאַלן זיין. אויף דעם

אופן איז געשאַפן געוואָרן — פאָרמולירט אין דער סעריע בריוו — אַ סינטעז פון אַלטן און נייעם יידנטום, אַ סינטעז, וואָס האָט זיך דורכגעלייגט אַ וועג צווישן די שטורעמדיקע אידעישע שטראָמען פון היינטיקער צייט, קעמפנדיק מיט נאַציאָנאַלער נעגאַציע פון איינע, מיט נאַציאָנאַלן אָדער פּאָליטישן ראָמאַנטיזם פון אַנדערע, צי גאָר מיט גייסטיקער וואַקלעניש פון דריטע.

צי האָט דער דאָזיקער אידעישער קאַמף געהאַט אַ פּעולה? איך מיין, אַז אייניקע לעבנס־דערפאַרונגען און געזעלשאַפטלעכע פאַקטן גיבן דערויף, טיילווייז, אַ פּאָזיטיוון ענטפער. אין משך פון די לעצטע יאָרן האָבן אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אָנגעהויבן צו קורסירן אַזעלכע לאָזונגען, ווי „נאַציאָנאַלע רעכט״, „אויטאָנאָמיזם״, „קול־טור־אויטאָנאָמיזם״, „נאַציאָנאַלע שולן״ — לאָזונגען, וואָס דאָ נישט לאַנג האָט מען זיי געהאַלטן פאַר שרעקלעכע, אַפּיקורסישע. היינט אָבער פיגורירן זיי אין די פּראָגראַמען פון די יידישע פּאַרטייען און זייערע קרובישע אָרגאַניזאַציעס, צוגלייך מיט די פאָדערונגען פון בירגערלעכע רעכט און פּאָליטישער עמאַנציפּאַציע. אויב דאָס איז אַזוי, דאַרף מען אָננעמען, אַז חוץ אַנדערע איינפלוסן, האָט דאָ משפּיע געווען דער עוואָלוציאָנערער נאַציאָנאַלער סינטעז, וואָס האָט גע־רופן צו אינערלעכער אויפלעבונג אין גלות.

דאָך האַלט איך נישט, אַז מיר קענען שוין פייערן דעם נצחון פון נאַציאָנאַל־קולטורעלן רענעסאַנס אין יידישן לעבן, ווייל אפילו ביי דעם טייל פון אונדזער געזעלשאַפט, וואָס איז יאָ באַרירט גע־וואָרן פון די שטרעמונגען פון רענעסאַנס, זענען דאָס גיכער נאַציאָ־נאַלע שטימונגען, איידער נאַציאָנאַלע איבערצייגונגען; ווידער אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער געזעלשאַפט איז קנאַפּ־וואָס אָדער אינ־גאַנצן נישט באַרירט געוואָרן פון די נייע שטרעמונגען און שטעקט נאָך אַלץ אין דער תקופה פון אַסימילאַטאָרישן אַנטיטעזיס, אָדער אין נאָענטער שכנות פון אים. דער פּראָצעס פון אויסקריסטאַליזירן אַ סיסטעמאַטישן נאַציאָנאַלן וועלטבאַנעם האָט זיך ערשט אָנגע־הויבן.

ווען איך בין צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן, אין בוך־פאָרעם, די „בריוו״ אין אַ סיסטעמאַטישער באַאַרבעטונג, האָב איך זיך גע־שטעלט די פראַגע: צי דאַרף מען איצט אַזאַ בוך? לעבעדיקע פאַקטן פון פאַרשידענע צייטן האָבן מיר אונטערגעזאָגט: יאָ, מע דאַרף. עס דאַרף עס דער בלאָנדזשענדיקער יידישער אינטעליגענט, וואָס האָט נאָך נישט געפונען זיין וועג; עס דאַרפן עס די אין־זיך־איינגע־גלייבטע סאָציאַלע מעטאַפיזיקער, אָדער פּאָליטישע אוטאָפּיסטן, בנוגע וועלכע ס׳איז נאָך דאָ אַ האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך אויס־

ניכטערן; און עס דאַרפן עס די טיילן פון דער נישט־יידישער געזעל־שאַפט, וואָס קענען גוט — פון לעבן און פון דער ליטעראַטור — דעם טיפּ ייד, וואָס אַסימילירט זיך הכנעהדיק, און זיי איז אַבסאָלוט אומבאַקאַנט די באַוועגונג פון דעם אויפלעבנדיקן נייעם יידנטום. און גאָר אין די סאַמע לעצטע טעג, ווען איך האָב שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקן דאָס רעדאַגירן די „בריוו", האָבן די אָפּקלאַנגען פון לעבן — פון די פאַרזאַמלונגען, צוזאַמענפאָרן, פון דער פּרעסע און ליטעראַטור — כסדר מיר אונטערגעזאָגט: עס הערשט נאָך אַ סך פינצטערניש און תוהו ובוהו אין די מוחות; מע דאַרף ליכט, ס'איז נייטיק אַ סיסטעם, אַ קלאָרער, פאַרגאַנצטער וועלטבאַנעם.

ווען איך הער, אַז אויף דעם צוזאַמענפאָר פון אַ נייער יידישער אָרגאַניזאַציע (מיט אַ האַלב־נאַציאָנאַלער פּראָגראַם) ווערט פייער־לעך דערקלערט, פאַררופנדיק זיך דערביי אויף דער צווייטוויזנטיאָרי־קער שטאַנדהאַפטיקייט פון גלות: „מיר זעען נישט קיין סכנה פון **אַסימילאַציע***) — קען איך דאָ באַגריסן דעם טיילווייזן דערפאָלג פון דער נאַציאָנאַלער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַראורטיילן די אַסימילאַציע. איך מוז אָבער צעשטערן די לייט־זעליקע מנוחה פון די מאמינים אין אונדזער נאַציאָנאַלער זיכערקייט, פאַררופנדיק זיך אויף אַ געהעריקן פאַרגלייך צווישן אַלטן און נייעם יידנטום אין מיינע „בריוו". עס קען זיין, אַז געוויסע אָפּטימיסטן וועלן, טראַכטנדיק וועגן אָט דער פראַגע, פאַרשטיין, אַז אַסימילאַ־ציע איז נישט בלויז אַ הפקרדיקער אַקט פון באַזונדערע יחידים און גרופּעס, נאָר אַז דאָס איז דער טיפּישער באַציל פון גלות, וואָס דרינגט אַריין אין אַלע קעמערלעך פון דעם יידנס קולטורוועזן — דורך דער פרעמדער שפּראַך, שול, ליטעראַטור; אַז דאָס אַלטע יידנטום האָט פאַרמאָגט אַן אימוניטעט קעגן דעם צעשטערערישן באַציל — די אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע פון אינערלעכן לעבן; און אַז דאָס נייע יידנטום קאָן זיך אימוניזירן נאָר דורך שאַפן פונקט אַזאַ אָרגאַניזאַציע, צוגעפּאַסט צו דער נייער פאַזע פון דער אַלגע־מיינער און אייגענער קולטור — דאָס הייסט, דורך קעמפן פאַר אַזעלכע גאַראַנטיעס פון נאַציאָנאַלער גאַנצקייט, וואָס עס פאָדערט פאַר זיך יעדע קולטורעלע נאַציאָנאַלע מינדערהייט.

ווען מיר הערן, אַז די ציוניסטן האָבן אָפיציעל אָנערקענט דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט אין גלות, קאָנען מיר זיך נאָר פרייען

*) „די אויפגאַבעס פון רוסישן יידנטום", רעפעראַט פון ל. י. שטערנ־בערג אויף דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון דער „יידישער נאַציאָנאַלער גרופּע" (פאַרעפנטלעכט אין דער צייטונג „סוואָבאָדאַ אי ראַווענסטוואָ", 1907, נר. 14, זייט 7, רוסיש).

צוליב אזא פּאָזיטיוון קער צו רעאַלער פּאָליטיק. אָבער אין דער אייגענער צייט דערטראָגן זיך צו אונדז מצד די ציוניסטישע מאַק־סימאַליסטן אַזעלכע, למשל, אויסרופן: „קיין מיטלוועג איז נישטאָ — אָדער יציאת גלות אָדער אַסימילאַציע!"... „די יידישע פּראָבלעם שטעלן מיר קליפּ און קלאָר און מיר האָבן פּאַר איר אַ ראַדיקאַלע לייזונג: טעריטאָריע אָדער אומקום! דער קאַמף פּאַר נאַציאָנאַלע רעכט (אין גלות)... ווערט אָביעקטיוו רעדוצירט צו דער פּאַראייני־קונג פון דעם פּאַקטיש וואַנדערנדיקן יידנטום — פּאַר אָרגאַניזירן די אויסוואַנדערונג. חוץ אַט דעם ציל איז יעדער נאַציאָנאַלע אַרבעט פּאַרן יידנטום אומזיניק און האָפענונגסלאָז"*)...

אַז דו לייענסט עפּעס אַזוינס, דערמאָנסטו זיך, נישט ווילנדיק, אין דער אינעווייניקסטער „ציוניסטישער אַנטינאָמיע" און אין די „תנאי־נאַציאָנאַליסטן", מיט וועלכע איך האָב פּאָלעמיזירט אין אַ ריי בריוו. איך האָב זיך איבערצייגט, אַז מע דאַרף נאָך זייער אַ סך רעדן וועגן די גרענעצן צווישן דעם „רעאַלן און אוטאָפּישן אין דעם ציוניזם". די אידעאָלאָגן און פירערס פון דער שטאַרקסטער און גערינגסטער פּאָליטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד זאָגן אונדז: „מיר ווילן, אַז די יידן זאָלן זיך אַסימילירן מיטן רוסישן פּאָלק"**) — נישט באַמערקנדיק דערביי, אַז דערמיט באַליידיקן זיי שטאַרק דאָס יידישע פּאָלק, ווי אַ לעבעדיקע היסטאָרישע קולטור־נאַציע, און אַז זיי זענען אין סתירה צו זייער אייגענער פּאַרטיי־פּראָגראַם, וואָס פּראָקלאַ־מירט פרייהייט פון נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג און קולטור־אויטאָנאָמיע פּאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. דערויף בלייבט אונדז נאָר צו ענטפערן זיי: איר האָט נישט קיין באַגריף וועגן דער עוואָ־לוציע פון יידנטום בכלל און וועגן דער קנעכטשאַפט פון אַסימי־לאַציע בפרט; איר ווייסט נישט וועגן דער יידישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, חוץ וועגן די חלומות פון פּאָליטישן ציוניזם. ווען איר וועט וועגן דעם געוואָר ווערן, וועט איר אפשר צוריקציען אייערע ווערטער, וואָס וואַרפן אַ שאָטן אויף אייערע אייגענע פריי־הייט־שטרעבונגען.

ווען דו זעסט ווידער, פון דער צווייטער זייט, ווי אַ פּאָלק, וואָס

---

*) „נאַבראָסקי בעז זאַגלאַוויאַ" פון וול. זשאַבאָטינסקי, „ראַזסוועט" 1907, נר. 13.

**) ב. סטרואַווע אין „אינטערוויו וועגן ציוניזם" („רוס" פון 2־טן פעבר. 1907, און פּ. מ. מיליוקאָוו אין „וויעסטניק נאַראָדנאָי סוואָבאָדי", 1907, נר. 12. מיליוקאָוו לויבט דאָרט שטאַרק דעם בירגערלעכן מוט פון די יידן, וואָס זענען „פּאַרכאַפּט פון דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס", און ער פּאַראורטיילט שאַרף די „פּאַרטיקולאַריסטישע אידעען פון יידישן נאַציאָ־נאַליזם".

איז אַליין אונטערדריקט און קעמפט פאַר זיין אויטאָנאָמיע, ווייזט שוין באַצייטנס — אין דערוואַרטונג פון נצחון — אַרויס זיינע נעגל, מיט וועלכע ער וועט שטיקן די קולטור־אויטאָנאָמיע פון אַ פאָלק, וואָס לעבט מיט אים און וואָס איז נאָך מער אונטערדריקט,*) — זאָגן מיר צו אונדזערע ברידער: געדענקט וועגן אייער פּאַרטיידי־קונגס־נאַציאָנאַליזם, וואָס דאַרף פאַר אייך זיין פּונקט אַזוי טייער און ריין, ווי אומריין עס איז דער אָנגרייפערישער נאַציאָנאַליזם, וואָס דריקט זיך אויס אין ברוטאַלע פּראָוון פון רוסיפיקאַציע, פּאָלאָניזאַציע וכדומה.

אָט די אַלע פּראָבלעמען און מיספאַרשטייענישן דאַרפן ווערן געלייזט — און די נייע אויסגאַבע פון די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" האָט דעם ציל מיטצואווירקן, עס זאָל אין די מוחות קלאָרער ווערן אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג.

צעוואָרפן אין פאַרשידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס*) און פּאַראַייניקט נאָר דורך אַן אַלגעמיינער אידעע, זענען מיינע „בריוו" און פּובליציסטישע אַרטיקלען פון די לעצטע יאָרן נישט בלויז דאָ צו־נויפגעקליבן געוואָרן און אויסגעסדרט סיסטעמאַטיש, לויט דריי גרופּעס, נאָר זיי זענען ס'רוב אויך גרינטלעך איבערגעאַרבעט געוואָרן. בעיקר איז געוואָרן איבערגעאַרבעט און דערגאַנצט די ערשטע גרופּע („אַלגעמיינע פּרינציפּן"), בפרט די בריוו 1, 3 און 4. אין דער צווייטער גרופּע („צווישן געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען")

---

*) „אַ נאַציאָנאַל־דעמאָקראַט וועגן יידן": אַ שמועס מיטן פירער פון דער פּוילישער „קאָלאָ" אין דער „גאָס. דומע", וו. זשוקאָווסקי („סוואָבאָדא אי ראַווענסטוואָ" 1907, נר. 23). דער ה' זשוקאָווסקי האָט דערקלערט, אַז עס שטייט פאָר אַן „עקשנותדיקער קאַמף פון די פּוילישע „נאַראָדאָוועצעס" (נאַציאָנאַליסטן — איב.) קעגן די „עקסטעריטאָריאַלע נאַציאָנאַליסטישע שטרעבונגען פון די יידן", ד"ה, קעגן זייערע באַשיידענע פאָדערונגען פון קולטור־אויטאָנאָמיע. אַן אַנדער פירער פון דער „קאָלאָ", דער ה' דמאָווסקי האָט אָפן דערקלערט, אַז די פּאַרטיי „ען־דע" (נאַראָדאָווא דעמאָקראַציאַ־נאַציאָנאַלנע דעמאָקראַטיע. — איב.) האַלטן נישט די יידן פאַר קיין נאַציע.

*) די בריוו 1־7 און 9־10 זענען געווען פאַרעפנטלעכט אין „וואָסכאָד" (אויפגאַנג. — איב.) 1897־1902; דער ערשטער בריוו ווערט דאָ געבראַכט אין אַ לגמרי נייער רעדאַקציע, פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „יעווריסקאיא זשיזן" (יידיש לעבן. — איב.) 1906, ב. 8. די בריוו 9־13 זענען געווען געדרוקט אין דעם וואָכנבלאַט „וואָסכאָד" 1903־1906. דער 14־טער בריוו — אין וואָכנבלאַט „ראַזסוויעט" (באַגינען. — איב.) און אין אַ באַזונדער בראָשור, און דער 1־טער בריוו — אין דער צייטונג „פריינד", פעברואַר 1907. אונטער דעם אַלגעמיינעם קעפּל „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" זענען נאָר דערשינען די בריוו 1־7 און 9־10, די אַנדערע זענען געדרוקט געוואָרן אונטער באַזונדערע קעפּלעך. אין דער איצטיקער אויסגאַבע זענען די קעפּלעך פון אייניקע בריוו געענדערט.

זענען צוויי בריוו (6, 7) באַדייטנדיק דערגאַנצט געוואָרן מיט נייע מאַטעריאַלן, דערפאַר אָבער זענען אַנדערע (9, 10) געקירצט. אין דער דריטער גרופּע בריוו („צווישן אינקוויזיציע און עמאַנציפּאַציע") זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן רעדאַקציאָנעלע אויסבעסערונגען און געוויסע, בערך קליינע, ענדערונגען*) אין די קאַפּיטלען פון אידעיִש־פּאָלעמישן כאַראַקטער. עס זענען איבערגעלאָזט געוואָרן יענע ערטער, וועלכע דער מחבר האָט געהאַלטן פאַר נייטיק, כדי קלאָר צו מאַכן די הויפּט־פּרינציפּן פון זיין סיסטעם; עס זענען באַזייטיקט געוואָרן די פּאָלעמישע שאַרפקייטן, וואָס זענען געווען באַרעכטיקט בשעתו, אין דער היץ פון קאַמף; עס זענען באַזייטיקט געוואָרן די צענזור־עופעמיזמען, און אין אַ סך ערטער זענען צוריק אַריין יענע שטעלן, וואָס זענען דורך דער צענזור געשטראָכן געוואָרן. איך האָב זיך אויך באַמיט, אויף וויפל ס'איז מעגלעך געווען, אויסצולאָזן אין פאַרשידענע ערטער די איבערחזרונגען, וואָס זענען געווען אומפאַרמיידלעך, ווען די בריוו זענען געוואָרן פאַרעפנטלעכט צום ערשטן מאָל — מיט גרויסע צייטאָפּשניטן צווישן איינעם און דעם אַנדערן; פון דעסטוועגן האָב איך מורא, אַז דאָס האָט זיך מיר אין דער פולער מאָס נישט איינגעגעבן.

בעיקר האָב איך געהאַט בדעה צו געבן נישט סתם אַ זאַמלונג פון פּובליציסטישע אַרטיקלען, נאָר **אַ סיסטעם פון פּובליציסטישע אידעעך**. די דאָזיקע סיסטעם, וואָס האָט אין תוך פאַראייניקט אַלע אַרטיקלען אויך אין זייער פריערדיקן, צעטיילטן אויסזען, דאַרף אין דער נייער רעדאַקציע זיי פאַרוואַנדלען אין קאַפּיטלען פון איין בוך. באַלייכטנדיק די הויפּט־פּראָבלעמען פון יידישן נאַציאָנאַל־קולטורעלן לעבן, פּרעטענדירט נישט די דאָזיקע סעריע פון 15 „בריוו" צו זיין אויסשעפּנדיק אין דער פולער מאָס. אייניקע וויכטיקע פראַגן (למשל, וועגן די צוויי שפּראַכן — העברעיש און יידיש — און זייער אָרט אין דער קולטור־אויטאָנאָמיע) זענען דאָ באַרירט געוואָרן נאָר בשייכות מיט דער אַלגעמיינער פּראָבלעם און זיי זענען ספּעציעל נישט באַאַרבעט געוואָרן. אָבער דער „קאַנאָן" פון די „בריוו" איז נישט אָפּגעשלאָסן געוואָרן, און עס זענען שוין אָנגעמערקט אַ גאַנצע ריי פּראָבלעמען פאַר אַ צווייטער סעריע.

דאָס דאָזיקע בוך איז, אין זיין גרעסטן טייל, באַשטימט נישט בלויז פאַר די רוסישע יידן. דער מאַטעריאַל איז גענומען פון אַמאָליקן און היינטיקן לעבן פון גאַנצן יידנטום, און די פאָרגעלייגטע

*) די בריוו, וואָס זענען געוואָרן אָנזעעוודיק איבערגעאַרבעט, האָבן צוויי דאַטעס — פון דער ערשטער און לעצטער רעדאַקציע; אַלע איבעריקע — נאָר די לכתחילהדיקע דאַטע.

לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז אויך אָנצואווענדן אין אַלע תפוצות ישראל, וואו עס גייט אָן אַ כסדרדיקער בייט פון די העגע־מאָנישע צענטערן. מיינע „בריוו" זענען אויך אַדרעסירט צו יענע פון מיינע מערבדיקע אָנהענגער, פאַקטישע אָדער פּאָטענציעלע, וועלכע האָבן דערווייל געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט זיי נאָר דורך דער דייטשישער איבערזעצונג פון די ערשטע צוויי בריוו, אין דער אַלטער רעדאַקציע*).

עס וואָלט זיך געוואָלט גלייבן און האָפן, אַז דער נאַציאָנאַלער רענעסאַנס, וואָס לאָזט זיך מערקן, וועט אַרויסרופן פון צווישן די יידן אין אַלע לענדער אַ ריי פּובליציסטן־אָנהענגער, וואָס זאָלן זיך זעלבשטענדיק מיען פאַרן זעלבן ציל: פאָרמולירן אַ קלאָרן בליק אויף די אויפגאַבן פון אַלע יידישע תפוצות — נישט אויפן יסוד פון „קאַטאַסטראָפאַלע" משיח־טעאָריעס, נאָר אויף יענעם וויסנ־שאַפטלעך־עוואָלוציאָנערן סינטעז, וואָס אָנערקענט בלויז דעם פּראָ־צעס פון געזעצמעסיקער היסטאָרישער ירושהדיקייט און פאַרבינדט דעם וואוקס פון די יונגע שפּראָצונגען פון אונדזער נאַציאָנאַלער קול־טור מיט איר דור־דורותדיקן שטאַם.

פעטערבורג, 21 אַפּריל 1907.

*) זע די 2־טע הוספה צום סוף פון בוך, „הקדמה פון מחבר צו דער דייטשישער איבערזעצונג".

# ערשטער בריוו

## טעאָריע פון יידישן נאַציאָנאַליזם

1. דער פּראָצעס פון געשטאַלטיקן אַ נאַציאָנאַלן טיפּ: דער ראַסע־מאָמענט, דער טעריטאָריאַל־פּאָליטישער מאָמענט און דער קולטור־היסטאָרישער אָדער גייסטיקער. — דער גאַנג פון מאַטעריעלער קולטור צו גייסטיקער אין דעם וואוקס פון דער נאַציע. דער פּרובירשטיין פאַר דער אינעווייניקסטער פעסטקייט פון אַ נאַציע: דאָס פאַרליר̈ן די מלוכה און טע־ריטאָריע.

2. די דערמאָנטע עוואָלוציע ביים יידנטום: דער עמבריאָן פון אַ גייסטיקער נאַציע אין דער נביאים־עפּאָכע, איר וואוקס אין דער תקופה פון בית שני, און דאָס ענדגילטיקע אויס־שמידן זי אין גלות (אויטאָנאָמיזם, סיסטעם פון העגעמאָניעס). — אַ נאַציע איז דער שעפער און די שאַפונג פון איר איי־גענער געשיכטע: דאָס אָנוואַקסן פון נאַציאָנאַלער טיפּישקייט.

3. דאָס איבערגיין פון אָביעקטיווע סימנים צו סוביעק־טיווע אין די וויסנשאַפטלעכע דעפיניציעס פון אַ „נאַציע". — די גייסטיקע געמיינשאַפט איז שטאַרקער פון בלוט־געמיינ־שאַפט; קווינטעסענץ פון נאַציע. — פאַרלייקענונג פון יידי־שער נאַציאָנאַליטעט. — די צונויפמישונג פון נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן און די פאַרוועלטלעכונג פון דער יידישער נאַציאָ־נאַלער אידעע; די אַסימילאַציע־שטרעמונג; רעליגיעזע **נאַציע** און רעליגיעזע **גרופּע**. — דער מינימום יידישקייט און די גרענעץ פון נאַציאָנאַלער אָפּטריניקייט.

4. נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליזם און נאַציאָנאַלער עגאָ־איזם. — די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע איז אַן אויסדרוק פון ריינעם אינדיווידואַליזם. — צווישן אינדיווידועלן און סאָ־ציאַלן שטייט דאָס נאַציאָנאַלע. — טעזיסן.

1. נאָכפאָרשנדיק דעם פּראָצעס פון געשטאַלטיקן די נאַציאָנאַלע טיפּן, באַמערקן מיר אין אים אַ באַוועגונג פון גשמיותדיקן צום רוחניות־דיקן, פון אויסערלעכער פּשטות צו אינערלעכער קאָמפּליצירטקייט. אויף די נידעריקערע קולטור־שטאַפּלען אונטערשיידן זיך די פעלקערשאַפטן בעיקר לויט פיזישע סימנים, און אויף די העכערע — לויט קולטור־היסטאָרישע. עס גייען פאַרביי אונדז דורך אין אַ סוקצעסיוון סדר די ווייטערדיקע טיפּן נאַציעס, וואָס מע טיילט זיי אויס לויט די סמנים, וועלכע זענען די איבער־וועגנדיקע פאַר דער געגעבענער עפּאָכע: 1) ראַסן־טיפּ, 2) טעריטאָריאַל־פּאָליטישער אָדער סאָציאַל־אויטאָנאָמער, 3) קולטור־היסטאָרישער אָדער גייסטיקער טיפּ. יעדער פריערדיקער טיפּ גייט אַריין אין דעם נאָכקומענ־דיקן, שאַפנדיק אַ מעכאַנישע אָדער כעמישע פאַרבינדונג מיט אים, דאָס הייסט, אָדער ער פאַרבלייבט אין אים אין זיין אייגענער געשטאַלט אָדער ער לייזט זיך אויף אין אים, אָננעמענדיק אַן אַנדער געשטאַלט. לאָמיר באַטראַכטן יעדן פון די דאָזיקע טיפּן באַזונדער.

אין דער ערשטער קולטור־סטאַדיע איז די ראַסן־גרופּע אָדער דער שטאַם אַ פּראָדוקט פון דער נאַטור. די געמיינשאַפט פון אָפּשטאַם, באָדן און קלימאַט לייגן אַרויף זייער חותם אויף דעם אָרגאַניזם און טעמפּעראַ־מענט פון די גלידער אין דער געגעבענער גרופּע משפחות, וואָס איז קאָנ־צענטרירט אויף אַ באַשטימטער טעריטאָריע אָדער טעריטאָריעס (ביים מצב פון איינגעזעסנקייט אָדער וואַנדערונג). עס שאַפט זיך אַ „נאַציע" אין עלעמענטאַרן, ביאָלאָגישן זינען פון וואָרט, אין זינען פון „שטאַם" natio — געבוירנשטאַם). דער באַהעפט פון ראַסן־אייגנאַרטיקייטן קאָנסאָלידירט זיך בדרך ירושה אין אַ גאַנצער קייט דורות — און אַזוי אַרום שטעלט זיך איין דער גרונט־שיכט, דער שטאַם־סובסטראַט פון דער נאַציאָנאַליטעט.

אָבער שוין אין דער אַנטוויקלונג־סטאַדיע הייבט אָן די השפּעה פון דער מאַטעריעלער קולטור צו קאָנקורירן מיט דער השפּעה פון דער נאַטור. די באַווירקונג פון מענטשן דורך דער נאַטור ווערט בהדרגהדיק געמיל־דערט דורך דער אומגעקערטער באַווירקונג פון דער נאַטור דורך דעם מענטשן. די קולטור שוואַכט אָפּ די דירעקטע ברוטאַלע השפּעה פון באָדן און קלימאַט און שלייפט אָפּ די שאַרפע באַזונדערקייטן פון ראַסן־טיפּ (שפּעטער קומט עס פאָר אַדאַנק איבערוואַנדערונגען, געמישטע חתונות אד"גל). דער קולטור־סדר, וואָס איז אַליין אַ רעזולטאַט פון אַ קאָמפּלי־צירטערער קעגנזייטיקער באַווירקונג פון מענטש און נאַטור, שאַפט אויך אַ קאָמפּליצירטערע אייגנאַרטיקייט. צופּאַסנדיק זיך צו דער פיזישער סביבה און צופּאַסנדיק די סביבה צו די אייגענע הצטרכותן, אַרבעט אויס דער שטאַם דיווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען פון זיין שטייגערלעבן דורך פאַר־שידענע פאָרמען פון קאָאָפּעראַציע — דעם קערן פון געזעלשאַפטלעכקייט.

באגלייך מיט באשטימטע אופנים פון קאמף פאר עקזיסטענץ, פונדעווען זיך איין ביי די גלידער פון דער געגעבענער שטאם־גרופע אויך איינערליי געוווינהייטן און נטיות, דעות און גלויבונגען. די שותפותדיקע שפראך איז איינס פון די שטארקסטע ווערקצייגן צו פארבינדן די גרופע־מיטגלידער און אפצוטיילן זיי פון די אנדערש־שטאמיקע שבטים. עס מערקט זיך אן דער וועג פון דער מאטעריעלער קולטור צו דער גייסטיקער. אזוי וואקסט אן דער צווייטער, דער קולטור־שיכט, איבער דעם פיזישן אדער ראסן־סובסטראט פון דער נאציאנאליטעט.

דער וואוקס פון געזעלשאפטלעכקייט, ווי א פועל־יוצא פון דער ווירטשאפטלעכער צוזאמענארבעט און פון אנדערע אופנים פון מענטשלעכן צוזאמענלעבן, רופט ארויס די נויטווענדיקייט פון א שטענדיקער פאראייניקנדיקער ארגאניזאציע, אין דער פארם פון א בירגערלעכן אדער מלוכהשן פארבאנד. די טעריטאריע, וואס איז פריער געווען בלויז א פיזישער פאקטאר, ווערט אויך א פאליטישער פאקטאר פון באהעפטן די נאציאנאליטעט. די ארגאניזירטע מלוכה־מאכט צווינגט אויף דעם לאנד א מער אדער ווייניקער איינהייטלעכע פארוואלטונג און באשיצט זיינע גרענעצן פון פרעמדע ארייננדרינגלער. דאס פאליטישע לעבן דערציט די נאציע אין א באשטימטן גייסט. א באשטימטע געזעלשאפטלעכע דיסציפלין, באשטימטע רעכט און התחיבותן פון די בירגער (אלץ איינע, לכל הפחות, אין גבול פון איטלעכן שטאנד און קלאס), די אפגעזונדערטקייט פון דער געגעבענער מלוכה לגבי די איבעריקע, — דאס אלץ גיט די גלידער פון דעם מלוכהשן אגרעגאט א געוויסע סומע פון נייע אינטערעסן, נטיות און שטרעבונגען. ווי א באהעפטנדיקער כוח דערשיינט דער באגריף וועגן פאטערלאנד, וועגן באשיצן עס אדער באפעסטיקן. פאטריאטישע העלדן־מעשים דערהייבן דעם פאלקס גייסט; די מסורה וועגן אזעלכע אויפטוען, פאראייביקט אין די כראניקעס, באשאפט איינעם פון די געוויינטלעכע יסודות פון עלעמענטארן היסטארישן באוואוסטזיין*).

דער טעריטאריאל־פאליטישער טיפ פון א נאציע דערשיינט אין פארשיידענע פארמען און מדרגות, באדינגטע סיי דורך דעם ציוויליזאציע־שטאפל פון געגעבענעם פאלק סיי דורך דער מדרגה פון זיין פאליטישער זעלבסטשטענדיקייט. מחמת קליינע מלוכות ווערן אפט איינגעשלונגען דורך גרעסערע, — א פראצעס א געוויינטלעכער אין דער געשיכטע, — געשעט

---

*) גאנץ נאענט צו דער דאזיקער אנטוויקלונגס־סכעמע פון נאציאנאלע טיפן איז א. פוליע'ס פארמולע וועגן דריי „גרויסע פאקטארן", וואס בילדן דעם פיזישן און פסיכישן באשטאנד פון א פאלק: 1) פארירשונג, וואס פיקסירט די ראסע, 2) צופאסונג צו דער ארומיקער סביבה, 3) צופאסונג צו דער סאציאלער סביבה. זע זיינע „פאקטארן פון נאציאנאלן כאראקטער" (רוסישע איבערזעצונג, פארלאג „קדימה", 1906, (ז. 12).

דעריבער, אַז קלענערע פעלקערשאַפטן, מיט אַ שוואַך אַנטוויקלטן נאַ־ציאָנאַלן טיפּ, ווערן אָן אין גאַנצן אָדער טיילווייז זייערע אייגנאַרטיקייטן און מישן זיך צונויף מיט פעלקער, וואָס האָבן אַ בולטער אויסגעדריקטן נאַציאָנאַלן טיפּ; יענע נאַציעס ווידער, וואָס זענען שוין אין פּרט פון קולטור און גייסט מער איינגעפונדעוועט, היטן אויף זייער אייגנאַרט אפילו אין אַ מצב פון פּאָליטישער אָפּהענגיקייט, אַדאַנק סאָציאַלער אויטאָ־נאָמיע, דאָס הייסט אַן אָרגאַניזאַציע פון אייגענער אָרטיקער זעלבסטפאַר־וואַלטונג, צוגעפּאַסט צו זייערע היסטאָרישע טראַדיציעס און אינעווייניק־סטע הצטרכותן. פעלקער־באַצווינגער זענען אַמאָל אויסגעשטעלט נאָך אויף אַ גרעסערער סכנה צוליב פּאָליטישער היפּערטראָפיע. בדרך מלחמה און טעריטאָריאַלע פאַרכאַפּונגען שאַפן זיי מלוכות, וואָס זענען אַ קאָנגלאָ־מעראַט פון קעגנזייטיק פרעמדע, אָפטמאָל פיינטלעכע פעלקער. צעריסן דורך אינעווייניקסטע צוזאַמענשטויסן, צעפאַלן זיך אַזעלכע „וועלט־מאָ־נאַרכיעס", מיטשלעפּנדיק אין אָפּגרונט אויך די זיגער־נאַציע (אשור, בבל, פּערסיע, אַנטיקע רוים). פּאָליטיש שטאַרק — קומט אָפּט אום די „הער־שנדיקע" נאַציע דווקא מחמת דעם איבערוואָג פון מלוכהשקייט איבער גייסטיקייט; נאָך אַ מער אָדער ווייניקער דויערנדיקער געזעלשאַפטלעכער ירידה לייזט זי זיך אויף אין דעם שטראָם פון יונגע און לעבנספּעיקע פעלקער, וואָס טראָגן אין זיך די שפּראָצן פון אַ געזונטער קולטור. אין לעצטן סך הכל הייסט עס, אַז דאָס דעצידירנדיקע אין גורל פון אַ פאָלק איז נישט איר מעכטיקייט בלפּי חוץ, נאָר דער גייסטיקער כוח, דאָס איכות פון איר קולטור און די אינעווייניקסטע געשלאָסנקייט פון אירע גלידער.

די פּאָליטישע אָדער סאָציאַלע פאַזע איז באַגלייט מיט אַ העכערער און מער פאַרשיידנאַרטיקער קולטור, ווי די אוראַלטע ראַסן־פאַזע. דער וואוקס פון מאַטעריעלער קולטור איז דאָ ענג צונויפגעפלאָכטן מיטן וואוקס פון גייסטיקער שאַפונג. דאָס סאָציאַלע לעבן באַרייכערט דעם יחיד דורך אידעען און עמאָציעס מיט אַן אַלטרואיסטישן מהות. די רעליגיע דערהייבט זיך צו אַ הייך פון אַ מער אָדער ווייניקער פולן וועלטבאַנעם. דאָס מאָראַ־לישע באַוואוסטזיין פאַרטיפט זיך, און ביי די אמונה־באַגרינדער אָדער חכמים אַנטפּלעקט זיך עס אין פאָרמען פון קלאָרע עטישע אידעאַלן. די שפּראַך — פריער בלויז אַ ווערקצייג פון טאָגטעגלעכער פאַרשטענדיקונג — ווערט אַ ווערקצייג פון אינטעלעקטועלער פאַרשטענדיקונג, פון שאַפן ליטע־ראַרישע און וויסנשאַפטלעכע ווערטן. די גלידער פון דער נאַציע זענען שוין באַהאָפטן נישט בלויז דורך בשותפותדיקע אינטערעסן, נאָר אויך דורך בשותפותדיקע אידעאַלן, אַמאָל אויך דורך קאַמף און ליידן פאַר אָט די אידעאַלן. די געשיכטע און די מסורה זינגען שבחים שוין נישט בלויז פאַר די העלדן פון דעראָבערונג אָדער אָפּווער, נאָר אויך פאַר די העלדן פון גייסט, פאַר דעם מסירת־נפשדיקן געראַנגל צוליב העכערע ציוויליזאַציע־

ווערטן, פאַר פרייהייט פון גייסט, אמונה און איבערצייגונגען; זיי פאַראייביקן אויך דעם העראָיזם פון קידוש השם. די דאָזיקע היסטאָרישע טראַדיציעס באַגייסטערן אַ קייט פון דורות און שמידן צוזאַמען דאָס פאָלק מיט אַ רייף פון שותפותדיקע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס*). דער אוראַלטער ראַסן־סובסטראַט און די קייט פון היסטאָרישע טראַדיציעס, פאַרפלעכטנדיק זיך מיט די גייסטיקע דעראָבערונגען פון פאָלק, שאַפן צוזאַמען דעם ברייטן פונדאַמענט פון דעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין.

פון דעם מאָמענט אָן איז שוין דער עתיד פון דער נאַציע געווענדט בעיקר אין דעם גרעסערן אָדער קלענערן כוח פון אָט דעם זעלבסטבאַוואוסטזיין, פון דעם, אין וואָס פאַר אַ מאָס דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער איז פאַרהאַרטעוועט, פון דעם, ווי פעסט עס זענען די פון דורות אויסגעאַרבעטע קולטור־היסטאָרישע יסודות, און פון דעם, אויף וויפל דאָס פאָלק איז מסוגל צום פאַרזיכיקן אַנטוויקלען אויף להבא זיינע שעפערישע כוחות. דער מעכטיקער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג וועט זוכן פאַרן פאָלק פאָרמען פון אויטאָנאָמער אַנטוויקלונג, און נישט געפינענדיק זיי אויפן פּאָליטישן געביט, וועט ער זיי געפינען אויפן סאָציאַלן אָדער קולטורעלן געביט, אין אַלע ספערעס פון לעבן און געדאַנק, וואָס זענען דעם פאָלק צוטריטלעך.

ווי אַ פּרובירשטיין פאַר דער שטאַנדהאַפטיקייט פון אַ נאַציאָנאַלן טיפּ קאָן דינען דאָס פאַרלירן די פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט, וואָס ווערט געוויינטלעך געהאַלטן פאַר דעם אומבאַדינגטן תנאי פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ נאַציע. אויב אַ פאָלק, וואָס האָט אָנגעוואוירן זיין מלוכהשע זעלב־

*) צום דאָזיקן העכערן מאָמענט פון נאַציאָנאַלער עוואָלוציע איז אויך שייך די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון רענאַן: „נאַציע — דאָס איז אַ גייסטיקער פּרינציפּ, אַ רעזולטאַט פון טיפע היסטאָרישע קאָמפּליקאַציעס, אַ גייסטיקע משפּחה . . . צוויי זאַכן, וואָס זענען אייגנטלעך איינס, שאַפן דעם גייסטיקן פּרינציפּ: איינס אין עבר, דאָס צווייטע אין עתיד. איינס — דאָס איז דער אַלגעמיינער באַזיץ פון דער רייכער ירושה פון זכרונות, דאָס צווייטע — דער אַלגעמיינער הסכם, דער ווילן צו לעבן צוזאַמען, דער ווילן געמיינזאַם צו באַנוצן זיך מיט דער באַקומענער אומצעטיילבאַרער ירושה... די נאַציע, ווי אַן אינדיווידואום, איז אַ רעזולטאַט פון דויערנדיקע אָנשטרענגונגען, קרבנות און מסירת־נפש. דער העלדישער עבר, גרויסע אידעען, נאַציאָנאַלער רום — דאָס איז דער הויפּט־קאַפּיטאַל, אויף וועלכן עס באַזירט זיך די נאַציאָנאַלע אידעע. האָבן אַלגעמיינעם רום אין עבר, אַלגעמיינע צילן אין דער צוקונפט, געמיינזאַם אויפטאָן גרויסע זאַכן און אַ ווילן צו האַנדלען אַזוי אויך אין דער צוקונפט, — אָט דאָס זענען די עיקרדיקע באַדינגונגען, אַז מע זאָל זיין אַ פאָלק . . . אַלגעמיינע צרות פאַראייניקן מער, ווי אַלגעמיינע פרייד. אין די נאַציאָנאַלע זכרונות האָט אבלות אַ גרעסערן באַטייט ווי טריומף: אבלות איז מחייב צו אַלגעמיינע אָנשטרענגונגען". („וואָס אַזוינס איז נאַציע", קאַפּ. 2—3.)

שטענדיקייט, אָבער האָט איינגעהאַלטן זיין טעריטאָריע אין די גרענעצן פון אַ פרעמדער מלוכה, לעבט פון דעסטוועגן ווייטער, ווי אַן אייגנאַרטיקער קאָלעקטיוו, און שטרעבט צום מאַקסימום פון אינעווייניקסטער אויטאָנאָמיע, וואָס איז מעגלעך אין די געגעבענע אומשטענדן, — פאַרמאָגט אַזאַ פאָלק בלי ספק אַ היפּשע פאַרהאַרטעוועטקייט פון זיין נאַציאָנאַלן ווילן און אַ רעזערוו פון גייסטיקע לעבנס־כוחות. אַ סך נאַציעס האָבן אין אַזאַ מצב געקאָנט לאַנג אויפהיטן זייער פאַרזיכיקייט, אָנהייבנדיק פון יהודה און גריכנלאַנד בימי רוימישע הערשאַפט און אויסלאָזנדיק מיט אירלאַנד און פּוילן אין אונדזער צייט. ס'איז אָבער דאָ נאָך איינער, אַ פיל שווערערער נסיון פאַר דער נאַציאָנאַלער ציוויקייט פון אַ נאַציע: דאָס איז — ווען אַ נאַציע פאַרלירט נישט בלויז איר פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט, נאָר אויך די אייגענע טעריטאָריע; ווען אַ שטורעם־כוואַליע פון דער געשיכטע רייסט זי אָפּ פון איר אייגענעם פיזישן באָדן, צעשפּרייט זי איבער פרעמדע לענ־דער, און זי ווערט אפילו ביסלעכווייז אָן די איינעקייט פון שפּראַך. אויב נאָך אַזאַ צערייסן די דרויסנדיקע נאַציאָנאַלע באַהעפטן בלייבט דאָס פאָלק פאַרט עקזיסטירן במשך פון אַ סך יאָרהונדערטן און עס שאַפט אייגנאַר־טיקע ווערטן, אַרויסווייזנדיק אַן עקשנותדיקע שטרעבונג צו אויטאָנאָמער אַנטוויקלונג, — האָט אַזאַ פאָלק דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון קולטור־היסטאָרישער אינדיווידואַליזאַציע, און מע קאָן אָננעמען, אַז קיין מאָל וועט מען אַזאַ פאָלק נישט קאָנען אויסראָטן, בתנאי, אַז עס וועט אויך אויף להבא אָנשטרענגען זיין נאַציאָנאַלן ווילן. די געשיכטע קאָן אַ סך ביישפּילן פון פעלקער, וואָס זענען פאַרשוואונדן געוואָרן נאָכן פאַרלירן זייער טעריטאָריע, ווען זיי זענען צעזייט געוואָרן צווישן אַנדערע פעלקער. די געשיכטע ווייסט אָבער נאָר פון איין פאַל, ווען אַ צעשפּרייט פאָלק, אָן אַ לאַנד, האָט זיך אויפגעהיט. דער דאָזיקער אוניקום אין דער געשיכטע — דאָס איז דאָס יידישע פאָלק.

צי איז דאָס אַ היסטאָרישער נס? — ניין. דאָס יידישע פאָלק איז דורכגעגאַנגען די זעלבע פאַזעס פון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, ווי אַלע איבעריקע פעלקער; אָבער מחמת דער אַנדערשקייט פון זיין היסטאָרישן גורל, האָבן זיך ביי אים די עלעמענטן, וואָס געשטאַלטיקן דעם נאַציאָנאַלן טיפּ, צונויפגעלייגט אין אַנדערע קאָמבינאַציעס און פּראָפּאָרציעס, און ווי אַ פועל־יוצא דערפון האָט זיך באַקומען אַ דעצידירנדיקער איבערוואָג פון גייסטיקע עלעמענטן איבער פיזישע און פּאָליטישע, אַן איבערוואָג פון אומפאַרלירלעכע עלעמענטן איבער פאַרלירלעכע. אַ געלויפיקער בליק אויף דעם גאַנג פון דער יידישער געשיכטע וועט עס אונדז באַלד דערווייזן.

2. דער ראַסן־עלעמענט האָט מכריע געווען אין דער אַנטוויקלונג פון יידישן נאַציאָנאַלן טיפּ אין דער ביז־מלכים־תקופה פון אונדזער געשיכטע. פון עטלעכע שאָלעכצן פון סעמיטישן איי (בני תרח, בני אברם א"א)

פיקט זיך אויס דער שטאַם־עמבריאָן פון פאַסטעכער־לייט, אונטערן נאָמען „בני ישראל” אָדער ישראלים. די פאַשע־שטחים פון מעסאָפּאָטאַמיע, פאַלעסטינע, מצרים און סיני־מדבר ליגן אַרויף זייער חותם אויף אָט דער גרופּע קרובהשע קלאַנען אָדער „שבטים”. זייער כאַראַקטער פאַרהאַרטעוועט זיך נישט בלויז אין קאַמף מיט דער נאַטור, נאָר אויך מיט מענטשן (די שקלאַפעריי ביי די מצרים). דאָס איינגעמען כנען גיט די ישראלים אין די הענט אַ מעכטיקן הייבשטאַנג פון באַהעפטונג — אַ שטענדיקע טעריטאָריע. אין דער שופטים־תקופה איז נאָך קאָנטיק דער סקעלעט פון אַ ראַסן־אָרגאַניזם: משפחה־סדר אין דער פאַרוואַלטונג, דער סעפּאַראַטיזם פון די שבטים. אָבער דער דאָזיקער סקעלעט ווערט בהדרגהדיק אַרומגעצויגן מיט דער הויט פון איינהייטלעכער טעריטאָריע, און ס׳איז נאָענט דער מאָמענט פון פּאָליטישער פאַראייניקונג פון דער נאַציע. דאָס קומט פאָר אין דער תקופה פון די ערשטע מלכים — שאול, דוד און שלמה. עס שוועבט שוין דורך דער שאָטן פון „גרויסמאַכטיקייט” אין דער יידישער מלוכה: עס באַווייזט זיך אַ שטרעבונג אונטערטעניק צו מאַכן די שכנותדיקע שבטים, כדי צו באַוואָרענען די אייגענע גרענעצן. אָבער די ראָליע פון אַ דעראָבערער־פאָלק איז געווען איבער די כוחות פון יידנטום ביי דער דעמאָלטיקער פונאַנדערטיילונג פון די פּאָליטישע כוחות אין מיטל־אַזיע, ערב דעם אַרויסטריט פון די צוניפגעשטופּעוועטע ריזן־מלוכות — אשור און בבל. דער נאָך נישט אויסגעלאָשענער אונטערראַסישער סעפּאַראַטיזם פון די שבטים און דער סיכסוך צוליב דער הענעגאָמיע רייסט אַדורך דעם צודעק פון פּאָליטישער איינהייט — און עס קומט אָן די צייט פון מלוכה־דואַליזם, די תקופה פון צוויי־מלוכהדיקייט (ישראל און יהודה).

בינו לבינו וואַקסט אָן אַ צווייטער באַהעפטנדיקער כוח — דער כוח פון אַן אייגנאַרטיקער גייסטיקער קולטור, אין וועלכער די אמונה פאַרנעמט דעם אויבנאָן. פון דעם קערן פון שטאַם־מאָנאָטעיזם (מיטן לאָזונג: „יהוה — גאָט פון ישראל”), וואָס האָט זיך אונטערשיידט פון דער אַרומיקער געצנדינערריי מער אין כמות איידער אין איכות, וואַקסט אַרויס בהדרגהדיק — נאָך אַ צאָל וואַקלענישן און טעותים — דער אידעאַל פון אוניווערסאַלן מאָנאָטעיזם (דער לאָזונג: „יהוה — גאָט פון דער מענטשהייט”), וואָס דאָס יידישע פאָלק דאַרף ווערן זיין אָנזאָגער. אַרום דעם דאָזיקן קערן שאַפט זיך אַ סיסטעם פון הויכע עטישע און סאָציאַלע אידעאַלן, וואָס דרינגען אַריין אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אַדאַנק דער ליידנשאַפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע פון די נביאים. שטרעבנדיק צוניפצושמעלצן האַרמאָניש דאָס אוניווערסאַלע מיטן נאַציאָנאַלן, זוכט די נביאות נייע דרכים פאַר דער אינעווייניקסטער באַפעסטיקונג פון פאָלק. די וואַקסנדיקע מעכטיקייט פון די רויבערישע גרויס־מלוכות אשור און בבל און די אָנקומענדיקע סכנה פון חורבן פאַר דער קליינער יידישער מלוכה — אָט דאָס באַוועגט

די נביאים, זיי זאָלן באַשטיין אויף איבעררוקן דעם צענטער פון דער נאַציאָנאַלער שטאַנדהאַפטיקייט פון פּאָליטישן געביט אויף דעם סאָציאַל־גייסטיקן. זיי זאָגן, אַז פּאָליטישע שוואַכקייט אָדער אַפילו אונטערטעניקייט זענען ניט געפערלעך, אויב ס'איז דאָ אַן אינערלעכלעכע גייסטיקע באַהעפטונג פון פאָלק, ווייל מלוכה פאַר אַ נאַציע — איז ווי אַ שאָלעכץ פאַרן קערן. די נביאים ווילן מיטאמאָל אויפהייבן דאָס יידנטום אויף אַ העכערן שטאַפּל פון נאַציאָנאַלן זיין, אָבער זיי האָבן אַריבערגעיאָגט זייער צייט.

אין קאַמף פאַרן קיום האומה האָט געמוזט פאַרקומען אַן אָפּקלייב: די שוואַכערע עלעמענטן זענען נישט בייגעשטאַנען דעם דראַנג פון דער פּאָליטישער כוואַליע און האָבן זיך אַסימילירט מיט די אַרומיקע פעלקער (די מלוכה פון די עשרת השבטים); די מער שטאַנדהאַפטיקע זענען ניצול געוואָרן און זענען געגאַנגען, פּאַמעלעך אָבער זיכער, אויפן דרך צו שאַפן אַ גייסטיקן טיפּ נאַציע.

דער דאָזיקער טיפּ האָט צום ערשטן מאָל דערוויזן זיין לעבנספעיקייט אין דער קורצער תקופה פון גלות בבל, ווען דאָס פאָלק יהודה האָט אָנגעוואָרן גלייכצייטיק אי די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט אי טיילווייז זיין טעריטאָריע, און שפּעטער במשך פון דער לאַנגדויערנדיקער עפּאָכע פון פערסישער און גריכישער הערשאַפט, ווען דאָס פאָלק האָט צוריקבאַקומען די טעריטאָריע אָן פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט. אויב דער טעאָקראַטישער רעזשים (גענויער: היעראָקראַטישער — הערשאַפט פון כוהנים) פון אָט דער תקופה איז נאָך געווען ווייט פון די דערהויבענע נביאישע אידעאַלן, האָט ער, לכל הפחות, באַשטימט די שטאַנדהאַפטיקייט פון נאַציאָנאַלן קיום אויף צוויי יסודות: סאָציאַלע און קולטורעלע אויטאָנאָמיע. עס איז אויסגעוואַקסן און געשטאַרקט געוואָרן (נאָך עזראַן) דער „עם הספר", וואָס לעבט מיט די פון פריער אָנגעזאַמלטע גייסטיקע אוצרות און שאַפט נייע קולטור־ווערטן; עס האָט זיך, טראָץ די קלאַסן־אונטערשיידן, אויסגעקריסטאַליזירט אַ געשלאָסענע נאַציאָנאַלע מאַסע — אַ פעלדזיק אינדזעלע אין שטורעמדיקן פעלקער־אָקעאַן. צו דעם דאָזיקן אינדזעלע האָבן זיך געצויגן מיט אַ מאַגנעטישן כוח די שפּליטערן פון דער יידישער דיאַספּאָרע, צעוואָרפענע איבער גאַנץ פאָדער־אַזיע און צפון־אַפריקע. און ווען ס'איז אָנגעפלויגן אַ נייע שטורעם־כוואַליע פון דער געשיכטע, — די לאַקנדיקע גריכישע קולטור, קעגן וועלכער עס זענען נישט בייגעשטאַנען די מענטשן און געטער פון אַזיע, — האָט דאָס יידישע אינדזעלע אַ ציטער געטאָן, אָבער עס איז בייגעשטאַנען דעם נסיון. עס איז אָנגעקומען אַ זעלטענער מאָמענט אין דער געשיכטע, אַז אין קאַמף זענען אַרויס נישט צוויי פּאָליטישע כוחות, נאָר צוויי קולטורן, צוויי וועלטבאַנעמען: יודאַיזם און העלעניזם. דער זיג פון יודאַיזם האָט גורם געווען, אַז יהודה האָט צוריקבאַקומען אויף אַ צייט אויך די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, שאַפנדיק דאָס חשמונאישע קיניגרייך.

דאָ האָט זיך ווידער אַנגעהויבן — שוין אין די טיפּעניש פון די פֿאָלקסמאַסן — דער פּאַרמעסט צווישן צוויי פּרינציפּן: פּאָליטישע צי גייסטיקע נאַציע? די צדוקים זענען געווען פֿאַר דער דאָמינאַציע פון מלוכהשקייט און מיליטאַריזם, די פּרושים — פֿאַר דער דאָמינאַציע פון קולטור און אינעווייניקסטער אויטאָנאָמיע אין דעם נאַציאָנאַלן פֿאַרבאַנד*). די אייזערנע פויסט פון רוים האָט צוגעהאָלפן דעם נצחון פון פּרושישן פּרינציפּ, קעגן דעם ווילן פון זיינע שעפער. נאָך אַ לאַנגדויערנדיקן פּאָליטישן ווידערשטאַנד, וואָס האָט נישט דערגרייכט זיין ציל, איז אָנגעקומען אַ פּעריאָד פון גייסטיקן ווידערשטאַנד, וואָס איז יאָ געקרוינט געוואָרן מיט דערפֿאָלג. דער צווייטער חורבן פון מלכות יהודה האָט נישט דערפירט צום אומקום פון פֿאָלק יהודה: דער בוימשטאַם פון צעקלאַפּטן און צעשפּרייטן פֿאָלק איז געבליבן אויף זיין באָדן — אין דעם רוימישן פּאַלעסטינע — צוריק אויפשטעלנדיק דאָ אַ געזעלשאַפטלעך־גייסטיקן אויטאָנאָמען צענטער (נשיאים־תקופה) און נערנדיק אפילו זיינע וויט צעוואָרפענע צווייגן פון דער דיאַספּאָרע (די העגעמאָניע פון צענטער אין ארץ ישראל).

אָבער די געשיכטע גרייט דעם פֿאָלק אַ נייעם נאַציאָנאַלן רייפקייט־עקזאַמען. ביז איצט איז געווען ארץ ישראל פּלוס גלות; פון דעם אָנהייב מיטלאַלטער בלייבט דער גלות אָן ארץ ישראל. די היימישע נאַציאָנאַלע נעסט ווערט אַ קוים קענטיקער געאָגראַפישער פּונקט אויף דער מאַפּע פון דריי קאָנטינענטן, וואו דאָס יידנטום איז צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן. די נאַציע אָן אַ מלוכה ווערט אויך אַ נאַציע אָן אַ לאַנד. דער שטראָם פון דער גרויסער פעלקער־וואַנדערונג, די פּאָליטישע דעראָבערונגען פון איסלאַם אויפן אָריענט און פון קריסטנטום אויפן מערב — זיי צעשפּליטערן און צעוואַרפן אַלץ מער די יידישע תפוצות. צי קאָן האָבן אַ קיום אָט דער געאָגראַפיש צעדרויבלטער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזם? — ער קאָן! — ענטפערט קאַטעגאָריש די געשיכטע — און גייט זיך ווייטער איר גאַנג. עס קומט אָן דער פּעריאָד פון העגעמאָנישע צענטערן.

אין די באַדייטנדיקערע יידישע ישובים שאַפן די יידן זאַמל־צענטערן פון נאַציאָנאַל־גייסטיקער ענערגיע, רעזערוואואַרן פון לעבעדיקע קולטור־כוחות, און די דאָזיקע ישובים ווערן די צוציונגס־פּונקטן פאַר די קלענערע תפוצות. אַזוי זענען אויפגעקומען און האָבן זיך אַנטוויקלט די גרויסע יידישע העגעמאָניעס בבל (5—9־טער י״ה), שפּאַניע (11—15 י״ה), דייטשלאַנד און פּוילן (16—18 י״ה). אין יעדן פון די דאָזיקן צענטערן שאַפן זיך אויטאָנאָמע קהלשע אָרגאַניזאַציעס, וואָס נעמען אַרום אַ סך

*) זע מיין „אַלגעמיינע יידישע געשיכטע", בוך 1, זייטן 146—155 (פּעטערבורג, 1903, רוסישע אויסגאַבע).

געביטן פון סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן פון פאָלק (עקזילאַרכאַט און גאונות אין בבל, די אַלכאַמאַ אין שפּאַניע, קהילות און קהילה־פאַרבאַנדן מיט צענטראַלע אָרגאַנען אָדער ועדים אין פּוילן). אין געוויסע לענדער ווערט די אינעווייניקסטע קהילה־אויטאָנאָמיע אויפגעהיט אפילו אין עפּאָכעס פון פולשטענדיקער בירגערלעכער רעכטלאָזיקייט. אָנגעוואָרן די געאָגראַפישע גרענעצן — האָט דאָס פאָלק אומעטום זיך אַרומגערינגלט מיט גייסטיקע צוימען, דיסציפּלינירט זיינע מיטגלידער מיט אַ באַשטימטן קאָדעקס — פון רעליגיע, עטיק, שטייגער; אָנגעוואָרן די זעלבשטענדיקע מלוכהשע אָנפירונג — שאַפט עס זיך און האַלט אויף מיט אומגעהייערע אָנשטרענגונגען אַ סורגאַט פון מלוכהשאַפט: זיין אייגענע סאָציאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע, זיין קהילהשע זעלבסטפאַרוואַלטונג. אוודאי זענען אין משך פון די דאָזיקע פופצן יאָרהונדערטן געווען פאַרשידענע פעריאָדן: פעריאָדן פון פאַרגליווערטקייט און פון באַוועגונג, פעריאָדן פון איינזייטיקער און פון אַלזייטיקער אַנטוויקלונג. אָבער אין אַלגעמיינעם סך הכל האָט דאָס פאָלק געלעבט און זיך אַנטוויקלט ווי אַן איינהייטלעכע גאַנצקייט אין דער גאַנצער דיאַספּאָרע, — ווי אַן אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע פערזענלעכקייט.

אויף וואָס זשע האָט זיך, אין תוך, געהאַלטן די אָן־לאַנדיקע, אָן־מלוכהשע און צעשפּרייטע נאַציע במשך פון די אַלע יאָרהונדערטן? אויף דעם תנכישן יהדות, אויף דער תלמוד־דיסציפּלין און רבניזם, אויף דער געטאָ־אָפּגעזונדערטקייט, אויף דער אינעווייניקסטער אויטאָנאָמיע, אויף דעם משיחישן גלויבן אין אַ פּאָליטישן תחית המתים? — יאָ, אָבער דאָס אַלץ איז נישט מער ווי פאָרמען, אין וועלכע ס'איז געקומען צום אויסדרוק דאָס נאַציאָנאַלע זיין, פאָרמען אומבאַשטענדיקע און פאַרענדערלעכע אין דעם געשיכטע־פּראָצעס. דער גרונט־יסוד פון דער לעבנספעיקייט פון יידישן פאָלק איז דאָס, וואָס האָבנדיק דורכגעגאַנגען די ראַסישע, ערדשטיק־קולטורעלע און טעריטאָריאַל־פּאָליטישע פאַזעס פון נאַציאָנאַליטעט, האָט זיך עס באַוויזן שוין צו באַפעסטיקן אויף דער העכסטער פאַזע — אויף דער גייסטיקער אָדער קולטור־היסטאָרישער; עס האָט זיך שוין באַוויזן צו קאָנסאָלידירן, ווי אַ גייסטיקע נאַציע, וואָס לעבט מיטן כוח פון דעם סטיכישן אָדער באַוואוסטזיניקן „לעבנסווילן". און באַוויזן האָט עס דערפאַר, ווייל אין דער כוחות־קאָמבינאַציע, וואָס האָט געשטאַלטיקט די יידישע נאַציאָנאַליטעט, האָבן די פיזישע, פּאָליטישע און מאַטעריעל־קולטורעלע עלעמענטן זיך באַהאַפטן מיט אַ גרעסערער דאָזע גייסטיק־קולטורעלע עלעמענטן, ווי ביי אַנדערע פעלקער. דער היזק פון די פּאָליטישע גורמים האָט זיך דאָ כסדר קאָמפּענסירט מיט דער אינטענסיווקייט פון די גייסטיקע. אַט, למשל, ווי ביי בלינדע, וואָס דאָס אָנוווערן די ראיה רופט אַרויס ביי זיי אַ פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרפיינערונג פון חוש המישוש אָדער

געהער. די ירושהדיקייט האָט במשך פון אַ קייט דורות פּאַרפּעסטיקט די אייגנאַרטיקע שטריכן, עמאָציעס, היסטאָרישע נטיות — דעם זכר פון אַלעם איבערגעלעבטן און איבערגעליטענעם. די קאָלעקטיווע אינדיווידואַליטעט האָט זיך פאַרטיפט, עס האָט זיך פאַרגרעסערט די ווידערשטאַנד־פעיקייט לגבי דער פּנים־פּאַרוויישנדיקער השפּעה פון דער אַנדערשדיקער סביבה, עס האָבן זיך אויסגעאַרבעט די אופנים פון קאַמף פאַר נאַציאָנאַלן קיום אין די אומגינציקסטע אומשטענדן. אין אָט דעם פילדורותדיקן גראַנגל זענען געווען מאָמענטן געפערלעכע און קריטישע, מאָמענטן פון שאַרפן נאַציאָ־נאַלן אָפּקלייב, ווען שוואַכערע טיילן פון דער נאַציע פלעגן אָפּפאַלן, אַסי־מילירנדיק זיך מיט אַנדערע פעלקער (אין אַזאַ אָדער אַנדער מאָס איז דער דאָזיקער אָפּקלייב אַ שטענדיקע דערשיינונג אין דער יידישער געשיכטע) — אָבער אין סך הכל פלעגט בלייבן אַ געזונטער קערן פון דער נאַציע, אַ שטאַרקער דורך דער געוירשנטער ענערגיע און דורך דער הויכער אָנ־שטרענגונג פון נאַציאָנאַלן ווילן.

מחמת דאָס פאָלק איז איינצייטיק דער פּועל פון זיין געשיכטע און איר פּעולה. דאָס פאָלק שאַפט זיין קולטור אין יעדן באַזונדערן מאָמענט, און עס איז אַ פּראָדוקט פון אָט דער שאַפונג אין דעם באַהעפט פון אַלע מאָמענטן — אין דער געשיכטע. היות אַ נאַציע איז נישט בלויז אַ סומע פון יחידים, נאָר אויך אַ סומע פון דורות, אַ סומע פון גרופּעס, וואָס עקזיסטירן נישט בלויז איינצייטיק, נאָר אויך איינע נאָך דער אַנדערער, אין דער צייט, — לכן ווירקט אין איר (אין דער נאַציע), „הינטער דער שוועל פון באַוואוסטזיין", דער כוח פון ירושהדיקייט, די רעזולטאַנטע פון כלערליי היסטאָרישע איבערלעבונגען, וואָס קערעוועט דאָס לעבן פון דער נאַציע און שטייט אין פאַרמעסט מיט די השפּעות פון דער דרויסנדיקער סביבה.

אין אַ לעבעדיקער נאַציע איז תמיד פאַראַן אַ קעגנזייטיקע באַוויר־קונג פון צוויי כוחות: פון קולטור־אַקומולאַציע און פון דער שוין אָנגע־זאַמלטער קולטור, פון דער מי פון געגעבענעם דור און פון דעם קולטור־קאַפּיטאַל אָדער פּראָדוקציע־ווערקצייג פון די פריערדיקע דורות. פון דער דאָזיקער קעגנזייטיקער ווירקונג שמידט זיך עס אויס די פאָלקס־אינדי־ווידואַליטעט.

במשך פון דורות וואַקסט אָן די נאַציאָנאַלע טיפּישקייט, וואָס לייגט אַרויף איר חותם אויף דעם לעבן פון יחיד, און זי וואָלט געוואָקסן אָן אַ גרענעץ, ווען אַ געוויסער חלק אירער וואָלט זיך נישט אָפּגעריבן אין איט־לעכער תקופה, מחמת דער נויטווענדיקייט זיך צוצופּאַסן צו דער צווישנ־פעלקערלעכער סביבה. דאָרט, וואו די אַקומולאַציע פון פאַרזיכיקייט קאָמ־פּענסירט דעם היזק פון צופּאַסונג, איז די נאַציע אַ לעבנספעיקע; אויב פאַרקערט — גייט די נאַציע צום אָפּשטאַרבן בדרך אַסימילאַציע, און שפּע־

טער צום אויפֿלייזן זיך אין אַנדערע פֿעלקער. ווען דאָס געגעבענע פֿאָלק פֿאַרמאָגט אַזעלכע איזאָלאַטאָרן, ווי אַן אייגענע טעריטאָריע און מלוכה, אַן אייגענע שפּראַך, שול און אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס — איז די אַנטוויקלונג פֿון זיין פֿאַרזיכיקייט געזיכערט אפילו ביי אַ שוואַך אויס־געדריקטער פֿאָלקס־אינדיווידואַליטעט. דער מאַנגל אָדער די שוואַכקייט פֿון אָט די דרויסנדיקע שוצמיטלען קאָנען קאָמפּענסירט ווערן נאָר מיט דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון די אינעווייניקסטע שוצמיטלען, דהיינו, דורך דער אָנ־שטרענגונג פֿון נאַציאָנאַלן ווילן אין דער ריכטונג פֿון אויטאָנאָמער קול־טור־אַנטוויקלונג און דורך אַן ענערגישן ווידערשטאַנד קעגן די אַסימילירנ־דיקע באַווירקונגען מצד דער דרויסנדיקער סביבה, — אַ פּראָצעס, וואָס איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער געשיכטע פֿון יידישן פֿאָלק אין גלות.

3. וואָס זשע איז סוף כל סוף דער סימן מובהק פֿון אַ נאַציאָנאַלי־טעט? דאָ קומען מיר צו צו אַ פּראָבלעם, וואָס האָט ביז גאָר נישט לאַנג אַרויסגערופֿן סיי אין דער סאָציאַלער וויסנשאַפֿט סיי אין דער פּראַקטיק לעבעדיקע אַמפּעריייען, וועלכע זענען נאָך ביז איצט נישט איינגעשטילט. נישט אָפּשטעלנדיק זיך דערווייל אויף די פּרטים פֿון די דאָזיקע חלוקי־דעות, וועל איך דאָ נאָר קאָנסטאַטירן איין אָבסערוואַציע: אין די וויסנ־שאַפֿטלעכע דעפֿיניציעס פֿון „נאַציע״ איז קאָנטיק דער זעלבער איבערגאַנג פֿון פֿיזישע סימנים צו גייסטיקע, פּונקט ווי אין עצם פּראָצעס פֿון היס־טאָרישן געשטאַלטיקן די נאַציעס, וואָס איז פֿריער געוואָרן כאַראַקטערי־זירט. די פֿילאָסאָפֿן פֿון דער אַלטער שול פֿלעגן דעפֿינירן די נאַציאָנאַ־ליטעט בלויז ווי אַ פּראָדוקט פֿון ראַסע, קלימאַט און באָדן; רעכט־קענער און פּאָליטיקער פֿון דער נייער צייט פֿלעגן אָפֿט אידענטיפֿיצירן די באַגריפֿן „פֿאָלק״ און „מלוכה״. זיי פֿלעגן ברענגען לדוגמא אַ פֿאַראיינפֿאַכטן טיפּ פֿון אַן איינשטאַמיקער מלוכה; וואָס שייך אַ פֿאַרשיידנשטאַמיקער — פֿלעגן זיי די נאַציאָנאַלע מינדערהייט פּשוט פֿאַרמשפּטן אויף צונויפֿגיסונג מיט דער הערשנדיקער מערהייט (אַזאַ קוק האָט עקזיסטירט אין דער עפּאָכע פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע און ער האָט זיך נאָך לאַנג געהאַלטן אין דער רעכט־וויסנשאַפֿט. מער ליבעראַלע פּאָליטיקער פֿלעגן גע־פֿעליק צופּסקענען דאָס רעכט אויף קולטור־אויטאָנאָמיע אויך די פּאָליטיש־אָפּהענגיקע נאַציעס, אָבער בלויז פֿאַר יענע, וואָס האָבן נישט אָנגע־וואָרן זייער טעריטאָריע און שפּראַך.

ערשט אין דער לעצטער צייט הייבט זיך אָן איינצופֿונדעווען דער קוק אויף אַ נאַציע, ווי אויף אַ קולטור־היסטאָרישער גרופּע, וואָס אומאָפּ־הענגיק דערפֿון, צי זי האָט אויפֿגעהיט צי אָנגעוואוירן (טיילווייז אָדער אינ־גאַנצן) אירע אַמאָליקע דרויסנדיקע אַטריבוטן — דעם ראַסן־טיפּ, די טע־

ריטאָריע אָדער שפּראַך — האָט זי דעם באַוואוסטזיין, אַז זי איז אַ נאַציע, אַדאַנק דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון איר פריערדיקער אייגנאַרטיקער עוואָלוציע, און זי ווייזט אַרויס אַ באַשטימטע שטרעבונג ממשיך צו זיין די דאָזיקע עוואָלוציע אויף להבא. די סוביעקטיווע סימנים פון נאַציאָנאַליטעט פאַרנעמען אין די וויסנשאַפטלעכע דעפיניציעס וואָס אַ מאָל מער דאָס אָרט פון אָביעקטיווע סימנים*).

---

*) פּיכטע אין זיינע „רעדעס צום דייטשישן פאָלק" האָט דער ערשטער אַרויסגערוקט דעם גייסטיקן עלעמענט אין נאַציאָנאַלן טיפּ, כאָטש ער האָט אים נישט אויסגעטיילט פון די טעריטאָריאַל־פּאָליטישע עלעמענטן, צוזאַמענגיסנדיק דעם בירגערלעכן באַגריף „פּאַטריאָטיזם" מיטן פּסיכישן „נאַציאָנאַליזם". רענאַן („וואָס אַזוינס איז נאַציע") האָט קלאָרער אונטערשטראָכן דעם עלעמענט פון סוביעקטיווען ווילן אין נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און האָט געמאַכט אַ טרעפלעכע, זייער צוגעפּאַסטע צום יידנטום, באַמערקונג, אַז אין סך־הכל פון די איבערגעלעבטע היסטאָרישע איינדרוקן, וואָס פאַראייניקן די נאַציע, זענען צרות אַ מער פאַראייניקנדיקער כוח, ווי גליקלעכע מאָמענטן (זע די הערה, ז. 17). פּוליע פאַרענדיקט זיין פאָרשונג „פאַקטאָרן פון נאַציאָנאַלן כאַראַקטער" מיט פאָלגנדיקן אויספיר: „אַ פאָלק איז פריער פאַר אַלעמען אַ כלל פון מענטשן, וואָס באַטראַכטן זיך אַליין ווי אַ פאָלק, — אַ גייסטיקע יצירה פון יענע, וואָס באַשאַפן זי כסדר: זיין מהות איז אין זיין באַוואוסטזיין".

דער סאַמע נייסטער אויספיר פון אַ געלערנטן, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער פאָרשונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע — שפּרינגער, זאָגט: „נאַציאָנאַליטעט איז אַ גייסטיקע און קולטורעלע געזעלשאַפט", די צוגעהעריקייט צו וועלכער ווערט פעסטגעשטעלט דורך דעם ווילן און דער געהעריקער דערקלערונג פון דעם יחיד („מלוכה און נאַציע", רוסישע אויסגאַבע, אָדעס, 1906, זייט 14). שפּרינגערס שפּעטערדיקע דעפיניציע (אין זיין גרויסן ווערק „דער קאַמף דער עסטרייכישן נאַציאָנען אום דעם שטאַט„ (דייטש, 1902. פאַראַג. 6; איבערגעזעצט אין זשורנאַל „יעווריייסקאיא זשיזן (רוסיש), 1960, ב. 2), אַז „נאַציע דאָס איז אַ פאַרבאַנד פון גלייך־טראַכטנדיקע־און רעדנדיקע מענטשן, אַ קולטורעלע געזעלשאַפט פון מאָדערנע מענטשן, וואָס זענען מער נישט פאַרבונדן מיט טעריטאָריע", — דעט מיר אויס נישט געלונגען אין ערשטן טייל, ווייל „גלייך טראַכטן" איז אַ צו דרייסטער פּאָסטולאַט, ווידער די געמיינזאַמע שפּראַך — אַ צופיל באַגרענעצנדיקער, עלעהיי דער פאַרוואָרפענער דורך שפּרינגערן טעריטאָריעלער סימן. מאָדנע, וואָס שפּרינגער אַליין האָט נישט באַמערקט די בולטע סתירה פון דער דאָזיקער דעפיניציע צו זיין אייגענער קאַטעגאָרישער דערקלערונג אין דער אָנגערופענער בראָשור, אַרויסגעגעבן מיט דריי יאָר פריער: „וועלכער נאָך סימן פון צוגעהעריקייט צו אַ גייסטיקער און קולטור־געזעלשאַפט קאָן עקזיסטירן חוץ דעם באַוואוסטזיין פון דער דאָזיקער צוגעהעריקייט? זיכער נישט די מוטערשפּראַך: שאַמיסאָ, למשל, האָט גייסטיק און קולטורעל געהערט צו דער דייטשישער נאַציע. פּונקט אַזוי ווייניק איז אָנצואווענדן אויך די „ריידשפּראַך": דער איטאַליענישער עמי־

טיקער מוזן קומען צו דער איינשטימיקער מסקנה, אַז דווקא די סוביעק־טיווע אָדער גייסטיקע פּאַקטאָרן פון נאַציאָנאַלן טיפּ זענען די קרוין פון זיין עוואָלוציע, אַז אַלע מאַטעריעלע פּאַקטאָרן זענען נאָר שטאַפּלען, וואָס פירן צו דעם דאָזיקן באַרג־שפּיץ: אויסצואַרבעטן אַ שטאַנדהאַפטיקע נאַ־ציאָנאַל־באַוואוסטזיניקע פּערזענלעכקייט. אויף די העכערע קולטור־שטאַפּ־לען איז אפילו אין אַ געוויינלעכער משפּחה די גייסטיקע געמיינשאַפט אַ סך וויכטיקער ווי די בלוט־קרובהשאַפט (עס טרעפט זיך, אַז משפּחה־מיטגלי־דער צעגייען זיך שאַרף צוליב מאָראַלישע אָדער אידעיִשע חילוקי־דעות). אַזוי איז אויך אין דער נאַציאָנאַלער משפּחה פון העכערן טיפּ דער עיקר־דיקער פאַרבינדונגס־רינג — די געמיינשאַפט פון גייסטיק־קולטורעלע שטרעבונגען*).

ווען היינטצייטיקע פעלקער קעמפן פאַר פּאָליטישער אומאָפּהענגי־קייט אָדער גענצלעכער אויטאָנאָמיע — איז דען נישט דער גרעסטער סטימול דערצו די זאָרג פאַר אויפהיטן און פרייען אַנטוויקלען די אייגענע

---

גראַנט אין לאָנדאָן בלייבט אַן איטאַליענער, כאָטש געוויינלעך רעדט ער ענגליש" („מלוכה און נאַציע", זייט 14).

*) וועלנדיק וויסנשאַפטלעך אַטאַקירן דעם אַנטיסעמיטיזם, האָט רענאַן, אין זיין לעקציע „דאָס יידנטום ווי אַ ראַסע" (1883), באַוויזן דעם געמישטן כאַראַקטער פון דעם יידישן ראַסן־טיפּ. האַלטנדיק זיינע באַווייזן פאַר איבערגעטריבן און מיינענדיק, אַז יעדנפאַלס איז דאָס יידנטום רעלאַטיוו דער אַממערסטן ריינער ראַסן־טיפּ פון אַלע עקזיסטירנדיקע, — זע איך נישט אין רענאַנס טעאָריע קיין שום גרונט אויף אָפּצופרעגן דעם יידישן נאַציאָנאַלן טיפּ. אַ ייד אַ נאַציאָנאַליסט קאָן דרייסט זיך אונטער־שרייבן אונטער רענאַנס פאָלגנדיקן אויספיר אין דער דערמאָנטער לעק־ציע: „אין דער פראַגע וועגן נאַציאָנאַליטעטן גיבן מיר אָפּ דעם ראַסן־פּרינציפּ אַ צווייטראַנגיק אָרט. דער עטנאָגראַפישער עלעמענט, וואָס איז אַזוי וויכטיק אין דעם בראשית פון דער געשיכטע, פאַרלירט שטופנווייז זיין באַדייטונג אין גאַנג פון דער אַנטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציע". און אומזיסט האָט רענאַן אַליין און די פראַנצויזיש־יידיש אַסימילאַטאָרן, וואָס האָבן אים אַפּלאָדירט, געמאַכט דעם אויספיר, אַז יידישע אַסימילאַציע מיט די פאַרשידענע פעלקער איז אומפאַרמיידלעך, באַשר „דער ראַסן־עלעמענט איז פון צווייטראַנגיקער באַדייטונג". זיי האָבן פאַרגעסן וועגן יענעם קאָ־לאָסאַלן קולטור־היסטאָרישן צוגאָב־אויפבוי איבערן ראַסן־קערן, וואָס ביל־דעט די נאַציאָנאַליטעט און האַלט אים אויף טאַקע „אין גאַנג פון דער אַנטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציע".

אַ בולטער ביישפּיל דערצו איז די נאַציאָנאַלע אָפּפרעמדונג צווישן יידן און קאַראַימער, וואָס איז געקומען נאָך זייער רעליגיעזער אָפּ־שפּליטערונג. אַ מיטגליד פון דער יידישער משפּחה איז אונדז געוואָרן פרעמד נאָך זיין שאַרפן אָפּקער פון אונדזער היסטאָרישער עוואָלוציע. די בלוט־פאַרבינדונג איז געוואָרן איבערגעריסן, ווי נאָר עס איז צעריסן געוואָרן די גייסטיקע געמיינזאַמקייט.

קולטור־ווערטן, די אייגענע היסטאָרישע אינדיווידואַליטעט? אַז דייטשלאַנד האָט אין אָנהייב 19טן י"ה געקעמפט קעגן נאַפּאָלעאָנס אייבערמאַכט, און שפּעטער איטאַליע — קעגן דער עסטרייכישער ממשלה, איז דער קאַמף אַרויסגערופן געוואָרן דורכן פאַקט פון פרעמדער הערשאַפט, וואָס האָט סימבאָליזירט דאָס אַריינדרינגען פון אַ פרעמדער נאַציאָנאַלער קולטור אין דייטשישן און איטאַליענישן לעבן. אין אַלע באַפרייערישע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, אין די פּראָטעסטן קעגן פּאָליטישן דרוק פון דרויסן — לאָזט זיך פילן דער אומבאַוויזגלעכער אינסטינקט פון דער פאָלקס־אינדיווידואַליטעט, וואָס פאָדערט פאַר זיך פרייע גייסטיקע אַנטוויקלונג, „קולטור־זעלבסטבאַשטימונג". כדי צו פאַרהיטן דעם ווערטפולן קערן — די אינדיווידועלע פרייהייט פון דער נאַציע — שטרעבט מען אים צו באַדעקן מיטן פּאַנצער פון טעריטאָריאַלער אָדער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט. עס טרעפט זיך אָבער, אַז אַ נאַציע מוז זיך באַגיין אָן אָט דעם שוץ־היטל פון פּאָליטישער אָדער אפילו געגנטלעכער אויטאָנאָמיע; אַזאַ נאַציע פירט דעם קאַמף פאַר איר סאָציאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע מיט יענע מיטלען, וועלכע עס האָט איבערגעלאָזן אין איר רשות די פריערדיקע היסטאָרישע עוואָלוציע אירע. במקום די פאַרלוירענע דרויסנדיקע אַטריבוטן — פאַרשטאַרקט זי און שטרענגט אָן די אינעווייניקסטע: דעם זעלבסטבאַוואוסטזיין, דעם קאָלעקטיוון ווילן, די אחדות פון שטרעבונגען, געקערעוועטע אויף אויפצוהאַלטן די אייגענע אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, די אייגענע שפּראַך, שול, ליטעראַטור. און אויב דער דאָזיקער קאַמף ברענגט פּעולות במשך פון אַ לאַנגן פּעריאָד, קאָן מען פאָרויסזאָגן זיין דערפאָלג אויך אויף להבא, בתנאי אַז עס וועט אַלץ געטאָן ווערן פאַר דעם ווייטערדיקער יניקה און אָנשטרענגונג פון דער נאַציאָנאַלער ענערגיע.

נאָך דעם אַלעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן, ווערט קלאָר, ווי גרויס ס'איז דער טעות פון די אַלע — אייגענע און פרעמדע — וואָס האָבן פאַרלייקנט און פאַרלייקענען דאָס רעכט פון גלות־יידנטום זיך אָנצורופן נאַציע, אויף דעם סמך, וואָס עס פעלן אים געוויסע דרויסנדיקע נאַציע־אַטריבוטן, אָנגעוואָרענע אָדער אָפּגעשוואַכטע אויף זיין לאַנגן היסטאָרישן שליאַך (ביי אַ פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרשטאַרקונג פון די גייסטיקע אַטריבוטן). מע דאַרף שווין לחלוטין גאָרנישט פאַרשטיין די אינעווייניקסטע טבע פון דעם נאַציאָנאַלן „איך", מע זאָל וועלן צונעמען דעם טיטל „נאַציע" ביי איינעם פון די עלטסטע היסטאָרישע קאָלעקטיוון, וואָס אין די לעצטע צוויי יאָרטויזנטער שטעלט ער מיט זיך פאָר די קווינטעסענץ פון אַ נאַציע, אַ נאַציע פון דער ריינסער גייסטיקער פּראָבע, מיט דעם קלענסטן צומיש פון זייטיקע אינגרעדיענטן, וואָס קורצזיכטיקע מענטשן נעמען זיי אָן פאַר ריין גאָלד פון נאַציאָנאַלער פאַרזיכיקייט.

דאָס פאַרלייקענען די אייגענע „נאַציאָנאַליטעט" נעמט זיך אין דער יידישער סביבה פון צוויי קעגנזעצלעכע קרייזן: אָרטאָדאָקסן און פריידענ־

קער. היות במשך פון יאָרטויזנטער האָט אין אַלע ספערן פון יידישן לעבן געהערשט דער רעליגיעזער אַבסאָלוטיזם, האָט די גלייביקע מאַסע זיך איינ־געלעבט מיטן געדאַנק, אַז דאָס יידנטום איז נישט קיין נאַציע אין גע־וויינלעכן זינען, נאָר אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט, וואָס פירט זיך על פּי דער הייליקער מסורה אָדער על פּי דינים, וואָס זענען חל אויפן גאַנצן יחידישן און כּללישן לעבן פון מענטשן. אָט די אומבאַוואוסטזיניקע מאַסע זעט אין איטלעכער געגעבענער רגע בלויז דעם גרייטן פּועל־יוצא פון דער יידישער היסטאָרישער עוואָלוציע, זי זעט אָבער נישט די ירושהדיקייט פון אַלע אירע מאָמענטן. זי ווייסט נישט, אַז בהדרגהדיק האָט מען אַריינ־געצויגן קינסטלעך אַלע אוראַלטע נאַציאָנאַלע אינסטיטוטן פון יידישן פאָלק: היסטאָרישע יום־טובים, זיטן און מנהגים, רעכט־נאָרמעס, געזעלשאַפט־לעכע אינסטיטוציעס, דעם גאַנצן סדר פון אינערלעכער זעלבסטפאַרוואַל־טונג, וואָס איז ניצול געוואָרן אין גלות. אָננעמענדיק די באַפאַרבונג פאַרן תוך, האָט די מאַסע אַזוי צונויפגעגאָסן דאָס „נאַציאָנאַלע" מיטן „רעלי־גיעזן", אַז דאָס ערשטע איז פאַרטרונקען געוואָרן אין דעם לעצטן, — פאַרטרונקען, אָבער נישט פאַרשוואונדן געוואָרן. ווייל, אין תוך גענומען, קאָן מען דעם צוגאַנג פון דער אָרטאָדאָקסישער מאַסע פאָרמולירן אַזוי: „דאָס יידנטום איז אַ רעליגיעזע נאַציע; די גלידער אירע זענען פאַרבונדן צווישן זיך מיטן כּוח פון רעליגיעזן אימפּעראַטיוו אָדער מיט דער ריטועַ־לער דיסציפּלין, און איטלעכער, וואָס רירט אָן ערנסט אָט די דיסציפּלין, פאַלט אַרויס פון דעם פאָלקסבונד".

אַזאַ מין צוגאַנג איז אין עצם נישט אין סתירה צום באַגריף פון „גייסטיקער (אָדער קולטור־)נאַציע": זי אידענטיפיצירט בלויז טעותדיק די טערמינען „גייסטיק" און „קולטורעל" מיט „רעליגיעז". דאָס איז באַגרע־נעצטקייט פון האָריזאָנט, וואָס איז באַפאַרבט אויף איין קאָליר; דאָס איז די רגילות פון אומקריטישן פאַרשטאַנד צו זען אָן איין מאָל פאַר אַלע מאָל איינגעשטעלטע, פאַרשטיינערטע טראַדיציע דאָרט, וואו עס איז געווען אַ לעבעדיקע שעפערישע עוואָלוציע. לאָמיר ביז אַ צייט לאָזן דער גלויבי־קער מאַסע טראַכטן, אַז יידישע נאַציאָנאַליטעט און רעליגיעזקייט איז היינו הך: אין אָט דעם נאַיוון געדאַנק — איז דער סוד פון דער אומגעוויינלע־כער שטאַנדהאַפטיקייט פון דעם פּשוטן יידן. זאָל ער פאַרשרייבן אויפן זכות פון אמונה דאָס, וואָס איז שייך צו דער גאַנצער אָנגעזאַמלטער קול־טור פון דער יידישער נאַציע; זאָל ער זיך באַניגענען מיט דעם איינזייטיקן באַוואוסטזיין, כּל זמן עס איז אים נישט צוטריטלעך דער פולער באַוואוסט־זיין, אויפן יסוד פון אַנאַליז און קריטיק; אויך אויף דעם וועט קומען די צייט. אויך דער קאָנסערוואַטיווער פאַרשטאַנד וועט באַמערקן, אַז אַ סך פריידענקערישע יידן, וואָס זענען עובר אויף די שטרענגע דינים פון דת, זענען פאָרט געטרייע מסירת־נפשדיקע זין פון זייער פאָלק, אַז נישט בלויז

וואָס זיי גייען נישט אַרויס פון דעם פאָלקסבונד, נאָר זיי שטרעבן מיט אַלע כוחות אים צו שטאַרקן. דאָס איז שוין אַ שטויס צו אַנאַליז. דער מענטש וועט אַנהייבן אָפּצוטיילן דאָס נאַציאָנאַלע פונעם רעליגיעזן, און די באַקאַנטשאַפט מיט דער וויסנשאַפטלעכער געשיכטע וועט אים קלאָר מאַכן די סיבה, פאַרוואָס מע צעמישט אָט די באַגריפן. דעמאָלט ערשט וועט זיך אין ברייטערע פאָלקסקרייזן אָנהייבן דער פּראָצעס פון פאַרווירקלעכן די נאַציאָנאַלע אידעע, וואָס קומט פאָר אין דער נייסטער צייט ביי אַ באַדייטנדיקן טייל פון אונדזער פריידענקענדיקער געזעלשאַפט, — ביי אַ באַדייטנדיקן טייל, אָבער ווייט נישט אין דער גאַנצער געזעלשאַפט. ווי מיר וועלן דאָס באַלד זען.

בעת די אַלטפרענקיש־אָרטאָדאָקסישע מאַסע באַטראַכט דאָס יידנטום פּאַקטיש ווי אַ רעליגיעזע נאַציע און מיטן כוח פון אמונה־אויטאָריטעט דערלאָזט זי נישט דאָס צוזאַמענגיסן זיך מיט אַנדערע פעלקער, — איז באַטראַכט די אַסימילירטע אינטעליגענץ (איינגעשלאָסן אי די פריידענקער אי די נעאָ־אָרטאָדאָקסן פון מערב) דאָס יידנטום בלויז ווי אַ רעליגיעזע גרופּע, אַ סינאַגאָגאַלן פאַרבאַנד, וואָס איז נישט מחייב זיינע מיטגלידער צו קיין שום דיסציפּלין אין נאַציאָנאַלן פּרט. אַ ייד קאָן — על פּי אָט דער טעאָריע — אַריינגיין אין באַשטאַנד פון די אַרומיקע פעלקער, בלייבנדיק נאָר אַ מיטגליד אין פאַרבאַנד פון זיינע „מיטגלייביקע". ער קאָן, למשל, ווערן אַ דייטש־מאָזאַיסט (ד"ה אָנהענגער פון משהס גלויבן. — איב.), פּונקט ווי עס זענען דאָ דייטשן־פּראָטעסטאַנטן און דייטשן־קאַטאָליקן. וואָלט עס געווען ריכטיק צו דרינגען דערפון, אַז אַ רעליגיעז־פריידענקענדיקן אָדער אַ ניט־גלייבנדיקן יידן דאַרף מען האַלטן פאַר אַרויסגעטראָטן פון דעם „מיטגלייביקע־פאַרבאַנד"; אָבער דער דאָזיקער אויספיר ווערט געוויינטלעך מאַסקירט, באַשר דאָס וואָלט אונטערגעגראָבן דעם לעצטן פונדאַמענט פון יידישער „אחדות" און . . . ווייל דאָס וואָלט די גאַנצע טעאָריע דערפירט צום אַבסורד.

אין ווייטערדיקן בריוו וועל איך זיך אָפּשטעלן באַריכות אויף דער כאַראַקטעריסטיק פון אָט דער טעאָריע, וואָס איז נאָך גאָר נישט לאַנג געווען אַזוי שטאַרק, און איצט הינקט זי פּון די באַקומענע קלעפּ. דאָ וועל איך נאָר זאָגן, אַז זי איז אין סתירה סיי צו דער טראַדיציאָנעלער פאַרשטעלונג פון לאַנגע דורות וועגן אַ „רעליגיעזער נאַציע", וואָס גיסט זיך נישט צונויף, סיי צום וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג וועגן אַ „גייסטיקער (קולטור־)נאַציע", וואָס גיסט זיך נישט צונויף. דאָס איז נישט די מסקנה פון אמונה און נישט די מסקנה פון וויסנשאַפט — נאָר אַן אויסטראַכטעניש אָדער פון נאַיווע אידעאָלאָגן אָדער פון בעלי־תכלית־פּראַקטיקער, וואָס באַרעכטיקן מיט אַ קונציקער דאָקטרינע זייער גלוסטונג צוצופּאַסן זיך צו דער אַרומיקער סביבה, כדי זיי און זייערע יורשים זאָל אַרויסקומען דער

גרעסטער נוצן*). עס חזרט זיך דאָ איבער דער פּראָצעס פון נאַציאָנאַלן אָפּקליַיב אָדער דאָס אָפּטיילן די נאַציאָנאַל שוואַכע עלעמענטן, וואָס האַלטן נישט אויס דעם דרוק פון דער אַרומיקער סביבה.

די נאַטירלעכע שטרעבונג צו סעקולאַריזירן די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע קאָן אַרויסרופן אַ צווייטן עקסטרעם. אויב די אָרטאָדאָקסן זאָגן: „יהדות איז דער איינציקער יסוד פון אונדזער נאַציאָנאַליטעט", קאָנען די פריידענקער זאָגן: „יהדות איז לחלוטין נישט קיין תנאי פאַר דער יידישער נאַציאָנאַליטעט, וואָס קאָן האָבן אַ קיום אויך אָן אים, בלויז בזכות פון פּסיכאָלאָגישער פאַרירשונג און פון קולטור־היסטאָרישע פאַקטאָרן".

אין דער פּראַקטיק וואָלט די לעצטע מיינונג געהייסן אָנערקענען רע־ליגיעזע אָפּטריניקייט. אַ ייד וואָלט זיך געקאָנט אָפּזאָגן פון יהדות לטובת אַן אַנדער רעליגיע און דאָך בלייבן אַ ייד לויט דער נאַציאָנאַליטעט. דאָס וואָלט, פאַרשטייט זיך, געווען גאָר אַ געפערלעכער טעות. שטרעבנדיק צו פאַרוועלטלעכונג פון דער נאַציאָנאַלער אידעע, אָפּצוטיילן זי פון רעלי־גיע, פאַרלאַנגען מיר בלויז, אַז די רעליגיע זאָל נישט דאָמינירן, און נישט אַז זי זאָל לגמרי אויסגעשלאָסן ווערן פון דעם גייסטיקן קאַפּיטאַל פון דער נאַציע. באַשטייענדיק אויף דעם קיום פון יידנטום ווי אַ קולטור־היסטאָ־רישן טיפּ, טאָרן מיר נישט פאַרגעסן, אַז יהדות איז איינער פון די וויכ־טיקסטע באַשטאַנדטיילן פון דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער קולטור, און באַ־זייטיקן אים הייסט — אונטערגראָבן אַ טייל פון פונדאַמענט.

דער חילוק צווישן אונדז און די אָרטאָדאָקסן באַשטייט אין דעם, וואָס זיי האַלטן דאָס טראַדיציאָנעלע יהדות פאַר עפּעס אַזוינס, וואָס איז

---

*) די אָנהענגער פון אַסימילאַציע האַלטן, געוויינלעך, משה מענ־דעלסאָנען פאַר זייער רבין, און זייערע קעגנער האָבן אויף דעם סמך אַריינגעלייגט אין חרם דעם גרויסן דענקער. דאָס איז אַ גרויסער היסטאָ־רישער טעות, וואָס האָט זיך, צום באַדויערן, איינגעוואָרצלט אין אונדזער פּובליציסטיק פון די צייטן פון סמאָלענסקין. אמת, מענדעלסאָן האָט די יידן נישט געהאַלטן פאַר קיין סעקולאַריזירטער קולטור־נאַציע; ער, וואָס האָט אַזוי דרייסט געקעמפט פאַר אָפּטיילן די מלוכה פון דער קירך, האָט נישט געהאַלטן פאַר מעגלעך אָפּצוטיילן נאַציאָנאַליטעט פון דער סינאַ־גאָגע. אָבער גלייכצייטיק דערמיט איז נישט ער געווען דער שעפער פון דעם לאָזונג: יידנטום — אַ רעליגיעזע גרופּע, וואָס קען נאַציאָנאַל זיך צונויפ־גיסן. מענדעלסאָן (וואָס דאָס באַווייזט זיין פילאָסאָפיע פון געשיכטע אין „ירושלים" און זיין גאַנץ לעבן) האָט זיך געהאַלט ביים טראַדיציאָנעלן שטאַנדפּונקט, אַז יידנטום איז — אַ רעליגיעזע נאַציע, וואָס קען זיך נישט צוזאַמענגיסן מיט קיין שום אַנדערע פעלקער; ער האָט נאָר צוגעגעבן, און דערמיט האָט ער זיך אונטערגעשיידט פון אַנדערע אָרטאָדאָקסן, אַז מיטן דערפאָלג פון דער השכלה קענען יידן זיך דערנענטערן מיט די אַרומיקע פעלקער אויפן געביט פון בירגערלעכן לעבן.

פעסטגעשטעלט אין זיינע פאָרמען איין מאָל פאַר אַלע מאָל, און מיר האַלטן פון אַן עוואָלוציאָנערן יהדות, וואָס האָט געענדערט און ענדערט זיינע פאָרמען, וואָס פּאַסט זיך צו און אויפּהער צו באַדינגונגען פון דער נייער קולטור. זיי אָנערקענען אַ „חוק ולא יעבור", מיר — לעבעדיקע שעפערישקייט.

וועט מען מיך פרעגן: וואָס זשע זאָלן טאָן די, וואָס האַלטן בכלל נישט פון רעליגיע אָדער בפרט פון דער יידישער רעליגיע? די דאָזיקע קשיא פאַרדינט אַ באַזונדערע באַטראַכטונג.

עס גייט אין דעם, וואָס דאָס היסטאָרישע יהדות איז נישט — ווי דאָס קריסטנטום אָדער דער איסלאַם — בלויז אַ רעליגיע: דאָס איז אַ גאַנצער שטח פון קולטור. אַדאַנק ספּעציפישע היסטאָרישע אומשטענדן, וואָס האָבן אַריינגעצויגן דאָס גאַנצע לעבן פון יידישן פאָלק אין דער ספערע פון רעליגיעזן אויטאָריטעט, איז דאָס יהדות געוואָרן אַן אַלץ־כולל־דיקער וועלטבאַנעם, וואו עס גייען אַריין עלעמענטן רעליגיעזע, עטישע, געזעלשאַפטלעכע, משיחישע, פּאָליטישע, פילאָסאָפישע. אין יעדן פון אָט די געביטן האָט די געשיכטע אָנגעוואָרפן אַ צאָל פאַרשיידנאַרטיקע אָנשיכטונגען. דער תנך, דער תלמוד, דאָס רבנות — דאָס שטייגערישע, ראַציאָנאַליסטישע, מיסטישע — דאָס זענען נישט בלויז באַשטאַנדטיילן, נאָר אויך עטאַפּן פון יהדות. יהדות איז אַזוי ברייט און פילגעשטאַלטיק, אַז איטלעכער קאָן זיך פון אים נעמען דאָס, וואָס איז צוגעפּאַסט צו זיינע טיפסטע איבערצייגונגען.

אַ פרומער ייד איז מקיים אַלע מצוות און עיקרים פון יהדות אַזוי, ווי זיי האָבן זיך אָנגעזאַמלט און זענען פאַרגליווערט געוואָרן אין די לעצטע רבנישע קאָדעקסן. אַ רעפאָרמירטער ייד וואַרפט אָפּ די רבנישע און אַפילו די תלמודישע דינים, אָנערקענענדיק בלויז די עיקרים און היסטאָרישע מצוות פון „תורת משה". אָנהענגער פון טעאָלאָגישן ראַציאָנאַליזם געפינען באַפרידיקונג אין אונדזער פאַרשיידנאַרטיקער רעליגיעזער פילאָסאָפיע פון מיטלאַלטער. אַ פריידענקנדיקער ייד, וואָס האַלט לגמרי נישט פון מצוות, קאָן געפינען אין דער לערע פון די תנכישע נביאים אַ דערהויבענע עטישע און סאָציאַלע וועלט־באַטראַכטונג. דאָס נביאות מיט זיינע אוניווערסאַלע אידעאַלן האָט אַלע געגעבענע צו ווערן די „רעליגיע פון עתיד", די עטיק פון אַ פרייער געזעלשאַפט*). די, וואָס שעצן אין רעליגיע דער עיקר איר פּאָעטישע זייט, וועלן אין דעם תנכישן און מיטלעלטערלעכן

*) אַ פרווו אין דעם זין האָט געמאַכט דער טאַלאַנטפולער אָריענטאַליסט דזשעימס דאַרמשטעטער — אין זיין עסיי „די יידישע נביאים" (פּאַריז, 1882). זע די איבערזעצונג פון דאָזיקן עסיי און דעם אַריינפיר פון איבערזעצער אין די „קניזשקי וואָסכאָדאַ", 1904, באַנד 7—8.

יהדות געפינען טיפע און רירנדיקע פּאָעזיע, וואָס איז ביכולת צו פאַר־
כישופן די נשמה. אַנהענגער פון מיסטיציזם וועלן געפינען ריזיקע אוצרות
דערפון אין דער קבלה, און נאָך מער אין חסידות — „דער רעליגיע פון
האַרצן". בכלל, מע קאָן זיין אַ ייד על פּי תנך אָדער תלמוד, על פּי רמבם
אָדער שולחן ערוך, על פּי מענדעלסאָן אָדער בעש"ט, אפילו על פּי שפּי־
נאָזאַ אָדער גייגער (אויב נאָר די לעצטע וואָלטן דערגאַנגען צום אָנער־
קענען די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע אין היינטצייטיקן זינען**).

לסוף, אויך יענע יידן, וועלכע זענען וויט פון וואָסער־ס'איז־נישט־
איז רעליגיעזן וועלטבאַנעם, וועלן זיין מער נוטה צו בלייבן אונטער דער
פאָן פון יידישקייט, איידער אריבערגיין אונטער אַ פרעמדער רעליגיעזער
פאָן. אַזעלכע יידן, אויב זיי זענען נאָר אויפריכטיק און נישט מסוגל צו
האַנדלען מיט זייער געוויסן, קאָנען נישט פאַרראַטן די אמונה פון די אָבות
צוליב איבערצייגונג, וואָרעם אויב עס באַפרידיקט זיי נישט די יהדות־דאָג־
מאַטיק, וואָס איז אַזוי נאָענט צו ראַציאָנאַליזם, וועט זיי אוודאי און אוודאי
נישט באַפרידיקן די מיסטישע דאָגמאַטיק און סימבאָליק פון קריסטנטום.
עס האָט נאָך דידראָ געזאָגט, אַז דער דרך פון ספקות פירט פון קריסטנ־
טום צו יהדות, און פונדאַנען צום פילאָסאָפישן דעיזם. ווידער נאָך עטישע
אידעאַלן וועט זיך אַ מענטש מיט סקעפּטישע נטיות ווענדן גיכער צו דער
קלאָרער לעבנס־לערע פון די תנכישע נביאים, איידער צו דער עוואַנגעלי־
שער „לערע נישט פון דער וועלט".

על כן, אַן אומגלייביקער ייד קאָן אָדער זיך צורעכענען נאָמינעל צו
דער מחנה פון יהדות־נאָכגייער, — בלית ברירה, נישט האָבנדיק קיין אַנ־
דער אמונה, אַ מער צופּאַסיקע צו די פרייע פילאָסאָפישע מיינונגען, —
אָדער באַרואיקן דאָס אייגענע געוויסן, צורעכענענדיק זיך צו דער קאַטע־
גאָריע „קאָנפעסיאָנסלאָזע" (וואָס באַקענען זיך נישט צו קיין שום רעלי־
גיע), בכל אופן קאָן ער זיך נישט צושרייבן מיט אַ ריינעם געוויסן צו אַ
פרעמדער קירך. דאָס ניט־גלייבן רייסט נישט אָפּ דעם יידן פון זיין פאָלק,
אויב נאָר ער אָנערקענט נישט די נאַציאָנאַלע אסימילאַציע; אָבער דאָס
אָפיציעלע איבערגיין אויף אַן אַנדער גלויבן באַטייט פּאַקטיש, אין די אומ־
שטענדן פון גלות, דאָס ארויסטרעטן פון דער יידישער נאַציע, אויב נישט
פאַרן רענעגאַט אליין, איז פאַר דעם וייטערדיקן דור זיינעם, וואָס מוז זיך
צונויפגיסן מיט דער ארומיקער ניט־יידישער באַפעלקערונג אויך לויט דער

**) איך נעם אָן, אַז שפּינאָזאַ וואָלט זיך נישט דערווייטערט פון זיין
פאָלק, אויב ער און די אַמסטערדאַמער וואָלטן, דענקענדיק היסטאָריש, גע־
קומען צום אויספיר, אַז מע קען זיין אַ נאַציאָנאַלער ייד, נישט זייענדיק קיין
גלייביקער אין טראַדיציאָנעלן זין. אָבער דער דוטער ייה איז נאָך נישט
געווען רייף צו סעקולאַריזירן די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע.

נאַציאָנאַליטעט. דער אָדער יענער געטויפטער ייד קאָן זיך — אין דער נשמה — האַלטן פאַר א „קריסט פון יידישער נאַציאָנאַליטעט", אין דער אמתן אָבער איז ער שוין פון יידנטום אָפּגעשניטן. א יוצא מן הכלל זענען געווען די אַמאָליקע מאַראַנען, וועלכע האָבן, אונטער דער אויפגעצוואונגענער מאַסקע פון קריסטלעכקייט, מקיים געווען יהדות און אין דעם גייסט דערצויגן זייערע קינדער. בכלל, א ייד קאָן זיין „א ייד" על פּי רעליגיע אַקטיוו אָדער פּאַסיוו, רעאַל אָדער נאָמינעל; ער קאָן אפילו זיין נוליק אָדער „רעליגיעלאָז", — אָבער דאָס אָפּזאָגן זיך פון יהדות, ביי א פאָרמעלן איבערגיין צו קריסטנטום איז גלייך, ווי מע וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פון דער יידישער נאַציע*).

אין זיינע „היסטאָרישע בריוו" פאַרנעמט זיך לאַוורעוו (מירטאָוו) מיט אַזאַ ענין: איז ריכטיק דער געדאַנק, אַז די אָדער אַנדערע היסטאָרישע נאַציאָנאַליטעט פירט דורך אין דעם אַלגעמיינעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט אַן אייגענע באַשטימטע אידעע? געגנויער געזאָגט: איז בנמצא אַזאַ טיפּישע נאַציאָנאַלע אידעע, „וואָס איז נישט באַגרענעצט מיט איין עפּאָכע, נאָר זי פאַרבינדט אַלע עפּאָכעס פון נאַציאָנאַלן לעבן"? דער מחבר ענטפערט אויף דער פראַגע נעגאַטיוו, און ווי א ראיה פאַררופט ער זיך אויף די ביישפּילן פון צוויי „בלי ספק היסטאָרישע נאַציאָנאַליטעטן" — יידן און פראַנצויזן.

וואָס שייך יידן זאָגט ער: „נישט געקוקט אויף זייער קאַפּאַציאָליטעט, האָבן די יידן געשפּילט א היסטאָרישע ראָליע אין אַלטערטום; זיי האָבן אויך געשפּילט א היסטאָרישע ראָליע אין דער מיטלעלטערלעכער אייראָפּע; זיי זענען אויך אין אונדזער צייט נישט אָן באַדייטונג, אַזוי אַז געוויסע שרייבער האָבן פאַרבונדן די רעוואָלוציאָנערע אויפטרייסלונגען אין דייטשלאַנד אין סוף פון די 40ער יאָרן (פון 19טן י"ה) מיט דער השפּעה פון דער גרויסער צאָל יידן אויף דער דייטשער געזעלשאַפט,

*) אויף דעם סמך זע איך נישט קיין סיבה פאַר אָפּטימיזם אין דעם ביישפּיל, וועגן וועלכן עס האָט דאָ נישט לאַנג געשריבן די פּרעסע — וועגן דעם טראַגיש־אומגעקומענעם מיטגליד פון דער מלוכה־דומע מ. י. גערצענשטיין, וועלכער פלעגט אויך נאָך זיין שמד — אויב מע זאָל גלייבן די ציי־טונגס־ידיעות — זיך באַצייכענען אין דער רעגיסטראַציע ווי אַ „פּראַוואָסלאַווער" (אַ קריסט) פון יידישער נאַציאָנאַליטעט. דאָ האָט דער לעצטער עפּיטעט נאָר אָפּגעמערקט אַ פאַקט פון דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער נישט פון היינט, דעם פאַקט פון דער יידישער אָפּשטאַמונג פון דעם דעפּוטאַט, אָבער נישט די אמתע צוגעהעריקייט זיינע צו דער יידישער נאַציע, ווי צו אַ פאַרזיכערער געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער אָרגאַניזאַציע. גערצענשטיין האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט זיין אַ מיטגליד נישט נאָר פון דער יידישער רעליגיעזער קהלה, נאָר אויך נישט פון יענער „נאַציאָנאַלער קהלה", וואָס דאַרף ווערן דער איינס פון אונדזער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

אין וועלכער זיי וואוינען. די נעמען פון די יידן־סאָציאַליסטן זענען אריינ־געשריבן נישט צום אָפּמעקן סיי אין די כראָניקעס פון דער וויסנשאַפט סיי אין די כראָניקעס פון סאָציאַלן אויפברויז אין גאַנצן נאָכקומענדיקן פּעריאָד, און מע קאָן דעריבער נישט לייקענען זייער ווירקונג, וואָס ס'איז א ספק, צי מע קאָן זי אָפּטיילן פון זייער נאַציאָנאַליטעט. די אַנטיסעמי־טישע באַוועגונג גופא פון לעצטן יאָרצענדליק איז — אין א פּאַטאָלאָגי־שער פאָרם — אַן אָנערקענונג מצד די יידן־פיינט, אַז די יידן, אין זייער אָפּגעזונדערטער גאַנצקייט, זענען א געזעלשאַפטלעכער כוח, וואָס איז אַזוי אָדער אַנדערש משפּיע די עצמדיקע פונקציעס פון דער מאָדערנער געזעל־שאַפט. — צי קאָן מען אָבער אפילו אויף א רגע אָננעמען, אַז איינע און די זעלבע אידעע האָבן רעפּרעזענטירט אין דער געשיכטע די נביאים בימי חורבן בית ראשון, די מיטלעלטערלעכע קבלה־לייט, די איבערזעצער פון אַווערָאָעס און די מיטצייטלער פון היינע, ראָטשילד, מייערבער, מאַרקס און לאַסאַל? און ווייסן מיר דאָך, אַז ס'איז קוים צו געפינען נאָך א פאָלק, ביי וועמען די אָפּגעזונדערטקייט און דער כוח פון טראַדיציע זאָלן זיין אַזוי שטאַרק ווי ביי יידן".

אָפּמערקנדיק די אייגענע בונטקייט פון קולטור־אַנשיכטונגען אין דער פראַנצויזישער געשיכטע, קומט דער מחבר צום אויספיר: „קיין שום אַל־געמיינע אידעע, וואָס זאָל דורכדרינגען די גאַנצע געשיכטע פון וואָסער־ס'איז פאָלק, איז נישט בנמצא"; עס איז בלויז דאָ א צייטווייליקע העגע־מאָניע פון א נאַציע אין דער ספערע פון דער אָדער יענער אידעע*).

איך האָב כלל נישט בדעה אָפּצופרעגן אָט דעם אַלגעמיינעם אויס־פיר, בפרט אַז איך אַליין האָב פריער אָנערקענט די פאַרשידנאַרטיקייט פון אָנשיכטונגען אין דער יידישער קולטור, אויך אויף יענעם ברייטן שטח אירן, וואָס רופט זיך יהדות. איך בין ווייט פון דער טעאָריע מכוח באַ־שערטע נאַציאָנאַלע „שליחותן" און פון צופעסטיקן דעם „נאַציאָנאַלן גייסט" צו וואָסער־ס'איז באַשטימטער פאָרם. דאָס וואָלט געהייסן, פון איין זייט, זיך אריינלאָזן אין געביט פון היסטאָרישער מעטאַפיזיק, און פון דער צווייטער — זיך פאַרמעסטן מיט יענע אידעאָלאָגן פון רעאַקציע, וואָס טשעפּען אָן „דעם נאַציאָנאַלן גייסט" צו דער אָדער אַנדערער באַ־ליבטער אידעע — א רעליגיעזע, סאָציאַלע אָדער מלוכהשע. ווי אַן אָפּ־שרעקנדיקער מוסטער פון אַזאַ מעטאָד וואָלט געקאָנט דינען די טעאָריע פון די סלאַוויאַנאָפילן און די פּראַקטיק פון זייערע דעגענערירטע יורשים, די זיילן פון דער רוסישער אויטאָקראַטיע. איך בין לגמרי מסכים מיטן ה'

*) היסטאָרישע בריוו, קאַפּיטל: „נאַציאָנאַליטעטן אין דער געשיכ־טע", זייט 197—205 (2טע אויסגאַבע „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ", פּעטער־בורג, 1902).

סטרוווע, אַז „יעדער שטרעמונג צו פאַרבינדן פּרינציפּיעל און אויף תמיד וואָסער־ס׳איז־ניט־איז באַשטימטן תוכן מיט דער פאָרם פון נאַציאָנאַלן גייסט באַדייט טעאָרעטיש דאָס פאַרוואַנדלען אים פון אַ פאָרם, אין וועל־כער עס דריקט זיך אויס דער פּליסיקער פּראָצעס, אין אַ פאַרגליווערטן מהות, מיט אַן איין מאָל פאַר אַלע מאָל געגעבענעם תוך; און אַז „דער נאַציאָנאַלער גייסט איז די יצירה פון אייביק שעפערישן פּראָצעס פון פאָלקסלעבן"**).

דאָס אַלץ שליסט, פון דעסטוועגן, נישט אויס דאָס פעסטשטעלן, אַפּאָסטעריאָריש, עפּעס אַ שטריך אָדער שטריכן, וואָס כאַראַקטעריזירן די געשיכטע פון דער געגעבענער נאַציע. אין דער עוואָלוציע פון יידנטום איז, למשל, נישטאָ אַזאַ איינציקע, אַלע תקופות אַדורכדרינגנדיקע אידעע; די דאָזיקע עוואָלוציע פאַרמאָגט אָבער אַ שטענדיקע אידעיִשקייט: אַן אומ־אויפהערלעכע גייסטיקע שעפערישקייט אויף אַזאַ אָדער אַנדער געביט, אַ ריכטיקער אומבייט פון אינטעלעקטועלע שטרעבונגען בשייכות מיט די אַלגעמיינע אידעען פון דור. דאָס פאַרמאָגן אַ שטענדיקן אומזאַץ־קאַפּיטאַל פון אידעען במשך פון אַ פיל־דורותדיקער געשיכטע, דאָס פירן אַן איינג׳ע־נע ניט־איבערגעריסענע קולטור־ליניע, אָן בלייזן פון באַרבאַריזם, — דאָס איז שוין אַ שטריך, וואָס טרעפט זיך נישט אַזוי אָפט אפילו ביי פעלקער, וואָס האָבן דערגרייכט העכערע ציוויליזאַציע־שטאַפּלען. און איך מיין, אַז אַ פאָלק האָט רעכט אָנצואווייזן אויף זיין באַדייטונג אין עבר, אויף די פאַרדינסטן פאַר דער וועלט, אויף זיין ביישטייער צו דער געשיכטע פון דער מענטשהייט — כדי צו באַווייזן זיין רעכט אויף אויטאָנאָמען נאַציאָנאַלן קיום.

און דאָס יידישע פאָלק קאָן זיך אויף דעם אַלעם פאַררופן — אוודאי מיט מער זכות, ווי עמעץ אַנדערש. ס׳איז גענוג אויף דעם זיך צו פאַררופן, אַז עס זאָלן רויט ווערן פאַר בושה די אַלע, וואָס דערוועגן זיך צו זאָגן, אַז דער וועטעראַן פון דער געשיכטע, דער, פאַר וועמעס אויגן ס׳איז דורכ־געגאַנגען גאַנץ אייראָפּע פון באַרבאַריי ביז ציוויליזאַציע; דער, וועלכער האָט, פאַרבייגייענדיק, אַ וואָרף געטאָן דער מענטשהייט צוויי רעליגיעס און איז זיך ווייטער געגאַנגען שטאָלץ מיט זיין אייגענעם דרך, — אַז דאָס דאָזיקע פאָלק קאָן און מוז פאַרלירן זיין אינדיווידואַליטעט, אַסימילירנדיק זיך מיט נאַציעס, וואָס האָבן אַ יינגערע און ווייניקער אויסגעפּרוּווטע קולטור. קענען אַזאַ חרפּהדיקער פאָדערונג דאַרף די יידישע אינטעליגענץ אַרויסקומען נישט מיט דער טענה וועגן עפּעס אַ באַזונדערער „שליחות" פון יידנטום, נאָר מיט דעם קאַטעגאָרישן ווילן פון פאָלק, וואָס פאַרלאַנגט

**) פּ. סטרוווע. אויף פאַרשידענע טעמעס, קאַפּיטל „אין וואָס־זשע איז אמתער נאַציאָנאַליזם"? זייט 533, 535, (פּעטערבורג, 1902).

ממשיך צו זיין די אייגנאַרטיקע היסטאָרישע עוואָלוציע זיינע און מוז דערצו האָבן אויטאָנאָמישע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־באַדינגונגען.

הייסט עס, אַז נישט צופעסטיקנדיק די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע נישט צו קיין השגחה־פּרטיתדיקער מיסיע, נישט צו די טראַדיציאָנעלע פאָרמען פון יהדות, ווילן מיר זי בלויז פאַרבינדן מיט דער פרייהייט פון ווייטערדיקן וואוקס פון פאָלק אויף זיין אייגענעם גייסטיקן באָדן. מיר פאַר־בינדן די צוקונפט פון יידנטום נישט מיט אַן אויטאָנאָמיע, וואָס איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל איינגעשטעלט, נאָר מיט אַ קולטור־אויטאָנאָמיע, וואָס אַנטוויקלט זיך כסדר; און אַן אויטאָנאָמע קולטור וועט אומבאַדינגט זיין אַ נאַציאָנאַלע, ד״ה, זי וועט זיין אַ המשך און אַ ווייטערדיקע פאַרפולקו־מונג פון דעם, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן במשך פון זיין פריערדיקן היסטאָרישן לעבן.

4. קעגן דעם יידישן נאַציאָנאַליזם רוקט מען געוויינטלעך אַרויס יענע טענות, וואָס מע שטעלט אַרויס קעגן נאַציאָנאַליזם בכלל, ווי קעגן אַ דערשיינונג, וואָס איז כלומרשט אין סתירה צו די העכערע פּרינציפּן פון סאָציאַלן פּראָגרעס. מע מוז, צום באַדויערן, פאַרנעמען זיך מיט אָפּ־ווענדן אָט די טענות, וואָס נעמען זיך פון אַ בולטן צעפּלאָנטערן באַגריפן ניט בלויז פאַרשיידנמיניקע, נאָר אויך שאַרף סתירותדיקע. דער פאָראורטייל קעגן נאַציאָנאַלן פּרינציפּ דערקלערט זיך געוויינטלעך נישט מיטן פאַרשטייַן דעם מהות זיינעם, נאָר מיטן פאַרקריפּלען אים.

עס זענען דאָ צוויי פאָרמען פון נאַציאָנאַליזם: 1) נאַציאָנאַלער אינ־דיווידואַליזם און 2) נאַציאָנאַלער עגאָיזם. דער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַ־ליזם, וואָס די היסטאָרישע און פּסיכאָלאָגישע יסודות זיינע זענען פריער אויפגעקלערט געוואָרן, איז די שטרעבונג פון אַ פאָלק אויפצוהיטן און צו אַנטוויקלען זיין פאַרזיכיקייט און יענע אויטאָנאָמיע, — אינעווייניק־סטע אָדער דרויסנדיקע, קולטורעלע אָדער פּאָליטישע, — וואָס פאַרזיכערט אים אָט די פרייהייט פון זעלבשטענדיקער אַנטוויקלונג. דאָס איז אַ גרויסע און פּרוכפּערדיקע שטרעבונג פון נאַציאָנאַלן אינדיוויד איינצוהאַלטן זיין אייגענעם איך, צו פאַרפולקומען דעם אייגענעם היסטאָרישן טיפּ, צו באַ־שיצן די פרייהייט פון דער קאָלעקטיווער פּערזענלעכקייט.

די שטרעבונג איז לגמרי אין הסכם מיט די העכסטע פּרינציפּן פון עטיק און סאָציאַלן פּראָגרעס, על פּי זיין דריי־פאָרמולע: „פרייהייט, גלייכ־הייט און ברידערלעכקייט״. די פרייהייט פון נאַציאָנאַלן אינדיוויד דרינגט אַרויס פון דער פרייהייט פון פּשוטן אינדיוויד: אויף וויפל דער יחיד דאַרף האָבן פרייהייט אין דער געזעלשאַפט, אויף אַזוי פיל דאַרף די נאַציע זיין פריי אין דעם צווישנפעלקערלעכן צוזאַמענלעבן. דער פּרינציפּ פון גלייכהייט שליסט זיך אַן אין פרייהייט־פּרינציפּ און רעגולירט אים: אַלע קולטור־נאַציעס, אומאָפּהענגיק פון זייער צאָליקייט און פּאָליטישן מצב,

זענען גלייכוועדטיק אין פּרט פון אינטעגראַלקייט פון זייערע נאַציאָנאַלע רעכט, — און אויב אין איין מלוכה זענען פאַרבונדן עטלעכע נאַציעס, איז קיין איינע פון זיי האָט נישט קיין רעכט, בזכות וואָס זי איז די „הער־שנדיקע", צו דערשטיקן די אינדיווידואַליטעט פון אַ נאַציאָנאַלער מינדער־הייט אין דעם געגעבענעם מלוכה־בונד. אַז מען היט אָפּ אָט די באַדינגונגען, איז מעגלעך „ברידערלעכקייט" פון פעלקער, ד"ה, דאָס פריינדלעכע צוזאַ־מענלעבן פון פאַרשיידענע פעלקער, און קיין איינס פון זיי שטרעבט נישט צו אונטעריאָכן דאָס צווייטע אָדער פאַרווישן זיין נאַציאָנאַל פּנים, און פאַרקערט — עס האָט נישט מורא פאַר אַ סכנה מצד דעם צווייטן פאָלק. אַזאַ איז דער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליזם.

דער נאַציאָנאַלער עגאָיזם איז אַ פאַרלייקענונג פון די אַנגעוויזענע פּראָגרעסיווע פּרינציפּן. דאָס איז — די שטרעבונג פון דער הערשנדיקער נאַציע צו פאַרשקלאַפן די אָפּהענגיקע נאַציע, די שטרעבונג פון דער מער־הייט (אין דער געגעבענער מלוכה אָדער געגנט) אונטערטעניק צו מאַכן קולטורעל די מינדערהייט דורך אויפצווינגען איר די שפּראַך און שול פון דער מערהייט, איר געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, אירעווירטשאַפטלעכע פאָרמען. דאָס איז — פאַרלייקענען אי די פרייהייט אי די גלייכהייט אין צווישנפעלקערלעכע באַציונגען; דערפון הייבט זיך אָן דאָס רעכט פון שטאַרקן, אונטערדריקונג און קריגערייען.

נאַציאָנאַלער עגאָיזם האָט אַן אַגרעסיוון, אַטאַקירנדיקן כאַראַקטער, בעת דער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליזם איז לויט זיין מהות דעפענסיוו און באַשיצעריש. דער ערשטער קומט צום אויסדרוק אין די פאָרמען פון „מלוכהשער נאַציאָנאַליטעט" און „שאָוויניזם", וועלכע זענען פאַראורטיילט דורך דער סאָציאַלער עטיק; דער צווייטער פלעגט תמיד וועקן מיטגעפיל פון דער פּראָגרעסיווער מענטשהייט, קומענדיק צום אויסדרוק אָדער אין באַפרייערישע פּאָליטישע באַוועגונגען (דאָס באַפרייען איטאַליע פון עסט־רייכישן יאָך, גריכנלאַנד און די באַלקאַנישע סלאַוון פון טערקישן יאָך, די פּראַוואון צוריק אויפצושטעלן פּוילן, די ענגליש־בורישע מלחמה), אָדער אין קאַמף פאַר געגנטלעכער און סאָציאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע (דער קאַמף פון די אירלענדער פאַר „האָום רול", דער אויטאָנאָמיזם פון די פּרייסישע און רוסישע פּאָליאַקן, די עסטרייכישע סלאַוון אד"גל).

בכלל, אין דער פּראַקטיק, פלעגן די מענטשן קאָנען אונטערשיידן דעם אמתן נאַציאָנאַליזם פון פאַלשן, דעם באַפרייערישן — פון דעם דעספּאָ־טישן; בלויז אין דער טעאָריע הערשט נאָך אַ היפּשער פּלאָנטער אין אָט דעם ווייניק אויפגעקלערטן געביט*). אין איינעם פון די וויטערדיקע בריוו

---

*) דער באַקאַנטער יידישער פּובליציסט מתתיהו אחר האָט דאָ נישט לאַנג פאָרמולירט דעם דאָזיקן אונטערשייד אין צוויי טערמינען: מאַכט־נאַ־

וועל איך באַהאַנדלען באריכות דעם ענין „עטיק פון נאַציאָנאַליזם"*). דאָ ווידער קאָנען מיר, אויפן סמך פון געמאַכטן אַנאַליז, פעסטשטעלן אין אַלגעמיינע שטריכן דעם עטישן קריטערי פאַרן יידישן נאַציאָנאַליזם.

ס'איז בלי ספק, אַז על פּי דעם מהות זיינעם קאָן דער יידישער נאַציאָנאַליזם נישט האָבן קיין שום שייכות מיט דעם, וואָס מיר רופן אַן „נאַציאָנאַלער עגאָיזם". ווי אַ גייסטיקע אָדער קולטור־היסטאָרישע נאַציע, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין מעגלעכקייטן פאַר שטרעבונגען צו פּאָליטישע נצחונות, צו פאַרכאַפּן מיט כּוח טעריטאָריעס אָדער צו מאַכן אָפּהענגיק פון זיך קולטורעל אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן (אין פּרט פון שפּראַך, רעליגיע, שול), — קאָן דאָס יידנטום האָבן נאָר איין דאגה: אָפּצוהיטן און צו אַנטוויקלען אויטאָנאָם די אייגענע נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט אין דעם גבול פון יענע טעריטאָריאַל־פּאָליטישע פאַרבאַנדן ,אין וועלכע עס לעבן די יידן אין פאַרשידענע תפוצות. דאָס יידנטום איז נישט מסוגל צו האָבן קיין אַגרעסיוו־נאַציאָנאַלע באַשטרעבונגען אפילו אין דער מאָס, אין וועלכער עס האָבן זיי אַנדערע פּאָליטיש אָפּהענגיקע, אָבער „טעריטאָריאַלע" נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע ווייזן אַרויס אַ טענדענץ אָפּצואווישן דאָס אייגנאַרטיקע פּנים פון דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט, וואָס געפינט זיך צווישן זיי (למשל, די באַציונג פון די פּאָליאַקן צו די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן, צו די רוטענער און יידן אין עסטרייך). דער יידישער נאַציאָנאַליזם איז דער ריינסטער טיפּ פון נאַציאָנאַלן אינדיווידואַליזם, וואָס ווערט זיך אַנטקעגן אָנפאַלן, אָבער ער מאַכט זיי קיין מאָל נישט און קאָן זיי נישט מאַכן. ער איז דער פּאָסטולאַט פון העכסטן סאָציאַלן יושר, וואָס פאָדערט דאָס אָנערקענען די גלייכווערטיקייט פון נאַציעס אין דעם זינען, אַז יעדער האָט רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג און אינעווייניקסטער אויטאָנאָמישקייט פון זיין לעבן.

צי הייסט עס זיך אָפּצוימען פון דער מענטשהייט, זיך אָפּזונדערן, זיך אָפּשליסן אין דער אייגענער שאָלעכץ? בשום אופן. דאַרף מען דען, כדי צו ווערן אַ גוטער טעטיקער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט, פאַרווישן דאָס אייגענע פּנים, אָפּמעקן די אייגענע אינדיווידואַליטעט, ניוועלירן דעם אייגענעם כאַראַקטער און נטיות לויט אַן אַלגעמיינעם שאַבלאָן? אַזעלכע שאַבלאָנישע הורטאָווע טיפּן זענען אין יעדער געזעלשאַפט נישט קיין אַק־

---

ציאָנאַליזם און קולטור־נאַציאָנאַליזם, פאַרגל. „וואָסכאָד", 1906, נר. 2, זייט 36). אַן אַפּיקורס בנוגע ציוניזם, האָט הי' אחר איצט אָנערקענט די פאָרמול פון גייסטיקן נאַציאָנאַליזם („יידנטום, אַ גייסטיקע נאַציע", דאָרט) און ער פירט אַן אַקטיווע אַגיטאַציע לטובת דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע פון די עסטרייכישע יידן.

*) ווייטער, דריטער בריוו.

מיוּוער, שעפערישער עלעמענט, נאָר אַ פּאַסיווע, אָפּגעשטאַנענע מאַסע. אַזוי איז אויך אין אַ פעלקער־פאַרבאַנד: אַ נאַציאָנאַליטעט אָן איר אייגענעם פּנים איז אַ סאָציאַל ווערטלאָזע גרייס. אָפּגעריסן פון איר גייסטיקן באָדן — ווערט אַ נאַציע אויסגעצערט און פאַרלירט די פעיקייט צו שאַפן נייע קולטור־ווערטן, וואָס באַרייכערן דאָס אַלמענטשלעכע לעבן.

„די אויפגאַבע פון יעדער געזעלשאַפט, — זאָגט דער מאָדערנער פילאָסאָף ווינדעלבאַנד, — איז קלאָר צו באַזיניקן יענעם גייסטיקן תוך, וואָס געשטאַלטיקט דעם אַלגעמיינעם סטיכישן יסוד פון נשמה־לעבן ביי אַלע זיינע מיטגלידער, און אויף אָט דעם יסוד צו אָרגאַניזירן דאָס גאַנצע דרויסנדיקע לעבן. די אַלזייטיקע לייזונג פון אָט דער אויפגאַבע רופן מיר אָן קולטור־סיסטעם פון דער געגעבענער געזעלשאַפט. מיר קאָנען אַזוי אַרום זאָגן: דער צוועק פון יעדער געזעלשאַפט איז דאָס שאַפן אָן אייגענע קול־טור־סיסטעם. יעדער געזעלשאַפט דאַרף פון דער מאַסע אינדיווידועלע לעבנס־אויסערונגען אויסאַרבעטן יענעם קאָמפּלעקס פאָרשטעלונגען, געפילן און ווילנס־כוונות, וועלכע שאַפן זיין אַלגעמיינעם לעבנס־יסוד. אין אָט דער קולטור־סיסטעם געפינט זיך דער איינציקער מאָראַלישער ווערט פון יעדער געזעלשאַפט; דעם לעצטן מיאָפן בלויז אירן דאַרף זי אָפּגעבן, כדי זי צו שאַפן און איינצוהאַלטן"*).

דער דאָזיקער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו לאָזט זיך צום בעסטן אָנווענדן לגבי דעם נאַציאָנאַלן טיפּ פון געזעלשאַפט, אין וועלכן „דער סטיכישער יסוד פון נשמה־לעבן" איז אַ פּועל יוצא פון דער צו מערסטן לאַנגדויערנדיקער און אייגנאַרטיקער היסטאָרישער עוואָלוציע. אַ נאַציע וואָלט נישט דערפילט איר חוב לגבי דער מענטשהייט, ווען זי וואָלט אַוועק־געוואָרפן דעם רודער פון דער אייגענער געשיכטע און אים איבערגעגעבן אין פרעמדע הענט, ווען זי וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פון איר אייגענער „קולטור־סיסטעם".

אגב, איז דאָס גאָר אוממעגלעך אין אַ לעבעדיקער און לעבנספעיקער נאַציע. מע דאַרף שטאַרק געדענקען דעם אמת, אַז צווישן דעם אינדיווי־דועלן און סאָציאַלן שטייט דאָס נאַציאָנאַלע. נישט דער מענטש סתם, נאָר דער מענטש פון דער אָדער אַנדער נאַציאָנאַליטעט איז קאָנקרעט דער מיט־גליד פון דער געגעבענער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע. דער יחיד קומט צום אויסדרוק אין דער מלוכה און אין דער געזעלשאַפט דורך אַלע זיינע אייגנאַרטיקייטן, צווישן וועלכע די נאַציאָנאַלע פאַרנעמען אָן אַנגעזעען אָרט. יעדער גרופּע מענטשן טרעט אַרויס אין איר נאַציאָנאַלן לבוש, וואָס איז זיך צונויפגעוואַקסן מיט איר אינעווייניקסטן תמצית, און בלויז ווי

*) ווינדעלבאַנד. „פּרעלודיעס", ז"ז 275—277 (פּעטערבורג, 1904, רוסישע איבערזעצונג).

אַזאַ אינדיווידועלער ציבור ווערט זי אַ סאָציאַלע און קולטורעלע קראַפט. דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטן זיך, ווי אַ גאַנצקייט, ווערט ביי אַ געזונטער נאַציע שטאַרקער פּראָפּאָרציאָנעל צו דער סכנה, וואָס דראָט איר. ביי אַ פאָלק, וואָס איז פּאַראַייניקט דורך אַ שטאַרקער מלוכה אָדער צוזאַמענגעשלאָסן אויף איין טעריטאָריע, געפינט זיך די נאַציאָנאַלע ענערגיע בדרך כלל אין אַ פאַרבאָרגענעם צושטאַנד; וואָס שייך אַ פאָלק, וואָס פאַרמאָגט נישט דעם טעריטאָריאַל־פּאָליטישן צודעק און איז אויסגעשטעלט אויף דער סכנה צו ווערן איינגעשלונגען דורך אַנדערע פעלקער, איז ווייזט זיך אַרויס זיין נאַציאָנאַלע ענערגיע אין אַקטיווע פאָרמען, און דער נאַציאָנאַלער מאָמענט באַפאַרבט בולט אַלע זייטן פון פּערזענלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. פאַר יעדן גליד פון אַ קולטור־נאַציע, וואָס איז נישט געשיצט מיט מלוכה־גרענעצן און דורך מיליטערישער וואָך, ווען דער דרוק מחוץ ווערט שטאַרקער, ווערט אַ חוב דער מאָראַלישער אימפּעראַטיוו: דיינע מעשים ברענג אין איינקלאַנג מיטן יסוד פון גאַנצקייט און אויטאָנאָמישקייט פון דיין נאַציע. אָט דער אימפּעראַטיוו מוז־ווערן דער העכסטער קריטעריי און לעבן פון היינטצייטיקן יידנטום, וואָס איז פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט סכנות; ער מוז אַרויסרופן אָנשטרענגונג פון פאָלקסווילן, — און אויב דער אימפּעראַטיוו איז נאָך נישט פאַר אַלע גלידער פון דער גערודפטער נאַציע געוואָרן אַ זאַך, וואָס איז מחוץ יעדן ספק, איז עס אַ סימפּטאָם פון ווילנס־קראַנקהייט, וואָס נעסטיקט אין אַ געוויסן טייל פון אונדזער פאָלקס־אָרגאַניזם. פּרטיותדיק אויסצופאָרשן אָט די חולאת און שטעלן דעם געהעריקן דיאַגנאָז — דאָס איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון אונדזער אידעישער פּובליציסטיק.

* * *

אַלצדינג, וואָס איז אין דעם דאָזיקן בריוו געזאָגט געוואָרן, דערפירט אונדז צו די ווייטערדיקע אַלגעמיינע טעזיסן.

1. אַ נאַציע — אין פולן קרייז פון איר אַנטוויקלונג — איז אַ קולטור־היסטאָרישע גרופּע, וואָס די גלידער אירע זענען לכתחילה געווען פאַרבונדן דורך דער געמיינשאַפט פון אָפּשטאַם, שפּראַך, טעריטאָריע און מלוכה, און מיט דער צייט זענען זיי באַהאַפטן געוואָרן אינערלעך אָדער גייסטיק, אויפן באָדן פון שותּפותדיקער קולטור־ירושה, שותּפותדיקע היסטאָרישע טראַדיציעס, גייסטיקע און סאָציאַלע אידעאַלן און אַנדערע טיפּישע אייגנשאַפטן פון זייער עוואָלוציע.

2. אַ נאַציע, וואָס האָט דורכגעמאַכט די אָנגעוויזענע אַנטוויקלונגס־פאַזעס אין עבר, וואָס האָט אַ סכום שותּפותדיקע אידעען, געפילן און אינטערעסן אין הוה, און ווייזט אַרויס אַ שטרעבונג צו פאַרזיכערן אַנטוויקלונג אין עתיד, — דאַרף פאַרמאָגן אויטאָנאָמיע אין אַזאַ אָדער

אנדער פאָרם (פּאָליטישע, געגנטלעכע אָדער קהילהשע), אָפּהענגיק פון די געגעבענע היסטאָרישע באַדינגונגען.

3. דער זעלבסטבאַוואוסטזיין פון דער נאַציע איז דער וויכטיקסטער קריטעריע פאַר איר עקזיסטענץ. „איך האָב דעם באַוואוסטזיין פון אַ נאַציע, הייסט עס, אַז איך עקזיסטיר" — אַזאַ איז די פאָרמולע פון אַ קולטור־היסטאָרישער נאַציאָנאַלער גרופּע. קאָנקרעט קומט אָט דער זעלבסטבאַוואוסטזיין צום אויסדרוק אין אַ באַשטימטער אָנשטרענגונג פון נאַציאָנאַלן ווילן, געווענדט אויף איינצוהאַלטן און אַנטוויקלען די אייגענע אויטאָנאָמיע אין איינער פון די דערמאָנטע סאָציאַלע פאָרמען. אַז דאָס געגעבענע פאָלק האָט נישט די באַוואָרענענדיקע הייטלעך פון מלוכה אָדער טעריטאָריע, פאַרגרעסערט זיך ביי אים די אינטענסיווקייט פון די אינערלעכע שוצמיטלען — און די פאָלקס־ענערגיע קערעוועט זיך אין דער זייט פון פאַרשטאַרקן די באַהעפטנדיקע גזעלשאַפטלעכע און גייסטיקע פאַקטאָרן, ווי כלי־זין אין קאַמף פאַרן נאַציאָנאַלן קיום.

4. די יידישע נאַציע — וואָס פאַרמאָגט אָט די אַלע אייגנשאַפטן — שטעלט מיט זיך פאָר דעם העכסטן טיפּ פון אַ קולטור־היסטאָרישער אָדער גייסטיקער נאַציע. אַן אומגעוויינטלעך לאַנגער און איינגאַרטיקער היסטאָרישער פּראָצעס האָט פאַרהאַרטעוועט אָט די נאַציע און געמאַכט זי לעבנס־פעיק אפילו ביים מאַנגל אין פּאָליטישער און טעריטאָריאַלער איינהייט. זי (די יידישע נאַציע) וועט ממשיך זיין איר פאַרזיכיקן קיום, אָבער נאָר בתנאי, אַז עס וועט פאַרקומען אַ וויטערדיקע אָנשטרענגונג פון נאַציאָנאַלן ווילן אין דער זעלבער מאָס ווי פריער, הגם אין אַנדערע פאָרמען, צוגעפּאַסטע פאַר דער היינטצייטיקער קולטור.

5. ווי אַ גייסטיקע נאַציע עקזיסטירט דאָס יידנטום פאַקטיש אין דעם באַוואוסטזיין פון דער פאָלקס־מערהייט, דהיינו, פון דער אָרטאָדאָקסאַלער מאַסע, וואָס אָנערקענט די אידעע פון אַ „רעליגיעזער נאַציע", מחמת דעם רעדוצירן די גאַנצע נאַציאָנאַלע קולטור צו דעם רעליגיעזן מאָמענט, וואָס האָט דאָמינירט במשך פון אַ סך יאָרהונדערטער; די אומפאַרמיידלעכע פאַרוועלטלעכונג פון דער נאַציאָנאַלער אידעע וועט בהדרגהדיק פאַרוואַנדלען אָט דעם איינזייטיקן זעלבסטבאַוואוסטזיין אין אַ פולן, דעם רעליגיעז־טראַדיציאָנעלן — אין אַ היסטאָריש־עוואָלוציאָנערן. וואָס שייך דעם פאַרלייקענען די יידישע נאַציאָנאַליטעט מצד די אָנהענגער פון דער טעאָריע וועגן אַ „רעליגיעזע גרופּע", איז דער שורש דערפון ליגט אין דער אַסימילאַציע, ווי אַ שטרעבונג פון אַ געוויסן טייל יידן אין גלות זיך צוצופּאַסן זיך צו די הערשנדיקע פעלקער, און דאָס איז אַ פועל יוצא פון דעם אָפּקלייב־פּראָצעס אָדער אָפּפאַלן פון נאַציאָנאַל שוואַכע עלעמענטן.

6. יהדות, וואָס איז אַ טייל פון דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור, איז אַן אַטריבוט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע, ווי אַ יסוד אַן עוואָלוציאָנערער, און נישט קיין טראַדיציאָנעלער. דאָס אָפּזאָגן זיך פון אים אין אָט דער באַוועגלעכער פאָרם, דורך איבערגיין אָפיציעל אויף אַן אַנדערן גלויבן, באַטייט פאַקטיש דאָס ארויסטרעטן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע.

7. אין פּרט פון עטיק דאַרף דער יידישער נאַציאָנאַליזם אָנערקענט ווערן ווי די ריינסטע פאָרעם פון נאַציאָנאַלן אינדיווידואַליזם, וואָס קאָן נישט האָבן קיין שום שותפותדיקס מיטן אַגרעסיוון נאַציאָנאַלן עגאָאיזם.

די דאָזיקע טעזיסן, וואָס זענען דאָ געוואָרן באַגרינדעט אידעאָלאָגיש, וועלן אין די ווייטערדיקע בריוו ווערן אַנטוויקלט באַריכות אויפן סמך פון פאַקטן פון אַמאָל און היינט און וועלן דערפירט ווערן צו זייערע פּראַקטישע אויספירן.

.1906—1897

# צווייטער בריוו

## דאָס יידנטום ווי אַ גייסטיקע (קולטור-היסטאָרישע) נאַציע צווישן די פּאָליטישע נאַציעס

1. דער טעות פון די אַסימילאַטאָרן: דאָס מקריב זיין דעם אייגענעם נאַציאָנאַלן אינדיווידואַליזם לטובת אַ פרעמדן נאַציאָנאַלן עגאָיזם. — דער חילוק צווישן די טערמינען „פראַנצויז, דייטש... פון יידישן גלויבן", און „פראַנצויזישער, דייטשער... בירגער פון יידישער נאַציאָנאַליטעט". — דאָס היסטאָרישע רעכט פון די יידן, ווי די אָפּשטאַמיקע פון אַלט־רוימישע קאָלאָניסטן, אויף דעם אייראָפּעישן באָדן, — אין מערב־און מזרח־אייראָפּע איז דאָס דאָזיקע רעכט באַגרינדעט נישט אויפן סמך פון באַזיץ־חזקה, נאָר אויף דער חזקה פון באַזעצן זיך און קולטור־טעטיקייט. — די נאַטירלעכע ליבע צום היימלאַנד איז אומפאַרענדערלעך; דער בירגערלעכער עלעמענט פון פאַטריאָטיזם (ציוויזם) איז באַדינגט דורך דער בירגערלעכער און נאַציאָנאַלער פרייהייט פון דער געגעבענער נאַציאָנאַליטעט. — די ביינאַנדיקייט פון צוויי פאַרבאַנדן: פאָרמעל־מלוכהשן און גייסטיק־נאַציאָנאַלן. — דאָס יידנטום איז נישט קיין מלוכה אין אַ מלוכה, נאָר אַ נאַציע צווישן נאַציעס, אַ גייסטיקע (קולטור־היסטאָרישע) נאַציע צווישן פּאָליטישע. — זי פאָדערט, חוץ בירגערלעכע, אויך נאַציאָנאַלע רעכט.

2. די גענעזע פון אַסימילאַציע. — דאָס נעגירן די נאַציאָנאַלע רעכט פון די יידן אין דער תקופה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און דאָס אָפּזאָגן זיך מצד די יידן פון אָט די רעכט לטובת די בירגערלעכע. — מע פאַרבייט אויסערלעכע קנעכטשאַפט אויף אינערלעכע. — די דעגענעראַציע פון דער אַסימילאַציע־אידעאָלאָגיע. — די גרענעצן פון דערנענטערונג מיט אַנדערע נאַציעס. — די גלייכווערטיקייט פון נאַציאָנאַליטעטן.

3. סאָקראַטישע „חוצפה" פון פאָדערונגען. — צי דאַרף מען זיך רעכענען מיט יודאָפאָבן אָדער מיט „ליבעראַלן", וואָס פאַרקויפן אונדז בירגערלעכע עמאַנציפּאַציע פאַרן פּרייז פון אונדזער נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרלייקענונג? — דער קאַמף פאַר פולבאַרעכטיקונג. — איבעררוקן דעם צענטער אין קרייז פון אונדזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, כדי צוריקצושטעלן די נאַציאָנאַלע גלייכוואָג.

1. אין פריערדיקן בריוו איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז לא די וואָס די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע איז נישט אין סתירה צו די העכסטע סאָציאַל־עטישע אידעאַלן פון דער מענטשהייט, נאָר להיפך — זי איז דורך זיי באַדינגט. עס איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז פאַר אָט דער אידעע דאַרפן זיך איינשטעלן אַלע אָנהענגער פון יושר און פּראָגרעס, קעגן איר — די אָנהענגער פון געוואַלט און רעאַקציע.

אַריינטראַכטנדיק זיך אין אָט דעם פשוטן אמת, וועלן מיר פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ משונהדיקע השגה וועגן נאַציאָנאַליזם עס האָבן געהאַט די „פּראָגרעסיווע" יידישע קרייזן אויפן מערב און אין רוסלאַנד, וואָס פאַר אַ ביטערן טעות זיי פלעגן מאַכן, ווען זיי פלעגן לשם פּראָגרעס פאַראורטיילן אַזאַ באמת פּראָגרעסיוון יסוד, ווי דאָס רעכט פון יעדן היסטאָרישן פאָלק אויף פרייער פאַרזיכיקער אַנטוויקלונג זיי פלעגן צונויפמישן צוויי קעגנ־זעצלעכע באַגריפן — פאָלקס־אינדיווידואַליזם און פאָלקס־עגאָיזם — פאַר־געסנדיק, אַז אויף וויפל דאָס אָנרירן די פרעמדע אינדיווידועלע פרייהייט איז אַ פאַרברעכן, פונקט אויף אַזוי פיל איז דאָס באַשטיין אויף דער איי־גענער פרייהייט — אַ מאָראַלישער חוב. איינשטעלנדיק זיך פאַר די פּרינ־ציפּן פון פרייהייט און גלייכהייט, האָבן זיי אַליין געגעבן אַ געלעגנהייט אָנצורירן אָט די פּרינציפּן דערמיט, וואָס זיי האָבן רעזיגנירט פון זייער אייגענער אינערלעכער נאַציאָנאַלער פרייהייט לטובת אַ פרעמדער הפקרות. אָנערקענענדיק דאָס רעכט פון די אַרומיקע פעלקער צו אַסימילירן די יידן מיט זיך, האָבן די פאָרשטייער פון „באַפרייטן" יידנטום דערמיט אַליין אָנ־גענומען די געזעצלעכקייט פון נאַציאָנאַלן עגאָיזם ביי אָט די פעלקער, בעת לגבי דעם אייגענעם פאָלק האָבן זיי נישט אָנערקענט אפילו דאָס רעכט אויף נאַטירלעכן נאַציאָנאַלן אינדיווידואַליזם. און, טוענדיק אַזוי, האָבן די דאָזי־קע מענטשן זיך געהאַלטן פאַר ריטער פון אַן אַלמענטשלעכער אידעע און זיי האָבן געמיינט, אַז פאַר אונדזער זעלבסטפאַרלייקענונג, פאַרן אַרויסווייזן נאָכגיביקייט און הכנעה וועט מען אונדז אָנהייבן מער שעצן און ליב האָבן, — כל זמן די דערפאַרונג האָט זיי נישט איבערצייגט, אַז מיט דרך ארץ

באַציט מען זיך בלויז צו אַ פּערזענלעכקייט, וואָס האָט אַליין דורך אַרץ פאַר זיך, צו אַ כאַראַקטער, און נישט צו אַ נאָכגיביקן וועזן, וואָס לאָזט זיך פאַרווישן זיין אייגענעם פּרצוף...

ווען מע האָט ביי די קעגנער פון יידישן נאַציאָנאַליזם דעמאַסקירט זייער אידעאָלאָגישע נישט־אויסגעהאַלטנקייט, האָבן זיי זיך גענומען צו ראיות פון „פּראַקטישער חכמה". זיי זאָגן: „וואָס זשע זאָלן מיר טאָן? קאָן דען די אָנערקענונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע גיין ביינאַנד מיטן פאַקט, וואָס יידן לעבן צווישן אַנדערע פעלקער, מיט זייער אָפּהענגיקייט פון פרעמדע פּאָליטישע און סאָציאַלע גרופּעס? האָבנדיק שוין אין אייניקע לענדער גלייכע רעכט מיט די קריסטן און האָפנדיק צו באַקומען אַזאַ גלייכ־באַרעכטיקונג אין די איבעריקע לענדער, — קאָנען דען די יידן דערקלערן, אַז זיי זענען נישט קיין גלידער פון יענע נאַציעס, וואָס אַדאָפּטירן זיי? וועט מען דען די יידן נישט באַשולדיקן אין געפערלעכן סעפּאַראַטיזם, אויב זיי וועלן זיך דערקלערן פאַר גלידער פון אַ געאייניקטער און אינטעגראַלער — הגם צעשפּרייטער — יידישער נאַציע?"

דאָ קומען מיר צו צו אַ פּונקט, וואָס איז דער עיקר אָנשפּאַר פון דער אַנטינאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון עמאַנציפּירטן יידנטום. אויף דעם פּונקט איז כדאי זיך אָפּצושטעלן לענגער אַ ביסל.

אויף איינער פון די אויבן געשטעלטע קשיות וועל איך מוזן ענטפערן טאַקע מיט אַ קשיה. קעגן דער פראַגע: „קאָנען די יידן דערקלערן, אַז זיי זענען נישט קיין גלידער פון יענע נאַציעס, וואָס אַדאָפּטירן זיי?" — שטעל איך אַרויס אַ פראַגע: צי קאָנען די יידן דערקלערן מיט אַ ריינעם געוויסן, אַז זיי זענען באמת געוואָרן גלידער פון יענע נאַציעס, וואָס האָבן זיי "אַדאָפּטירט", ד"ה, פּשוט אָנערקענט אָדער זענען גרייט צו אָנערקענען פאַר זייערע גלייכבאַרעכטיקטע מיטבירגער? ס'איז גענוג זיך צו דערמאָנען די עלעמענטאַרע דעפיניציע פון טערמין „נאַציע", און מע פאַרשטייט די גאַנצע אומגעלומפּערטקייט פון דער הנחה, אַז די עמאַנציפּירטע יידן אין פראַנק־רייך זענען געוואָרן פראַנצויזן, אין דייטשלאַנד — דייטשן אאַ"וו. פאַר אַ גליד פון אַזאַ אָדער אַנדער נאַציע מאַכט מען זיך נישט, נאָר מע ווערט געבוירן nascuntur לויטן פּשט פון וואָרט, פון natio, nativus מע קאָן זיך מאַכן פאַר אַ מיטגליד פון עפּעס אַ קינסטלעכער, אַ יורידישער אָדער סאָציאַל־פּאָליטישער גרופּע, ווי למשל, פון אַ געגעבענער בירגער־געזעלשאַפט, פון אַ געגעבענער מלוכה, קאָרפּאָראַציע, צעך; מען קאָן זיך אָבער נישט „מאַכן" פאַר אַ גליד פון אַ נאַטירלעכער גרופּע — פון אַ שטאַם, פון אַ נאַציע, סיידן אַז מען מישט זיך אויס מיט איר פיזיש (דורך מתחתן זיין זיך) במשך פון אַ צאָל דורות, דאָס הייסט, דורך אַ לאַנגדויערנדיקן פּראָצעס פון צעשטערן די אייגענע פאָלקס־אינדיווידואַליטעט. מיטאַמאָל זיך איינשרייבן אין באַשטאַנד פון אַ פרעמדער נאַציאָנאַליטעט, סתם זיך דער־

קלערן פאַר א דייטש, פראַנצויז אָדער רוס — דאָס איז פּאַר א יידן א בפּי־רושער אַבסורד. בייטן די נאַציע און בייטן די בירגערשאַפט איז נישט היינו הך.

לאָמיר אָננעמען, אַז א ייד אין פראַנקרייך רופט זיך אַליין אָן — „פראַנצויז פון יידישן גלויבן". צי הייסט עס, אַז ער איז א גליד פון דער פראַנצויזישער נאַציע, וואָס האַלט פון דער יידישער רעליגיע? אוודאי נישט. כדי צו זיין א גליד פון דער פראַנצויזישער נאַציע, דאַרף מען געבוירן ווערן א פראַנצויז, אָפּשטאַמען פון די גאַליער אָדער פון א קרובהשער ראַסע, אָדער אין משך פון א ריי דורות אַריינקומען מיט די פראַנצויזן אין אַזא קרובהשאַפט, אַז מע זאָל אַריינזאַפּן אין זיך די אייגנשאַפטן, וואָס זענען א פּועל יוצא פון דער היסטאָרישער עוואָלוציע פון פראַנצויזישן פאָלק. א ייד אָבער, וואָס איז געבוירן געוואָרן און לעבט אין פראַנקרייך, בלייבט פאָרט א גליד פון דער יידישער נאַציע און — באַוואוסטזיניק אָדער סטיכיש — טראָגט ער אויף זיך און אין זיך דעם חותם פון דער יידישער היסטאָרישער עוואָלוציע. הייסט עס, אַז דער נאָמען „פראַנצויז פון יידישן גלויבן" קאָן האָבן נאָר אַזא פּשט: א געבירטיקער און אינוואוינער פון פראַנקרייך, אָדער א בירגער פון דער פראַנצויזישער מלוכה, וואָס באַקענט זיך צו יהדות. צו וואָס זשע פאַר א נאַציע קאָן געהערן אַזא פאַרשוין, וויבאַלד — ווי ס'איז שוין דערוויזן געוואָרן — צו דער פראַנצויזישער נאַציע קאָן ער נישט געהערן? פאַרשטייט זיך — צו דער יידישער. צו וואָס פאַר א אמונה וועט ער באַלאַנגען אין פאַל, ווען זיינע איבערצייגונגען וועלן אים נישט דערלויבן צו באַקענען זיך צו יהדות אָדער צו אַן אַנדער פּאָזיטיווער אמונה? — צו קיינער נישט. וועט ער צוליב דעם אויפהערן זיין, באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק, א גליד פון דער יידישער נאַציע? — ניין. מחמת (ווי ס'איז אין פריערדיקע בריוו דערוויזן געוואָרן) יהדות איז נישט דער איינציקער קולטור־היסטאָרישער פאַקטאָר פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט און, אגב, רעדוצירט עס זיך נישט בלויז צום רעליגיעזן מאָמענט. הייסט עס, אַז אַזא ייד בלייבט אין אַלע אומשטענדן א פראַנצויזישער בירגער פון יידישער נאַציאָנאַליטעט. טאָקע אַזא טערמין דאַרף מען באַנוצן אין אַלע אַזעלכע פאַלן, און נישט „פראַנצויז אָדער דייטש פון יידישן גלויבן", ווייל דאָס איז צווייַדייטיק און עס שטימט נישט מיט דער ווירקלעכקייט. בעת מיר זאָגן בקיצור, דייטשער ייד אָדער רוסישער ייד, מיינען מיר דערמיט: א געבירטיקער אָדער א בירגער פון דייטשלאַנד, צי רוסלאַנד, וועלכער באַלאַנגט צו דער יידישער נאַציאָנאַליטעט.

„צי קאָן אָבער זיין א בירגער — בפרט א גוטער בירגער, א פּאַטריאָט — פון דער געגעבענער מלוכה אַזא מענטש, וואָס טיילט זיך אויס פון דער הערשנדיקער נאַציאָנאַליטעט אין דער דאָזיקער מלוכה?"

מאָדנע, וואָס אַזא קשיא שטעלט מען דווקא בנוגע יידן, און נישט

בנוגע טשעכן, פּאָליאַקן, אירלענדער און אַנדערע פעלקערשאַפטן, וואָס גייען אַריין אין באַשטאַנד פון פאַרשיידנשטאַמיקע מלוכות. קיינער וועט נישט פרעגן: צי קאָן, אַ שטייגער, אַ פּאָליאַק זיין אַ גוטער בירגער פון פּרייסן אָדער עסטרייך. וואָס זשע דען זאָל ער דאָ זיין? אוודאי וועט ער זיין — און מוז זיין — אַ בירגער פון דער עסטרייכישער אָדער פּרייסישער מלוכה, וויבאַלד אַז ס'האָבן זיך געמאַכט אַזעלכע היסטאָרישע אומשטענדן, אַז ער קאָן דערווייל נישט צוריק אויפשטעלן זיין אייגענע מלוכה. ער וועט זיין אַ גוטער בירגער מסתמא, נישט פון נאַציאָנאַל־דייטשישן שטאַנדפּונקט, נאָר פון נאַציאָנאַל־פּוילישן. ער וועט דינען די אַלגעמיינע מלוכה־אינטערעסן, כל זמן זיי רירן נישט אָן זיינע גרונטיקע נאַציאָנאַלע רעכט, דערשטיקן נישט זיין פאָלקס־אייגנאַרטיקייט און זיין אינעווייניקסטע אויטאָנאָמיע. בלייבט דאָך אויך איטלעכער אַבאָריגען אַ געטרייער בירגער פון לאַנד אַזוי לאַנג בלויז, ביז עס ווערן דאָרט אָפּגעהיט זיינע עלעמענטאַרע מענטשן־רעכט (מחמת אין אַט דער שוץ שטעקט דאָך אייגנטלעך דער תמצית פון אַ בירגער־פאַרבאַנד).

מע דאַרף זיך איינחזרן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז מלוכה איז אַ פּאָרמעלער געזעלשאַפט־רעכטלעכער פאַרבאַנד, וואָס איז באַרופן צו שיצן די אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער, בעת נאַציע איז אַן אינערלעכער פאַרבאַנד, אַ פּסיכיש־שטייגערישער*). דער ערשטער איז לויט זיין מהות פאַראַנדערלעך, דער צווייטער — נישט. די פּאָליאַקן און טשעכן זענען אַמאָל געווען זעלבשטענדיקע מלוכהשע גרופּירונגען, און איצט גייען זיי אַריין אין באַשטאַנד פון אַנדערע, פאַרשידנמיניקע מלוכהשע פאַרבאַנדן, און פונדעסטוועגן האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו זיין, ווי מיט עטלעכע יאָרהונדערט צוריק, גלידער פון דער פּוילישער און טשעכישער נאַציע. לאָמיר אָננעמען, אַז דאָס איז אַן אַנאָמאַליע — אַ רעזולטאַט פון צווישנפעלקערלעכע קאָנפליקטן, אַז עס וואָלט בעסער געווען, ווען די פּאָליאַקן, אַ שטייגער, וואָלטן איצט אויך געהאַט זייער אייגן זעלבשטענדיק קיניגרייך, און נישט געווען צעטיילט צווישן דריי מלוכות. אָבער דערפון איז נישט געדרונגען, אַז אַ פאָלק, וואָס האָט צוליב אַן אומגליקלעכן צונויפטרעף פון אומשטענדן פאַרלוירן די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, מוז אויך פאַרלירן זיין נאַציאָנאַלע פאַרזיכיקייט. עס טרעפן זיך דאָך פאַלן, ווען עטלעכע נאַציעס פאַראייניקן זיך פריי אין איין מלוכה, ווי מיר זעען עס אין דער שווייץ, וואו אין איין מלוכהשן פאַרבאַנד זענען אַריינגעטראָטן דריי נאַציאָנאַלע גרופּעס: דייטשן, פראַנצויזן און איטאַליענער, און יעדע פון זיי האָלט איין איר אייגענע נאַציאָנאַלע פאַרזיכקייט.

*) נאָך הערדער האָט געמאַכט אַ חילוק צווישן קינסטלעכע אָרגאַניזמען — מלוכהשע און נאַטירלעכע — נאַציאָנאַלע.

הייסט עס, אַז אויב אין אַ נאָרמאַלער מלוכה מיט אַ פאַרשידנאַרטיקן נאַציאָנאַלן באַשטאַנד האָט איטלעכע נאַציאָנאַלע גרופּע גאַראַנטירט איר נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, — איז קאָנען די יידן אויך זיך האַלטן פאַר פולע בירגער פון יענע מלוכות, וואו זיי וואוינען, נאָר בתנאי, אַז מע וועט זיי אָנערקענען רעכט אויף נאַציאָנאַל־קולטורעלער פאַרזיכיקייט, ווי פאַר גלידער פון אַ באַזונדערער נאַציע.

מע וועט זאָגן:

„די יידן געפינען זיך אין אַן אויסנעמלעכער לאַגע. מע קאָן זיי נישט גלייכן צו די באַזיגטע טעריטאָריאַלע פעלקער, ווי די פּאָליאַקן אָדער טשעכן, וואָס האָבן זיך אונטערגעגעבן דער פרעמדער הערשאַפט, אָבער זיי האָבן זיך נישט אָפּגעריסן פון זייער ערד; די יידן זענען אַ פאָלק אָן ערד, זיי האָבן שוין לאַנג אָנגעוואָרן זייער טעריטאָריע און וואָגלען אַרום איבער פרעמדע לענדער. נישט האָבנדיק קיין אייגענע טעריטאָריע, האָט דער ייד אויפגעהערט צו זיין אַ גליד פון דער יידישער נאַציע און דאַרף ווערן איינגעשלונגען דורך די נאַציעס, צווישן וועלכע זיין פאָלק איז צעשפּרייט געוואָרן, אָדער — אויב ער האַלט זיך פאַרט עקשנותדיק פאַר אַ גליד פון דער יידישער נאַציע — קאָן ער נישט פּרעטענדירן אויף בירגער־רעכט אין די לענדער, ווו ער פאַרמאָגט נישט קיין שפּאַן ערד".

די מיינונג, אַז די יידן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער היימלאַנד אין פאָדער־אַזיע, האָבן נישט קיין מאָראַלישע און אויך נישט קיין יורידישע רעכט אויפן אייראָפּעישן באָדן, — די דאָזיקע מיינונג איז אַזוי פּאָפּולער, אַז נישט בלויז די אַנטיסעמיטן באַנוצן זי פאַר זייערע צוועקן, נאָר, צום באַדויערן, אפילו אומפאַרזיכטיקע אַגיטאַטאָרן פון צווישן די פּאָליטישע ציוניסטן, וועלכע חלומען וועגן צוריק אויפשטעלן אַ יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע. ס'איז דאָך אָבער נישטאָ קיין געפערלעכערער — און דערצו נאָך אַ מער אַנטי־היסטאָרישער — טעות, ווי אָט די מיינונג, אַז די יידן זענען כלומרשט „פרעמדע", אָנגעלאָפענע אין אייראָפּע. די געשיכטע דערציילט אונדז, אַז די יידן זענען אין אייראָפּע אוראַלטע תושבים, וועלכע האָבן זיך דאָרט איינגעפונדעוועט, נאָך איידער ס'איז אויפגעקומען די ציוויליזאַציע און פאַר דעם באַפעסטיקן זיך פון קריסטנטום. זינט די צייטן פון אַלעקסאַנדער מוקדונס אוניווערסאַלער מאָנאַרכיע איז דער גורל פון יידנטום ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון צוויי וועלט־מלוכות פון מערב — מיט גריכנלאַנד, און שפּעטער מיט רוים. די גריכיש־סירישע ממשלה אין אַזיע האָט אַרויסגעשטויסן אַ היפּשע צאָל יידן פון יהודה נאָך אין פעריאָד פון בית שני, — און עס זענען אַזוי אַרום אויפגעקומען קולטור־צענטערן פון דער „דיאַספּאָרע" סיי אין סיריע, סיי אין דער עגיפּטישער אַלעקסאַנדריע, סיי אויף דעם גאַנצן אַזיאַטישן ברעגלאַנד פון מיטללענדישן ים. ווען רוים האָט איינגעשלאָסן יהודה אין זיין ממשלה, האָט זי דערמיט גופא איינגעשלאָסן די

יידן אין דעם סכום אונטערטאַנער פון דער רוימישער אימפּעריע און האָט זיי געגעבן דאָס רעכט צו וואוינען אויפן שטח פון דער גאַנצער אימפּעריע, דאָס הייסט, אויף דער טעריטאָריע, וואָס נעמט אַרום דעם רוב פון אייראָ־פּעישן מערב; עס אין דערביי נישט אָנגעגעבן געוואָרן פאַר זיי קיין שום „תחום המושב". די יידן האָבן וויייניק אויסגענוצט אָט דאָס רעכט, כל זמן די פּאַטריאָטן פון יהודה האָבן נאָך געהאַט אַ האָפענונג צו באַפרייען דאָס היימלאַנד פון רוימישן יאָך; אָבער אויך דעמאָלט שוין, צום סוף פון דער תקופה פון בית שני, האָבן די יידן געהאַט זייערע קאָלאָניעס אין דער שטאָט רוים און אין די ביי־ימיקע פונקטן פון איטאַליע, און פון דאָרטן האָבן זיי אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין די אייראָפּעישע פּראָווינצן פון רוים — אין גאַליע, גערמאַניע און שפּאַניע. נאָך דער גרויסער מלחמה פון יהודה פאַר אומאָפּהענגיקייט און נאָך דער צעשטערונג פון ירושלים (70 י.), און שפּעטער, נאָך דעם נישט געלונגענעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא (138 י.), ווען די האָפענונג צוריק אויפצושטעלן מלכות יהודה איז צערונען געוואָרן, — האָט זיך אַ ריזיקע מאַסע יידן צעשפּרייט איבער אַלע פּראָווינצן פון דער גרויסער רוימישער אימפּעריע. חוץ דעם קליינעם האַלב אויטאָנאָמען צענ־טער, וואָס איז געבליבן אין פּאַלעסטינע, אין דער נשיאים־תקופה, האָבן די יידן געהאַט זייערע ישובים סיי אין דער מערבדיקער סיי אין דער מזרחדיקער העלפט פון דער אימפּעריע. זיי האָבן זיך צוגעקוקט צו דער פאַרוואַנדלונג פון געצנדינערישן רוים אין דעם קריסטלעכן; מיט אנגסט האָבן זיי נאָכגע־פאָלגט די דערפאָלגן פון דער נייער אמונה בימי קאָנסטאַנטין דעם גרויסן און די צייטווייליקע ירידה אין דער צייט פון יוליאַן דעם אָפּטריניקן; זיי האָבן געפילט אויף זיך די שווערע האַנט פון די ערשטע ביזאַנטינישע אימ־פּעראַטאָרן, וואָס זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון קלער. ווען די רוימישע אימפּעריע איז זיך צעפאַלן, האָבן די אומאָפּהענגיקע אייראָ־פּעישע מלוכות, וואָס זענען אויפגעקומען אויף אירע חורבות, זיך צעטיילט מיט איר טעריטאָריע און צווישן אַנדערע אויך מיט דער מאַסע יידן, וואָס האָבן פון לאַנג דאָ געוואוינט. אין דער מאָס, ווי עס האָט זיך אין די דאָזיקע מלוכות פאַרשפּרייט דאָס קריסטנטום, האָט מען די יידן אָנגעהויבן צו רודפן, נישט ווי פרעמדע אָדער אָנגעלאָפענע — וואָרעם זיי האָבן שוין דאָ מכמה יאָרן געלעבט ווי רוימישע בירגער, — נאָר ווי די איינציקע גרופּע תושבים, וואָס האָט נישט געוואָלט אָננעמען די נייע אמונה. בפירוש אַ רעליגיעזער און נישט קיין נאַציאָנאַלער אַנטאַגאָניזם האָט געשטעקט אין דעם יסוד פון די רדיפות אויף יידן אין איטאַליע בימי די אָסטגאָטן, אין פראַנקרייך בעת די מעראָווינגער און אין שפּאַניע בעת די וועסטגאָטן (ס'איז כאַראַקטערים־טיש, אַז די יידן־רדיפות אין שפּאַניע האָבן זיך אָנגעהויבן ערשט דעמאָלט, ווען די וועסטגאָטישע קיניגן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער האַלב־יהודהשער אַריאַנישער פאָרם פון קריסטנטום און אָנגענומען דעם קאַטאָליציזם, סוף 6־טן יאָרהונדערט; אין די צייטן פון די קיניגן־אַריאַנער זענען קיין רדיפות

ניט פאַרגעקומען). קאַרל דער גרויסער, וואָס האָט געמאַכט אַ פּרוּוו צוריק אויפצושטעלן די צעפאַלענע רוימישע אימפּעריע, האָט פּראַטעזשירט די יידן נישט בלויז צוליב דער פאַרשטאַרקונג פון געווערב, נאָר אויך אַדאַנק אַן אומקלאָרן באַוואוסטזיין, אַז ער האָט געוויסע מאָראַלישע און יורידישע התחיבותן לגבי דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס ער האָט באַקומען בירושה פון דער געוועזענער רוימישער אימפּעריע. די שפּעטער פאַרגעקומענע צעדרויבלונג פון מערב־אייראָפּעישן קאָנטינענט אויף קליינע מלוכהלעך מיט אַ פעאָדאַלן סדר האָט גורם געווען, אַז די אייראָפּעישע מושלים זאָלן פאַרגעסן וועגן אָט די התחיבותן לגבי דער לעבעדיקער ירושה פון דער אַלטרוימישער אימפּעריע — בנוגע די יידן. בלויז די מיטלאַלטערלעכע גערמאַנישע מושלים, וואָס האָבן געטראָגן די טיטולן „אימפּעראַטאָרן פון דער הייליקער רוימישער אימפּעריע", זיי האָבן געדענקט וועגן דעם, אָבער בלויז כדי צו מאַכן די יידן פאַר „קאַמערקנעכט" און קנעכט פון האַנדל. די אָפטע גירושים, וואָס די יידן זענען אויסגעשטאַנען ביים גרויליקן רעזשים פון מיטלאַלטער, דאָס וואַגלעניש פון די אומגליקלעכע פון איין אייראָפּעישן לאַנד אין אַנדערן — פון איטאַליע קיין פראַנקרייך, פון פראַנקרייך קיין שפּאַניע און דייטשלאַנד, פון שפּאַניע קיין איטאַליע, האָלאַנד און ענגלאַנד, פון דייטשלאַנד קיין פּוילן, — דאָס אַלץ האָט געשאַפן ביי די פעלקער אַ מיינונג, אַז די יידן זענען עפּעס אַזעלכע אייביקע וואַנדערער, אַז זיי זענען מקדמונים אַנגעלאָפענע און פרעמדע. אויף אַזאַ אופן איז אויפגעקומען אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע די לעגענדע וועגן אַהאַספער, „דעם אייביקן ייד".

דאָס אַלץ איז אָבער אַ פּועל יוצא פון ווילדן הפקר־געוואַלט און פון פאַרגעסן היסטאָרישע געזעצן. די יידן האָבן געקאָנט זאָגן די קריסט־לעכע פעלקער פון אייראָפּע: „איר האָט נישט קיין רעכט צוצונעמען ביי אונדז די טעריטאָריע, אויף וועלכער אונדזערע אבות האָבן זיך באַזעצט נאָך אין אוראַלטע צייטן ווי בירגער פון דער רוימישער אימפּעריע, וואָס האָט ביי אונדז צוגענומען אונדזער מזרחדיק פאָטערלאַנד. מיר — זענען די אוראייניקלעך פון אַלטרוימישע קאָלאָניסטן פון יידישער נאַציאָנאַלי־טעט. די גרויסע פעלקער־וואַנדערונג, אָט דער מאָמענט פון געבוירן דעם אייראָפּעישן נאַציאָנאַל־מלוכהשן סדר, האָט שוין געטראָפן אונדזערע ישו־בים אין פיל לענדער פון אייראָפּע. איר זענט נאָך געווען זויגקינדער פון ציוויליזאַציע און פינצטערע געצנדינער אין יענער צייט, ווען מיר האָבן געלעבט אין שכנות מיט אייך, ווי קולטורעלע באַוואוינער, אָנהענגער פון דער עלטסטער וועלט־רעליגיע. נישט שוין זשע זענען מיר ערגער פון די, וואָס שטאַמען פון די הונען, פון די באַרבאַרישע גאָטן און אַנדערע אומ־קולטורעלע שבטים — טייל פון זיי גאָר פון אַזיאַטישער אָפּשטאַמונג — וועלכע האָבן צעטיילט צווישן זיך די ירושה פון אַלטן רוים? צי קאָן מען

באַקומען דאָס רעכט אויף אַ געגעבענער טעריטאָריע בלויז דורך שווערד און פאַרכאַפּונג, און נישט דורך דעם אַ סך מענטשלעכערן אַקט פון באַזעצן זיך און פרידלעכער קולטור־אַרבעט במשך פון אַ סך יאָרהונדערטער?״

אוודאי האָבן וועלטלעכע און קירכלעכע געוועלטיקער, בשעת דער הערשאַפט פון רעליגיעזן פּרינציפּ אין דער מלוכה, געמעגט זיך נישט ווּסנדיק מאַכן בנוגע אָט אַזעלכע געזעצלעכע טענות. זיי זענען געווען בכוח צו זאָגן די יידן: „מיר רודפן אייך און ראַטן אייך אויס ווי אַפּיקורסים, וואָס ווילן נישט אָננעמען אונדזער רעליגיע, און אייערע אוראַלט רעכט אויף אייראָפּע גייען אונדז נישט אָן!״ אָבער די איצטיקע פאַרוועלטלעכטע „פּאָלקס־געזעצלעכע״ ממשלות, וואָס האָבן אין אַזאַ אָדער אַנדער מאָס אָפּגעטיילט די קירך פון מלוכה, — זיי קאָנען נישט און טאָרן נישט איגנאָרירן די דאָזיקע היסטאָרישע רעכט פון די יידן אויף דער אייראָפּעישער טעריטאָריע.

אַלצדינג, וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן בנוגע מערב־אייראָפּע, דער דירעקטער יורשטע פון אַלטן רוים, איז אויך חל בנוגע די יידן אין מזרח־אייראָפּע. די סלאַווישע פעלקער האָבן זייער קולטור־היסטאָריש לעבן אָנגעהויבן אַ סך שפּעטער ווי די ראָמאַניש־גערמאַנישע. פון דעסטוועגן האָבן זיי אויך, כמעט ביים באַגינען פון זייער היסטאָרישן קיום, זיך באַגעגנט מיט יידן, ווי מיט אַלטע תושבים אין זייערע לענדער. די מזרח־רוימישע אימפּעריע, ביזאַנץ, האָט נאָך אין די ערשטע יאָרהונדערטן פון קריסטנטום צוגעשטעלט יידן־קאָלאָניסטן אויף די דרום־רוסישע ברעגלענדער ביים שווארצן און קאַספּישן ים*); די כוזרים־מדינה האָט באַקאַנט געמאַכט מיט די יידן דאָס דרום־מערבדיקע רייסן נאָך אין דעם פּעריאָד פון די ערשטע קיעווער פירשטן; דייטשלאַנד און בעהמען האָבן געשיקט יידן קיין פּוילן, בעת דאָרט האָט ערשט אָנגעהויבן אויפצוקומען אַן עכטער מלוכה־סדר. אין אָט די לענדער מיט אַ פּרימיטיווער קולטור האָבן די יידן פאַרשפּרייט האַנדל און געווערב, אויסגעלערנט די תושבים, ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען הכנסה פון די ערד־אוצרות (גרובנס פון זאַלץ און פאַרשיידענע ארצן); זיי האָבן דאָס וווּיטע פּוילן פאַרבונדן מיט דעם וועלטמאַרק און האָבן דערמיט בייגעשטייערט צו זיין דערנענטערונג מיט ציוויליזירטע לענדער. בעת דאָס מאָסקווער רייסן (וואָס איז געווען אָפּגעזונדערט פון דער ציוויליזירטער וועלט צוליב דער טאָטערישער הערשאַפט און פאַרגליווערט אַדאַנק דעם ביזאַנטיניזם), האָט נישט אַריינגעלאָזט קיין יידן,

---

*) זע די יידיש־גריכישע אויפשריפטן אין טאַווריד, וואָס שטאַמען פון 1־טן און 3־טן י״ה נ. ק., אין „רעגיסטערס און אויפשריפטן״, ז״ז 3—4 (פּעטערבורג, 1899, רוסיש).

װעלכע װאָלטן געקאָנט אויפטאָן פאַרן לאַנד אומגעהייער פיל אויפן קול־טור־געביט, — האָבן די פּוילישע מושלים הויך געשעצט די אויפטועס פון די יידן און געגעבן זיי פאַרשיידענע פּריװילעגיעס. די קירכלעכע פּאָליטיק פון מיטלאַלטער האָט, פאַרשטייט זיך, דאָ אויך געלאָזט אירע טרויעריקע שפּורן: מע פלעגט אָפּט רודפן די יידן פון פּוילן, פאַרלעצן זייערע עלע־מענטאַרע רעכט, פאַרמולירטע אין די עלטסטע קיניגלעכע סטאַטוטן; מע פלעגט זיי דערנידעריקן, קינסטלעך אָפּזונדערן אין אַ ספּעציעלן געזעל־שאַפטלעכן קלאַס, װאָס האָט זיך סומך געװען אויף באַזונדערע פּריװילע־גיעס, און נישט אויף די אַלגעמיינע רעכט־נאָרמעס; — פונדעסטװעגן האָט מען זיי, װילנדיק־נישט־װילנדיק, אָנערקענט פאַר אַן אָרגאַנישן טייל פון דער מלוכה, אַ נויטװענדיקן צו דערפילן באַשטימטע סאָציאַלע פונקציעס. װען עס האָבן זיך, אין 1539 יאָר, פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די ליטװישע יידן האָבן בדעה זיך אַריבערצוקלייבן קיין טערקיי, האָט דער קיניג זיגמונט דער 1־טער שטאַרק זיך דערשראָקן; ער האָט באַפוילן שטרענג אויסצו־פאָרשן דעם ענין, און באַרואיקט האָט ער זיך ערשט דעמאָלט, װען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די קלאַנגען האָבן נישט קיין ממשות**). און אַזוי האָבן די יידן אין פּוילן במשך פון פיל יאָרהונדערטער געשפּילט אַ ראָליע פון פרידלעכע „קולטור־טרעגער", באָטש נישט שטענדיק איז די באַציונג צו זיי געװען אַ פרידלעכע, ביז דער חלוקה פון פּוילן צװישן די דריי שכנותדיקע מלוכות.

ירשנדיק די גרעסטע טייל פון דער פּוילישער טעריטאָריע, װאָס איז געװען געדיכט באַװאוינט דורך יידן, האָט רוסלאַנד דערמיט גופא גענומען אויף זיך געװיסע התחיבותן בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג פון דעם דעראָבערטן לאַנד. װי אַזוי די דאָזיקע התחיבותן זענען דערפילט געװאָרן עד היום — אויף דעם ענטפערט די באַלערנדיקע געשיכטע פון די יידן אין נייעם רוסלאַנד: שענדלעכע רעכטלאָזיקייט פון טעלעכע מיליאָן ביר־גער, אַ יודאָפאָבישע געזעצגעבונג, רדיפות און פּאָגראָמען אין די לעצטע יאָרצענדליקער. אין מזרח־אייראָפּע האָבן זיך אין דער נייסטער צייט אי־בערגעחזרט יענע פאַרהעלטענישן לגבי יידן, װאָס כאַראַקטעריזירן דעם מיטלאַלטערלעכן רעזשים אויפן מערב. די אָנהענגער פון אַזאַ רעזשים פרעגן אָפּ, נאַטירלעך, די מאָראַלישע און יורידישע קראַפט פון רוסלאַנדס התחיבותן לגבי די קדמוניתדיקע יידישע באַװאוינער פון אירע איצטיקע באַזיצן. מען קאָן דערשטיקן רעכט, אָבער נישט דאָס רעכט־באַװאוסט־זיין, און די „גזילה גדולה" מצד דער מלוכה בנוגע מיליאָנען תושבים

---

**) זע מיין עטיוד: „יידן און די רעפאָרמאַציע אין פּוילן", װאָסכאָד, 1895, העפט 7—8; זע אויך „אַלגעמיינע יידישע געשיכטע", באַנד 3, זייט 107, רוסיש).

וועט אוודאי נישט קאָנען בלייבן די נאָרמע פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

על כן, אפילו פון פאָרמעלן שטאַנדפּונקט, האָבן די יידן אומבאַ־שטרייטלעכע היסטאָרישע רעכט אויף דער טעריטאָריע פון אייראָפּע. אמת, דערמיט אונטערשיידן זיי זיך פון אַנדערע פּאָליטיש ניט־זעלבשטענ־דיקע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס זיי פאַרנעמען נישט קיין גאַנצע געגנטן דורך קאָמפּאַקטע מאַסן און אומעטום זענען זיי אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט; צוליב דעם אָבער ווערט נישט קנאַפּער זייער רעכט צו רופן זיך תושבים פון אייראָפּע. אייראָפּע איז דאָס היימלאַנד פון אַ היפּשן טייל פון יידישן פאָלק שוין במשך פון צוויי טויזנט יאָר; אויף אירע בית־עלמינס ליגן די ביינער פון אונדזערע אבות אבותינו; דאָ האָט אונדז געטראָפן, ווי אַלט־רוימישע קאָלאָניסטן, דאָס געבורט פון דער קריסטלעכער ציוויליזאַציע, דאָס אויפקומען פון נאַציאָנאַלע און מלוכהשע פאַרבאַנדן; דאָ האָבן מיר גופא אַנטוויקלט אַ ווירטשאַפטלעכע און גייסטיקע קולטור, וואָס האָט משפיע געווען אויך אונדזערע קריסטלעכע שכנים. און נאָך דעם אַלעמען — רופט מען אונדז „פרעמדע, אַנגעלאָפענע", און געוויסע מענטשן פון אונדזער אייגענער סביבה זענען אפילו נוטה מסכים צו זיין אויף דעם סאָפיזם פון אונדזערע שונאים און בארעכטיקן מיט אים די אומפאַרמייד־לעכקייט פון יציאת־אייראָפּע פאַר יידן! נישט שוין זשע אַנשטאָט צו פּראָ־טעסטירן אַן אויפהער קעגן דעם נישט אָנערקענען אונדזערע רעכט — דאַרפן מיר אַליין זיך אָפּזאָגן פון זיי? — דער אויספיר איז קלאָר. אויב דאָס רעכט אויפצוהאַלטן זייער נאַציאָנאַליטעט האָבן, ווי פאָרמאַליסטן זאָגן, טעריטאָריאַלע פעלקער, הגם פּאָליטיש ניט־זעלבשטענדיקע, — איז פאַר־מאָגן די יידן אַזאַ רעכט, וואָרעם זיי זענען, אין אַ באַדינגטן זינען, אַ „טעריטאָריאַל פאָלק", מיט דער באַזונדערקייט, וואָס זייער טעריטאָריע אין אייראָפּע באַשטייט פון קליינע ברוכטיילן, וועלכע שאַפן נישט קיין גאַנצן געגנטלעכן איינס. יידן זענען אור־תושבים פון אייראָפּע, וואָס באַ־גרינדן זייער רעכט נישט אויף חזקה פון באַהערשן, נאָר אויף חזקה פון באַזעצן און קולטור־טעטיקייט*).

---

* mutatis mutandis (בייטנדיק וואָס דאַרף געביטן ווערן.—איב.) אַלץ, וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן אייראָפּע, איז אויך שייך צו אַמע־ריקע. נישט רעדנדיק וועגן אייניקע יידישע מיטפאָרער פון קאָלאָמבוסן, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, איז די ווירט־שאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע פון יידן אין אַמעריקע, אין צפון און אין דרום, אָנגעגאַנגען כסדר פון 16־טן י״ה און באַזונדערס אין 17־טן י״ה פּאַראַ־לעל מיט דער אַלגעמיין־אייראָפּעישער. יידן האָבן אַקטיוו אָנטיילגענומען אין דער גרינדונג פון פאַקטאָריעס און שטאָטישע אינדוסטריעלע צענטערס און צוגלייך מיט אַנדערע פעלקער האָבן זיי געבויט די אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע.

צי קאָן דאָס יידנטום, בלייבנדיק אַ נאַציע ווי אַ גאַנצקייט, זיין אַ היימישער עלעמענט אין פאַרשידענע פּאָליטישע אָרגאַניזמען, אין וועלכע עס גייט אַריין? אַנדערש געזאָגט: צי קאָן מען האַלטן, אַז אַ גליד פון דער יידישער נאַציע, וואָס וואוינט אין דעם אָדער יענעם לאַנד, איז מסוגל צו האָבן ליבע צום פאָטערלאַנד, געטריישאַפט צו זיינע אינטערעסן, טאַקע דאָס וואָס מע רופט פּאַטריאָטיזם? צי איז נישט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל פון יידן אין סתירה צו דעם פּאַטריאָטישן געפיל זייערס, ווי אַ בירגער פון געגעבענעם לאַנד? אָט דעם ציקל פראַגן, וואָס זענען פריער קוים באַרירט געוואָרן, וועל איך איצט אַנאַליזירן בפרטיות.

פּאַטריאָטיזם — דאָס איז אַ קאָמפּליצירטע עמאָציע, וואָס באַשטייט פון צוויי עלעמענטן: דאָס נאַטירלעכע געפיל פון ליבע צום היימלאַנד patria און דאָס מאָראַלישע באַוואוסטזיין פון אינטערעסן־סאָלידאַרישקייט מיט אַלע בירגער פון דעם געגעבענעם מלוכה־פאַרבאַנד. היות נאָכן פאַרלירן דעם פּאָליטישן צענטער אויפן אָריענט, איז אייראָפּע געוואָרן דאָס צווייטע היימלאַנד פאַר אַ היפּשן טייל פון יידנטום, האָט זיך במשך פון אַ ריי דורות געמוזט אַנטוויקלען אויך דאָס נאַטירלעכע ליבע־געפיל צו אָט דעם היימלאַנד. ווי אַ נאַטור־געפיל איז עס נישט אָפּהענגיק דערפון, ווי אַזוי עס לעבט זיך דעם מענטשן אין געגעבענעם לאַנד. אַ מענטש האָט ליב דאָס לאַנד, וואו ער איז געבוירן געוואָרן און אויפגעוואַקסן, מיט דער נאַטור זיינער האָט זיך זיין נשמה צונויפגעלעבט פון קינדוווייז אויף, מיט דעם לאַנד איז פאַרבונדן אַ קלענערע אָדער גרעסערע קייט פון זכרונות — משפּחהדיקע אָדער היסטאָרישע, פריידיקע אָדער אומעטיקע. די ערטער, וואו מיר האָבן געליטן, זענען אונדז נישט ווייניקער טייער, ווי די ערטער, וואו מיר זענען גליקלעך געווען. ווער ווייסט עס נישט וועגן דער הייסער צוגעבונדנקייט צו זייער היימלאַנד, וואָס עס האָבן במשך פון דורות אויפגעהיט די יידן, וועלכע מע האָט אַרויסגעטריבן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל סוף 15 י"ה? ווער ווייסט עס נישט וועגן דער בענקשאַפט נאָכן היימלאַנד, וואָס נאָגט אַזוי פיל אין אַמעריקע די פאַרטריבענע פון אונדזערע טעג — די יידישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד? נישט בלויז די נאַטור, נאָר אויך די הייליקע נאַציאָנאַלע רעליקוויעס באַהעפטן אונדז מיטן לאַנד, וואָס איז אויף מער אָדער ווייניקער לאַנגדויערנדיק געוואָרן אונדזער פאָטערלאַנד: די קברים פון אונדזערע באַרימטע אָבות, אונדזערע בתי־מדרשים און רעליגיעזע הייליקטימער, אונדזערע היסטאָרישע דענקמעלער, די ערטער, מיט וועלכע עס זענען פאַרבונדן יענע פּאָעטישע פאָלקס־לעגענדעס, וואָס מיר האָבן — מיט פרייד אָדער טומעט — איינגעזאַפּט אין זיך אין די יונגנט־יאָרן, און שפּעטער האָבן מיר זיי קלאָרער דערקענט פון אונדזער געשיכטע. גאַנצע שטחים פון אונדזער היסטאָרישן לעבן זענען פאַר אונדז פאַרבונדן מיט דייטשלאַנד, איטאַליע, פראַנקרייך, ענגלאַנד,

פּוילן, רוסלאַנד און מיט אַנדערע לענדער פון אייראָפּע. קאָן מען דען, נאָך דעם אַלעמען, שטעלן אונטער אַ ספק, צי יידן פאַרמאָגן אָט דאָס פּשוטסטע געפיל פון צוגעבונדנקייט צום היימלאַנד, וויבאַלד אַז עס זענען דאָ בפירוש אַלע באַדינגונגען, וואָס באַשאַפן נאַטירלעך אַזאַ צוגעבונ־דנקייט?...

הייסט עס, אַז דער ערשטיקער, דער נאַטור־עלעמענט פון דער פּאַ־טריאָטישער עמאָציע איז דאָ ביים יידן פון דעם אָדער יענעם לאַנד, פּונקט ווי ביי דעם קריסטלעכן באַוואוינער פון דעם לאַנד. בלייבט נאָך די טענה בנוגע דעם צווייטן, דעם בירגערלעכן עלעמענט פון פּאַטריאָטיזם: דעם באַוואוסטזיין פון קענגזייטיקער סאָלידאַרישקייט ביי די מיטגלידער פון דער געגעבענער פּאָליטיש־סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע. אָט דאָס באַוואוסט־זיין, וואָס איך וואָלט אָנגערופן „ציוויזם", איז שוין געווענדט אין דער געזעלשאַפטלעכער לאַגע פון דעם יחיד אין דער מלוכה. אויב די געזעצן זענען גלייכע פאַר אַלע בירגער, אויב דאָס פּאַטערלאַנד טיילט נישט איין אירע איינוואוינער אויף קינדער און שטיפקינדער, אויב די אינעווייניקסטע פרייהייט פון איטלעכער נאַציאָנאַלער אָדער רעליגיעזער גרופּע איז געזי־כערט בהסכם כולם און ווערט נישט געבראַכט פאַר אַ קרבן לטובת די געלוסטן פון דער אַזוי גערופענער „הערשנדיקער" נאַציע, — דעמאָלט איז דאָס געפיל פון בירגערלעכער סאָלידאַרישקייט און געטריישאַפט צו דעם געגעבענעם פּאָליטישן פאַרבאַנד אַ קנין פון אַלע פאַרשיידנמיניקע גרופּעס, וואָס גייען אַריין אין באַשטאַנד פון דער מלוכה. טאָמער פאַר־קערט — ווערט דער ציוויזם פאַרלוירן, אָדער ער קומט צום אויסדרוק פאַרשיידן ביי פאַרשיידענע גרופּעס. דעמאָלט, למשל, איז סיי די יידן, וואָס מע רודפט זיי צוליב נאַציאָנאַלע טעמים, סיי די דוכאָבאָרן „עכטע רוסן", וואָס מע רודפט זיי צוליב זייער אמונה, — זיי פאַרלאָזן רוסלאַנד און פאָרן זיך זוכן אַ ניי, פריי היימלאַנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע אָדער אין קאַנאַדע. אין דער שווייץ, וואו אַלע דריי נאַציעס, וואָס גייען אַריין אין באַשטאַנד פון מלוכה־פאַרבאַנד, זענען לגמרי אויטאָנאָם, — דאָרט איז דער ציוויזם אומעטום שטאַרק און לעבט זיך איין מיט די באַזונדערע לאָקאַלע פּאַטריאָטיזמען. דאַקעגן אין עסטרייך, וואו עס קאָכט בסדר דער קאַמף צווישן די נאַציאָנאַליטעטן נישט בלויז פאַר אויטאָנאָ־מיע, נאָר אָפט אויך פאַר העגעמאָניע אין פאַרשיידענע געגנטן, — דאָרט ווערט דאָס סאָלידאַריטעט־באַוואוסטזיין בנוגע אַלגעמיין מלוכהשע אינט־טערעסן אונטערגעגראָבן, און דער אַלגעמיינער פּאַטריאָטיזם פאַרשווינדט. דאָ איז דער דייטש פּאַטריאָטיש אין איין זינען, דער טשעך — אין אַ צווייטן, דער פּאָליאַק — אין אַ דריטן, דער רוסין — אין אַ פערטן זינען. אין די איצטיקע אומשטענדן קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן בריטישן פּאַטריאָטיזם ביי די אירלענדער, אָבער דאָס וועט בפירוש קאָנען געמאָלט

זיין, ווען אירלאַנד וועט באַקומען יענעם ברייטן נאַציאָנאַלן „האָום־רול״, פאַר וועלכן זיי קעמפן שוין אַזוי לאַנג.

די פּרעטענזיעס פון יידן אויף נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין פאַר־שידענע אייראָפּעישע לענדער גרייכן נישט, פאַרשטייט זיך, אַזוי ווייט, ווי די פּרעטענזיעס פון די אירלענדער, צי אַפילו פון די פּאָליאַקן. ווי אַלטע תושבים פון אייראָפּע, פאָדערן די יידן פאַר זיך בירגערלעכע און פּאָ־ליטישע פולבאַרעכטיקונג; ווי גלידער פון אַ גייסטיקער אָדער קולטור־היסטאָרישע נאַציע, פאָדערן זיי יענע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָ־מיע, וואָס קומט איטלעכער נאַציע, וועלכע וויל זיך אַנטוויקלען פריי־ביק. אויב מע באַפרידיקט אָט די צוויי פאָדערונגען און אַז מע נעמט אין אַכט די נאַטירלעכע צוגעבונדנקייט פון יידן צו זייער צווייטן, מערב־דיקן היימלאַנד, — איז זייער פּאַטריאָטיזם אין פאַרשידענע לענדער מחוץ יעדן ספק. אַ ייד, וואָס איז צופרידן מיט זיין פאָטערלאַנד, קאָן זיין אַן ענגלישער פּאַטריאָט, אַ פראַנצויזישער אָדער אַ דייטשער, זייענדיק גלייכ־צייטיק אַ געטרייער און איבערגעגעבענער זון פון דער צעשפּרייטער, אָבער דאָך אייניקער יידישער נאַציע*). מלוכה איז, ווי געזאָגט, אַ פאָרמעלער פאַרבאַנד, נאַציע — אַ פאַרבאַנד אַ גייסטיקער; די גלידער פון ערשטן זענען באַהאָפטן דורך בשותפותדיקע אינטערעסן, די גלידער פון צווייטן — חוץ דורך אַלגעמיינע אינטערעסן אויך דורך אַלגעמיינע געפילן און נטיות. מע קאָן דעריבער זיין איינצייטיק אַ גוטער גליד אי פון דעם אי פון יענעם פאַרבאַנד, מחמת ביידע פאַרבאַנדן, ווי פאַרשידנמיניקע, זענען נישט אין סתירה איינער צום אַנדערן. קרעמיע, אַ שטייגער, איז געווען אַ פלאַמיקער פראַנצויזישער פּאַטריאָט, און אין דער אייגענער צייט האָט ער געהאַט דעם מוט צו דעמאָנסטרירן די אינטערעסן־סאָלידאַרישקייט פון די יידן אין אַלע לענדער, גרינדנדיק די "Alliance Israélite"

*) אוודאי זענען מעגלעך קאָנפליקטן צווישן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן געפיל מיטן געפיל פון אָרטיקן פּאַטריאָטיזם. דראַמאַטיש איז געווען די לאַגע פון די יידן, וואָס זיי איז אויסגעקומען צו קעמפן אין צוויי פיינט־לעכע לאַגערן — אין פראַנצויזישן און אין דייטשישן, עפּעס ענלעכס האָבן אויך איבערגעלעבט די פּאָליאַקן בעת דער פּרייסיש־עסטרייכישער מלחמה. אָבער דערשיינונגען, וואָס זענען אַ רעזולטאַט פון מיליטאַריזם, די איבערבלייבעניש פון באַרבאַריי, קענען נישט גערעכנט ווערן פאַר נאָרמאַ־טיווע. רעדנדיק וועגן פּאַטריאָטיזם, שליס איך, געוויס, אויס יענעם רע־אַקציאָנערן „פּאַטריאָטיזם״, וואָס ווערט אַרויסגערופן פון נידעריקע שאָ־וויניסטישע מאָטיוון, ווי למשל, די שענדלעכע פּאָליטיק פון די פּאַן־גער־מאַניסטן אין עסטרייך, פון די „נאַציאָנאַליסטן״ אין פראַנקרייך און פון דער „שוואַרצער מאָהע״ אין רוסלאַנד. אַ ייד וועט אַזאַ „פּאַטריאָט״ נישט זיין שוין דערפאַר, וואָס אָט דער סאָרט פּאַטריאָטיזם איז געוויינלעך פאַר־בונדן מיט יודאָפאָביע.

"Universelle" (אַלוועלטלעכער איזראַעליטישער פֿאַרבאַנד. — איב.) (אוודאי איז נאָך קרעמיע געווען ווייט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע אין איר ברייטן זינען, אָבער פֿאַר יענער אַסימילאַציע־עפּאָכע איז דאָס אויך געווען גענוג). יעדנפֿאַלס, איז דער פּאַטריאָטיזם, לאָמיר זאָגן, פון די פּריסישע יידן נישט ווייניקער באַגלייבט, ווי דער פּאַטריאָטיזם פון די פּריסישע פּאָליאַקן. די יידן קאָן מען גיכער פֿאָרוואַרפֿן איבערגעטריבע־נע פּאַטריאָטישע התמדה, וואָס רירט אָפּטמאָל אָן אונדזער נאַציאָנאַל גע־פיל. עס גערענקען זיך נאָך די באַשלוסן פון די יידישע רעפֿאָרמיסטן אין דייטשלאַנד אויסצומעקן פון סידור אַלע רירנדיקע תפילות וועגן שיבת ציון, באשר מע קאָן זיך דערמיט פֿאַרזינדיקן קעגן דעם דייטשישן „פֿאַטער־לאַנד”. אָט די אָנגעשראָקענע מענטשן, וואָס האָבן נאָך געלעבט מיט די טראַדיציעס פון פּאָליצי־שטאַט, האָבן נישט פֿאַרשטאַנען, אַז אַן אמתע געזעץ־אָפּהיטנדיקע מלוכה קאָן נישט פֿאַרלעצן נישט די רעליגיעזע נישט די נאַציאָנאַל היסטאָרישע אידעאַלן פון אירע בירגער. די עמאַנציפּירטע מערב־יידן האָבן זיך באַמיט וועגן פרייהייט מיט קנעכטישע מעטאָדן; זיי האָבן געפאָדערט גלייכהייט מיט שפּלדיקער שעמעוודיקייט. זיי האָבן געמיינט, אַז ציוויזם איז מחייב צו אינעווייניקסטע קרבנות, צו פֿאַרליי־קענען די אייגענע הייליקייטן; זיי האָבן געציטערט ביי דער גלייכבאַרעכ־טיקונג, פונקט ווי פריער ביי דער רעכטלאָזיקייט...

על כן, דער יידישער גייסטיקער אָדער קולטור־היסטאָרישער נאַציאָ־נאַליזם איז נישט אין סתירה צו די אַלגעמיין־בירגערלעכע התחייבותן פון פֿאַרשידענע טיילן פון יידנטום אין פֿאַרשידענע מלוכות. פונקט ווי איטלע־כער מענטש קאָן זיין אַ ליבנדיקער מיטגליד פון זיין משפּחה און אַ גוטער בירגער פון זיין מלוכה, אַזוי איז אויך מיט איטלעכער גרופּע פון יידנ־טום: זיך ציענדיק צו דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער משפּחה און איינ־שטעלנדיק זיך פֿאַר אירע אינטערעסן — קאָן זי גלייכצייטיק אָנטיילנעמען אין דעם בירגערלעכן לעבן און דינען די אינטערעסן פון דער מלוכה, וואו די געגעבענע גרופּע יידן געפינט זיך, בתנאי, פֿאַרשטייט זיך, פון זייער פולשטענדיקער גלייכבאַרעכטיקונג מיט די איבעריקע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. בזה אופן זענען די יידן אומעטום נישט קיין מלוכה אין אַ מלוכה, נאָר נאַציע צווישן נאַציעס. די יידן פון עסטרייך, דייטשלאַנד און רוסלאַנד האָבן פֿאַרשידענע בירגערלעך־פּאָליטישע אינטערעסן, זיי זענען אָבער צווישן זיך פֿאַרבונדן מיט אַן אינעווייניקסטן באַהעפט און מיט דער געמיינשאַפט פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן, גלייך ווי די פּאָליאַקן, וואָס זענען צעטיילט צווישן אָט די דריי מלוכות. די דאָזיקע געמיינשאַפט פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן קומט פּאַקטיש צום אויסדרוק אין באַזונדערע פאָרמעס פון אינעווייניקסטער זעלבסטפֿאַרוואַלטונג, קהילהשע, אויפקלע־רערישע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס, אין דער שול, וואָס איז אויטאָנאָם

לויט דער שפּראַך און פּראָגראַם, און לסוף — אין דעם פּאַראייניקן די כוחות צום פּאַרלאַמענטאַרישן און געזעלשאַפטלעכן קאַמף, אין דעם פירן אַ באַשטימטע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק*).

אָנערקענענדיק די בירגערלעכע רעכט פון די יידן, דאַרף יעדער מלוכה אָנערקענען אויך די דאָזיקע נאַציאָנאַלע רעכט זייערע, דאָס הייסט, דאָס רעכט אויף פּאַרזיכיקער אינעווייניקסטער אַנטוויקלונג, וואָס דרינגט אַרויס פון דער פרייהייט, אויף זעלבסטבאַשטימונג. מיר דאַרפן קעמפן קעגן דער דערלאָזלעכקייט גופא פון דער פאָדערונג, אַז כדי די יידן זאָלן קריגן בירגער־רעכט, דאַרפן זיי זיך אָפּזאָגן פון זייערע נאַציאָנאַלע רעכט. אונדזערע פאָלק, ווי אַ גאַנצקייט, וועט קיין מאָל נישט מקריב זיין די אייגענע נאַציאָנאַל קולטורעלע אייגנאַרטיקייט צוליבן חסד פון אַנדערע נאַציעס. נאָר אַ געוויסע טייל פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז פאַרכאַפּט מיטן אַסימילאַציע־פּראָצעס, קאָן נאָך איצט אויך מיינען, אַז די יידן דאַרפן בכל אופן איינשרימפּן זייער נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט, בכדי צו פועלן אין פאַרשידענע לענדער בירגער־רעכט, אָדער גאָר איינצוהאַלטן די שוין דערוואָרבענע. אָבער אַזאַ טעאָריע פון מאַכן זיך אַליין צו נישט, וואָס פאָדערט פון די יידן לשם „גלייכבאַרעכטיקונג" אַזוינע קרבנות, וועלכע מע פאָדערט נישט פון קיין שום אַנדער פאָלק, — אַזאַ טעאָריע איז סותר דעם עצם באַגריף פון גלייכבאַרעכטיקונג און גלייכווערטיקייט פון מענטשן. דאָס איז — אַן איבערגאַנגס־שטאַפּל פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט אין באַוואוסט־זיין סיי פון די באַפרייטע גופא סיי פון זייערע נעכטיקע פאַרשקלאַפער.

2. לאָמיר באַטראַכטן נעענטער די געגנעזע און דעם תוך פון אָט דער אַסימילאַציע־דאָקטרינע, וואָס האָט נאָך ביז נישט לאַנג דאָמינירט אין די קרייזן פון דער יידישער אינטעליגענץ, אָבער וואָס לעבט איבער היינט צו טאָג אַ מאָמענט פון שאַרפן קריזיס.

די אַסימילאַציע איז אויפגעקומען ווי אַ פועל יוצא פון דעם פּלוצעמ־דיקן איבערגאַנג, וואָס יידן האָבן געמאַכט, פון בירגערלעכער רעכטלאָזי־קייט צו גלייכבאַרעכטיקונג. אויפן מערב האָט זי זיך באַפעסטיקט נאָך דער ערשטער, פראַנצויזישער, עמאַנציפּאַציע (1791 י.), און באַזונדערס נאָך דער צווייטער, דייטשישער, עמאַנציפּאַציע (1848). ווען אין 1789 י. האָט מען אין דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג באַטראַכט די יידן־פראַגע, האָט דער פאַרטיידיקער פון גלייכבאַרעכטיקונג קלערמאָן־טאָננער געזאָגט: „יידן, אַלס נאַציע, קומט גאָרנישט; יידן, אַלס מענטשן, דאַרף מען אַלץ געבן... עס קאָן נישט זיין קיין נאַציע אין אַ נאַציע". דער

*) זע ווייטער, די בריוו 4, 5, 12, 13, וואו עס ווערן בפרטיות באַ־אַרבעט די הויפּט־פּראָבלעמען פון דער אינערלעכער נאַציאָנאַלער אָרגאַני־זאַציע.

אָראַטאָר פון יודאָפאָבישן לאַגער, אַבאַט מאָרי, האָט באַגרינדעט זיינע ראיות קעגן עמאַנציפּאַציע פון יידן דערויף, וואָס „דער נאָמען ייִד איז נישט קיין נאָמען פון א סעקטע, נאָר א נאָמען פון א נאַציע" און וואָס דער ייִד, בלייבנדיק געטריי זיינע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס, „קאָן נישט ווערן קיין פראַנצויז". *) אי די ליבעראַלן אי די קאָנסערוואַטאָרן האָבן זיך געאייניקט דערויף, אַז כדי צו באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג, דאַרף זיך דער ייִד אָפּזאָגן פון זיין נאַציאָנאַליטעט; נישט מער וואָס די ליבעראַלן האָבן געהאַלטן פאַר מעגלעך אַזאַ אַסימילאַציע און דעריבער האָבן זיי זיך ארויסגעשטעלט פאַר בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, די קאָנסערוואַטאָרן ווידער האָבן אַזאַ אַסימילאַציע געהאַלטן פאַר אוממעגלעך און זיינען ארויסגעטרעטן קעגן דער גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן. ביידע צדדים זיינען נישט געווען דערוואַקסן צום אָנערקענען די נאַציאָנאַלע רעכט ווי א טייל פון בירגערלעכער פולבאַרעכטיקונג. צו דער פאָדערונג פון פולבאַרעכטיקונג זענען געווען נישט דערוואַקסן אויך די יידן אליין, וועלכע האָבן דעמאָלט געלעבט צווישן שרעק און האָפענונג. אין זייער באַוואוסטזיין האָט זיך נאָך דאָס נאַציאָנאַלע אַזוי שטאַרק צונויפגעגאָסן מיטן רעליגיעזן, אַז זיי האָבן געקאָנט — אָן א גרויסן קאַמף מיטן געוויסן — פאַרבאָרגן איינס אונטער דעם אַנדערן לשם ראַטעווען די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג. ווען אין יאָר 1807, בימי נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, איז געווען א סכנה, אַז מען וועט צונעמען ביי די יידן די נאָר־וואָס באַקומענע בירגער־רעכט, האָבן זייערע פאָרשטייער אין „גרויסן סנהדרין" פייערלעך דערקלערט, אַז, היינט צו טאָג בילדן נישט די יידן קיין נאַציע און זיי ווילן בעסער זיין א טייל פון דער גרויסער (פראַנצויזישער) נאַציע, האַלטנדיק דאָס פאַר א פּאָליטישער פאַרגיטיקונג" **).

מיט אַזאַ אָפענעם אָפּזאָגן זיך פון דער אייגענער נאַציאָנאַליטעט, אָדער Tacitu Consensu (הסכמה בשתיקה.—איב.) אין דעם זין, איז געווען באַגלייט די עמאַנציפּאַציע פון די יידן אויך אין די אַנדערע מערב־לענדער.

---

*) זע מיין מאָנאָגראַפיע „די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און די יידן" („וואָסכאָד" 1889); פאַרגל. די נייע איבערגעאַרבעטע אויסגאַבע: „יידישע עמאַנציפּאַציע בעת דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע" (ווילנע, 1906), ז"ז 29־33.

**) "Aujourd'hui que les juifs ne forment plus une nation, et qu'ils ont l'avantage d'etre incorporés dans la grande nation,ce qu'ils regardent comme une rédemption politique..." L. Kahn, Les juifs de Paris pendant la Revolution" (Paris 1898), p. 333.

צוריקבאַקומענדיק אירע עלעמענטאַרע רעכט, האָט דאָס אַ היפּשער טייל פון דער יידישער מאַסע אויפגענומען נישט ווי אַן אַקט פון פּשוטער גערעכטיקייט לגבי דער גערודפטער נאַציע, נאָר ווי אַ חסד, אַ געשענקטן דורך די הערשנדיקע קריסטלעכע פעלקער בתנאי, אַז זי זאָל פאַרלירן איר נאַציאָנאַלן פּרצוף. פאַר אָט דעם „חסד" האָבן די יידן געצאָלט מיט פולן, צי טיילווייזן ליקווידירן די נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט, מיט פאַרדייטשט ווערן, פאַרפראַנצויזישט ווערן אאַ"וו. זיי האָבן זיך נישט דערנעטערט צו זייערע קריסטלעכע מיטבירגער אויף די זעלבע רעכט, נאָר געסטאַרעט זיך אין אַלץ געגליכן זיין צו זיי, איבערצונעמען זייער נאַציאָנאַלע קולטור, אפילו זיך צונויפגיסן מיט זיי. דער ערשטער דור עמאַנציפּאַציע האָט סימולירט דעם פרעמדן נאַציאָנאַליזם, די ווייטערדיקע דורות האָבן זיך שוין אַרויסגעוויזן אַסימילירט אויף פאַרשידענע מדרגות.

די זעלבע טענדענץ, כאָטש אין אַ קלענערער מאָס, האָט זיך איבערגעחזרטט אין די אייבערשטע שיכטן פון דעם רוסישן יידנטום נאָך די באַפרייערישע שטרעמונגען פון די 60־ער יאָרן. די יידן פון גאַנץ אייראָפּע, די עמאַנציפּירטע אָדער די, וואָס האָבן אויסגעקוקט אויף דער עמאַנציפּאַציע, האָבן מקריב געווען זייערע נאַציאָנאַלע רעכט לשם די בירגערלעכע. נאָך יאָרהונדערטער שקלאַפעריי, שפלות און אָפּגעצוימטקייט פון געדאַנק, האָבן די יידן, פאַרשטייט זיך, געמוזט אַ קער טאָן זיך צו אויפקלערונג, צו גייסטיקן און סאָציאַלן רענעסאַנס, בכלל צו אויסמענטשלען זיך, אין בעסטן זינען פון וואָרט, באַגלייך מיט די פּאָרויסגייענדיקע אייראָפּעישע פעלקער; באמת אָבער האָבן זיי זיך אַ קער געטאָן צו פאַרדייטשונג, פאַררוסישונג אאַ"וו, דאָס הייסט, צום אונטערטעניק מאַכן זייער נאַציאָנאַלן „איך" צו פרעמדע. אַזאַ מין „אַסימילאַציע" איז געווען אַ מעטאַמאָרפאָזע פונעם פריערדיקן קנעכטישן מצב פון די יידן, אָבער פון עטישן שטאַנדפּונקט אַ סך אַן ערגערע. דער מיטלאַלטערלעכער ייד האָט בלויז דעם רוקן געבויגן פאַר זיין רודף, דעם קריסט, אָבער קיין מאָל האָט ער נישט געבויגן זיין געוויסן און ער האָט נישט מוותר געווען גאָרנישט פון דעם, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיינע גייסטיק־נאַציאָנאַלע רעכט; דער ניימאָדישער ייד אָבער, אַז ער האָט באַקומען די מעגלעכקייט צו האַלטן הויך דעם קאָפּ אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, האָט ער, כדי ביי דער דאָזיקער געזעלשאַפט נושא חן צו זיין, אָנגעהויבן פאַרקריפּלען זיין נשמה, זיין נאַציאָנאַלן טיפּ, ער זאָל „ווי מעגלעך ווינציקער אויסזען, ווי אַ ייד". דאָס איז — אַ מאָדיפיקאַציע פון קנעכטישקייט, אַ בייט פון אויסערלעכער אונטערטעניקייט אויף אינערלעכער.

למען האמת דאַרף מען אָפּמערקן דעם פאַקט, אַז באַגלייך מיט די אַסימילאַטאָרן־פּראַקטיקער, וואָס האָבן זיך געקערעוועט בלויז לויטן אינסטינקט פון צופּאַסן זיך צו דער נייער סביבה, זיינען אויך געווען אַסימילאַטאָרן־אידעאָלאָגן, וועלכע האָבן געזען אין אַזאַ הנהגה דעם באַדינג פון

פראַגרעס. איינע האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיטן אידעאַל פון קאָסמאָפּאָלי־טיזם און אין זיין נאָמען האָבן זיי געמאַכט אַן אָנהייב מיט אָפּשאַפן די אייגענע נאַציאָנאַליטעט, נישט באַמערקנדיק, אַז זיי זענען בינו לבינו געוואָרן גלידער נישט פון דער געדאַכטער קאָסמאָפּאָליטישער געזעלשאַפט, נאָר פון דער נאַציאָנאַלער גרופּע, מיט וועלכער זיי זענען געבונדן פּאָלי־טיש און טעריטאָריעל. דאָס טעאָרעטישע פּאַרלייקענען דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ האָט זיי אין דער פּראַקטיק דערפירט בלויז דערצו, אַז זיי האָבן פּאַרביטן די אייגענע נאַציאָנאַליטעט אויף אַ פרעמדער, ביז צו דעם „סוף כל הדורות", ווען אַלע פעלקער וועלן זיך צונויפגיסן אין איין אַבסטראַק־טער מענטשהייט. די אידעאָלאָגיע פון אַסימילאַציע האָט, דורכגייענדיק אַט די פאַזע, אויסגעמישט זיך מיט יענעם וואָכעדיקן אינטערעס, וואָס האָט דיק־טירט די נויטווענדיקייט פון צונויפגיסונג אויך פאַר די „פּראַקטיקער"; דער אויסגעוועפּטער אידעאַל איז געוואָרן אַ דורכזיכטיקע מאַסקע פאַר צוועקן פון שפּלדיקער צופּאַסונג, פון אויסזיכטן אויף פּערזענלעכן נוצן, אויף אַ גוטער קאַריערע. אונטערן דינעם שלייער פון „מענטשהייט־באַ־פרייער" האָט זיך אָפּגעדעקט דער פּרצוף פון אַ קנעכט, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין נישט־אָנערקענטער נאַציע לטובת אַ פרעמדער, אַ הער־שנדיקער.

די אידעאָלאָגיע פון דער אַסימילאַציע האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט איר פּראַקטיק אויפן באָדן דערפון, וואָס מע וואָלט געקאָנט אָנרופן „אַטאַוויזם פון רעכטלאָזיקייט". פריער האָבן די יידישע מאַסן לאַנג שלום געמאַכט מיט דער בירגערלעכער רעכטלאָזיקייט, איצט מאַכן זיי שלום מיט דער נאַציאָנאַלער רעכטלאָזיקייט. בלויז לעצטנס וואַקסט אָן ביי דעם ייד אַלץ מער דער באַוואוסטזיין, אַז קיינער האָט נישט קיין רעכט צו פאַר־דערן פון אים נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרלייקענונג, אַז די דענאַציאָנאַליזאַציע פון יידן איז געווען פּונקט אַזאַ צינז פאַר דער גראָבער הפקרות, ווי זייער פריערדיקע בירגערלעכע דעגראַדאַציע; אַז די פאַר־הנחה פון אמתער פרייהייט און גלייכהייט איז די גלייכבאַרעכטיקונג נישט נאָר פון דעם יחידישן, נאָר אויך פון דעם נאַציאָנאַלן אינדיווויד. דער בעסטער טייל פון דער מאָדערנער יידישער אינטעליגענץ איז שוין דורכגעדרונגען מיט דעם דאָזיקן הויכן באַוואוסטזיין. זי בייגט שוין נישט — נישט דעם רוקן, נישט דאָס געוויסן פאַר די שטאַרקע. זי, אַן אינערלעך פרייע, שרעקט זיך פאַר דער דעמאָראַליזירנדיקער קראַפט פון מערבדיקן אַנטיסעמיטיזם און פון דער רוסישער יודאָפאָביע, וואָס ווערט אונטערגעהאַלטן דורך דעם גרויי־זאַמען פּאָליציייאישן דרוק. דעמאָראַליזירט ווערט נאָר די באַדנלאָזע אינ־טעליגענץ, די אָפּגעריסענע פון פאָלק; דערקעגן ביי דעם נאַציאָנאַל־געזונטן טייל פון דער אינטעליגענץ איז סיי דער געזעלשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם, סיי די אומברחמנותדיקע רעפּרעסיעס (אין רוסלאַנד) פאַרשטאַרקן נאָר

דעם פּראָצעס פון נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין, פאַרשטאַרקן דעם אָפּ־ווער־כוח. אָט דער פּראָצעס האָט — צוליב היסטאָרישע און פּסיכישע באַ־דינגונגען — געמוזט קומען צו פאַרבייטן די אַסימילאַציע. איצט קאָנען אין דער אַסימילאַציע־מחנה פאַרבלייבן אָדער די האַרטנעקיקע אידעאָלאָגן פון דעם פּאַקטיש שוין נישט עקזיסטירנדיקן קאָסמאָפּאָליטיזם, אָדער דורכ־געטריבענע פּראַקטיקער, וואָס ווילן בעסער זיך צוקלעפּן צו די שטאַרקע, איידער איינצושטיין אין די רייען פון די גערודפטע אָדער בירגער פון אַ נידעריקערער קאַטעגאָריע. אגב, אַ סך פון די אַסימילאַטאָרן האַנדלען אומ־באַוואוסטזיניק, מחמת שלעכטער דערציונג און לאַנגאָניקער אָפּגעפרעמד־קייט פון יידנטום. אַזעלכע פאַרבלאָנקעטע זין פון דער נאַציע קאָנען נאָך, אויב ס'איז דאָ גוטער ווילן און גינציקע באַדינגונגען, צוריקקומען צו דעם פאָטערס געצעלטן. וואָס שייך ווידער די אָפּטריניקע, די פאַרוועלקטע און אָראָפּפאַלנדיקע בלעטער — וועגן זיי האָט דער אייביקער בוים פון יידנטום קיין מאָל נישט געזאָרגט און איצט האָט ער אויך נישט קיין סיבה צו זאָרגן. פון נאַציאָנאַלן אָפּקלייב פלעגט דער קערן פון דער נאַציע נאָר זיך פאַרשטאַרקן.

אָבער שוין זשע דאַרפן די יידן ווידער זיך אָפּזונדערן, שאַפן אַרום זיך אַ געוויסן גייסטיקן געטאָ במקום דעם צעשטערטן שטיינערנעם געטאָ פון מיטלאַלטער? — בפירוש נישט. איך פּרעדיק נישט קיין קינסטלעכע אָפּזונדערונג און סעפּאַראַטיזם פון קיין שום מין. אָבער אַ נאַטירלעכע אָפּגעזונדערטקייט, אין זינען פון אינדיווידואַליזאַציע, איז געזעצמעסיק פאַר יעדן, וואָס האָט אַן אייגענע פּערסאָנאַליטעט, צי דאָס איז אַ יחיד צי אַ כלל. די דערנעענטערונג פון יידן מיט דער אַרומיקער סביבה דאַרף צו שטאַנד קומען, אָבער נאָר אויף גלייכע רעכט. דערנעענטערנדיק זיך צו אַ מיטגליד פון אַ צווייטער נאַציע, דאַרף נישט דער ייד סובאָרדינירן זיין פאָלקס־אינדיווידואַליטעט דער פאָלקס־אינדיווידואַליטעט פון יענעם, נאָרביידע דאַרפן קאָאָרדינירן מיט דעם העכערן פּרינציפּ פון גלייכווערטיקייט פון אַלע בירגער. אויב ווידער דער ניט־ייד וועט אָפּוואַרפן אַזאַ געזעל־שאַפטלעכע דערנעענטערונג אויף גלייכע יסודות, דאַרף יעדער ייד, וואָס האָט דרך־ארץ צו זיך אַליין, דערקלערן, אַז אין דעם געגעבענעם מאָמענט איז די דערנעענטערונג נישט מעגלעך און נישט געוואונטשן. ווילט איר, איז דאָס סעפּאַראַטיזם, אָבער אַ סעפּאַראַטיזם אַן אויפגעצוואונגענער, וואָס באַצוועקט צו פאַרטיידיקן אונדזער אינדיווידועלע פרייהייט, אונדזער נאַציאָנאַלן כבוד. אין אַזאַ מצב — ווי כ'וועל זיך דערלויבן אויסצודריקן — פון פאַרטיידיקונג־סעפּאַראַטיזם געפינען זיך איצט אין רוסלאַנד די בעסטע פאָרשטייער פונעם דענקענדיקן יידנטום, וועלכע האָבן נאָך אויפ־געהיט אין זיך אַ פרייע נשמה. איך פאַרנייג דעם קאָפּ פאַר אָט דער שטאָלצער איינזאַמקייט פון מענטשן, וואָס ווילן גלייכער בלייבן מחוץ

דעם טומלדיקן קרייז פֿון דער נאַציאָנאַלער מערהייט, איידער אַריינצו־טרעטן אַהין אויף באַדינגונגען, וואָס דערנידעריקן זייער געפֿיל פֿון פֿער־זענלעכער און נאַציאָנאַלער ווערדע. דאָס יידנטום האָט זיך אין אַ סך עפּאָכעס פֿון זיין געשיכטע געפֿונען אין דער לאַגע פֿון splendid isolation (פּרעכטיקע איזאָלאַציע.—איב.), כאָטש נישט אין דעם זינען פֿון אַ געפּאַנצערטער פּויסט, נאָר פֿון אַ פֿאַרפּאַנצערטן גייסט...

הייסט עס, די אַסימילאַציע איז נישט בלויז דאָס רעזיגנירן פֿון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פֿון יידנטום, נאָר אויך דאָס פֿאַרלייקענען די אינ־דיווידועלע פֿרייהייט פֿון דער יידישער נאַציע און איר גלייכווערטיקייט אין דער צוויישנפֿעלקערלעכער קולטור־משפּחה. דאָס איז — אַ טעות אי אַ פּראַקטישער אי אַ טעאָרעטישער; דאָס איז — אַ רעזולטאַט אי פֿון אַ סאָ־ציאַלן פּאַראַזיטיזם אי פֿון אַ מאָראַלישן דעפֿעקט, וועלכע עס פֿאַרמאָגן סיי די, וואָס אַסימילירן זיך, סיי די, וואָס פֿאַרלאַנגען די אַסימילאַציע פֿון יידן. אַסימילירנדיק זיך, דאָס הייסט, אונטערוואַרפֿנדיק זיין אייגענע נאַ־ציאָנאַלע פּערזענלעכקייט אונטער אַ פֿרעמדער (מיט וואָסערע מאָטיוון דאָס זאָל נישט זיין פֿאַרענטפֿערט), איז דער ייד שטענדיק אַ קרבן פֿון אומ־באַוואוסטזיניקן רעכטלאָזיקייט־אַטאַוויזם, פֿון אָט דער פּסיכישער מכה, וואָס ווערט אויך אַן עטישע מכה, בעת אַ מענטש פֿאַרלאָזט די מחנה פֿון די אונטערגעיאָכטע, כדי צוצושטיין צו דער מחנה פֿון די טריומפֿירער. וואָס שייך דער פֿאָדערונג מצד די ניט־יידן, אַז די יידן זאָלן זיך מיט זיי אַסימילירן, איז נעמט זי זיך פֿון דער באַוואוסטזיניקער אָדער סטיכישער פֿאַראַכטונג פֿון „שטאַרקע" צו „שוואַכע", פֿון דער איבערצייגונג, אַז דאָס דורות־לאַנג אונטערגעיאָכטע יידנטום דאַרף צאָלן פֿאַר דעם „שענקען" אים די בירגער־רעכט (ד"ה, פֿאַר דעם צוריקגעבן די אַמאָל צוגענומענע רעכט) מיט אָפּזאָגן זיך פֿון זיין פֿאָלקס־אינדיווידואַליטעט. סיי אַזעלכע מיני פֿאָ־דערונגען, סיי דאָס נאָכגעבן אָט די פֿאָדערונגען זענען דערווידער דעם יסוד פֿון סאָציאַלער עטיק: דעם פּרינציפּ פֿון גלייכווערטיקייט פֿון אַלע נאַציעס.

זינט די צייטן פֿון דער ערשטער עמאַנציפּאַציע פֿון 1791 יאָר פֿלעגן מיר מאָנען נאָר בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט אין די גלות־לענדער. ס'איז געקומען די צייט צו מעלדן זיך אויך נאָך אונדזערע נאַציאָנאַלע רעכט, וועלכע, ווי ס'איז שוין אויבן דערוויזן געוואָרן, זענען לחלוטין נישט אין סתירה צו דעם לעגאַלן בירגער־מצב פֿון פֿאַרשיידענע טיילן פֿון אונדזער פֿאָלק אין די גלות־לענדער.

* * *

3. אַזוי, אין אַלגעמיינע שטריכן, זענען אויס די פּראַקטישע אויס־פֿירן פֿון דער דאָקטרינע, וואָס איך האָב אַנטוויקלט, וועגן גייסטיקן אָדער

קולטור־היסטאָרישן נאַציאָנאַליזם. אין די ווייטערדיקע בריוו וועלן די אַלגעמיינע אויספירן דעטאַליזירט ווערן בשייכות מיט די אופנים ווי אַזוי זיי אַנצואווענדן אין פאַרשיידענע געביטן פון אונדזער סאָציאַלן און גייסטיקן לעבן. אָפּשליסנדיק דעם איצטיקן שמועס, דאַרף איך נאָך געבן אַ ענטפער אויף איין אַלגעמיינער דערווידערונג, וואָס האָט אַ שייכות גיכער צו דער טאַקטיק איידער צו דער פּראָגראַם פון די פאָנטרעגער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע.

קאָן זיין, אַז די איצט געמאַכטע אויספירן וועלן עמעצן דערמאָנען אין איין דראַמאַטישן עפּיזאָד פון דעם חכם סאָקראַטעסעס לעבן. ווען דער גרויסער חכם איז געשטאַנען פאַר די אַטענישע שופטים, וועלכע האָבן אים שוין געהאַט אָנערקענט פאַר שולדיק און האָבן זיך געגרייט אַרויסצוטראָגן אַ טויט־אורטייל, האָט סאָקראַטעס אויסגענוצט דאָס רעכט, וואָס האָט אים געדינט, און ער האָט אַליין באַשטימט פאַר זיך אַזאַ פּסק־דין, וואָס ער האָט על־פּי געוויסן געהאַלטן פאַר דעם יושרדיקסטן. סאָקראַטעס האָט געפאָדערט, אַז בשכר פאַר די לייסטונגען זיינע לטובת דעם פאָטערלאַנד זאָל מען אים „פאַרמשפּטן" צו לעבנסלאַנגן אויסהאַלט אין פּריטאַנעום, ד"ה, אין דעם נאַציאָנאַלן פּאַלאַץ, וואו מע פלעגט אויסהאַלטן אויף מלוכהשן חשבון די פאַרדינסטפולע אַטענישע בירגער, מלוכה־מענער און באַרימטע קריגס־פירער, ווען זיי האָבן דערלעבט לעת זקנה. „אַזאַ שטייגער לעבן, — האָט מיט ווערדע דערקלערט סאָקראַטעס, — פּאַסט זיך צום בעסטן פאַר דעם כאַראַקטער פון אַ מענטשן, וואָס דאַרף פריי זיין פון די לעבנס־זאָרגן, כדי אייך צו לערנען מעשים־טובים". די ריכטער זענען, פאַרשטייט זיך, אויפגעבראַכט געוואָרן פון דעם חכמס „חוצפּהדיקער" רעדע, וואָס האָט געפאָדערט באַלוינונג פאַר דעם, וואָס האָט, לויט זיי, פאַרדינט אַ שטרענגע שטראָף, — און דער פאַטאַלער אורטייל, וואָס רעגט נאָך ביז היינט אויף דאָס געוויסן פון דער מענטשהייט, איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן.

אפשר וועט עמעצער געפינען אין דעם דאָזיקן עפּיזאָד אַן ענלעכקייט צו דעם, ווי אַזוי ס'איז פריער אוועקגעשטעלט געוואָרן די יידישע נאַציאָנאַלע פראַגע. וואָס הייסט! — וועלן זיי זאָגן: — די יידישע נאַציע זיצט איצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. אין אייניקע לענדער טראַקטירט מען זי, ווי אַ פּאַריער־קאַסטע, און מע גיט איר נישט די עלעמענטאַרסטע בירגער־רעכט; אין אַנדערע ווידער הערן זיך שטימען, אַז מען דאַרף ביי איר אָפּנעמען אַפילו די רעכט, וואָס מען האָט איר שוין געגעבן. אומעטום טוט מען זי באַשולדיקן, משפּטן, גיט מען אויף איר אַרויס שטרענגע אורטיילן. און דאָ קומט איר און רעדט אין נאָמען פון דער באַשולדיקטער נאַציע אַזעלכע שטאָלצע רייד: „מיר, די יידן, וועלן זיך נישט באַגנוגענען בלויז מיט בירגער־רעכט; מיר דאַרפן אויך נאַציאָנאַלע רעכט: מיר פאָדערן דרך־ארץ צו אונדזער פאָלקס־פערזענלעכקייט, צו אונדזער היסטאָרישן עבר, צו

אונדזער קולטור־פֿאַרמעג, מיר פֿאָדערן אונדזער נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע!״ ס׳איז דאָך אָבער צום לאַכן. איר פֿאַרגעסט לחלוטין וועגן אונדזער לאַגע. אייערע פֿאָדערונגען קאָנען זיך אויסווייזן משונהדיקע, חוצפּהדיקע.

יאָ, רבותי: זיי קאָנען זיך אויסווייזן. אָבער וועמען? אונדזערע באַשולדיקער, יענע, וואָס פֿאַרלייקענען יעטוועדער רעכט פֿון יידן ווי אַ מענטש און בירגער, יענע, וואָס ווילן פֿון אים פּטור ווערן אָדער האַלטן אים אין דעם מצב פֿון אַ פּאַריער? אַזעלכע מענטשן, אָנהענגער פֿון אומגלייכקייט און אונטערדריקונג, וועלן האַלטן פֿאַר אומגעלומפּערט יעדער מין ראיה אין נאָמען פֿון יושר און סאָציאַלער עטיק. שונאי־ישראל פֿון אַלע צייטן האָבן נישט מוחל געווען דעם יידנטום דעם עצם פֿאַקט פֿון זיין עקזיסטענץ, און דאָך עקזיסטירט דאָס יידנטום, נישט אָנפֿרעגנדיק די המנס, נישט די פֿאַרצייטיקע, נישט די היינטצייטיקע. די אליין־געזאלבטע מקטרגים זעצן אוועק די יידן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, אַליין צומאָל נישט גלייבנדיק אין זייער באַשולדיקונגס־אַקט; אָבער דער באַשולדיקטער, מיטן באַוואוסטזיין אַז ער איז גערעכט, הייבט אויף שטאָלץ דעם קאָפּ און איז מודיע, אַז אויף דער שאַנד־באַנק דאַרפֿן זיצן די פֿאַרגעוואַלטיקער, און נישט די קרבנות. די היסטאָרישע נעמעזיס האָט שוין אַרויפֿגעזעצט אויף אָט דער באַנק אי סאָקראַטעסעס שופֿטים, אי די שעפֿער פֿון דער אינקוויזיציע, אי די מיטלאַלטערלעכע רודפֿים פֿון יידנטום; זי וועט אַהין אַוועקזעצן אויך די נייסטע ריטער פֿון אַנטיסעמיטיזם און יודאָפֿאָביע. נישט מיט דער דעה פֿון אַזעלכע פֿינצטערע מענטשן דאַרפֿן מיר זיך רעכענען. קעגן די רעאַקציאָנערע עלעמענטן פֿון דער געזעלשאַפֿט איז אָנגעגאַנגען און וועט אָנגיין אַ קאַמף, און אין אים וועלן די יידן נישט זיין פֿאַראיינזאַמט: זיי וועלן גיין אין די רייען פֿון דער גאַנצער באַפֿרייונגס־אַרמיי.

ווער זשע וועט האַלטן, אַז די נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען פֿון יידנטום זענען נישט צום אָננעמען? אפֿשר יענע כלומרשטע פֿריינד אונדזערע, וואָס געבן אונדז „גרויסמוטיק״ אָפּ צוריק די צוגערויבטע בירגער־רעכט, און במקום זה פֿאָדערן זיי, מיר זאָלן זיין גלידער פֿון דער אַרומיקער נאַציאָנאַלער סביבה, און נישט קיין יידן, מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן פֿון אונדזער קולטור־אויטאָנאָמיע, איינהאַלטנדיק דערפֿון בלויז די צוגעהעריקייט צו משהס גלויבן?

אָט די מענטשן וועלן מיר ענטפֿערן: איר, רבותי, איר האַלט זיך פֿאַר גרויסמוטיקע און ליבעראַלן; צי קאָן מען אָבער אָנרופֿן גרויסמוטיק אַ מענטשן, וואָס האָט יאָרן לאַנג געהאַלטן פֿאַרשפּאַרט אין אַ שטיקנדיקער תּפֿיסה אַ לחלוטין אומשולדיקן נאָענטן זיינעם, דערנאָך לאָזט ער אים אַרויס, מחמת דאָס געוויסן האָט זיך אין אים אויפֿגעכאַפּט, דערביי אָבער פֿאָדערט ער פֿון יענעם דאַנקבאַרקייט און זעלבסטפֿאַרלייקענונג? צי קאָן מען האַלטן פֿאַר אַן אמתן ליבעראַל דעם, וואָס באַשטייט אויף דער פֿריי־

הייט אויסצודריקן זייַן נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט, און איז קעגן אַזאַ פרייַ־הייט פאַר אַ מיטגליד פון אַן אַנדער נאַציע?

מיר וואַרפן אָפּ דעם מאָטיוו פון „גרויסמוטיקייט" ביים ענין פון אומ־לערן אונדז די צוגערויבטע רעכט אונדזערע, פּונקט ווי מיר אָנערקענען נישט דעם ליבעראַליזם, וואָס שטעלט אַזעלכע שענדלעכע באַדינגונגען פון גלייכבאַרעכטיקונג. מיר וועלן נישט פאַרקויפן אונדזער נאַציאָנאַלע פרייַ־הייט צוליב דער בירגערלעכער. לעבנדיק אין אייראָפּע, זינט ס'איז דאָרט אויפגעקומען די ציוויליזאַציע, זענען מיר נאַטוראַליזירט דורך דער געשיכ־טע אליין און מיר דאַרפן דאָ געניסן פון אַלע בירגערלעכע רעכט, וואָס זע־נען צוגעפּסקנט אפילו יענע פעלקער, וועלכע האָבן זיך שפּעטער פון אונדז באַזעצט אין אָט די לענדער. אויב אייראָפּע וועט וועלן־עס־איז אינגאַנצן פאַרגלעטן איר טויזנטיעריקע זינד קעגן דעם יידנטום, וועט אין אונדזערע הערצער איינגעשטילט ווערן דער צאָרן פון באַוווּלטע, אָבער קיינמאָל וועט אויף דעם אָרט נישט אויסוואַקסן קיין געפיל פון קנעכטישער דאַנקבאַר־קייט פאַר דעם צוריקגעבן די צוגענומענע רעכט.

ווי אַ היסטאָרישע און קולטור־נאַציע, וואָס האָט דערוויזן איר לעבנס־פעיקייט אין פאַרשידנאַרטיקסטע אומשטענדן, ווילן מיר זיך אַנטוויקלען פרייַ און פאַרזיכיק אין אונדזער אינעווייניקסטן לעבן, וואָס דאָס איז להלוטין נישט אין סתירה נישט צו אונדזערע אַלגעמיין מענטשלעכע צילן, נישט צו די בירגערלעכע התחייבותן. דער צייט־גייסט און די פּראָגרעסיווע שטרעמונגען פון דער עפּאָכע וועלן משפּיע זיין אויך אונדזער פאָלקס־שטייגער. מיר וועלן גיין צו שלימות אויפן אייגענעם אופן, באַגלייך מיט אַנדערע נאַציעס, אָבער נישט אונטער זייער אָנפירונג. מיר וועלן אויסבע־סערן אונדזער אינערלעכן שטייגער און באַזייטיקן פון אים טרויעריקע חס־רונות, מיר וועלן רעפאָרמירן אונדזערע רעליגיעזע, געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אינסטיטוציעס; מיר דאַרפן איבערגעשטאַלטיקן אויך אונדזער ספּע־ציעלע יידישע שול אַזוי, אַז זי זאָל פאַרענטפערן סיי אונדזערע נאַציאָנאַלע אויפגאַבן סיי די פאָדערונגען פון אונדזער בירגערלעכן און פּאָליטישן לעבן אין יעדער מלוכה. אָבער דאָס אַלץ וועלן מיר טאָן אויטאָנאָם, אויפן יסוד פון אונדזער אייגענער עוואָלוציע, און נישט כדי וואָוילצוגעפעלן דעם אָדער יענעם פון אונדזערע שכנים, נישט כדי צו ווערן ענלעך צו עמעצן, אָדער כדי צו פאַרדינען אַ שבח פון עמעצן.

לאַנג און שווער איז דער וועג פון דער אויטאָנאָמער אַנטוויקלונג פאַר אונדזער צעשפּרייטער נאַציע, וואָס טרעפט זיך צונויף מיט אַלע קולטור־נאַציעס פון דער וועלט. נאָך נישט אַזוי גיך וועט מען פאַר די יידן אָנער־קענען אין פולן פאַרנעם אי די בירגערלעכע אי די נאַציאָנאַלע רעכט. דאָס באַוואוסטזיין דערפון וועט אָבער נישט צווינגען צו לייגן דאָס געווער, נאָר פאַרקערט — עס וועט אונדז אָנלאָדן מיט אַזאַ סכום ענערגיע, וואָס איז

נייטיק פאַר אַ לאַנגן קאַמף, כדי ביייצוקומען די גרויסע מניעות. מעסט זיך דאָך אונדזער געשיכטע מיט יאָרטויזנטער.

אין רוסלאַנד, וואו מיליאָנען יידן זענען נאָך באַרויבט פון עלעמענ־טאַרע בירגערלעכע רעכט, וועט מען דעם קאַמף פאַר אָט די רעכט דאַרפן פירן אין אַ בונד מיט יענע אָפּאָזיציאָנעלע כוחות, וואָס ראַנגלען זיך קעגן דעספּאָטישן רעזשים פון דער דאָזיקער אימפּעריע בכלל. דאָ ליגט אונדזער ניצחון אויף דער ליניע פון דעם ניצחון פון דער אַלרוסישער זאַך, דעם ניצחון פון אַ רעכט־מלוכה איבער דער פּאָליציי־מלוכה. אָבער קעמפנדיק פאַר אונדזער בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע, וועלן מיר גלייכצייטיק באַשטיין אויך אויף אונדזערע נאַציאָנאַלע רעכט.

מיר וועלן נישט איבערחזרן דעם פאַטאַלן טעות פון אונדזערע מערב־ברידער. איינע פון די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען דעם דערפאָלג פון אַנטיסעמיטיזם אויפן מערב, איז געווען דער מאַנגל פון זעלבסטווערדע ביי די געבילדעטע קלאַסן פון יידנטום, וואָס האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן צו דער אַסימילאַציע און איז געבליבן שטעקן אין פרעמדע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזמען, וואו זיי רופן אַרויס צערייצונג, ווי אַ פרעמד־קערפּער אין אַן אָרגאַניזם. נישט פאַרמאָגנדיק קיין אייגענע נאַציאָנאַלע ווערדע, האָט די יידישע גע־זעלשאַפט פאַרלוירן דעם דרך ארץ אויך מצד אַנדערע. איצט, אונטער דער ווירקונג פון דרויסנדיקע אומשטענדן, הייבט אָן זיך צו וועקן אויך ביי די דאָזיקע קלאַסן פון יידנטום דער זעלבסטבאַוואוסטזיין, וואָס וועט פריער אָדער שפּעטער מוזן דערפירן צו אַ קאַמף פאַר אָנערקענען אונדזער נאַציאָ־נאַלע פּערזענלעכקייט און וועט מאַכן אַ סוף צו דעם שפלדיקן אַריינדרינ־גען פון יידן אין פרעמדע נאַציאָנאַלע היימען. דאָס ווידער וועט גורם זיין, אויב נישט קיין מער פריינדלעכע, איז אַ מער דרך־ארצדיקע באַציונג צו דער יידישער נאַציע מצד אַנדערע פעלקער. לכל הפחות וועלן מיר צווינגען אונדז צו שעצן, אויב מיר קאָנען נישט צווינגען אונדז ליב צו האָבן. די עמאָציע פון קעגנזייטיקער ליבע איז אַ נויטווענדיקע פאַר די גלידער פון אַן ענגער נאַציאָנאַלער משפחה; וואָס שייך ווידער די גלידער פון אַ ביר־גערלעכן בונד, איז באַהעפט זיי די שותפותדיקייט פון אַלגעמיינע רעכט און פליכטן אין אַ באַשטימטער ספערע, און דאָס געפיל פון קעגנזייטיקער אַכטונג איז דאָרט אַ פועל־יוצא פון אַלץ איינער פאַרטיילונג פון רעכט און התחייבותן צווישן אַלע בירגער.

דער גאַנצער גאַנג פון געשעענישן פירט אונדז צו אַ קאַטעגאָרישער אַלטערנאַטיוו: נאַציאָנאַלע דעגענעראַציע אָדער נאַציאָנאַלער רענעסאַנס. דער פּראָצעס פון ירידה האָט זיך שוין אויף אַזוי פיל אויסגעקלאָרט, אַז מיר ווייסן, וואו עס שטעקט די סכנה. אין 19טן יאָרהונדערט האָט זיך אין די אייבערשטע שיכטן פון יידנטום דער צענטער פון געזעלשאַפטלעכ־קייט איבערגערוקט פון אינעווייניקסטן פאָלקסלעבן צו דער דרויסנדיקער

סביבה, אין דער ספערע פון פרעמדע פאָלקס־אינטערעסן. דער שטיצפונקט האָט זיך באַקומען נישט מפנים, נאָר מחוץ אונדזער נאַציאָנאַלן קרייז, דעריבער האָט זיך געשאַפן אַ ניט־באַשטענדיקע גלייכגעוויכט, אַ געפערלעכע נאַציאָנאַלע וואַקלעניש. כדי צו באַזייטיקן אָט די וואַקלעניש, איז נייטיק צוריק איבערצורוקן דעם צענטער אויף זיין נאַטירלעכן אָרט — אין דעם קרייז פון אונדזערע אייגענע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. צוריקשטעלן דאָס פאַרלוירענע נאַציאָנאַלע גלייכגעוויכט — דאָס איז דער הויפּט־תנאי פאַר אונדזער באַנייונג. צו אָט דער גרויסער אויפגאַבע דאַרפן זיין געווענדט אַלע אונדזערע כוחות, אַלע כוונות, דער גאַנצער ענערגיע־רעזערוו, וואָס מיר האָבן געירשנט פון פיל דורות קעמפער און מאַרטירער, וועלכע האָבן העלדיש אַרויסגעפירט די תיבה פון יידנטום פון וועלט־געשיכטלעכן מבול.

יאַנואַר 1898 (דערגאַנצט 1906).

## דרײַטער בריוו

# די עטיק פון נאַציאָנאַליזם

1. די רעזולטאַטן פון אַ פאַלשער אַסאָציאַציע. — דער דרייפוס־פּראָצעס און די פראנצויזישע נאַציאָנאַליסטן־אַנטיסעמיטן. — די עטישע קאָמפּראָמיטאציע פון נאַציאָנאַליזם.

2. די אַנאַלאָגיע צווישן דער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער אידעע. — קריזיס פון דער נאַציאָנאַלער אידעע. — איר עטישער קריטעריִ: פונאנדערגרענעצונג צווישן נאַציאָנאַלן עגאָיזם און נאַציאָנאַלן אינדיווידואַליזם.

3. די עטישע פאָרמול פון סאָלאָוויאָוו, איר מינימום און מאַקסימום. — אונטערשיידן דאָס „נאַציאָנאַלע" פון דעם „נאַציאָנאַליסטישן" — אָנגרייפערישער און פארטיידיקערישער נאַציאָנאַליזם. — דאָס צעפלאָנטערן די באַגריפן אין דער רוסישער פובליציסטיק. — אויפקלערונג פון אַ נאַציאָנאַליסט־אַ ייד. — די דעמארקאציע־ליניע.

4. די ביינאנדיקייט פון דער נאַציאָנאַלער אידעע מיט אוניווערסאַליזם. — דער פּראָווידענציעלער יידישער אוניווערסאַליזם פון די נביאים, די מאקסימאַלע „קריסטלעכע" פאָרמולע פון סאָלאָוויאָוון און דער געבאָט, וואָס לאָזט זיך פארווירקלעכן. — די ביינאנדיקייט פון דער נאַציאָנאַלער אידעע מיט דעם
פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. — ווי אַזוי היט מען אָפּ
פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. — ווי אַזוי היט מען אָפּ
די ריינקייט פון נאַציאָנאַלן אידעאַל?

1. אין ערגעץ רופט נישט אַרויס די עטישע אָפּשאַצונג פון די האַנד־לונגען אַזוי פיל סתירות, ווי אויפן געביט פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע. איינע פאַרשעלטן דעם נאַציאָנאַליזם בכלל, ווי אַ רעאַקציאָנערע באַוועגונג; אַנדערע בענטשן אים, ווי אַ פּראָגרעסיווע, באַפרייערישע באַוועגונג. דאָס דערקלערט זיך סיי מיט דער קאָמפּליצירטקייט פון דער נאַציאָנאַלער אידעע גופא סיי מיט דער פאַרשיידנאַרטיקייט, ווי אַזוי זי קומט צום אויסדרוק. מער ווי וואו־עס־איז ווערט דאָ מיסגעברויכט דער מעטאָד פון עטישער אַסאָציאַציע, וואָס באַשטייט אין דעם, אַז אַ געגעבענע אידעע ווערט נישט אָפּגעשאַצט אין אירן תוך און נישט לויט אירע פאַרשיידענע אויסערונגען, נאָר בלויז לויט יענע אירע אויסערונגען און באַגלייטנדיקע אומשטענדן, וואָס איבערוועגן אין געגעבענעם מאָמענט. די נאַציאָנאַלע אידעע איז פּאָ־פּולער אין עפּאָכעס, ווען זי קומט צום אויסדרוק בעיקר אין דער פאָרעם פון אַ כוח אַ באַפרייערישן אָדער אַ פאַרטיידיקערישן, און אומפּאָפּולער — אין אַזעלכע מאָמענטן, ווען זי קומט צום אויסדרוק אין פּאָליטישן לעבן דורך אַגרעסיווע האַנדלונגען פון שאָוויניסטן און רעאַקציאָנערן פון צווישן די הערשנדיקע נאַציעס, אָדער וואָס שטרעבן צו הערשאַפט. צום אומגליק פאַר דער מענטשהייט בכלל און פאַרן יידנטום בפרט, לעבן מיר איצט איבער אַ מאָמענט פון לעצטן מין.

נישט לאַנג צוריק איז אויף דער אייבערפלאַך פון אייראָפּעס פּאָלי־טישן לעבן אַרויסגעשוואומען אַ דערשיינונג, וואָס איז מסוגל צו ברענגען גאָר נישט קיין גינציקע קאָנסעקווענצן פאַר דעם ריכטיקן באַנעמען די אידעע פון נאַציאָנאַליזם. איך רעד וועגן דעם אויפקומען אין פראַנקרייך (אין 1898 י.) פון דער נייער „נאַציאָנאַליסטן"־פּאַרטיי, וואָס האָט זיך, פּונקט ווי מוטנע שוים אין אַ זידנדיקן קעסל, אויפגעהויבן טומלדיק אין דעם קאָך פון פּאָליטישע ליידנשאַפטן, אויפגעוועקטע דורכן „דרייפוס־פּראָצעס". דער גרייסער אויפטו פון עמיל זאָלא און זיינע מיטקעמפער, וועלכע זענען אַרויס־געטרעטן אין שוץ פון געשענדעטער רעכטפאַרטיקייט, האָט אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד מצד יענע פּראָנצויזן, וואָס פילן זיך גוט נאָר אין אַן אַטמאָספער פון קינסטלעך אונטערגעוואָרעמטן פּאַטריאָטיזם און קריגס־רע־וואַנש. די פאַרשטייער פון גייסט־קרובהשע רעאַקציאָנערע פּאַרטייען — קלעריקאַלן, מאָנאַרכיסטן, אַנטיסעמיטן — האָבן זיך פאַראייניקט און גע־שאַפן אַ נייע פּאָליטישע און פּאַרלאַמענטאַרישע גרופּע, וואָס די מיטגלידער אירע רופן זיך „נאַציאָנאַליסטן".

דער דרייפוס־ענין, וועלכער איז דורך די דאָזיקע רעאַקציאָנערן געשאַ־פן געוואָרן און שפּעטער אַרומגעפּלאָכטן געוואָרן מיט אַ נעץ פון ליגנס און פאַלסיפיקאַציעס, — איז פאַר זיי געווען בלויז אַ דעמאָנסטראַציע, וואָס איז זיי נייטיק געווען צוליב פּראָפּאַגאַנדע פון אַנטיסעמיטיזם. זייער אַלגע־מיינע אויפגאַבע ווידער איז — צו רודפן און באַשמוצן אַלץ, וואָס איז נישט

פראַנצויזיש און נישט קאַטויליש, פאַרזייען אין פאָלק שנאה צו „יידן, פּראָטעסטאַנטן און מאַסאָנען", ווי עס קלינגט די דריי־איייניקע פאָרמולע פון „נאַציאָנאַליסטישן" חרם. אויב די דאָזיקע פּראָגראַם — א דורכגעדרונגענע מיטן גייסט פון דער „קאַטוילישער ליגע" אין דער עפּאָכע פון דער באַרטאָלאָמעוס־נאַכט — איז שוין גענוג כאַראַקטעריסטיש פאַר די אידעישע שטרעבונגען פון דעם נייעם פאַרבאַנד, איז די רעפּוטאַציע פון זיינע מנהיגים פון אַזאַ מין, וואָס דערקלערט אַ סך פון יענע „מאָראַלישע" מיטלען, וועלכע דער פאַרבאַנד באַנוצט צו דערגרייכן זיינע צילן. די נעמען פון אַזעלכע וואַיילע־יונגען פון פּאַרלאַמענט און פּרעסע, ווי דערולעד, ראָשפאָר און דריומאָן, קאַווירן פון פאָרויס פאַר די שטענדיק לאָבוסעוואַטע און סקאַנדאַליסטישע פּירעכצן ביי דעם לייבלעכן פּאָליטישן קינד פון אָט די הערן.

און באמת, די נייע פּאַרטיי האָט זיך אריינגעוואָרפן אין דער שלאַכט מיט דער רשעות פון אַ רויב־חיה. זי האָט פונאַנדערגעוויקלט איר טעטיקייט אין פאַרשידענע ספערן: אין פּאַרלאַמענט, אין דער געזעלשאַפט און באַזונדערס אין דער פּרעסע, — אין יענער חוצפּהדיקער און ליגנערישער פּרעסע, וואָס בלויז אין היינטיקן פּאַריז איז עס מעגלעך, זי זאָל ארויסקומען אין אַזאַ מיט גאָרנישט צוגעפּוצטער נאַקעטקייט. במשך פון דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ האָט די פּאַרטיי באַוויזן אָנצומאַכן אַזוי פיל סקאַנדאַלן און נבלות, אַז איר רעפּוטאַציע האָט זיך שוין פעסט איינגעשטעלט אין דער עפנטלעכער מיינונג פון אייראָפּע. די אויפפירונג פון די פּאַריזער „נאַציאָנאַליסטן" האָט שוין אפילו ארויסגערופן ביי אָרנטלעכע מענטשן פון אַלע לענדער ערנסטע — כאָטש, קאָן זיין, איבערגעטריבענע — מורא פאַר דעם „מאָראַלישן געזונט" פון דער היינטצייטיקער פראַנצויזישער געזעלשאַפט.

אויב די אַגיטאַציע פון די פראַנצויזישע נאַציאָנאַליסטן — וואָס ווערט פאַראורטיילט דורך אָרנטלעכע מענטשן — קאָן אין דער ספערע פון פּאָליטישע אינטערעסן נאָר צייטווייליק טאָרמאָזירן די זאַך פון אמת און פרייהייט, איז אָבער אין דער ספערע פון העכערע אידעען איז זי מסוגל אָנצוטאָן אַ מער דויערנדיקע רעה. אַ רעה אין דעם זינען, וואָס אַזאַ אַגיטאַציע טוט געבוירן אין די מוחות אַ פאַלשע אידעען־אַסאָציאַציע, פאַרבינדנדיק די פאָרשטעלונג וועגן נאַציאָנאַליזם מיט דער פאָרשטעלונג וועגן עפּעס, וואָס איז רעאַקציאָנער, רויבגיריק און אַנטי־עטיש. אָט דאָס פילפאָלקישע פּובליקום, וואָס האָט במשך פון פיל יאָרן זיך צוגעקוקט מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט צו די אומענדלעכע גילגולים פון דרייפוס־ענין בשייכות מיט די העלדן־אויפטועז פון די פראַנצויזישע נאַציאָנאַליסטן, — וואָס פאַר אַ השגה וועגן נאַציאָנאַליזם בכלל האָט דאָס דאָזיקע פּובליקום געקאָנט ארויסקריגן פון אָט די אַלע פאַקטן? פאַרשטייט זיך — דעם סאַמע אומגינציקן, ווי וועגן אַ שעדלעכן סאָציאַלן אָנוואוקס.

אַן אידעע, בעצם אַ דערהויבענע, ווערט גאַנץ אָפט קאָמפּראָמעטירט דורך אירע צופּעליקע, אָבער אין דעם געגעבענעם מאָמענט אויגנרייסנדיקע דערשיינונגען. כדי אויסצומיידן אַזאַ טעותדיקע נעגאַטיווע פאַראַלגעמיינע־רונג, מוז מען בדרך אַנאַליז אָפּטיילן די צייטוויייליקע קריפּלדיקע אויסדרוק־דערשיינונגען פון דער געגעבענער אידעע פון איר ריינעם תוך. צי זענען אָבער דאָ אַ סך אַזעלכע, וואָס זענען מסוגל צו אַזאַ אַנאַליז, בפרט צווישן אַט דעם כל־בו־פּובליקום, וואָס זיין רוב האָט אפשר גאָר צום ערשטן מאָל געקריגן אַ השגה וועגן נאַציאָנאַליזם לויט דער טעטיקייט פון די פראַנצוי־זישע נאַציאָנאַליסטן בעת דעם דרייפוס־פּראָצעס? די אומבאַוואוסטזיניקע אידעען־אַסאָציאַציע איז פילפאַך שטאַרקער פון לאָגישן אַנאַליז, און אפילו טיפזיניקע מענטשן זענען נישט תמיד ביכולת זיך צו באַפרייען פון דער השפּעה פון אַן אומריכטיקער פּסיכישער אַסאָציאַציע, וואָס חזרט זיך אָפט איבער.

אויב ביי דעם עולם, וואָס איז גלייכגילטיק צו אידעישע שטרעמונגען, רופן די אָפּשטויסנדיקע אייגנשאַפטן פון די פראַנצויזישע נאַציאָנאַליסטן אַרויס נאָר אַ נעפּלדיקע פאָרשטעלונג וועגן דער אומטויגלעכקייט פון נאַ־ציאָנאַליזם בכלל, — איז ביים דענקענדיקן טייל פון עולם דערגייט אָט די פאָרשטעלונג צו אַ גרעסערער קלאָרקייט און סומירט זיך אין אַ מער אָדער ווייניקער שטאַרקער איבערצייגונג. די, וואָס האָבן זיך ביז אַהער געוואַקלט צווישן קאָסמאָפּאָליטיזם און נאַציאָנאַליזם (און אַזעלכע איז דאָ זייער אַ סך), קומען צום אויספּיר, אַז די עטישע סופּעריאָריטעט איז נישט אויף דער זייט פון לעצטן. די, וואָס זענען פריער געווען קעגנער פון נאַציאָנאַליזם, באַפעסטיקן נאָך זייער דעה מיט אַ נייער „פּאַקטישער" ראיה. זיי ווייזן אָן דערויף, אַז אפילו אין דעם „סאַמע פאָרויסגייענדיקן לאַנד" האָט דער נאַ־ציאָנאַליזם אָנגענומען אַן אויפרייצנדיקע ריכטונג, אַז צו אַזעלכע רעזול־טאַטן וועט ער ברענגען אומעטום. ווידער די אומאַנטשלאָסענע אָנהענגער פון נאַציאָנאַליזם זענען אין אַ פאַרלעגנהייט צוליב דער לאָגיק פון די גע־שעענישן, וואָס איז „נישט אָפּצופרעגן", און אַ סך פון זיי זענען, דאַכט זיך, גרייט איבערצוגיין אין דער מחנה פון די קעגנער.

איך באַמערק, אַז די דאָזיקע — פאַר דעם נאַציאָנאַליזם אומגינציקע — טענדענץ דאָמינירט אין די אַרויסזאָגונגען פון דער אַלגעמיינער פּרעסע, וואו דאָס וואָרט „נאַציאָנאַליסטן" באַווייזט זיך אַלץ אָפטער, אונטער דער השפּעה פון די דערמאָנטע פראַנצויזישע געשעענישן, אין דער באַגלייטונג פון אַזעלכע עפּיטעטן, ווי „שאָוויניסטן", „רעאַקציאָנערן", „אַנטיסעמיטן" אד"גל. נאָר מער פון אַלץ אינטערעסירט מיך די פראַגע: ווי וועט זיך די דאָזיקע הערשנדיקע טענדענץ אָפּרופן אויף דער אַנטוויקלונג, אָדער, גענוי־ער, אויף דעם באַנעמען און מאָראַלישן אָפּשאַצן די אידעע דורך די יידן. דער פאַקט, וואָס אין פראַנקרייך טרעט איצט דער נאַציאָנאַליזם אַרויס אין

דעם דרייפוס־ענין ברידערלעך געאַרעמט מיטן צעבושעוועטן אַנטיסעמיטיזם, קאָן בלויז פאַרפעסטיקן אין יידישן פאַרשטאַנד די אויבן דערמאָנטע טעות־דיקע אידעען־אַסאָציאַציע.

„דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַליזם איז אונדזער פּערזענלעכער שונא — אַן אַכזריותדיקער, געמיינער, בלוטגיריקער; פונקט אַזאַ פיינטלעכע באַציונג ווייזן אָפּט אַרויס אויך די נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען פון אַנדערע פעלקער; לכן, מוז אין דער עצם אידעע פון נאַציאָנאַליזם זיין עפּעס, וואָס וועקט אין זיינע טרעגער שנאה צו אַנדערע נאַציעס. אויב ווידער אַזוי, איז דער נאַציאָנאַליזם אַן אַנטי־עטישער עלעמענט, און יעדער פאָלק דאַרף זיין געהיט פון אים אין זיין אייגענער סביבה". — אַזוי קאָנען טראַכטן אַ סך יידן, באַליידיקטע אין זייערע בעסטע געפילן דורך דער איצטיקער וואַקכאַנאַליע פון „נאַציאָנאַליזם" אין פראַנקרייך*). און אַזוי אַרום שאַפט זיך בהדרגה אין פאַרשידענע שיכטן פון יידנטום אַ שטאַרקע שטימונג, — שטאַרק מחמת זי איז באַגרינדעט אויף אַ מאָראַלישן פּראָטעסט, — אַ שטימונג, וואָס איז אומבאַדינגט פיינטלעך לגבי דער נאַציאָנאַלער אידעע בכלל. קעגן אַזאַ פאַראַלגעמיינערונג, וואָס שטאַמט פון אַן איינזייטיקער אידעען־אַסאָציאַציע, דאַרף מען קעמפן. מע דאַרף דערווייזן, אַז אין יסוד פון דער אַנגעוויזענער מסקנה ליגט אַ גרינטלעכער טעות.

די, וואָס האָבן געלייענט מיינע פריערדיקע בריוו, וועלן מסתמא נישט דאַרפן קיין סך ראיות. אויב זיי זענען מיטן מחבר מסכים וואָס שייך דער פּסיכאָלאָגישער דערקלערונג פון דער אידעע פון ריינעם נאַציאָנאַליזם, דאַרפן זיי מסכים זיין אויך מיט דער עטישער אָפּשאַצונג פון דער דאָזיקער אידעע, וואָס זיי וועלן געפינען אין די ווייטערדיקע שורות.

2. עס איז פאַראַן אַ טיפע ענלעכקייט אין דער עוואָלוציע פון צוויי גרויסע אידעען — כוחות, די מאָטאָרן פון דער געשיכטע: פון דער רעליגיעזער אידעע און פון דער נאַציאָנאַלער אידעע, נישט געקוקט אויף דעם חילוק אין זייער פּסיכאָלאָגישן מקור. געבוירן דער עיקר דורך דער נויטווענדיקייט צו דערקלערן דאָס אומדערקענלעכע, האָט די רעליגיע דורכגעמאַכט כּלערליי פאַזעס, בשייכות מיט דעם וואוקס פון דער מאַטעריעלער און גייסטיקער קולטור. אָנגעהויבן פון דעם באַרבאַר, וואָס פאַר אים איז די גאַנצע

---

*) זיכער, איז היינט נישט נייטיק צו גיין זוכן אין פראַנקרייך קיין ביישפּילן פון ווילדן, רויבערישן „נאַציאָנאַליזם". אין רוסלאַנד האָט אָט די פּאָן אויפגעהויבן דער סאַמע מיאוסטער טיפּ פון אָבסקוראַנטן — דער שוואַרצמאָהדיקער „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק", וועמעס „נאַציאָנאַליסטישע ענערגיע" האָט זיך אויסגעדריקט אין הונדערטער פּאָגראָמען און „בלוט־בעדער", וואָס האָבן פאַרטונקלט דעם נצחון פון דער פרייהייטס־באַוועגונג אין לאַנד פון זעלבסטהערשאַפט.

וועלט פון דערשיינונגען געווען ניט צו באַגרייפן, פול מיט ניסים און פאַר־באָרגענע כוחות, און אויסגעלאָזט מיטן מאָדערנעם געלערנטן, פאַר וועמען עס שטייט אַנטפּלעקט די גרויסע וועלט פון באַגרייפלעכן מיט זיינע אומ־פאַרענדערלעכע קלאָרע געזעצן, אָבער אַנטפּלעקט נאָר ביז אַ געוויסן גבול, — האָבן הונדערטער מענטשן־דורות געלעבט אונטער דער ממשלה פון כל המינים פאָרמעס פון רעליגיעזן שאַפן. און דאָ מערקט זיך אָן יענער בהדרגהדיקער איבערגאַנג פון גשמיותדיקן צו רוחניותדיקן, וואָס איז אָנגע־וויזן אויבן אין דעם גענעזיס פון דער נאַציאָנאַלער אידעע (זע בריוו 1).

פונקט ווי די נאַציע איז איבערגעגאַנגען פון די אוראַלטע השפעות פון ראַסע, באָדן און קלימאַט צו די פאַקטאָרן פון פּאָליטישער געמיינשאַפט, און קריסטאַליזירט זיך דערנאָך אין אַ גייסטיקן אָדער קולטור־היסטאָרישן טיפּ, אַזוי איז אויך די רעליגיע געגאַנגען פון מגושמדיקן פעטישיזם צו דעם מער פיינעם, סימבאָלישן פּאָליטעיזם, שפּעטער צום מאָנאָטעיזם (אַ ריינעם אָדער מיט אַ געצנדינערישן צומיש) מיט אַן איבערוואָג פון טעמפּל־ריטואַל אָדער קולט, ביז זי האָט לסוף אָראָפּגעריסן אירע פּילצאָליקע שאָלעכצן און פּרע־זענטירט זיך פאַר דעם קלאָרן שכל אין דער פאָרם פון אַ מעכטיקער קראַפט — אַ שאַפנדיקן גייסט, וואָס האָט אַ הויכן פּסיכאָלאָגישן ווערט, אומאָפּ־העננגיק פון אירע צופעליקע אויסערלעכע אויסדרוקן. ס'איז געווען אַ מאָ־מענט, ווען די ראַציאָנאַליסטישע פילאָזאָפיע און דער פּאָזיטיוויזם האָבן אָנגולנע אָפּגעשאַפן דעם גאַנצן רעליגיעזן וועלט־באַנעם און אויף די חורבות פון דער „טעאָלאָגישער פאַזע" (ביינאַנד מיט דער „מעטאַפיזישער") האָבן זיי אויפגעהויבן דעם שטאָלצן בנין פון דער פּאָזיטיווער וויסנשאַפט. אָבער פאַרשיכורט מיטן טריומף פון וויסנשאַפטלעכן דענקען, האָבן די ראַציאָנאַ־ליסטן און פּאָזיטיוויסטן פאַרגעסן, אַז מחוץ דעם ליכטיקן גבול פון באַ־גרייפלעכן (און מיט רעכט שטאָלצירט די מענטשהייט צוליבן אומאויפהער־לעכן אויסברייטערן אָט דעם געביט), איז אָבער נאָך דאָ — און ס'וועט תמיד זיין — אַ טונקעלער געביט פון אומבאַגרייפלעכן, וואו די רעליגיעזע שאַפּינג וועט אין דער אָדער יענער פאָרם אומבאַדינגט געוועלטיקן איבער די מוחות פון זוכנדיקע. די, וואָס האָבן פאַרשטאַנען די פּסיכישע נויטווענדיקייט פון רעליגיע, ווי אַ קאַטעגאָריע פון איבערחושימדיקער דערקענטעניש, די זאָגן זיך אָפּ פון דעם נאַיוון געדאַנק אָפּצושאַפן דעם רעליגיעזן פאַקטאָר; פאַר־קערט, זיי פירן אים אריין אין געביט פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג און שאַצן אָפּ אָביעקטיוו זיין ראָליע אין דער אַנטוויקלונג פון יחיד און פון דער געזעלשאַפט. אַזוי געשעט אויך מיט דער נאַציאָנאַלער אידעע: די וויסנ־שאַפטלעך דענקענדיקע מוחות גייען אריבער פון דעם פאַרלייקענען אָט די אידעע צום אויספאָרשן און באַיאָען זי, ווי אַ גרויסן קולטור־היסטאָרישן פאַקטאָר, וואָס טראָגט אריין זיין חלק אין דעם רעזולטאַט פון דער מענטש־לעכער עוואָלוציע.

אָבער הויך דער פּסיכישער אַנאַלאָגיע צווישן דער רעליגיעזער און נאַ־צ׳יאָנאַלער אידעע, איז נאָך דאָ אַ מער בולטע עטישע אַנאַלאָגיע. אָן ספק, אַז אין יענעם ליידנשאַפטלעכן קאַמף קעגן דעם רעליגיעזן וועלטבאַנעם, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבן אין 18טן יאָרהונדערט, איז געקומען צום אויסדרוק דער פּראָטעסט נישט בלויז פון דעם באַפרייטן פאַרשטאַנד, נאָר אייך פון דעם אויפגעבראַכטן מאָראַלישן געפיל. אַז דער פאַרשטאַנד האָט צעריסן די קייט פון קירכלעכע לעגענדעס, וואָס האָט אים געהאַלטן געפּענ־טעט, האָט ער דערזען אין זיי אַ סך זאַכן פאַלשע, סתירותדיקע, הפקרדיקע, — און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אַ נייער, זעלבשטענדיקער דערקענטע־ניש פון דערשיינונגען, אָן דער הילף פון אויטאָריטעטן. אָבער דאָזיקער אינ־מעלעקטועלער פּראָטעסט וואָלט נישט געהאַט אַזאַ דערפאָלג, ווען צו אים וואָלט נישט צוגעקומען דער מאָראַלישער פּראָטעסט. מענטשן האָבן זיך דערמאָנט אין אַלע מיטלאַלטערלעכע גרוילן, וואָס זענען אָפּגעטאָן געוואָרן אין נאָמען פון רעליגיע: די תפיסה־קעלערן, פּייניקונגען און שייטערס פון דער אינקוויזיציע, דער דעספּאָטיזם פון די קירכן־פירשטן, די פאַרדאָרבנקייט פון די גייסטלעכע, די רשעותדיקע אומטאָלעראַנץ צו אַלעם אַנדערש גלויבי־קן און אַנדערשדענקענדיקן; זיי האָבן דערזען אַרום זיך די נעצן פון ליגן, צביעות און שווינדלעריי, וואָס זענען אויסגעשפּינט געוואָרן דורך די יעזו־איטן און זייערס גלייכן, פאַנאַטיקער פון אַלע אמונות, — און ס׳האָט זיך ביי מענטשן געשאַפן אַזאַ איבערצייגונג: אויב די רעליגיע, וואָס סאַנקציאָ־נירט די מאָראַל, פאַרלעצט זי אַזוי ברוטאַל אין דער ווירקלעכקייט און טוט דערמיט אָן אַזוי פיל שאָדן, איז זי, הייסט עס, אין תוך נישט אויסגעהאַלטן און אומטויגלעך.

די אַלע, וואָס האָבן אַזוי געטראַכט, האָבן נישט באַמערקט, אַז איבער זייער פאַרשטאַנד געוועלטיקט נאָר איינע אָן איינגעוואוינטע פאָרשטעלונג־אַסאָציאַציע, אַ געשאַפענע דורך צייטווייליקע היסטאָרישע אומשטענדן.

זיי האָבן געדרונגען וועגן דעם מהות פון רעליגיע לויט אירע קירכ־לעכע פאָרמען אָדער לויט דער אויפפירונג פון אירע פאָרשטייער, וואָס דער רוב זייערער זענען געווען מענטשן, וועלכע האָבן פאַרקריפּלט אָט דעם מהות צוליב אַ שטרויכלונג אָדער צוליב אייגננוציקע צוועקן. מען האָט פאַרגעסן, אַז אַפילו גאָר אַ געהויבענער אמת קאָן אין די הענט פון שלעכטע אָדער פּינצטערע מענטשן ווערן אַ ווערקצייג פון בייז און שכל־פאַרטונקלעניש. עס וואָלט זיך געלוינט זיי צו דערמאָנען, אַז אין איין און דעם זעלבן יאָרהונדערט זענען אין נאָמען פון דער קריסטלעכער אמונה אַרויסגע־טראָטן אי דער איידעלער קעמפער יאָהאַן הוס אי דער גרויסער רשע טאָרקוועמאַדאַ, ביידע הייסע גלייביקע, — דאָס איז גענוג צו פאַרשטיין, אַז מיט רעליגיע קאָן זיך בינדן אין איין פאַל דער העכסטער נצחון פון מאָראַלישן געפיל, און אין אַ צווייטן פאַל — זיין פולע ירידה. דערפון וואָלטן זיי געדרונגען, אַז נישט די רעליגיע־אידעע איז געווען די סיבה

פון אַט די סתירותדיקע דערשיינונגען, נאָר די פאַרשיידענע אופנים פון באַנעמען און אָנווענדן זי אין פאַרשיידענע גייסטיקע און געזעלשאַפט־לעכע באַדינגונגען. צו אַזאַ אָביעקטיוון אויספיר זענען געקומען ניכטערע מוחות, וואָס זענען מסוגל געווען צו צעטרייבן דעם נעפּל פון רגילותדיקע אידעען־אַסאָציאַציעס. און היינט צו טאָג קאָנען נאָר אייבערפלעכלעכע מענטשן האַלטן, אַז מיט דער רעליגיע גופא, ווי אַ געפיל אָדער אידעע, איז אָרגאַניש פאַרבונדן עפּעס, וואָס איז אַנטי־עטיש. פאַרקערט, וואָס טיפער עס דרינגט אַריין די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג, אַלץ קלאָרער ווערט, אַז די ריינע רעליגיע, וואָס איז אין אַלטערטום אַרויסגעקומען מיט די העכסטע מאָראַלישע אידעאַלן, וואָלט נאָך אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט געקאָנט שפּילן אַ ראָליע פון אַ גרויסן עטיזירנדיקן כוח.

דער געפערלעכער קריזיס, וואָס האָט זיך פאַר דער רעליגיעזער אידעע געענדיקט בשלום, איז נאָך פאַר דער נאַציאָנאַלער אידעע נישט פאַרביי. די נאַציאָנאַלע אומטאָלעראַנץ בושוועט נאָך אָפט אין אונדזער צייט מיט דעם זעלבער קראַפט כמעט, ווי אַמאָל — דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם. ס׳איז גענוג אָנצואווייזן אויפן שאַרפן נאַציאָנאַלן קאַמף צווישן די דייטשן און די סלאַווען אין עסטרייך, די פּרייסן און פּאָליאַקן אין פּויזנער פּראָ־ווינץ, אויף די מעשים פון די פראַנצויזישע נאַציאָנאַליסטן (אין פאָטער־לאַנד און באַזונדערס אין אַלזשיר), לסוף אויף די מעשים פון די רוסישע פּאָגראָם־פּאַטריאָטן, — כדי צו פאַרשטיין, ווי ווייט עס קאָנען דערגיין די נאַציאָנאַלע ליידנשאַפטן. און צוקוקנדיק דאָס אַלץ, הייבן אָן אויפ־ריכטיקע און ערלעכע מענטשן זיך דורכצודרינגען מיט אַן אומצוטרוי צו נאַציאָנאַליזם בכלל, אַ טייל פּאַראורטיילט אים אפילו שאַרף, ווי אַן עלע־מענט אַ שעדלעכן, אַן אַנטיסאָציאַלן.

נאָר אַ סך אַזעלכע איבערצייגטע קעגנער פון נאַציאָנאַליזם האָבן זיך געמוזט באַווייזן צווישן די געבילדעטע יידן, ווייל די דערפאַרונג האָט זיי דערוויזן, אַז יעדער אויפפלאַם פון די נאַציאָנאַלע ליידנשאַפטן אין וואָסער־ס׳איז פעלקערשאַפט ברענגט קודם־כל צום פאַרערגערן די באַציונג פון אַט דעם פאָלק צו די יידן, וואָס לעבן אין זיין סביבה. די נטיה צום קאָס־מאָפּאָליטיזם, וואָס האָט ביז נישט לאַנג געוועלטיקט אין אונדזערע קול־טורעלע שיכטן, דערקלערט זיך בעיקר טאַקע מיט אַט דעם ווידערווילן צו די ניט־הומאַנישע און רעאַקציאָנערע באַגלייט־דערשיינונגען פון נאַציאָ־נאַליזם. נישט דער מהות פון דער נאַציאָנאַלער אידעע שטויסט אָפּ פון זיך אַ סך מענטשן, נאָר די באַגלייט־דערשיינונגען פון געוואַלט און אומ־יושר, ד״ה, די עטישע פאַרקריפּלונג פון דער אידעע...

אָבער ס׳איז דאָך שוין צייט אָפּצוואַרפן די השפעה פון דער איינ־זייטיקער, כאָטש אָפט זיך איבערהזרנדיקער, אידעען־אַסאָציאַציע. מע קאָן האַלטן פאַר שעדלעך די געגעבענע פאָרמען פון נאַציאָנאַליזם, און אין דער

אייגענער צייט שעצן הויך זיינע ריינע אויסדרוקן, די פּסיכאָלאָגיש באַרעכטיקטע און עטיש דערהויבענע. שטייט דען די רעליגיעזיטעט פון הוסן אונטער אַ חשד דערפאַר, ווייל טאָרקוועמאַדאַ איז ארויסגעטראָטן אין נאָמען פון רעליגיע? קאָן מען דען שטעלן אונטער אַ ספק די נאַציאָנאַלע אידעאַלן פון קאָשוטן אָדער גאַריבאַלדי, דערפאַר ווייל שאָוויניסטן כמו שענערער און וואָלף, דריומאָן און ראָשפאָר, טרעטן אויך אַרויס אין נאָמען פון נאַציאָנאַליזם?

אין וואָס זשע איז דאָ דער חילוק? אין איין פאַל (הוס) קעמפט אַ מענטש פאַר זיינע הייליקע איבערצייגונגען, און אין צווייטן פאַל (טאָרקוועמאַדאַ) שטרעבט אַ מענטש מיט געוואַלט עוקר מן השורש צו זיין די הייליקע איבערצייגונגען פון אַנדערע מענטשן און אויפצווינגען זיי די אייגענע. אין איין פאַל באַשיצן די קעמפער די פּאַרזיכיקייט און אומאָפּהענגיקייט פון אייגענעם פאָלק, און אין צווייטן פאַל שטרעבן באַצווינגער צו דערשטיקן די פּאַרזיכיקייט פון אַ פרעמדן פאָלק, אויסניצנדיק זיין קנאַפּצאָליקייט און פּאָליטישע אָפּהענגיקייט. זענען דען דאָס נישט — צוויי קעגנגעשטעלטע עטישע פּאָלוסן? דראַנג נאָך פרייהייט אויף איין זייט, און שפּיץ פון דעספּאָטיזם אויף דער אַנדערער; קעמפער פאַר רעכט אויף איין זייט, און טרעגער פון גוואַלט אויף דער אַנדערער, — און אָט די מאָראַלישע אַנטיפּאָדן טרעטן אַרויס אונטער איין און דער זעלבער פאָן פון „נאַציאָנאַליזם"! דאַרף, הייסט עס, זיין אַן עטישער קריטעריו פון נאַציאָנאַליזם, וואָס זאָל באַשטימען, וואָס איז אין גוט און וואָס שלעכט.

דער דאָזיקער קריטעריו איז שוין אָנגעוויזן אין די פריערדיקע „בריוו". דאָרט זענען אויך געגעבן געוואָרן די פאַרשיידענע נעמען פון די פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע פּאָלוסן פון נאַציאָנאַליזם. דער ערשטער איז אָנגערופן געוואָרן „נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליזם", און דער צווייטער — „נאַציאָנאַלער עגאָיזם". דער ערשטער איז אַן עטישער פּלוס, דער צווייטער — אַ מינוס. באַשטיין אויף זיין אינדיווידועלער פרייהייט איז אַ באַדערפעניש פון יעדער הויך אַנטוויקלטער פּערזענלעכקייט, צי דאָס איז אַ יחיד, צי איז דאָס אַ גאַנץ פאָלק. דערשטיקן אין אַ צווייטן מענטשן זיין אינדיווידואַליטעט און אָנוואַרפן אים די אייגענע — דאָס איז פּונקט אַזוי אויפרעגנדיק, ווי די שטרעבונג ביי די מיטלאַלטערלעכע פאַנאַטיקער פון דער קירכע אויפצוצווינגען די אַנדערשגלייביקע זייער רעליגיע.

צוזאַמענשטויסן און געוואַלט זענען מעגלעך נאָר ביי דער שליטה פון נאַציאָנאַלן עגאָיזם, אָבער נישט פון אינדיווידואַליזם. אַזעלכע צוזאַמענשטויסן זענען מעגלעך אין די ווייטערדיקע מינים: 1) אַ קאַמף צווישן צוויי נאַציאָנאַלע עגאָיזמען, דאָס הייסט, צווישן צוויי פעלקער, וואָס איטלעכס פון זיי שטרעבט צו דעראָבערן פאַר זיך די בכורה אָדער די

אייבערמאכט איבער צווייטן; דאָס איז אַ קאַמף צווישן צוויי רויב־חיות, וואָס דערפירט צו פעריאָדישע צעשטערערישע מלחמות און צו דעם כסדר־דיקן בייז פון מיליטאַריזם; 2) אַ קאַמף פון אַ נאַציאָנאַלן עגאָיזם קעגן אַ נאַציאָנאַלן אינדיווידואַליזם, ד"ה, אַ שטרעבונג פון אַ שטאַרקן פאָלק צוצונעמען די פּאָליטישע פרייהייט אָדער די קולטור־אויטאָנאָמיע ביי אַ צווייטן, שוואַכערן פאָלק, און עס אונטערטעניק מאַכן צו זיך; דאָ פאַרלעצט דער אָנפאַלנדיקער צד די סאָציאַלע עטיק; דער צד, וואָס ווערט זיך, שיצנדיק זיין פרייהייט און פאַרזיכיקייט, ראַנגלט זיך פאַר רעכט און גערעכטיקייט; על כן, 3) דאָס באַשיצן דעם נאַציאָנאַלן אינדיווידואַליזם איז אַ נויטווענדיקער תנאי פאַר פרייהייט און פּראָגרעס.

פרעגט זיך איצטער — אין וואָסערע פאָרמען איז מעגלעך אַ צוזאַמענ־שטויס צווישן צוויי נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליזמען? אינדיווידואַליזם באַ־טייט די שטרעבונג פון יעדען איינצוהיטן זיין אינערלעכע און אויסער־לעכע פרייהייט, מיטן תנאי, בכל אופן, נישט צו שטערן דער פרייהייט פון **אַנדערע אינדיווידן** (אַנדערש וואָלט ער מגולגל געוואָרן אין עגאָיזם). כדי מקיים צו זיין אָט דעם תנאי, מוז מען באַשטימען די ספערעס פון דער געזעצלעכער אויטאָנאָמיע פאַר יעדער אינדיווידו־נאַציע און אויך פעסטשטעלן יענעם גבול, מחוץ וועלכן עס הייבט זיך שוין אָן דאָס אַריינדרינגען אין דעם שטח פון אַ פרעמדער אויטאָנאָמיע. מע קאָן זיך אַמפּערן נאָר מכוח דער צעגרענעצונג פון די אויטאָנאָמיע־ספערעס; אָבער ווען די דאָזיקע צע־גרענעצונג איז שוין גענוי פעסטגעשטעלט דורך געזעצגעבערישע אַקטן און האָט זיך שוין איינגעוואָרצלט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן רעכטבאַוואוסט־זיין, — ווערט די סכנה פון קאָנפליקטן קלענער, און די וואַרשיינלעכקייט פון פרידלעכן פעלקער־צוזאַמענלעבן פאַרגרעסערט זיך. אויב עס טרעפט זיך בערך זעלטן אַ ריינער אינדיווידואַליזם, אָן אַ צומיש פון עגאָיזם, איז עס פאַרט דער אידעאַל, צו וועלכן מע קאָן זיך דערנעענטערן און צו וועלכן מע דאַרף, לכל הדעות, שטרעבן.

און אַמנאָענטסטן צום אידעאַל איז דער יידישער נאַציאָנאַליזם, וואָס איז לויט דעם מהות זיינעם אַ גייסטיקער, וואָס שטרעבט צו זעלבסטפאַר־טיידיקונג, און נישט צו אָנגריף. אפילו די פרעדיקער פון אוניווערסאַליזם מוזן, נישט ווילנדיק, מודה זיין, אַז אין מאָמענט ווען אַ פאָלק קעמפט פאַר זיין עקזיסטענץ, דערשיינט דער נאַציאָנאַליזם ווי אַ בילד פון העלדישער גרויסקייט און איידלקייט*); אַז די נאַציאָנאַלע אידעע ווערט דערהויבן,

---

*) אַן אויסדרוק פון איינעם פון די גרינדער פון דער „דייטשישער געזעלשאַפט פאַר עטישער קולטור", פּראָפ. ב. פערסטער, אין זיין בראָשור (דייטש): „צור עטיק דעס נאַציאָנאַליסמוס אונד דער יודענפראַגע". בערלין, 1893, ז' 7.

ווען זי שטרעבט צו „גייסטיקע ווערטן, וואָס צוליב דעם מהות זייערן שליסן זיי אויס די מעגלעכקייט פון שלעכטע מיטלען אויף זיי צו דערווערבן"**).
און וואָס איז דען די גאַנצע יידישע געשיכטע פון די לעצטע 18 יאָר־הונדערטן, אויב נישט קיין העלדישער געראַנגל פון אַ קולטור־נאַציע פאַר איר אינערלעכער פרייהייט, אַ קאַמף, וואָס ווערט געפירט נישט מיטן כוח פון כלי־זין, נאָר אויסשליסלעך מיטן כוח הרוח; אַ קאַמף פאַר יענע „גייסטיקע ווערטן", וואָס לויט דעם מהות זייערן „קאָנען זיי נישט דער־וואָרבן ווערן מיט שלעכטע מיטלען"? — דער אידעאַל פון אַ גייסטיקער נאַציע איז עטיש אין זיין מהות — און דאָס טאַקע איז דער נאַציאָנאַלער אידעאַל פון יידנטום.

3. דער רוסישע פילאָסאָף וול. סאָלאָוויאָוו דעפינירט אַזוי דעם עטישן ווערט פון דער ריינער נאַציאָנאַלער אידעע:

„זאָל זיין, אַז דער דירעקטער אָביעקט פון מאָראַלישע פאַרהעלטע־נישן איז די באַזונדערע פּערזאָן. אָבער אין אָט דער פּערזאָן גופא באַ־שטייט דאָך די אייגנאַרטיקייט אין דער פאָלקישקייט אירער (אין דעם פּאָזיטיוון זינען פון כאַראַקטער, טיפּ און שעפערישן כוח). דאָס איז נישט בלויז אַ פיזישער פאַקט, נאָר אויך אי אַ פּסיכישע אי אַ מאָראַלישע דע־פיניציע. אויף דעם אַנטוויקלונגס־שטאַפּל, וואָס די מענטשהייט האָט דערגרייכט, פאַרפעסטיקט זיך די אָנגעהעריקייט פון אַ געגעבענעם יחיד צו אַ באַשטימטער נאַציאָנאַליטעט דורך זיין אייגענעם אַקט פון זעלבסט־באַוואוסטזיין און ווילן. אַזוי אַרום איז נאַציאָנאַליטעט אַן אינערלעכע, אינטעגראַלע אָנגעהעריקייט פון דער דאָזיקער פּערזאָן, דאָס, וואָס איז פאַר דער פּערזאָן טייער און וויכטיק אין דער העכסטער מדרגה. איז ווי זשע קאָן איך שטיין אין אַ מאָראַלישער פאַרהעלטעניש צו אָט דער פּערזאָן, אויב איך וויל נישט אָנערקענען די עקזיסטענץ פון דעם, וואָס איז פאַר איר אַזוי באַדייטונגספול? דער מאָראַלישער פּרינציפּ גיט מיר נישט קיין רעכט צו פאַרוואַנדלען אַ פאַקטישע פּערזאָן, אַ לעבעדיקן מענטשן, מיט זיין יסודותדיקער, נישט אָפּצונעמען, נאַציאָנאַלער דעפיניציע, — אין עפּעס אַן אויסגעהוילטן אַבסטראַקטן סוביעקט, הפקרדיק אויסטיילנדיק פון אים די תוכיקע אייגנאַרטיקייטן זיינע. אויב איך דאַרף אָנערקענען די זעלבסטווערדע פון אָט דער פּערזאָן, בין איך מחויב צו אָנערקענען אַלדאָס פּאָזיטיווע, מיט וואָס ער פאַרבינדט זיין חשיבות; און אויב איך האָב ליב אַ מענטשן, דאַרף איך ליב האָבן זיין פאָלקישקייט, וואָס ער האָט ליב, און פון וועלכער ער טיילט זיך נישט אָפּ. דער העכסטער מאָראַלישער אידעאַל פאָדערט, מיר זאָלן ליב האָבן אַלע מענטשן, ווי זיך אַליין; היות אָבער די

**) וול. סאָלאָוויאָוו. (רוסיש) „די באַרעכטיקונג פון גוטס", „זיטן־פילאָסאָפיע" (רוסיש), פּעטערבורג, 1897, ז' 362.

מענטשן עקזיסטירן נישט מחוץ זייערע נאַציאָנאַליטעטן, און דער דאָזיקער באַהעפט איז שוין געוואָרן אַ מאָראַלישער, אַן אינערלעכער, און נישט בלויז אַ פיזישער — איז דער לאָגישער אויספיר דערפון אַזאַ, אַז מיר דאַרפן ליב האָבן אַלע נאַציאָנאַליטעטן, אַזוי ווי די אייגענע*).

אין אָט דער דעפיניציע פון נאַציאָנאַלער עטיק איז דער פילאָסאָף־אידעאַליסט אומבאַמערקט אַריבער פון פאָדערן אַ מינימום פון דעם נאַציאָנאַלן אַלטרואיזם צום פאָדערן זיין מאַקסימום, וואָס איז אויסגעדריקט אין דער לעצטער, אונטערגעשטראָכענער פאָרמולע. לאָזנדיק אין אַ זייט דעם דאָזיקן באַשטרייטלעכן מאַקסימום (וועגן אים וועט זיין אַ רייד שפּעטער), וועלן מיר אוודאי אַלע מסכים זיין אויף דער אומבאַשטרייטלעכקייט פון דער מינימאַלער פאָרמולע: אַז אַ מאָראַלישע באַציונג צו אַ פּערזענלעכקייט איז אומבאַדינגט כולל דאָס אָנערקענען אירע אינטעגראַלע נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייטן און דאָס רעכט פריי אויסצודריקן זיי אין פאָרמען, וואָס זענען נישט אין סתירה צו די יסודות פון געזעצלעכקייט און גערעכטיקייט. ווי אַ קריטעריע פון געזעצלעכקייט דאַרף אין געגעבענעם פאַל דינען אַזאַ הנחה: די פאַרווירקלעכונג־ספערע פון מיינע נאַציאָנאַלע רעכט גרייכט ביז דעם גבול, מחוץ וועלכן עס הייבט זיך שוין אָן דאָס אָנרירן די נאַציאָנאַלע רעכט פון מיינע אַנדערש־אָפּשטאַמיקע שכנים. אויב מע זאָל, ביי אַזאַ תנאי, האַלטן פאַר עטיש און געזעצמעסיק דעם פּרינציפּ פון פאָלקישקייט אָדער נאַציאָנאַלישקייט, מוז מען האַלטן פאַר ריכטיק אויך דעם נאַציאָנאַליזם, ווי אַן אָנשווייונגען־סיסטעם, וואָס איז באַזירט אויף אָט דעם פּרינציפּ. בינו לבינו האָט זיך אָבער אין דער פּובליציסטיק איינגעשטעלט אַ מין אָפּגעראַדטע דיפערענצירונג פון די צוויי טערמינען: „נאַציאָנאַליטעט" ווערט גענוצט אין פּאָזיטיוון זינען, „נאַציאָנאַליזם" — אין נעגאַטיוון. דער זעלבער סאָלאָוויאָוו אונטערשיידט אין זיינע פּאָליטישע ווערק „נאַציאָנאַלע באַוועגונגען", ווי פּראָגרעסיווע, פון „נאַציאָנאַליסטישע" אָדער רעאַקציאָנערע. פאַר אים „איז פאָלקישקייט אָדער פאָלקס־כאַראַקטער אַ פּאָזיטיווער כוח, וואָס איז ספּעציפיש פאַרן גאַנצן פאָלק און טרעט אַרויס באַזונדערס ביי זיינע בעסטע מענטשן", און „נאַציאָנאַליזם — אַ נישט־פאַרגינערישע און אָנגעשטרענגטע זאָרגעוודיקייט פאַר דער אייגענער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט, אַ פאַרשטאַרקטע רייצונג פון נאַציאָנאַלן עגאָיזם". דער אויספיר פון אָט דער גאַנצער קלאַסיפיקאַציע איז דער, אַז נאַצאָנאַליטעט איז אַן אידעאַל, און נאַצאָנאַליזם — אַן אָפּגאָט אָדער געצנדינעריי*).

---

*) דאָרט, קאַפּי 11: „די נאַציאָנאַלע פראַגע פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט". ז"ז 387—388.

*) סאָלאָוויאָוו: „די נאַציאָנאַלע פראַגע אין רוסלאַנד" (רוסיש). ז"ז

איך מיין, אַז אַזאַ מין וואָרט־דיפערענצירונג, וואָס שטיצט זיך בלויז אויף גראַמאַטישע סופיקסן צו איין און דעם זעלבן שורש, איז אין אַ וויסנשאַפטלעכער טערמינאָלאָגיע נישט דערלאָזלעך, ווייל זי ברענגט אַ סכנה נאָך גרעסער צו מאַכן יענעם אידעישן פּלאָנטער, וואָס איז דאָ אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אָט, אַ שטייגער, האַלט דער אָרנטלעכער רוסי־שער פילאָסאָף פאַר שענדלעך דעם עפּיטעט „נאַציאָנאַליסט", מיט וועלכן עס האָבן שטאָלצירט מאַציני און גאַריבאַלדי, בעת די השגות פון אַלע דריי וועגן דער ריינער אידעע פון נאַציאָנאַליטעט זענען צוגלייך דערהויבן. פון דער אַנדערער זייט, לייענענדיק גלייכצייטיק די צייטונג־ידיעות, אַז סיי אין אירלאַנד סיי אין פראַנקרייך האָבן אָפּגעהאַלטן אַ זיג די „נאַציאָנאַ־ליסטן", — לעבט איר איבער אַ טאָפּלט געפיל: איר פרייט זיך מיטן דער־פאָלג פון די אירלענדישע נאַציאָנאַליסטן און האָט עגמת־נפש צולין זיג פון די גלייכנאָמענדיקע פראַנצויזישע דעפּוטאַטן. פאַרוואָס זשע? דערפאַר ווייל דאָ גייט עס וועגן צוויי קעגנזעצלעכע „נאַציאָנאַליזמען": אַ באַפריי־ערישן און אַ באַדריקערישן, אַ פאַרטיידיקערישן און אַן אָנגרייפערישן, אַן אינדיווידואַליסטישן און אַן עגאָיסטישן.

טויזנט מאָל איז גערעכט סאָלאָוויאָוו, אַ פאָרשטייער פון גרויסרוסישן פאָלק, ווען ער פאַרגלייכט צו נאַציאָנאַלן עגאָיזם „די נישט־פאַרגינערישע און אָנגעשטרענגטע זאָרגעווודיקייט וועגן דער אייגענער נאַציאָנאַלער אייגנ־אַרטיקייט", — ער איז גערעכט פון שטאַנדפּונקט פון זיין פאָלק, וואָרעם דעם גרויסרוסישן „הערשנדיקן" פאָלק איז אַזאַ „נישט־פאַרגינערישע זאָרג־עווודיקייט" נישט נייטיק, און נייטיק איז זי סיידן די פּאָבּיעדאָנאָסצעוו און סואוואָרינס, כדי צו דערשטיקן אַלץ נישט־רוסישס, אין נאָמען פון לאָזונג: „רוסלאַנד פאַר די רוסן!" אָבער סאָלאָוויאָוו וואָלט געוועזן טיף אומגערעכט, אויב אים וואָלט איינגעפאַלן אָנצואווענדן דעם זעלבן פּסק־דין צו די מינדערהייט־נאַציעס אין רוסלאַנד, וואָס האַלטן זיך קוים אדאנק מאַקע דער „אָנגעשטרענגטער זאָרגעווודיקייט וועגן זייער נאַציאָנאַלער אייגנ־אַרטיקייט". אַז אַ פּאָליטיש אָפּהענגיקע אָדער אונטערגעדריקטע נאַציע רוקט אַרויס אירע „נאַציאָנאַליסטן", לייגט עס זיך לחלוטין אויפן שכל, וואָרעם זי דאַרף קעמפן פאַר איר פאָלקישקייט און אינערלעכער אויטאָנאָ־מיע קעגן דער הערשנדיקער נאַציע, וואָס שטרעבט אָפּצושוואַכן זי אָדער איינצושלינגען. ווען אָבער אַ נאַציע, וואָס איז אין דער געגעבענער מלוכה די בכורה־נאַציע, וואָס איר שטייט נישט פאָר קיין סכנה פון פאַריאָכונג אָדער איינשלינגונג מצד די קלענערע נאַציאָנאַלע גרופּעס, שאַפט אירע „נאַציאָנאַליסטן"־קאַדרען, — הייסט עס, אַז זי גרייט זיך נישט צו פאַר־

---

19, 66 (פעטערבורג, 1884; אויספירלעכער אין דער נייער אויסגאַבע פון 1904); פאַרגל. זיין אַרטיקל „די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען" אין ענציקלאָ־דישן ווערטערבוך פון בראָקהאַוז־עפראָן.

טיידיקונג, וואָס איז איר לגמרי נישט גייטיק, נאָר צו אָנפאַל, צו איינ־ האַלטן איר מצב פון אַ „הערשנדיקער נאַציע" דורך דערשטיקן די זעלב־ שטענדיקייט פון די „אונטערגעאָרדנטע" נאַציעס; זי וויל רוסיפיצירן, גערמאַניזירן, ד"ה, אויפצווינגען די קלענערע פעלקער איר שפּראַך, שול, פּאָליטישע באַשטרעבונגען. פאַרשטייט זיך, אַז כדי צו באַרעכטיקן זייערע שטרעבונגען, דערקלערן די פאָרשטייער פון דעם וואָלפישן נאַציאָנאַליזם, אַז די נאַציעס־שעפּסן „מאַכן טריב זייער וואַסער" (דריומאָן און חברותא פאַרזיכערן, אַז דאָס גאַנצע פראַנצויזישע פאָלק איז אויסגעשטעלט אויף סכנות צוליב דעם הייפל פון הונדערט טויזנט יידן, וואָס שטעקט אין זיין אָרגאַניזם; די רוסישע יודאָפאָבן געוואַלדעווען מכוח דעם פאַרכאַפּן רוס־ לאַנד דורך די יידן; און די דייטשע האקאַטיסטן אין פּרייסיש פּוילן קלאָגן, אַז די פּאָליאַקן שטויסן זיי אַרויס), — אָבער נאָך אַ קורצער אויפקלערונג, בנוסח קרילאָוו'ס משל, ווייזט זיך שטענדיק אַרויס, אַז די Ultima ratio (אולטימאַ ראַציאָ — ענדגילטיקע רעכט, פאַרענטפערונג.—איב.) פון דעם נאַציאָנאַליסט־רויב־חיה באַשטייט אין אַפאָריזם: „איך וויל דיך אויפעסן!" אין אַזוינע פאַלן ווערט אָפט דער טערמין „נאַציאָנאַליסט" פאַרביטן אויף „פּאַטריאָט", און די אונטערדריקונג פון דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט דורך דער מערהייט ווערט באַרעכטיקט מיט ליבע צום פאָטערלאַנד, ד"ה, נישט צו דער געמיינשאַפט פון אַלע פעלקער, פון וועלכע דאָס פאָטערלאַנד באַשטייט, נאָר צו דעם „הויפּט־פאָלק", וואָס האָט אַמאָל, אַדאַנק זיין צאָלרייכקייט אָדער ברוטאַלער קראַפט פון געווער, פאַרכאַפּט די מאַכט און „געבויט די מלוכה". און מיר אַלע זיינען אויף אַזוי וויט געוואוינט צו פאַרבינדן אַזאַ מין פּאַטריאָטיזם אָדער נאַציאָנאַליזם מיט דער פאָר־ שטעלונג וועגן ברוטאַלער געוואַלט און פּאָליטישער טיראַניע, אַז מיר פאַרשטייען גוט די מאָטיוון פון יענע ליבעראַלע מיטגלידער פון די הערשנדיקע נאַציעס, וועלכע דערקלערן בקול רם: מיר זענען נישט קיין נאַציאָנאַליסטן און נישט קיין „פּאַטריאָטן". דאָס וואָרט „פּאַטריאָטן" נעמט מען דערביי אַריין לכל הפּחות אין גענדזנפיסלעך, כדי אָנצואווייזן, אַז עס קאָן עקזיסטירן אויך אַ נישט־רויבערישער פּאַטריאָטיזם; ווידער דאָס וואָרט „נאַציאָנאַליזם" ווערט אָפּגעוואָרפן אָן שום תנאי, ווי אַ טעכ־ נישער טערמין צו באַצייכענען שאָוויניזם און גראָבע אומטאָלעראַנץ*).

*) פון די רוסישע פובליציסטן האָט אין די לעצטע יאָרן זיך באַזונ־ דערס אויסגעצייכנט דער ה' יוזשאַקאָוו מיט זיינע אַרויסטרעטונגען קעגן נאַציאָנאַליזם, אין „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ". באַקעמפנדיק דעם ציוניזם ווי אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג, האָט דער ה' יוזשאַקאָוו צונויפגעמישט אין איין קופּע אַלע מינים נאַציאָנאַליזם און ער מאַכט אַזאַ פאַראַלגעמיינערונג: „דער נאַציאָנאַליזם האָט זיך זיין לאָגיק, און דער, וואָס וויל דינען דער זאַך פון אמת און געוויסן, דאַרף זיך גוט אָפּהיטן פון יעדער באַרירונג מיטן

אויף די אַלע דערקלערונגען מצד די בעסטע פֿאָרשטייער פֿון די „הער־שנדיקע נאַציעס“ וואָלט דער ייד געקאָנט ענטפֿערן קאַטעגאָריש:

„איר זענט, פֿון אייער שטאַנדפּונקט, לחלוטין גערעכט. איך אויף אייער אָרט, וואָלט איך געווען אַ רוס, אַ פּריים, אַ פֿראַנצויז, אַן ענגלענ־דער, — וואָלט איך זיך אויך געשעמט מיטן נאָמען „נאַציאָנאַליסט“, ווי מיט אַ שילד פֿאַר פּאָליטישער פּאַריאַכונג פֿון שוואַכערע פֿעלקערשאַפֿטן דורך מיין „שטאַם־פֿאָלק“; כ׳וואָלט זיך, דהיינו, געשעמט מיט אַזאַ נאַציאָ־נאַליזם, וואָס באַשטייט אין דער שענדלעכער פּאָליטיק פֿון רוסיפֿיקאַציע, גערמאַניזאַציע אָדער אַן אַנדער מין אַסימילאַציע, דאָס הייסט, אין אָפּ־מעקן דאָס אייגענע פּנים פֿון נאַציאָנאַלן טיפּ ביי די צאָלמעסיק שוואַכערע פֿעלקערשאַפֿטן. וואָלט איך אפֿילו געווען אַ פּאָליאַק אָדער אַ טשעך, ד״ה, אַ גליד פֿון אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט אין דער מלוכה, וואָלט איך אויך נישט אָנגענומען דעם טיטל „נאַציאָנאַליסט“ אָן באַוואָרעניש, וואָרעם די דערפֿאַרונג האָט מיר באַוויזן, אַז אויך די פֿעלקער, שיצנדיק זייער אייגענע נאַציאָנאַלע פֿרייהייט, שוינען נישט שטענדיק די נאַציאָנאַלע פּאַרזיכי־קייט פֿון די נאָך קלענערע נאַציאָנאַלע גרופּעס, וואָס געפֿינען זיך אין זייער סביבה, און גיבן זיי אָפֿט ממשותדיק צו פֿילן אַ דרוק (די פּאָלאָניזאַציע פֿון די יידן און רוטענער אין גאַליציע, פֿון די יידן אין קאָנגרעס־פּוילן, די טראַגישע לאַגע פֿון די יידן צווישן די דייטשן און טשעכן אין בעהמען). אָבער זייענדיק אַ ייד, טראָג איך מוטיק און שטאָלץ דעם טיטל „נאַציאָ־נאַליסט“, וואָרעם איך ווייס, אַז מיין פֿאָלק, מחמת זיין באַזונדערן מצב אין דער דיאַספּאָרע, קאָן אין ערגעץ נישט שטרעבן צו הערשאַפֿט אָדער

נאַציאָנאַליזם און זיין לאָגיק“ („רוסק. באָג.“, 1903, באַנד 9.) אַ צווייטער ראַדיקאַלער פּובליציסט, הי א. נאָוויקאָוו, האָט דאָ נישט לאַנג אין אַ יידישן אָרגאַן („כראָניקאַ יעווריעסקאַי זשיזני“, 1906, נר׳ 25), אָפּן זיך מודה געווען: „איך האָב פּיינט אַנטיסעמיטיזם, ווי יעדער נאַציאָנאַליזם, ווייל פּונקט ווי אַ בלינדער דערקענט נישט קיין קאָלירן, אַזוי קלייב איך זיך נישט פֿונאַנדער אין נאַציאָנאַליטעטן“. דער הי נאָוויקאָוו, וואָס האָט זיך אָפֿנהאַרציק מודה געווען אין בלינדקייט אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, האָט בולט דעמאָנסטרירט דאָס צונויפֿמישן יעדער נאַציאָנאַליזם מיט אַנטיסעמיטיזם אָדער מיט רעאַקציע. ס׳איז מאָדנע צו זען אין דער ערנסטער אידעישער פּובליציסטיק אַזאַ מאַנגל אין אַנאַליז ביי אַזאַ געוואַלדיק וויכ־טיקער פֿראַגע. אָט די, בלי שום ספֿק, פֿריי טראַכטנדיקע שרייבער באַמערקן נישט, אַז פֿאַראורטיילנדיק נאַציאָנאַליזם בכלל, נישט מאַכנדיק קיין חילוק צווישן איין מין און אַ צווייטן און ווי אַזוי דער נאַציאָנאַליזם קומט צום אויסדרוק, לייגן זיי אַריין אין חרם אַלע נאַציאָנאַלע באַפֿרייונגס־באַוועגונ־גען פֿון 19טן י״ה: די אויפֿלעבונג פֿון גריכנלאַנד, איטאַליע, אונגאַרן, פֿון די סלאַווישע פֿעלקער אויפֿן באַלקאַן, דעם פֿרייהייט־קאַמף פֿון די פּאָליאַקן, אירעלענדער און בורן, — וואָס דאָס איז קוים אין הסכם מיט זייערע פּאָ־ליטישע איבערצייגונגען.

בכורה. מיין נאַציאָנאַליזם קאָן זיין נאָר אַ באַפרייערישער, אַ ריין אינדי־ווידואַליסטישער, און, לכן, אַ הויך מאָראַלישער... פאַרלייקענענדיק אייער אַגרעסיוון נאַציאָנאַליזם, רופט איר זיך אָן אַמאָל קאָסמאָפּאָליטן. איז וואָס? איר קאָנט זיך פאַרגינען אַזאַ וואוילטאָג אויך. אייער נאַציע — אָן איינהייטלעכע לויט דער שפּראַך און אויסערלעכער קולטור, אָן אַרום־געשמידטע מיטן פאַנצער פון טעריטאָריע און מלוכה, געשיצט ביי די גרע־נעצן מיט פעסטונגען און האַרמאַטן — אייער נאַציע וועט זיך נישט אויפ־לייזן צווישן אַנדערע פעלקער, וויפל איר זאָלט נישט רעדן וועגן אייער קאָסמאָפּאָליטיזם; קיינער וועט זי נישט באַוואָלהן, גיכער וועט זי עמעצן באַוואָלהן. אָבער איך, אַ זון פון דער יידישער דיאַספּאָרע, וואָס שפּרייט זיך אויס איבער פינף קאָנטינענטן, וואָס רעדט אויף אַלע לשונות, וואָס איז צעבראָקלט אויף אַזוי פיל פּאָליטישע און טעריטאָריאַלע גרופּעס, וויפל פעלקער ס'איז דאָ אויף דער וועלט, — אויב איך און אַ באַדייטנדיקע צאָל מיינע שטאַמברידער וועלן זיך אָפּזאָגן פון די ניצול געבליבענע קשרים מיט אונדזער נאַציע און מיר וועלן זיך אויסרופן פאַר „קאָסמאָפּאָליטן", וועלן מיר באַגיין אַ געמיינע בגידה, מיר וועלן צואיילן דעם אומקום פון אָט דעם פאָלק, וואָס איז מיט קיין שום אַנדער זאַך נישט געשיצט, ווי נאָר מיט גייסטיק־נאַציאָנאַלע גרענעצן; מיר וועלן אָפּטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס וואָלט געטאָן אַ מלוכה־פאַררעטער פון אייער סביבה, ווען ער שטעלט אין סכנה אייערע מלוכה־גרענעצן. ביי אייך איז אַ קאָסמאָפּאָליט אַ נאַ־ציאָנאַלער נול, ביי אונדז — אַ נאַציאָנאַלער מינוס".

על כן, מיר און איר, פאַרשטייער פון זיך ווערנדיקע נאַציעס און פאַר־שטייער פון אָנגרייפערישע נאַציעס, באַצייכענען מיט איין און דעם זעלבן אַלגעמיין אָנגענומענעם טערמין קעגנזעצלעכע באַגריפן. ווען עמעץ אַ וואָלאַפּיוק וואָלט, אויפגעפונען אַ ניי וואָרט צו באַצייכענען אונדזערן, דעם עטישן נאַציאָנאַליזם, וואָלטן מיר אייך דעם אַלטן, פאַרמיאוסטן טער־מין גערן אָפּגעטראָטן אויף קורע כדג זיין. אָבער כל זמן ס'איז נישט אַזוי, זענען מיר מחויב אָפּצורעדן זיך געגנוי און הארב בנוגע דעם באַנוץ פון דעם עקזיסטירנדיקן טערמין. אַזאַ דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן די דער־מאָנטע קעגנזעצלעכע באַגריפן שטעלט איין די סכעמע, וואָס איך האָב אַנטוויקלט אין די פריערדיקע בריוו, וועגן צוויי קאַטעגאָריעס נאַציאָנאַ־ליזם — אַ פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע:

פּאָזיטיווע קאַטעגאָריע:

א) נאַציאָנאַלער אינדיווידואַ־ליזם.
ב) פּאַרטייידיקערישער אָדער באַפרייערישער נאַציאָנאַ־ליזם.

נעגאַטיווע קאַטעגאָריע:

א) נאַציאָנאַלער עגאָיזם.
ב) אָנגרייפערישער אָדער אונ־טערדריקערישער (אַסימילי־רנדיקער) נאַציאָנאַליזם.

4. ווען אין די אינטערנאציאנאלע פארהעלטעניש וועט קומען א סוף צום אנגרייפערישן נאציאנאליזם, דעמאלט וועט ווערן איבעריק די אומגעהייערע ענערגיע־שפאנונג מצד זיין פארטיידיקערישן אנטיפאד; דאס הייסט אבער נישט, אז דער נאציאנאליזם וועט בכלל נעלם ווערן. עס וועט בלויז פארשווינדן דאס אנגסטיקע געפיל פון זעלבסטשוץ, וואס איז פריער ארויסגערופן געווארן צוליב די סכנות, עס וועט אבער פארבלייבן דאס נארמאלע געפיל פון זעלבסטדערהאלטונג. עס וועט בלייבן א רואיקער אינדיווידואליזם, א שטרעבונג פון יעדן פאלק צו פארזיכיקער קולטור־אנטוויקלונג. דעמאלט וועט זיך ארויסווייזן, אז דער גייסטיקער תוכן פון דער נאציאנאלער אידעע לאזט זיך לגמרי צונויפפארן אפילו מיט די אידעאלן פון אוניווערסאליזם. מע דארף, נאטירלעך, נישט פלאנטערן אוניווערסאליזם מיט „קאסמאפאליטיזם״. דער לעצטער פארלייקנט די פסיכישע און עטישע יסודות פון פאלקישקייט און אנערקענט נישט קיין שום פארמיטלענדיקע רינגען צווישן מענטש און מענטשהייט; דער ערשטער ווידער אנערקענט, אז דער מענטש איז א גליד פון זיין פאלק, און פאלק איז א גליד פון דער פעלקער־משפחה אדער מענטשהייט, — און פארדערט דעריבער, אז צווישן די פעלקער אין דער מענטשהייט זאל זיין פונקט אזא סאלידאריטעט, ווי צווישן באזונדערע מענטשן אין יעדן פאלק.

אין אזא גייסט, כאטש מיט א פראווידענציאלער באפארבונג, האבן געפרעדיקט די העכסטע פארשטייער פון תנכישער נביאות, וועלכע זענען געווען אוניווערסאליסטן, און נישט קיין קאסמאפאליטן, ווי עס מיינען אייניקע על־פי טעות. די נביאים האבן געלערנט, אז די נאציאנאלע שליחות פון יידנטום איז צו פארשפרייטן די אמתע גאט־דערקענטעניש און די אידעאלן פון סאציאלן יושר צווישן די אומות העולם; זיי האבן אנגערופן ישראל „עמוד האש פאר די פעלקער״ און האבן נישט צוגעלאזט דעם געדאנק, אז אט דער עמוד זאל אויסגעלאשן ווערן. זיי האבן געלערנט, אז יעדער ייד דארף עפעס טאן מקיים צו זיין די גייסטיקע שליחות פון יידנטום, און דאס גאנצע יידישע פאלק — דארף דערפירן צו שלימות די אנדערע פעלקער, ד״ה, די „מענטשהייט״. זיי האבן אין דעם געזען דעם העכסטן עטישן „זכות הקיום״ פון דער יידישער נאציע.

מיר, וואס גייען ארויס פון דער הנחה, אז יעדער נאציע האט רעכט אויף זעלבסטבאשטימונג, נייטיקן זיך נישט אין דער דאזיקער בארעכטיקונג פון אונדזער קיום דורך א פארויסבאשטימטער מיסיע. אבער שטייענדיק אויפן באדן פון רעאלע צווישנפעלקערלעכע באציונגען, האלטן מיר, אז ביי דער הערשאפט פון נאציאנאלן אינדיווידואליזם (במקום נאציאנאלן עגאיזם) וועט די ברידערלעכע סאלידארישקייט פון פעלקער זיין אי מעגלעך אי נויטווענדיק. גלייכבארעכטיקטע און אויטאנאמע נאציעס קאנען נאר ברידערלעך זיך פארמעסטן איינע מיט די אנדערע אין קולטור־אויפטוען,

אָבער נישט קריגן זיך אָדער קעמפן. צווישן די גלידער פון פאַרשיידענע פעלקער וועלן נישט זיין אַזעלכע היסטאָרישע אָדער בלוט־סימפּאַטיעס, ווי צווישן די גלידער פון דער זעלבער נאַציע, אָבער עס וועלן זיין קאָנגעניאַטיקע אידעישע סימפּאַטיעס אויפן יסוד פון אַלגעמיין־מענטשלעכע שטרעבונגען, עס וועלן זיין פריינדלעכע באַציונגען פון גלייכע גלידער פון אַלוועלטלעכן פעלקער־פאַרבאַנד*).

אין דעם זינען האַלט איך פאַר נייטיק צו קאָרעגירן די אויבן געבראַכטע פאָרמולע פון סאָלאָוויאָוו וועגן מאַקסימאַלן פאָלקס־אַלטרואיזם אָדער אוניווערסאַליזם. זי זאָגט: „מיר דאַרפן ליב האָבן אַלע פעלקער, אַזוי ווי די אייגענע". אָט דער געבאָט שטימט נישט אינגאַנצן מיט סאָלאָוויאָווס אייגענער דעפיניציע, אַז „די גרונט־אייגנאַרטיקייט פון אַן איינצלנער פערזאָן איז איר פאָלקישקייט, ווי אַ „פּסיכישער און מאָראַלישער פאַקט". פון דער דאָזיקער ריכטיקער דעפיניציע דרינגט אַרויס, אַז מענטשן, וואָס האָבן בשותפותדיקע פאָלקישע אייגנאַרטיקייטן, וועלן זיך צוציען פּסיכיש און מאָראַליש מערער ווי צו גלידער פון אַן אַנדער נאַציאָנאַליטעט, — און אַזוי איז עס טאַקע באמת. ליב האָבנדיק דאָס אייגענע פאָלק אין זכות

---

*) אין זיין ווערק (דייטש) „די עטיק דעם יודנטומס" (בערלין, 1898, פאַר. 157—161), פירט פראָפ. לאַזאַרוס דורך אַ טיפזיניקן פּאַראַלעל צווישן פאָלקיש׳ן פּאַרטיקולאַריזם (ווי ער באַצייכנט נאַציאָנאַליזם) און אוניווערסאַליזם אויפן באָדן פון דער יידישער רעליגיע און עטיק. זייער ריכטיק באַמערקט ער, אַז „אָט די ביידע ריכטונגען אונטערשיידן זיך נישט אַזוי פיל עטיש, ווי פּסיכאָלאָגיש; נישט אָביעקטיוו, אין דער טעאָריע, נאָר סוביעקטיוו, אין די יחידים, ליגט דער סוד פון זייער סתירה. דאָ גייט דער וויכוח נישט וועגן דעם טעאָרעטישן ציל און עתיד פון דער מענטשהייט, נאָר וועגן פּראַקטיש׳ן דרך — און וועגן היינט פון יידנטום . . . די פּאַרטיקולאַריסטן טראַכטן רעאַליסטיש נאָר וועגן הווה; די אוניווערסאַליסטן טראַכטן גלייכצייטיק אידעאַליסטיש און וועגן עתיד . . . ס׳איז אָבער בלי ספק, אַז די פירנדיקע אידעען פון ביידע ריכטונגען האָבן אונטער זיך אַן עטישן יסוד". דערצו דאַרף מען צוגעבן נאָר איין אויסבעסערונג, דהיינו; אויב דאָס דאָמינירן פון דער אָדער יענער פון די אָנגעוויזענע ריכטונגען איז געווענדט אין דער שטימונג פון יחידים, איז דאָך אָבער די שטימונג גופא אָפּהענגיק פון היסטאָרישע לעבנס־באַדינגונגען פון פאָלק אין יעדער געגעבענער עפּאָכע. ווען די גאַנצקייט פון פאָלק איז אין סכנה, דאַרף דער יחיד קודם כל טראַכטן וועגן ראַטעווען אָט די גאַנצקייט, וועגן הווה, און דאַרף טראַכטן „רעאַליסטיש"; ווען אָבער די פאָלקישע פאַרזיכיקייט איז געזיכערט קעגן אַטענטאַטן מצד דעם נאַציאָנאַלן עגאָיזם פון אַנדערע פעלקער, דעמאָלט ווערן אייניקע יחידים דורכגעדרונגען מיט אַ ברייטערער „אידעאַליסטישער" שטימונג; רואיקע פאַר דער קעגנוואַרט, טראַכטן זיי וועגן עתיד און באַקומען אַ מעגלעכקייט צו באַפרידיקן די העכערע פאָדערונגען פון אוניווערסאַליזם. בכן, ווערט אַלץ רעדוצירט צו די אונטערשיידן צווישן די היסטאָרישע סיטואַציעס פון דער געגעבענער נאַציע.

פון דעם קרובהשן פיזישן און גייסטיקן קשר מיט אים, קאָן נישט דער מענטש פונקט אַזוי ליב האָבן אַ צווייט פאָלק, מיט וועלכן ער שטייט נישט אין אַזאַ באַהעפט. און יעדער געבאָט אין דער ריכטונג פון פולן אויסגלייכן די ליבע־עמאָציעס לגבי דער אייגענער און פרעמדער נאַציע וועט בלייבן נישט מער ווי אַ pium desiderium (פרומער וואונטש.—איב.).

אַנשטאָט אַט דער עטישער אבסטראַקציע לייג איך פאָר די ווייטער־דיקע קאָנקרעטע טעזע: אָנערקענט די פרייהייט פון יעדן נאַציאָנאַלן אינ־דיוויד, ווי די פרייהייט פון דער אייגענער נאַציע; אָדער: שעצט די פרעמדע נאַציאָנאַלע פערזענלעכקייט, ווי אייער אייגענע. דאָס איז אַ נויטווענדיקער פועל־יוצא פון דעם באַגריף וועגן נאַציאָנאַלן אינדיווידואַליזם: אויב איך אָנערקען כלפּי זיך דאָס רעכט און אפילו דעם חוב צו דערהאַלטן מיין נאַציאָנאַלע פּאַרזיכיקייט, טאָ דאַרף איך דאָס זעלבע רעכט אָנערקענען כלפּי יעדן מענטשן פון אַן אַנדער נאַציע. און אויב איך האַלט מיינע נאַציאָנאַ־לע סימפּאַטיעס פאַר מאָראַלישע, דאַרף איך אויך האַלטן פאַר אַזעלכע די סימפּאַטיעס ביי אַ גליד פון אַן אַנדער פאָלק און איך דאַרף זיי שעצן אין אים. בפירוש: שעצן, און נישט ליב האָבן, — וואָרעם פאַר אַ ליבע־געפיל איז נייטיק, אַז אָט די פרעמדע סימפּאַטיעס זאָלן ווערן מיינע; אָבער דעמאָלט וואָלט איך דאָך געוואָרן גלייכצייטיק אַ גליד פון צוויי נאַציעס, און דאָס איז דאָך אַן אומזין, אָדער איך וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פון דער אייגענער נאַציע לטובת אַ צווייטער, וואָס עס וואָלט געווען אַן אַקט פון נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד.

אין אָט דעם פּירוד צווישן דער פאָרמולע פון „קריסטלעכן פילאָסאָף" סאָלאָוויאָוו און אונדזערער ווייזט זיך טאַקע ווידער אַרויס די אַנדערשקייט פון די וועלטבאַנעמען. דאָס איז אַן אַלטער וויכוח צווישן דעם עוואַנגע־לישן סוביעקטיוון יסוד פון ליבע, וואָס מע קאָן זי נישט אויפצווינגען, און צווישן דער אָביעקטיווער נאָרמע פון יושר, וואָס איז דער יסוד פון דער יידישער עטיק. דער יודאַיזם האָט קיין מאָל נישט געשאַפן קיין מאָ־ראַלישע פאָרמולעס, וואָס מע קאָן זיי נישט מקיים זיין, און בכלל קיין שום לערעס „נישט פון דער וועלט": ער האָט געשטעלט אידעאַלן דער־גרייכלעכע, דערפאַר אָבער האָט ער שטרענג געפאָדערט זיי מקיים צו זיין אין לעבן*).

---

*) געוויס, אויך די עוואַנגעלישע עטיק „נישט פון דער וועלט" איז אַרויסגעוואַקסן פון יידישן באָדן, זי האָט אָבער דאָרט נישט געלאָזט קיין וואָרצלען אפילו אין דער אידעאָלאָגיע. יהדות איז אַזוי אַרום ניצול געוואָרן פון יענער שרייענדיקער צעצווייאונג פון אידעאָלאָגיע און ווירקלעכקייט, וואָס כאַראַקטעריזירט די עוואָלוציע פון קריסטנטום.

אַלץ וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן אוניווערסאַליזם, קאָן מען אויך אָנווענדן לגבי דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, אַ געמיינטן אין דעם איי־גענעם זינען. דעם דאָזיקן טערמין, אַן אָנגענומענעם אין דער סאָציאַליס־טישער ליטעראַטור, האָט מען גענוצט פאַרשיידן אויף פאַרשיידענע סטאַ־דיעס. מאַרקס און ענגעלס פלעגן דערנענטערן דעם באַגריף „אינטערנאַ־ציאָנאַליזם" צו „קאָסמאָפּאָליטיזם", אָדער צום פאַרלייקענען די נאַציאָנאַ־לע אידעע, וועלכע האָט זיך זיי פאָרגעשטעלט נאָר ווי אַ היסטאָרישער אָנוואוקס, אַן איבעריקער לוקסוס פאַרן „פראָלעטאַריאַט, וואָס האָט נישט קיין פאָטערלאַנד". היות ווי דער נאַציאָנאַלער קאַמף פלעגט אָפט קאָמ־פּליצירן דעם קלאַסן־קאַמף, האָט דער תחילתדיקער מאַרקסיזם אָפּגעוואָרפן דעם ערשטן און איז אַפילו געווען פאַר פאָליטישער צענטראַליזאַציע, פאַר אונטעראָרדענען די קלענערע נאַציעס צו איין שטאַרקער מלוכהשער נאַציע, מיטן אויסבליק פון „קולטור־באַהעפטונג" (מאַרקס, אַ שטייגער, פאַראור־טיילט שאַרף די אויטאָנאָמיסטישע שטרעבונגען פון די עסטרייכישע סלאַ־וון, חוץ די פאָליאַקן*). אין דער נייערער צייט, אַז ס'איז קלאָר געוואָרן דער באַפרייערישער כאַראַקטער פון די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע מנהיגים פאַרשטאַנען דעם טעות פון זייערע פאָר־גייער. די אויטאָנאָמישע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע באַשטרעבונגען פון די אונטערגערדיקטע נאַציאָנאַליטעטן זענען אויף פאַרטיי־צוזאַמענפאָרן און אין דער ליטעראַטור אָנערקענט געוואָרן ווי געזעצלעכע, אויף וויפל זיי פאַרטונקלען נישט דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין פון פראָלעטאַריאַט. געוויסע פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (קאַוטסקי א"א) באַשטייען אויף אָט דעם לעצטן באַדינג און באַגרענעצן די נאַציאָנאַלע באַוועגונג מיט די ראַמען פון דער פראָלעטאַרישער פּאָליטיק; אַנדערע האַלטן, אַז לאָ די, וואָס דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע אידעע זענען נישט אין סתירה, נאָר זיי דערגאַנצן זיך אַפילו איינע די אַנדערע (פערנערסטאָרפער א"א) בשייכות דערמיט האָט זיך ביי די מאָדערנע סאָציאַליסטן געביטן אויך דער באַגריף וועגן אינטערנאַציאָנאַליזם. דער לעצטער ווערט איצט נישט אידענטיפיצירט מיטן אַבסטראַקטן קאָסמאָפּאָליזם, נאָר ער איז נעענטער צו דעם אויבן אָנגעוויזענעם באַגריף פון אוניווערסאַליזם. ענטפערנדיק אויף אַן אַנקעטע, וואָס איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרן אין יאָר 1905, האָבן זיך די גרעסטע פירער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אַרויסגעזאָגט

---

*) זע מאַסאַריק, „די פילאָסאָפישע און סאָציאָלאָגישע יסודות פון מאַרקסיזם". רוסישע איב., מ. 1900, ז"ז 338—415 (קאַפּיטל: „נאַציאָ־נאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם").

**) פערנערסטאָרפער, „די נאַציאָנאַלע פראַגע און די סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע", ז' 8, (פעטערבורג, 1906, רוסיש).

דערפאַר, אַז נאַציאָנאַליזם און פּאַטריאָטיזם קאָנען צוזאַמענגיין מיט אינטערנאַציאָנאַליזם אין דעם זינען פון אינטערנאַציאָנאַלער מיטאַרבעט פון אויטאָנאָמע (פּאָליטיש אָדער קולטורעל) נאַציאָנאַלע איינסן*). איינער פון אָט די אָפּרופן — בעבעלס — איז נאָענט צו אונדזערע טעזן אין אַזאַ מדרגה, אַז איך קאָן זיך נישט אָפּזאָגן דאָס פאַרגעניגן צו ברענגען אַ ציטאַט פון אים:

„וואָס פאַרשטייען מיר מיטן וואָרט פּאַטריאָטיזם? יעדער פאָלק, וואָס האָט זיין אייגענע שפּראַך, זיינע אייגענע זיטן, זיין ציוויליזאַציע און זיין געשיכטע, האָט דאָס רעכט זיך צו אַנטוויקלען, ווי אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט, און זיך אַליין אָנצופירן. אַ פּאַטריאָט איז דער, וואָס באַמיט זיך צו גאַראַנטירן דעם פאָלק, צו וועלכן ער געהערט, די העכסטע ציוויליזאַציע אין אַלעמענס אינטערעסן, נישט ברענגענדיק קיין שאָדן וועלכער ס'איז אַנדערן פאָלק. אויב ער גייט צו דעם דאָזיקן ציל נישט צוליב אייגננוציקע צוועקן, נאָר לטובת הכלל, איז ער מקיים דעם העכסטן אידעאַל, וואָס אַ מענטש קאָן זיך פאָרנעמען.

„אָבער וואָס פאַרשטייען מיר מיטן וואָרט אינטערנאַציאָנאַליזם? נישט די פאַרניכטונג פון נאַציאָנאַליטעט, נישט דאָס צונויפגיסן פעלקער מיט געוואַלט, נאָר דאָס אונטערהאַלטן און דעם פאָרשריט פון פרידלעכע קולטור־באַציונגען צווישן פעלקער. באַגלייך מיט דער נאַציאָנאַלער ציוויליזאַציע עקזיסטירט אַן אינטערנאַציאָנאַלע, אין וועלכער עס נעמט אָנטייל יעדער פאָלק לויט זיין אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג. אונדזערע געשעפטלעכע פאַרבינדונגען, אונדזער וויסנשאַפטלעכע, קינסטלערישע און ליטעראַרישע טעטיקייט, דער אויסטויש פון אַנטדעקונגען און דערפינדונגען, — אָט דאָס זענען די וויכטיקסטע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער דאָזיקער אינטערנאַציאָנאַלער אָנשטרענגונג"...

(ווייטער רעדט זיך וועגן דער פּערספּעקטיוו פון פרידלעכן אויסגלייכן די סיכסוכים צווישן די מלוכות און וועגן שאַפן אַן אַלוועלטלעכן פּאַרלאַמענט מיט פאָרשטייער פון די ציוויליזירטע נאַציעס).

---

*) אָפּרופן וועגן דער דאָזיקער אַנקעטע זענען איבערגעזעצט אין דער בראָשור פון דר. פּאַסמאַניק (רוסיש): „די נאַציאָנאַלע פראַגע פאַרן געריכט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע", פאַרזען מיט אַן אינהאַלטסרייכן אַריינפיר פון איבערזעצער. פאַרלאַג „קדימה", אָדעס, 1906.

„הייסט עס, אַז פּאַטריאָטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם זענען נישט אין סתירה איינער צום אַנדערן, נאָר זיי דערגאַנצן זיך קעגנזייטיק לטובת אַ מער שלימותדיקער ציוויליזאַציע... יעדער פאָלק, יעדער נאַציאָנאַלע גרופּע דאַרף אַליין באַשטימען איר גורל. אַן ענערגיש פאָלק, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם נסיון, אַז מע האָט זיך פּאַרמאָסטן אויף זיין שפּראַך, ציוויליזאַציע און, במילא, אויף זיינע מאַטעריעלע אינטערעסן, — וועט תמיד זיך באַמיען צו דערגרייכן נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט, ווייל נאָר זי קאָן גאַראַנטירן די פאַרזיכיקייט פון זיין ציוויליזאַציע"*)...

אין דעם זעלבן גייסט האָבן זיך אַרויסגעזאָגט דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער לידער פּעררי און דער עסטרייכישער — פּערנערסטאָרפער. דער לעצטער, להיפך צו בעבעלן און פּעררין, באַנוצט, אַנשטאָט דעם באַנאַליזירטן אָפּגעריבענעם טערמין „פּאַטריאָטיזם", — ברייטערע און מער וויסנשאַפטלעכע טערמינען: „נאַציאָנאַליטעט", „נאַציאָנאַלע אידעע"**). („פּאַטריאָטיזם" איז אַ געמיש פון מלוכהשן מיט נאַציאָנאַלן, ד"ה, פון עלעמענטן, וואָס שטויסן זיך אָפּט צונויף, און ביים באַנוצן דעם דאָזיקן טערמין דאַרף מען זיך תמיד באַוואָרענען, ווען וואָסער פּאַטריאָטיזם עס האַנדלט זיך).

אַ מער גראָדליניקער טעאָרעטיקער פון סאָציאַליזם, ק. קאַוטסקי, הייבט אָן (אמת, מיט אַ קאָנטיקן ווידערווילן) נוטה צו זיין צום נאַציאָנאַליזם. ער פירט דורך אַ דעמאַרקאַציע-ליניע צווישן בורזשואַזן און פּראָלעטאַרישן באַנעם סיי פון נאַציאָנאַליזם סיי פון אינטערנאַציאָנאַליזם און שטרייכט אונטער אומעטום די סואַווערניטעט פון דער קלאַסן-פּאָליטיק, צו וועלכער די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען דאַרפן זיין אונטערגעאָרדנט***).

לאָזנדיק אָן אַ זייט די לעצטע, פּאַרטייאישע, באַציונג צום ענין, קאָנען מיר פון דערסטוועגן פעסשטעלן דעם פּאַקט, אַז לעצטנס האָט דאָס לעבן גופא געצוואונגען אפילו די איינגעשפּאַרטסטע נאָכפאָלגער פון מאַרקסן צו ענדערן זייער באַציונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע און אָפּגעבן איר דאָס געהעריקע אָרט אין דער עוואָלוציע פון דער געזעלשאַפט. ווען אַלע סאָ־

*) דאָרט, ז"ז 36—37. געבראַכט מיט פאַרקירצונגען און באַזייטיקט די בולטע דרוק-פעלערן און סטיליסטיש נישט גלאַטע ערטער פון דער איבערזעצונג.

**) דאָרט, ז"ז 25—28 און 38—39.

***) דאָרט, ז"ז 39—43. נאָענט צו קאַוטסקיס מיינונג איז אויך דער אָפּרוף פון דעם רוסישן פּטרטיי-לידער הי' פּלעכאַנאָוו; דאָרט, ז"ז 44—48.

ציאַל־דעמאָקראַטן וועלן זיך דורכדרינגען מיט אָט דער אידעע, וועט דער וויכוח צווישן זיי און די ניט־פּאַרטייאישע נאַציאָנאַליסטן גיין נישט וועגן דעם, צי מע דאַרף אָדער מע דאַרף נישט די נאַציאָנאַלע אינדיווידואַלי־זאַציע, נאָר וועגן דעם, וואָס פֿאַר אַ פּאָליטיק דאַרף האָבן די בכורה אין לעבן פֿון פֿעלקער, וואָס פּאַרטיידיקן זיך אָדער באַפֿרייען זיך: די קלאַסן־פּאָליטיק אָדער די נאַציאָנאַלע. אין דער שטרעבונג ווידער צום אידעאַל פֿון אינטערנאַציאָנאַליזם, ווי אַ בונד פֿון גלייכבאַרעכטיקטע און אויטאָ־נאָמע (פּאָליטיש אָדער קולטורעל) נאַציאָנאַלע גרופּעס — וועלן זיך צו־נויפֿגיין אי די אי יענע. דער הויכער אידעאַל פֿון אוניווערסאַליזם דאַרף דינען ווי אַ וועגווייזער־שטערן פֿאַר יעדן עכטן נאַציאָנאַליסט; די מדרגה פֿון דערנעענטערונג צו אָט דעם אידעאַל איז טאַקע די מאָס פֿון דער עטי־שער ריינקייט לגבי דער געגעבענער נאַציאָנאַלער ריכטונג.

אויב די נאַציאָנאַלע אידעע בכלל לאָזט זיך צונויפּפּאָרן מיט דעם אידעאַל פֿון אוניווערסאַליזם, לאָזט זי זיך בפרט צונויפּפּאָרן מיט דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע, וואָס שליסט אויס די מעגלעכקייט פֿון אַגרע־סיווקייט. זיי איז באַדינגט דורך דעם העכסטן פּרינציפּ פֿון סאָציאַלער עטיק: גלייכווערטיקייט פֿון קאָלעקטיווע אינדיווידן אָדער נאַציעס אין דער אינטערנאַציאָנאַלער משפּחה. דער יידישער נאַציאָנאַליזם באַפֿרידיקט די פֿאָדערונגען פֿון עטיק אין דער זעלבער מאָס, אין וועלכער דער דער־מאָנטער פּראַנצויזישער (אָדער איצט דער רוסישער) פֿאַרלעצט זיי. זאָלן די, וואָס בוקן זיך צו דעם הויכן אידעאַל, קעמפֿן קעגן זיין פֿאַרקריפּלונג. אודנז, די אָפּשטאַמיקע פֿון די תנכישע נביאים, פּאַסט זיך מער פֿון אַלע אונטערצוהאַלטן אין דער פֿולער ריינקייט יענעם נאַציאָנאַלן אידעאַל, וואָס האָט זיך אין דער נביאות צונויפּגעגאָסן מיט גראַנדיעזע חלומות וועגן אַלמענטשלעכער ברידערלעכקייט.

מאַי 1899 (דערגאַנצט 1906).

# פערטער בריוו

## אויטאָנאָמיזם, ווי דער יסוד פון דעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם

1. טעזיס — אָפּגעזונדערטקייט, אַנטי־טעזיס — אַסימי־לאַציע, סינטעז — אויטאָנאָמיזם.

2. אויטאָנאָמיע און העטעראָנאָמיע. — די פאָרמולע פון יידישן אויטאָנאָמיזם.

3. די קהילה, ווי אַ היסטאָרישער אייגס פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג. — דער אַלטער טיפּ רעליגיעזע קהילה, ווי אַ ברוכטייל פון דער „רעליגיעזע נאַציע". — די נייע „קולטוס־געמיינדע" און די סינאַגאָגאַלע אָרגאַניזאַציע פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג — אַ רעליקוויע פון דעם עמאַנציפּירטן יידנטום. — שאַנסן פון אויטאָנאָמיע אויפן מערב.—דערפרייענדיקע סימפּטאָמען; פיליפּסאָנס פּראָיעקט פון אַ Judentag.— דער קאַמף פאַר קהילה־אויטאָנאָמיע אין רוסלאַנד.

4. נאַציאָנאַלע פאָרשטייערשאַפט אין די פאַרלאַמענטן און די יידישע פאַרלאַמענט־פראַקציע. — טרויעריקער מצב פון דער יידישער רעפּרעזענטאַנץ אין עסטרייך. — אַן אויסרייד פון דרויסן (מאַסאַריק). — שאַנסן פון רעפּרעזענטאַנץ אין פאַרשיידענע לענדער.

5. אַלייידישע צענטראַלע אָרגאַניזאַציע; נאַציאָנאַלער קאָנגרעס. — די עמיגראַציע־פראַגע; די צוקונפט פון די יידי־שע צענטערן אין אַמעריקע און פאַלעסטינע.

ת. אַ תשובה אויף דערווידערונגען: אויטאָנאָמיע און דער קאַמף פאַר רעכט, דער פּחד פאַר „קהל", רעכט פון „קול־טור־אָפּגעזונדערטקייט", קאַמף מיטן מלוכהשן נאַציאָנאַליזם.— אַ פּראָגראַם פאַר דער נאָענטסטער טעטיקייט.

הוספה: די רעדע פון דעפּוטאַט ברייטער.

1. נאָר־וואָס איז אָפּגעשטאָרבן דער 19טער יאָרהונדערט, בשעתו אַזאַ מעכטיקער, פול מיט דראַנג און ליכטיקע האָפענונגען, — און פאַר דער פּטירה אַזוי אָפּגעלעבט, דורכגעדרונגען מיט אַן אידעיִשן מאַראַזם, מיט דער חולאת פון עטישן און עסטעטישן דעקאַדאַנס,,fin de siecle'' (פען דע סיעקל — סוף פון יאָרהונדערט.—א״ב.). איצט גוססט פאַמעלעך איינער פון די גרעסטע אַנטיטעזיסן אין דער יידישער געשיכטע, אַן אַנטי־טעזיס, געבוירן דורך אָט דעם שטורמישן יאָרהונדערט*).

*) כדי אויסצומיידן מיספאַרשטייעניש, מוז איך באַמערקן, אַז די אָנגעווענדעטע (אין דעם און אין די אַנדערע „בריוו") עוואָלוציאָנערע טריאַדע (טעזיס, אַנטיטעזיס און סינטעזיס) האָט נאָר אַ ווייטע קרובהשאַפט מיט העגעלס דיאַלעקטישער טריאַדע. פאַר מיר, איך דאָס נישט קיין פאָרמע־לער לאָגישער מעטאָד, נאָר אַ טיפער פסיכאָלאָגישער פּראָצעס פון באַ־העפטן ברוכטיילן פון אמת אין פאַרשיידענע סטאַדיעס פון דענקען און פילן. דריי סטאַדיעס בילדן אַ פולן קרייז פון אַנטוויקלונג, און יעדער פון זיי אַנטשפּרעכן נישט קיין אַבסטראַקציעס, נאָר לעבעדיקע אידעען — כוחות. דעם טעזיס אַנטשפּרעכט די פאַרגליווערטע טראַדיציע, אומקריטיש געירשנט פון די פריערדיקע דורות, די איינגעשטעלטע און פאַרשטייפטע מיינונג אָדער גלייבונג, די פּאָזיטיווע דאָגמע. אַנטיטעזיס איז די שטרעבונג זיך צו באַפרייען פון דער מאַכט פון דעם דאָגמאַטישן אָדער טראַדיציאָ־נעלן טעזיס, אין גאַנצן צעשטערן, נישט איבערלאָזנדיק אין אים אפילו יענעם טייל פון היסטאָרישן אמת, אַדאַנק וועלכן ער איז אויפגעקומען; דאָס איז די אַבסאָלוטע קריטיק, פאַרלייקענונג פון פריערדיקן, דער היפּוכדיקער אידעאַל. סינטעזיס איז נישט די „פאַרלייקענונג פון פאַרלייקענונג" (ווי אין העגעלס דיאַלעקטיק), נאָר אַ פּראָצעס פון שאַפן אַ פולערע אידעע, אין וועלכער עס גייען אַריין טיילן פון אמת, אָפּגערייניקטע פון עקסטרעמען, וואָס זענען געווען אין טעזיס און אַנטיטעזיס, קאָמבינירט מיט נייע לעבנס־עלעמענטן. דאָס איז אַ יסוד פאַר אַ מער שלימותדיקן וועלטבאַנעם, וואָס באַפרידיקט נישט איינע, נאָר מער באַדערפעניש פון דער מענטשלעכער נשמה, עמאָציאָנעלע און אינטעלעקטועלע, אָדער די באַדערפעניש פון פאָלק אין דער געגעבענער היסטאָרישער עפּאָכע. ביים טעזיס בלייבט די פּאַטריאַרכאַלע מאַסע, די אַלטע אָרטאָדאָקסיע, וואָס חקירהט נישט; צום אַנטיטעזיס גייט איבער די אינטעליגענטע מאַסע, באַזונדערס די יוגנט, אין אַ פּעריאָד ווען אַלטע אידעאַלן און גלייבונגען צעפאַלן זיך; אָבער נאָר מענטשן איינזייטיקע (בכלל אָדער אין געגעבענעם געביט) בלייבן פאַרגלי־ווערט אויף אָט דער סטאַדיע פון פאַרלייקענונג; טיפער דענקענדיקע גייען איבער פון אַנטיטעזיס צום סינטעז, דורכמאַכנדיק אַזוי אַרום אַ פולן קרייז פון אַנטוויקלונג. אָבער אויך דער סינטעז, וואָס איז אַריין אין באַ־וואוסטזיין פון דער מאַסע, ווערט מיט דער צייט פאַרוואַנדלט אין אַ דאָגמע, טראַדיציע, ד״ה, אין אַ טעזיס, ביי וועלכן דער תוך איז פאַרשטעלט מיט זייטיקע צומישונגען און שפּעטערדיקע אָנשיכטונגען; עס טרעט דאַן אַרויס קעגן אים אַ נייער אַנטיטעזיס, און דערנאָך שאַפט זיך אַ נייער סינטעזיס, נאָך מער אַלזייטיק פון פריערדיקן, — און אַזוי דרייט זיך ווייטער די ראָד

דער נײַנצנטער יאָרהונדערט איז אין דער יידישער געשיכטע געווען „דער יאָרהונדערט פון אַנטיטעזיס”. דער אַלטער טעזיס, קעגן וועלכן ער איז אַרויסגעטראָטן, האָט געהייסן אָפּגעזונדערטקייט. נאָך דער ירידה פון דער ספרדישער קולטור אין שפּאַניע און דעם איבערגאַנג פון דער נאַציאָנאַלער העגעמאָניע צו די אשכנזים פון דייטשלאַנד און פּוילן, איז דער דאָזיקער טעזיס געווען דער אומדערשיטערלעכער יסוד פון יידישן לעבן במשך פון דריי יאָרהונדערטן (1492 — 1791). די שטרענגע אָפּגעשלאָסנקייט אין דער סאָציאַלער, שטייגערישער און גייסטיקער ספערע; די אינערווייניקסטע קהילה־זעלבסטפאַרוואַלטונג, וואָס איז אין אייניקע ישובים (ווי, למשל, אין פּוילן) געווען ברייט אָרגאַניזירט; און די ריין פאָרמעלע באַציונג צו דער דרויסנדיקער מלוכה־אָרדענונג (אָדער ריכטיקער געזאָגט — „אונטעראָרדענונג”, לויט דעם סימבאָלישן אויסדרוק פון טשעכאָווס א העלד*), — אָט דאָס זענען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אונדזער פאַרצייטישן סדר. וואָס מע זאָל נישט זאָגן מכוח די חסרונות פון אָט דעם סדר, אָבער איין גרויסע מעלה האָט ער געהאַט — גאַנצקייט, קאָנסעקווענץ אין דער פירונג. די יידן האָבן געטראַכט, אינגאַנצן על־פּי שכל הישר, אַז אויב די מלוכה טאָלערירט זיי בלויז, ווי נוצלעכע „קוואַרטיראַנטן”, און די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז צו זיי פרעמד אָדער פיינטלעך, טאָ מעגן זיי אויך איינשטעלן זיך לגבי דער מלוכה נאָר פאָרמעל, און צו ניט־ גוטע שכנים האָבן זיי נישט קיין גרונט צו פלעגן גוטע געפילן. האָט זיך אַזוי אַרום איינגעשטעלט אַ „טאָלעראַנץ” פון ביידע צדדים, כאָטש ניט פון זעלבן מין:

Du... duldest dass ich athme,
Dass du rasest, dulde ich. (Heine)

(דו טאָלערירסט, וואָס איך אָטעם, און איך טאָלעריר, וואָס דו ווילדעוועסט. — איב.).

די יידן פלעגן אָפּצאָלן דער מלוכה זייערע געוויינלעכע און אויסערגעוויינלעכע שטייערן, אָן אַן ערך גרעסערע, ווי די נעבעכדיקע רעכט, וואָס מע פלעגט זיי געבן, — און דערנאָך האָבן זיי זיך געהאַלטן פריי פון התחייבותן לגבי דער מלוכה, וואָס האָט זיי טראַקטירט ווי אויסלענדער. זיי פלעגן

פון דער געשיכטע, אויסאַרבעטנדיק מיט יעדער נייער פּאַזע אַלץ מער אויסגעפּרואווטע אידעען, גערייניקטע דורך דערפאַרונג און קריטיק פון דורות. איך האָף אין אַ באַזונדערן עטיוד גענויער צו אַנטוויקלען דעם אינהאַלט פון אָט דעם וויסנשאַפטלעכן געזעץ פון אידעען־עוואָלוציעס, אין זיינע פסיכאָלאָגישע און סאָציאָלאָגישע אויסווירקונגען.

*) אין רוסישן טעקסט איז געגעבן דאָס וואָרטשפּיל „רעזשים — פּריזשים" (פּריזשים — צוקוועטש, צודריקונג).—באַמ. פון איב.)

שלום מאַכן דערמיט, וואָס זיי האָבן נישט געהאַט נישט קיין פּאָליטישע רעכט נישט קיין בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג. וואָרעם זיי האָבן זיך באַוואָרנט איין רעכט, וואָס איז זיי געווען טייערער פון אַלץ: דאָס רעכט אויף איינגנאַרטיקן נאַציאָנאַלן לעבן, רעאַליזירט דורך דער קהלשער זעלבסטפאַרוואַלטונג. אָט די אינעווייניקסטע זעלבסטפאַרוואַלטונג איז פאַר זיי געווען אַ סוראָגאַט פון מלוכהשקייט און בירגערלעכקייט. אַ פאַריער מחוץ דעם געטאָ, איז דער ייד געווען אַ בירגער מפנים דעם געטאָ, אין זיין ישוב, אין זיין קהל, אין זיין גייסטיקער מלוכה.

אין פּוילן האָבן די יידן געשאַפן אַ ברייטע און פיינע קהל־אָרגאַניזאַציע — קהילות און קהילות־פאַרבאַנדן (ועד הקהילות), — מיט אַ גאַנצער נעץ רעליגיעזע, צדקה־און בילדונגס־אינסטיטוציעס, מיט אַ קאָמפּליצירטער אַדמיניסטראַטיווער היעראַרכיע. פאַר דער פּוילישער רעגירונג האָט זיך די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע געלוינט, ווייל זי האָט גאַראַנטירט, אַז די יידן וועלן, אויפן סמך פון ערבות הכלל, פּינקטלעך דערפילן אַלע התחייבותן לגבי דער מלוכה; די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיך באַצויגן צו דער אָרגאַניזאַציע גלייכגילטיק, וואָרעם די יידן האָבן סיי־ווי נישט געקאָנט האָבן מיט זיי קיין שום בירגערלעכע קאָנטאַקטן, ווי מענטשן, וואָס מע האָט נישט צוגעלאָזט נישט אין די אַלגעמיין־מלוכהשע פאָרשטייערשאַפטן (סיים), נישט אין די שטאָט־מאַגיסטראַטן, נישט אין די באַלמעלאָכישע און סוחרים־צעכן אָדער אַנדערע שטאַנדישע אינסטיטוציעס. פאַר די יידן ווידער האָט די קהל־אויטאָנאָמיע געהאַט אַן אומגעהייערע באַדייטונג — סיי אַ נאַציאָנאַלע סיי אַ קולטורעלע: זי האָט באַהאָפטן, באַפעסטיקט די גערודפטע נאַציע און אין דער אייגענער צייט זי ציוויליזירט, צוגעוואוינט צו געזעלשאַפטלעכער דיסציפּלין, צו זעלבסטפאַרוואַלטונג און זעלבסטטעטיקייט. דער ייד האָט געהאַט דעם באַוואוסטזיין, אַז ער איז אַ גליד פון אַ לעבעדיקן נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם; ער האָט געהאַט זיין ענגן געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן קרייז און האָט זיך צופרידן געשטעלט מיט אים. מען פלעגט אים אָפּזונדערן, האַלטן מחוץ דעם געזעץ און מחוץ דער בירגער־געזעלשאַפט — און ער האָט זיך אויך אָפּגעזונדערט, געפינענדיק אַ פולע באַפרידיקונג אין זיין געזעץ און אין זיין געזעלשאַפט, אין זיין בית־מדרש, חדר, קהל־שטוב, לסוף—אין זיין גייסטיקן און ליטעראַרישן שאַפן. ער האָט געהאַלטן, אַז די אָפּגעזונדערטקייט איז אַ טובה פאַר זיין נאַציאָנאַל־קולטורעלער פערזענלעכקייט, און ער האָט זי אויסגעברייטערט אויף אַלע ספערעס פון לעבן און שטייגער, געסטאַרעט זיך צו זיין אומעטום נישט ווי „זיי", ווי די פרעמדע אָדער פיינטלעכע שכנים... באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק האָט איטלעכער ייד מקריב געווען אַ טייל פון זיין אינדיווידועלער פרייהייט לטובת דער שטאַרקייט פון דער נאַציאָנאַלער דיסציפּלין. בלויז אויסנעמלעכע נאַטורן האָבן זיך געפילט געענגט צוליב דער צו שטרענגער דיס־

ציפּלין, וואָס האָט זיך באַזירט אויפן אַלטן יסוד: Salus publica suprema lex (די טובה פון כלל איז דאָס העכסטע געזעץ.—לאַט.—איב.). אין זיי האָבן זיך געראַנגלט דער דראַנג צו פּערזענלעכער פרייהייט מיט דעם יאָך פון געזעלשאַפטלעכן רעגלאַמענט, — אָבער אָט דער טראַגישער גע־ראַנגל איז קאָנטיק געוואָרן ערשט שפּעטער, אין דער איבערגאַנגס־צייט.

עס איז אָנגעקומען דער 19טער יאָרהונדערט, און פאַר אים דער שטור־דעם פון רעוואָלוציעס מיט די יובל־רופן מכוח „גלייכהייט, ברידערלעכקייט און פרייהייט". די פאַרגעשריטענע יידן פון מערב־אייראָפּע האָבן זיך דורכ־געדרונגען מיט די נייע, באַפרייערישע שטרעמונגען, נאָך איידער אָט די שטרעמונגען האָבן באַוויזן אָנצונעמען רעאַלע פאָרמען אין דער קריסטלע־כער געזעלשאַפט, איידער עס זענען איינגעפאַלן אומעטום די געטאָ־ווענט. די פרייהייט־זון האָט ערשט אַ שיין געטאָן בלויז איבער אַ הייפעלע יידן אין פראַנקרייך, און משופּעדיקע שטראַלן האָבן שוין באַלויכטן די פינצטע־רע הינטערגעסלעך פון די דייטשע געטאָס, וואו עס האָט זיך נאָר־וואָס אָנ־געהויבן די קולטור־באַנייונג פון דער יידישער געזעלשאַפט אונטער דער השפּעה פון דעם הומאַניזם פון דער „מענדעלסאָן־תקופה". אונטער די שטראַלן פון דעם אָנקומענדיקן סאָציאַלן פרילינג האָט גיך אָנגעהויבן צו צעגיין דער פון דורות אָנגעקליבענער אייזבאַרג פון אָפּגעזונדערטקייט. עס האָבן זיך אַ צעגאָס געטאָן די פרילינג־שטראָמען: עס איז אָנגעקומען די פאַרפלייצלונג פון אַסימילאַציע. דער טעזיס — דער פאַרגליווערטער אַלטער סדר פון יידישן לעבן — איז איינגעפאַלן, און אויף זיינע חורבות האָט זיך באַזעצט דער קעגנזעצלעכער עקסטרעם — דער אַנטיטעזיס*).

אים איז לכתחילה נישט געלונגען איינצונעמען די רוסיש־פּוילישע יידן, וואָס האָבן אין דער ערשטער העלפט פון 19טן י"ה דורכגעמאַכט אַ תקופה במעט פון מיטלאַלטערלעכן טיפּ; אָבער hodie mihi cras tibi.

*) דער דאָזיקער אַנטיטעזיס איז נישט דער ערשטער אין דער יידישער געשיכטע. אין די פריערדיקע תקופות זענען געווען צוויי ענלעכע אַסימי־לאַטאָרישע שטרעמונגען: איינע אין אַלטערטום, אין דער עפּאָכע פון יודאַ־איסטיש־העלעניסטישן סינקרעטיזם (אין אַלעקסאַנדריע, אין סיריע, טיילווייז אין יהודה), די צווייטע — אין דעם מיטלאַלטערלעכן אַראַבישן שפּאַניע.ביידע אַסימילאַטאָרישע שטראָמען האָבן אָנגערירט דעם שטייגער, שפּראַך, ליטעראַטור און טיילווייז אפילו די רעליגיע פון יידן — און פון דעסטוועגן האָבן זיי נישט צעטרייסלט דעם דורותדיקן נאַציאָנאַלן שטאַם פון יידנטום, כאָטש זיי האָבן אָפּגעריסן פון אים נישט ווינציק צווייגן. די העכערע גייס־טער (פילון, דער רמב"ם) האָבן באַוויזן צו סינטעזירן יהדות מיט העלעניזם און אַראַבישער קולטור, און די מאַסע איז געוואָרן אָפּגעשטויסן דורך דעם אָנגריף פון דער קריגערישער קירך (קריסטלעכער און מוסולמענישער) צום געביט פון טראַדיציאָנעלן טעזיס. — וועגן גענעזיס פון דער אַסימילאַציע פון 19טן י"ה, זע ווייטער, בריוו 2.

(היינט מיר, מאָרגן דיר.—לאַט.—איב.) — און אין דער צווייטער העלפט פון יאָרהונדערט ווערן אויך אַריינגעצויגן אין דעם מערבדיקן אַנטיסעמיזם די אייבערשטע שיכטן פון רוסישן יידנטום, אונטער דער השפּעה פון די פון מערב פּאַרטראָגענע אידעען און פון דעם עמאַנציפּאַציע־שטראַל, וואָס האָט אַ בליץ געטאָן אין מזרח אויף אַן אויגנבליק און איז גיך פאַרלאָשן געוואָרן...

עפּעס אומגעווויינטלעכס האָט זיך דעמאָלט געטאָן אין יידישן לעבן. דער גייסטיקער האָריזאָנט האָט זיך אויסגעברייטערט, דאָס אינדיווידועלע לעבן האָט געקריגן מער רוים, דער טריומפירנדיקער הומאַניזם האָט צע־שמעטערט אַלע באַריערן פון דער געשיכטע, — און דאָס עלנט שטייענדיקע פאָלק האָט זיך אַריינגעדרייט אין דעם ווירבלשטראָם פון דער אייראָפּעי־שער געזעלשאַפטלעכקייט. דער מענטש, אַ באַפרייטער פון די שווערע רייפן פון טראַדיציע, האָט זיך אויסגעגלייכט און געיובלט זיין נצחון.

אָבער וואָס איז געשען מיטן ייד, מיט אונדזער נאַציאָנאַלן גייסט?

דאָ האָט דער אַנטיסעמיזם פון 19טן יאָרהונדערט אָנגעטאָן שרעקלעכע חורבונות. אַן רחמנות האָט מען געבראָכן דורותדיקע יסודות פון דער יידישער קולטור, אַלע שיינע היסטאָרישע טראַדיציעס, אַלע רעשטלעך פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. מע האָט גענומען אויסוואָרצלען אפילו די עצם פאָרשטעלונג וועגן יידנטום, ווי אַ לעבעדיקע, אינערלעך־אויטאָנאָמע נאַציע. די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע איז אַריינגעפאַלן אין דעם אינדעקס פון פאַרבאָטענע, רעאַקציאָנערע אידעען. פּונקט ווי מען פלעגט אַמאָל שרייען: „איש לאוהליך, ישראל!" (אַריין אין דיינע געצעלטן, ישראל! — איב.), האָט מען איצט אָנגעהויבן שרייען: „איש מאוהליך, ישראל!" (אַרויס פון דיינע געצעלטן, ישראל! — איב.). דאָס צונויפגיסן זיך מיט די אַרומיקע נאַציעס איז געוואָרן די דאָגמע פון דעם נייעם וועלטבאַנעם. אייניקע זענען דערגאַנגען אויפן וועג פון פרייוויליקער צונויפשמעלצונג, אַהין, וואו די שווערד פון די קרייצטרעגער און דאָס פייער פון טאָרקוועדאַמאַ האָבן נישט געקאָנט פאַרטרייבן זייערע אורעלטערן; אַנדערע האָבן, ווי דער שטן אין „איוב", צוגענומען ביי דער „געוועזענער" נאַציע אַלץ, אַ חוץ דער נשמה, וואָס האָט זיך ביי זיי אויך עפּעס איינגעשרופּן, אַריינגעקוועטשט אין דעם שמאָלן רעמל פון עטלעכע רעליגיעזע דאָגמעס און מנהגים. „פאַרלאָז די געשטאָרבענע יידישע נאַציע און קלעפּ זיך אָן צו די פעלקער, צווישן וועל־כע דו לעבסט!" — אָט דאָס איז דער הייליקער געבאָט, וואָס די כוהנים פון אַסימילאַציע האָבן מבשר געווען מיט אַ ברען פון נעאָפיטן.

אין וואָס זשע האָט געגלייבט אָט די נייע „קולטורעלע" מאַסע, וואָס האָט אָפּגעטייט אין זיך איר נאַציאָנאַלן גייסט, וואָס פלעגט איבערניצעווען איר נשמה אויף אַ פרעמדן נאַציאָנאַלן פאַסאָן — אַ פּוילישן, דייטשישן אָדער רוסישן? — זי האָט געגלייבט, אַז דאָס יידנטום, ווי אַ נאַציע, איז

געשטאָרבן און דאַרף אָדער זיך אויפלייזן אין דער מענטשהייט אָדער — היות די מענטשהייט קאָנקרעט טיילט זיך אויף נאַציעס — אריינגיין אין באַשטאַנד פון פרעמדע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזמען, איינהאַלטנדיק בלויז, ווי שיינע רעליקוויעס, עטלעכע שפּליטערן פון זיין אוראַלטער רעליגיע און גע־שיכטע. דער עקסטרעם פון דער אַמאָליקער אָפּגעזונדערטקייט האָט ארויס־גערופן דעם דאָזיקן עקסטרעם פון דער אַסימילאַציע. דער כּוח פון אַנטי־טעזיס האָט זיך אַרויסגעוויזן — לויט דעם פּסיכאָלאָגישן געזעץ — פּראָ־פּאָרציאָנעל צום כּוח פון טעזיס.

אָבער אַן אַנטיטעזיס, לויט דעם עצם מהות זיינעם, קאָן זיך לאַנג נישט האַלטן: צעשטערונג ווערט גיכער פאַרענדיקט, ווי בויונג. די אַסימי־לאַציע האָט געדאַרפט דערגיין צום אַבסורד, ווי אַ מיטל צו ראַטעווען דאָס יידישע פאָלק דורך... נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד, און פריער אָדער שפּע־טער האָט איר געדראָט באַנקראָט. דער אַנטיסעמיטיזם פון „סוף יאָרהונ־דערט” האָט גערינט ווי אַ דרויסנדיקער שטויס, וואָס האָט צוגעאיילט דעם צוזאַמענברוך פון אַנטיטעזיס אין זיינע עקסטרעמע אויסדרוקן. דער אַנטי־סעמיטיזם האָט אויסגעשטעלט אויף חוזק דעם גרונט־געבאַט פון דער אַסי־מילאַציע: „קלעפּ זיך צו צו די אַרומיקע פעלקער!” וואָרעם אָט די פעלקער האָבן אָנגעהויבן ענערגיש אָפּצושאָקלען פון זיך די „צוגעקלעפּטע” יידן און דערמיט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ביי אַזעלכע אָפּעראַציעס איז נישט גענוג די גרייטקייט פון איין אָנטיילנעמענדיקן צד. אגב, איז דער טראַגישער עלעמענט ארויסגעקומען שטאַרקער פאַרן קאָמישן... דער אַסימילירטער המון באַמערקט נאָך נישט סיי די בייזע איראָניע סיי דעם דערשיטערנדיקן טראַגיזם אין דער נייער ווענדונג פון דער געשיכטע — און האַלט נאָך אין באַוועגן זיך, לויט אינערץ, אין דער פריערדיקער ריכטונג. אָבער דער בעסערער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ האָט זיך געטאָן אַ פאַר־קלער — און אָט איז בערך דער גאַנג פון אירע געדאַנקען:

וואָס האָבן מיר דערגרייכט אין דער עפּאָכע פון אַנטיטעזיס? מיר האָבן זיך דערווייטערט פון אונדזער פאָלק און האָבן נישט געקאָנט אריינגיין, ווי אַן אָרגאַנישער טייל, אין באַשטאַנד פון די אַרומיקע פעלקער. די אַסי־מילאַציע האָט זיך גאָר ארויסגעוויזן פאַר אַן אַקט, וואָס איז פּסיכיש אומנאַטירלעך, מאָראַליש דערנידעריקנדיק, און פּראַקטיש נישט צוועקמע־סיק; מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אויטאָנאָמיע, פון אָט דעם לעבנס־נערוו פון יעדער נאַציאָנאַליטעט, און האָבן אים פאַרביטן מיטן יסוד פון העטע־ראָנאָמיע, מיט איבערדרייען אונדזער פאָלקס־אינדיווידואַליטעט אויף אַ פרעמדן שטייגער. דער טעות האָט געבראַכט זיינע פּרוכטן. מיר זענען גע־בליבן אָן אַן אינערלעכן לעבנס־צענטער. מיר האָבן איבערגעטראָגן אָט דעם צענטער אין דער דרויסנדיקער סביבה, — און ווי אַ פּועל יוצא האָט זיך באַקומען אַן אומבאַשטענדיקע גלייכגעוויכט, אַ געפערלעכע שאָקלעניש.

„צונויפגיסונג", „באַהעפטונג צו דער קולטור" פון דעם אָדער יענעם פאָלק! — פאַרוואָס האָבן די ווערטער געקלונגען אין אונדזערע אויערן אַזוי שטאָלץ, בעת ענלעכע לאָזונגען וואָלטן באַליידיקט דאָס געפיל פון חשיבות ביי יעדער אַנדער נאַציע, וואָס שעצט זיך אַליין, אויב זי איז אפילו פּאָליטיש אָפּהענגיק, אונטערדריקט? פאַרוואָס זענען נישט אויפגעקומען אַזעלכע קנעכטישע לאָזונגען ביי די אירלענדער, פּאָליאַקן, עסטרייכישע סלאַוון, טערקישע אַרמענער? גיט אונדז דען נישט אונדזער דרייטויזניאָריקע קולטור, אונדז, אַן אוראַלטן היסטאָרישן פאָלק, דאָס זעלבע רעכט פון פרייער אַנטוויקלונג אין אונדזער נאַציאָנאַלן גייסט אומעטום, פּונקט ווי אַנדערע פּאָליטיש נישט־זעלבשטענדיקע פעלקער? זענען דען די יידישע פאָדערונגען אויפן געביט פון סאָציאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע שווערער אויסצופירן, ווי די פאָדערונגען פון טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע, וועלכע עס שטעלן אַרויס אַנדערע פעלקער אין די פאַרשיידנשטאַמיקע מלוכות?

יאָ, מיר זענען נידעריק געפאַלן. אַ סך מער זעלבסטווערדע האָבן מיר געהאַט אין דער תקופה פון אַלטן טעזיס, ווען דער צענטער פון אונדזער לעבן האָט זיך געפונען צווישן אונדז, און נישט מחוץ אונדז, ווען די אָפּגעזונדערטקייט, נישט שיצנדיק אונדז קעגן קלעפּ פון דרויסן (פון זיי זענען מיר איצט אויך נישט באַוואָרנט), האָט אונדז אָפּגעהיט פון אינעווייניקסטער צעדרויבלטקייט און פּירוד־הלבבות און האָט אונדז געמאַכט פאַר גלייכבאַרעכטיקטע גלידער פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. אמת, די אָפּגעזונדערטקייט איז דעמאָלט געגאַנגען צו ווייט: זי האָט זיך אויסגעשפּרייט נישט נאָר אויף דעם ייד, נאָר אויך אויף דעם מענטש, זי האָט מיט אַן ענגן רינג אַרומגענומען אונדזער גייסטיק און קולטור־לעבן, זי האָט געדריקט דעם יחיד מיט דער שווערקייט פון איר דיסציפּלין, זי האָט אַרויפגעלייגט אויף דעם פרייען גייסט די רייפן פון טראַדיציע. אָט דאָס בייז איז שוין טיילווייז באַזייטיקט דורך דער תקופה פון אַנטיטעזיס — דאָס איז זיין עיקר־פאַרדינסט. די דאָזיקע תקופה האָט פאַרשמעלערט אונדזער נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט, זי האָט אָבער אויסגעברייטערט די ספערע פון דער יחידישער פרייהייט, צוגעוואוינט אונדז מער אָדער ווייניקער צום פּאָליטישן און בירגערלעכן לעבן, אַרויסגערופן אין אונדז די באַדערפעניש צו באַנייען דעם אַלטן סדר, דעם דורשט צו אינעווייניקסטע רעפאָרמען, דער סך הכל פון דער תקופה באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט גלייכצייטיק אי הומאַניזירט אי דענאַציאָנאַליזירט דעם יידן.

די לעבנס־דערפאַרונג האָט אַנטפּלעקט די איינזייטיקייט סיי פון טעזיס סיי פון אַנטיטעזיס. זי האָט באַוויזן, אַז ס'איז געקומען די צייט פאַר אַ נייער כוחות־קאָמבינאַציע, אַ פולערע, וואָס לאָזט צונויפפּאָרן די פאָדערונגען פון הומאַניזם און פון פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַליזם. עס איז דורכגעלייגט געוואָרן אַ וועג פאַר אַ ברייטן סינטעז. דער דאָזיקער סינטעז דאַרף

כּולל זיין אין זיך אַלץ, וואָס איז שטאַנדהאַפטיק און לעבנספעיק תּוך די פריערדיקע צוויי אַנטוויקלונגס־סטאַדיעס, און דאַרף, אָפּוואַרפנדיק זייערע עקסטרעמען, שאַפן אַ יסוד פאַר אַ נייער ריכטונג. און מיר שטייען איצט בלי ספק אויף דער שוועל פון אַ גרויסן היסטאָרישן סינטעז.

אין וואָס זשע באַשטייט דער זינען פון אָט דער נייער אידעישער ריכ־טונג, וואָס איז באַרופן צו באַשטימען אויף לאַנג דעם תּוך פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן?

דער טעזיס האָט געהייסן „אָפּגעזונדערטקייט", דער אַנטיטעזיס — „אַסימילאַציע". ווי אַזוי זשע איז דער נאָמען פון נייגעבוירענעם סינטעז? — אויטאָנאָמיזם. אויטאָנאָמיזם איז די שטרעבונג פון יעדער לעבנספעי־קער נאַציע צו דעם מאַקסימום פון אינעווייניקסטער אומאָפּהענגיקייט אָדער אויטאָנאָמיע, וואָס איז מעגלעך אין די געגעבענע פּאָליטישע באַדינגונגען. אויטאָנאָמיזם — דאָס איז דער אַלגעמיינער פּרינציפּ, אויטאָנאָמיע — איז זיין אָנווענדונג אין פאַרשיידענע פאָרמען, וועלכע מיר וועלן באַלד באַ־טראַכטן.

2. איטלעכע לעבנספעיקע נאַציע שטרעבט אייגנצוהאַלטן יענע איג־דיווידועלע און אייגנאַרטיקע שטריכן, מיט וועלכע עס האָט זי באַשאַנקען איר אייגענע היסטאָרישע עוואָלוציע, ווי אויך יענע געציינ, וואָס ווירקן מיט אויפצוהיטן זיי. זי היט אָפּ מיט אייפער איר טעריטאָריע און פּאָ־ליטישע אומאָפּהענגיקייט, און אויב זי האָט זיי פאַרלוירן — היט זי אָפּ איר שפּראַך, קולטור, ליטעראַטור, איר שול און רעליגיע, איר קהלשע זעלבסטפאַרוואַלטונג, אירע באַזונדערע אינסטיטוציעס און בכלל — דאָס אַלץ, וואָס באַפעסטיקט די אינעווייניקסטע באַהעפטונג פון אירע מיטגלי־דער. ביי אַ לעבנספעיקער נאַציע גייט תּמיד די שטרעבונג צו דערהאַלטן איר היסטאָרישן טיפּ האַנט ביי האַנט מיט דער שטרעבונג צו זיין ווייטער־דיקער אַנטוויקלונג און שלימות. אָט די אַלע נאַטירלעכע נטיות פון אַ נאַ־ציאָנאַלן אָרגאַניזם קומען צום אויסדרוק אין אויטאָנאָמיסטישע טענדענ־צן. וואָס קאָמפּליצירטער און אייגנאַרטיקער עס איז די היסטאָרישע עוואָ־לוציע פון געגעבענעם פאָלק, אַלץ שטאַרקער איז אין אים די שטרעבונג צו „אייגנגעזעצלעכקייט", צו אויטאָנאָמיע — דאָס הייסט, צום ווייטערדיקן וואַקסן אויף דעם אייגענעם קולטור־באָדן, — און דער ווידערווילן צו „פרעמדגעזעצלעכקייט" אָדער העטעראָנאָמיע, וואָס צווינגט אים אויף דעם גייסט און די פאָרמען פון אַ פרעמדער עוואָלוציע.

אויטאָנאָמיע, ווי אַ היסטאָרישער פּאָסטולאַט, איז, על כּן, דאָס אינטע־גראַלע רעכט פון יעדן נאַציאָנאַלן אינדיווידו. פון דעסטוועגן, די פאָרמען און די מדרגות אירע זענען גאַנץ פאַרשיידנאַרטיקע, עס ווענדט זיך אין די פּאָ־ליטישע און סאָציאַלע באַדינגונגען, אין וועלכע עס געפינט זיך דאָס גע־געבענע פאָלק אין דער געגעבענער פאַרשיידנשטאַמיקער מלוכה. די איר־

לענדער, למשל, פאָדערן דאָס טעריטאָריאַלע אָדער, לכל הפחות, פּאַרלאַמענ־טאַרישע (Hom Rule) אָפּטיילן זייער לאַנד פון ענגלאַנד, וואָס איז זיי פרעמד לויט רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט; די טשעכישע נאַציאָנאַליסטן טרוימען וועגן אַזאַ אומאָפּהענגיקייט, פון וועלכער עס געניסן אין דער עסט־רייכישער אימפּעריע די אונגאַרן; די עסטרייכישע און פּרייסישע פּאָליאַקן שטרעבן אויסצובּרייטערן זייער רעגיאָנאַלע סיימישע אויטאָנאָמיע און זיי קעמפן ענערגיש קעגן די פּרוואָון זיי צו גערמאַניזירן; די רוטענער אין גאַליציע, פון זייער זייט, באַשטייען אויף זייער קולטור־אייגנאַרטיקייט און שטעלן זיך אַנטקעגן די פּאָלאָניזאַטאָרישע טענדענצן.

אין וואָס זשע דאַרף זיך אויסדריקן דער יידישער אויטאָנאָמיזם?

פאַרשטייט זיך, ער דאַרף זיך פּאַסטן צום כאַראַקטער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע. דאָס יידנטום, ווי אַ גייסטיקע אָדער קולטור־נאַציע, קאָן אין דער דיאַספּאָרע נישט שטרעבן נישט צו קיין טעריטאָריאַלער, נישט צו קיין פּאָליטישער אָפּזונדערונג, נאָר בלויז צו געזעלשאַפטלעכער און נאַ־ציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע. דער ייד־נאַציאָנאַליסט זאָגט: „ווי אַ בירגער פון געגעבענעם לאַנד, נעם איך אָנטייל אין איר פּאָליטישן און בירגערלעכן לעבן לויט דער מאָס פון די רעכט, וואָס מע האָט מיר געגעבן; אָבער ווי אַ גליד פון דער יידישער נאַציע, האָב איך, חוץ לזה, מיינע איי־גענע פאָלקס־אינטערעסן — און אין דער דאָזיקער ספעריע האַלט איך זיך פאַר אויטאָנאָם אויף דער אייגענער מדרגה, אויף וועלכער עס ווערט דער־לאָזט אויטאָנאָמיע אין דער זעלבער ספעריע פאַר יעדער אַנדערער נאַציאָ־נאַלער מינדערהייט אין דער געגעבענער מלוכה. איך בין פריי צו רעדן אויף מיין שפּראַך און צו באַנוצן זי אין אַלע עפנטלעכע אינסטיטוציעס; צו דערציען מיינע קינדער אין מיין נאַציאָנאַלן גייסט און צוצופּאַסן דערצו די פּראָגראַמען פון מיינע שולן; צו אָפּהיטן און פּרעדיקן מיין רעליגיע, צו האָבן אַן אייגענע קהילה־זעלבסטפאַרוואַלטונג און צו שאַפן פאַר אייגענע פאָלקסצוועקן פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס; צו האָבן אינטערעסן־סאָלידאַ־רישקייט מיט מיינע שטאַמברידער נישט נאָר אין געגעבענעם לאַנד, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער; צו אָנטיילנעמען אין אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זייער ציל איז דאָס אָפּהיטן און שיצן די אינטערעסן פון יידישן פאָלק אומעטום".

אין דער „תקופה פון אָפּגעזונדערטקייט" האָבן די יידן גענאָסן אין אַ באַדייטנדיקער מאָס, כאָטש אין פאַרעלטערטע פאָרמען, פון דעם רעכט אויף נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע; זיי האָבן אָבער נישט געהאַט קיין בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט. אין דער „תקופה פון אַסימילאַציע" האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנטייל פון יידן אין דעם בירגערלעכן, און ער־טערווייז אויך אין דעם פּאָליטישן לעבן פון די לענדער, באַוואוינטע דורך זיי; דערפאַר אָבער האָבן זיך אַ סך יידן אָפּגעזאָגט פון דעם בעסטן היס־

טאָרישן פאַרמעגן פון זייער פאָלק — פון זיין אינעווייניקסטער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, ווייל זיי האָבן על־פּי טעות געהאַלטן, אַז זי לאָזט זיך נישט צונויפפּאָרן מיט דער באַקומענער אָדער דערוואַרטער בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע. אַזוי אַרום האָט דאָס אַלטע יידנטום מקריב געווען די בירגערלעכע רעכט לטובת די נאַציאָנאַלע, און דאָס נייע האָט מקריב געווען די נאַציאָנאַלע רעכט לטובת די בירגערלעכע אָדער פּאָליטישע.

די איצט אָנקומענדיקע „אויטאָנאָמיזם־תקופה" וואַרפט אָפּ די איינזייטיקייט פוןביידע פריערדיקע תקופות, וואָס האָט געמאַכט דאָס לעבן אומפול און אומנאָרמאַל. די נייע תקופה דאַרף פאַרבינדן די פּאָליטיש־בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג מיט דעם חלק געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אויטאָנאָמיע, פון וועלכער עס געניסן אַנדערע נאַציעס, וואָס געפינען זיך אין ענלעכע היסטאָרישע באַדינגונגען, ווי די יידן. זיי דאַרפן זיך באַמיען צו קריגן גלייכצייטיק פּאָליטישע, בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג, נישט מקריב זייענדיק איינס לטובת דעם אַנדערן, ווי דאָס איז געווען פריער.

על כן, איז די פאָרמולע פון אויטאָנאָמיזם אַזאַ: אין יעדן לאַנד, נעמענדיק אַן אַקטיוון אָנטייל אין זיין בירגערלעכן און פּאָליטישן לעבן, געניסן די יידן פון אַלע רעכט, וואָס זענען אָנערקענט פאַר זיינע בירגער, ווי יחידים און ווי גלידער פון זייערע נאַציעס. בירגערלעך גלייכבאַרעכטיקטע, דערשלאָגן זיך די יידן אויך צו נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג אין גרענעצן, דערלאָזלעכע דורך דער גאַנצקייט פון דעם געגעבענעם מלוכה־אָרגאַניזם.

3. מיט וועלכע זשע דרכים וועלן פאַרווירקלעכט ווערן אונדזערע נאַציאָנאַלע רעכט, אונדזער אינעווייניקסטע אויטאָנאָמיע? דאָ דאַרפן מיר אויסטיילן צוויי מינים נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין אַ פאַרשיידנאַרטיקער מלוכה אָדער Nationalitätenstaat (נאַציאָנאַליטעטן־שטאַט):
א) טעריטאָריאַלע נאַציאָנאַליטעט, וואָס איז אַ מינדערהייט אין דעם אַלגעמיינעם באַשטאַנד פון דער מלוכה און אַ מערהייט אין איר היסטאָרישער געגנט אָדער פּראָווינץ (די פּאָליאַקן אין די דריי אימפּעריעס, די טשעכן אין עסטרייך אד"גל); ב) ניט־טעריטאָריאַלע מינדערהייט אָדער אַ נאַציאָנאַלער ברוכטייל, וואָס איז נישט קיין מערהייט פון דער באַפעלקערונג אין דער געגעבענער פּראָווינץ (די יידן אין אַלע לענדער, די פּאָליאַקן אין ליטע אאַ"וו). די נאַציע פון ערשטן טיפּ דאַרף האָבן אַ געגנטלעך־סיימישע אויטאָנאָמיע, די נאַציע פון צווייטן טיפּ — אַ קהילהשע־קולטור־אויטאָנאָמיע.

ביזן 19טן יאָרהונדערט איז דער איינס פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין אַלע לענדער פון דער דיאַספּאָרע געווען די קהילה. דער פאַרנעם פון דער אויטאָנאָמיע איז געווען באַדינגט דורך דער מדרגה פון אָרגאַניזירטקייט אין אָט די איינסן און דורך דעם טעטיקייטס־פאַרנעם פון יענער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיי פאַראייניקט (ועד הקהילות).

היות דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע און אינדיווידועלע לעבן אונדזערס איז במשך פון אַ לאַנגער אָנמלוכהשער תקופה געווען נאָרמירט דורך „רעליגיעזער" געזעצגעבונג (ד"ה, אַלגעמיינע געזעצגעבונג, געהייליקט מיט דער סאַנק־ציע פון רעליגיע), האָט זיך אויך די קהילה־זעלבסטפאַרוואַלטונג געפירט אונטער דער אייגענער פירמע. יענער רעזשים, וואָס האָט געשאַפן פון יידנ־טום אַ טיפּ פון אַ רעליגיעזער נאַציע (זע דעם בריוו 1), האָט אויך געשאַפן דעם טיפּ רעליגיעזע קהילה, ווי אַן אויטאָנאָמען איינס. און פּונקט ווי אין גאַנצן גענומען האָט דאָס פאָלק אונטער דער פירמע פון רעליגיע רעאַליזירט פאַקטיש אויפגאַבן, וואָס זענען געלעגן מחוץ אירע געביטן, אַזוי איז אויך געווען אין דעם טייל, אין דער „רעליגיעזער" קהילה, וואו מע האָט רעאַ־ליזירט אַלע פונקציעס פון אַ געזעלשאַפטלעכער און פאָלקישער אָרגאַניזאַ־ציע: עס איז טעטיק געווען אַ געוויילטע אַדמיניסטראַציע פאַר די קהילה־ענינים; אַ יידישער בית־דין פלעגט פונאַנדערקלייבן ציווילע און אָפט אויך קרימינעלע פּראָצעסן; עס האָט פונקציאָנירט אַ סיסטעם פון זעלבסטבאַ־שטייערונג און אויפמאָנונג פון מלוכה־צינזן; מע פלעגט אויסהאַלטן איי־גענע שולן פון אַלע טיפּן; מע האָט געשאַפן רעליגיעזע און צדקה־אינסטי־טוציעס, באַלמעלאָכישע און סוחרישע צעכן, חברות פאַר קעגנזייטיקער הילף; מע פלעגט אויסאַרבעטן פאַרפליכטנדיקע באַשלוסן און תקנות אויף די צוזאַמענפאָרן פון די דעלעגאַטן צום ועד הקהילות. דאָס בית־מדרש איז נאָר אָפיציעל געשטאַנען אין צענטער פון אָט דער גאַנצער נעץ אינסטיטוציעס; פאַקטיש אָבער איז די קהילה געווען אַ מין „קאָמונאַלער איינס" פון זעלבסטפאַרוואַלטונג. אין דער ביז־עמאַנציפּאַציע־תקופה איז די קהילה גע־ווען, ווי שוין אויבן דערמאָנט, אַ סוראָגאַט פון מלוכהשקייט און בירגער־לעכקייט, פון וועלכע דער אַלטער דעספּאָטישער רעזשים האָט אָפּגערוקט די יידן מיט אַלע מיטלען.

וואָס זשע האָט געדאַרפט טאָן דאָס „נייע יידנטום", וואָס האָט אויפן מערב באַקומען בירגערלעכע עמאַנציפּאַציע, אָדער וואָס האָט זיך פריער נאָך דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון דער מאָדערנער קולטור? עס האָט באַ־דאַרפט צופּאַסן זיין אויטאָנאָמיע צו די נייע השגות, צום לעבנשטייגער פון אַ פרייען בירגער. עס איז פאָרגעשטאַנען דורכצופירן אויך אין דעם יידנטום דעם אַלגעמיין־אייראָפּעישן פּראָצעס פון סעקולאַריזאַציע (פאַר־וועלטלעכונג.—איב.), פון אָפּטיילן דאָס סאָציאַלע פונעם רעליגיעזן. מע האָט געדאַרפט אויך אין דער קהילה־אויטאָנאָמיע אָפּטיילן דעם נאַציאָנאַלן קערן פון דער רעליגיעזער שאָלעכץ. איז דאָך אפילו נאָך דעם איינשרימפּן רעם פאַרנעם פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אַדאַנק דער עמאַנצי־פּאַציע (אין דער ספערע פון אַדמיניסטראַציע, געריכט, שטייער־מאָנונג) נאָך אַלץ געבליבן זייער אַ ברייטער געביט פון סאָציאַלער און קולטורעלער אויי־טאָנאָמיע: אַ נעץ אָרטיקע אינסטיטוציעס פאַר צוועקן פון קעגנזייטיקער

הילף, צדקה, בילדונג אין דעם גבול פון דער קהילה; א פאראייניקונג פון קהילות אין פארבאנדן מיט צענטראלע אָרגאַנען אויף צו רעגולירן אַלגע־מיין־יידישע ענינים און צו שיצן די פּאָליטישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע אינטערעסן פון יידנטום אין געגעבענעם לאַנד; אָרגאַניזירן א יידישע נא־ציאָנאַלע פאָרשטייערשאפט אין די אַלגעמיין־מלוכהשע און געגנטלעכע רע־פרעזענטאַטיווע אינסטיטוציעס.

וועגן דעם אַלעם האָט פארגעסן דאָס אַסימילירטע יידנטום, וואָס האָט זיך א וואָרף געטאָן אין די אָרעמס — נישט תמיד צעשפרייטע — פון זיינע „באפרייער". אָפּגעזאָגט זיך פון דער סעקולאַריזירטער (פארוועלט־לעכטער.—איב.) נאַציאָנאַלער אידעע און אָנגעקלעפּט אויף דעם יידנטום די נעבעכדיקע עטיקעטע פון א „רעליגיעזער גרופּע"*), — האָבן די עמאַנ־ציפּירטע איבערגעלאָזט פון דער גאַנצער אַמאָליקער אויטאָנאָמיע נאָר איר שילדל: די סינאַגאָגע און דעם ראַבינאַט, טיילוויז די צדקה, אַלדאָס אי־בעריקע אָפּטרעטנדיק דער אַפּוטרופּסות פון דער מלוכה. אַזוי איז אין דייטשלאַנד אויפגעקומען א פארשמעלערטע קהילה־אָרגאַניזאַציע, וואָס דער קערן אירער איז נישט געווען א זעלבסטפארוואַלטנדיקע נאַציאָנאַלע קהילה, נאָר א רעליגיעזע (Cultusgemeinde)‚ א סינאַגאָגאַלע עדה. אַזוי איז אין פראַנקרייך געשאַפן געוואָרן א קאָנסיסטאָריאַלע אָרגאַניזאַציע פון קהילות מיט א היעראַרכיע פון „גייסטיקע פאַסטעכער" — ראַבינער און אויבער־ראַבינער. לויט די דאָזיקע טיפּן, דעם דייטשן און פראַנצויזישן, האָט זיך געשאַפן די זעלבסטפארוואַלטונג אויך אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע. אומעטום איז דער צוציונג־צענטער — די סינאַגאָגאַלע עדה; אַהין ציען זיך סיי די אָרטאָדאָקסן סיי די רעפאָרמער — אַלץ איינס פּנים־לאָזע, אין יידיש נאַציאָנאַלן זינען, — פארדייטשישטע, פארפראַנצויזישטע אד"גל. א סך פון זיי זיינען פאָרמעל „צוגעשריבן" צו דער קהילה, בעת זיי זענען לויט זייערע איבערצייגונגען ווייט פון רעליגיעזן קולט; אַנדערע ווי־דער רייסן איבער אַפילו אָט דעם פאָרמעלן באַהעפט, דערקלערנדיק זיך קאָנ־פעסיאָנסלאָז און באפרייענדיק זיך אַזוי אָרום פון צו צאָלן דעם קהילה־שטייער. דאָס אַלץ זענען פּירות פון דער אַנטיטעזיס־תקופה. די אַסימילאַציע האָט חרוב געמאַכט איינעם פון די עיקר־יסודות פון דער אויטאָנאָמיע: די נאַציאָנאַלע שול. לעבן די חורבות פון דער יידישער שול (די רעליגיעזע

---

*) זע מיינע „היסטאָרישע מיטטיילונגען" (רוסיש) אין „וואָסכאָד" 1894, העפטן 2, 4 און 11), און דעם אַרטיקל „ועד ארבע הארצות" אין „דזשואיש ענציקלאָפּעדיע" (ענגליש) באַנד 4 (ניו־יאָרק, 1903), פאַרגלייך אויך מיין „אַלגעמיינע יידישע געשיכטע" (רוסיש), באַנד 2 און 3, און אין אַנדערע ערטער.

*) זע אויך אויבן, „בריוו" 1, ז"ז 14־16.

„געמיינדע־שולן" און די קאָנסיסטאָריע־שולן מיט דער מלוכהשער לערנ־שפּראַך) שטייט שטאַלץ די מלוכהשע אָדער מוניציפּאַלע שול, וואָס פאַר־פלאַנצט אין די יידישע קינדער דעם גייסט פון אַ פרעמדער קולטור, פרעמ־דע נאַציאָנאַלע געפילן און שטרעבונגען. די יידישע שפּראַך איז אויפן מערב אַרויסגעטריבן פון דער שול און ליטעראַטור, טיילווייז אַפילו פון דער סינאַגאָגע. דער אַסימילירטער ייד געפינט אַ פולע באַפרידיקונג פון זיינע געזעלשאַפטלעכע באַדערפעניש אין דער אַרומיקער קריסטלעכער געזעל־שאַפט, און די נאַציאָנאַלע באַדערפענישן זענען ביי אים פון לאַנג אַטראָ־פירט. אין דער לעצטער צייט בלויז האָט אַ ברוטאַלער שטויס פון דרויסן — די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג — געגעבן אים צו פילן, אַז ער האָט צו פיל זיך געאיילט מיט דעם איינגלידערן זיך אין דער פרעמדער נאַציאָנאַלער משפּחה. די דערוואַכונג הייבט זיך אָן — און דער מערבדיקער ייד שטייט איצט אויף דעם ווענדפּונקט פון דער געשיכטע: ס'וועט אויסקומען אָראָפּ־צוקערעווען זיך פון אַסימילאַציע־שליאַך.

אין איינעם מיט דער פיקציע פון אַ „רעליגיעזער גרופּע" וועט אויך מוזן פאַרשווינדן די פיקציע פון אַ „רעליגיעזער קהילה" (פאַרשטייט זיך, נישט אין דעם זינען פון באַזייטיקן דעם קולט, נאָר אין דעם זינען פון אָראָפּ־נעמען דעם רעליגיעזן שילד פון וועלטלעכע אינסטיטוציעס). ס'קומט אויס ווידער אויפצושטעלן די צעשטערטע אויטאָנאָמיע אין פאָרמען, וואָס זענען פּאַסיק פאַר די נייע סאָציאַלע באַדינגונגען. אין אַזעלכע מלוכות, ווי דייטש־לאַנד און עסטרייך, וואו די אַדמיניסטראַטיווע רעגלאַמענטאַציע איז נאָך נישט באַזייטיקט, וועט די יידן אויסקומען צו פירן אַ קאַמף פאַר לעגאַלי־זירן זייער זעלבסטפאַרוואַלטונג אויף די רעכט פון נאַציאָנאַלע קהילות, פאַר אָנערקענען זייערע פאָלקשולן און אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס. דער דאָ־זיקער קאַמף דאַרף זיך נישט נאָר ענדיקן, נאָר אויך באַגלייט זיין מיט אַ נצחון, וואָרעם ביי אַ שטאַרקן ווילן קאָנען די יידן אַפילו שוין איצט אויס־ברייטערן זייער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין די רעכטלעכע מלוכות, אויפן סמך פון די עקזיסטירנדיקע קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצן וועגן פרייהייט פון גע־זעלשאַפטן און פאַרבאַנדן; אין דער איינגענער צייט דאַרף מען זיך דער־שלאָגן, מע זאָל אויפן געזעצגעבערישן וועג אָנערקענען די סעקולאַריזירטע נאַציאָנאַל־קהילהשע אויטאָנאָמיע אין איר גאַנצן פאַרנעם*). די גרעסטע

*) אין פראַנקרייך שטייט איצט די דאָזיקע פראַגע אויפן טאָג־אָרדענונג, נאָך דעם ווי די קירכע איז דאָ נישט לאַנג געוואָרן אָפּגעטיילט פון דער מלו־כה. היות ווי די יידישע כלי־קודש ווערן שוין איצט נישט אויסגעהאַלטן אויפן חשבון פון דער מלוכה, וואָלט די נאַפּאָלעאָנישע קאָנסיסטאָריעלע אָר־גאַניזאַציע פון די קהלות געקאָנט פאַרביטן ווערן אויף אַ פרייער, נאַציאָ־

פאקטישע אויטאָנאָמיע איז פאַר די יידן מעגלעך אין די לענדער, וואו עס הערשט דער פּרינציפּ פון ניט אריינמישן זיך אין דעם פּריוואטן לעבן פון בירגער, וואו עס איז נישטאָ נישט קיין אדמיניסטראַטיווע אויפזיכט נישט קיין צו פיל צענטראַליזירטע מאַכט. אין אַזעלכע לענדער — ענגלאַנד, בריטישע קאָלאָניעס, פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע — וואָלטן די יידן אַפילו איצט שוין געקאָנט געניסן פון אַ ברייטער זעלבסטפאַרוואַלטונג, אויב זיי וואָלטן נאָר געוואָלט ארויסגיין פון דעם קלעם פון אַ „רעליגיעזער קהילה". זיי וואָלטן געקאָנט האָבן אַן אייגענע קהילה־מאַגיסטראַטור, וואָס איז נישט באַגרענעצט מיט קיין שום פּאָליציייאישע רעגלאַמענטן, אָרגאַניזירן קהילה־פאַרבאַנדן, צונויפרופן נאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, עפענען עלעמענטאַרע, מיטעלע און העכערע שולן מיט אַ יידישער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם, — און בכלל אַלע אינסטיטוציעס, וואָס אונדזער אינעוווייניקסטע אויטאָנאָמיע פאָדערט זיי. דאָס, וואָס עס איז אין דער דאָזיקער אויטאָנאָמיע נאָך נישט סאַנקציאָנירט דורך די פרייע קאָנסטיטוציעס פון ענגלאַנד און אַמעריקע, וועט ווערן סאַנקציאָנירט דורך ספּעציעלע געזעצגעבערישע אַקטן. עס איז בלויז נייטיק, אַז די „עמאַנציפּירטע" יידן זאָלן זיך דורכנעמען מיטן באַוואוסטזיין, אַז די אמתע און פולע עמאַנציפּאַציע זייערע וועט אָנקומען רעמאָלט ערשט, ווען, אַ חוץ דער שוין באַקומענער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, וועלן זיי דורך קאַמף זיך דערשלאָגן אויך צו נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג, לויטן מוסטער פון אַלע קולטור־נאַציעס**).

נאַלער. וועט אָבער דאָס אַסימילירטע פראַנצויזישע יידנטום האָבן מוט דערצו?

**) בעת איך האָב געשריבן דעם דאָזיקן „בריוו" (1901), איז נאָך נישט געהאַט דערשינען דאָס גרויסע ווערק פון עסטרייכישן יוריסט שפּרינגער וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע („דער קאַמף דער עסטרייכישן נאַציאָנען אום דעם שטאַט, 1טער טייל, 1902) און די בראָשור פון זעלבן מחבר „מלוכה און נאַציע", אונטערן פּסעוודאָנים סינאָפּטיקוס (ווין, 1899), איז מיר געווען אומבאַקאַנט. באַקענענדיק זיך איצט מיט די דאָזיקע ווערק, האָב איך מיט צופרידנקייט באַמערקט, אַז אויך דער ספּעציעלער קענער פון דעם סאַמע פאַרפּלאָנטערטן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם, דעם עסטרייכישן, איז געקומען צו אַ מסקנה, וואָס איז גאַנץ נאָענט צו מיין פאָרמולירונג פון יידישער אויטאָנאָמיע. שפּרינגערס מסקנה באַשטייט אין דעם, אַז ביים איינשטעלן אויטאָנאָמע פאָרמעס פאַר אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט, דאַרף מען זיך ריכטן נישט מיטן טעריטאָריאַלן אָדער געגנט־פּרינציפּ, נאָר מיטן פּערסאָנאַלן. אַן אויטאָנאָמער אײנס איז נישט די באַפעלקערונג פון דעם געגעבענעם קאַנט, וואָרעם אַזאַ איינס באַשטייט אָפט פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן (פּאָליאַקן, רוטענער, יידן און דייטשן אין גאַליציע, טשעכן און דייטשן אין בעמען), נאָר יעדע קליינע גרופּע פון אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט, אומאָפּהענגיק פון אָרט, וואו זי לעבט. גלייכע רעכט אויף זעלבסט־

געוויסע דערשיינונגען פון דער לעצטער צייט זאָגן עדות, אַז דאָס באַוואוסטזיין פון דער נויטווענדיקייט צו האָבן אַ באַזונדערע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע דערוואַרבט זיך אַלץ מערער באָדן צווישן דעם מערבדיקן יידנטום. אין דייטשלאַנד הייבט מען אָן פילן, אַז נישט די Cultusgemeinde און נישט זייער געבעכדיקער פאַרבאַנד־אָרגאַן "Deutsch-Israelitischer Gemeindebund" קאָנען נישט באַפרידיקן די סאָציאַלע און פּאָליטישע נויטן פון יידישן לעבן, אַז ס'איז נייטיק אַן אַנדער אָרגאַניזאַציע פון די פאָלקס־כוחות צו שיצן די אַלגעמיין־יידישע אינטערעסן. נישט לאַנג צוריק איז די פראַגע וועגן אַ „יידישן סיים" (Judentag) אויפגעהויבן געוואָרן אין דער דייטשער הויפּטשטאָט דורך איינעם אַ טוער פון דער יידישער קהילה־זעלבסטפאַרוואַלטונג, דורך דעם באַקאַנטן היסטאָריקער פּראָפעסאָר מאַרטין פיליפּסאָן. אין יאָר 1900 האָט דער פּראָפעסאָר פיליפּסאָן פאָרגעלייגט: שאַפן אין דייטשלאַנד אַ יידישן סיים אָדער פעריאָדישע דעלעגאַטן־צוזאַמענפאָרן פון די קהילות, מיטן צוועק צו שיצן די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, די פּאָליטישע און גייסטיקע אינטערעסן פון די דייטשע יידן.

---

פאַרוואַלטונג האָט, למשל, די קליינע גרופּע טשעכן אין אַ דייטשישן קאַנט און די קליינע גרופּע דייטשן אין אַ טשעכישער געגנט. דער מחבר האָט געמוזט נישט ווילנדיק אָנערקענען אַז די נאַציאָנאַלע קהלה איז דער אידעאַלער קליינער אייִנס פון זעלבסטפאַרוואַלטונג, פאַרגלייכנדיק איִם — לויטן טיף, און נישט לויטן פאַרנעם פון טעטיקייט — מיט דער רעליגיעזער קהלה, אָדער קאָנגרעגאַציע, וואָס איז אויטאָנאָם אַפילו אין די סאַמע דעספּאָטישע לענדער. בכן, זענען די עסטרייכישע און יידישע אויטאָנאָמיסטן געקומען צום זעלבן אויספיר וועגן דער נאַציאָנאַלער קהלה, ווי אַ קערן פון זעלבסטפאַרוואַלטונג, — איינער אויפן סמך פון היינטצייטיקער דערפאַרונג, דער צווייטער פון דער דערפאַרונג פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט. אוודאי גייען ניט די פאָדערונגען פון יידישן אויטאָנאָמיזם אַזוי ווייט, ווי שפּרינגערס פאָדערונגען פאַר די טעריטאָריאַלע נאַציעס אין עסטרייך (ברייטע אדמיניסטראַטיווע און געריכטלעכע פונקציעס אד"גל); אָבער די פרייהייט פון קהלשער זעלבסטפאַרוואַלטונג, אין דער פאָרעם פון אָרטיקע און צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס, און נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע זענען ביי היינטיקע באַדינגונגען דער מינימום פון אונדזערע פאָדערונגען.

אין די לעצטע יאָרן האָט די יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי, דער „בונד" איינגעשלאָסן אין איר פּראָגראַם אייניקע עלעמענטן פון „אויטאָנאָמיזם", און אויף דעם סמך האָבן אַ סך באַצייכנט די מיטגלידער פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, ווי „אויטאָנאָמיסטן". עס איז אָבער אַ ספק, צי אַזאַ באַצייכענונג איז צוגעפּאַסט פאַר אַ פּאַרטיי, וואָס האָט ביז איצט נישט אויפגעקלערט נישט נאָר איר שטעלונג צו יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, נאָר אַפילו נישט איר באַציונג צו דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע, וואָס ווערט אין פּראָגראַם פון „בונד" מער טאָלערירט (אין אַ זייער מטושטשדיקער פאָרעם), ווי אָנערקענט.

אין אַ וואַרעמען אַרטיקל אויף דער טעמע*), אין וועלכן דער מחבר קריטי־
קירט שאַרף דעם איצטיקן אַסימילאַציע־רעזשים, לייגט ער אַזוי אַרויס זיינע
מאָטיוון:

„מיר (דייטשע יידן) האָבן זיך באמת אויסצומיידן אַלץ,
וואָס האָט אונדז געקאָנט אַרויסשטעלן פאַר דער וועלט, ווי יידן.
מיר האָבן געזאָרגט נאָר וועגן דעם נישט צו וואַרפן זיך אין
די אויגן, נישט צו דערמאָנען קיינעם וועגן אונדזער זעלבשטענ־
דיקער עקזיסטענץ... צו וואָס מיר האָבן זיך דערשלאָגן —
ווייסט איטלעכער. טאַקע אויף פחדנים, וואָס האָבן זיך אויס־
באַהאַלטן אונטער די קוסטעס, האָבן די אַנטיסעמיטן אויסגע־
גאָסן דעם גאַנצן צאָרן, די פאַראַכטונג און ווילדקייט... אַט
אַזוי פירט זיך עס אויף דער וועלט. ווער עס שטעלט אונטער
זיין באַק פאַר אַ פּאַטש — דער וועט אויך געוויס קריגן אַ
פּאַטש. וואָרעם דער רעאַליזם פון אונדזערע טעג וויל גאָר נישט
וויסן וועגן סענטימענטאַלישקייט. נאָר דער, וואָס איז באַ־
וואָפנט, קאָן איינשטיין; יענער ווידער, וואָס טרעט אָפּ, וועט
ווערן אומברחמנותדיק צעטראָטן"...

(דערווייזנדיק ווייטער די נויטווענדיקייט צו פאַראייניקן די דייטשע
יידן דורך אַן אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע, פאָרמולירט דער פּראָפ. פיליפּסאָן
די אויפגאַבע פון אַט דער אָרגאַניזאַציע אויף אַזאַ אופן:)

„אונדזער אויפגאַבע קאָן מען באַשטימען מיט איין פאָר־
מולע: באַשיצן די אַלגעמיינע אינטערעסן פון די דייטשע יידן
און צוריק דעראָבערן אונדזער גלייכבאַרעכטיקונג. אָבער אַ סך
פון אונדז ווייזט זיך אויס, אַז דער גרויסער און פּרעכטיקער
ציל איז צו אַבסטראַקט, זיי ווילן אויסהערן עפּעס מער „פּראַק־
טישעס". טאָ לאָמיר זשע אָנרופן די פּונקטן באַזונדער, פאַר־
שטייט זיך, די סאַמע נאָענטסטע, די, וואָס ליגן אין שטח פון
אונדזער אויג; מיט דער צייט וועלן צו זיי אונטערקומען זייער
אַ סך נייע פּונקטן. די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פון די יידן
אין דייטשלאַנד, דהיינו, אַ דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג און זיין קאָ־
מיטעט, דאַרפן מיט אַלע געזעצלעכע מיטלען קעמפן קעגן אָנטאָן
שאָדן אונדזערע רעכט, וואָס זענען אין הסכם מיט דער קאָנסטי־

---

"Bedürfen die deutschen Juden eine Gesamtsorganisation?" —Ost unt west, 1901, N 2.

> טוציע, דורך דער אימפעריע־רעגירונג, רייכסטאַג, דורך די רע־
> גירונגען פון באַזונדערע לענדער און לאַנדטאַגן. זיי דאַרפֿן אָן
> אויפהער פּראָטעסטירן קעגן יעדער מין פאַרלעצונג פון אונד־
> זערע רעכט. זיי דאַרפן כסדר אַרויסרוקן די הויכע פּרינציפּן
> פון יודאַיזם, ווי אַן אמונה און ווי אַן עטישע סיסטעם. זיי דאַר־
> פן משפּיע זיין די פּרעסע, איינאָרדענען עפנטלעכע פאַרזאַמלונ־
> גען; ביי וואַלן דאַרפן זיי אומעטום, וואו עס איז מעגלעך אַ דער־
> פאָלג, זיך קערעווען מיט דער באַציונג פון קאַנדידאַט צום ענין
> גלייכבאַרעכטיקונג. זיי דאַרפן שאַפן יענעם אָנערקענטן אָרגאַן,
> מיט וועלכן די רעגירונגען זאָלן קענען זיך צונויפרעדן וועגן
> אַלע ספּעציעל יידישע ענינים. די אויסערגעוויינלעכע אויסבריי־
> טערונג און קאָמפּליצירונג פון דער מלוכה־טעטיקייט איז גורם
> די אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט פון אַזאַ אָרגאַן, און אונדז איז
> באַקאַנט, אַז דאָס אויפקומען זיינס וואָלט גינציק אויפגענומען
> געוואָרן דורך געוויסע פּרייסישע מיניסטעריומס. די דעלעגאַטן־
> פאַרזאַמלונג און דער קאָמיטעט וועלן דאַרפן מיטווירקן, אַז
> ביים אָפּשליסן האַנדלס־אָפּמאַכן זאָלן נישט איינגעשטעלט
> ווערן וואָסערע־ס׳איז אויסנעמלעכע פּונקטן, וואָס זאָלן קאָנען
> שעדיקן די יידישע סוחרים. די פאַרזאַמלונג דאַרף פאַראייניקן
> די נישט קאָאָרדינירטע שטרעבונגען צו פאַרשפּרייטן מלאכה,
> סעדעריי און ערדאַרבעט צווישן יידן. זי דאַרף, לסוף, ווי ווייט
> מעגלעך, פאַרטיידיקן די גערודפטע מזרח־יידן (רוסלאַנד)"...

פּיליפּסאָנס אידעע האָט, נאַטירלעך, באַגעגנט אַ ווידערשטאַנד פון יענ־
נער אַסימילירטער בורזשואזער אינטעליגענץ, וואָס איר פּחדנות האָט ער
אַזוי געשמיסן. אַ סך זענען אַרויסגעטראָטן קעגן פּראָיעקט פון אַן אַליידי־
שער אָרגאַניזאַציע, מורא האָבנדיק צו פאַרשטאַרקן דעם צאָרן פון די אַנטי־
סעמיטן און אַרויסצורופן אַן אומצוטרוי צו זייער „דייטשן פּאַטריאָטיזם";
אַפילו דער מחבר אַליין, וואָס האָט זיך נישט אַנטשלאָסן צו שטעלן זיך
אָפן אונטער דער יידישער נאַציאָנאַלער פאָן, האָט אויך נישט גענוג ענער־
גיש אַגיטירט לטובת דער פּראַקטישער פאַרווירקלעכונג פון זיין געדאַנק.
פון דעסטוועגן מאַכט זיך פּיליפּסאָנס אידעע אַ וועג אין די מער באַוואוסט־
זיניקע געזעלשאַפטלעכע קרייזן. אין בערלין האָט זיך געשאַפן אַ צוגריי־
טונגס־קאָמיטעט (אין באַשטאַנד זיינעם גייט אַריין אויך פּיליפּסאָן), וואָס
האָט פונאַנדערגעשיקט אַ מעלדונג צו אַלע קהילות אין דייטשלאַנד וועגן
צוגרייטונגען צו אַן „אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע פון דייטשע יידן". „דאָס
שאַפן אַן אַלדייטשע אָרגאַניזאַציע, — זאָגט זיך אין צירקולאַר, — איז
נישט בלויז אַן אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט פון איצטיקן מאָמענט, נאָר

ווערט אַרויסגערופן דורך די כסדרדיקע נויטן און גייסטיקן פּראָגרעס פון יידנטום". „אונדזער אויפגאַבע באַשטייט אין שאַפן אַ פאַרבאַנד, וואָס זאָל פאַראייניקן אַלע עקזיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס אין דער אַלגעמיינער אַר־בעט לטובת איין ציל — פאַרן וואויל פון גאַנצן דייטשן יידנטום". דער קאָ־מיטעט פאַרזיכערט, אַז דער נייער פאַרבאַנד וועט זיך נישט אַריינמישן אין די רעליגיעזע ענינים פון די קהילות, נאָר וועט האָבן דורכויס פּאָליטישע צילן, שטרעבנדיק דער עיקר צו שיצן יענע רעכט, וואָס זענען באַוואָרנט פאַר די יידן אין דער קאָנסטיטוציע און וואָס ווערן אויף יעדן טריט געבראָכן. ענט־פערנדיק אויף די באַוואָרענישן, אַז דאָס שאַפן אַן אַלגעמיינע יידישע אָרגאַ־ניזאַציע וועט אַרויסרופן די פאַרשטאַרקונג פון אַנטיסעמיטיזם, זאָגט דער צירקולאַר: „דאַרפן מיר זיך דען רעכענען מיט אַזעלכע אָנווייזונגען? ניין, מיר דאַרפן טאָן דאָס, וואָס מיר האַלטן פאַר ריכטיק. ווען די יידן וואָלטן שוין פון לאַנג געהאַט אַ פאָרשטייערשאַפט, ווען זיי וואָלטן באמת געווען באַהאָפטן מיט יענער סאָלידאַרישקייט, וואָס מע וואַרפט זיי פאָר, וואָלט זיך די אַנטיסעמיטן קיינמאָל נישט איינגעגעבן צו באַגרענעצן אַזוי פיל די יידישע רעכט. דאָס דייטשע יידנטום פאַרמאָגט גענוג גייסטיקע כוחות, כדי פון אינעווייניק צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט קעמפן פאַר דעם, וואָס מיר דאַרפן. און אַז מיר וועלן זיך דערשלאָגן לסוף צו אמתער גלייכ־באַרעכטיקונג, וועלן מיר קאָנען אויסשטרעקן אַ האַנט פון הילף די מזרחדי־קע יידן"(*).

דאָס אַלץ האָט, פאַרשטייט זיך, אַ פּאָליטיש־קאָמפּראָמיסן כאַראַקטער און האָט נישט קיין דירעקטע שייכות צו דער נאַציאָנאַלער רעאָרגאַניזאַציע פון דער קהילה־זעלבסטפאַרוואַלטונג; פון דעסטוועגן דאַרף מען אָפּמערקן מיט צופרידנקייט, אַז אונדזערע ברידער אין דייטשלאַנד גייען אַרויף, —

*) „וואָסכאָד" 1901, נר. 62. דערנאָך איז די אידעע וועגן אַ "Judentag" פאַרווירקלעכט געוואָרן אין אַן אַנדער פאָרעם: אָנשטאָט רעגולערע „סיי־מען", איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַן אמתע אָרגאַניזאַציע אויף צו פאַרטיידיקן אַלגעמיין־יידישע אינטערעסן אין דייטשלאַנד. די דאָזיקע אָר־גאַניזאַציע, אונטערן נאָמען "Verband der deutschen Juden" האָט סוף 1905 אָפּגעהאַלטן אין בערלין איר אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, צו וועלכער עס זענען געקומען העכער 400 דעלעגאַטן פון 169 שטעט פון דער דייטשער אימפּעריע. אויף דער פאַרזאַמלונג איז גערעדט געוואָרן וועגן דער אוממשותדיקייט פון אַסימילאַציע און וועגן דער נויטווענדיקייט צו קעמפן פאַר פאַרווירקלעכן יידישע גלייכבאַרעכטיקונג, אויף וועלכער די דייטשישע רעגירונג איז אָפּט עובר; עס איז געוואָרן אונטערגעשטראָכן, אַז די באַדײ־טונג פון „פאַרבאַנד" איז אין עצם פאַקט פון זיין עקזיסטענץ, אין דעמאָנ־טרירן די אידעע פון יידישער נאַציאָנאַלער אחדות. זע „וואָסכאָד" (רוסיש) 1905, נר. 46, ז"ז 49־53.

אמת, אומדרייסט, טאַפּנדיק אין דער פינצטער, — אויף אַ ריכטיקן דרך. אַ סך פון זיי האָבן שוין פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט פון סאָלידאַרישע מעשים אויך מחוץ דעם ענגן קרייז פון אמונה־אינטערעסן, זיי האָבן פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט פון אַ ספּעציעלער פּאָליטישער „פאַרשטייער־שאַפט" צום קאַמף פאַר אַן „אמתער גלייכבאַרעכטיקונג", ד"ה פולבאַרעכטיקונג, וואָס דאָס איז נישט מעגלעך אָן אינעווייניקסטער אויטאָנאָמיע. דער דאָזיקער דרך וועט זיי פּאַמעלעך, אָבער זיכער דערפירן מיט דער צייט צו אַ ברייטער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון די יידישע כוחות אויף אַלע געביטן פון דער געזעלשאַפטלעכקייט.

עס איז איבעריק צו דערווייזן, אַז אַ באַזונדערס וויכטיקע באַדייטונג האָט די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע פאַר דעם זעקסמיליאָניקן קערן פון יידנטום, וואָס איז קאָנצענטרירט אין רוסלאַנד. אין אָט דער מלוכה, וואו יידן האָבן נאָך נישט קיין עלעמענטאַרע בירגערלעכע רעכט, זענען די באַדינגונגען פאַר רעאַליזירן אַ קהילה־אויטאָנאָמיע פון לעגאַלן שטאַנדפּונקט ווייניקער גינציק, ווי אויפן מערב, דערפאַר אָבער זענען דאָ פאַראַן מערער אינעווייניקסטע סטימולן פאַר איר רעאַליזאַציע*). אין רוסלאַנד (חוץ קאָנגרעס־פּוילן) איז זינט דעם צעגראַמירן די „קאַהאַלן" (קהל), בעת ניקאָלאַי דעם 1טן, אָפּיציעל אפילו נישט באַשטימט געוואָרן די עקזיסטענץ פון יידישע קהילות, ווי יורידישע פּערזאָנען. די קהילה איז דאָ גיכער טאָלערירט, איידער לעגאַליזירט. דערפאַר אָבער עקזיסטירן דאָ אַ ריזיקע צאָל פּאַטריאַרכאַלע יידישע קהילות, וואָס האָבן פאַקטיש אויפגעהיט קליינע רעשטלעך פון אַמאָליקער זעלבסטפאַרוואַלטונג און זיי קאָנען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן דאָס אַריינדרינגען פון אַ פרעמדן עלעמענט אין זייער אינערלעכן שטייגער, סיידן ווי אַ סטיכישע צרה („גזירה"). אויב מיר האָבן נאָך נישט אין רוסלאַנד יענע פּאָליטישע גאַראַנטיעס פון אַ קהילה־אויטאָנאָמיע, וואָס זענען מעגלעך אין מערב, איז אויף זייער אָרט האָבן מיר אַ סך מער מאָראַלישע סטימולן זי אויפצוהיטן און אויסצוברייטערן. געזעצגעבעריש סעפּאַרירט, ווי „פרעמדשטאַמיקע"**), דערווייטערט פון אָנטייל

*) באַמערקונג פון 1906: איצט, נאָך דעם ווי רוסלאַנד האָט אַ קאָנסטיטוציע, בייט זיך די לאַגע צום בעסערן. דער עיקר־פּרינציפּ פון דער נאַציאָנאַלער קהילה, וואָס איז אָנגעמערקט אין דאָזיקן "בריוו", קען פּראַקטיש פאַרווירקלעכט ווערן אויף די יסודות, וואָס זענען דורך מיר אָנגעצייכנט געוואָרן אין דער קורצער פּראָגראַם אין אַרטיקל „דער מוסר־השכל פון די שרעקלעכע טעג", פון 1905. זע ווייטער, „בריוו" 12, קאַפּיטל 4: „די איינערלעכע אָרגאַניזאַציע" (און „בריוו" 14 — וועגן די אויפגאַבעס פון דער פאָלקספּאַרטיי).

**) סיאיז קיין מאָל נישט איבעריק צו דערמאָנען וועגן דער אייגנאַרטיקער אָפּיציעלער קלאַסיפיקאַציע פון „אינאָראָדצעס" (פרעמדע פעלקער־

אין מלוכה־דינסט און אין דער אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג — די „זעמסטסטוועס" און מוניציפּאַליטעטן, — מוזן די יידן, בלית ברירה, באַפרידיקן זייערע סאָציאַלע און קולטור־באַדערפעניש מיט אייגענע כוחות, דאַרפן זיי אומעטום שאַפן אייגענע אָרגאַניזאַציעס, אייגענע אינסטיטוציעס. דאָס באַגרענעצן דעם צוטריט פון יידן אין די אַלגעמיינע בילדונגס־אַנשטאַלטן מוז ברענגען דאָס בהדרגהדיקע פאַרמערן די צאָל ספּעציעל־יידישע שולן פון אַלע טיפּן, וואָס מוזן באַקומען, אַדאַנק אונדזער נייער היסטאָרישער עוואָלוציע, אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

הייסט עס, אַז אונדזער אינערלעך לעבן האָט אונטער דירעקט, און דאָס דרויסנדיקע גענויער אומדירעקט, אונדזער קהילה־אויטאָנאָמיע. עס וועט קומען אַ צייט, ווען דאָס גענויע וועט זי מוזן אויך אָפיציעל לעגאַליזירן, זאָל זיין אין דער באַשיידענער פאָרם פון דער „גמינע"־זעלבסטפאַרוואַלטונג, אַזוי ווי זי איז פון לאַנג דערלאָזט דורך דער רעגירונג פאַר די יידן פון קאָנגרעס־פּוילן (דאָרטן האָט די אָפּגעשטאַנענע חסידישע סביבה נישט באַוויזן אויסצונוצן אָט די אָרגאַניזאַציע פאַר אַ ברייטערער זעלבסטשטעטיקייט און אָפּשוואַכונג פון דער שווערער אַדמיניסטראַטיווער אַפּוטרופּסות). פון דער מדרגה ווידער פון אָנשטרענגונגען אונדזער נאַציאָנאַלן ווילן (און אין רוסלאַנד איז נאָך די אָנשטרענגונגס־פּאָטענציעל הויך אין דער יידישער מאַסע און ביי אַ טייל פון דער אינטעליגענץ) וועט זיין געווענדט, ווי אַזוי און אין וואָסער פאַרנעם צו געניסן פון דער דאָזיקער

---

שאַפטן), אין וועלכער די יידן פאַרנעמען דאָס לעצטע אָרט. דער אַרטיקל 762 פון „סוואָד זאַקאָנאָוו" (רוסישער קאָדעקס) ב' 9, זאָגט: צו די „אינאָראָדצעס" וואָס לעבן אין דער רוסישער אימפּעריע געהערן: 1) די סיבירער „אינאָראָדצעס"; 2) די „סאַמאָיעדן" פון אַרכאַנגעלסקער גובערניע; 3) די נאָמאַדישע „אינאָראָדצעס" פון סטאַווראָפּאָלער גובערניע; 4) די קאַלמיקן, וואָס וואַנדערן אין אַסטראַכאַנער און סטאַווראָפּאָלער גובערניעס; 5) די קירגיזן פון דער „אינערלעכער אָרדע"; 6) די „אינאָראָדצעס" פון אַקמאָלינסקער און סעמיפּאַלאַטינסקער קאַנטן; 7) די „אינאָראָדצעס" פון „זאַקאַווקאַזער קאַנט"; 8) די יידן. — אָט די אָריגינעלע קלאַסיפיקאַציע איז צונויפגעשטעלט געוואָרן ווי אויף צו להכעיס דער געשיכטע: אין דער רייע פון אומקולטורעלע און טיילווייז האַלב־ווילדע „אינאָראָדצעס" האָט דער געזעצגעבער די יידן געשטעלט אויפן לעצטן אָרט. איינס איז יעדנפאַלס קלאָר: פאַרן געזעץ זענען יידן נישט נאָר אַנזערש־גלויביקע, נאָר אויך „אינאָראָדצעס", ד"ה, מענטשן פון אַן אַנדער ראַסע און נאַציע. אויב די יידן וואָלטן אין דער געשיכטע געשפּילט די זעלבע ראָל, ווי די קאַלמיקן אָדער קירגיזן (מיט וואָס דער געזעצגעבער וויל זיי טרעפן), וואָלט פאַר זיי די אַסימילאַציע מיטן רוסישן פאָלק געווען אַ דערהויבונג. היות אָבער יידן האָבן דאָס אומאָפּפרעגלעכע רעכט, באַשטעטיקט פון אַלגעמיין־אָנערקענטע דאָקומענטן, זיך צו רופן „דאָס עלטסטע קולטור־פאָלק", קענען זיי די פאָרגעלייגטע צונויפגיסונג באַטראַכטן ווי אַ נאַציאָנאַלן מעזאַליאַנס...

געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, וואָס איז אונדזער הייליק רעכט, ווי פון אַ היסטאָרישער נאַציע, וואָס וויל נישט און קאָן זיך נישט אויפלייזן צווישן אַנדערע פעלקער.

אין רוסלאַנד קומט אויס די יידן צו קעמפן אי פאַר זייערע בירגערלעך־פּאָליטישע אי פאַר זייערע נאַציאָנאַלע רעכט. אַזאַ קאָמפּליצירטער קאַמף, וואָס איז דיקטירט דורכן באַוואוסטזיין, אַז אַ פאָלק מוז שיצן אי זיינע מאַטעריעלע אי גייסטיקע אינטערעסן, אַז עס שיצט זיין נאַציאָנאַל פּאַרמעגן, צוליב וועלכן עס האָט איבערגעטראָגן טויזנטיאָריקע פּיין, — טאַקע אַזאַ קאַמף איז מסוגל אָנצוצינדן דעם מוט פון קעמפער און שטאַרקן דעם דראַנג צום אידעאַל, ווי שטאַרק דער דרוק פון דרויסן זאָל נישט זיין. פאַרקערט, דער דרויסנדיקער יאָך וועט צוגעבן אונדזער ווידערשטאַנד אַ באַזונדערע שאַרפקייט. אין דער עפּאָכע פון רעליגיעזע רדיפות האָבן מיר געהאַט קדושים פון דער אמונה, וואָס זיי האָבן געראַטעוועט דאָס יהדות; איצט, אין דער עפּאָכע פון נאַציאָנאַלע רדיפות, זענען מיר גרייט אַרויסצורוקן נאַציאָנאַלע קדושים, וואָס וועלן ראַטעווען דאָס יידנטום. אָן קידוש־השם און ליידנשאַפטלעכן קאַמף וואָלט נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן קיין איין באַפרייערישע באַוועגונג אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. אונדזער אייגענע בירגערלעכע עמאַנציפּאַציע אין מערב־אייראָפּע האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַן אומפולע טאַקע דערפאַר, וואָס זי איז דערוואָרבן געוואָרן דורך קאָמפּראָמיסן און שפּלותדיקע הנחות מצד אונדזער אַסימילירטער אינטעליגענץ. זי איז אָנגענומען געוואָרן ווי אַ מתנה, פאַר וועלכער מע דאַרף מקריב זיין די אינערלעכע נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט. די דאָזיקע לעקציע וועט נישט גיין פאַרלוירן. אין די לענדער, וואו יידן האָבן נאָך נישט דערגרייכט די עמאַנציפּאַציע, וועלן זיי קעמפן נישט אויפן באָדן פון „זיך צונויפגיסן", נאָר אויפן באָדן פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, פאָדערנדיק גלייכבאַרעכטיקונג נישט בלויז פאַרן יידן באַזונדער, נאָר אויך פאַרן יידישן פאָלק.

4. אין די רעכטמעסיקע און קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכות איז מיט דער אויטאָנאָמיע ענג פאַרבונדן דער ענין פון נאַציאָנאַלער רעפּרעזענטאַנץ, דאָס הייסט, אַז די געוויילטע פאָרשטייער פון דער געגעבענער נאַציאָנאַליטעט זאָלן אין די אַלגעמיין־מלוכהשע פּאַרלאַמענטן און אין די געגנטלעכע סיימען אַרויסטרעטן, ווי אַן אָרגאַניזירטע נאַציאָנאַלע גרופּע אָדער פראַקציע. אין מלוכות מיט אַ פאַרשיידנשטאַמיקן באַשטאַנד איז אַזאַ רעפּרעזענטאַנץ נייטיק אויך, כדי געזעצגעבעריש צו באַוואָרענען די אינטערעסן פון דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט לגבי די געלוסטן פון דער מערהייט, ווי אויך צו דעמאָנסטרירן די אייניקייט און אינעווייניקסטע אויטאָנאָמישקייט פון דעם געגעבענעם פאָלק. איטלעכער טייל פון אַ נאַציאָנאַליטעטן־שטאַט באַמיט זיך בעת די פּאַרלאַמענט־וואַלן דורכצופירן אַ פּראָפּאָרציאָנעלע צאָל

פאַרשטייער זיינע, און די אויסגעוויילטע דעפּוטאַטן זיינע שאַפן אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע פראַקציע מיט אַ באַשטימטער דיסציפּלין. אזוי, למשל, איז דאָ אין דער ענגלישער געמיינדע־קאַמער אַ פראַקציע פון אירלענדישע דעפּוטאַטן; אין דעם עסטרייכישן רייכסראַט — פראַקציעס פון פּוילישע, טשעכישע, איטאַליענישע, רומענישע און כּאָרוואַטישע דעפּוטאַטן; אין דייטשישן רייכסטאַג — פּוילישע, עלזאַסישע און דענישע פראַקציעס. פאַרוואָס זשע איז ביז איצט אין קיין איין פּאַרלאַמענט נישטאָ קיין יידישע פּאַרלאַמענט־פראַקציע? פאַרוואָס זשע איז אַזוי שוואַך, נישטיק אונדזער פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע אין די לענדער, וואו מיר געניסן — לכל הפּחות אויפן פּאַפּיר — פון גלייכבאַרעכטיקונג, בעת אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס זייערע רעכט ווערן אַ סך מער געשווינט דורך דער מלוכה, האָבן אין די פּאַרלאַמענטן און מחוץ זיי שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס — פראַקציעס, פּאָליטישע קלובן, ליגעס, — האָבן נישט די יידן קיין שום ענלעכע זאַך? די תשובה אויף דער געשטעלטער שאלה קאָן זיין אַן אַנדערע, מער אַלגעמיינע שאלה: פאַרוואָס איז אַזוי אומבאַדייטנדיק די צאָל דעפּוטאַטן־יידן אין דעם רוב אייראָפּעישע פּאַרלאַמענטן, און פאַרוואָס טרעטן נישט אַרויס אָט די ווייניקע דעפּוטאַטן, ווי פאָרשטייער פון זייער נאַציע?

סיבות זענען דאָ אַ סך. ראשית, זענען די יידן, צוליב זייער צעשפּרייטקייט, אין די וואַלקרייזן שטענדיק אַ קליינער ברוכטייל, דעריבער איז זיי שווער דורכצופירן זייערע דעפּוטאַטן און זיי מוזן אָפּגעבן ביי די וואַלן די שטימעס זייערע פאַר קאַנדידאַטן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. שנית, ווען אפילו ס'איז נישטאָ אַזאַ שוועריקייט, פירן דורך די יידישע וויילער דעפּוטאַטן־קריסטן, מיינענדיק, אַז זייער פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן וועט פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער טריבונע קלינגען מער אָביעקטיוו און איבערצייגנדיקער, ווי פון יידישע דעפּוטאַטן, — אַן אויסרעכענונג פון גאָר אַ שפּלדיקער קאַטעגאָריע, דערצו נאָך האָט זי זיך אין דערווירקלעכקייט נישט באַרעכטיקט. שלישית, די מערבדיקע אַסימילאַציע האָט דעם רוב יידן סוגערירט דעם געדאַנק, אַז אויף דעם בירגערלעכן און פּאָליטישן געביט איז נישטאָ קיין באַזונדערע יידישע אינטערעסן, און קיין נאַציאָנאַלע אינטערעסן זענען נישט בנמצא ביי מענטשן, וואָס מאַכן אויס נאָר אַ באַשיידענע „רעליגיעזע גרופּע" אין באַשטאַנד פון אַנדערע נאַציעס. די לעצטע צוויי — סוביעקטיווע — סיבות האָבן געבראַכט דערצו, אַז אפילו דאָרט, וואו עס איז נישט געווען די ערשטע אָביעקטיווע סיבה (דאָרט וואו די יידן זענען יאָ געווען אַ מערהייט אין די וואַלקרייזן אָדער זייער צאָל איז געווען אַזוי באַדייטנדיק, אַז זיי האָבן געקאָנט צושטיין צו קאָאַליציעס, גינציקע פאַר זיך), פלעגט די יידישע וויילער־מאַסע נישט אויסנוצן די סיטואַציע און פלעגט זיך לייכטגלייביק שלעפּן אין עק פון דער אַרומיקער נאַציאָנאַלער מערהייט. און אַז די דאָזיקע מערהייט פלעגט אַמאָל אפילו „גנעדיק דערלויבן" די יידן אויסצוקלייבן דאָ און דאָרט זיי־

ערע שטאַמברידער, פלעגן די דאָזיקע דעפּוטאַטן ווערן געבונדן מיט דער דיסציפּלין פון די נישט־יידישע אָרגאַניזאַציעס, און פאַרן אייגענעם פאָלק האָבן זיי געהאַט אַ נוליקע, אויב נישט קיין נעגאַטיווע, באַדייטונג אין זייער פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט.

דער פּועל־יוצא איז געווען אַ קלאָגעדיקער. אין דער עסטרייכישער גאַליציע, וואו יידן מאַכן אויס אַרום 12% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, גיבן זיי אָפּ זייערע שטימען די פּוילישע קאַנדידאַטן. זיי האָבן די העזה, מיטן רשות פון די פּאַנעס, צו שיקן אין רייכסראַט בלויז צוויי אייגענע דעפּוטאַטן, מיט אַ התחייבות צו אַרבעטן אין באַשטאַנד פון דער פּוילישער פּאַרלאַמענט־פראַקציע („קאָלאָ") און זיך אונטערצוואַרפן די באַפעלן פון „פּוילישן קלוב". דעפּוטאַטן, כמו ביק און ראַפּאָפּאָרט, — שליחים פון גאַליצישן יידנטום, וואָס ווערט דורך די פּאָליאַקן אונטערדריקט, — ווערן מיטגלידער פון „פּוילישן קלוב", וואָס הייסט זיי אונטערטעניק שווייגן אין רייכסראַט, ווען דאָרטן ווערן געמאַכט די גרעסטע פּאַרלוימדונגען אויף יידן. די אַנטיסעמיטן פון דער באַנדע פון לוגער און שניידער זידלען די יידן אין פּאַרלאַמענט־רעדעס, פאָדערן לגבי זיי נייע געזעצגעבערישע באַגרענעצונגען, — און די יידישע דעפּוטאַטן זיצן זייט־ביי־זייט מיט די פּוילישע פּאַנעס און שווייגן, געפּענטעטע דורך זייערע משרתישע התחייבותן לגבי דעם פּוילישן קלוב. זעלטן בלויז טוען זיי האַלטן, מיט דער וואוילגעדיקער דערלויבעניש פון זייערע האַרן, אַ בלאַסע רעדע אין שוץ פון זייערע „גלויבנס־ברידער", חלילה, נישט ווי גלידער פון דער יידישער נאַציע, נאָר ווי „פּאָליאַקן פון משהס גלויבן"*). נאָך ווייניקער זאָרגן זיך, פאַרשטייט זיך, פאַר די יידישע אינטערעסן יענע קריסטלעכע דעפּוטאַטן, וואָס האָבן ביי די וואַלן געקריגן די שטימעס פון די יידן אין גאַליציע און בעהמען, און האָבן דעמלט פאַרדעקט קונציק זייערע אַנטיסעמיטישע טענדענצן מיט כלומרשטע סימפּאַטיעס צום „געררודפטן שטאַם". מה־יפית־דיקייט פון איינע און פּאָליטישע פּחדנות פון אַנדערע, דער מאַנגל אין נאַציאָנאַלער זעלבסטווערדע און פּאָליטישער רייפקייט, — ברענגען דערצו, אַז אַ גאַנצע נאַציאָנאַליטעט, וואָס איז מער פון אַלעמען אויסגעשטעלט

*) בעת דער יידישער דעפּוטאַט פון גאַליציע, ד"ר בלאָך, האָט אין ווינער רייכסראַט געפירט אַ קאַמף מיט דער יודאָפאָביע פון דעם קאַטויִישן קלער, האָט דער פּוילישער קלוב אים געצוואונגען זיך אָפּצוזאָגן פון זיין מאַנדאַט. אָבער ווען דער דעפּוטאַט ביק האָט איין מאָל געוואַגט שאַרף צו רעאַגירן אויף די אַנטיסעמיטישע שטיק פון קלעריקאַל ליכטענשטיין, האָט דער פּוילישער קלוב אים געשטעלט די אַלטערנאַטיווע: אָדער צו לייגן דעם מאַנדאַט, אָדער זיך אַנטשולדיקן, — און דער יידישער דעפּוטאַט האָט אויסגעקליבן דאָס לעצטע, נישט פאַרשטייענדיק די חרפּהדיקייט פון אַזאַ שריט.

אויף סכנות מצד פיינטלעכע עלעמענטן, האָבן נישט קיין אייגענע נאַציאָ־נאַלע רעפּרעזענטאַנץ. וואָלטן זיך אָבער די עסטרייכישע יידן פּאַראייניקט אין אַ נאַציאָנאַלן פּאַרבאַנד, וואָלטן זיי געקאָנט אַרויסרוקן סיי אין רייכס־ראַט סיי אין די געגנטלעכע סיימען אַ היפּשע צאָל דעפּוטאַטן, וועלכע וואָלטן געשאַפן אַ באַזונדערע יידישע פראַקציע, נישט קיין ווינציקער שטאַרקע, ווי די פראַקציעס פון צווייטראַנגיקע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס עקזיסטירן דאָרט, למשל, די איטאַליענער, רוטענער, כאָרוואַטן *).

דאָס אייגענע לאָזט זיך אָנווענדן בנוגע אונגאַרן. לויט די לעצטע ידיעות זענען אין אונגאַרישן פּאַרלאַמענט דאָ 16 יידישע דעפּוטאַטן **). דער רוב זייערער איז, נאַטירלעך, געוויילט דורך אַ געמישטן וויילער־באַשטאַנד — יידן און קריסטן. אָבער אַז עס זענען דאָ קרייזן מיט אַן אָנזעעוודיקער יידישער וויילער־מאַסע (בודאַפּעשט א"א), זענען דאָך מעגלעך גינציקע פּאַרשטענדיקונגען סיי בעת די וואַלן סיי אין פּאַרלאַמענט גופא. דאָ וואָלטן די יידן־דעפּוטאַטן געקאָנט, אַ שטייגער, זיך באַוואָרענען דאָס רעכט צו שאַפן אַן אייגענע פּאַרלאַמענט־פראַקציע פאַר געמיינזאַמע באַראַטונגען וועגן ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט יידישע אינטערעסן, — און דאָס וואָלט נישט געשטערט זייער אָנטייל אין די אַלגעמיין־פּאָליטישע פּאַרטייען, בהסכם מיט איטלעכנס איבערצייגונגען און מאַנדאַטן. און ווען אין אונגאַרישן פּאַרלאַמענט וואָלט זיך געשאַפן אַ יידישע פראַקציע, וואָלט זי (ביי דער אויבן אָנגעוויזענער צאָל מיטגלידער, און אפילו ביי ווייניקער) געקאָנט אַ סך אויפטאָן פאַר דער שוץ פון די ווייט נישט געזיכערטע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון אונגאַרישן יידנטום.

פּונקט אַזאַ נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אַפּאַטיע איז צו באַמערקן אויך ביי די טשעכישע יידן, וועלכע זענען גאָר באַזונדער איינגעשלעפּערט מיטן אַסימילאַציע־נאַרקאָז. אינטערעסאַנט איז, אַז בעת די דערשלאָגענע יידישע מאַסע און די אַסימילירטע אינטעליגענץ האָבן אפילו נישט די העזה צו טראַכטן וועגן אָרגאַניזירן זייער אייגענע פּאָליטישע פּאַרטיי, האָבן וועגן אַזאַ אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן צו רעדן פריידענקענדיקע קריסטן. אין די צייטונגען האָט זיך באַוויזן אַזאַ ידיעה ***):

---

*) דער עסטרייכישער רייכסראַט ציילט 425 דעפּוטאַטן. היות ווי די יידישע באַפעלקערונג פון דער אימפּעריע באַטרעפט 4 פּראָצענט, האָבן די יידן אַ רעכט אויף 17 דעפּוטאַטן, און אַ גוט אָרגאַניזירטע נאַציאָנאַלע פראַק־ציע פון 17 דעפּוטאַטן וואָלט געקאָנט האָבן אַ גרויסע השפּעה אויפן גאַנג פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט. אין גאַליצישן סיים, וואו עס באַלעבאַ־טעווען די פּאָליאַקן, וואָלטן די יידן געקאָנט האָבן 11 דעפּוטאַטן, פּראָ־פּאָרציאָנעל צו זייער צאָל.

**) „וואָסכאָד", 1901, נר' 56 („אויסלענדישע נייעס").

***) איך ציטיר די פאַקטישע טייל לויטן „וואָסכאָד".

„אין פּראָג האָט זיך אָרגאַניזירט אַ „טשעכישע נאַציאָנאַלע פּאַרטיי״. איר גרינדער איז דער פּראָפעסאָר מאַסאַריק. די נייע פּאַרטיי האַלט, אַז די יידן האָבן רעכט אויף אַ זעלבשטענדיקן נאַציאָנאַלן קיום. זי פּאָדערט נישט פון זיי די צונויפגיסונג מיט דער טשעכישער נאַציאָנאַליטעט, זי איז גרייט צו אָנערקענען די רעכט פון מענטש און בירגער נישט בלויז פאַר יעדן יידן באַזונדער, נאָר אויך פאַר אַלע יידן בציבור, ווי אַ גאַנצקייט — די רעכט פון אַ נאַציאָנאַליטעט. דער ייד איז נישט מחויב צו זיין אומבאַדינגט אַ טשעך, אַ דייטש אָדער אַ פּאָליאַק. די עסטרייכישע יידן — בתוך אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן פון דער האַבסבורגער אימפּעריע — דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי אַ באַזונדערע נאַציאָנאַליטעט, אַזאַ ווי זיי זענען טאַקע באמת. זיי וועלן האָבן זייערע אייגענע יידישע פאָרשטייער אין רייכסראַט און אייגענע אינסטיטוציעס דאָרט, וואו יידן וואוינען אין קאָמפּאַקטע מאַסן *).

איך האָב זיך דאָ אָפּגעשטעלט אויף דעם פילנאַציאָנאַלן עסטרייך־אונגאַרן, וואו די פּאַרלאַמענטאַרישע גרופּירונג לויט נאַציעס האָט זיך שוין איינגעשטעלט פאַר אַלע נאַציאָנאַליטעטן, חוץ יידן. אָבער אויך אין אַנדערע לענדער מיט אַ גרעסערער צאָל יידן איז מעגלעך, מיר זאָלן האָבן,

*) באַמערקונג פון יאָר 1906: די לעצטע יאָרן האָבן געבראַכט נאָך אַ רייע אַנאַלאָגישע פאַקטן, וואָס באַווייזן, אַז די בעסערע טוערס פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט האָבן זיך באַצויגן סימפּאַטיש צו דער אידעע פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער פאָרשטייערשאַפט. די יידן פון גאַליציע איז אין 1904 אויסגעקומען צו הערן פון דעם דייטשישן דעפּוטאַט ברייטער אַ רעדע פול מיט פאַרביטערונג צוליב זייער קריכערישקייט לגבי די פּאָליאַקן און צוליב דעם, וואָס זיי פאַרמאָגן נישט קיין אייגענע וואַל־און פּאַרלאַמענטאַרישע אָרגאַניזאַציע (ברייטערס אויסגעצייכנטע רעדע ווערט געבראַכט ווייטער, ווי אַ הוספה, צום סוף פון איצטיקן בריוו). אָנהייב 1906 איז אויף אַן ענלעכן אופן אַרויסגעטראָטן, אויף מיטינגען און אין דער פּרעסע, דער רומענישער דעפּוטאַט ראָמאַנטשוק, וואָס האָט זיך באַקלאָגט, אַז די יידן פאַרשטאַרקן מיט זייערע שטימען די הערשאַפט פון די פּאָליאַקן אין גאַליציע, און דערמיט ברענגען זיי שאָדן זיך און די רוטענער. דאָס אָבער האָט נאָך נישט גערירט די פּאַרגליווערטקייט פון די עסטרייכישע יידן. דאָ נישט לאַנג, אין שייכות מיט דעם ניי־פּראָיעקטירטן וואַלגעזעץ, וואָס איז געווען לטובת די קליינע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן פון עסטרייך, האָבן אייניקע ציוניסטישע טוערס זיך באַמיט צו דערגרייכן אַ בעסערונג אויך פון דער יידישער פאָרשטייערשאַפט אין רייכסראַט, זיי האָבן אָבער נישט אָנגעטראָפן אויף קיין אונטערשטיצונג מצד די ברייטע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט.

אין אַזאַ אָדער אַנדער מאָס, אַ נאַציאָנאַלע רעפּרעזענטאַנץ. אויב אין דייטשלאַנד איז די יידן שווער — צוליב דער צעוואָרפנקייט — צו שיקן אין רייכסטאַג זייער אייגענע גרופּע פאָרשטייער (כאָטש ס'איז יאָ מעגלעך ביי וואַל־קאָאַליציעס מחייב צו זיין די יידן־דעפּוטאַטן פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען מיטן מאַנדאַט צו בשותּפותדיקע טעטיקייטן אין יידישע עניִנים), — איז דאָס אין פּרייסן לגמרי צו דערגרייכן. אין אָט דעם קלאַסישן לאַנד פון דייטשן אַנטיסעמיטיזם קאָנען די יידן פון עטלעכע קרייזן (בערלין, דאַנציק א"אַ), אַדאַנק זייער קאָמפּאַקטער מאַסע און אויך צוליב די באַזונדערקייטן פון דעם פּרייסישן וואַלגעזעץ, שיקן עטלעכע אייגענע פאָרשטייער מיט ספּעציעלע מאַנדאַטן*). מיט יעדן יאָר פאַרגרעסערן זיך די שאַנסן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער רעפּרעזענטאַנץ אין ענגלאַנד און אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, אַדאַנק דער ריזיקער אימיגראַציע פון די רוסישע יידן. דאָ וועלן די יידן אין אייניקע וואַל־קרייזן אין גיכן דערגרייכן אַזאַ צאָל־איבערוואָג (לאָנדאָנער איסט־ענד, די ניו־יאָרקער „געטאָ" מיט איר האַלבמיליאָניקער באַפעלקערונג א"א), אַז זיי וועלן קאָנען שיקן אין די פּאַרלאַמענטן אָרגאַניזירטע גרופּעס אייגענע פאָרשטייער מיט נאַציאָנאַלע מאַנדאַטן**).

פאַרשטייט זיך, אַז די פראַגע פון דער יידישער נאַציאָנאַלער רעפּרעזענטאַנץ אין די פּאַרלאַמענטן וועט געלייזט ווערן אין גאַנצן, ווען עס וועט געלייזט ווערן די אַלגעמיינע פראַגע וועגן אַ פּראָפּאָרציאָנעלן וואַל־סיסטעם, וואָס וועט באַוואָרענען די רעכט פון די מינדערהייטן.

נאָר אפילו ביז דער לייזונג פון דער קאָמפּליצירטער פראַגע קאָן מען נאָך אַ סך אויפטאָן פאַר דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון יידנטום אויפן באָדן פון די פּאַרלאַמענט־וואַלן. צוויי זאַכן שאַפן אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון כוחות: דער סאָלידאַריטעט־באַוואוסטזיין בנוגע די אינטערעסן פון דער געגעבענער באַפעלקערונגס־גרופּע און די נויטווענדיקייט די דאָזיקע אינטערעסן צו פאַרטיידיקן. די אינטענסיווקייט פון פאַרטיידיקונג איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דער אינטענסיווקייט פון אָנפאַל. און קיינעמס אינטערעסן ווערן דאָך נישט אַזוי פאַרלעצט, ווי די יידישע. די ביטערע נויטווענדיקייט פון זעלבסטשוץ וועט פאַרשטאַרקן דעם סאָלידאַריטעט־באַוואוסטזיין דאָרטן, וואו ער איז נאָך שוואַך. ביי די אַסימילירטע יידן וועט

---

*) אין 1903 האָבן די פּרייסישע יידן, באַאומרואיקט צוליב דעם וואוקס פון אַנטיסעמיטיזם, זיך אַ ריר געטאָן און האָבן דורכגעפירט זעקס אייגענע דעפּוטאַטן אין לאַנדטאַג. אָבער צו גרינדן אַ באַזונדערע יידישע פראַקציע האָבן אָט די שליחי־ציבור זיך נאָך נישט דערטראַכט.

**) זע ווייטער, צענטער בריוו („וועגן דער אינטעליגענץ וואָס האָט זיך פאַרלוירן").

זיך, הייסט עס, דער נאַציאָנאַליזאַציע־פּראָצעס אָנהייבן פונעם סוף — פון דעם פּראַקטישן מוז צו זעלבסטפאַרטיידיקונג. ווען די דערוואַכטע יידישע געזעלשאַפט וועט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם אַסימילאַטאָרישן היפּנאָז, וועט זי דעמאָלט פאַרשטיין די דרינגלעכע נויטווענדיקייט פון אַ נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, אויף וועלכער עס וועלן גאָר אָן, צו אונדזער חרפּה, גוט־גינציקע קריסטן, ווי למשל, מאַסאַריק (אָדער ברייטער). דעמאָלט וועלן די פּאַרלאַמענטן פון אַלע לענדער דערזען אין זייערע ווענט שטאָלצע, אומאָפּהענגיקע פאָרשטייער פון דער יידישער נאַציע, און נישט קיין נעבעכדיקע משרתים פון פרעמדע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען*).

5. דער יסוד פון אונדזער נאַציאָנאַלער אידעע באַשטייט אין דעם,

---

*) אין יענער צייט פון דער פינצטערער רעאַקציע האָב איך, שרייבנדיק די שורות, נישט געטראַכט, אַז אין פיר יאָר אַרום וועט מיר און מיינע אָנהענגער אויסקומען צו פאַרטיידיקן, אויף אַ יידישן צוזאַמענפאָר אין רוסלאַנד, דעם פּראַקטישן פאָרשלאָג וועגן אַ נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון די וואַלן און וועגן גרינדן אַ פראַקציע פון יידישע דעפּוטאַטן אין דער „גאָסודאַרסטווענאַיאַ דומאַ" (רוסישער פּאַרלאַמענט). אויפן דריטן צוזאַמענפאָר פון דעם „פאַרבאַנד פאַר פולבאַרעכטיקונג פון יידן אין רוסלאַנד (אין פּעטערבורג, פון 10טן ביזן 13טן פעברואַר 1906) האָט מען הייס דעבאַטירט דעם דאָזיקן פאָרשלאָג, און ער איז אָנגענומען געוואָרן, כאָטש אין אַ קאָמפּראָמיס־פאָרעם (זע דעם „באַריכט פון דריטן צוזאַמענפאָר" (רוסיש) ז"ז 69—107). דער צוזאַמענפאָר האָט אין גאַנצן אָנגענומען דעם פונקט, וואָס איך האָב פאָרגעלייגט, אַז מע דאַרף נישט דערלאָזן, אַז „יידישע דעפּוטאַטן זאָלן אַריינטרעטן אין נישט־יידישע נאַציאָנאַלע גרופּעס פון דער „דומע". זייענדיק פריי אָנטיילצונעמען אין פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, זענען די יידישע דעפּוטאַטן מחויב „זיך צו פאַראייניקן כדי קאָלעקטיוו צו באַטראַכטן און אויב מעגלעך צוזאַמען האַנדלען כדי צו דערגרייכן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן אין רוסלאַנד" (אַ קאָמפּראָמיס־רעזאָלוציע אָנשטאָט אונדזער פאָרשלאָג, וואָס האָט מחייב געווען די יידישע דעפּוטאַטן צו „גרינדן אַ נאַציאָנאַלע גרופּע פאַר סאָלידאַרע האַנדלונגען אין אַלע יידישע ענינים"). אין הסכם מיט זיין פּראָגראַם פאַרשטייט דער „פאַרבאַנד" אונטער „פולבאַרעכטיקונג" — „בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט"; זיי צו פאַרטיידיקן זענען מחויב נישט נאָר די יידישע דעפּוטאַטן, נאָר אויך די נישט־יידישע, וואָס זענען אויסגעוויילט געוואָרן מיט יידישע שטימען. אין דער ערשטער „דומע" איז די טאַקטיק פון די יידישע דעפּוטאַטן געווען אין הסכם מיט די רעזאָלוציעס פון דעם צוזאַמענפאָר „פאַר פולבאַרעכטיקונג", כאָטש דער ענין האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, ווייל די „דומע" איז באַלד געוואָרן פונאַנדערגעלאָזט. דער טייל־ווייזער דערפאָלג פון דער אידעע פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער פאָרשטייערשאַפט ביי די ערשטע שריט פון רוסישן פּאַרלאַמענטאַריזם איז אַן אָנזאָג אויף אַ ברייטערן דערפאָלג, אויב דער נאַציאָנאַלער טייל פון אונדזער געזעלשאַפט וועט אַרויסווייזן ענערגיע און עקשנות.

אַז אַלע צעזייטע טיילן פון דער יידישער דיאַספּאָרע זענען איין אומצעטייל־באַר פֿאָלק, וואָס איז פאַרבונדן דורך שותפותדיקע אינטערעסן. אין אַלע תקופות איז געווען, מער אָדער ווייניקער קלאָר, דער באַוואוסטזיין, אַז ס'איז נייטיק אַן אַליידישע אָרגאַניזאַציע צו פאַראייניקן די כוחות און צו שיצן די אינטערעסן פון יידן אין אַלע תפוצות. אפילו אין סאַמע ברען פון דער אַסימילאַציע, אין יאָר 1860, האָבן פראַנצויזיש־יידישע עסקנים געגרינדעט אין פּאַריז די „Aliance Israelite Universelle" (אַלוועלט־לעכער איזראַעליטישער פאַרבאַנד.—איב.), ווי אַן אָרגאַן פאַר קולטורעלער און פּאָליטישער קעגנזייטיקער הילף, וואָס האָט מאַניפעסטירט די סאָלידאַ־רישקייט פון די יידן אויף דעם גאַנצן ערדקיילעך. אָבער דער דאָזיקער פאַרבאַנד, וואָס איז אויפגעקומען און האָט זיך אַנטוויקלט אין דער תקופה פון אונדזער „ירידה", האָט נישט געקאָנט פאַרווירקלעכן די אַלפאָלקישע אידעע, וואָס איז געלעגן אין זיין יסוד. זיין פּאָליטישע אויפגאַבע (באַ־ווירקן אויפן דיפּלאָמאַטישן וועג די רעגירונגען פון אָפּגעשטאַנענע מלו־כות, כדי צו דערשלאָגן זיך דאָרטן די עמאַנציפּאַציע אָדער פאַרלייכטערן דעם גורל פון די יידן) האָט מען רעאַליזירט זייער אָפּגעלאָזן: אַ פּאָליאַטיוון דערפאָלג האָט דער פאַרבאַנד געהאַט אין רומעניע, אומדירעקט האָט ער משפיע געווען אויף דעם באַשלוס פון בערלינער קאָנגרעס בנוגע דער גלייכ־באַרעכטיקונג פון די יידן אין בולגאַריע און סערביע, און אַמאָל אויך פאַרהיט פון פּאָגראָמען אין פערסיע און מאַראָקאָ; אָבער אויך די טעטי־קייט ווערט וואָס אַ מאָל איינגעשרימפּענער. אַ סך מער באַדייטונג האָט די קולטורעלע און אויפקלערערישע טעטיקייט פון פאַרבאַנד, וואָס האָט באַדעקט דעם חושבדיקן מוזולמענישן אָריענט מיט אַ נעץ שולן פאַר יידישע קינ־דער; אָבער אין די אַלע שולן איז דער נאַציאָנאַלער דערציונגס־עלעמענט אַרויסגעשטופּט דורך דער טענדענץ איינצופלאַנצן אין געטאָ די זאָמען פון פראַנצויזישער קולטור (פראַנצויזיש, און נישט לשון־קודש איז דאָרט גע־ווינטלעך די לערנשפּראַך). דער פאַרבאַנד פאַרוואַנדלט זיך ביסלעכווייז אין אַ פילאַנטראָפּישער חברה, וואָס איר טעטיקייט באַגרענעצט זיך מיט געלט־נדבות פאַר יידן, געליטענע פון קרבנות, און מיט מאַטעריעלער שטי־צע פאַר די אָריענט־שולן. פונקט אין אַזעלכע אָנקאָליריקע פילאַנטראָפּישע חברות זענען מגולגל געוואָרן אויך די קאָפּיעס פון דער פּאַריזער „אַליאַנס" — די „Israelitische Alianz" (איזראַעליטישער פאַרבאַנד.—איב.) אין ווין און די „Anglo-Jewish Association" (ענגליש־יידי־שע פאַראייניקונג.—איב.) אין לאָנדאָן.

די נייסטע ציוניסטישע באַוועגונג האָט אַרויסגערופן צום לעבן אַ מערקווירדיקע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע — פּעריאָדישע קאָנגרעסן פון ציו־ניסטן, מיט אַן „אויספיר־קאָמיטעט" אין ווין און מיט „באַפולמעכטיקטע" אין אַלע לענדער, מיט אַ ברייטער נעץ קרייזלעך פון „שקלים־צאָלער",

ראַיאָן־צוזאַמענפאָרן אד"גל. אָבער ביי דער גאַנצער פאַרשפּרייטקייט פון אָט דער אָרגאַניזאַציע, האָט זי פאָרט אַ פּאַרטייאישן כאַראַקטער און שטעלט זיך אַ ספּעציעלן ציל: שאַפן אין פּאַלעסטינע אַ רעכטלעך גאַראַנטירטן יידישן צענטער. זי שטעלט זיך נישט פאַר קיין ציל דירעקט צו זאָרגן וועגן די עקאָנאָמישע און בירגערלעכע אינטערעסן פון יידנטום אין די איצטיקע ישובים זיינע, און נאָך ווינציקער וועגן סיסטעמאַטיש צו שיצן זיי; זי האָט אין זינען מער די צוקונפט, ווי דעם היינט. אַזאַ איינזייטיקע פּאַרטיי־פּראָגראַם קאָן אָבער נישט באַפרידיקן די צייטיק געוואָרענע באַדערפענישן אין אַ ברייטער אַלפאָלקישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע ספערעס פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן. די דאָזיקע באַדערפעניש האָט זיך שוין נישט איין מאָל אַדורכגעריסן אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור און אפילו אין געוויסע קאָנגרעס־רעדעס פון „אַפּיקורסים", וואָס האָבן אַרויסגערוקט די נויטווענדיקייט פון „רעאַל־פּאָליטיק" און "קולטור־אַרבעט" אויף די ערטער. אין קרייזלעך פון רוסישע ציוניסטן און אויף ראַיאָן־צוזאַמענפאָרן לאָזן זיך איצט הערן אַלץ העכערע שטימען לטובת אַ „קולטור־פּראָגראַם", וואָס אין אירע גרונטשטריכן פאַלט זי זיך צונויף מיט דער פּראָגראַם פון די ריינע נאַציאָנאַליסטן. אַ סך קרייזלעך איז נמאס געוואָרן צו פאַרנעמען זיך בלויז מיט קליבן „שקלים" און „אַקציעס", וואַרטנדיק אויף קומענדיקע גליקן; זיי גאַרן נאָך לעבעדיקער אַרבעט, געווענדט אויף צו נאַציאָנאַליזירן די קהילה־אינסטיטוציעס, שולדערציונג אד"גל. ריין „פּאָליטישע" ציוניסטן־קרייזלעך טרעטן אַלץ מער אָפּ דאָס אָרט די „קולטור"־קרייזלעך. אַזוי אַרום וואַקסט צווישן די ציוניסטן גופא דאָס באַוואוסטזיין, אַז די אָפיציעלע פּראָגראַם פון זייער פּאַרטיי איז נישט גענוגנדיק און נייטיקט זיך אין אַן אויסברייטערונג צו אַ פאַרנעם פון אַן אַליידישער פּראָגראַם. דער פּועל־יוצא דערפון קאָן זיין דאָס בהדרגהדיקע פאַרוואַנדלען די „ציוניסטישע" קאָנגרעסן פון פּאַרטייאישע אין כלל־יידיש אָדער „נאַציאָנאַלע".

דער „אַליידישער קאָנגרעס" דאַרף זיין דער אָרגאַן פון אַלע פּאַרטייען און פראַקציעס, וואָס באַקענען זיך צו דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע. דאָס איז דער העכסטער אָרגאַן פון יענער פאַראייניקטער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי, וועגן וועלכער איך וועל רעדן אין אַן אַנדער „בריוו" (9). דער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט פּראָקלאַמירט אין נאָמען פון יידנטום: מיר ווילן און קאָנען זיין אַ נאַציע אויף אַ באַזונדער טעריטאָריע, ביי געוויסע באַדינגונגען און גאַראַנטיעס, און דאַרפן שטרעבן צו דערגרייכן אָט די באַדינגונגען. וואָס שייך דעם אַליידישן קאָנגרעס, דאַרף ער פּראָקלאַמירן אַ לאָזונג, אַ מער צוגעפּאַסטן צו דער געשיכטע און צו דער היינטצייטיקייט: אויף דעם אומגעהייערן שטח פון דער דיאַספּאָרע זענען מיר געווען און וועלן זיין אַ נאַציע; אומעטום האָבן מיר אונדזערע נאַציאָנאַלע איני־

טערעסן און זענען מחויב זיי צו פּאַרטיידיקן, שאַפנדיק די באַדינגונגען און רעכטלעכע גאַראַנטיעס, וואָס זענען דערצו נייטיק, אין דעם גבול פון די מעגלעכקייטן. פאַרשטייט זיך, אויב אַ געוויסע פּאַרטיי שליסט אַריין „אין דעם גבול פון מעגלעכקייטן" די פּאָליטישע ווידעראויפלעבונג אין פּאַלעסטינע, איז זי מחויב אויך צו שטרעבן דערצו; זי דאַרף אָבער גע־דענקען, אַז דאָס איז נאָר אַ טייל פון דער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלער אויפ־גאַבע. דער אַלייִדישער קאָנגרעס דאַרף באַהאַנדלען אַלע גרונט־פּראָבלעמען פון אונדזער פּאָליטישן, געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן און באַשטי־מען די פאָרמען פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון יידנטום, לויט די באַדינגונגען פון יעדן לאַנד.

איינע פון די ספּעציעלע אויפגאַבן פון אָט דער אַלפאָלקישער אָרגאַ־ניזאַציע דאַרף זיין די רעגולירונג פון אונדזער אייביקער וואָגלעניש — פון דער עמיגראַציע. אַ טרויעריקער פּראָדוקט פון גלות — איז עמיגראַ־ציע אָפּט דער איינציקער אופן צו פאַרגרינגערן די „יידישע צרות", נישט בלויז פּערזענלעכע, נאָר אויך נאַציאָנאַלע. פון אַ גורלדיקן מוז האָט זיך די עמיגראַציע, אין די איצטיקע היסטאָרישע באַדינגונגען, פאַרוואַנדלט אין אַ מעכטיקן ווערקצייג פון נאַציאָנאַלער זעלבסטדערהאַלטונג. איבער־פירנדיק יידישע מאַסן פון „יודאָפאָביש־באַדראָטע" לענדער אין לענדער מיט בעסערע באַדינגונגען פאַר מאַטעריעלן און גייסטיקן קיום, שאַפט די עמיגראַציע נייע צענטערן אָנשטאָט די אונטערגייענדיקע. דער מאָמענט, וואָס מיר לעבן איצט איבער, איז אין דעם פּרט מערקווירדיק. אויב מע זאָל זיך דערמאָנען, אַז פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר (1881—1901) האָט רוסלאַנד אַ שטוים געטאָן קיין אַמעריקע און טיילווייז אין אַנדערע לענדער בערך אַ מיליאָן יידישע עמיגראַנטן, וועלן מיר פאַרשטיין די ריזיקע באַדייטונג פון אָט דעם פאַקטאָר אויף להבא. דאָס איז מער ווי אַ טיילווייזע איבערשטעלונג פון געאָגראַפישן צענטער: דאָס איז, קאָן זיין, די איבער־שטעלונג פון נאַציאָנאַלן צענטער, אַ נייע איבערפאַרטיילונג פון דער קול־טור־העגעמאָניע אין יידנטום. און צפון־אַמעריקע איז, דאַכט זיך, באַשערט צו ווערן מיט דער צייט יענער פונקט, וואָס וועט אין דער נאָענטסטער תקופה פון אונדזער געשיכטע אָפּשפּילן די ראָליע פון דער מיטלאַלטער־לעכער שפּאַניע אָדער פון שפּעטערדיקן פּוילן — די ראָליע פון גרעסטן קולטור־צענטער פון יידנטום*).

אויב עס וואָלט אונדז מיט דער צייט געלונגען, דורך אַ בהדרגהדיקער קאָלאָניזאַציע, צו שאַפן אין פּאַלעסטינע אַן אָנזעעוודיקן יידישן צענטער מיט אַ באַפעלקערונג פון בערך אַ מיליאָן, — וואָלט דער דאָזיקער צענטער, בלי ספק, געווען דער גינציקסטער צו רעאַליזירן די יידישע נאַציאָנאַל־

*) זע דעם עלפטן „בריוו" („אַ היסטאָרישער מאָמענט").

קולטורעלע אויטאָנאָמיע. איך גליב נישט אין דער מעגלעכקייט, אַז אין פּאַלעסטינע זאָל אויפקומען, זאָל זיין אפילו אַ וואַסאַלע, יידישע מלוכה, „גאַראַנטירט דורכן אינטערנאַציאָנאַלן רעכט", וואָרעם נישט טערקיי, נישט די „גרויסמאַכטן" זענען נוטה צו זאָרגן זיך וועגן אונדזער וואוילזיין און אויפצושטעלן פאַר אונדז אַ מין שווייצאַריע אין אונדזער אוראַלטן היימלאַנד, וואָס סיי די קריסטן סיי די מוזולמענער האַלטן עס פאַר זייער אַלגעמיינעם פאַרמעגן. איך דערלאָז אָבער די מעגלעכקייט, אַז אין פּאַלעסטינע וועט אויפקומען ביסלעכוויז אַ יידישע סאָציאַלע אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער דער יסוד פון אינעווייניקסטער אויטאָנאָמיע וואָלט געקריגן די ברייטסטע אָנווענדונג. נישט אַדאַנק פּריוויליגיעס און „גאַראַנטיעס", גיכער אַדאַנק דער הפקרדיקייט, וואָס הערשט אין דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע, וואָלטן די יידן דאָרט געקאָנט זיך אָפּשיידן אין אַן אייגנאַרטיקער נאַציאָנאַלער גרופּע, וואָס איז באַהאַפטן מיט אַ גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער דיסציפּלין. מעגלעך, אַז העברעיש וואָלט דאָרטן געוואָרן די אומגאַנגשפּראַך (אַזאַ טענדענץ מערקט זיך שוין ביי די איצטיקע פּאַלעסטינער יידן), און אַזוי אַרום וואָלט צוריקגעשטעלט געוואָרן אין אונדזער לעבן איינער פון די פאַרלוירענע סמנים פון דער נאַציע. די היסטאָרישע און רעליגיעזע אַטמאָספער פון אונדזער אַלטן היימלאַנד וואָלט מיטגעווירקט, אַז דאָרט זאָל זיך אויסקריסטאַליזירן אַ מער אייגנאַרטיקער נאַציאָנאַל־קולטורעלער טיפּ, וואָס וואָלט געקאָנט האָבן אַ געוויסע מאָראַלישע השפּעה, אין פּרט פון גייסטיקער נאַציאָנאַליזאַציע, אויף די יידן אין די תפוצות. אָבער — דאָס איז אַן אידעאַל פאַר דער מער אָדער ווייניקער ווייטער צוקונפט. מע דאַרף צו אים שטרעבן דורך פאַרשטאַרקטער קאָלאָניזאַציע, סיי לאַנדווירטשאַפטלעכער סיי אינדוסטריעלער; מיט דעם דאַזיקן ווייטן און טיילווייזן אידעאַל טאָר מען אָבער נישט פאַרבינדן (און פון אים מאַכן אָפּהענגיק) דעם גורל פון גאַנצן יידנטום, וועלכער איז בעיקר געווענדט אין דעם, אויף וויפל אונדזער פאָלק וועט אין אַלע תפוצות טאָן דאָס, וואָס פירט צו זיין נאַציאָנאַלער זעלבסטדערהאַלטונג און אויטאָנאָמער אַנטוויקלונג.

6. קעגן דעם פּרינציפּ פון אויטאָנאָמיזם און קעגן דער מעגלעכקייט אים אָנצוּואָווענדן וועט מען, פאַרשטייט זיך, אַרויסשטעלן נישט ווינציק דערווידערונגען. די ענטפערס אויף די טענות, וואָס זענען שייך דעם מהות פון דער נאַציאָנאַלער אידעע, ווי אַ פאַר־הנחה פון אויטאָנאָמיזם, וועלן די לייענער געפינען אין די פריערדיקע „בריוו" (בפרט אין די ערשטע צוויי). וואָס שייך ספּעציעלע טענות קעגן דער טעאָריע און פּראַקטיק פון יידישער אויטאָנאָמיע, וועל איך זיך באַמיען צו ענטפערן ווייטער, אויף וויפל איך קאָן זיי פאָרויסזען.

דער יידישער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיזם לאָזט זיך נישט

פאַרווירקלעכן — זאָגן אייניקע (און די ציוניסטן געבן צו: לאָזט זיך נישט פאַרווירקלעכן, מחוץ פאַלעסטינע*). אויב מע קאָן נאָך האָפן, אַז די יידן וועלן קריגן אין די תפוצות בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, וועט מען זיי אָבער אין אָט די לענדער קיין מאָל נישט געבן קיין רעכט אויף אינע־וויניקסטער אויטאָנאָמיע אין נאַציאָנאַלן גייסט.

דערויף וועלן איך ענטפערן: א) אין אַלע לענדער און אין אַלע צייטן, נישט אויסגעשלאָסן אויך די נייסטע, האָט מען יידן געגעבן אינעווייניקס־טע קהילה־זעלבסטפאַרוואַלטונג אין ברייטערע אָדער באַגרענעצטע ראַמען; נישט מער, וואָס אונדזערע פאָרגייער האָבן טייער געהאַלטן אָט דאָס רעכט און געקעמפט דערפאַר, און די נאָכגייער זייערע אין דער אַסימי־לאַציע־עפּאָכע האָבן דאָס דאָזיקע רעכט דערפירט צו נול. ב) דאָס רעכט אויף אייגנאַרטיקער קולטור־נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג געהערט צו דעם סכום היסטאָרישע און אינטעגראַלע רעכט, וואָס זענען וועזנטלעך פאַר יעדן נאַציאָנאַלן איינס, — און פון דער מאָס אינדיווידועלער ענערגיע פון דער געגעבענער נאַציע איז אָפּהענגיק די פאָרם, ווי אַזוי אָט דאָס אינערלעכע רעכט ווערט רעאַליזירט ביי פאַרשיידנאַרטיקסטע באַדינגונגען.

דער יידישער אויטאָנאָמיזם שטעלט נישט אַרויס קיין טעריטאָריאַלע, נאָר נאַציאָנאַל־קולטורעלע פאָדערונגען. אין אַזעלכע גרענעצן איז ער פאָר־מעל צום פאַרווירקלעכן אין אַ רעכטמעסיקער מלוכה און פאַקטיש נישט צום באַזייטיקן אין אַ „פּאָליצייאישער מלוכה". דאָרט, וואו עס איז איינגע־שטעלט די גלייכקייט פון רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע גרופּעס, איז זייער אינעווייניקסטע זעלבסטפאַרוואַלטונג בלויז אַ נויטווענדיקער פּועל־יוצא סיי פון דער דאָזיקער גלייכקייט סיי פון די אַלגעמיינע קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס פאַר דער פרייהייט פון פאַרבאַנדן, פאַרזאַמלונגען אד"גל, — און איך האָב שוין אויבן אָנגעוויזן די לענדער, וואו די מלוכה־מאַכט קאָן נישט שטעלן קיין מניעות פאַר אַ ברייטער אויטאָנאָמיע פון קהילה, און בכלל פון קולטורעלער אויטאָנאָמיע פון יידן. וואָס שייך די לענדער, וואו די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג האָט זיך נאָך נישט פאַרפעסטיקט אָדער עקזיסטירט בכלל נישט, דאָרט מערקט זיך די פּעולה פון דעם צווייטן אויבן אָנגעוויזענעם פאַקטאָר — די אינטעגראַלקייט פון די נאַציאָנאַלע רעכט,

---

*) די לעצטע צוויי יאָר, זינט דעם אָנהייב פון דער באַפרייאונגס־באַוועגונג אין רוסלאַנד, האָט זיך די באַציונג פון דעם רוב ציוניסטן צו „רעאַלער אַרבעט אויף די ערטער" געענדערט. די ציוניסטן, וואָס זענען אַריינגע־טראָטן אין „פאַרבאַנד פאַר פולבאַרעכטיקונג" (1905), האָבן אָנגענומען די פאָרמולע פון קאַמף פאַר „בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט פון יידן אין רוסלאַנד", און דער העלסינגפאָרסער צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי (1906) האָט אפילו אויסגעאַרבעט די פּראָגראַם פון יידישער אויטאָנאָמיע, וואָס איז אַנאַלאָגיש צום פּראָגראַם פון די נאַציאָנאַליסטן.

וואָס זענען אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון איטלעכן מענטשנס פּערזענלעכע רעכט. אויב דער „ייד" אין מיר איז נישט אָפּצוטיילן פון דעם „מענטש", וועל איך גלייכצייטיק קעמפן פאַר די רעכט פון מיין אינדיווידועלער און נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט. אונדזערע פריערדיקע דורות האָבן מיט מסירת־נפש אָפּגעהיט אָט דאָס רעכט אויף נאַציאָנאַלער פאַרזיכיקייט, די פּאַטריאַרכאַלע פאָלקס־מאַסע היט עס נאָך עד־היום, כאָטש זי אַנטוויקלט עס נישט; און איך וויל עס אי אָפּהיטן אי אַנטוויקלען עס פּראָגרעסיוו, צופּאַסנדיק זיך צו די אומשטענדן פון דער אַלמענטשלעכער קולטור. און קיין בירגער־געזעץ קאָן עס מיר נישט פאַרווערן, סיידן ער שטאַמט פון די מיטלאַלטערלעכע געזעצן אָדער תקנות פון דער אינקוויזיציע, לאַנג שוין פאַראורטיילטע דורך דער געשיכטע. אויב ווידער אין געוויסע לענדער זענען נאָך מעגלעך אַזעלכע געוואַלט־מעשים לגבי מיין נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט, איז אָפּטרעטן אָן קאַמף קעגן געוואַלט — הייסט נישט זיין די ווערט צו זיין אַ זון פון אַ פאָלק, וואָס איז באַרימט מיט זיין צווייטויזנטיאָריקער שטאַנדהאַפטיקייט, נישט געקוקט אויף די גרויליקסטע רדיפות.

„אָבער לאָמיר אָננעמען, אַז אַ מלוכה־געזעץ וועט באַשטעטיקן אונדזער רעכט אויף אינעווייניקסטער אויטאָנאָמיע, — וואָס זשע וועט זאָגן די קריסטלעכע געזעלשאַפט, אין וועלכער מיר לעבן? וועט זי אפשר נישט דערקלערן, אַז אַ נאַציאָנאַליטעט, וואָס היט אָפּ אַזוי עקשנותדיק איר אייגנאַרטיקייט און זעלבסטפאַרוואַלטונג, איז פרעמד פאַר די אַרומיקע נאַציעס, פאַרמאָגט נישט דעם פּאַטריאָטיזם־געפיל לגבי יעדן לאַנד, שטרעבט צו אָפּגעזונדערטקייט?" — אויף אַן ענלעכער טענה האָב איך שוין אויספירלעך געענטפערט אין די פריערדיקע בריוו, און דאָ וועל איך בלויז דאַרפן מאַכן אַן אויספיר פון דעם ענטפער.

איך האָב שוין געזאָגט, אַז היות דער באַגריף „פּאָטערלאַנד" באַשטייט פון צוויי טיילן „נאַטור" און „מענטשן", — איז אויך די ליבע צום פאָטערלאַנד אַ צווייערלייאיקע. די ליבע צו דער היימישער נאַטור, וואָס די איינדרוקן אירע זענען פאַרבונדן מיטן עצם פּראָצעס פון געשטאַלטיקן אונדזער מענטאַליטעט, איז באַשטענדיק און נישט אויסצוואָרצלען, פּונקט ווי די נאַטור גופא. ווידער די ליבע אונדזערע צו „מענטשן", ד"ה, צו די פעלקער, וואָס לעבן זייט־ביי־זייט מיט אונדז, איז אַן אומבאַשטענדיקע גרייס און איז אָפּהענגיק פון דער מאָס ליבע פון אָט די פעלקער צו אונדז. מיין „ציוויזם" (געפיל פון בירגערלעכער סאָלידאַריטעט) איז אַן עקוויוואַלענט פון דעם, וואָס עס גיט מיר די מלוכה און געזעלשאַפט, ווי אַ גליד פון דעם בירגער־פאַרבאַנד און ווי אַ גליד פון מיין נאַציע. אויב די מלוכה פאַרלעצט מיינע מענטשלעכע, בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט, קאָן איך זי נישט ליב האָבן: איך מוז אָדער קעמפן קעגן איר דעספּאָטישן רעזשים אָדער פאַרלאָזן דאָס לאַנד, עמיגרירן. קאָנט איר דען

פֿאַדערן פֿון די געפּייניקטע אַרמענער פֿון טערקיי טערקישן פּאַטריאָטיזם, אָדער פֿון די גערודפטע רומענישע יידן — רומענישן פּאַטריאָטיזם? אַזוינס צו פֿאָדערן וואָלט געווען אַן אומגעהייערער חוזק — און דאָך פֿאָדערט מען עס אָפּט פֿון יידן; און, וואָס איז צומערסטן אויפרעגנדיק, געוויסע יידן האַלטן, אַז מע האָט אַ רעכט צו שטעלן אונדז אַזעלכע פֿאָדערונגען, און מיר דאַרפֿן זיך מיט זיי רעכענען.

אויב ווידער די געגעבענע מלוכה פֿאַרזיכערט מיר בירגערלעכע גלייכ־באַרעכטיקונג און פֿרייהייט פֿאַר מיין נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט — דעמאָלט האָב איך נישט קיין שום סיבה נישט ליב צו האָבן אָט די מלוכה, און איך וועל אייפעריק אַרבעטן לטובת איר פֿאַרשטאַרקונג און אויפבלי צוגלייך מיט אַלע מיינע מיטבירגער. הייסט עס, אַז נישט מיין שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט, נאָר להיפּך — די באַמיונגען פֿון דער מלוכה אָדער געזעלשאַפֿט צו דערשטיקן אין מיר אָט די שטרעבונג זענען מסוגל אָפּצושוואַכן אין מיר דעם מלוכה־פּאַטריאָטיזם און דאָס געפֿיל פֿון אַלגעמיין־בירגערלעכער סאָלידאַרישקייט. וואָס ברייטער ס'איז מיין פּער־זענלעכע און נאַציאָנאַלע פֿרייהייט, אַלץ שטאַרקער בין איך צוגעבונדן צו דער מלוכה, וואָס שיצט אָט די פֿרייהייט, און viceversa (וויצע־ווערסאַ — דאָס אייגענע פֿאַרקערט.—איב.).

„אָבער, — זאָגט מען מיר, — איר רעכנט זיך נישט מיט די עק־זיסטירנדיקע אומשטענדן. צי הערט איר דען נישט די כסדרדיקע געשרייען וועגן „קאַהאַל", וועגן „אָפּגעזונדערטקייט" פֿון יידן? פֿלעגט דאָך טאָקע אונ־דזער נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט ווערן און ווערט נאָך איצט אַרויס־גערוקט ווי אַ באַרעכטיקונג פֿון אונדזער רעכט־אומפֿעיקייט?"

די, וואָס זאָגן אַזוי, זענען אַליין צו פֿיל אָנגעשראָקן און שרעקן אַנ־דערע. מיט אַזעלכע נאַאיווע ראיות האָט מען אונדז געקאָנט סטראַשען מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, איצט אָבער איז שוין צייט זיי אַוועק־צוואַרפֿן. האָט איר געהערט, וואָס עס זאָגן די מערבדיקע אַנטיסעמיטן וועגן יידן אַסימילירטע, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿון זייער נאַציאָנאַ־ליטעט: „די יידן זענען געפֿערלעך, ווייל זיי קריכן אַריין אין דער קריסט־לעכער געזעלשאַפֿט, גיסן זיך צונויף מיט איר און פֿאַרדאַרבן זי, אָדער זיי קאָנקורירן מיט איר צו דערפֿאָלגרייך אין קאַמף פֿאַר עקזיסטענץ". איר האָט געהערט, וואָס מע זאָגט אין יענע לענדער, וואו מע האָט נאָך די יידן נישט געגעבן קיין בירגער־רעכט, — אַז „זיי זענען פֿעיקער פֿון דער שטאַם־באַפֿעלקערונג און, דערנענטערנדיק זיך צו איר אויפֿן באָדן פֿון אַ בשותּפֿותדיקער קולטור, וועלן זיי שטענדיק קריגן די אייבערהאַנט אין די עקאָנאָמישע און גייסטיקע ספֿערעס". — אַזוי אַרום פֿאַרענטפֿערן די יודאָפֿאָבן פֿון אַלע לענדער זייער שנאה צו יידן גלייכצייטיק אי מיט אונדזער נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט אי מיט אונדזער נטיה צו אַסי־מילאַציע, מיט דעם חשק פֿון אייניקע, וואָס ווילן זיך „אַריינבאַקומען" אין

דער קריסטלעכער סביבה, און מיט דעם חשק פון אַנדערע, וואָס ווילן בלייבן אין יידנטום, מיט דעם „יידישן נאַציאָנאַליזם" און מיט דעם „יידישן קאָסמאָפּאָליטיזם". און מיט דער מיינונג פון אַזעלכע בלינדע שנאה־טרעגער דאַרפן זיך רעכענען די פריינד פון אונדזער פאָלק!

„קהל", „קהלשקייט"! — אָבער וואָס איז אַזוינס „קהלשקייט"? אַ געוויסע פאָרעם, אין וועלכער עס האָט זיך אויסגעדריקט די סאָלידאַרישקייט פון יידישע אינטערעסן אין דער גייסטיקער, סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער ספערע. אויב אַזוי, איז אַ גרויסער שאָד, וואָס דאָס באַשולדיקן אונדז אין „קהלשקייט" פּאַסט אַזוי ווייניק צו דער היינטצייטיקער ווירקלעכקייט. אינטערעסן־סאָלידאַריטעט איז פּונקט אַזאַ הויכער מאָראַלישער חוב פאַר די גלידער פון אַ נאַציע, ווי פאַר די גלידער פון אַ משפּחה, און פון אַזאַ סאָלידאַרישקייט קאָנען זיך אָפּזאָגן בלויז די, וואָס פאַרגעסן זייער אָפּשטאַם, אָדער פּחדנישע איבערלויפער. נישט די פּאָליאַקן, נישט די רוטענער, נישט די אַרמענער באַהאַלטן נישט דעם פאַקט, אַז זיי האָבן אַ סאָלידאַרישקייט פון זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. בלויז אַ געוויסער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ איז דערגאַנגען צו אַזאַ קנעכטישער זעלבסט־פאַרלייקענונג*). אויב ווידער די סאָלידאַריטעט פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן ווערט אין געוויסע גרענעצן אָנערקענט ווי גערעכט פאַר אַלע נאַציעס, דאַרף זי אָנערקענט ווערן אויך פאַר יידן, איינע פון די עלטסטע קולטור־נאַציעס. פאַר דער רעאַליזאַציע ווידער פון אָט דער אינטערעסן־סאָלי־

*) אָט איז איינער פון אַ סך ביישפּילן. אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן האָט איינער אַ פאָרשטייער פון די אַסימילירטע ענגלישע יידן פּראָטעסטירט קעגן נאַציאָנאַלן מאָמענט אין ציוניזם און זיך אויסגעדריקט אַזוי (איך ציטיר פון דעם „בריוו", וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין "Daily News" דורך אַ ייד מיטן נאָמען Cantabrigian לויטן אַר־טיקל פון הי ראַפּאָפּאָרט: „דער פערטער ציוניסטישער קאָנגרעס" („יעוורייסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ", באַנד 9, פּעטערבורג, 1901, ז' 370): „איך בין קעגן דעם לאָזונג „ישראל איז אַ נאַציע". אויב עס וואָלט געווען אמת, אַז יידן זענען אַ באַזונדער פאָלק, וואָלטן די אַנדערע פעלקער געהאַט דאָס רעכט זיך צו באַמיען פּטור צו ווערן פון דער פרעמדער באַפעלקערונג. אָבער די זאַך איז די, וואָס דאָס איז נישט אמת. יידן זענען נישט קיין באַזונדער פאָלק; זיי זענען פּשוט ענגלענדער, פראַנצויזן, דייטשן, רוסן פון אַן אַנדער גלויבן, ווי זייערע מיטבירגער. און די איינציקע סיבה פון מיין פּראָטעסט קעגן דער ציוניסטישער באַוועגונג איז דאָס, וואָס זי באַשטעטיקט כמעט אָט דעם ליגן, וואָס ווערט מיט אַזאַ התמדה פאַרשפּרייט קעגן אונדז דורך אונדזערע שונאים: אַז אונדזערע צילן און שטרעבונגען זענען נישט פאַרבונדן מיט אונדזערע געבוירן־לענדער און אַז מיר האַלטן זיך עקשנותדיק פאַר אַ באַזונדערע יידישע נאַציע". אַזוי דענקען היינט טויזנטער ציוויליזירטע קנעכט, וואָס האָבן מורא, אַז מע וועט ביי זיי צונעמען די „געשענקטע נדבה" — די עמאַנציפּאַציע.

דאַרישקייט מוז עקזיסטירן אַ געוויסע אינעווייניקסטע אויטאָנאָמיע מיט געהעריקע אינסטיטוציעס. אַמאָל האָט אַזאַ אויטאָנאָמיע געהייסן „קהל", דאָס הייסט, אַ קהילה־אָרגאַניזאַציע, און זי איז געווען אָפיציעל טעטיק, אויפהאַלטנדיק די אינעווייניקסטע אחדות און געזעלשאַפטלעכע דיסציפּלין צווישן די יידן. שפּעטער איז דער קהל צעפאַלן געוואָרן, טיילווייז צוליב רעגירונגס־רעפאָרמען, טיילווייז דערפאַר, ווייל ער האָט זיך נישט באַוויזן צוצופּאַסן צו די נייע קולטור־באַדינגונגען. אָבער די אייביק לעבעדיקע אידעע פון יידישער סאָלידאַריטעט דאַרף אַרויסרופן אַן אַנדערע, מער שלימותדיקע און מער צום לעבן צוגעפּאַסטע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אָפּהיטן אונדזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. און אויב עס געפעלט אייך אָנצורופן אָט די נייע אָרגאַניזאַציע מיטן יידישן וואָרט „קהל", האָבן מיר גאָרנישט דערקעגן.

שוין צייט, לסוף, צו צעטרייבן דעם נעפּל, וואָס הילט איין דאָס דאָזיקע שרעקלעכע וואָרט „אָפּגעזונדערטקייט", מיט וועלכן עס סטראַשען אונדז סיי „פריינד" סיי שונאים. אויף וויפל די אַלטע בירגערלעכע אָפּגעזונדערטקייט פון דער טעזיס־תקופה, ווי אַ פּראָדוקט פון אומרעכט און געוואַלט, איז דערווידער דעם רעכט־באַוואוסטזיין פון מאָדערנעם יידן, איז קאָן איצט זיין אַ רייד בלויז וועגן אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלער „אָפּגעזונדערטקייט" אָדער, גענויער — וועגן אויטאָנאָמיע. איז צוליב דעם־אָ דאַרף מען זיך פאַרענטפערן? די באַשולדיקונג אין „סעפּאַראַטיזם" איז אַ באַליבטער שלאַכט־מעטאָד פון יעדער הערשנדיקער נאַציאָנאַלער מערהייט קעגן אַ מינדערהייט; אָבער אַ נאַציע, וואָס שעצט זיך אַליין, רעכנט זיך נישט מיט אַזעלכע „באַשולדיקונגען", האַלטנדיק פאַר אינטעגראַל איר רעכט אויף פאַרזיכיקער אַנטוויקלונג. פאַרוואָס זשע האָבן זיך בלויז די יידן אַזוי מורא פאַר אָט דער „באַשולדיקונג"?

איך קען נישט אין אונדזער נייסטער געשיכטע קיין מער שענדלעכע דערשיינונג, ווי אָט די שרעק פון צוויי־דריי דורות יידישע אינטעליגענץ פאַר דעם פאָרוואָרפן נאַציאָנאַלע „אָפּגעזונדערטקייט". זאָגט עס בתור פאָרוואורף אַ פּאָליאַק פון פרייסן, אַז ער גערמאַניזירט זיך נישט, טראָץ אַלע באַמיונגען פון די פּרייסישע יונקערס, אָדער אַ גאַליציישן רוסין, אַז ער פאַרפּוילישט זיך נישט, — און זיי וועלן אייך ענטפערן, אַז אייער פאָרוואורף טוט אָן כבוד זייער נאַציאָנאַלער שטאַנדהאַפטיקייט. און אַן אייראָפּעיש געבילדעטער ייד טרעט אָפּ אין אימה פאַרן אויסרעדן אים, אַז ער איז נישט פאַרדייטשישט, נישט פאַרפראַנצויזישט, נישט פאַררוסישט.

ערגער פון אַלץ איז דאָס, וואָס אַזעלכע יידן האָבן צוגעוואוינט אפילו די ליבעראַלע קריסטן צו קוקן אויף אַסימילאַציע, ווי אויף עפּעס מחייבדיקס טאַקע פאַר יידן, ווי אַן עקוויוואַלענט פאַר זייער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג. אין דער אַנטיטעזיס־תקופה האָט אונדזער אינטעליגענץ, אַ „פון פאָרויס דאַנקבאַרע" פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג, אַזוי לאַנג גע־

זונגען אונטער די פענצטער פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט די סערענאַדע וועגן „צונויפגיסונג”, אַז יענע האָט דערנאָך אָנגעהויבן צו פאָדערן די צונויפגיסונג, ווי אַ זאַך, וואָס קומט איר. למשל, אין דער רוסישער ליבעראַלער פובליציסטיק האָבן זיך איינגעשטעלט „צוויי מאָסן און צוויי וואָגן” לגבי די יידן, פון איין זייט, און לגבי די איבעריקע היסטאָרישע נאַציעס, פון דער אַנדערער זייט. אַז מע רעדט וועגן פאָליאַקן, ליטווינער, אַרמענער, — איז נישט נאָר וואָס איטלעכער עכט ליבעראַלער פובליציסט פאָדערט נישט פון זיי קיין רוסיפיקאַציע, נאָר ער פאַראורטיילט שאַרף די רעגירונגס־פאָליטיק אין דער ריכטונג. ווען מע רעדט אָבער וועגן יידן, ווערט אַזאַ פאָדערונג אַלע מאָל אַרויסגעשטעלט — דירעקט אָדער אומדירעקט — אפילו אין די בעסטע ליבעראַלע אָרגאַנען פון דער רוסישער פעריאָדישער פרעסע*). איינער אַ ראַדיקאַלער רוסישער פובליציסט האָט זיך אויסגעדריקט אַזוי: מיר נעמען זיך נישט אונטער צו רוסיפיצירן די יידן, מיר וואָלטן אָבער געוואָלט, זיי זאָלן זיין רוסיפיצירט**).

*) אויף אַן אַנדער אָרט האָף איך בפרטיות זיך אָפּצושטעלן אויף דער באַלערנדיקער געשיכטע פון די באַציונגען מצד דער ליבעראַלער רוסישער פרעסע צו יידן. דאָ וועל איך נאָר אָפּמערקן דעם אַלגעמיין באַקאַנטן פאַקט, אַז די דאָזיקע פרעסע האָט זייער שוואַך און נישט גערן אונדז פאַרטיידיקט אין דער צייט, ווען די רעאַקציאָנערע יודאָפאָבישע צייטונגען האָבן טאָגטעגלעך געהעצט קעגן אונדז, רופנדיק צו רעפּרעסיעס און פּאָגראָמען. אין די שרעקלעכע יאָרן, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט נאָך 1881, האָבן מיר זיכער געקענט הערן אַ שוואַך פאַרטיידיקונגס־וואָרט מצד אַ מעסיק־קאָנסערוואַטיוון, איידער פון אַ ליבעראַלן אָרגאַן. „רוסקיאַ וויעדאָמאָסטי” האָבן גלייכגילטיק געשוויגן, ווען אַרום איז געפירט געוואָרן אַ ווילדע יודאָפאָבישע העצע, אין דער זעלבער צייט אָבער פלעגן די „פעטערבורגסקיאַ וויעדאָמאָסטי”, כאָטש שעמעוודיק, אויסדרוקן פון צייט צו צייט זייער מיטגעפיל די פאַרפאָלגטע. ווער פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר געדענקט נישט אַזעלכע מאָמענטן, ווען דער מאָראַליש געפייניקטער ייד האָט נישט געוואוסט פון וואָס צו זיין מער אויפגעבראַכט — צי פון דער מענטשנפרעסערישקייט פון די רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטן, צי פון דער טעמפער גלייכגילטיקייט פון די ליבעראַלן? . . . זיכער זענען געווען גלענצודיקע אויסנאַמען: שטשעדרין, וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו, טשיטשערין; אָבער אָט די גרויסע שרייבערס האָבן גערעדט פאַר זיך, און יעדער אויף זיין שטייגער, און נישט פאַר דער גאַנצער ליבעראַלער פרעסע, וואָס האָט אָדער סיסטעמאַטיש פאַרשוויגן די יידן־פראַגע, אָדער דאָקטרינעריש־רואיק אויפגעוויזן, אַז די רדיפות אויף יידן זענען אַ מניעה פאַר זייער רוסיפיקאַציע אָדער אַסימילאַציע (ד״ה נאַציאָנאַלע אַליין־פאַרלייקענונג) און דערפאַר „לוינט עס נישט” דער מלוכה.

**) הי יוזשאַקאָוו אין „רוסקאָיע באַגאַטסטוואָ”, אין איינעם פון די העפטן פון 1901. איך ציטיר פון זכרון, אָבער די אונטערגעשטראָכענע ווערטער געדענק איך קלאָר (דאָ נישט לאַנג האָט דעם זעלבן דעזידעראַט

אין דעם שטעקט אַ שווערע שולד פון דער יידישער אַסימילירטער אינטעליגענץ. לאַנג האָט זי געשריגן, אַז מיר זענען נישט קיין נאַציע, אַז אומעטום גיסן מיר זיך צונויף מיט די הערשנדיקע נאַציעס, — און איצט גלייבט מען אונדז שוין נישט, ווען מיר דערקלערן זיך פאַר אַ נאַציע, וואָס פּרעטענדירט אויף געוויסע נאַציאָנאַלע רעכט. די אַסימילאַטאָרן האָבן אַזוי לאַנג ליגן געזאָגט (נישט נאָר אַנדערע, נאָר אויך זיך אַליין), אַז איצט גלייבט מען שוין נישט דעם אמת פון די יידישע נאַציאָנאַליסטן. אויב אָבער אַט דער ליגן האָט זיך איינגעוואָרצלט, הייסט עס נאָך נישט, אַז מען דאַרף אים אונטערהאַלטן. געווג געשפּילט זיך אין באַהעלטעניש, שוין צייט צו דערקלערן בקול רם: מיר, יידן, האָבן מיט די אַרומיקע פעלקער בלויז די געמיינשאַפט פון פּאָליטישע און בירגערלעכע אינטערעסן, נאַציאָנאַל אָבער זענען מיר פּונקט אַזוי פיל אָפּגעזונדערט, אויף וויפל עס איז אָפּגעזונדערט יעדער אַנדערע נאַציע אין אונדזער מצב. לכל הפּחות וועט די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט פון יידן אין דער געגעבענער פאַרשיידנשטאַמיקער מלוכה נישט זיין שטאַרקער, ביי דער גלייכקייט פון בירגערלעכע רעכט, ווי די אָפּגעזונדערטקייט פון די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן, פון וועלכע די דאָזיקע מלוכה באַשטייט. אומעטום ווילן מיר זיך דערשלאָגן צו גלייכע רעכט מיט אַנדערע „פרעמדשטאַמיקע” נאַציעס, וואָס גייען אַריין אין מלוכה־באַשטאַנד, מיט אַזעלכע ענדערונגען, וועלכע זענען באַדינגט דורך אונדזער אויסער־טעריטאָריאַלן מצב.

אַ סך וועלן מסכים זיין, אַז אַזעלכע פאָדערונגען זענען היסטאָריש און מאָראַליש אין גאַנצן יושרדיקע, זיי וועלן אָבער, שאָקלענדיק סקעפּטיש מיטן קאָפּ, זאָגן: „ס'איז אַ ספק, צי מע קאָן אַזאַ ציל דערגרייכן ביי דעם אַלץ שטאַרקער ווערנדיקן רעזשים פון „נאַציאָנאַלער מלוכה” אָדער מלוכהשן נאַ־נאַליזם. דער לעצטער שטרעבט צו אַסימילירן אַלע פעלקערשאַפטן אין דער געגעבענער מלוכה מיט דער הערשנדיקער נאַציע. צוליב דעם ווערן אייניקע „פרעמדשטאַמיקע” באַגרענעצט אין די בירגער־רעכט, אַנדערע ווערן גע־ווערן געצווימט אויפן געביט פון קולטור־אויטאָנאָמיע, מיטן תירוץ, אַז דאָס באַדערט די איינהייטלעכקייט פון דער מלוכה אָדער די עפנטלעכע זיכערקייט. ווען די יידן ביישטיין קעגן אַזאַ רעזשים?”

די דאָזיקע טענה איז די סאַמע דירעקטע פון אַלע, וואָס מע קאָן אַרויס־

אויך אַרויסגעזאָגט אַזאַ פּובליציסט־פילאָסאָף, ווי פּ. ב. סטרואווע. אין אַן אינטערוויו וועגן ציוניזם האָט דער הי' סטרואווע זיך אויסגעדריקט אַזוי: „אין די אינטערעסן פון רוסלאַנד וואָלט איך געוואָלט, אַז יידן זאָלן זיך אַסימילירן, איך מיין, אַז דאָס איז אויך אין די אינטערעסן פון יידנטום” (די צייטונג „רוס” פון 2טן פעברואַר, 1907). וואָלט דער הי' סטרואווע אַן ענלעכן „קאָמפּלימענט” אויך געמאַכט אויפן אַדרעס פון װעלכער־ס'איז אַנדער נאַציאָנאַלער מינדערהייט אין דער רוסישער אימפּעריע?

שטעלן קענען מיין טעאָריע. באמת, דער מלוכה־נאַציאָנאַליזם איז פּיינט־לעך לגבי דעם נאַציאָנאַליזם פון די „אָפּהענגיקע" נאַציעס, פּונקט ווי עגאָיזם איז פּיינטלעך לגבי אינדיווידואַליזם*). אמת איז אויך, אַז דער פּרינציפּ „נאַציאָנאַלע מלוכה" ווערט איצט אָפּט ארויסגערוקט ווי דער יסוד פון דער אינערלעכער פּאָליטיק. אַנשטאָט דער מיטלאַלטערלעכער „מלוכה־קירך" טרעט אַרויס דער עלעמענט „מלוכהשע נאַציאָנאַליטעט". אַנשטאָט דעם פּרינציפּ cujus regio, ejus religio (וועמעס הערשאַפט, יענעמס אמונה.—איב.) — ווערט איינגעפירט דער פּרינציפּ: cujus regio ejus natio (וועמעס הערשאַפט, יענעמס נאַציע.—איב.). אויסגעשרייען פון דעם מין: „רוסלאַנד פאַר רוסן" — לאָזן זיך הערן אַלץ אָפטער פון די רעאַקציאָנערע רייען. איז אָבער לאַנגדויערנדיק אַזאַ רע־זשים, וואָס ווערט רעקאָמענדירט דורך שאָוויניסטן־פּאַרגעוואַלטיקער? קאָן ער זיך איינפעסטיקן אין אַ מלוכה מיט אַ פּאַרשיידנשטאַמיקן באַשטאַנד אָן אַ גרויסער סכנה פאַר דער גאַנצקייט פון אָט דער מלוכה? מלוכה־נאַציאָנאַ־ליזם — דאָס איז אַ שלאַנג, וואָס בייסט איר אייגענעם עק. אַ פּאָליטיק, וואָס באַשטייט אין אונטערדריקן די נאַציאָנאַלע מינדערהייט און אין אַסי־מילירן זי בגעוואַלט מיט דער מערהייט, קאָן דערפירן בלויז צו צוויי רע־זולטאַטן: א) אָדער צו כסדרדיקע אומרועז און אויפרעגונגען צווישן די אונטערדריקטע נאַציעס, צו אַן אומאויפהערלעכן בירגערקריג, וואָס רייסט אַרונטער אַלע יסודות פון אָרדענונג און געזעצלעכקייט אין דער מלוכה; 2) אָדער צום צעפאַל פון דער איינהייטלעכער מלוכה און צום שאַפן אַ פעדעראַציע פון נאַציאָנאַליטעטן. ס'איז אַ גרויסער ספק, צי ביידע אויס־וועגן זענען אין די אינטערעסן פון די דערמאָנטע פּאָליטיקער און „פּאַ־טריאָטן". נאָך אַ צאָל פּרואוון אין גייסט פון מלוכה־נאַציאָנאַליזם וועלן זיי זיך איבערצייגן, אַז טאַקע לטובת דער גאַנצקייט פון דער מלוכה און לטובת איר אינעווייניקסטן שלום מוז מען זיך אָפּזאָגן פון דער אומגליק־לעכער סיסטעם צו ניוועלירן די נאַציאָנאַליטעטן־טיפּן. טאַקע צוליב מנוחה און פּאָליטישער מעכטיקייט דאַרף אַ פּאַרשיידנשטאַמיקע מלוכה געבן קול־טורעלע (און פאַר געוויסע פעלקער אויך אַ געגנטלעכע) אויטאָנאָמיע יענע היסטאָרישע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס גייען אַריין אין איר באַשטאַנד. און מיר זעען, אַז, למשל, די עסטרייכישע רעגירונג שטרעבט לעצטנס, הגם נישט תמיד גיט זיך עס איר איין, צו לייזן די נאַציאָנאַלע פראַגע דורך הנחות פאַר די אויטאָנאָמיסטישע פאָדערונגען נישט בלויז פון די געגנטן, נאָר אויך פאַר די מינאָריטעטישע נאַציאָנאַלע גרופּעס, וואָרעם אפילו די פּאַנ־

---

*) דאָס איז אויך שייך צו געגנטלעכן נאַציאָנאַליזם, וואו די נאַציאָ־נאַלע מערהייט דריקט אין איר סביבה די מינאָריטעט־גרופּעס (למשל, די באַציִונג פון די פּאָליאַקן צו רוטענער און יידן).

גערמאַניסטן מוזן סוף כל סוף מודה זיין אויף דער אומגעלומפּערטקייט פון לאָזונג: „עסטרייך פאַר דייטשן".

נישט געקוקט אויף אַלע פיינלעכע וואַקלענישן, וואָס מיר לעבן איצט איבער, פירט דאָך דער גאַנג פון דער געשיכטע נישט צו פאַרשקלאַפונג, נאָר צו באַפרייונג פון נאַציאָנאַלע אינדיווידן. פונקט ווי עס איז נאָך אַ לאַנגן קאַמף געפאַלן דער פּרינציפּ פון „הערשנדיקער רעליגיע" (קירך), אַזוי וועט אויך פאַלן דער פּרינציפּ פון „הערשנדיקער נאַציאָנאַליטעט". אויב דעם 19טן יאָרהונדערט האָט זיך איינגעגעבן איינצוואָרצלען אין רעכט־באַוואוסטזיין פון דער געזעלשאַפט דעם יסוד פון — זאָל זיין רעלאַט־וועד — פרייהייט פאַר דעם יחיד, איז דעם 20טן יאָרהונדערט שטייט פאַר צו גרונטפעסטיקן דעם אידעאַל פון פרייהייט אָדער אויטאָנאָמיע פאַר דער נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט. דער קאַמף פון פעלקער פאַר אָט דעם אי־דעאַל וועט נישט אויפהערן, ביז וואַנען ער וועט נישט מנצח זיין. די יידן זענען, הייסט עס, נישט אַליין אין קאַמף: זייער זאַך פאַלט זיך צונויף מיט דעם געזעצמעסיקן היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס פירט צו אַ גרויסן ציל — צו דער פרייהייט פון דער נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט, אין גבול פון דער פרייהייט פון אַ רעכטמעסיקער מלוכה.

* * *

אַזאַ איז דער רעאַלער תוכן פון דעם היסטאָרישן סינטעז, וועגן וועלכן איך האָב גערעדט אין אָנהייב פון איצטיקן בריוו. דער דאָזיקער סינטעז איז כולל אַלע געזונטע סטאַטישע עלעמענטן פון טעזיס מיט די נאָרמאַלע דינאַמישע עלעמענטן פון אַנטיטעזיס. אונדזער אידעאַל איז: דאָס אויפ־היטן און פאַרפולקומען אונדזער נאַציאָנאַלן טיפּ אין נוסח פון אונדזער היסטאָרישער עוואָלוציע און מיט יענע מיטלען, וועלכע די מאָדערנע קול־טור גיט אַלע נאַציעס, וואָס קעמפן פאַר זייער קיום. צו די, וואָס האָבן מורא פאַר אָט דעם קאַמף, וועל איך זאָגן: ווער עס שרעקט זיך פאַר קאַמף, דער שרעקט זיך פאַר לעבן. אונדזערע אַמאָליקע דורות האָבן געהאַט אַזאַ שלימות פון אינעווייניקסטן לעבן דערפאַר, ווייל תמיד האָבן זיי זיך — פּאַסיוו אָדער אַקטיוו — קעגנגעשטעלט דעם מעכטיקן דרוק פון דרויסן. די היינטיקע אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך נאָך נישט אַרויסגעשלאָגן מחוץ דעם שטח פון „אַנטיטעזיס", זענען פאַרוועלקט געוואָרן און האָבן פאַר־לוירן דעם זינען פון לעבן, ווי נאָר זיי האָבן פאַרלוירן דעם מאָראַלישן סטימול צום קאַמף פאַר זייער נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט.

מיר לעבן איצט איבער אַ צייט פון גרויסער בענקשאַפט און גרויסער מרה־שחורה. די גאַנצע אַטמאָספערע פון יידישן לעבן איז אָנגעזעטיקט מיט קרעכצן און זיפצן. ליידן אָן שטאַנדהאַפטיקייט, יאוש אָן „יאוש־ענערגיע", מאַרטירערטום אָן יענע טעטיקייט־אימפּולסן, וועלכע דאָס גיט

דעם לעבעדיקן און שפּירעוודיקן יחיד, — דאָס אַלץ ברעכט איין די כּוחות ביי אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ. און צו דער דאָ־זיקער אינטעליגענץ רוף איך: אַט האָט איר אַ קאָנקרעטן אידעאַל, וואָס וועט אייך אומקערן דעם פאַרלוירענעם לעבנס־זינען. לגבי דעם דאָזיקן אידעאַלן קאָן מען אָנווענדן די ווערטער פון גרויסן לערער (דברים, ל׳ י״א — י״ד): „דאָס געבאָט, וואָס איך גיב דיר, איז נישט אומצוטריטלעך פאַר דיר און איז נישט ווייט פון דיר. עס איז נישט אויפן הימל, מע זאָל דיר קאָנען זאָגן: אויב עס וועט ווער אַרויפשטייגן אויפן הימל און וועט עס דיר מבשר זיין, וועלן מיר עס אויספאָלגן. און עס געפינט זיך נישט מעבר לים, אַז מע זאָל קאָנען זאָגן: אויב עס וועט ווער אַריבערשווימען דעם ים און וועט עס מבשר זיין, וועלן מיר עס אויספאָלגן. ניין, גאָר נאָענט פון דיר איז די זאַך, און פון די לעפצן דיינע און פון דעם האַרץ דיינעם איז גע־ווענדט דאָס מקיים צו זיין". אונדזער היסטאָריש לעבן איז געווענדט נישט אין יענע דרויסנדיקע כּוחות, וואָס דריקן אונדז אין געגעבענעם מאָמענט — ווי מעכטיק זיי זאָלן זיך אונדז אויסווייזן — און נישט אין יענע וואָר־זאָגערישע ווייטע פּלענער, וואָס זייער פאַרווירקלעכונג איז נישט אין אונ־דזערע כּוחות. נישט פון דער רעפּרעסיווער פּאָליטיק פון דער אָדער יענער רעגירונג לגבי די יידן, און נישט פון דער פאַנטאַזיע, אַז „דער סולטאַן און די גרויסמאַכטן וועלן געבן די הסכמה" אין דער צוקונפט אָפּצוטרעטן אונדז פּאַלעסטינע, — נישט פון דעם, נאָר פון אונדז אַליין איז אָפּהענגיק אונדזער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט, פון „אונדזערע לעפצן און פון אונ־דזער האַרץ", פון יענע אַלע קאָנקרעטע מעשים, וואָס מיר וועלן אויפטאָן אויף יעדן שריט, אין יעדן פּונקט פון גלות לטובת דעם אויפהיטן און אַנטוויקלען אונדזער פאָלק.

מיר דאַרפן אָוועקוואַרפן די פיינלעכע פּאָליטיק פון וואַרטעניש, צי דאָס איז וואַרטן אויף נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג, צי אויף דעם, אַז די אַנטיסעמיטן זאָל קומען צום שכל, צי אויף דער וואוילגעמיטלעכקייט פון טערקישן סולטאַן. אונדזער פּראָגראַם איז אַ פּראָגראַם פון טעטיקייט, פון אַן עקשנותדיקער טאָגטעגלעכער, אפשר נישט אָנזעעוודיקער, אַרבעט אי־בער זיך, און אין דער אייגענער צייט — פון אַן אומאויפהערלעכן קאַמף פאַר אונדזערע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט. דאָ איז יעדער אָנ־שטרענג פון היינט צוגלייך אַ טריט פאָרויס צום מאָרגן. יעדע אָרטיקע אָר־גאַניזאַציע פון אונדזערע כּוחות אין דער נאַציאָנאַלער ריכטונג, יעדע אינסטיטוציע, וואָס האַלט אויף אונדזער געזעצלעכע אויטאָנאָמיע, איטלע־כע שול, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט יידישן נאַציאָנאַלן גייסט, איטלע־כער נייער קרייז צו דערלערנען די יידישע שפּראַך, געשיכטע, ליטעראַטור, — דערנעענטערט אונדז אויף איין טריט צו אונדזער הייליקן ציל. אַט די ריזיקע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַרבעט הייבט זיך ערשט אָן, אָבער אין איר

איז דער זינען פון דעם נאָענטסטן עתיד. איר ציל — דער אינערלעכער ווידערגעבורט פון יידן אין אַלע תפוצות, וואו עס האָט זיי פאַרוואָרפן זייער געשיכטע.

דעצעמבער 1901 (דערג. 1906—1907).

## הוספה (צו דער באַמערקונג אויף ז' 118)

אין נאָוועמבער 1904 האָט דער לעמבערגער דעפּוטאַט פון עסטרייכישן רייכס־ראַט ברייטער (אַ קריסט) געהאַלטן די פאָלגנדיקע רעדע אויף אַ יידישער פאַרזאַמלונג (ציטירט לויט דער איבערזעצונג, פאַרעפנטלעכט אין „וואָסכאָד" 1904, נר. 25):

„איך האָב אָפט געטראַכט וועגן דעם, פאַרוואָס דער מצב פון די יידן איז אַזוי קלאָגעדיק און טרויעריק, — און צום סוף בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז די עיקרדיקע און אפילו איינציקע סיבה פון זייער אומגליק — דאָס איז אַסימילאַציע. מע האָט אייך געגעבן „גלייכבאַרעכטיקונג"; אָבער אָנשטאָט דעמאָלט צו פאָדערן מע זאָל פאַרווירקלעכן די רעכט, האָבן די פאָרשטייער פון אייער אינטעליגענץ אָנגעהויבן צו פרעדיקן אַסימילאַציע; זיי האָבן זיך דערקלערט פאַר פאָליאַקן און זיך אָפּגעקערט פון יידנטום. זיי האָבן דערביי פאַרגעסן, אַז פון יעדע דריי פאָליאַקן איז איינער אַ געבוירענער אַנטיסעמיט, וואָס האָט איינגעזויגן די שנאה צו יידן צוזאַמען מיט דער מאַמעס מילך. אָט די אַסימילאַטאָרן האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַז די שנאָה צו יידן וועט באַלד פאַרשווינדן, ווי נאָר זיי וועלן אָנהייבן פאַרזיכערן, אַז זיי זענען אמתע פאָליאַקן און אַז קיין יידישע אינטערעסן עקזיסטירן בכלל נישט. טאַקע אַ דאַנק דעם זענען אייערע רעכט ביסלעכווייז בטל געוואָרן. די אַסימילאַציע האָט געבראַכט אַ קאָלאָסאַלן שאָדן אין מאָראַלישן זינען. איך וועל אייך זאָגן אָפּנהאַרציק: קיין מער אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק, ווי איר פירט, וואָלטן אפילו די אַנטיסעמיטן נישט געקאָנט צוטראַכטן. גיט איר דען נישט אָפּ אייערע

שטימען פאַר דער שליאכטע, וועגן וועלכער עס איז זיכער באַקאַנט, אַז זיי זענען אַנטיסעמיטן פון דער ריינסטער פּראָבע? און אויב איר ווילט שוין יאָ אויס אַ יידן, ווילט איר אים דען, ווי אַ פאָרשטייער פון אייערע יידישע אינטערעסן? בשום אופן נישט! איר ווילט דעם אָדער יענעם יידן, וויל די פּריצים פאַרלאַנגען עס. די דאָזיקע יידישע דעפּוטאַטן טרעטן דעריבער אַרויס אין די אינסטיטוציעס ווי פּאָליאַקן, און אינטערעסירן זיך נאָר מיט דעם, וואָס אינטערעסירט די פּאָליאַקן; מיט יידישע ענינים אינטערע־סירן זיי זיך בכלל נישט. איך ווייס נישט, צי איר האָט אויגן, אָדער איר פאַרמאַכט זיי בכיוון, כדי נישט צו זען, וואָס אַרום אייך טוט זיך. זעט איר דען נישט, אַז עס ווערן גענוצט אַלע מיטלען, כדי ביי אייך צוצונעמען דעם לעצטן ביסן ברויט? *) און איר גיט נישט קיין ריר מיט אַ פינגער, כדי זיך צו פאַרטיידיקן, כדי צו ענדערן די לאַגע צום בעסערן!...

ווי אַ קריסט, בין איך נישט גענוג באַקאַנט מיט אייערע יידי־שע ענינים. אָבער מיר ווייזט זיך אויס, אַז פאַר אייך איז זייער וויכטיק:

1) אַ פעסטע אחדות: אַ ייד דאַרף אַרויסטרעטן נאָר ווי אַ ייד, און בשום אופן נישט ווי אַ פּאָליאַק; ער דאַרף נישט דורכ־לאָזן קיין שום געלעגנהייט צו פאָדערן פאַר יידן די רעכט, וואָס זענען אים געגעבן געוואָרן דורך דער קאָנסטיטוציע.

2) איר דאַרפט זיך סטאַרען, אַז די יידן זאָלן אין דער פאַר־וואַלטונג האָבן אַזאַ פאָרשטייערשאַפט, ווי עס קומט זיי לויט זייער פּראָפּאָרץ צו דער איבעריקער באַפעלקערונג.

3) בעת די וואַלן דאַרפט איר נישט נאָכגיין נאָך די רעדל־פירערס. איר דאַרפט פאָדערן, אַז אייערע אויסגעקליבענע זאָלן זיין נאָר אַזעלכע יידן, וואָס קענען אייערע נויטן און זענען גרייט צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן אויפן סאַמע ענערגישסטן אופן.

4) עס איז נייטיק אויסצובריייטערן דעם קרייז פון יידישע באַשעפטיקונגען, בעיקר — צוציען יידן צו ערדאַרבעט אד"גל".

*) אַ וואונק אויף דעם סיסטעמאַטישן באָיקאָט פון יידישן האַנדל און מלאָכה מצד די פּאָליאַקן אין גאַליציע.

# פינפטער בריוו

## וועגן נאַציאָנאַלער דערציונג

נאַציאָנאַלע דערציונג, ווי דער הויפּט־יסוד פֿאַר דער אויטאָנאָמער אַנטוויקלונג פון פאָלק. — דיאַגנאָז אויף דער קראַנקהייט פון דערציונג. — לובלינסקיס טעאָריע וועגן בלוט־ און קולטור־נאַציע, און די טרויעריקעווירקלעכקייט אין מערב. — „דער יידישער ווערטער" פון יאַקאָבאָווסקי: נשמה־צעצווייטקייט פון מאָדערנעם יידן, די פאַרקריפּלונג פון דער נאַציאָנאַלער עמאָציע מחמת דער פרעמדער דערציונג. — בראַנדעסעס דענישער נאַציאָנאַליזם און יידישער אינדיפערענטיזם; פּראָגרעסירנדיקע אָפּגעפרעמדקייט פון יידנטום. — די, וואָס ווילן נישט, און די, וואָס קאָנען נישט זיין קיין יידן. — די דענאַציאָנאַליזאַציע פון דער יידישער שול אין רוסלאַנד. — אַ ווידוי פון דעם „זון פון יאָרהונדערט". — פּאָטערס און קינדער. — ווי אַזוי באַזייטיקט מען דעם דואַליזם פון בלוט־ און קולטור־נאַציע? — דורך דערציונג ווערט די לייבלעכע נאַציע אויך די קולטור־נאַציע פון דעם יחיד. — דער שלום צווישן הומאַניזאַציע און נאַציאָנאַליזאַציע אין דער שול. — דער חילוק צווישן דער „נאַציאָנאַלער שול" פון דער מלוכה און פון די אויטאָנאָמע פעלקערשאַפטן. — שול־אויטאָנאָמיע — די גאַראַנטיע פון נאַציאָנאַלער פרייהייט.

הוספה א) פּלאַן פון אַ שול־רעפאָרם.

הוספה ב) דער „קולטורקאַמף" פון 1901—1902 *).

*) די הוספות געבן מיר צום סוף פון בוך. — באַמערקונג פון פאַרלאַג.

אויף דריי יסודות שטיט די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע פון ייִדישן פאָלק: קהילה־זעלבסטפאַרוואַלטונג, שפּראַך־פרייהייט און שול־אויטאָנאָמיע. שווער צו זאָגן, וואָסערער פון די יסודות האָט די גרעסטע באַדייטונג פאַר אויפהיטן דאָס ייִדנטום, וואָרעם יעדער פון זיי איז אומבאַדינגט נייטיק פאַר דעם דאָזיקן ציל אויף זיין אָרט און דערפילט אַ באַשטימטע פונקציע אין דער זאַך פון אָרגאַניזירן דאָס פאָלק. פון דעסטוועגן איז נישט קיין ספק, אַז דער דריטער פאַקטאָר פון אויטאָנאָמיע — די נאַציאָנאַלע שול (אָדער „נאַציאָנאַלע דערציונג" אין ברייטן זינען) — איז באַזונדערס ענג פאַרבונדן מיט די אינטימסטע זייטן פון דער נאַציאָנאַלער עוואָלוציע, מיט דער אַנטוויקלונג פון דער פאָלקס־נשמה. אויב די קהילה־אויטאָנאָמיע איז וויכטיק בעיקר פאַר דער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע פון ייִדנטום, איז די שול־אויטאָנאָמיע (וואו עס גייט אַריין די פאַר־הנהגה פון שפּראַך־פרייהייט) דער תנאי, וואָס דערמעגלעכט די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער פערזענלעכקייט. די שול, די אופנים פון דערציען און דער לערן־פּראָגראַם — זיי ווירקן דירעקט אויף דער געשטאַלטיקונג פון איטלעכן באַזונדערן קעמערל אין נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם. און אויף וויפל דאָס געזונט פון אַן אָרגאַניזם איז געוועגדט אין דעם געזונט פון די איינסן — קעמערלעך, וואָס גייען אַריין אין זיין באַשטאַנד, אויף אַזוי פיל דאַרף די נאַציאָנאַלע דערציונג דינען, ווי דער פונדאַמענט פאַר דער גאַנצער סיסטעם פון נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. דער דאָזיקער תנאי האָט אַן אַלטערנאַטיווע באַדייטונג באַזונדערס פאַרן ייִדנטום, פאַר וועמען דאָס איז — אַ פראַגע פון לעבן און טויט. דער היינצייטיקער ייִד איז אין אַלע תפוצות אויסגעשטעלט פון דעם פריען עלטער אויף דער באַווירקונג פון דער פרעמדער נאַציאָנאַלער שול, וואָס פאַרקריפּלט אין אים דעם יסוד פון ייִדישן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און מאַכט אים אָדער פאַר אַן אַפּטריניקן אָדער פאַר אַן אומטויגלעכן, קראַנקן גליד פון זיין פאָלק. און אַז מיר רעדן וועגן ווידערגעבורט פון ייִדנטום, מכוח געזונט מאַכן אונדזער פאָלקס־אָרגאַניזם, מוזן מיר שטעלן אַ גענויעם דיאַגנאָז פון אָט דער כראָנישער קראַנקהייט, וואָס צעפרעסט אונדז, וואָס רופט אַרויס די סכנה פון אינעווייניקסטער צעשטערונג: די קראַנקהייט פון דערציונג — און מיר דאַרפן אויסגעפינען די אופנים צו באַזייטיקן אירע סיבות.

איך וועל דאָ נישט רעדן אויפן לשון פון אידעישע אַבסטראַקציעס: איך וועל נייטן צו רעדן לעבעדיקן עדות — די רעאַלע פאַקטן, וואָס שרייען אַרויס פון דעם וואָכעדיקן לעבן, פון דער משפחה און שול, פון יענע ספערעס, וואו עס ווערט געקאַליעטשעט די ייִדישע נשמה פון קינד. כ'וועל אָנהייבן מיט „מענטשלעכע דאָקומענטן" פון דער נייער ליטעראַטור.

אַ יונגער דייטש־ייִדישער שריפטשטעלער ס. לובלינסקי (אַ זשורנאַליסט און מחבר פון בוך "Literatur und Geselschaft im XIX Jarhundert")

(ליטעראַטור און געזעלשאַפֿט אין דעם 19טן י״ה.—איב.), האָט דאָ נישט לאַנג אַנטפּלעקט אַ טעאָריע, וואָס באַרעכטיקט די אַסימילאַציע פֿון יידן מיט אַ שטאַנדפּונקט, וועלכן מע קאָן אָנרופֿן „קולטור-נאַציאָנאַליזם אויף דער לינקער זייט״. איטלעכער היינטצייטיקער ייד דאַרף, לויט אָט דער טעאָריע, אויסקלייבן צווישן צוויי נאַציעס: נאַציע לויט „ראַסע״ אָדער „קולטור״. די ראַסע-נאַציע — דאָס איז זיין לייבלעך-אייגענע יידישע נאַציע, מיט וועלכער ער איז געבונדן דורך אָפּשטאַם, בלוט-קרובהשאַפֿט. קולטור-נאַציע — דאָס איז דאָס אַרומיקע פֿאָלק, אין וועמעס מלוכה אָדער פּראָווינץ ער לעבט, אויף וועמעס שפּראַך ער רעדט, אין וועמעס שול ער לערנט, אויף וועמעס ליטעראַטור ער איז דערצויגן. דער ויתרוצו צווישן דיביידע נאַציאָנאַלע שטראָמען אין דעם יידנס נשמה מאַכט געבוירן אַ פֿיינלעכע צעצווייונג, פֿון וועלכער מע דאַרף פּטור ווערן. און ה׳ לובלינסקי באַזייטיקט אָט דעם דואַליזם אָן באַזונדערע שוועריקייטן: ביים אויסקלייבן צווישן ראַסע-און קולטור-נאַציע דאַרף מען געבן די בכורה דער לעצטער, וואָרעם "Die Kultur ist mehr als das Blut" (די קולטור איז מער ווי דאָס בלוט.—איב.), קולטור איז וויכטיקער ווי בלוט-קרובהשאַפֿט. דער היינטצייטיקער ייד דאַרף און קאָן זיך פֿילן אויסשליסלעך, ווי אַ דייטש. אַ ייד, וואָס איז „בראשו וברובו דורכגעזאַפּט מיט דער דייטשער קולטור, איז אַן עכטער דייטש״, אפֿילו אין אַ גרעסערער מאָס, ווי אַ גערמאַנישער אָפּשטאַמיקער, וואָס פֿאַרמאָגט נישט די דייטשע געבילדעטקייט. „און די אויפֿגאַבע פֿון אַ נאַציאָנאַלער מלוכה באַשטייט אין דעם, — גיט צו לובלינסקי, — צונויפֿצוגיסן אין איין העכערער אָרגאַנישער גאַנצקייט די פֿאַרשיידענע קלאַסן, רעליגיעס, טעמפּעראַמענטן (?—ש. ד.) און שטאַמען. לפֿנים פֿון אָט דעם גרויסן קרייז און פֿון דער אַלגעמיינער גייסטיקער אָרגאַניזאַציע קאָן דער ייד קומען צום אויסדרוק מיט זיינע באַזונדערקייטן פּונקט אַזוי פֿריי, ווי דער קאַטאָליק אָדער ביירער (וואָס זשע פֿאַר אַ פֿרייהייט איז דאָס, אויב די „נאַציאָנאַלע מלוכה״, וואָס איז באַגייסטערט דורך ה׳ לובלינסקין, וועט שטרעבן „צונויפֿצוגיסן שטאַמען און רעליגיעס״?—ש. ד.). זאָגט מען דאָך אין שפּאַס, אַז די דייטשן פֿון דרום און פֿון געוויסע ביירייִשע געגנטן זענען בכלל נישט קיין גערמאַנער, נאָר דייטש-רעדנדיקע קעלטן. און פֿון דעסטוועגן זענען זיי על-פּי זייער קולטור שלימותדיקע דייטשן. וואָרעם קולטור איז וויכטיקער ווי בלוט״*).

"Ein letztes Wort zur Judenfrage". Ost und West 1901, Nr. 9, S. 650.

גענויער וועגן קוק פֿון ה׳ לובלינסקי און וועגן זיין פֿאַרוואַנדלונג פֿון אַ פּאָליטישן ציוניסט אין אַן אידעאָלאָג פֿון אַסימילאַציע — זע. ווייטער, אין ניינטן „בריוו״.

דער זינען פון אָט דער טעאָריע איז קלאָר: געבוירן געוואָרן בין איך א ייד, אָבער דערצויגן און געלערנט געוואָרן, ווי א דייטש; הייסט עס, בין איך א באַשטאַנדטייל פון אַן עטנישן אָדער קאָנפעסיאָנעלן אָפּצווייג פון דייטשישן פאָלק, ווי, למשל, די שוואַבן, בייערער, קאַטאָליקן. און היות ביי א געבילדעטן דייטשישן יידן זענען סיי די רעליגיעזע סיי די שטאַם־באַזונדערקייטן, וואָס זענען דער יסוד פון דער פאַרשיידנמיניקייט, אָפּגעגלעט דורך קולטור־שלייפונג און זענען דערפירט כמעט ביז נול, לכן בלייבט אייבער אַ נוליקער ייד און אַ פולער דייטש, — וואָס ס'איז טאַקע געווען צו דערוויזן. דעם אייגענעם סילאָגיזם קאָן מען אָנווענדן אויך צום רוסישן יידן, צום פראַנצויזישן, ענגלישן און אַזוי ווייטער.

צי איז דאָס אָבער אַ סילאָגיזם, און צי דאַרף מען אים דערווייזן אָדער אָפּפרעגן? ניין. וואָלטן מיר געהאַט צו טאָן מיט אַן אויסגעמוחטער דאָקטרין, וואָלט מען זי געקאָנט באַטראַכטן קריטיש פון דער סאָציאָלאָגישער און עטישער זייט. מע וואָלט גרינג געקאָנט באַשטימען דעם געזעלשאַפטלעכן ווערט פון דער טעאָריע, וואָס איז געבויט אויף אָנערקענען דעם אַנטידעמאָקראַטישן פרינציפּ פון „נאַציאָנאַלער מלוכה" און זיין רעכט „צונויפצוגיסן אין איין אָרגאַנישער גאַנצקייט פאַרשיידענע קלאַסן, רעליגיעס, — שטאַמען, אפילו „טעמפּעראַמענטן" — דאָס הייסט, אויף אָנערקענען די העסלעכע סיסטעם פון ניוועלירן אויף אַ קאַזאַרמע־נוסח פאַרשיידנמיניקע גרופּעס פון דער באַפעלקערונג. עס וואָלט אויך נישט שווער געווען צו געבן אַן עטישע אָפּשאַצונג פון דער דעקלאַראַציע פון א יידן, וועלכער זאָגט: די קולטור־נאַציע (אין געגעבענעם פאַל — די דייטשע), מיט וועלכער מע האָט מיך, אַ פאָרשטייער פון איין דור, פאַרבונדן דורך שול און שפּראַך, איז מיר בלי ערך טייערער, ווי מיין לייבלעכע נאַציע, מיט וועלכער עס בינדט מיך שוין מער נישט די פרעמד געוואָרענע קולטור פון הונדערטער דורות. עס גייט דאָ נישט וועגן די איכותדיק ספּקדיקע פּאָליטישע אָנשווינגען און עטישע השגות פון ה' לובלינסקי; עס האָט בכלל נישט צו טאָן מיט דער דאָקטרין, נאָר מיטן פאַקט, וואָס זי דערקלערט, מיט דער פאָרמולירונג פון יענער אינעווייניקסטער איבערקערעניש, וואָס איז שוין לאַנג פאָרגעקומען אין דער נשמה פון דעם אינטעליגענטן יידן פון אַ באַשטימטן טיפּ. אַזאַ ייד דאַרף אונדז נישט דערווייזן, אַז ער איז אַ דייטש, אַ רוס אד"גל; גענוג, אַז ער זאָגט אָפן: „איך פיל זיך, ווי אַ דייטש, אַ רוס, וויל איך בין, ווי אַזאַ, דערצויגן". איר קאָנט אַזאַ מענטשן האַלטן פאַר אַן אומנאָרמאַלן פאַרשוין, פאַר אַ נאַציאָנאַלן קריפּל, — אָבער איר דאַרפט גלייבן זיין זעלבסטגעפיל, אויב נאָר איר האָט נישט קיין גרונט חושד צו זיין דאָ אַן אָנשטעל.

לעצטנס טרעפט זיך אַלץ אָפטער דער טיפּ אינטעליגענטער ייד, וואָס אָדער ער וויל, אָדער ער מוז — מחמת דעם אָפּשטויס־כוח פון דרויסן — ווערן אַ נאַציאָנאַלער ייד, אָבער ער קאָן נישט ווערן אַזאַ, ווייל די דער־

ציונג פון דער היים און שול האָט אים געמאַכט פאַר אַ דייטש, רוס, פראַנצויז, און נישט פאַר קיין ייד. די היסטאָרישע ירושהדיקייט און דער שטאַם־אינסטינקט וועקן אין אים אַן אומקלאָרן דראַנג צו דער אייגענער נאַציע, דער אַנטיסעמיטיזם שטויסט אים אַהינצו בגוואַלט, פאַרלייקענענדיק זיין רעכט אויף פאַררעכענען זיך צו דער „אַרישער געזעלשאַפט"; אָבער די באַקומענע דערציונג סוגערירט אים שוין דעם קלאָרן באַוואוסטזיין, אַז מיט די אַרומיקע פעלקער בינדט אים אַ קולטורעלע און גייסטיקע קרובה־שאַפט, און מיטן יידנטום — נאָר עפּעס אומבאַוואוסטזיניקס: בלוט, ראַסע, אומבאַקאַנטער עבר. די דאָזיקע אינעווייניקסטע סתירה רופט אָפּט אַרויס אין דער נשמה אַ טיפן, מער אָדער וויניקער דויערנדיקן פּירוד הלבבות. דער מענטש וואַרפט זיך צווישן „בלוט"־נאַציע און „קולטור"־נאַציע, צווישן דעם אומבאַוואוסטזיניק געירשנטן, און דעם באַוואוסטזיניק צוגעאייגנטן דורך דערציונג. אַזאַ ראַנגלעניש ענדיקט זיך געוויינטלעך לטובת דער „קולטור־נאַציאָנאַליטעט", מחמת דערציונג און קולטור־סביבה איז באמת שטאַרקער, ווי ירושהדיקייט.

דערצויגן אין דייטשן גייסט, איז לובלינסקי צייטווייליק דורך דער אַנטיסעמיטישער כוואַליע אָפּגעוואָרפן געוואָרן אין דער זייט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, און דאָ האָט ער אויסגעקליבן יענע פּאָן, וואָס צייכנט זיך אויס מיט דער גרעסטער עפעקטפולקייט: די פּאָן פון פּאָליטישן ציוניזם; אָבער בקרוב האָט זיך אין אים ווידער אָפּגערופן דער ניט־יידישער גייסט, וואָס איז צוגעאייגנט געוואָרן אַדאַנק דער דערציונג, ער וואַרפט אַוועק דעם ציוניזם און דערקלערט זיך פאַר אַ „שלימותדיקן דייטש". דער צפּלאָמב, מיט וועלכן ער האָט דעם איבערגאַנג געמאַכט, זאָגט עדות גיכער וועגן אַנטשלאָסנקייט, איידער וועגן דער טיפקייט פון זיין נאַטור.

עס מאַכט זיך אָבער, אַז דער פּירוד הלבבות ביי דעם מאָדערנעם יידן לאָזט זיך אויס נישט אַזוי בשלום, נאָר לייגט אַרויף אַ טראַגישן חותם פון צעצווייטקייט אויפן גאַנצן לעבן. אַ מוסטער פון אַזאַ נאַציאָנאַלער צעצווייטקייט האָט אונדז ערשט נישט לאַנג געגעבן — אין זיינע ווערק און אין זיין פּערזענלעכן לעבן — איינער אַ פּרי אויסגעגאַנגענער דייטש־יידישער פּאָעט, לודוויג יאַקאָבאָווסקי.

וועגן יאַקאָבאָווסקין האָט מען אָנגעהויבן רעדן אין דער דייטשער ליטעראַטור נאָך דעם, ווי ער איז געשטאָרבן אין בערלין פון אַ מוח־אָנצינדונג, אין דעצעמבער 1901, אין 32טן יאָר פון זיין לעבן. מע האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז דער מחבר פון ראָמאַן „דער יידישער ווערטער" "Werther der Jude" און פון עטלעכע לידער־זאַמלונגען, אין וועלכע עס האָט זיך געהערט אַ געוויין פון אַ צעבראָכענער, פיל געליטענער נשמה, וואָס רייסט זיך אומזיסט צו גאַנצקייט און גליק. דער העלד פון „יידישן ווערטער" איז אַ פּראָדוקט פון דעם טראַגישן פּירוד הלבבות, וואָס

איז אויפגעקומען ביים דייטשן יידן אונטער דער השפּעה פון דער אַנטי־סעמיטישער רעאַקציע.

דער העלד — אַ זון פון אַ רייכן יידישן סוחר, דערצויגן אין דער היים, ווי אַ „דייטש פון משהס גלויבן", און געלערנט אין אַ דייטשער שול, שפּעטער אַ סטודענט פון בערלינער אוניווערסיטעט, — וואָרפט זיך כסדר צווישן צוויי נאַציאָנאַלע סטיכיעס: די יידישע און די דייטשע. ער וואָלט גערן פאַרגעסן וועגן זיין יידישקייט, מיט וועלכער עס פאַרבינדן אים בלויז קינדערשע זכרונות וועגן אַ סינאַגאָגע, יום־טובים און וועגן דעם נודנעם לערער פון יידישן אלף־בית; ער פילט זיך, ווי אַ דייטש, לויט אַלע סימפּאַטיעס זיינע און שטרעבונגען; אָבער די אַרומיקע קריסטלעכע סביבה דערמאָנט אים אויף יעדן טריט — אַז ער איז אַ ייד. דאָס געליבטע מיידל זיינס, אַ קריסטין, אירע קרובים, חברים־סטודענטן, — אַלע זאָגן אים דירעקט אָדער אומדירעקט: „דו ביסט אונדז פרעמד, דו ביסט אַ שפּראָץ פון אַ שטאַם, וואָס איז אונדז אומסימפּאַטיש, דו קאָנסט נישט זיין קיין עכטער דייטש!" — אַ געוויסע צייט איז אַפילו דער העלד גופא אָנגעשטעקט דורך דער אַרומיקער סביבה מיטן סם פון אַנטיסעמיטיזם: ער קוקט אויף זיך, ווי אויף אַ קרבן, וואָס ליידט פאַר די חטאים פון זיינע אָבות; ער משפּט שאַרף די חסרונות פון דער יידישער פּלוטאָקראַטיע, נישט באַמערקנדיק די מיאוסע זייטן פון דער דייטשער בורזשואַזיע. ער פאַרשעמט זיך אַליין איטלעכס מאָל, ווען ער באַמערקט אין זיך אַ סטיכיש געפיל פון צוגעבונדנקייט צום יידנטום, ווייל ער זעט אין דעם אַ טרויעריקע ראיה, אַז ער האָט זיך נאָך נישט געניגנדיק פאַרדייטשישט. אַמאָל אָבער נעמט אין אים די איבערהאַנט די אַלטע היסטאָרישע ירושהדיקייט, און ווי אַן ענטפער אויף די עצות פון אַ פריינד — וואָס ווינציקער צו קלערן וועגן יידישקייט, — רופט ער אויס: „נישט קלערן וועגן דעם! איז עס דען מעגלעך? גלייך ווי פאַר יעדן היינטצייטיקן יידן, וואָס קוקט מיט אָפענע אויגן אויף דער ברוטאַלער ווירקלעכקייט, קומט נישט אַרויס די דאָזיקע פּראָבלעם אַליין פון זיך, ווי אַ שוואַרצער אומגעהייערער געשפּענסט, אָנגעהויבן פון דעם שטילן יאָמער אין אונדזער האַרץ אויף דער אָפּטריניקייט און אויסגעלאָזט מיט די ווילדע געשרייען "hep-hep!" אויף דער גאַס! ... אַך, ער פאַרשטייט גאָרנישט, וואָס דאָס הייסט זיין אַ ייד! ... זיין אַ ייד מיט אַלע פיבערן פון דער נשמה און מיט יעדן טראָפּן בלוט, און פון דעסטוועגן, אין אַ צווייטן זינען — מיט קיין איין טראָפּן בלוט און מיט קיין איין פיבער פון נשמה!"*). אויסגעפיינט דורך אָט דער נאַציאָנאַלער

*) איך ציטיר לויטן אַרטיקל פון הי' מעלניקאָוו: „סטראַדאַניאַ יעווריסקאָוואָ ווערטערא" (די ליידן פון יידישן ווערטער), „וואָסכאָד", 1901, באַנד 4, ז' 129.

צעצווייטקייט, ענדיקט דער העלד פון „יידישן ווערטער" מיט זעלבסט־מאָרד. די דירעקטע סיבה פון אַט דער טרויעריקער אויפלייזונג איז געווען דאָס אויסשליסן אים דורך די דייטשע „חברים" פון דער סטודענטישער קאָרפּאָראַציע, ווי אַ זון פון אַ יידישן געשעפטסמאַן, וואָס האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין עפּעס קאָמערציעלע ספּעקולאַציעס, דעמאַסקירטע אין די צייטונגען.

„דער יידישער ווערטער" איז דערשינען נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק. און איצט, ווען דער מחבר, יאַקאָבאָווסקי, איז שוין אין קבר, דערוויסן מיר זיך פון זיין ביאָגראַפיע דאָס, וואָס פריער האָט מען זיך געקאָנט נאָר אָנשטויסן, דהיינו — אַז אין זיין העלד האָט ער אַריינגעלייגט זיין אייגענע נשמה, זיינע מחשבות און ראַנגלענישן *). יאַקאָבאָווסקי אַליין האָט זיך כסדר געוואָרפן צווישן יידנטום און „גערמאַנענטום", אָבער אויך אין אים איז די איבערוואָג געווען אויף דער זייט פון לעצטן. אַזוי ווי מורא האָבנדיק, מע זאָל אים נישט חושד זיין אין יידישן נאַציאָנאַליזם, האָט ער אין דער הקדמה צו זיין „ווערטער" געוואָרנט: „אין מיינע בליקן אויף דער יידן־פראַגע בין איך געבליבן דער אייגענער, וואָס געווען; זיי האָבן איינגעהאַלטן די זעלבע ריכטונג: פולע צונויפגיסונג מיטן דייטשן גייסט און דייטשע זיטן". אָפּזאָגנדיק אָט דעם קדיש נאָכן יידישן נאַציאָנאַלן געפיל, וואָס ער האָט געטראָגן אין דער נשמה ווי אַ בר־מינן, ווי אַ שווערן „עול־ירושה", — ווענדט זיך יאַקאָבאָווסקי אין דער אייגענער צייט מיט אַזאַ מין שפּלותדיקן געבעט צום דייטשן פאָלק:

Was giebst du mir, du deutsches Land.
Für meine reichen Gaben?
O schütte mir Liebe in die Hand,
Nur Liebe Mocht ich habem.
O deutsches Land, du schlimmes Land,
Was schenkst du deinen Knaben?
Zum Leben eine Handvoll Sand
Und Sand auch zum Begraben...

(„וואָס גיסטו מיר, דו, דייטשיש לאַנד, פאַר מיינע רייכע געשאַנקען? אָ, גיס אויס מיר ליבע אין דער האַנט, נאָר ליבע דאַרף איך האָבן. אָ, דייטשיש לאַנד, דו שלעכט לאַנד, וואָס שענקסטו דיינע קינדער? ביים לעבן אַ הויפן זאַמד, און זאַמד אויך צום באַגראָבן..." — איב.).

*) Dr. Th Lessing. Ludwig Jakubowski. "Ost und West" 1901, Nr. 8

כעני בפסח שטייט דער יידישער פּאָעט און בעטלט אוים ליבע ביי דער פרעמדער נאַציע, וואָס שטויסט אים אָפּ, און ער פילט נישט, משמעות, די גאַנצע שפלות פון אזא בעטלעריי. פאַרוואָס זשע איז ער געגאַנגען מיט זיין ליבע צו פרעמדע, און נישט צו אייגענע, צו ברידער? פאַרוואָס זשע האָט ער זיך אזוי געצערטלט צו אַ בייזער שטיפמאַמע, און ניט צו דער לייבלעכער מוטער? פאַרוואָס ציט עס אים צו די שטאַרקע, צו די טריומפירנדיקע, און נישט צו די מיליאָנען אומגליקלעכע ברידער זיינע, ביי וועלכע ער וואָלט נישט באַדאַרפט אויסבעטלען די קעגנזייטיקייט? — דערפאַר ווייל צווישן יאַקאָבאָווסקין און זיין „בלוט־נאַציע" איז געשטאַנען די „קולטור־נאַציע", וואָס איז אים אויפגעצוואונגען געוואָרן דורך דעם דייטשן לעבן און דורך דער שול. פון דער קינדהייט אָן האָט ער גערעדט, געטראַכט, געלייענט און געשריבן אויף דייטש, ער האָט געקאָנט און ליב געהאַט בלויז די דייטשע ליטעראַטור, האָט זיך דערצויגן אויף דייטשע אידעאַלן, אין דער צייט ווען מכוח דער יידישער ליטעראַטור און געשיכטע, וועגן די גרויסע אידעאַלן פון יידנטום פון אמאָל און פון היינט האָט ער געהאַט די סאַמע פאַרנעפּלטע פאָרשטעלונג. בינו לבינו האָט די נייע „קולטור־נאַציע" אָפּגעשטויסן די ליבע פון דעם יידן, האַלטנדיק אים פאַר אַ גליד פון אַן אַנדער נאַציע, וועלע ער האָט נישט אָנערקענט. דער טראַגיזם פון „יידישן ווערטער" איז אין דעם, וואָס ער איז — אַ פאַראַכטעטער שטיפזון אין אַ פרעמדער משפּחה, בעת ער וואָלט געקאָנט זיין אַ געליבטער זון אין דער אייגענער, דורך אים פאַרלאָזטער היים. אַזעלכע „אָפּגעבראָכענע צווייגן" זענען ביי אונדז דאָ אָן אַ שיער, אין אַלע לענדער און אין אַלע לעבנס־ספערעס.

די דערציונג פון דעם דור, צו וועלכן עס באַלאַנגען די יאַקאָבאָווסקים און די לובלינסקים, איז זיך צונויפגעפאַלן מיט דער בלי־תקופה פון אַנטי־סעמיטיזם אין אייראָפּע, דערמיט דערקלערט זיך דער כאַראַקטעריסטישער פאַר אַזוינע מענטשן פּירוד הלבבות און דאָס צייטווייליקע, מער אָדער ווייניקער פּיינלעכע, וואַקלען זיך צווישן דער יידישער נאַציע און די אַנדערע. פריער אָבער איז דער אַסימילאַציע־פּראָצעס פאָרגעקומען אויפן מערב אין באַדינגונגען מער גינציקע פאַר אים, און ער האָט באַוויזן איבערצולאָזן אַ שטאַרקן שפּור אין לעבן פון פריערדיקע צוויי אָדער דריי דורות. יענע יידן, וואָס זענען אויפגעוואַקסן געוואָרן און געקריגן זייער ניט־יידישע דערציונג אין דער פריערדיקער עפּאָכע, ביזן „מבול" פון אַנטיסעמיטיזם, האָבן זיך ס'רוב באַפרייט פון דעם טראַגישן נאַציאָנאַלן דואַליזם פון דער מאָדערנער יידישער יוגנט*). ביי זיי האָט זיך שוין לאַנג געשאַפן און גע־

* זיכער, אָהער געהערן נישט די, וואָס ביזן מאָמענט פון אַסימילאַ־ציע אין דער פריער יוגנט, האָבן זיי באַקומען אַ יידישע דערציונג, אָדער

שטאַרקט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל פון יענע פעלקער, אין וועמעס שולן זיי האָבן געקריגן זייער דערציונג, און זיי האָבן לגמרי אָנגעוואָרן דעם אינ־טערעס צום יידנטום.

אַ ראיה דערצו האָט אונדז ערשט נישט לאַנג צוגעשטעלט דער באַ־וואוסטער „דענישער" קריטיקער, געאָרג בראַנדעס. בערך דרייסיק יאָר אַרבעט שוין בראַנדעס אויפן געביט פון ליטעראַטור־קריטיק, דרייסיק יאָר געניסט ער פון אַלאייראָפּעישער באַרימטקייט, ער לייענט לעקציעס און דרוקט ביכער וועגן פאַרשיידענע אייראָפּעישע ליטעראַטורן, נישט זעלטן אפילו וועגן צווייטראַנגיקע, נעמט אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דענעמאַרק, — און פאַר דער גאַנצער צייט האָט ער מיט קיין זאַך נישט באַקענט זיך צו זיין יידישער אָפּשטאַמונג, נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן אינטערעס צום יידישן לעבן און צו יידישער ליטעראַטור. נאָך ערגער: ער האָט אפילו נישט געוואוסט, אַז עס עקזיסטירט אַ ניי־יידישע ליטעראַטור. און ווען דאָ נישט לאַנג האָט אים זיין מיטשמועסער, דער בול־גאַרישער רב ד"ר ערענפּרייז, אַנטפּלעקט, אַז אַזאַ מין ליטעראַטור איז פאַראַן — האָט בראַנדעס אויסגעדריקט העכסטע שטוינונג**). בראַנדעס, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט אַזוי פיל אַלטע און נייע שפּראַכן, קאָן נישט, זעט אויס, די יידישע שפּראַך, דאָס לשון פון זיינע אָבות, אויף וועלכן עס זענען אָנגעשריבן די עלטסטע אוניווערסאַלע שאַפונגען פון מענטש־לעכן שכל. עס זענען אים לחלוטין פרעמד די יידישע נאַציאָנאַליטעט, איר אַמאָל און היינט, אירע זאָרגן און צרות. וואָס שייך דעם, איז דער אויבן דערמאָנטער שמועס פון בראַנדעסן מיטן ד"ר ערענפּרייז זייער באַ־

זענען אויסגעוואַקסן אין אַ פּאַטריאַרכאַלער יידישער סביבה, וואָס האָט ביי זיי איבערגעלאָזט אַ דויערנדיקן איינדרוק אויפן גאַנצן לעבן. פון דער דאָ־זיקער גרופּע האָט אַ טייל פון זיי דער אַנטיסעמיטיזם דערנאָך אומגעקערט צום יידנטום און אַנדערע וואָלט ער אויך געקאָנט אומקערן, אויב זיי וואָלטן געלעבט לענגער. אַזוי למשל, האָט בערטאָלד אויערבאַך, געטראָפן פון די ערשטע אויסברוכן פון אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד, מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט אויף זיין טויטנבעט: „אָט אַזוי וועסטו אָפּאַרבעטן אַ גאַנץ לעבן, ווי אַ דייטש, און וועסט צוטראָגן דיין (ד"ה דעם דייטשישן) פאָלק אַ גאַנצן שיכט קולטור, און ביים סוף וועט מען דיר זאָגן: „גיי, ייד, נישט דאָ איז דיין אָרט"! אין אָט דער שפּעטער חרטה זעט מען שוין אַן אָפּ־גלאַנץ פון יידישן באַוואוסטזיין, וואָס אויערבאַך האָט פאַרלוירן אין דער צווייטער העלפט פון זיין לעבן און וואָס האָט זיך צו אים אומגעקערט ערשט פאַרן טויט. אָט דאָס ווידערגעבוירענע יידישע באַוואוסטזיין האָט דערנאָך אַ סך אַזעלכע געבראַכט אין די רייען פון קעמפער פאַר דער יידי־שער פאָלקסזאַך (אין דער נייסטער צייט — ד"ר פינסקער, נאָרדוי, הערצל אד"גל).

*) זע „וואָסכאָד", 1901, נרי 58.

לערנדיק. אַרויסזאָגנדיק זיך נעגאַטיוו וועגן ציוניזם ווי אַ פּאָליטישע באַוועגונג, וואָס איז נישט צום פּאַרווירקלעכן ביי דער איצטיקער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, האָט בראַנדעס אָנערקענט ווי דאָס איינציק ווערטיקע אין ציוניזם — זיין גייסטיק-נאַציאָנאַלן עלעמענט, אָבער אָנערקענט האָט ער עס, ווי אַ לחלוטין זייטיקער מענטש, ווי אַ ניט-ייִד. אויף דער באַמערקונג, אַז די נייע באַוועגונג „וועט אומקערן די ייִדן זייער גייסטיק היימלאַנד, וועט געבן אַ תוכן זייער נאַציאָנאַלן לעבן, וועט ווידעראויפלעבן זייער שפּראַך און אייגנאַרטיקע היסטאָרישע קולטור" — האָט בראַנדעס געענטפערט: „אָט דאָס איז באמת אַ גרויסע אידעע, אָבער איך פאַרשטיי אין איר גאָרנישט. איך בין — אַ דענער, און איך וועל קיינעם נישט דערלויבן צו נעגירן מיין רעכט זיך צו האַלטן פאַר אַזעלכן. מיין גאַנץ לעבן האָב איך מיט בלוט פון האַרצן געשריבן און געמיט זיך פאַר דער פרייהייט פון דענעמאַרק, לטובת זיין פּראָגרעס, און איך וועל זיך מיען ביזן לעצטן אָטעם-צי".

צי האָט בראַנדעס געפילט, וויפל טראַגיזם עס איז דאָ אין אָט דער פייערלעכער דעקלאַראַציע? אַ ספק. אונדז שאָקירט דער שטאָלצער טאָן, מיט וועלכן עס רעדט זיך דאָ וועגן אָפּטרינניקייט פון דער אייגענער נאַציע. אַ מענטש דערלאָזט טעאָרעטיש די „גרויסקייט" פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע, אָבער אים פּערזענלעך גייט עס אין גאַנצן נישט אָן, וואָרעם ער דינט בראשו וברובו דער דענישער נאַציאָנאַליטעט, וועגן וואָס ער דערקלערט טאַקע מיט „איידעלער התלהבות". ער, געאָרג-מאָריס קאָהען, אַן אָפּשטאַמלער פון די יהודהשע כוהנים, האַלט פאַר זיין הייליקן חוב „צו מיען זיך ביזן לעצטן אָטעם-צי לטובת דער פרייהייט און פּראָגרעס פון דענעמאַרק", וואָס האָט אויך אָן אים גענוג ענערגישע פּאַרטייִדיקער און אַרבעטער; ער פילט נישט קיין שום באַדערפעניש צו „שרייבן מיט בלוט פון האַרצן" און צו מיען זיך פאַרן וואויל פון זיין „בלוט-נאַציע", דער אומגליקלעכסטער אויף דער וועלט, דער אומעטום געיאָגטער און געפּלאָגטער, אָבער היסטאָריש — אַ גרויסער, אַ פּולער מיט לעבן און דראַנג צו ווידעראויפלעבונג. ער האַלט עס ווי אַ באַזונדערן כבוד פאַר זיך צו דינען דעם — פאַרהעלטעגישמעסיק — גליקלעכן, שטאַרקן און רויִקן דענעמאַרק, און הערט נישט אין זיין נשמה דעם מאָראַלישן אימפּעראַטיוו, וואָס וואָלט אים אָנגעזאָגט, אַז מערער כבוד און רום פאַרדינט דער, וואָס דינט דעם שוואַכן און שוצלאָזן.

מע וואָלט געקאָנט אויפגעבראַכט ווערן פון דער באַציונג מצד די ייִדן פון טיפּ בראַנדעס צום ייִדנטום, ווען זי וואָלט געווען אַ פּועל-יוצא בלויז פון בייזן ווילן. אָבער אין אַזעלכע פאַלן שפּילט אַ סך אַ גרעסערע ראָליע דער פאַטאַלער מוז, וואָס דרינגט אַרויס פון די אומשטענדן פון דערציונג, סביבה און עפּאָכע. מיר קאָנען נישט די פּרטים פון בראַנדעסעס ביאָגראַ-

פיע, ס׳וועט אָבער זיין קרוב לאמת צו זאָגן, אַז ער געהערט צו דעם מין יידן, וועלכע האָבן זיך דערצויגן און געקריגן זייער בילדונג מחוץ דער יידישער קולטור־אַטמאָספערע. אויסגעוואַקסן אין דער השכלה־הקופה, וואָס איז געקומען נאָך דעם יאָר 1848, זענען די דאָזיקע מענטשן געווען עדות פון דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון יידישע אידעאַלן אין מערב־אייראָפּע. זיי זענען פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די שטורמישע אַלגעמיין־אייראָפּעישע שטרעמונגען: זיי האָבן געקעמפט, ווי געוויינלעכע זעלנער אָדער ווי פירער, אונטער כל המינים פענער, — אָבער נאָר נישט אונטער קיין יידישער. ווען אָבער עס האָט זיך באַוויזן דער אַנטיסעמיטיזם און זיי דערמאָנט וועגן דער עקזיסטענץ פון זייער אייגענער נאַציע, האָט זיך דער רוב זייערער אַרויסגעוויזן אַזוי אָפּגעפרעמדט שוין פון אָט דער נאַציע, אַז זיי האָבן שוין נישט געקאָנט זיך שטעלן אין דער מחנה פון אירע קעמפער. דאָס האַרץ זייערס איז געווען פול מיט אַן אַנדערן פּאַטריאָטיזם, דער שכל — מיט אַנדערע אידעאַלן, און דאָס וואָס האָט באַדאַרפט אַרויסקומען ביי זיי ווי אַ נאַטירלעך געפיל, איז איצט געוואָרן פאַר זיי אַ מאָראַלישע פאַרגע־וואַלטיקונג.

הייסט עס, אַז חוץ די יידן, וואָס ווילן נישט זיין קיין יידן, האַלטנדיק, אַז עס איז באַקוועמער אָדער עס לוינט זיך מערער „צוצושרייבן זיך״ צו אַנדערע נאַציעס, — איז נאָך דאָ אַ היפּשע קאַטעגאָריע יחידים, וואָס קאָנען נישט זיין קיין יידן, ווייל די דערציונג האָט איינגעוואָרצלט אין זיי גאָר אַנדערע נאַציאָנאַלע געפילן. אָט דער אויספּיר איז אויבן דערקלערט געוואָרן מיט ביישפּילן פון מערב־אייראָפּעישן לעבן; אָבער פּונקט אַזאַ דערשיינונג לאָזט זיך מערקן, הגם אין אַ קלענערן מאַסשטאַב, ביי די רו־סישע יידן. דאָ, פּונקט ווי אויפן מערב, האָט זיך דער דענאַציאָנאַליזאַציע־פּראָצעס פון דער דערציונג אָנגעהויבן פון הויכע פראַזן וועגן „אַלמענטש־לעכער בילדונג״. די נעאָפיטן פון „אויפקלערונג״ האָבן נישט פאַרשטאַ־נען, אַז אַלגעמיין־מענטשלעכע דערציונג איז נישט מער ווי אַן אַבסטראַק־ציע, וואָס אין דער ווירקלעכקייט גיסט זי זיך אויס אין אַזאַ אָדער אַנ־דערער נאַציאָנאַלער פאָרם, אָפּהענגיק פון דער שפּראַך און פּראָגראַם פון דער שול. אגב, זענען זיי נישט געווען אויף אַזוי פיל נאַיוו צו זוכן אַ נישט עקזיסטירנדיקע „אַלגעמיין־מענטשלעכע שול״: פאַרוואַרפנדיק די יידישע שול, אָנשטאָט זי צו רעפאָרמירן, זענען זיי גלייך אַוועק אין דער רוסישער, דאָס הייסט, זיי האָבן פאַרביטן די אייגענע נאַציאָנאַלע שול אויף אַ פרעמדער, אויך אַ נאַציאָנאַלער. פון דאַנען האָט זיך אָנגעהויבן דער גאַנג צו פאַררוסישונג. אויף דעם דרך איז שוין ביי אונדז אויסגעוואַקסן דער צווייטער דור אינטעליגענץ. דער ערשטער דור, די „מענטשן פון די 60־ער יאָרן״, האָבן קינדווייז זיך דערצויגן אין דער יידישער שול און, אונטער דער השפעה פון די באַקאַנטע „ווינטן״, האָבן זיי באַוואוסטזיניק

אָנגענומען די אַסימילאַציע, ברענגענדיק, אין אַ קלענערער אָדער גרעסע־רער מאָס, פאַר אַ קרבן די אייגענע נאַציאָנאַלע אידעאַלן. די קינדער זיי־ערע האָבן די דאָזיקע פּיאָנערן פון דער נייער אויפקלערונג לכתחילה גע־געבן אַלגעמיינע בילדונג אין דער רוסישער שול — און אַזוי אַרום איז אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער יוגנט אָפּגעריסן געוואָרן פון אַלע מקורים פון אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור — פון דער יידישער שפּראַך, ליטעראַטור, יידישקייט.

אויך נאָך איצט קערן זיך די אַסימילאַטאָרן־„טאַטעס" אָפּט אום צום נאַציאָנאַלן יידנטום, אונטער דער השפּעה פון די נייע שטרעמונגען, וואָס האָבן אין זייערע הערצער אויפגעוועקט „פאַרגעסענע ווערטער" פון דער קינדהייט אָדער יוגנט; אָבער די אַסימילירטע „קינדער" קאָנען נישט בשלמות זיך דורכדרינגען מיטן יידישן נאַציאָנאַלן געפיל, וואָס מע האָט זיי אין דער קינדהייט נישט אַריינגעפלאַנצט, — זיי קאָנען נישט, נישט גע־קוקט דערויף, וואָס אַמאָל ווילן זיי דאָס, צוליב רחמנות אויף זייער גע־רודפטן פאָלק, אָדער גאָר ווייל זיי ווערן בגעוואַלט אַריינגעשטופּט צוריק אין אָט דעם פאָלק, אונטערן דרוק פון דער יודאָפאָביע. ווען עמעצער אַ פאַר־שטייער פון אָט דעם דור וואָלט געוואָלט אָפּנהאַרציק זיך מתוודה זיין פאַר אונדז, וואָלטן מיר דערהערט אַזאַ מין ווידוי:

„איר פאָדערט פון מיר יידישן נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין. אָבער פון וואַנעט זאָל ער זיך נעמען צו מיר? איך בין אויסגעוואַקסן אין אַ מאָדערנער משפּחה, וואו מע האָט בכלל וועגן יידישקייט נישט גערעדט, אָדער מע האָט גערעדט, ווי וועגן עפּעס אָפּגעלעבטס. מע האָט אין מיר איינגעפלאַנצט די דעה, אַז נאָר די יידישע „פינצטערע מאַסע" האַלט זיך, מחמת אָפּגעשטאַנענקייט, ביי איר פאָלקישקייט; אָבער די געבילדעטע יידן — זיי גיסן זיך צונויף מיט דער הערשנדיקער נאַציע. מיינע עלטערן, ווי פריידענקענדיקע מענטשן, האָבן מיר אויך נישט געגעבן קיין רעליגיעזע דערציונג, פאַרקערט, פון קינדווייז אויף האָב איך זיך דערצויגן אין גייסט פון אַן אַנדער נאַציע. די אומגאַנג־שפּראַך מיינע איז געווען רוסיש, דאָס ערשטע איבערגעלייענטע בוך איז געווען אַ רוסישס; די אָנהייב־און מיטל־שול האָבן מיך דערצויגן אין רוסישן גייסט. איך האָב גוט געקענט די פּאָעזיע פון פּושקינען, איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין השגה וועגן דער פּאָעזיע פון תהילים, שיר השירים, יהודה הלוי און וועגן די שאַפונגען פון דער ניי־יידישער ליטעראַטור. ווען איך האָב זיך שפּעטער באַקאַנט מיט דעם פּעסימיזם פון שאָפּענהויערן און מיטן סקעפּטיציזם פון רענאַנען, האָב איך נאָך גאָרנישט געוואוסט וועגן דעם פּעסימיזם פון „איוב" און סקעפּטיציזם פון „קהלת". איך האָב געלייענט אין אָריגינאַלן די פּאָעמעס פון האָמערן און ווירגיליוסן און פּלאַטאָנס דיאַלאָגן, נישט האָבנדיקן קיין השגה וועגן מאַיעסטעטישן עפּאָס פון „בראשית" און וועגן די באַגייס־

טערטע שאַפונגען פון ישעיהו און ירמיהו, וועלכע זענען אָנגעשריבן אויף דעם לשון פון די אָבות, וואָס איז מיר אומבאַקאַנט. איך האָב געקאָנט די געשיכטע פון אַ סך פעלקער און אמונות — חוץ געשיכטע פון יידישן פאָלק און פון יהדות. מכוח סאָציאַלער גלייכהייט און יושר האָב איך דערהערט צום ערשטן מאָל נישט פון די אייגענע נביאים פון תנך, נאָר פון די היינט־ציטיקע פובליציסטן. איך האָב דערלערנט פאַרשיידענע פילאָסאָפישע און עטישע סיסטעמען — חוץ די, וואָס זענען אַ פּראָדוקט פון דעם בילדורות־דיקן גייסטיקן שאַפן פון יידישן פאָלק. די יידישע שפּראַך און די יידישע ליטעראַטור זענען מיר אומצוטריטלעך געווען, אגב, האָט זיך מיר אויס־געוויזן, אַז זיי זענען נישט ראווי שטודירט צו ווערן. נאָך מער: איך קאָן אויך נישט די אומגאַנג־שפּראַך פון דער יידישער מאַסע, יענעם „זשאַר־גאָן", וועלכן מע האָט מיך געלערנט צו פאַראַכטן, און אַזוי אַרום האָב איך אפילו נישט קיין מעגלעכקייט צונויפצוטרעדן זיך מיט אַ פשוטן יידן אויף זיין שפּראַך. אַלע מיינע גייסטיקע און קולטור־אידעאַלן זענען פאַר־בונדן מיט דער רוסישער געזעלשאַפטלעכקייט, מיט דער רוסישער ליטע־ראַטור. אַלצדינג ציט מיך צו מיין „קולטור־נאַציע", און גאָרנישט בינדט מיך נישט מיט מיין „בלוט־נאַציע", חוץ אַן אומקלאָרן ראַסן־אינסטינקט און אַן אומבאַוואוסטזיניקער היסטאָרישער ירושהדיקייט, און נאָך — דער אַלצאיינער סאָציאַלער מצב. צום יידנטום בין איך צוגעשמידט מיט דער קייט פון רעכטלאָזיקייט, צו דער רוסישער געזעלשאַפט ציען מיך די קול־טור־סימפּאַטיעס און געוואוינהייטן".

אָט דער „ווידוי פון אַ דור־זון" וואָלט אויך געקאָנט זיין דער ווידוי פון אַ „דור־טאָכטער", מיט נאָך טרויעריקערע וואַריאַנטן, ווייל די דער־ציונג פון יידישע טעכטער אין נאַציאָנאַלן זינען איז נאָך אומגעלומפּערטער, ווי די דערציונג פון די זין... אָבער אפילו דאָרט, וואו די קינדער האָבן אין די יונגע יאָרן געגאַשט — אין דער היים אָדער אין דער אָנהייב־שול — ברעקלעך יידישע קענטעניש אין שפּראַך, תנך אָדער געשיכטע, פלעגן זיך אָט די ברעקלעך ידיעות אויסוועפּן בשעת דעם פאַרברענגען אין דער מי־טעלער און העכערער שול פאַר אַלגעמיינער בילדונג, — און דאָס בילד פון דער באַציונג פון די „קינדער" צו דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור באַקומט זיך דאָס אייגענע, דאָס געוויינטלעכע... און שווידערנדיקע מיט איר געוויינטלעכקייט. דער פּסוק פון תנך: „די זין דיינע און טעכטער זענען איבערגעגעבן געוואָרן צו אַן אַנדער פאָלק" — איז אין גאַנצן מקוים גע־וואָרן אין קולטור־לעבן פון אונדזערע געבילדעטע קלאַסן. וואָס עס פילן דערביי די „טאַטעס", די מער אָדער ווינציקער נאַציאָנאַלער געשטימטע — דאָס וואָלט נאָר אַ גרויסער קינסטלער, אַ שטייגער־שילדערער געקאָנט אָפּ־מאָלן. עס קומט זיי אויס צו זען אויף יעדן שריט, ווי די „קינדער" גייען פאַרביי מיט ביטול די אַלע אוצרות פון זייער נאַציאָנאַלער קולטור. עס

איז נישטאָ קיין גרעסערע פּיין, ווי צוצוזען דאָס אָפּשטאַרבן פון די אייגענע נאַציאָנאַלע אידעאַלן אין די אייגענע קינדער טאַקע, ווי דאָס פילן, אַז מיט דיר רייסט זיך איבער אַ קייט פון דורות, וואָס האָבן געשפּינט אַ פילדורותדיקע רומפולע געשיכטע...

צי איז מעגלעך אָפּצושטעלן דעם דאָזיקן דעגענעראַציע־פּראָצעס פון אַ גרויסער נאַציע? מע דאַרף זיך ווענדן צום מקור פון דער חולאת. דער מקור איז — אין דער נשמה־צעצווייטקייט פון דעם היינטצייטיקן יידן, וואָס איז אַ פּועל יוצא אָדער פון פולשטענדיקן מאַנגל אין יידישער נאַציאָנאַלער דערציונג אָדער פון איר אומגעניגנדיקייט, בעת עס זענען יאָ דאָ יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. דאָס גאַנצע בייז נעמט זיך דערפון, וואָס פאַר דעם יידן, וועלכער איז דערצויגן מחוץ דער אייגענער נאַציאָנאַלער סביבה, איז בלוט (אָדער ראַסע)־נאַציע — איין זאַך, און קולטור־נאַציע — אַ צווייטע, און די לעצטע דערדריקט די ערשטע.

ווי אַזוי באַזייטיקט מען אָט די שוידערלעכע צעצווייטקייט? — דער אויספיר איז אַ קלאָרער:

מע דאַרף, ווי ווייט מעגלעך, באַזייטיקן דעם אַנטאַגאָניזם צווישן די ראַסע־און קולטור־עלעמענטן פון נאַציאָנאַליטעט — אַז אַנטאַגאָניזם, גע שאַפן אין דעם יידן דורך דער נייער דערציונג. מע דאַרף דאָס יידישע יינגל און מיידל לערנען אַזוי, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל פאַר זיי זיין נישט בלויז אַ בלוט־נאַציע, נאָר אויך אַ קולטור־נאַציע; מע דאַרף זיי געבן די מעגלעכקייט — ווי עס איז ביי קינדער פון אַנדערע פעלקער — אויפצונעמען דאָס אַלמענטשלעכע דורך דעם נאַציאָנאַלן, מאַכן פאַר זיי יידישקייט פאַר דעם נאָענטסטן קוואַל פון קולטור־אינטערעסן, פאַר דעם מיטלפונקט פון סאָציאַלע און גייסטיקע אידעאַלן.

די דערציונג האָט די יוגנט געמאַכט אויס יידישע — איצט דאַרף מען זי צוריק פאַריידישן. די שול איז פאַר אונדז לעצטנס געווען אַ ווערקצייג פון דענאַציאָנאַליזאַציע, איצט דאַרף זי ווערן, וויפל עס איז נאָר צו דערגרייכן, אַ ווערקצייג פון נאַציאָנאַליזאַציע, דערפילנדיק צוגלייך אירע אַלגעמיינע דערציערישע אויפגאַבן. עס שטייט אונדז פאַר אַ גרינטלעכע רעפאָרם פון גאַנצן לערן־סיסטעם. די פראַגע מכוח אַ רעפאָרם פון דער שול־דערציונג ווערט אויפגעהויבן אַלעמאָל, ווען אַ פאָלק לעבט איבער אַ קולטור־קריזיס, ווען עס קומט אים אויס צו טראַכטן וועגן באַפעסטיקן די הויפּט־יסודות פון זיין נאַציאָנאַלן לעבן. אויך מיר לעבן איצט איבער אַזאַ קריטישן מאָמענט. מיר מוזן באַפעסטיקן דעם צעטרייסלטן פונדאַמענט פון אונדזער נאַציאָנאַלן בנין — די דערציונג פון קינדער — אנישט ריזיקירן מיר צו פאַרלירן לחלוטין די נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ, וואָס זי דיספּאָנירט מיט אַלע כלי־זין פון דער מאָדערנער קולטור צום קאַמף פאַר אונדזערע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט.

איז מעגלעך אַ גרינטלעכע שול־רעפאָרם, און אין וואָס פאַר אַ פאָרנעם לאָזט זי זיך דערגרייכן?

אויף דער ערשטער פראַגע קאָן מען ענטפערן פּאָזיטיוו, ווייל די אַל־געמיינע ריכטונג פון דערציונג — לכל הפּחות פון דער עלעמענטאַרער — איז געווענדט אין דעם פאָלקסווילן; און אויף וויפל די גאַנצע באַנייונג פון אונדזער לעבן איז אָפּהענגיק פון אָנשטרענגען דעם פאָלקסווילן, פּונקט אויף אַזוי פיל איז דאָס דער תּנאַי פון אַ פולער אָדער טיילווייזער דערציונג־רעפאָרם. וואָס שייך דעם, אין וואָסער פאָרנעם קאָן מקוים ווערן די אידעע פון נאַציאָנאַלער דערציונג, איז עס איז איצטיקן מאָמענט געווענדט אין דער מדרגה פון דער אינעווייניקסטער אויטאָנאָמיע, וואָס שטייט היינט פון דעסטוועגן, ווי שוואַך די אויטאָנאָמיע זאָל ניט זיין אין אייניקע לענדער (גאַנץ אָפּט צוליב דער שולד פון די יידן גופא, וואָס האָבן זיך אונטער־געגעבן דער אַסימילאַציע), אָבער אומעטום בלייבט נאָך איבער גענוג רוים צו פאַרווירקלעכן די אידעע פון נאַציאָנאַלער דערציונג אין אַזאַ אָדער אַנדער פאָרם. מיר ווייסן אַלע אויסגעצייכנט, וואָסערע פאָרמעלע מניעות עס קאָנען פּאַראַליזירן די פּעולות פון אונדזערע אָנשטרענגונגען אין אָט דער ריכטונג, מיר ווייסן וועגן דער אומפאַרמיידלעכער שטאַרקער קאָנקור־רענץ פון דער ניט־יידישער שול. און דאָך דערוועגן מיר זיך צו באַהויפּטן, אַז עס בלייבט נאָך אין אונדזער לעבן גענוג אָרט פאַר נאַציאָנאַלער דער־ציונג און פאַר אַ נאַציאָנאַלער שול, אַז מיר קאָנען נאָך אַ סך אויפטאָן נישט בלויז אין פּאָזיטיוון זינען, נאָר אויך אין נעגאַטיוון — אין פרט פון אָפּ־שוואַכן יענעם שאָדן, וואָס עס טוען אָן אונדזער פאָלקסגייסט די פרעמדע שול־השפּעות.

ווי אַזוי זשע רעפאָרמירט מען די יידישע שול? איך וועל נישט באַרירן די פּראַקטישע לייזונג פון דער פראַגע אין מערב־אייראָפּע און אַמעריקע, איבערלאָזנדיק עס די פּובליציסטן, וואָס זענען מער באַקאַנט מיט דער זאַכלאַגע אין יענע ערטער. איינס קאָן מען יאָ זאָגן מיט זיכערקייט: אַז אין יענע יידישע קרייזן פון מערב, וואו דער נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַ־וואוסטזיין איז אָדער נאָך נישט אויסגעלאָשן אָדער ער לעבט איצט אויף צוריק, — דאָרט איז דאָ די פולע מעגלעכקייט צו נאַציאָנאַליזירן די שול אויף אַ גענוג ברייטן פאָרנעם. איך רעד שוין נישט וועגן אַמעריקע, וואו די שול איז פריי פון יעדער אַדמיניסטראַטיווער אַפּוטרופּסות, און וואו עס איז נישט שווער צו שאַפן אַן אויטאָנאָמען דעפּאַרטאַמענט פאַר יידישער פאָלקסבילדונג. אָבער אפילו אין דער אַלטער אייראָפּע קאָן מען נאָך אַ סך אויפטאָן אין דעם ענין. קיינער שטערט נישט די דייטשע און פראַנצויזישע יידן, זאָל זיין אין גבול פון דער קהילה־אויטאָנאָמיע, וואָס מע האָט זיי געגעבן, צו פאַרשטאַרקן דאָס לערנען יידישע לימודים (שפּראַך, ליטעראַ־טור, יודאַיזם) אין זייערע Gemeindeschulen און קאָנסיסטאָריע־

שולן, צו גרינדן אייגענע באַזונדערע מיטעלע און הויכשולן, בכלל — דער־ציען און לערנען די יוגנט אין נאַציאָנאַלן גייסט. די מערבדיקע יידן דאַרפן נאָר װעלן — און אַ נאַציאָנאַלע שול, אויף אַזאַ אָדער אַנדער מדרגה, װעט ביי זיי זיין. און כדי אַזאַ װילן זאָל אויפקומען, איז נייטיק, אַז דער פּראָצעס פון אומקערן זיך צום פאָלק, װאָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די געזינטערע שיכטן פון מערב־יידנטום, זאָל אַריינדרינגען טיפער אין די אינדיפערענטע מאַסן.

אַן אַנדער מעשה — די רוסישע יידן. דאָ איז שוין נישט גענוג גוטער װילן אַליין, און אפילו נישט נאַציאָנאַלע שטימונגען פון ברייטע מאַסן; דאָ מוז מען זיך רעכענען מיט די אויסנעמלעך שװערע אומשטענדן סיי פון אַלגעמיין־בירגערלעכן סיי פון יידישן לעבן. איז נעמענדיק אין באַטראַכט אַט די אַלע באַדינגונגען, װעל איך פּרוּװן פאָרצושטעלן אַן אַלגעמיינעם פּלאַן פון רעפאָרמירן אונדזער שול־דערציונג, נישט אַרויסגייענדיק מחוץ דעם גבול פון דעם מעגלעכן.

אונדזער אַלטע שול — דער חדר און די ישיבה — פלעגן דערציען בלויז דעם ייד, און נישט דעם מענטש, אגב, דעם „ייד" פלעגט זי אויך דערציען גאָר איינזייטיק, װירקנדיק נאָר אויף זיין רעליגיעזן געפיל אָדער רעליגיעזן דענקען. די נייע אַלגעמיין־בילדנדיקע שול, להיפך, פאַרגעסט לגמרי װעגן „יידן" און דערציט בלויז דעם „מענטשן", ד"ה, פאַקטיש אַ רוס, אַ פּאָליאַק אָדער אַ דייטש, עס װענדט זיך, װאָסער גייסט און װאָסער שפּראַך עס הערשט אין דער געגעבענער שול. אַזאַ איז דער טעזיס און אַזאַ איז זיין אַנטיטעזיס. דער סינטעז בעט זיך אָן פון זיך גופא: אַ גלייכצייטיקע דערציונג אי פון „מענטש" אי פון „ייד". די הומאַניזאַציע פון דער אַלטער שול און די נאַציאָנאַליזאַציע פון דער נייער — אַט דאָס איז די טאָפּלטע פּראַקטישע אויפגאַבע פאַרן איצטיקן מאָמענט. די שול דאַרף גרייטן די קינדער צו אַ באַזיניקטן קאַמף סיי פאַר זייער פּערזענלעכן סיי פאַר זייער נאַציאָנאַלן איך, װאָרעם אין לעבן פון יידן איז דער קאַמף פאַרן ערשטן ענג פאַרבונדן מיטן קאַמף פאַר צװייטן: די װעלט, װאָס איז צו אונדז פיינטלעך, רודפט אונדז נישט בלויז װי יחידים, װעלכע קומען מיט זיי אין אַ צוזאַמענשטויס אויפן באָדן פון פּערזענלעכע אינטערעסן, נאָר אויך װי גלידער פון אַ געװיסער נאַציע.

מיר מוזן האָבן אַן אַלגעמיינע בילדונג, װאָס איז באַהויכט מיט אַ באַשטימטן מאָראַלישן און געזעלשאַפטלעכן אידעאַל, — און אין איצטיקן מאָמענט קאָן קיין זאַך נישט אַזוי פיין מאַכן דעם גייסט פון אונדזער יוגנט, װי דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעאַל, װאָס זאָגט אים אונטער, אַז עס איז בעסער צו דינען דעם אייגענעם גערודפטן פאָלק און קעמפן פאַר זיין פרייהייט, איידער צוצושטיין צו אַ פרעמדן שטאַרקן פאָלק און דער־מיט פאַרזיכערן נאָר זיך אַליין אַ רואיקע עקזיסטענץ. בילדונג אָן אַזאַ

אידעאַל גיט דעם תלמיד וויסן, קענטעניש, אַנטוויקלונג פון שכל, קולטור־רעלע זיטן, אָבער זי אַנטוויקלט נישט אין אים נישט קיין גזעלשאַפטלעכע נישט קיין מאָראַלישע עמאָציעס, אָדער זי אַנטוויקלט זיי אין אַזאַ ריכטונג, וואָס וועט אים דערפירן צו אָפּגעפרעמדטקייט פון יידנטום, ד"ה, צו דער פאַרקריפּלונג פון אָט די עמאָציעס. די נאַציאָנאַליזאַציע פון דערציען און לערנען — בתנאי, מע זאָל צופּאַסן די שול צו די פאָדערונגען פון דער מאָדערנער קולטור און בשייכות מיט דער אויטאָנאָמיזאַציע פון די קהילות — אָט דאָס איז איינער פון די הויפּטוועגן, וואָס פירן צו דער באַפעסטי־קונג פון יידישן פאָלק אויף דער נאָענטסטער צוקונפט.

ניט־קאָמפּעטענטע אָדער ניט־געוויסנהאַפטיקע קעגנער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע וועלן אוודאי, כדי זי צו דיסקרעדיטירן, אָנכאַפּן זיך אין אַ פאָרמולע, וואָס איז איצט אין גאַנג. זיי וועלן אָנווייזן דערויף, אַז „נאַציאָנאַלע שול" גייט אריין אין פּראָגראַם אי פון די רוסישע אי פון די פּרייסישע שאָוויניסטן, — און פון דעם וועלן זיי אַרויסדרינגען, אַז דער פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער דערציונג קאָן פאַרפירן אין שאול־תחתיה פון רעאַקציע.

דאַרף מען גאָר דערווייזן די לעפּישקייט פון אַזאַ מין פאַרגלייך? איט־לעכן מענטשן מיט שכל הישר דאַרף זיין קלאָר, אַז צווישן דעם יידישן אידעאַל פון אַ נאַציאָנאַלער שול און די גלייכנאָמענדיקע גלוסטענישן פון דייטשע און רוסישע „נאַציאָנאַליסטן" איז פּונקט אַזאַ תהום, ווי צווישן אינדיווידואַליזם און עגאָיזם, פרייהייט און פאַריאָכונג, זעלבסטשוץ און געוואַלט.

דער ווזשעשטשער ענין (דאָס רודפן פּוילישע קינדער אין די פּויזנער שולן פאַר לייענען תפילות אויף פּויליש), וואָס האָט דאָ נישט לאַנג אָנגע־מאַכט אַזאַ טומל, אילוסטרירט בולט דעם דאָזיקן חילוק*). די פּרייסישע שאָוויניסטן שטרעבן צו דערשטיקן דעם פּוילישן עלעמענט אין די פּויזנער שולן דורך גערמאַניזאַציע בגוואַלט, בעת די פּאָליאַקן פון אָט דער פּראָווינץ ראַנגלען זיך פאַר זייער געזעצלעכער אויטאָנאָמיע אין ענין פון לערנען זייערע קינדער אין שול, און זיי האָבן נישט בדעה צו פּאָלאָניזירן די דייטשן. דאָ איז דאָס רעכט און די גערעכטיקייט אויף דער זייט פון די פּאָליאַקן און פון דעם התלהבותדיקן פּאַרטייאישקער פון זייער נאַציאָנאַלער שול — הענריק שיענקעוויטש. גאָר אַן אַנדער באַציונג קומט אויף ביי

---

*) אין דער לעצטער צייט (סוף 1906) האָבן די ברוטאַלע געוואַלטטאַטן פּגן דעם פּרייסישן בילדונגס־אַמט איבער דעם נאַציאָנאַלן געוויסן פון די פּוילישע שילערס אַרויסגערופן אַ שול־שטרייק פון צענדליקער טויזנטער קינדער אין דער פּראָווינץ פּויזן, און איצט האָט די פּרייסישע מאַכט גע־לאָזט אין גאַנג אכזריותדיקע רעפּרעסיעס קעגן די שטרייקנדיקע קינדער און זייערע עלטערן.

אונדז צו די זעלבע פּאָליאַקן, ווען אין עסטרייכיש־גאַליציע ווילן זיי אויפ־צווינגען זייער נאַציאָנאַלע שול די רוטענער: דאָ גייען די פּאָליאַקן — געניסנדיק פון דעם מערהייטס־כוח — פוסטריט נאָך זייערע פּרייסישע אונטערדריקער, און זיי פאַרדינען דעריבער פּונקט אַזאַ שאַרפע פאַראור־טיילונג. צו אַזאַ דעמאָראַליזאַציע קאָנען, נאַטירלעך, נישט דערגיין די אָנ־הענגער פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער שול, ווייל דער פּאָליטישער מצב פון יידן שליסט אויס יעטוועדע מעגלעכקייט, אַז מצד זיי זאָלן קומען אַ פאַרלעצונג פון וועלכער־נישט־איז פרעמדער שול־אויטאָנאָמיע. איך האָב שוין געזונג געערדט מכוח דעם בשייכות מיט דער פראַגע וועגן דער עטיק פון יידישן נאַציאָנאַליזם (אויבן, „בריוו" דריי).

דאָ האַלט איך פאַר נייטיק בלויז אונטערצושטרייכן, אַז „אויטאָנאָמע שול" און „נאַציאָנאַלע שול" באַנוץ איך ווי לגמרי אידענטישע באַגריפן. די דאָזיקע אידענטישקייט איז טאַקע דער קריטעריי פאַר אַ באמת פרייער שול. אויב די הערשנדיקע נאַציע רוקט אַרויס, בשייכות מיטן דעספּאָטישן אידעאַל פון אַ „נאַציאָנאַלער מלוכה", דעם אידעאַל פון אַ נאַציאָנאַלער שול, וועט איר, פאַרשטייט זיך, נישט אָנרופן די לעצטע „אויטאָנאָמע", ווייל זי איז דירעקט געווענדט קעגן דער שול־אויטאָנאָמיע פון די קלענערע פעלקערשאַפטן. אויב ווידער וואָסערע־ס'איז פון אָט די קלענערע פעלקער־שאַפטן באַשטייט אויף איר אייגענער נאַציאָנאַלער שול, איז פאַרטיידיקט זי דערמיט אויך איר אויטאָנאָמיע, אויף וויפל זי רייסט זיך נישט אַריין אין דער אויטאָנאָמיע פון נאָך קלענערע נאַציאָנאַלע ברוכטיילן. פאַר „מלו־כהשע" נאַציעס איז די נאַציאָנאַלע שול אַ ווערקצייג פון פאַריאָכונג, פאַר ניט־מלוכהשע — אַ וועקצייג פון קולטור־באַפרייונג. שול־אויטאָנאָמיע פאַר אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט — דאָס איז דאָס ווערטפולסטע כלי־זין אין איר קאַמף פאַר פרייהייט קעגן די געלוסטן מצד דער עגאָיסטישער, רויבע־רישער נאַציאָנאַלער מערהייט.

# זעקסטער בריוו

## דאָס אוטאָפּישע און רעאַלע אין ציוניזם

1. גענעזע פון ציוניזם. — די טאָפּלטע רעאַקציע: קעגן אַסימילאַציע און אַנטיסעמיטיזם. — היסטאָרישע פּרעצעדענסן. — עוואָלוציאָנערער נאַציאָנאַליזם און „רעוואָלוציאָנערער" ציוניזם. — פּאָליטישער משיחיזם אָנשטאָט רעליגיעזן.

2. חיבת ציון, זײַנע פּראַקטיקער און אידעאָלאָגן. — פּינסקערס „אויטאָעמאַנציפּאַציע"; די טעותדיקייט פון איר היסטאָרישער פּערספּעקטיוו און די וואַקלדיקייט פון דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק. — די קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע. — די ערשטע טריט פון גייסטיקן ציוניזם.

3. דער פּאָליטישער ציוניזם: הערצלס „יודענשטאַט" און דער ערשטער באַזעלער קאָנגרעס. — נאָרדויס פּראָגראַם־רעדע: די מאַטעריעלע און מאָראַלישע זייטן פון דער „ייִדן־נויט"; אומקער צום ייִדנטום, צי צו דער ייִדישער מלוכה? — די באַזעלער פּראָגראַם. — די אוטאָפּישקייט פון דיפּלאָמאַטישן ציוניזם; די צוקונפט פון דער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע.

4. ציוניזם ווי אַ מיטל אָפּצושוואַכן אַסימילאַציע און אינדיפערענטיזם. — ליבהאָבער פון אָפּגעטער, וואָס מע זעט זיי. — ציוניזם ווי אַן עטאַפּ צו קולטור־נאַציאָנאַליזם. — פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס ציוניסטן. — די רעאַלע אויפגאַבן פון דער הײַנטיקער צײַט.

1. די אידעע פון גייסטיקן אָדער קולטור־נאַציאָנאַליזם האָט קעגנער אין צוויי עקסטרעמע לאַגערן: צווישן די אָנהענגער פון אַסימילאַציע און צווישן די פּאָליטישע ציוניסטן. די אַסימילאַטאָרן לייקענען לגמרי דאָס רעכט פון די יידן זיך אָנצורופן אַ נאַציע; זיי שטעלן זיך איין בלויז פאַר די ביר־גער־רעכט פון יידן, ווי פּאָליטיש פונאַנדערגעטיילטע גרופּעס, וואָס גייען אַריין אין באַשטאַנד פון די אַרומיקע נאַציעס און זענען פאַרבונדן צווישן זיך נאָר מיט דער רעליגיע. די ציוניסטן האַלטן, אַז די יידן זענען יאָ אַ נאַציע, נאָר אַן אומנאָרמאַלע און דעריבער נישט קיין שטאַנדהאַפטיקע; זיי מיינען, אַז כדי אויפצוהאַלטן די נאַציע אויף להבא, דאַרף מען זי איבער־געשטאַלטיקן אין אַ נאָרמאַלער, דורך קריגן פאַר איר אַ באַזונדערע טערי־טאָריע מיט אַ מער אָדער ווייניקער אומאָפּהענגיקן מלוכה־סדר. די ערשטע זאָגן, אַז די אידעע פון גייסטיקן נאַציאָנאַליזם איז נישט נייטיק; די צווייטע — אַז זי איז נישט גענוגנדיק. די אַסימילאַציע־טעאָריע האָבן מיר שוין באַ־טראַכט און אויסגעפונען, אַז זי שטעלט מיט זיך פאָר דאָס פאַרלייקענען די אינדיווידועלע פרייהייט פון דער יידישער נאַציע, ד"ה, דאָס פאַרלייקענען דעם עצם פּרינציפּ פון קולטור־גלייכוועורטיקייט פון פעלקער; דאָס איז אַן אויסדרוק פון אַ נייעם מין סערוויליזם — דאָס פאַרבייטן די דרויסנדיקע רעכטלאָזיקייט פון די יידן אויף אינעווייניקסטער. די אַמאָל אַלמעכטיקע אַסי־מילאַציע פאַרלירט איצט ביסלעכווייז דעם באָדן אונטער זיך, אויב נישט אין דער פּראַקטיק, איז לכל הפּחות אין דער טעאָריע, ווי אַ סיסטעם פון אידעען און שטרעמונגען. דאָס אויפוואַכנדיקע נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין דערלאַנגט איר איין קלאַפּ נאָכן אַנדערן. אין דער באַפרייערישער באַוועגונג פון יידנטום טרעט איצט באַזונדערס דרייסט אַרויס דער פּאָליטישער ציוניזם, איינע פון די פרוכטן פון אונדזער נאַציאָנאַלן רענעסאַנס. דער יונגער ציוניזם איז קריי־געריש, ער איז פול מיט כוחות און מוט און ער איז זיכער, אַז אים געהערט די צוקונפט — אַז די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע קאָן מקוים ווערן נאָר אין דער פאָרם פון פּאָליטישער רעסטאַווראַציע פון פּאַלעסטינע. אָבער צי איז עס טאַקע אַזוי? צי איז נישט דער ציוניזם אַ צווייטער עקסטרעם, פּונקט אַזוי ווייט פון דער נאַטירלעכער היסטאָרישער עוואָלוציע פון יידנטום, ווי די איצט אָפּגעלעבטע אַסימילאַנטישקייט?

אָנהייבנדיק פון די 1880־ער יאָרן, נעמט אָן די ווידערגעבוירענע נאַציאָ־נאַלע באַוועגונג אין יידנטום די פאָרמען לכתחילה פון חיבת ציון, און שפּעטער די ברייטערע פאָרם פון ציוניזם. אַ געוויסער טייל פון פאָלק זוכט נישט בלויז דעם נאַציאָנאַל־גייסטיקן באָדן, וואָס איז ערשט נישט לאַנג, אין דער אַסימילאַציע־בהלה, פאַרלוירן געוואָרן, נאָר אויך דעם לאַנג שוין אָנגע־וואָרענעם פּאָליטישן באָדן פון פאָלק. מע דאַרף זיך מיט אָט דער דערשיי־נונג ערנסט רעכענען. ציוניזם — דאָס איז נישט אַזוי פיל אַ דאָקטרין, באַגרינדעט אויף אָביעקטיווע מסקנות פון דער געשיכטע און היינטצייטי־

קייט, וויפל א געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג (כ׳וועל נישט זאָגן אַ פּאָלקס־באַ־וועגונג, מחמת די ברייטע פאָלקסשיכטן זענען נאָך דורך אים נישט באַרירט), וואָס איז געשאַפן געוואָרן אונטערן דרוק פון שווערע געשעענישן און וואָס באַפרידיקט די סוביעקטיווע שטימונג פון אַ סך מענטשן. אָט די גענעזע פון ציוניזם איז נייטיק אויפצודעקן. אין די פאַקטאָרן — סאָציאַלע און פּסיכישע — וואָס האָבן אים אַרויסגערופן, דאַרף מען אָפּטיילן דאָס צייט־ווייליקע פון דעם באַשטענדיקן, בכדי מע זאָל קאָנען פאָרויסזאָגן, וואָסערע עלעמענטן פון ציוניזם עס זענען פעסטע און וואָסערע — עפעמערישע. פאַר אונדז איז באַזונדערס וויכטיק אויפצוקלערן די פראַגע: פאַרוואָס האָט זיך די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע, אַ גייסטיקע לויט איר מהות, גראָד איצט אָפּ־גענייגט פון איר היסטאָרישן דרך און ביי אַ געוויסן טייל פון דער געזעל־שאַפט שטרעבט זי אָנצונעמען אַ טעריטאָריאַל־פּאָליטישע פאָרם?

ציוניזם איז אַ רעאַקציע קעגן צוויי טרויעריקע דערשיינונגען פון אונדזער ווירקלעכקייט: קעגן דעם אָפּפאַל פון נאַציאָנאַלע געפילן, וואָס כאַראַקטערי־זירט דעם גייסטן פּעריאָד פון דער יידישער געשיכטע, און קעגן דעם לעצטנס אַליץ שטאַרקערן דרוק פון אַנטיסעמיטיזם אָדער יודאָפאָביע*). זענען אָט די סיבות נייע, און איז דער ציוניזם ניי לויט זיין מהות? ס׳איז אָנגענומען די מיינונג, אַז אַנטיסעמיטיזם איז אַ מקדמונימדיקער פאַקטאָר פון דער יידישער געשיכטע אין גלות, און וואָס שייך דער אַסימילאַציע — איז זי אַ פּראָדוקט נאָר פון 19טן יאָרהונדערט. די דאָזיקע מיינונג, וואָס איז ריכ־טיק אין דעם ערשטן טייל, איז טעותדיק אין צווייטן. דער טעות דרינגט אַרויס פון דעם איינזייטיקן באַטראַכטן די פאַקטן פון דער יידישער געשיכטע בלויז פון אירע לעצטע יאָרהונדערטן.

באַטראַכטנדיק די גאַנצע יידישע געשיכטע נישט בלויז פון דער גלות־דיקער, נאָר אויך פון דער „מלוכהשער" תקופה, באַמערקן מיר, אַז אַסימי־לאַציע איז נישט קיין אויסנעמלעך טרויעריקע פּריווילעגיע פון אונדזער צייט. דער אָפּפאַל פון נאַציאָנאַלע געפילן אָדער די אָפּשוואַכונג פון דער קולטור־פאַרזיכיקייט ביי די אָדער אַנדערע טיילן פון יידנטום איז אַ דער־שיינונג, וואָס חזרט זיך פילפאַך איבער אין אונדזער היסטאָרישן לעבן, געגנוג צו דערמאָנען, ווי די ישראלים זענען פאַרכאַפּט געוואָרן מיט דער פעניקישער אָדער אשוריש־בבלישער קולטור אין דער תקופה פון די מלכים און נביאים;

*) איך באַהאַנדל דאָ דעם ציוניזם אין גאַנצן פאַרנעם פון זיינע אי־דעאַלן און שטרעבונגען, רעאַלע און אוטאָפּישע, אין אַלע זיינע שאַטירונ־גען. אין דער פּראַקטיק אָבער באַגעגענען מיר זיך אָפטער מיט איינזייטיקע אָנהענגער פון דער אָדער אַנדערער ריכטונג אין ציוניזם. פון די אָנגעוויזענע אין טעקסט צוויי אימפּולסן, איז ביי אַ טייל ציוניסטן וועגט איבער די קולטור־רעאַקציע קעגן אַסימילאַציע, ביי־אַנדערע — די פּאָליטישע רעאַקציע קעגן אַנטיסעמיטיזם.

וועגן די אַסימילאַציע־טענדענצן פון די העלעניסטן; וועגן די אָנהענגער פון דער גריכיש־רוימישער קולטור און וועגן די קעגנער פון די קנאים אין דער תקופה פון חורבן יהודה; וועגן די אַפּטריניקייט־מגפות אין די תקופות, ווען עס איז אויפגעקומען דאָס קריסטנטום און דער איסלאַם; וועגן די שפּורן פון אַסימילאַציע אין די צייטן פון אַראַביש־שפּאַנישן רענעסאַנס.

מיט וואָס זשע האָט זיך דאָס „אַלטע יידנטום" באַוואָרנט קעגן דער געפאַר פון פּאָליטישער און קולטורעלער אויפלייזונג צווישן די אַרומיקע פעלקער? אין פּעריאָד פון מלוכהשן לעבן — מיטן קאַמף פאַר זיין טעריטאָריע, פּאָליטישער אויטאָנאָמיע און קולטור; אין גלות־פּעריאָד — מיט איינשטעלן זיך פאַר דער קהליש־גייסטיקער אויטאָנאָמיע, ווי אויך מיט אַ קאָמפּליצירטער רעליגיעזער און שטייגערישער דיסציפּלין, געשאַפן דורך דעם תלמודישן און רבנישן יודאיזם. קעגן די יודאָפאָביע־עקסצעסן מצד דער אַרומיקער סביבה, קעגן דער „אייביקער שנאה צום אייביקן פאָלק" האָט דאָס אַלטע גלות־יידנטום געקעמפט מיט אַלע צוטריטלעכע מיטלען, און ווען דאָס לעבן פלעגט ווערן שוין נישט אויסצוהאַלטן, פלעגן פאַרשידענע טיילן פונעם וואַנגלער־פאָלק איבערוואַנדערן פון די מער פיינטלעכע לענדער אין ווייניקער פיינטלעכע (מאַסן־עמיגראַציע, דאָס איבערוקן די צענטערן פון דער דיאַספּאָרע).

חוץ די אַלע אָביעקטיווע פאַקטאָרן אין קאַמף פאַרן נאַציאָנאַלן קיום, איז אין אוצר פון יידנטום געווען נאָך איין פאַקטאָר, אַ סוביעקטיווער, וואָס האָט געדינט ווי אַ קוואַל פון נחמה און דערמונטערונג פאַרן געפּלאָגטן פאָלק: דאָס איז געווען די משיחישע אידעע, דאָס גלייבן בביאת המשיח — דעם פּאָליטישן און גייסטיקן ווידעראויפבויער פון דער צעשפּרייטער אומה. אין פאַרהעלטעניש־מעסיק רואיקע עפּאָכעס פלעגט די משיח־אידעע האָבן דעם כאַראַקטער פון אַ געוויינטלעכער רעליגיעזער דאָגמע אָדער אַ בטחון אין גאָט, אַז ער וועט ווען־עס־איז צונויפזאַמלען די צעזייטע אומה און אויף אַן איבערנאַטירלעכן דרך אומקערן זי אין דעם „צוגעזאָגטן לאַנד". אין תקופות פון גרויליקע רדיפות אויף יידן פלעגט דער משיח־גלויבן ווערן אינטענסיווער און אַרויסטרעטן אויפן ערשטן פּלאַן, דערביי פלעגט דאָס וואַרטן אויף משיחן איבערגיין אין אַ משיח־זוכעניש, און דאָס לײדנשאַפטלעכע זוכעניש פלעגט טאָן געבוירן די אילוזיע וועגן דער דערגרייכלעכקייט פון דעם היים געגאַרטן חלום. אָט דעמאָלט פלעגן פאָרקומען יענע מיסטיש־משיחישע באַוועגונגען, וואָס האָבן אויף אַ צייט גרינגער געמאַכט אויף דער קראַנקער נשמה פון פאָלק, דערנאָך אָבער פלעגן זיי איבערלאָזן אין איר אויף לאַנג אַ זכר פון ביטערער אַנטטוישונג. גלייך ווי אַנדערע אויסערונגען פון נאַציאָנאַלן גייסט, איז די משיח־אידעע געווען צוגעפּעסטיקט צו דער רעליגיעזער ספערע, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז מע קאָן זי פון איר נישט אָפּטיילן.

צוליב די באַקאַנטע סיבות האָט דאָס 19טע יאָרהונדערט גורם געווען

דעם גרעסטן אָפּפלוס פון נאַציאָנאַלע געפילן ביי די עמאַנציפּירטע אָדער אויף עמאַנציפּאַציע אויסקוקנדיקע שיכטן פון יידנטום; פון דער אַנדערער זייט אָבער, האָט דאָס אייגענע יאָרהונדערט, אין זיינע לעצטע יאָרצענדליקער, אַרויסגערוקט דאָס דראָענדיקע געשפּענסט פון אַנטיסעמיטיזם, און דער איינדרוק זיינער איז געווען נאָך שרעקלעכער דערפאַר, ווייל אַ סך האָבן געהאַלטן, אַז ער איז שוין פאַרשוואונדן פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן ביי „ציוויליזירטע פעלקער".

מיט וואָס האָט דאָס נייע יידנטום — דער פעסטער נאַציאָנאַלער קערן זיינער — געדאַרפט באַקעמפן די מגפה פון אַסימילאַציע? מיט קעגנווירקן דעם אַלעמען, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן אָט די נייע פאָרם פון קנעכטשאַפט, מיט דערוועקן דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַוואוסטזיין, מיט פולער סעקולאַריזאַציע פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע און מיט צופּאַסן זי צו דעם ניוואָ פון דער היינטצייטיקייט. אָט דער פּראָצעס פון אינערלעכן ווידערגעבורט איז שוין געווען נאָענט אין דעם מאָמענט, ווען דער אַסימילאַציע־אַנטיטעזיס האָט געהאַלטן ביים דערגיין צום „אַבסורד־פּונקט". דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין פלעגט זיך דאָ און דאָרט דורכרייסן אין זיין נייעם לבוש; אין דער וויסנשאַפט און ליטעראַטור האָבן זיך באַוויזן די מבשרים פון דער אידעאָלאָגיע פון נאַציאָנאַלן יידנטום (גרעץ, העס, סמאָלענסקי)...

באַלד אָבער האָט זיך אויפן געזעלשאַפטלעכן האָריזאָנט באַוויזן דאָס געשפּענסט פון אַנטיסעמיטיזם און עס האָט אַרויסגערופן אַ בהלה אין דער מחנה פאָלקס־עסקנים. דער אַנטיסעמיטיזם האָט אַ שטאַרקן שטויס געגעבן דעם פּראָצעס פון נאַציאָנאַליזירן דאָס יידנטום, דערווייזנדיק אין דער פּראַקטיק, ווי נישט ממשותדיק ס'איז די אַסימילאַציע־פּאָליטיק; דער שטויס איז אָבער געווען אַן אייגזייטיקער: דעם פּראָצעס פון אינערלעכן ווידערגעבורט האָט ער שאַרף אָפּגענייגט פון גלייכן וועג. דער דאָזיקער פּראָצעס קומט לעצטנס פאָר נישט עוואָלוציאָנער, נאָר רעוואָלוציאָנער, אונטער דער ווירקונג פון קרענקלעכע דרויסנדיקע שטויסן און פון סאָציאַלע אויפטרייסלונגען. דער אַנטיסעמיטישער שטורעם צעבלאָזט ביים יידנטום דעם פלאַם פון נאַציאָנאַלע געפילן. אָט דער פלאַם טוט שוין נישט בלויז לייכטן און וואַרעמען, נאָר ער ברענט אויך. דאָס באַוואוסטזיין, וואָס האַלט זיך אין אויסקלאָרן, ווערט טריב מחמת דער השפּעה פון אויפגעבראַכקייט. אַ טייל יידישע אינטעליגענץ, צערייצט דורך דער יודאָפאָבישער קאַמפּאַניע, באַניגנט זיך שוין נישט מיט נאַציאָנאַל־קולטורעלן ווידערגעבורט, צי זי האַלט אים פאַר אוממעגלעך אין די איצטיקע אומשטענדן, נאָר זי פאָדערט פּאָליטישן ווידערגעבורט. „אין אייראָפּע וויל מען אונדז נישט ליידן — טאָ לאָמיר אַוועק אין אונדזער אַלטן היימלאַנד!" — זאָגן אפילו אַ סך אָקאָרשטיקע אַסימילאַטאָרן, וואָס לעבן איבער דאָס עוולה־געפיל פון אָפּגעשטויסענער ליבע.

ווי אַזוי אַוועקגיין? איז דען מעגלעך אַן עקזאָדוס פון אַ גאַנצער נאַציע,

אָדער אפילו פון אַ באַדייטנדיקן טייל אירן? און ווי אַזוי שאַפט מען דאָס אַן אייגענע באַזונדערע מלוכה? — אָט די אַלע קשיות ווערן לגמרי פאַר־טויבט דורך דעם ברענענדיקן באַוואוסטזיין, אַז אַוועקגיין מוז מען. איז ווערן געשאַפן פאַנטאַסטישע פּלענער פון „עקזאָדוס", ווערן געמאַכט פּרוּוון זיי צו פאַרווירקלעכן; אַ דורכפאַל אַנטמוטיקט ניט, וואָרעם די עוולה־שטויסן מחוץ קומען ווייטער פאָר, און אין אַזעלכע אומשטענדן גיט שוין די עצם שטרעבונג צו דעם אומדערגרייכלעכן אידעאַל אַ מאָראַלישע באַפרידיקונג.

פאַרצייטנס, ווען די צרות פון די יידן פלעגן שוין זיין נישט איבערצו־טראָגן, פלעגט זיך באַווייזן אויף דער סצענע דער רעליגיעז־מיסטישער משי־חיזם; איצט, ווען אונדזער מאָראַלישע און מאַטעריעלע פּיין האָט ווידער איבערגעשטיגן דעם כּוח פון אונדזער גייסטיקן ווידערשטאַנד, האָט זיך באַ־וויזן דער פּאָליטישער ציוניזם — אָט דער נייער מין משיחיזם, וואָס איז פון די עקזאַלטירטע מוחות פון די רעליגיעזע מיסטיקער אַריבער אין די מוחות פון פּאָליטישע אוטאָפּיסטן. די אומפאַרמיידלעכע פאַרוועלטלעכונג איז פאָר־געקומען אויך אויף דעם געביט. פּונקט ווי די נאַציאָנאַלע אידעע בכלל גייט איצט אַריבער פון דער רעליגיעזער פאַזע אין אַ וועלטלעכער, אַזוי רוקט זיך אויך דער משיחיזם איבער פון געביט פון מיסטיציזם אין געביט פון „פּאָ־ליטיק", אָדער — גענויער — פון פּאָליטישן מיסטיציזם.

צי קאָן אָט דער פּאָליטישער מיסטיציזם ברענגען דערפרייענדיקערע פּעולות, ווי די, וואָס עס האָט אין די פאַרגאַנגענע צייטן געגעבן דער רע־ליגיעזער מיסטיציזם? — דאָס וועלן מיר באַטראַכטן שפּעטער. דערווייל לאָמיר פעסטשטעלן דעם ווייטערדיקן טעזיס:

די דערוואַכונג פון יידישן זעלבסטבאַוואוסטזיין, אין דער פאָרם פון דער אידעע פון גייסטיקן אָדער קולטור־היסטאָרישן נאַציאָנאַליזם, איז אַ רעזולטאַט פון אַ נאָרמאַלער עוואָלוציע. דאָס איז דער אומפאַרמיידלעכער סינטעז, וואָס באַזייטיקט אי דעם פאַרעלטערטן טעזיס פון אָפּגעזונדערטקייט אי דעם נייעם אַנטיטעזיס פון אַסימילאַציע. אויך אָן דעם שאַרפן קריזיס, וועלכן ס'האָט אַרויסגערופן דער אויסברוך פון אַנטיסעמיטיזם, וואָלט פאָרגע־קומען, הגם פּאַמעלעך, אָט דער נאַציאָנאַליזאַציע־פּראָצעס, אָט ווי אַ ים־צופלוס נאָך אַן אָפּפלוס. דער אויסברוך האָט נאָר פאַרגיכערט, פאַר־שאַרפט דעם פּראָצעס. ער האָט אים אָבער אויך אָפּגעקערעוועט אָן אַ זייט; ער האָט איבערגערוקט דעם טעטיקייט־צענטער פון עוואָלוציאָנערן געביט אויפן „רעוואָלוציאָנערן" (פאַרשטייט זיך — אין דעם זינען פון ראַדי־קאַלער לייזונג און דערוואַרטונג פון אַן איבערקערעניש). אַזוי איז אויפגע־קומען דער פּאָליטישער ציוניזם, אָט דער נייער פּאָליטישער משיחיזם, וואָס איז געקומען צו פאַרבייטן דעם אַלטן — דעם רעליגיעזן, און פּונקט ווי יענער, געבוירן דורך דעם אומגעהייערן דרוק פון דרויסן.

2. אַז איך האָב שוין דעפינירט בקיצור די גענעזע פון ציוניזם,

וועל איך איצט באַטראַכטן די פאַרשיידענע פאָרמען זיינע. דער ציוניזם איז אַ דערשיינונג אַ קאָמפּליצירטע, וואָס האָט עטלעכע שאַטירונגען. עס זענען דאָ ציוניסטן, וואָס שעצן נאָר דעם פּאָליטישן עלעמענט פון דער באַוועגונג, און האַלטן נישט פון דעם נאַציאָנאַל־קולטורעלן; עס זענען אָבער אויך דאָ אַזוינע, וואָס זעען אין דעם ציוניזם אַ וועג צו אינערלעכן ווידערגעבורט פון יידנטום און גלייבן קנאַפּ אין דער דערגרייכלעכקייט פון זיין פּאָליטישן ציל. איך האָב נאָכגעפאָרשט די אַנטוויקלונג פון חיבת ציון און ציוניזם, פון זינט זיי זענען אויפגעקומען. במשך פון אַ סך יאָרן האָב איך אָבסערווירט אַלע זיגזאַגן און שאַטירונגען פון אָט די באַוועגונגען און אָפּגעמערקט די רעזולטאַטן פון מיינע אָבסערוואַציעס אין אַ צאָל קריטישע אַרטיקלען. אָט פאַרוואָס איך האַלט, אַז איך האָב דאָס רעכט צו באַגרענעצן זיך דאָ מיט אַ קורצן איבערבליק פון די פריערדיקע פאָרמען פון ציוניזם (אָדער חיבת ציון*), באַטראַכטנדיק בפרטיות נאָר די נייסטע סטאַדיע פון ציוניזם — דעם „פּאָליטישן” אָדער „הערצליאַנישן”.

ס'איז מערקווירדיק דער פאַקט, אַז אין די רעיונות פון אייניקע שעפער אירע האָט די פּאַלעסטינע־אידעע געהאַט גאָר אַ קנאַפּע שייכות מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין דעם גאַנצן פאַרנעם אירן. אויפגעקומען אין רוס־לאַנד אין די יאָרן 1881—1882, אין סאַמע ברען פון די פּאָגראָמען און עמיגראַציע־בהלה, האָט די פּאַלעסטינע־באַוועגונג געשטרעבט נישט אַזוי צו לייזן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע, ווי די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פראַגע. די גרונטטעזן, וועלכע עס האָט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט איינער פון די באַ־גייסטערער פון דער באַוועגונג, זאָגן:

„דורך אַלטע און נייע באַגרענעצונגען, אפילו אָן די פּאָגראָמען, איז די יידישע מאַסע דערפירט געוואָרן צו אַ שווידערלעכער נויט. אומעטום זענען מיר ווי איבעריקע, פרעמדע, געפינען מיר זיך אין אַ שרעקלעך שפּ־לותדיקן מצב און מיר פירן אַן אומנאָרמאַל, אומנאַטירלעך לעבן. בלויז די קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע קאָן ראַטעווען אונדזער הונגערנדיקע מאַסע פון אומפאַרמיידלעכן אומקום” **).

---

*) דאָרט וואו עס זענען נישטאָ קיין באַזונדערע אָנמערקונגען, באַנוץ איך אין זעלבן זין דעם אַלטן טערמין „חיבת־ציון” און דעם נייעם „ציו־ניזם”. די, וואָס אינטערעסירן זיך מיט די פּרטים פון דער ציוניסטישער עוואָלוציע, רעקאָמענדיר איך די אַרטיקלען פון קריטיקוס: „די ליטעראַטור פון אומרואיקע שטימונגען” („וואָסכאָד”, 1893, באַנד 2—5) און „די קע־גנזייטיקע באַווירקונג פון אידעישע ריכטונגען” (דאָרט, 1894, באַנד 11—12).

**) מ. ל. ליליענבלום. וועגן רענעסאַנס פון יידישן פאָלק (רוסיש). 2טע אויפלאַגע, מאָסקווע, 1886, ז' 64. די אַרטיקלען, וואָס זענען אַריין אין דער אויפלאַגע, זענען פריער געווען געדרוקט אין „ראַזסוועט” (רוסיש) 1881—1883.

די שרעקלעכע דרויסנדיקע אומשטענדן האָבן דעמאָלט געווירקט אויף דעם באַוואוסטזיין אַזוי דערדריקנדיק, אַז אַ סך האָבן געקאָנט אָננעמען די דאָזיקע טענה און גלייבן, אַז די קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע איז מסוגל צו פאַרגרינגערן די לאַגע נישט בלויז פון עטלעכע טויזנט קאָלאָניסטן, נאָר אויך „ראַטעווען אונדזער גאַנצע הונגערנדיקע מאַסע" און אפילו אומקערן דאָס פּילמיליאָניקע יידישע פאָלק צו אַ „נאָרמאַל, נאַטירלעך לעבן". די ווירקלעכקייט האָט באַלד באַוויזן די גאַנצע ניט־אויסגעהאַלטנקייט פון אָט דער „יאוש־לאָגיק".

ברייטער האָט די יידן־פראַגע אין נאַציאָנאַלן זינען אַוועקגעשטעלט דער מחבר פון דער בראָשור „אויטאָעמאַנציפּאַציע" (1882). אין אָט דער גע־דענקווערטיקער בראָשור ווערט אַנטוויקלט דער יסודותדיקער אמת, אַז די רעטונג פון יידנטום, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט שונאים, באַשטייט אין אויטאָעמאַנציפּאַציע. ווען דער מחבר וואָלט מיט „אויטאָעמאַנציפּאַציע" געמיינט דעם אינערלעכן ווידערגעבורט, דעם אויפשטייג פון נאַציאָנאַלן גייסט און זעלבסטבאַוואוסטזיין, לסוף, די זעלבסטהילף אין אַ ברייטן, אָבער מעגלעכן פאַרנעם, — וואָלט זיין פריידיק געהאַט אונטער זיך אַ פעסטן היסטאָרישן באָדן. ער האָט אָבער געמיינט מיט „אַליין־באַפרייונג" אויסשליסלעך „דאָס שאַפן אַ יידישע נאַציאָנאַליטעט אויף אַן אייגענער טעריטאָריע", אין פּאַלעסטינע אָדער אין אַן אַנדער ווינקל פון ערדקיילעך, — דאָס הייסט, ער האָט געשטעלט דעם פאָלק אַ משיחישע אויפגאַבע *).

דאָקטאָר פּינסקער, דער מחבר פון אָט דעם הייסן משיחישן רוף, איז געווען אַזוי ווייט פון פאַרשטיין די יידישע היסטאָרישע עוואָלוציע, אַז ער האָט אָנגענומען, פּונקט ווי די קריסטן, אַז דאָס יידנטום האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן, ווי אַ נאַציע, נאָכן פאַרלירן די אייגענע מלוכה. אָנווייזנדיק אויף דעם מאַנגל אין נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין ביים יידנטום, רופט ער אויס: „פון וואַנען זשע זאָל ער זיך נעמען? דאָס איז דאָך דער אומגליק פון אונדזער שטאַם, וואָס מיר זענען נישט קיין נאַציע, וואָס מיר זענען נאָר יידן. מיר זענען אַ טשערעדע, צעזייט איבער דער גאַנצער וועלט" **).

אויף אַן אַנדער אָרט קלערט ער אויף זיין געדאַנק אַזוי: „דעם יידישן פאָלק פעלט דער רוב אַטריבוטן, וואָס זענען נייטיק, מע זאָל עס אָנערקענען פאַר אַ נאַציע. ער האָט נישט יענע פאַרזיכיקייט פון לעבן, וואָס איז נישט מעגלעך אָן אַ שותפותדיקער שפּראַך, אָן שותפותדיקע זיטן און צוזאַמענ־לעבן אויף איין און דער זעלבער טעריטאָריע. די פעלקער האָבן קיין מאָל נישט צו טאָן מיט דער יידישער נאַציע, נאָר בלויז מיט יידן. כדי מע זאָל

*) „אויטאָעמאַנציפּאַציע" (רוסישע אויסגאַבע, פּעטערבורג, 1898, ז' 42).

**) דאָרט, ז' 20.

די יידן אָנערקענען פאַר אַ נאַציע, פעלט די יידן אָט דער אינדיווידועלער פאָלקסגייסט, וועלכן עס האָבן אַלע אַנדערע פעלקער, און וועלכער ווערט געשאַפן דורך דער בשותפותדיקער טעריטאָריע" *).

די דאָזיקע גרונט־געדאַנקען (וואָס דער מחבר האָט זיי, מחמת זייער וויכטיקייט, איבערגעחזרט אין דעם רעזיומע פון זיין בראָשור) צעגייען זיך בפירוש מיט די פאַקטן סיי פון דער געשיכטע סיי פון דער היינטצייטיקייט. פינסקער פרעגט אָפּ ביי יידן די „לעבנס־פאַרזיכיקייט", „אַלגעמיינע זיטן", און אפילו דעם „אינדיווידועלן פאָלקסגייסט, וואָס ווערט געשאַפן דורך דער בשותפותדיקייט פון טעריטאָריע", — און ער האָט דערוויזן דערמיט, אַז עס איז אים לחלוטין פרעמד די פאַרשטענדעניש פאַר דער גאַנצער יידישער גלות־געשיכטע, וואָס איז אין תוך אַן אומאויפהערלעכער קאַמף פון אַ שאַרף אויסגעדריקטן נאַציאָנאַלן אינדיוויד פאַר זיין אינערלעכער אויטאָנאָמיע און פאַרזיכיקייט. ער האָט לגמרי איגנאָרירט דעם פאַקט, אַז עס זענען יאָ דאָ „בשותפותדיקע זיטן" און מנהגים, וואָס ווערן דורך דער רעליגיעזער דיסציפלין אָפּגעהיט אפילו מיט צו פיל אייפער; ער האָט אויך פאַרגעסן וועגן דער טיילווייזער שותפות פון שפּראַך ביי דער יידנטום־מאַסע — די שפּראַך פון ליטעראַטור, פון תפילה און די אומגאַנג־שפּראַך. פינסקער האָט מסתמא געהאַט אין זינען יענע הייפל יידן אויפן מערב און אין רוסלאַנד, וואָס האָט זיך באמת דערווייטערט פון פּאַטריאַרכאַלן שטייגער פון יידישן לעבן און האָט אָנגעוואָרן די שטריכן פון אויסערלעכער פאַרזיכיקייט. אָבער, ראשית, איז דאָס שייך צו אַן אומבאַדייטנדיקער מינדערהייט פון פאָלק און נישט שייך צו דער איבערוועגנדיקער מערהייט זיינער; שנית, אַזאַ מין אָפּשוואַכונג פון די פאַרזיכיקע פאָלקשטריכן איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די אייבערשטע שיכטן פון אַלע אַנדערע פעלקער, אפילו פון די פּאָליטיש זעלבסטשטענדיקע, — און פון דעסטוועגן ספקט נישט קיינער אין דער לעבנס־אייגנאַרטיקייט פון אָט די פעלקער. סטיכישע אויסערונגען פון אייגנאַרטיקייט אין דרויסנדיקן שטייגער־לעבן און מנהגים זענען אַ כאַראַקטער־שטריך פון נאַציאָנאַליטעט נאָר אין די מאַסן; וואָס שייך די אינטעליגענץ־קרייזן פון דער געזעלשאַפט, וואו די פּאַטריאַרכאַלע סמני־מובהקים זענען אָפּגעשלייפט דורך דער קולטור, — ביי זיי שטעקט די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט טיפער: אין דעם גייסטיקן מהות פון יחידים, אין דעם סוביעקטיוון באַוואוסטזיין, אין די באַהעפטנדיקע היסטאָרישע זכרונות און אידעאַלן, אין אַלגעמיינע געפילן, סימפּאַטיעס, אין אינטעלעקטועלע און עטישע נטיות **).

---

*) דאָרט, ז' 10.

**) אגב, איז פינסקער אַליין זיך סותר, ווען ער שטעלט אַוועק אין אָנהייב פון זיין בראָשור אַזאַ מין גרונט־הנחה: „צווישן די פעלקער, מיט וועלכע עס לעבן די יידן, זענען זיי פאַקטיש אַ פרעמדער עלעמענט, וואָס

די טענדענץ פון די אַסימילאַטאָרן צו פאַרדרייבן אויך די דאָזיקע גייסטיקע פאַרזיכיקייט, כדי מיט מער פּעולה זיך צונויפצוגיסן מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג, — דאָס איז די גרויסע צרה פון אונדזער איבערגאַנגס־יאָרהונדערט, און קעגן אָט דער טענדענץ דאַרף מען אַרויסרוקן דעם יסוד פון אינעווייניקסטן נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט, וועקן דאָס איינגעשלאָפענע זעלבסטבאַוואוסטזיין. קעגן דער פאַרמינערונג פון נאַציאָנאַלן געפיל ביי אַ טייל יידנטום דאַרף מען קעמפן, און נישט שלום מאַכן דערמיט,

אַסימילירט זיך נישט מיט קיין שום נאַציע און דערפאַר ווערט ער פון קיינעם נישט טאָלערירט". אָבער וואָס דען אַנדערש באַטייט דער אויסדרוק „אַ פרעמדער עלעמענט, וואָס אַסימילירט זיך נישט", אויב נישט דאָס, אַז אין יידנטום זענען פאַראַן אייגנאַרטיקע, פאַרזיכיקע שטריכן — אויסערלעכע אָדער אינערלעכע — וואָס דערלאָזן נישט, אַז עס זאָל זיך צונויפגיסן מיט אַנדערע פעלקער? די מטושטשדיקייט פון היסטאָרישן דענקען איז דער עיקר־חסרון פון פינסקערס פלאַמיקן רוף: דאָס איז אַ ווייגעשריי פון אַ צעפייניקטן האַרץ, אָבער נישט קיין אויספיר פון וויסן און ישוב־הדעת.

עס איז נישט שווער צו באַווייזן, ווי נישט ממשותדיק ס'איז פינסקערס טעזיס, וועלכן עס זאָגן נאָך די היינטיקע ציוניסטן מיט הערצלען בראש, און דהיינו: היות יידן אַלס כלל קענען זיך נישט אַסימילירן מיט די אַרומיקע פעלקער, ווערט מען זיי שטענדיק פיינט האָבן, דערפאַר האָבן זיי נישט קיין אַנדער ברירה, ווי זיך צו דערווערבן אַן אייגן ווינקעלע. אַזאַ ראיה וואָלט געווען ממשותדיק, אויב אין דער געשיכטע וואָלט אויף זיכער פעסטגעשטעלט געוואָרן אַ געזעץ, אַז פאָליטיש אָפּהענגיקע פעלקער אַסימילירן זיך מיט די הערשנדיקע, ווי מען האָט אַמאָל געהאַלטן. דעמאָלט, פאַרשטייט זיך, וואָלטן סיי יידן, סיי טשעכן, סיי אירלענדער און פאָליאַקן געווען פאַרמשפּט פאַרשוואונדן צו ווערן, אָדער — אויב זיך קעגנשטעלן דעם „אַסימילאַציע־געזעץ" — אויף אייביקע ליידן. היינט אָבער, ווען נישט אַסימילאַציע, נאָר פאַרקערט — דאָס איינהיטן די נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט ווערט אַן אַקסיאָמע אין סאָציאָלאָגיע; ווען יעדע נאַציע קעמפט פאַר איר אויטאָנאָמער עקזיסטענץ, נישט אָנפרעגנדיק, צי דאָס איז לויטן געשמאַק פון דער הערשנדיקער נאַציע, — איז נישט שוין זשע וועט דאָ דאָס יידנטום זיין אַ יוצא מן הכלל, אָט דאָס יידנטום, וואָס האָט אין משך פון דורות געוויזן דער וועלט אַ מוסטער פון מסירת־נפשדיקער שטאַנדהאַפטיקייט ביים פאַרטיידיקן זיין גייסטיקע אומאָפּהענגיקייט? און אַז די יידן וועלן זיך שוין אַריבערקלייבן אויף מזרח, וועט שוין דען איטלעכע אייראָפּעישע מלוכה פאָרשטעלן מיט זיך איין משפחה? וועט דען נעמען אַ סוף צום נאַציאָנאַלן קאַמף, איידער עס וועט זיגן דער גרויסער הומאַניטאַרער אמת, אַז יעדע נאַציע **איז גלייכווערטיק אין דער אינטערנאַציאָנאַלער** משפחה? צום דאָזיקן אידעאַל וועלן שטרעבן אויך יידן, באַמיענדיק זיך מיט אַלע כוחות איינצוהאַלטן זייער קולטור־נאַציאָנאַלע פאַרזיכיקייט.

און נאָך אויף דעם סמך דרינגען, אַז דאָס גלות־יידנטום קאָן נישט זיין קיין נאַציע.

יאָ, מיר זענען אַלע עדות פון אַן אַלגעמיינער ירידה פון נאַציאָנאַלן געפיל אין די אייבערשטע געזעלשאַפטלעכע קרייזן, אָבער נישט אין די מאַסן; אגב, האָבן מיר זיך דערוואַרט, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטייג פון דעם דאָזיקן געפיל אויך אין די שפיצן, און אָט דער אויפשטייג איז געקומען ווי אַ פועל יוצא פון אַן אומפאַרמיידלעכן עוואָלוציאָנערן פּראָצעס, וואָס האָט היסטאָריש־געזעצמעסיק געמוזט קומען. אויב ווידער דאָס נאַציאָנאַלע געפיל איז ביי אונדז דאָ, און אויב מיר פאַרמאָגן יאָ, אין אַזאַ אָדער אַנדער פאָרם, די פאַרזיכיקייט פון אינעווייניקסטן לעבן, — טאָ ווער איז עס ביכולת צוצונעמען ביי אונדז דעם טיטל „נאַציע”? האָט זיך דען דער מחבר פון „אויטאָעמאַנציפּאַציע” נישט געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון די אַסימילאַטאָרן, וואָס פרעגן אַפּ אָט דעם טיטל ביי דער עלטסטער און שטאַנדהאַפטיקסטער היסטאָרישער נאַציע, בלויז אויף דעם סמך, וואָס זי האָט נישט קיין אייגענע טעריטאָריע? ער האָט פאַרזען דעם וויכטיקסטן פאַקט פון דער געשיכטע, דהיינו: אַז דער נאַציאָנאַלער גייסט פון צעשפּרייטן פאָלק האָט איבערגעלעבט די ירידה פון אַ סך מלוכהשע נאַציעס און האָט זיך אַרויסגעוויזן — אין פּרט פון באַהעפטנדיקן כוח — מעכטיקער סיי פון טעריטאָריע סיי פון מלוכהשקייט.

לאָמיר אָבער אַ קוק טאָן, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט פון די נייע באָדנלאָזע טרוימערייען וועגן שאַפן אַ פּאָליטישן באָדן פאַר דעם יידישן פאָלק.

די פּלאַמיקע רופן צו פּאָליטישן ווידערגעבורט פון צעזייטן פאָלק זענען אין דער פּראַקטיק רעדוצירט געוואָרן צום אונטערשטיצן לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע. דאָס דאָזיקע איז צוגעגאַנגען שווער: צענדליקער טויזנטער יידן האָבן יאָר־יערלעך עמיגרירט קיין אַמעריקע, און קיין פּאַלעסטינע נאָר צענדליקער און הונדערטער. די נדיבות פון באַראָן ראָטשילד האָט אָפּגעראַטעוועט פון אונטערגאַנג די ערשטע קאָלאָניעס, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דורך אונדזערע עמיגראַנטן אין דעם אוראַלטן היימלאַנד. דער קאַטאָוויצער צוזאַמענפאָר פון 1885 האָט פאַראייניקט די אָנהענגער פון דער ארץ־ישראל־זאַך. עס האָבן אָנגעהויבן אַריינפליסן באַשטייערונגען אויף דער פּאַלעסטינישער קאָלאָניזאַציע; די פירער פון דער באַוועגונג, ד״ר פינסקער בתוכם, האָבן אָפּגעגעבן זייערע כוחות דער פּראַקטישער אָרגאַניזאַציע פון דעם ענין. ווי ווייט אָבער איז געווען דאָס גרינדן עטלעכע באַשיידענע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל פון דער אידעע צו שאַפן אַן אויטאָנאָמען צענטער אין אָט דעם לאַנד!

מען האָט געמיינט, אַז דאָס פעלן פון אַ לעגאַליזירטער געזעלשאַפט שטערט דער ברייטער אָרגאַניזאַציע פון דער זאַך. נאָר אָט איז שוין די

מניעה אויך באַזייטיקט געוואָרן. אין יאָר 1890 האָט אָנגעהויבן צו אַר־בעטן אין אָדעס אַ לעגאַליזירטער פּאַלעסטינע־קאָמיטעט. די זאַמלונגען פון באַשטייערונגען און נדבות האָט מען אָנגעהויבן צו מאַכן עפנטלעך. דער קאָלאָניזאַציע־ענין האָט, נאַטירלעך, אויפגעלעבט — און וואָס איז אַרויס־געקומען? עס זענען צוגעקומען נאָך עטלעכע קאָלאָניעס, עס זענען פאַר־זאָרגט געוואָרן מאַטעריעל נאָך איין אָדער צוויי הונדערט משפּחות — און דאָס גאָר.

ווען דער גירוש מאָסקווע און די גזירות פון יאָר 1891, וואָס האָבן פאַרשטאַרקט די שלימזלדיקע עמיגראַציע קיין אַרגענטינע, האָבן באַוואוינגן אַ סך פאַרמעגלעכערע עמיגראַנטן צו קויפן גרויסע ערדבאַזיצן אין פּאַלעס־טינע, — האָט די זאַך נישט געקאָנט צו שטאַנד קומען צוליב אָרטיקע עקאָ־נאָמישע באַדינגונגען און מחמת די טערקישע רעגירונג האָט זיך קעגנ־געשטעלט. די קאָלאָניזאַציע איז געגאַנגען פּאַמעלעך, מיט אַ פּאַרנעם אַ ווייט נישט צופּאַסיקן צו די לכתחילהדיקע טרוימען. אויף אונדזערע אויגן זענען אין אַ משך פון 25 יאָר (1882—98) אויסגעוואַקסן אַרום פופצן קאָלאָ־ניעס; די יידישע באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע, אין די קאָלאָניעס און שטעט, האָט זיך פאַרגרעסערט בערך אויף אַנדערהאַלבן צענדליק טויזנט מענטשן. אַז און פאַר זיך איז דאָס זייער אַ פריידיקע זאַך. מיר אַלע, ציוו־ניסטן און נישט־ציוניסטן, פאָלגן נאָך מיט ליבע דעם וואוקס פון אָט די קלייניגקע קאָלאָניעס אויף דער ערד, וואָס איז הייליק פאַר אונדז און טייער צוליב די היסטאָרישע זכרונות. אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס באַזעצן אפילו עטלעכע צענדליק טויזנט יידן אין פּאַלעסטינע, ווי טערקי־שע אונטערטאַנער, מיט דעם ענין פון פּאָליטישן ווידערגעבורט פון דעם גאַנצן צענמיליאָניקן פאָלק, וואָס בלייבט ווייטער צעשפּרייט?

ווי ווייט עס זענען זיך דאָ פונאַנדערגעגאַנגען חלום און ווירקלעכ־קייט!...

און אָט הייבט שוין אָן קלאָרער ווערן אין די מוחות. די בעסטע פאַרשטייער פון חיבת ציון האָבן פאַרשטאַנען, אַז זייער באַשיידענע פּראַק־טישע טעטיקייט אַנטשפּרעכט נישט דעם פאַרנעם פון זייער ברייטן נאַציאָ־נאַלן אידעאַל, — און זיי זענען געקומען צו אַ פּשרה. עס איז אַנטשטאַנען יענע ריכטונג, וואָס איך האָב אַמאָל אָנגערופן „נעאָ־פּאַלעסטינישקייט"*), און איצט וואָלט איך עס אָנגערופן גייסטיקער ציוניזם, כדי אונטערצושיידן פון פּאָליטישן.

דער שעפער פון אָט דער ריכטונג האָט דערקלערט, אַז ארץ ישראל איז וויכטיק נישט ווי אַ פּאָליטישער, נאָר ווי אַ גייסטיקער צענטער פון

---

*) „די קעגנזייטיקע ווירקונג פון אידעישע ריכטונגען" (רוסיש), „וואָסכאָד", 1894, באַנד 11.

יידנטום, ווי אַ מקום מקלט „נישט פאַר יידן, נאָר פאַר יהדות", דאָס הייסט פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור, על כן — די אידעע קאָן מקוים ווערן, אפילו ווען עס זאָל זיך אַריבערקלייבן קיין פּאַלעסטינע בלויז אַ קליינער טייל פון דער דיאַספּאָרע**).

דאָס איז שוין געווען אַ היפּשער צוריקטריט פון דער דאָגמע וועגן פּאָליטישער רעסטאַווראַציע. די חסידים פון גייסטיקן ציוניזם פּרעדיקן די נויטווענדיקייט צו קערעווען איינציטיק זייערע אָנשטרענגונגען אויף דעם אויפלעבן דאָס יידישע לאַנד און אויך אויף דעם אינערלעכן ווידערגעבורט פון יידישן פאָלק, אויף צו פאַרפעסטיקן די צעטרייסלטע זיילן פון קולטור־לעבן; זיי זאָגן, אַז די ארץ־ישראל־אידעע גופא דאַרף בעיקר דינען פאַר אַ מיטל פון נאַציאָנאַל־גייסטיקער באַהעפטונג פון די יידן מחוץ פּאַלעסטינע, וואָרעם די עצם שטרעבונג צו אַ געוויסן רעאַלן צענטער איז שוין כולל אַ באַהעפטנדיקן כוח***).

אַזוי אַרום האָט זיך דער פריערדיקער פּאָליטישער נאַציאָנאַליזם, נאָך כלערליי גילגולים, דערנענטערט צום גייסטיקן אָדער קולטור־נאַציאָנאַליזם. ביידנס אויפגאַבע איז געוואָרן: אינערלעכער ווידערגעבורט פון דער יידישער נאַציע, ווי אַ פּאַרזיכיקן איינס, וואָס וויל זיך נישט צונויפשמעלצן מיט אַנדערע נאַציעס; דאָס אויפוועקן אין דער נאַציע זעלבסטבאַוואוסט־זיין און שטרעבונגען אַליין צו דערגיין צו שלימות, אויף פרייע אויטאָנאָמע יסודות.

דער חילוק באַשטייט דערין, וואָס די גייסטיקע ציוניסטן האָבן גע־האַלטן, אַז דעם אינערלעכן ווידערגעבורט קאָן מען דערגרייכן בתנאי, מע זאָל שטרעבן צו אַן אויטאָנאָם־קולטורעלן צענטער אין ארץ ישראל, בעת די גייסטיקע נאַציאָנאַליסטן האָבן נישט געמאַכט אָט די שטרעבונג פאַר קיין תנאי פון אונדזער ווידעראויפלעבונג־פּראָצעס, האַלטנדיק, אַז מיר דאַרפן דער עיקר קעמפן פאַר נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע אין די תפוצות. פּראַקטיש גענומען, האָט זיך דער חילוק רעדוצירט דערצו, אַז די ערשטע האָבן געפּרעדיקט נאַציאָנאַלע ווידעראויפלעבונג, זיך ווענדנדיק מיטן פּנים צו מזרח, און די צווייטע האָבן דאָס געטאָן, זיך ווענדנדיק מיטן פּנים צו מערב*).

---

**) אחד העם, על פרשת דרכים, אָדעס, 1895, ז' 85 (נייע אויפלאַגע 1902, ז' 79).

דאָרט, זאַמלבוך פּרדס, א"אַ „די קעגנזייטיקע ווירקונג פון אידעישע ריכטונגען", אין אָנגעוויזענעם אָרט, ז"ז, 21—26.

***) פון דאַנען — די געשאַפענע דורך מיר צעטיילונג אויף „מזרח־ניקעס" און „מערבניקעס". זע „די קעגנזייטיקע ווירקונג" אַאַ"וו „וואָס־כאָדי", באַנד 10. וועגן דער ווייטערדיקער עוואָלוציע פון גייסטיקן ציוניזם און מיינע חילוקי דעות מיט אחד־העמען — זע ווייטער אין ד־טן „בריוו".

צום גרויסן באַדויערן, דאַרף מען אָפּמערקן דעם פֿאַקט, אַז נישט די, נישט יענע זענען נישט פֿאַרשטאַנען געוואָרן ווי געהעריק דורך דער אינ־טעליגענטער מאַסע. סיי דער גייסטיקער ציוניזם סיי דער גייסטיקער נאַ־ציאָנאַליזם פֿאָדערט אַ פּאַמעלעכדיקע און עוואָלוציאָנערע אַרבעט, וואָס איז — אין קריזיס־עפּאָכעס — נישט צום האַרצן דעם צעטומלטן רוב, פֿאַר דער אינטעליגענטער מאַסע איז געווען אַ סך צוגעגגלעכער דער פּראַקטי־שער ציוניזם, וואָס האָט צוגעזאָגט צו פֿאַרבעסערן די דרויסנדיקע לאַגע פֿון יידן.

ווען די דערפֿאַרונג ווידער האָט באַוויזן, אַז די גרויסע פּראָבלעם פֿון נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט קאָן מען נישט פֿאַרבינדן מיט דעם באַשיידענעם ענין פֿון פּאַלעסטינע־קאָלאָניזאַציע, האָט זיך אין דער „ארץ־ישראל־מחנה" געלאָזט מערקן אַ געוויסע אָפּנעקילטקייט צו דער פּאַלקסזאַך. על פּי אינערע האָבן זיך נאָך איינצקע געהאַלטן ביי דער אַלטער פּאָן; אַנדערע ווידער זענען געקומען צום אויספֿיר, אַז אויב חיבת ציון האָט נישט באַ־רעכטיקט די האָפֿענונגען, וואָס מע האָט געהאַט אויף אים, איז אויך דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ אין סכנה.

אָט די מטושטשדיקע שטימונג וואָלט אַ סך מענטשן דערפֿירט צו רעווידירן זייערע איבערצייגונגען און צו באַנעמען די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע אין איר עכטן, קולטור־היסטאָרישן פּשט... דאָ איז אָבער אונ־טערגעקומען דער נייסטער מערבדיקער ציוניזם און ער האָט ווידעראַמאָל אַרויסגערופֿן אַ באַוועגונג אין דער איינגעשטילטער מחנה.

3. דאָס אייגענע נשמה־געמיט, וואָס האָט געשאַפֿן דעם פּאָליטישן משיחיזם ביי די רוסישע יידן אין אָנהייב 80־ער יאָרן, האָט אויך אַרויס־גערופֿן שפּעטער מיט 15 יאָר אַ באַוועגונג פֿון זעלבן מין אין מערב־אייראָ־פּע. אויף מערב האָט זיך, כּידוע, דער אַנטיסעמיטיזם באַוויזן אַ ביסל פֿריער, ווי אין רוסלאַנד; אַ לאַנגע צייט אָבער האָט ער געהאַט אַ מער אָדער ווייניקער טעאָרעטישן כאַראַקטער; מע האָט געהעצט קעגן יידן אין אַ באַשטימטן סאָרט צייטונגען, ביכער, פּאָליטישע קלובן; דאָס איז נאָך געווען אַ פּאַרטייזאַנישער אַנטיסעמיטיזם, אַ נישט־אָרגאַניזירטער. נאָר אָט זאָבן די פּאַרזייטע זוימען אָנגעהויבן צו געבן אַ שפּעדיקן שניט. דער אַנ־טיסעמיטיזם האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון די ביכער און קלובן — אויף דער גאַס. געהעריק דעמאָראַליזירט שוין דורך דער יודאָפֿאָבישער אַגיטאַציע, האָבן די המונים, מיט די לועגערס און דריומאָנס בראש, פֿריי געלאָזט זייערע שאָוויניסטישע אינסטינקטן, און אין די עסטרייכישע און פֿראַנ־צויזישע שטעט האָבן זיך דערהערט אימהדיקע רופֿן, וועלכע זענען אונדז, רוסישע יידן, אַזוי גוט באַקאַנט.

דאָס האָט געצוואונגען צו פֿאַרטראַכטן זיך אַ סך אָנהענגער פֿון דער אַסימילאַציע אין מערב. דער כּוח פֿון אויפֿגעבראַכטקייט האָט אויפֿגע־

וועקט דאָס דרימלענדיקע נאַציאָנאַלע געפיל. אָבער, ווי עס טרעפט געווײנלעך, זענען זיי אַריבער פון איין עקסטרעם צום צווייטן. אויב דאָס יידנטום איז יאָ אַ נאַציע, — האָבן זיי דערקלערט, — טאָ דאַרף עס ווערן אַן עכטע נאַציע, פּאָליטיש אומאָפּהענגיק.

דער רוף פון דעם מחבר פון „אויטאָעמאַנציפּאַציע" האָט זיך איבערגעחזרט אין דעם „יודענשטאַט" פון ד״ר הערצל (ווין, 1896). ווידעראַמאָל איז אויף דער סצענע אַרויסגערוקט געוואָרן די פראַגע וועגן שאַפן אַ יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע אָדער ערגעץ אַנדערש, די פראַגע איז אָבער אַרויסגערוקט געוואָרן מער אַנטשלאָסן און באַשטימט, מיט אַ גענויעם פּלאַן פון „דערווערבן די טעריטאָריע" און מיט אַ רוף צו תיכפּדיקע דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען אין דער ריכטונג.

ד״ר הערצל, וואָס איז לכתחילה געווען גלייכגילטיק בנוגע דעם אויסוואַל פון אַ טעריטאָריע פאַר דער „יידישער מלוכה", אַז ער האָט אָנגעטראָפן אויף מיטגעפיל אין די אַלטע ציוניסטישע קרייזלעך, איז ער לגמרי צוגעשטאַנען צו דער ארץ־ישראל־אידעע. אין דער מחנה פון די ציוניסטן, פון מזרח און מערב, איז געוואָרן אַן אויפלעבונג. די סודותפולע קלאַנגען וועגן ד״ר הערצלס פערטראַקטאַציעס מיטן סולטאַן און מיט די יידישע באַנקירן אין ענגלאַנד האָבן אונטערגעהאַלטן אין די מוחות אָט דעם פּאַליטישן מיראַזש. דער אימפּאַזאַנטער באַזעלער קאָנגרעס, וואָס די ציוניסטן האָבן איינגעאָרדנט אין אויגוסט 1897, האָט געדאַרפט געבן אָט דעם מיראַזש אַ געוויסע שיין פון רעאַלקייט. צי איז דער דאָזיקער ציל דערגרייכט געוואָרן?

אויף דעם באַזעלער קאָנגרעס האָבן זיך אָנגעמערקט צוויי שטרעמונגען: 1) די שטרעמונג צו פּראָקלאַמירן בקול רם פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז דאָס יידנטום האַלט זיך פאַר אַ נאַציע, און וויל לעבן, ווי אַ נאַציע; 2) די שטרעבונג צו דערווייזן די נויטווענדיקייט און מעגלעכקייט צו שאַפן אַ יידישע מלוכה אָדער אַן אינטערנאַציאָנאַל־רעכטלעך־געזיכערטע אויטאָנאָמע טעריטאָריע — ווי דער איינציקער אופן פון ווייטערדיקן אויפהיטן די יידישע נאַציע און פון לייזן די יידישע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פראַגע.

די ערשטע פון די דאָזיקע אויפגאַבן, די אַלפּאָלקישע, איז דערפילט געוואָרן מיט געוויס דערפאָלג, און דאָס האָט געמאַכט אַ גוטן רושם סיי לפנים סיי מחוץ פון יידנטום; וואָס שייך דער צווייטער, דער פּאַרטייאישער אויפגאַבע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מע האָט נישט אין רשות קיין פּאַקטישע געגעבענע, ווי איינציקע האָבן אויסגעקוקט, נאָר בלויז וואָרזאָגערישע פּראָיעקטן און באַשלוסן — צו אָרגאַניזירן, צוגרייטן, פּראָפּאַגאַנדירן אד״גל.

ווען דער באַזעלער קאָנגרעס וואָלט געווען נישט קיין פּאַרטייאישער, נאָר אַן אַלײדישער, וואָלט געקאָנט געשען, אַז נאָכן אָננעמען דעם ערשטן

פון די דערמאָנטע פּונקטן זאָל מען קומען צו א באַשלוס, נאָר נישט אין הסכם מיטן תמצית פון צווייטן פּונקט. א דעלעגאַטן־צונויפקום פון אַלע פּאַרטייען (חוץ, פאַרשטייט זיך, די אַסימילאַטאָרן) וואָלט געקאָנט אָננע־מען די הנחה, אַז דאָס יידנטום איז א נאַציע, זי דאַרף דעריבער באַשיצן אירע נאַציאָנאַלע רעכט; צוליב דעם דאַרף זי זיך ווענדן נישט צו משיחישע פּרואוון צוריק אויפצושטעלן ציון, נאָר צו מער זיכערע מיטלען פון אינע־ווייניקסטער זעלבסטהילף, צו קאַמף פאַר אירע רעאַלע אינטערעסן אין די תפוצות, צו רעגולירן די פּאַקטישע, און נישט די פאַנטאַסטישע עמיגראַ־ציע־באַוועגונג. עס וואָלט אוודאי געקאָנט קומען אַן אַנדער באַשלוס פון א מערהייט, בכל אופן וואָלטן זיך אויסגעשיילט די הויפּטשטרעמונגען אין יידישן לעבן, און די שטים פון דער פאַרזאַמלונג וואָלט געווען די שטים פון פאָלק, און נישט פון א פּאַרטיי.

דער ציוניסטן־קאָנגרעס האָט שוין אָבער געהאַט א פאַרטיקע תשובה אויף אַלע שאלות. אָט דער ענטפער האָט נאָך געפעלט אין מאַקס נאָרדויס פּראָגראַם־רעדע, וואָס איז א גלענצנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון הייַנטציי־טיקן יידישן שטייגערלעבן אויפן מערב, אָבער דער פּאַרטייִאישער באַשלוס איז צוגעטשעפּעט געוואָרן צו איר אין משך פון די ווייטערדיקע דע־באַטן...

היות נאָרדויס רעדע איז דער הויפּט־מאָמענט און כמעט ווי דער אויס־גאַנגספּונקט פון די באַזעלער באַראַטונגען, האַלט איך פאַר נייטיק צו מאַכן איבער איר א קורצן אַנאַליז, כדי, ראשית, צו באַשטימען איר אינע־ווייניקסטן ווערט, און, שנית, צו איבערצייגן זיך, צי דרינגען טאַקע פון איר אַרויס דווקא יענע פּראַקטישע אויספירן, צו וועלכע דער קאָנגרעס איז געקומען.

מאַקס נאָרדוי האָט גלענצנדיק כאַראַקטעריזירט די „אומענדלעכע יידן־נויט״ אין ביידע אַספּעקטן אירע — מאַטעריעל און מאָראַליש. אמת, ער האָט אַנטפּלעקט זיין נישט באַהאַוונטקייט אין די שטימונגען פון די רוסישע יידן (דאָס איז א געוויינטלעכע זאַך אין מערב), ווען ער האָט גע־זאָגט, אַז זיי פּלאָגט נאָר די מאַטעריעלע נויט, און מאָראַלישע נויט איז דער גורל פון די מערבדיקע יידן*). מע דאַרף נישט דערווייזן, אַז די גייס־טיקע פּיין, וואָס די יודאָפאָביע פון דער אַרומיקער סביבה פאַרשאַפט, איז הייַנטיקע צייט די טרויעריקע פּריווילעגיע פון די געבילדעטע רוסישע יידן נישט אין קיין קלענערער מאָס — אויב נישט אין א גרעסערער — ווי פון די מערב־אייראָפּעישע... אגב, צום עצם ענין האָט עס נישט קיין שייכות.

---

*) מ. נאָרדוי — „די אַלגעמיינע לאַגע פון די יידן״ (דייטש "Die Welt" 1897, נומ׳ 14, ז׳ 5. זע אויך „וואָסכאָד״, 1897, בוך 9.

הייסט עס, האָט נאָרדוי אַריינגעבליקט אין דער נשמה פון מאָדערנעם יידן, וואָס איז נאָך דער „עמאַנציפּאַציע" אָפּגעשטאַנען פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער משפּחה און נישט אָנגענומען געוואָרן אין דער פרעמדער — אין די משפּחות פון די אַרומיקע פעלקער. נאָרדוי דערמאָנט יענע אַלטע צייטן, ווען דער ייד, וואָס איז געווען פאַרשפּאַרט אין ענגן דושנעם געטאָ, האָט זיך דאָרט געפילט, ווי אין אַן אייגענער נעסט, און האָט זיך באַ־צויגן צו די מיינונגען פון זיינע קריסטלעכע שכנים מיט פּונקט אַזאַ ביטול, ווי די לעצטע האָבן זיך באַצויגן צו אים. דאָס געטאָ־קינד האָט געקאָנט ליידן — און געליטן — מאַטעריעל פון זיינע שונאים, מאָראַליש אָבער איז ער געווען אומאָפּהענגיק, וואָרעם ער האָט פאַרמאָגט זיין אייגענע, לגמרי באַזונדערע גייסטיקע וועלט. צעוואַרפנדיק די געטאָ־ווענט, האָט די נייע בירגערלעכע עמאַנציפּאַציע וואָר־נישט־וואו גרינגער געמאַכט דעם מאַטעריעלן יאָך, זי האָט אָבער דערפאַר געשטעלט דעם יידן אין אַ פּיינ־לעכער מאָראַלישער אָפּהענגיקייט פון דער קריסטלעכער וועלט. אויסגעלייזט פון זיין רעכטלאָזיקייט, האָט זיך דער ייד אַ לאָז געטאָן צו זיינע קריסטלעכע מיטבירגער מיט דער כוונה זיך צונויפצוגיסן מיט זיי. צום אָנהייב, במשך פון איין אָדער צוויי דורות, האָט ער געהאַט געוויסע פּעולות, און ער האָט זיך שוין געהאַלטן פאַר אַ דייטש — אין דייטשלאַנד, פאַר אַ פראַנצויז — אין פראַנקרייך אאַ״וו. אָבער פּלוצעם האָט זיך אין אייראָפּע אויפגעהויבן די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג — און דעם יידן, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ פולבאַרעכטיקטן גליד פון די אַרומיקע פעלקער, האָט מען אָנגעהויבן אָפּצושטויסן אויף אַ באַליידיקנדיקן אופן, ווי אַ פרעמדן, ווי אַ נישט־געוואונטשענעם אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט.

„דער עמאַנציפּירטער מערב־אייראָפּעיִשער ייד, — זאָגט נאָרדוי, — האָט אַראָפּגעטרייסלט פון זיך זיינע יידישע אייגנאַרטיקייטן, אָבער די אַרומיקע פעלקער זאָגן אים, אַז זייערע אייגנאַרטיקייטן האָט ער זיך נישט צוגעאייגנט. ער האָט אָנ־געוואָרן דאָס היימלאַנד, וואָס דאָס געטאָ איז פאַר אים פריער געווען, און בינו לבינו וויל אים דאָס פאָטערלאַנד נישט אָנער־קענען פאַר זיין זון... די מיטבירגער שטויסן אים אָפּ אַלט מאָל, ווען ער וויל זיך אין זיי אָנשליסן. ער פילט נישט קיין באָדן אונטער די פיס; ער האָט מער נישט קיין פאַרבינדונג מיט דער געזעלשאַפט, אין וועלכער ער וואָלט געקאָנט אַריינ־טרעטן, ווי אַ פולבאַרעכטיקטער מיטגליד. נישט זיין כאַראַק־טער, נישט זיינע פאַרדינסטן קאָנען נישט אויסרעכענען אויף אַ יושרדיקער אָפּשאַצונג — שוין אָפּגערעדט פון סימפּאַטיעס — מצד זיינע קריסטלעכע מיטבירגער, און מיט זיינע יידישע

שטאַמברידער האָט ער איבערגעריסן יעדע פאַרבינדונג. עס
קומט דעריבער אויף ביי אים די שפּירונג, אַז די גאַנצע וועלט
איז נישט גינציק צו אים, און ער געפינט נישט קיין אָרט, וואו
ער זאָל אָנטרעפן אויף אַזאַ מיטגעפיל, וואָס ער זוכט און צו
וועלכן ער שטרעבט!"

וואָס זשע איז דערפון געדרונגען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען אָט דעם שלימזלדיקן עמאַנציפּירטן יידן, וואָס איז פון די אייגענע אָפּגעשטאָנען און צו פרעמדע קאָן ער נישט צושטיין?

נאָרדוי גיט נישט קיין ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע אין זיין רעדע. אָבער די ציוניסטן פון באַזעלער קאָנגרעס גיבן אין זייערע באַשלוסן אַ קלאָרן ענטפער אויף דעם: אַזאַ יידן דאַרף מען איבערזעצן אין זיין אוראַלטן פאָטערלאַנד — ארץ־ישראל — און שאַפן דאָרט אַ יידישע מלוכה. ווי ווייט אָבער עס שטימט נישט אָט דער אופן צו היילן די קראַנק־הייט מיט דעם ריכטיקן דיאַגנאָז, וועלכן עס האָט אין זיין רעדע געשטעלט נאָרדוי!

מחמת אַ שאַרפן היסטאָרישן קריזיס האָט זיך אַ געבילדעטער ייד אָפּ־געריסן פון זיין נאַציע. טאָ טוט זשע זיך באַמיען, ער זאָל זיך צו איר אומ־קערן, וועקט אין אים דאָס איינגעשלאָפענע נאַציאָנאַלע געפיל, גיט אים די מעגלעכקייט, ער זאָל אין זיין אייגענער נאַציאָנאַלער משפחה געפינען דאָס, וואָס ער זוכט אין דער פרעמדער! די ציוניסטן האָפן צוריקצוברענגען אַזאַ פאַרבלאָנדזשעטן זון צום יידישן פאָלק דורך דעם צוריקקער אין אַ יידישער מלוכה. אָבער דאָס באַטייט שטעלן דאָס נישט־דערגרייכלעכע ווי אַ תנאי פאַר דעם דערגרייכלעכן. דאָס שאַפן דעם יידישן „צוקונפט־שטאַט" — איז אַ שיינער טרוים, אַ משיחישע אוטאָפּיע. אָבער צוריק אויפלעבן ביי אַ וואַקלדיקן יידן זיין פאַרלוירן נאַציאָנאַל געפיל דורך מיטלען פון אַ קולטור־כאַראַקטער און דערמיט מאַכן אַ סוף צו זיין „מאָראַלישער נויט" — דאָס איז אַ פולשטענדיק מעגלעכער ענין, ווי ס'האָט עס דערוויזן די דער־פאַרונג פון די לעצטע יאָרצענדליקער נישט בלויז אין רוסלאַנד, נאָר טייל־ווייז אויך אין מערב־אייראָפּע.

נאָרדוי זאָגט, אַז בלויז „די עקזיסטענץ פון געטאָ האָט געגעבן די יידן די מעגלעכקייט איבערצוטראָגן די שוידערלעכע רדיפות". דאָס פאַר־דערט אַ היסטאָרישן קאָרעקטיוו. די שפּאַנישע און פּראָוואַנסאַלישע יידן האָבן אין מיטלאַלטער ס'רוב נישט געפירט קיין אָפּגעשלאָסענעם שטייגער־לעבן אין באַזונדערע קוואַרטאַלן, נאָר זיי האָבן געהאַט קאָנטאַקטן מיט די אַרומיקע פעלקער און נישט זעלטן אָנטייל גענומען אין זייער אינטעלעק־טועלן און מלוכהשן לעבן, — און דאָס האָט זיי פון דעסטוועגן נישט גע־

שטערט איבערצוטראָגן דערנאָך שטאַנדהאַפטיק די שרעקלעכסטע יסורים אין נאָמען פון זייער אמונה און זייער פאָלק, און אפילו צוריק צו געווי־נען דעם רוב פון די צייטווייליק אָפּגעפאַלענע ברידער — די אנוסים.

די פעסטקייט פון אַלטן יידנטום איז באַשטאַנען נישט אַזוי אין די דיקע געטאָ־ווענט, וואָס האָבן עס אָפּגעטיילט פון דער דרויסנדיקער וועלט, ווי אין דער אויטאָנאָמיע פון קהלשן לעבן, אין דער פריוויט פון פאַרזיכי־קער קולטור־שעפערישקייט. געטאָ, תלמוד־דיסציפּלין און רבניזם — דאָס זענען געווען נאָר די דרויסנדיקע לבושים פאַר אָט דער נאַציאָנאַל־קולטו־רעלער אויטאָנאָמיע. אָבער דער תוכן פון נאַציאָנאַלער קולטור איז נישט עפּעס אַזוינס, וואָס איז איינגעשטעלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל, — און דער תוכן פון דער נייער יידישער קולטור וואָלט זיך געקאָנט געפינען אַ נייעם לבוש, נישט אידענטיש מיט געטאָ־אָפּזונדערונג, און צוגעפּאַסט צו טאָציאַלער אויטאָנאָמיע אין מאָדערנע פאָרמען.

דער מאַנגל אין אַ ברייטער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו — דאָס איז דער עקיר־חיסרון פון מאַקס נאָרדויס אָנגעוויזענער פּסיכאָלאָגישער אינ־דוקציע. ער האָט גענומען בלויז צוויי שאַרף קעגנגעשטעלטע מאָמענטן: געטאָ און עמאַנציפּאַציע — און ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז די לעצטע האָט שוין חרוב געמאַכט דאָס, וואָס עס האָט אויפגעהיט די ערשטע. דאָס, וואָס איז געשען אויף זיינע אויגן — די ירידה פון נאַציאָנאַלן געפיל ביים עמאַנציפּירטן יידנטום — האָט ער אָנגענומען פאַר אַ סימן פון צעפוילונג, גלייך ווי דאָס איז דאָס לעצטע וואָרט פון דער יידישער געשיכטע, גלייך ווי אין אונדזער רייכן עבר האָבן זיך שוין נישט געהאַט איבערגעחזרט אַ סך מאָל ענלעכע אָפּפלוסן פון נאַציאָנאַלער ענערגיע, נאָך וועלכע עס פלעגן דאָך תמיד קומען נייע צופלוסן.

נאָרדוי זאָגט: „פריער איז דער זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט ביי יידן געווען געקערעוועט צו דער שאַרפסטער אָפּזונדערונג; איצט ווידער (נאָך דער עמאַנציפּאַציע) האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן אין דער ריכטונג פון פולסטער דערנענטערונג און אידענטיפיקאַציע". אוודאי — על פּי דעם געזעץ פון קעגן־אַקציע, וואָלט דער דראַנג פון די עמאַנציפּירטע יידן צו צונויפשמעלצונג מיט די קריסטלעכע מיטבירגער געדאַרפט זיין גלייך צו דעם כוח פון דער פריערדיקער שטרעבונג צו אָפּגעזונדערטקייט. דאָך, על פּי דעם כוח פון היסטאָרישער עוואָלוציע, האָט די נייע באַוועגונג בדרך הטבע געמוזט פאַרלירן איר האַסטיקייט און מאַכן אַ וועג פאַר די יסודות־ריקע תשוקות פון דער פאָלקס־נשמה.

נאָרדוי האָט בולט געשילדערט דעם מיטלאַלטערלעכן טעזיס (אָפּגעזונ־דערטקייט פון געטאָ) און דעם נייסטן אַנטיטעזיס (די צונויפגיסונג און דעגענעראַציע פון אַ טייל עמאַנציפּירטע יידן); ער האָט אָבער פאַרגעסן,

אַז דאָס פֿאָלק, וואָס איז דורכגעגאַנגען אָט די צוויי קולטור־סטאַדיעס, איז ביכולת צו דערגיין אויך צו דער דריטער — צו דעם ברייטן סינטעז. עס האָט זיך געפּאָדערט נישט ווייניק צייט אויף דעם צופּאַסן דאָס יידישע נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין צו די נייע לעבנסבאַדינגונגען. אָט דער צופּאַסונגס־פּראָצעס קומט נאָך איצטער אויף פּאָר, מיט שאַרפֿע וואַקלונגען אין איינער אָדער אין דער צווייטער זייט. אָבער ביי אַלע וואַקלענישן מוז ער דערפֿירן צום ציל. דער בלאָנדזשענדיקער ייד, וואָס איז נישט אָנגענומען אין דעם פֿרעמדער נאַציע, קאָן נאָך צוריקקומען צו דער אייגענער און דאָרט געפֿינען אַ באַפֿרידיקונג פֿון זיינע מאָראַלישע באַדערפֿענישן; ער וועט זיין געשיצט קעגן דרויסנדיקער דערנידעריקונג דורך דעם נאַציאָנאַלן געפֿיל, ווי אַמאָל — דורך דעם רעליגיעזן.

אָנשטאָט דעם דאָזיקן ריכטיקן סינטעז האָבן די ציוניסטן צוגעקלעפּט צום דערמאָנטן אַנטיטעזיס זייער אויספֿיר: מע דאַרף צוריק אויפֿשטעלן אַ יידישע מלוכה.

עס זענען דאָך אָבער במשך פֿון דער צוויי־טויזנטיעריקער תקופה פֿון יידישער צעשפּרייטקייט געווען אַ סך מאָמענטן, ווען מען האָט ביז גאָר געדאַרפֿט צוריק אויפֿשטעלן די יידישע מלוכה, — איז וואָס האָט די יוירקלעכקייט געענטפֿערט אויף אָט דער דרינגענדיקער נויטווענדיקייט? מיט משיחישע אויפֿברויזן, וואָס פֿלעגן נאָך זיך איבערלאָזן צעוויטיקטע הערצער, אַ פּוסטקייט פֿון נישט מקוים געוואָרענע האָפֿענונגען.

די ווידעראויפֿשטעלונג פֿון אַ מלוכה אין ארץ־ישראל מיט אַ באַדייטנדיקער יידישער באַפֿעלקערונג — דאָס איז אַן אוממעגלעכע זאַך צוליב פּאָליטישע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען; וואָס שייך דער אינערלעכער ווידעראויפֿלעבונג פֿון דער יידישער נאַציע — איז דאָס נישט בלויז אַ זאַך, וואָס איז מעגלעך, נאָר זי קומט שוין פֿאָר טיילוויז. איך חזר איבער, אַז מיט „אינערלעכער ווידעראויפֿלעבונג" מיין איך דאָס צוריקברענגען דעם בלאָנדזשענדיקן יידן צו זיין אייגענער נאַציאָנאַלער משפּחה, פֿון וועלכער ער איז אָפּגעריסן, כדי ער זאָל מאָראַליש זיין אומאָפּהענגיק פֿון פֿרעמדע סימפּאַטיעס און ער זאָל אין דעם דינען דער אייגענער גרויסער קולטור־היסטאָרישער נאַציע געפֿינען פּונקט אַזאַ באַפֿרידיקונג, ווי עס געפֿינען אַנדערע, דינענדיק די אינטערעסן פֿון זייערע פּאָליטישע נאַציעס. אַהערצו דאַרפֿן זיין געווענדט אַלע אונדזערע אָנשטרענגונגען — די טעטיקייט פֿון דער געזעלשאַפֿט, פֿון דער שול, פּרעסע, — און דווקא דאָ איז די אמתע היילונג פֿון דער קראַנקהייט, וואָס איר דיאַגנאָז האָט מאַקס נאָרדוי געשטעלט אויפֿן באַזעלער קאָנגרעס.

נאָך לאַנגע וויכוחים האָט מען אויף אָט דעם קאָנגרעס אָנגענומען די ווייטערדיקע פּראָגראַם:

„דער ציוניזם שטרעבט צו שאַפן פאַרן יידישן פאָלק אַ היים אין ארץ־ישראל, געזיכערט דורכן אינטערנאַציאָנאַלן רעכט. כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל, האָט דער קאָנגרעס אין זינען די פאָלגנדיקע מיטלען: 1) די צילגעווענדטע קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע דורך יידישע ערדאַרבעטער, באַלמעלאָכעס און אינדוסטריעלער; 2) די אָרגאַניזאַציע און פאַראייניקונג פון גאַנצן יידנטום מיט דער הילף פון געהעריקע — אָרטיקע אָדער אַלגעמיינע — אינסטיטוציעס, געשאַפענע אין הסכם מיט די געזעצן פון יעדן לאַנד; 3) פאַרשטאַרקן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל און זעלבסטבאַוואוסטזיין ביים יידישן פאָלק; 4) צוגרייטונג־שריט צו באַקומען די הסכמה פון רעגירונגען, וואָס איז נייטיק צו דערגרייכן דעם ציל פון ציוניזם"*).

— צי זענען די דאָזיקע מיטלען צופּאַסיק צו דעם ענדציל? די קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע דורך יידן קומט שוין פאַר פון לאַנג און בהדרגהדיק, אויף וויפל די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען דערלאָזן. דער חלום, אַז די דאָזיקע באַשיידענע קאָלאָניזאַציע וועט דערפירן צו דעם פּאָליטישן ווידערגעבורט, איז צערונען געוואָרן ביי די פריערדיקע „חובבי ציון". די נייע מערבדיקע ציוניסטן ווילן אויפלעבן אָט דעם חלום. אָנשטאָט אַ בהדרגהדיקער קאָלאָניזאַציע ווילן זיי אָרגאַניזירן אַ מאַסן־באַזעצונג אויף אַ ברייטן פאַרנעם, זיך באַוואָרענענדיק פריער מיט דעם הסכמה פון דער טערקישער רעגירונג און אפילו מיט אַן אינטערנאַציאָנאַלער גאַראַנטיע אויף ארץ־ישראל פאַר יידן. וואָס זשע פאַר אַ רעאַלן סמך האָבן זיי מקיים צו זיין אַזאַ גראַנדיעזן פּלאַן? אוודאי איז גרינג צו גרינדן פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציאָנעלע און אַגיטאַציאָנעלע קאָמיטעטן, אָנצונעמען „צוגרייטונג־שריט" אד"גל (פּונקט 2 און 4); אָבער מיט וועלכע כוחות זאָל מען דעם ענין רירן פון אָרט? אָט זענען שוין דאָ ציוניסטישע קאָמיטעטן, צענטראַלע און אָרטיקע; מע פירט אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע אין דער פּרעסע און געזעלשאַפט; עס ווערן וועררבירט אָנהענגער; מע זאַמלט באַשטייערונגען, עס ווערט צוגעגרייט דאָס גרינדן אַ יידישע קאָלאָניזאַציע־באַנק פאַר באַזעצונג אין פּאַלעסטינע. צי איז אָבער שוין געמאַכט געוואָרן כאָטש איין שריט צו דערגרייכן דאָס וויכטיקסטע — צו באַקומען דעם הסכם פון סולטאַן און

---

*) Die Welt, 1897, Nr. 14

מע האָט שוין בשעתו אָנגעוויזן דערויף, אַז דאָס באַנוצן דאָס וואָרט "Heimstaat" (נאַציאָנאַלע היים), אין דער פאָרמולירונג פון קאָנגרעס, אָנשטאָט דער דרייסטערער הערצלישער פאָרמולע "Judenstaat" (מלוכה), — איז שוין אַ געוויסע הנחה לגבי די אומשטענדן.

פון די גרויסמאַכטן אויף צו שאַפן אַ ייִדישע מלוכה אָדער לכל הפחות אַ געזיכערטן נאַציאָנאַלן צענטער אין פּאַלעסטינע? *). האָט דאָך דער באַזעלער קאָנגרעס פּראָוועדט צו קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע, כּל זמן מע וועט דערויף נישט קריגן די נייטיקע פּאָליטישע גאַראַנטיעס.

לאָמיר, פון דעסטוועגן, אָננעמען, אַז די פּאָליטישע ציוניסטן וועלן קומען צום שכל און וועלן זיך דערוויַיל באַגנוגענען מיט דעם, וואָס איז מעגלעך: זיי וועלן זיך דערשלאָגן ביים סולטאַן דאָס רעכט בלויז אויף פרייער באַזעצונג פון ייִדן אין פּאַלעסטינע, און אויף די מיטלען פון זייער באַנק וועט מען ממשיך זיין, אין אַ ברייטערן פאַרנעם, די פריערדיקע קאָ־לאָניזאַציע פון לאַנד, מיט דער האָפענונג, אַז מיט דער צייט וועט זיך שאַפן פון זיך אַליין אַ גרויסער ייִדישער צענטער מיט אַ פּאָליטישן סדר. אָבער מע דאַרף דאָך נישט פאַרגעסן, אַז אויך אַזאַ פאַרברייטערונג פון דער קאָלאָניזאַציע האָט געוויסע גרענעצן אין די עקאָנאָמישע און ערד־באַדינ־גונגען פון לאַנד. במשך פון 17 יאָר אָנגעשטרענגטע אַרבעט און ביי אַ פאַרשטאַרקטער עמיגראַציע, ביים אַריינלייגן ריזיקע מיטלען און מיט דער הילף פון ראָטשילדס מיליאָנען — איז אונדז געלונגען איינצואָרדענען אויף ערד אין פּאַלעסטינע בלויז אַן ערך 3600 איינוואַנדערער, דאָס מאַכט אויס בערך 211 מענטשן אַ יאָר **). נעמען מיר אָן, אַז די קאָמיטעטן פון די מערבדיקע ציוניסטן וועלן אַרבעטן מיט אַ סך גרעסערע קאַפּיטאַלן און מיט מער ענערגיע און זיי וועלן אַריבערפירן קיין ארץ ישראל נישט 200 נאָר 1000 קאָלאָניסטן יערלעך (אויף וואָס מע וועט דאַרפן אויסגעבן יער־לעך עטלעכע מיליאָן רובל), — דעמלט וועט אין 100 יאָר אַרום די ייִדישע דאָרפישע באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע דערגרייכן די צאָל פון הונדערט טויזנט. לאָמיר די צאָל כּפּלען אויף פינף, צוגעבנדיק אַהער דעם נאַטיר־לעכן צוואוואוקס ,ווי אויך דעם צופלוס פון אינדוסטריעלער באַפעלקערונג אין די שטעט, — וועלן מיר דעמאָלט באַקומען, אַז אין הונדערט יאָר אַרום וועט אין ארץ ישראל זיין אַ האַלבער מיליאָן ייִדן, דאָס הייסט, נישט קיין

---

*) הערצלס שפּעטערדיקע פּרוּוון צו באַווירקן דעם סולטאַן און אייניקע אייראָפּעישע מלוכות אויפן דיפּלאָמאַטישן וועג האָבן זיך, ווי באַקאַנט, נישט איינגעגעבן.

**) איך האָב געמאַכט דעם אַלגעמיינעם אויספיר לויט דעם סך־הכל פון דער צאָל באַפעלקערונג אין יעדער פון די 15 פּאַלעסטינישע קאָלאָניעס, ציפערן, וואָס ווערן אָנגעגעבן אין 2טן נומער פון ציוניסטישן זאַמלבוך „וויעסטניק סיאָנאַ" (רוסיש), כאַרקאָוו 1897, ז"ז 24—54. היות דאָס אַרטיקל איז דאַטירט 1896, האָב איך צום סך־הכל (3160) צוגעגעבן נאָך 422 מענטשן (די דאָפּלטע יערלעכע ציפער פון די איינוואַנדערער) אויפן חשבון פון די לעצטע צוויי יאָר, און דאָס איז די בערכדיקע סומע, וואָס איז אָנגעוויזן אין טעקסט.

סך מער, ווי די יידישע באַפעלקערונג בלויז פון דער קיעווער גובערניע (428,000 לויט דער לעצטער ציילונג).

אוודאי איז אונדז אַלעמען זייער טייער די האָפענונג צו האָבן אין אַנהייב פון 21טן יאָרהונדערט אַ האַלבן מיליאָן אונדזערע ברידער אין אונדזער אוראַלטן היימלאַנד, — צי קאָן מען אָבער דערמיט לייזן די פראַגע פון צען מיליאָן יידן, וואָס זענען צעזייט און וועלן בלייבן צעזייט איבערן ערדקיילעך? על פּי דער ציוניסטישער דאָקטרינע זענען דאָך אָט די מיליאָנען אין גלות פאַרמשפּט אויף אונטערגאַנג דורך אַסימילאַציע און סאָציאַל־עקאָנאָמישער דעגענעראַציע. וואָס וועט איר אָבער זאָגן אויף אַזאַ אָריגינעלער לייזונג פון דער יידן־פראַגע, וואָס פאַרמשפּט אויף נאַציאָנאַלן טויט דאָס גאַנצע פאָלק, מיטן אויסנאַם פון איין צוואַנציקסט־חלק זיינעם?

ס'איז אַ ספק, צי אפילו די סאַמע דרייסטע ציוניסטן האָפן, אַז אַלע יידן, וואָס „קאָנען זיך נישט אַסימילירן", וועלן קומען קיין פּאַלעסטינע. ריכטיק האָט באַמערקט דער פאָרשטייער פון די גייסטיקע ציוניסטן, וואָס איז געווען אויפן קאָנגרעס, אַז אפילו מע זאָל שוין איצט האָבן דערלויבט צו שאַפן די יידישע מלוכה אין ארץ ישראל, איז אויך אין אַזאַ פאַל וואָלט מען געקאָנט אַריבערוואַנדערן אהין נאָר ביסלעכווייז, מחמת אומברחמ־נותדיקע עקאָנאָמישע געזעצן, און אַזוי אַרום וואָלטן סוף כל סוף גע־בליבן אין די תפוצות אָן אַן ערך מערער יידן ווי אין ארץ ישראל*).

וואָס שייך דער מיינונג, אַז די רעגירונג פון דער צוקונפטיקער יידי־שער מלוכה וועט בלומרשט זיין ביכולת אויפן דיפּלאָמאַטישן וועג צו שיצן אירע שטאַמברידער פון אַנדערע לענדער, — איז דאָס אַ נאַיווע זעלבסט־גענאַרעריי, וואָרעם מיר ווייסן שוין, וואָס פאַרא ווערט עס קאָן האָבן די שטים פון אַ קליין מלוכהלע אין דעם ראַט פון די „גרויסמאַכטן". אין בעס־טן פאַל וואָלטן אָט די לעצטע געקאָנט ענטפערן די פראָטעסטירנדיקע יידן פון די תפוצות: אויב ס'איז אייך נישט גוט ביי אונדז, טאָ קאָנט איר זיך פאַרנעמען אין אייער אייגענער מלוכה**).

בזה אופן איז דער פּאָליטישער ציוניזם אַן אוטאָפּיע אין דער דריטער מדרגה: אַ חלום וועגן דער מעגלעכקייט צו שאַפן אַ יידישע מלוכה, וואָס זאָל זיין געזיכערט דורכן אינטערנאַציאָנאַלן רעכט; אַ חלום וועגן אַרי־בערפירן אהין אַ מער־ווייניקער באַדייטנדיקן טייל פון יידישן פאָלק; און אַ חלום צו לייזן אויף אַזאַ וועג דעם גורל פון גאַנצן יידנטום.

וואָס זשע בלייבט איבער פראַקטיש פון דער גאַנצער פּראָגראַם פון באַזעלער קאָנגרעס? — איך האַלט, אַז נאָר די פּונקטן צוויי און דריי פון

*) אחד־העם אין זשורנאַל השלוח, 1898, יאַנואַר. ז' 4.
**) דאָרט, פּײגל „על פּרשת דרכים", באַנד 2, ז' 26 (בערלין, 1903).

פּראָגראַם: „אָרגאַניזירן דאָס יידנטום" און „שטאַרקן דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַוואוסטזיין". אָט די פּונקטן, וואָס ליגן אין יסוד פון גייסטיקן נאַציאָנאַליזם, וועלן זיין — בײנאַנד מיט דער בהדרגהדיקער אויסברייטערונג פון דער פריערדיקער פּאַלעסטינישער קאָלאָניזאַציע — דער בעסטער רעזולטאַט פון דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע. צו דעם צוועק דאַרפן זיך אָבער די ציוניסטן אויסניכטערן און פאַרשטיין, אַז „דאָס צוריקברענגען צום יידנטום" איז דער הויפּטציל, און נישט קיין מיטל צו אַ פאַנטאַסטישן „צוריקברענגען אין דער יידישער מלוכה". אין קעגנפאַל קאָן דער דורכפאַל פון פּאָליטישן ציוניזם דערפירן אַ סך מענטשן צו אַזאַ „מאָראַלישער נויט", אַז אין פאַרגלייך מיט איר וועט אויסזען נישטיק די מאָראַלישע נויט, וועלכע די נישט־געלונגענע אַסימילאַציע האָט גורם געווען.

4. דער פריערדיקער אַנאַליז האָט אונדז קלאָר געמאַכט, פאַרוואָס דווקא אין דעם געגעבענעם היסטאָרישן מאָמענט קומט די יידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג צום אויסדרוק דער עיקר אין דער אומרעאַלער, משיחישער פאָרם פון ציוניזם. איצט שטעלט זיך אַ פראַגע: ווי אַזוי דאַרפן זיך די אָנהענגער פון קולטור־היסטאָרישן נאַציאָנאַליזם באַציען צום ציוניזם, נעמענדיק אין אכט די אָנגעוויזענע מאָטיוון זיינע?

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ביי מיר געווען איינער פון די אָנגעזעענע עסקנים אין דער חיבת־ציון־פּאַרטיי און ער האָט בהלצה געפרעגט: „איר זענט נאָך נישט געוואָרן קיין „חובב ציון"? אויף דעם האָב איך געענטפערט: „איך דאַרף נישט זיין קיין „חובב ציון", כדי צו זיין אַ ייד".

אָט די ווערטער וואָלטן געקאָנט דינען ווי אַן ענטפער אויף דער אויבן געשטעלטער פראַגע.

אויף וויפל דער פּאָליטישער ציוניזם פאַרמאָגט אַ כוח אָפּצוהאַלטן פון אַסימילאַציע אָדער ראַטעווען פון אינדיפערענטיזם געוויסע עלעמענטן פון יידנטום, אויף אַזוי פיל קאָן מען אים האַלטן פאַר פּראַקטיש נוצלעך; ער קאָן אָבער ברענגען אויך שאָדן אין דער מאָס, אין וועלכער ער ענדערט די ריכטיקע היסטאָרישע פּערספּעקטיוו און די גרונט־קאָנצעפּציע פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע. די, וואָס רעדן וועגן דער גאולהדיקייט פון ציוניזם, גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון, אַז אַן אים וואָלטן אַ סך פון זייערע אָנהענגער אָדער זיך דערווייטערט פון יידנטום, אָדער זיי וואָלטן זיך נישט אָפּגעגעבן אַזוי אייפעריק צו זיינע אינטערעסן, ווי איצט, ווען זיי גליבן אין דעם גיכן פּאָליטישן ווידערגעבורט פון זייער פאָלק. אָט דער משיחישער גלויבן איז אַ רפואה צו דעם פּעסימיזם, וואָס צעפרעסט זיי.

די פּאָליטישע ציוניסטן האָבן בכלל גאָר נישט קיין געהויבענע מיינונג וועגן דער לעבנספעיקייט פון דער יידישער נאַציע. זיי האָבן דערזען אַ דעגענעראַציע אין געוויסע קרייזן — און זיי שרייבן דאָס צו דעם גאַנצן

פאָלק. די יידישע געשיכטע, אין וועלכער זיי האָבן זיך נישט געגוג פאַר־טיפט, האָט זיי נישט געגעבן קיין באַגריף וועגן דער ספּעציפישער עוואָ־לוציע פון דעם פאָלק, צו וועלכן זיי געהערן, האָט זיי נישט געגעבן דעם גלויבן — נישט אָט דעם מיסטישן, נאָר דעם וויסנשאַפטלעכן — אַז מע קאָן אָט דאָס פאָלק נישט אויסראָטן, בתנאי אַז עס וועט אויך ווייטער אָנשטרענגען זיין נאַציאָנאַלן ווילן אין לגמרי רעאַלע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען.

פון דעסטוועגן, וואָלטן די נאַציאָנאַליסטן געקאָנט זאָגן צו די ציו־ניסטן: איר האָט נישט קיין צוטרוי צו דער היסטאָרישער דערפאַרונג און איר ווילט דינען די אינטערעסן פון אונדזער נאַציע נאָר בתנאי, אַז זי וועט אין דער נאָענטער צוקונפט באַקומען אַ מאַטעריעלע פאַרזיכערונג אין דער געשטאַלט פון אַן אייגענער טעריטאָריע. מהיכי־תיתי! איז דינט דערווייל די אינטערעסן פון אונדזער פאָלק באַדאַי אונטער דער השפּעה פון פאַנטאַסטישע האָפענונגען. מיט דער צייט וועט איר אפשר פאַרשטיין מיפער די עוואָלוציע פון יידנטום און דערזען, אַז דער כוח זיינער שטעקט דווקא אין דעם, וואָס איר נעמט אָן פאַר זיין שוואַכקייט. דעמאָלט וועט איר ווערן נאַציאָנאַליסטן אָן באַדינגונגען, בירגער פון אַן עקזיסטירנדיקער, און נישט נאָר פון אַ „קומענדיקער נאַציע".

די צייטיק געוואָרענע באַדערפעניש אין נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, פון איין זייט, און די אָפּפרעמדטקייט פון יידנטום, דאָס נישט פאַרשטיין זיין אייגנאַרטיקן היסטאָרישן גורל, פון דער צווייטער זייט — אָט דאָס זענען די סיבות, פאַרוואָס דער פּאָליטישער ציוניזם האָט דערפאָלג צווישן דער יידישער אוניווערסיטעט־יוגנט אין מערב און אין רוסלאַנד. אָפּגע־שטויסן פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט דורכן אַנטיסעמיטיזם און פון פריער נאָך פאַרלוירן די קולטור־פאַרבינדונגען מיטן יידנטום — האָט זיך די יוגנט אָנגעכאַפּט אין פּאָליטישן ציוניזם ווי אין אַ רעטונגס־אַנקער. זי האָט ליב געקריגן איר פאָלק, פון זינט זי האָט אָנגעהויבן גלייבן, אַז אינ־גיכן וועט עס זיין עולעך אויף אַנדערע, פּאָליטישע פעלקער. דאָס איז — אַ דרויסנדיקע אַסימילאַציע, וואָס האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון דער פריער־דיקער אינערלעכער אַסימילאַציע... צו דעם צוועק ווערט געשאַפן אַ באַזונ־דערע פילאָסאָפיע פון דער יידישער געשיכטע, צונעשניטן לויט די סאַמע נייסטע פאַסאָנען פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם אָדער ניטשעאַנישן „אי־בערשאַצן אַלע ווערטן"; די פילאָסאָפיע האָט אָבער בלויז איין חסרון: זי פאַסט זיך נישט צו דער מאָס פון דער עקשנותדיקער און אייגנאַרטיקער יידישער געשיכטע, וואָס לאָזט זיך נישט אַריינקוועטשן אין סדום־בעטל פון פאַרטיקע טעאָריעס, סיידן נאָך ביז גאָר געוואַגטע כירורגישע אָפּעראַציעס...

אַנומלטן האָב איך געקריגן פון אַ יידישן סטודענט אַ באַריכותדיקן בריוו, אין וועלכן דער מחבר, אַ פּאָליטישער ציוניסט, טרעט אַרויס הייס קעגן מיין טעאָריע פון גייסטיקן נאַציאָנאַליזם. רעדנדיק אין נאָמען פון אַ סך אָנהענגער זיינע, ענדיקט ער זיין בריוו מיט אַזעלכע אויספירן: 1) „איך אָנערקען די עקזיסטענץ פון אַ יידישער נאַציע; 2) איך האַלט, אַז עס דראָט איר אַ גרויסע סכנה פון צעפוילונג, און דעם צעפוילונגס־פּראָצעס באַמערק איך, זינט די יידן זענען אַרויס פון געטאָ; 3) די יידישע נאַציע קאָן מען ראַטעווען נאָר דורך אַן אַלגעמיינער אָנשטרענגונג, וואָס איז באַגייסטערט מיט איין אידעע (אָבער נישט בלויז מיט דער אידעע אַליין); 4) די דאָזיקע אַרבעט זע איך אין דעם פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל פון ציוניזם".

דער ענטפער, וואָס איך האָב געשיקט אַט דעם אָפּאָנענט, קאָן דינען ווי אַן ענטפער אַ סך פון דעם איצטיקן „יונג־ארץ־ישראל". דאָ ברענג איך עטלעכע אויסצוגן פון מיין בריוולעכן ענטפער:

. . . „פון אייער בריוו, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט טיפער איבער־צייגונג, איז קלאָר, אַז איר און אייערע אָנהענגער פאַרמשפּטן די יידישע אינ־טעליגענץ אויף ענדגילטיקער דעגענעראַציע אין נאַציאָנאַלן זינען, אויב זי וועט זיך נישט דורכדרינגען מיט די אידעען פון ציוניזם. אין אייערע טענות — אַזעלכע טענות קומט מיר אויס צו הערן און צו לייענען כמעט יעדן טאָג — הער איך דעם וויינעשריי פון אונדזער וואַקלדיקער אינטעלי־גענץ: „נעמט נישט צו ביי אונדז אַט דעם רעטונגס־אַנקער, אַט דעם אימ־פּולס צו נאַציאָנאַלער אַרבעט, וועלכן עס האָט אונדז געגעבן דער ציוניזם!" רבותי, מיר זענען נישט אַזעלכע אכזרים צוצונעמען דעם שטעקן ביי דעם, וואָס שטייט נישט פעסט אויף זיינע פיס. איך האַלט פאַר פאַלש די מיינונג, אַז די יידישע געזעלשאַפט, מטף ועד נשים, וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פון אונדזער פאָלקסזאַך, אויב עס וואָלט נישט אונטערגעקומען דער ציו־ניזם. אין צווייטן פון מיינע „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" וועט איר געפינען די ראיות לטובת דעם, אַז דער פּראָצעס פון נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין האָט גענומען אָנקומען ביים יידנטום אין אונדזער עפּאָכע, ווי אַ קעגנגעוויכט צו דער צייטווייליקער זעלבסטפאַרלייקענונג. אימפּולס און צופאַלס פון נאַציאָנאַלן גייסט בייטן זיך כסדר אין דער יידישער גע־שיכטע. דער נייער צופאַלס וואָלט געראַטעוועט די וואַקלדיקע יידישע אינ־טעליגענץ אויך אָן דעם פּרט פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, וואָס רופט זיך ציוניזם. איר אָבער און די, וואָס זענען מיט אייך איינשטימיק, האַלטן פּונקט פאַרקערט. דער גייסטיקער נאַציאָנאַליזם גיט אייך נישט קיין גע־נוגנדיקן אימפּולס צו אַרבעט; איר באַניגנט זיך נישט מיט אינערלעכן ווי־דערגעבורט, ד"ה, מיט דעם וואוקס פון זעלבסטבאַוואוסטזיין אין פאָלק, נאָר איר שטרעבט צו פּאָליטישן ווידערגעבורט, באַדאַי אַן אויטאָפּישן; איר

דאַרפט האָבן אַ געוויינטלעכע פּאָן, אַ מאַטעריעלן פּונקט, אַן אָפּגאָט, וואָס מע קאָן אים זען — אין דער געשטאַלט פון אַ „יודענשטאַט”. אויב אַזוי — איז האַלט זיך אין אייער טרוים, אַזוי לאַנג ווי ער איז אייך נייטיק פאַר דער נשמה־גלייכגעוויכט; בוקט זיך צו אַ בילד, וואָס מע קאָן עס אָנקוקן, וויבאַלד עס זאָגט אייך גאָרנישט — פאַר אייער שכל און געפיל — דאָס גייסטיקע בילד.

„איך קוק אויף אייך, ציוניסטן, ווי אויף געצנדינער פון דער נאַציאָנאַלער אידעע... דאָס איז טרויעריק פון שטאַנדפּונקט פון אַבסאָלוטן אמת, ס׳איז אָבער דערפרייענדיק פון שטאַנדפּונקט פון פּראַקטישן נוצן, וואָרעם אויך די „געצנדינער פון נאַציאָנאַליזם” דינען דאָך פאָרט אונדזער פאָלקסזאַך און באַהעפטן זיך צום פאָלק. ביסלעכווייז וועלן אפשר די ציוניסטן אַריבערגיין פון נידעריקערע, מאַטעריעלע פאָרמען פון נאַציאָנאַלן קולט צו העכערע, גייסטיקע. דעמאָלט וועט טריומפירן יענע אידעע פון עכטן נאַציאָנאַליזם, וועלכע איז דער אָריגינעלער שטריך פון יידנטום.

„הייסט עס, איך נעם אָן, אַז פאַר יענע מענטשן, וועלכע נאָר דער אידעאַל פון אַ „יידישער מלוכה” קאָן זיי צובינדן צום יידנטום, איז בעסער אַריינצוטרעטן אין די רייען פון די ציוניסטן, איידער צו זיין אין די רייען פון די אַסימילאַטאָרן. לאָזט זשע אָבער נישט אָפּ פון אויג, אַז ציוניזם איז אַ רפואה פאַר שוואַכע יידן, און אַז מע טאָר נישט אייביק האָדעווען אַ מענטשן מיט רפואות, נאָר מען דאַרף געזונט מאַכן זיין אָרגאַניזם אויף אַזוי פיל, ער זאָל זיי נישט באַדאַרפן. מע דאַרף פאַרפעסטיקן אין דער יידישער געבילדעטער מאַסע דעם נאַציאָנאַלן גייסט אויף אַזוי פיל, עס זאָל איר נישט דראָען קיין דעגענעראַציע אויך דעמאָלט, ווען זי וועט נישט פאַרמאָגן אַזאַ קינסטלעך אויפרייצונג־מיטל, ווי דער ציוניזם. מע דאַרף אַ טראַכט טאָן, וואָס עס וועט זיין מיט אָט דער מאַסע, ווען דער ציוניסטישער חלום, וואָס וואַרעמט זי איצט אונטער, וועט — מחמת די אומפאַרמיידלעכע אַנטטוישונגען — צערונען ווערן אָדער וועט מגולגל ווערן אין רוחניותדיקן משיחיזם. גוט וועט נאָך זיין, אַז די נאַציאָנאַלע אידעע וועט זיך שוין האָבן איינגעפונדעוועט אין דער געזעלשאַפט, נאָך איידער די אַנטטוישונג וועט קומען. וואָס זשע וועט אָבער זיין, אויב דאָס פאַרשווינדן פון חלום וועט גורם זיין אויך דאָס פאַרשווינדן פון דער מיט איר פאַרבונדענער אידעע און וועט איבערלאָזן אין דער נשמה אַ שרעקלעכע פּוסטקייט?... דער ציוניזם וועט זיין נוצלעך, אויב ער וועט דינען ווי אַן איבערגאַנגשטאַפּל צו אַ העכערן וועלטבאַנעם — צום גייסטיקן נאַציאָנאַליזם, וואָס איז אויסגעפורעמט געוואָרן אין יידנטום דורך דער פילדורותדיקער עוואָלוציע. נאָר אין אַזאַ פאָרם פון אַ ציטווייליקן פאַקטאָר אָנערקען איך די געזעצלעכקייט פון דער עקזיסטענץ פון ציוניזם אין געוויסע קרייזן פון דער געזעלשאַפט”.

פון דער יוגנט, וואָס איז מער אָדער ווייניקער אָפּגעפרעמדט פון יידנ־טום, וועלן מיר איבערגיין צו די ציוניסטן פון עלטערן דור, וועלכע שטייען נעענטער צום יידישן לעבן. דאָ שטעקט דער דערפאָלג פון ציוניזם אין פאַרשיידנאַרטיקסטע מאָטיוון, וואָס געוויסע פון זיי זענען פון אַ העכערן מהות, און אַנדערע — פון אַ נידעריקערן.

ביי איין קאַטעגאָריע, למשל, דערקלערט זיך די נטיה צום ציוניזם און דער ווידערווילן צו דער גייסטיק־נאַציאָנאַלער אידעע מיט אַ שמאָלן — איך וואָלט געזאָגט — קרעמערישן פּראַקטיציזם ביי אַ געוויסן טייל פון אונדזער געזעלשאַפט. ווי מאָדנע דאָס זעט נישט אויס, אָבער אַ סך ווערן פאַרכאַפּט מיט דער ציוניסטישער אוטאָפּיע דווקא אַדאַנק דער „געשעפטלעכער" שטימונג אַרום איר: זענען דאָך דאָ קאָמערסאַנטן, וואָס האָבן ליב ריזיקאַלישע, געוואַגטע אונטערנעמונגען. דאָס יידנטום אין זיין היסטאָרישער געשטאַלט האָט זייער אַ נידעריקן קורס אויף דער דאָזיקער בירזשע. ווי אָפט קומט עס אויס צו הערן פון אַזעלכע לייט אָפנהאַרציקע דערקלערונגען פון דעם מין, ווי, למשל, אַז זיי אַליין פאַראַכטן דאָס יידנ־טום, ווי אַ „שוואַכע" נאַציע, וואָס לעבט נאָר מיטן כוח פון גייסט, און אַז זיי וועלן דרך ארץ האָבן פאַר איר נאָר דעמאָלט, ווען זי וועט ווערן אַ מאַטעריעלער כוח, ווען זי וועט קריגן אַ פאַרמעגנס־צענזוס. אויב דאָס יידנטום וועט נאָך פאַרמאָגן גענוג כוח צו ווערן אַ פּאָליטישע נאַציע — איז גוט, אויב ווידער נישט — איז האָט עס נישט נאָך וואָס צו לעבן. אַ פאָלק, וואָס קאָן נישט מאַכן קיין „גוטע קאַריערע", האָט נישט קיין שום ווערט. אָט די פאַרמעגנס־צענזיקע טעאָריע פון נאַציאָנאַליטעט, פאָרט זיך נישט, נאַטירלעך, מיט דעם יידישן „אָרעמאַנסקע" נאַציאָנאַליזם, וואָס איז ביכולת אויסצושטעלן בלויז אַ גייסטיקן צענזוס, כמעט גאָר נישט קיין קליינעם... פון אַזעלכע „תנאי־יידן" האָבן מיר גאָרנישט צו דערוואַרטן: זאָל דער ציוניזם ליידן אַ מפּלה — און זיי וועלן זיך אויסדרייען מיטן רוקן צו דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע.

אַנדערע גייען מיטן ציוניזם, ווייל ער קיצלט שטאַרק זייערע געזעל־שאַפטלעכע אינסטינקטן. די געלעגנהייט צו „מאַכן פּאָליטיק", צו שפּילן די ראָל פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער קומענדיקער מלוכה — אָט וואָס עס פאַרכאַפּט זיי באַזונדערס. די פּראָגראַם פון די נאַציאָנאַליסטן פאָדערט אָן ערנסטע צוגרייטונג, ספּעציעלע קענטעניש, מיפּולע קליינאַרבעט; און דאָ דאַרף מען דאָס אַלצדינג נישט האָבן: ס'איז גענוג בלויז צו גלייבן אין דעם אויפקום פון אַ יידישער מלוכה. דער אינטעליגענטער אָדער האַלב געבילדעטער המון גייט לויט דעם טשערעדע־אינסטינקט, מיטן שטראָם, וואָס הערשט אין געגעבענעם מאָמענט. וואו וועלן אָט די מענטשן זיך אַהינטאָן אין פאַל פון אַ קראַך אין ציוניזם — דאָס איז שווער פאָרויס־צוזען. אויב צו דער דאָזיקער צייט וועט אונטערקומען אַ צווייטע מאָדישע

באַוועגונג, וועלן זיי מסתמא צושטיין צו איר, און אויב נישט — וועלן זיי בלייבן „אין דרויסן"*).

עס איז דאָ נאָך איינע, אַ צאָלרייכע קאַטעגאָריע ציוניסטן, וועלכע איך וואָלט אָנגערופן „באַלעבאַטישע". אַט די וואוילע מענטשן מאַכן נישט קיין חילוק צווישן פּאָליטישן ציוניזם און קולטור־נאַציאָנאַליזם. אין זייער פּראָגראַם נעמען זיי אַריין אַלץ, וואָס איר ווילט: אי קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע, אי דעם פּלאַן פון אַ יידישער מלוכה, אי דעם אויפשטייג פון נאַציאָנאַלן גייסט, אי בכלל כלערליי טעטיקייטן לטובת דעם פאָלק. אין תוך גענומען, איז דער ציוניזם פאַר זיי אַ פאָן פון יידישער פאָלקס־זעלבסט־הילף. פאַר די דאָזיקע מענטשן איז אַ מפּלה פון ציוניזם נישט געפערלעך, וואָרעם זיי האָבן נאָך אין זאַפּאַס געוויסע גייסטיקע אידעאַלן.

עס איז אָבער דאָ צווישן די ציוניסטן נישט ווייניק מסירת־נפשדיקע נאַציאָנאַלע עסקנים, צו וועלכע מע קאָן זיך נישט באַציען אַנדערש, ווי מיט טיפן דרך ארץ, אויב מען איז אפילו נישט מסכם מיט זייערע פּאַרטיי־אָנשויונגען. די דאָזיקע אויפריכטיקע מענטשן, וואָס קאָנען דאָס יידנטום און ווייטיקן צוליב זיינע צרות, האָט צום ציוניזם געבראַכט דער דראַנג פון זייער האַרץ. זיי זענען גערירט דערפון, וואָס ביי דער יוגנט, וועלכע מע האָט געהאַלטן פאַרלוירן פאַרן יידנטום — אַז ביי איר האָט זיך דער־וועקט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל, אַז אונטער דער פאָן פון ציוניזם פאַר־אייניקן זיך די ערשט נישט לאַנג צעקריגטע „פאָטערס" און „קינדער", אַז די באַהעפטונג און איבערלעכער ווידערגעבורט פון אונדזער פאָלק זענען געוואָרן נאָענט און מעגלעך. זיי האָבן מורא אַרויסצולאָזן אַט די רעטונגס־פאָן פון די הענט, כדי נישט צו ברענגען שאָדן דער אַלגעמיינער זאַך. פאַרשטייט זיך, די צייט וועט זיי איבערצייגן, אַז דער ציוניזם איז נישט די סיבה פון אויפוועקן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל, נאָר איינער פון זיינע „באַגלייט־אומשטענדן", און אַז מיטן פאַרשווינדן פון פּאָליטישן ציוניזם וועט דער פּראָצעס פון אינערלעכער ווידעראויפלעבונג ווייטער פאָרקומען אין דעם געזונטן טייל פון דער געזעלשאַפט, על פי די נאַטירלעכע געזעצן פון אונדזער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. די דאָזיקע מענטשן זענען אויפן וועג צום גייסטיקן נאַציאָנאַליזם, וואָס אין פלוג לעבט ער אין זייער נשמה אונטער אַ ציוניסטישער אָנשיכטונג.

נאָך נעענטער קומען צו צו אונדזער היסטאָרישער דאָקטרינע יענע

*) אין די לעצטע יאָרן קומט פאָר אַ באַזונדערס שטאַרקער אָפּפלוס פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי לטובת די סאָציאַליסטישע פראַקציעס; אגב, זענען איינע פון די לעצטע געפאַלן אויף דער המצאה צו פאַראייניקן ציוניזם מיט סאָציאַליזם דורך אַן אייגנאַרטיקן פּאָליטישן פּלפּול (באַמער־קונג פון 1907).

„גייסטיקע ציוניסטן", מכוח וועלכע איך האָב שוין גערעדט. אין תוך געגומען, נעמען זיי אָן אין גאַנצן אונדזער פּראָגראַם פון אינערלעכן ווי־דערגעבורט, נישט מער זיי געבן צו: אַז אַ לגמרי פרייע און פּאַרזיכיקע אַנטוויקלונג פון דער יידישער נאַציע איז מעגלעך בלויז אויף דעם „היס־טאָרישן" באָדן פון ארץ ישראל, און דעריבער קאָן די תשוקה צו ארץ ישראל און דער גלויבן, אַז עס איז מסוגל צו ווערן אונדזער נאַציאָנאַלער צענטער — זאָל זיין אין דער וויטער צוקונפט — אַז דאָס קאָן אונטער־האַלטן אָט דעם אידעאַל פון פרייער אַנטוויקלונג.

אַזאַ מין פאָרמולירונג פון ציוניזם קאָן פּראַקטיש דערפירן צו פילאָסאָ־פישן משיחיזם, קעגן וועלכן מע קאָן גאָרנישט האָבן, ווי לגבי אַ פּסיכישן פאַקטאָר. שטייענדיק לגמרי אויף דעם באָדן פון געשיכטע, פאַרמאָגן אויך די נאַציאָנאַליסטן־נישט־ציוניסטן אַ הייסע ליבע צו אונדזער היסטאָרישן היימלאַנד; זיי טראָגן אין דער נשמה אַ בענקשאַפט צו דעם וויגעלע פון יידנטום, צום אָרט, וואָס איז פאַרבונדן מיט די זכרונות וועגן די יוגנט־יאָרן פון אונדזער פאָלק. מיר בענקען נאָך אָט דער אייגענער ערד, ווי מע בענקט נאָך אַ טייערן נפטר, מיט וועלכן מע האָפט זיך דאָך צו באַגעגענען אַמאָל, אין דער „בעסערער וועלט". אַ מטושטשדיקע האָפענונג, אַז ווען־עס־איז וועט דאָס הייליקע לאַנד ווידער געהערן צו אונדזער פאָלק — אַזאַ האָפענונג זאַפט זיך אויך אָפּט אריין אין דער בענקשאַפט. דאָס אַלץ האָט אָבער צו טאָן מיטן געביט פון רירנדיקן פּיעטיזם — און דערפון מאַכן אָפּהענגיק אונדזער נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט איז מער ווי ריזיקאַליש.

וואָס שייך דער פּראַקטישער טעטיקייט לטובת אונדזער פאָלק — דאָ איז פאַראַן אַ סך שותפותדיקס צווישן די קולטור־אָדער גייסטיקע נאַציאָ־נאַליסטן און די בעסערע עלעמענטן אין ציוניזם. מיר קעמפן בשותפות קעגן דער אַסימילאַציע, וואָס איז דאָס גרעסטע בייז פון גלות. מיט האָפע־נונג קוק איך זיך צו צו דעם דערפאָלגרייכן קאַמף פון די מערבדיקע ציו־ניסטן מיט דער דעגענערירנדיקער יידישער בורזשואַזיע, וואָס אין געפילדער פון די אַנטיסעמיטישע געשרייען שרייט זי נאָך אַלץ צביעותדיק וועגן איר דייטשישן, פראַנצויזישן, אונגאַרישן צי פּוילישן נאַציאָנאַליזם, נישט פילנ־דיק די גאַנצע מאָראַלישע העסלעכקייט פון אַזאַ מין פירונג. איך זע פאָרויס אויף להבא דאָס גרינדן אַ יידישע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע פּאַרטיי, ביינאַנד מיט די איבעריקע פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרטייען פון מערב־אייראָפּע — און פון פאָרויס באַגריס איך היים אָט דעם סימן פון אינעווייניקסטער זעלבסט־עמאַנציפּאַציע*). איך קוק זיך צו צו דער טעטיקייט פון די צאָלרייכע ציו־

*) צו אַ דרייסטע נביאות פאַרן אָנהייב 1898, ווען די דאָזיקע שורות זענען געשריבן געוואָרן, אָבער איצט איז דאָס שוין קרוב לאמת. וועגן דעם לאָזונג בנוגע אַ יידישער נאַציאָנאַל־פּאַרלאַמענטאַרישער אָרגאַניזאַציע זע אויבן, אין „בריוו" 4.

ניסטישע קרײַזלעך און איך באַמערק מיט פרייד, אַז דאָרט שרײַט מען נישט בלויז װעגן נאַענטן „עקזאָדוס", נאָר מע באַקענט זיך אויך מיטן ייִדנטום, מיט זײַן געשיכטע און קולטור, מיט זײַנע איצטיקע נויטן, מע נעמט אָן מיטלען צו פאַרבעסערן די דערציִונג פון דער יוגנט אין נאַציאָנאַלן גייסט אד"גל. די גײַסטיקע נאַציאָנאַליסטן, װי איך האָב שוין געזאָגט, קאָנען זיך באַציִען מיט פולער סימפּאַטיע אויך צו דער בהדרגהדיקער קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע, בתנאי אַז די דאָזיקע קאָלאָניזאַציע זאָל נישט אַרויסגע־שטעלט װערן, װי די לייזונג פון דער אַלגעמײן־ייִדישער פראַגע, און זי זאָל נישט אָפּציִען די אויפמערקזאַמקייט פון די גײַסטיקע און מאַטעריעלע נויטן פון מיליאָנען ייִדן, װעלכע װעלן קיין ישראל נישט אָנקומען.

על כן, טראָץ היפּשע פּרינציפּיעלע חילוקי־דעות, האָבן מיר אַ סך באַריר־פּונקטן אין אונדזער פּראַקטישער טעטיקייט. און װאָס שייך פּרינ־ציפּן, װעט די צײַט באַװײַזן, װער ס'איז געװען גערעכט, װער עס האָט געװוירקט אין גײַסט פון דער היסטאָרישער עװאָלוציע פון ייִדנטום, און ייער — אונטער דער השפּעה פון דרויסנדיקע און צופעליקע שטרעמונגען. אוודאי קאָן מען נישט צוקוקן זיך אָן באַדויערונג, װי עס װערט צעפּטרט אַ ריזיקע ענערגיע אויף צו דערגרייכן דאָס אומדערגרייכלעכע; ס'איז אפילו דאָ אַן ערנסטע סכנה, אַז זייער אַ סך ציוניסטן, בפרט איז מערב, װעלן זיך אָפּטרייסלען פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער זאַך, װי נאָר עס װעט דורכפאַלן דער פּלאַן פון אַ „ייִדישער מלוכה". פון דער צװייטער זײַט אָבער, איז בלי ספק, אַז נאָך אָט די אַלע קרבנות װעט בלייבן אַ געזונטער און שטאַנדהאַפּטיקער עלעמענט. דער פּאָליטישער אָדער, גענויער, משיחי־שער ציוניזם װעט אַריבערגיין אין קולטור־היסטאָרישן נאַציאָנאַליזם. אַ סך, װאָס „האָבן זיך אומגעקערט צו דער ייִדישער נאַציע" אַדאַנק דעם ציו־ניזם, װעלן אין איר פאַרבלייבן, אפילו אויב עס װעט צערונען װערן די האָפענונג אויף „אומקערן זיך אין דער ייִדישער מלוכה".

דאָס פאָלק װעט נאָך דערזען אין זײַן סביבה נישט װיניציק אָנהענגער פון אַסימילאַציע, װעלכע האָבן תשובה געטאָן. דער װאַקלדיקער ייִד, װאָס האָט אומזיסט געזוכט אַ היים אין פרעמדע נאַציאָנאַלע משפּחות, װעט צוריקקומען צו זײַן אייגענער, און דאָס לעבן זײַנס װעט זײַן פאַרפולט מיט אַרבעט לטובת דער דאָזיקער גרויסער היסטאָרישער משפּחה, אויב נאָר ער װעט האָבן אַ באַרוף צו אַזאַ אַרבעט. דאָס װעט מאַכן אַ סוף צו דער „מאָראַלישער נויט" פון דעם מאָדערנעם עמאַנציפּירטן ייִדן. װאָס שייך דער מאַטעריעלער נויט, זענען מיר פון איר נישט פאַרסטראַכירט אין ערגעץ, אפילו אויפן באַרגשפּיץ פון באַפרייטן ציון. די סאָציאַל־עקאָנאָ־מישע צרות זענען דער גורל אויך פון אַ סך טעריטאָריאַלע פעלקער, און אין דעם געגעבענעם פאַל װעט אונדז אויסקומען צו װאַרטן אויף אַ פאַר־לייכטערונג אַדאַנק יענעם קאַמף פאַר אַ נײַעם פּאָליטישן און סאָציאַלן

סדר, אין וועלכן עס דארפן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל — באַגלייך מיט אַנדערע פעלקער — אויך די יידן, ווי דער סאַמע באַוואוסטסטער גליד פון דער פעלקער־משפחה.

די נאַציאָנאַלע אידעע איז באַרופן אונדז ווידעראויפצולעבן אינערלעך, גלייך צו מאַכן אונדז מאָראַליש מיט אַנדערע פעלקער, צו געבן אונדז אַ באַשטימט אָרט אין דער אַלמענטשלעכער משפחה — אַן אָרט פון אַ קולטור־היסטאָרישער נאַציע צווישן פּאָליטישע נאַציעס. פּאָליטישע „זעלבסטעמאַנציפּאַציע" אויפן באָדן פון פּאַלעסטינע איז בלויז אַ שיינער משיחישער טרוים; אָבער די קולטורעלע זעלבסטעמאַנציפּאַציע אָדער דער אינערלעכער ווידערגעבורט פון דעם צעזייטן, און דאָך איינהייטלעכן יידנטום — דאָס איז אַ נאַטירלעכע היסטאָרישע דערשיינונג, וואָס קומט פאַר פאַר אונדז אין די אויגן און זאָגט צו גרויסע רעזולטאַטן אין דער נאָענטער צוקונפט.

מערץ, 1898 (1907) יאָר.

# זיבעטער בריוו

## די נאַציע פון היינט און די נאַציע פון מאָרגן

1. די יידישע נאַציע — ווי אַ געוועזענע, עקזיסטירנדיקע און צוקונפטיקע. — דאָס פאַרלייקענען די „נאַציע פון היינט" דורך די אַסימילאַטאָרן, דאָס אָנערקענען זי דורך די נאַציאָנאַליסטן און די וואַקלענישן פון די ציוניסטן. — די אַוטאָנאָמיע פון ציוניזם: מינימיזירן די נאַציע פון היינט, כדי צו דערהייבן די נאַציע פון מאָרגן. — די עקסצעסן פון פּאָליטישן ציוניזם. — די וואַקלענישן פון מאַקס נאָרדוי. — זיין ענטפער דעם הכנעהדיק־קלוגן זשורנאַליסט און דער אָגולנע מוסר צו די נישט־ציוניסטן פאַר „קלאַמערן זיך קנעכטיש אין לעבן אָן כבוד און אידעאַלן". — פּאַסיווער ווידערשטאַנד און הערא֞יזם פון מאַרטירערטום. — באַיראָן און נאָרדוי. — די סכנה פון די ציוניסטישע אוטאָפּיעס; דאָס פריצייטיקע פאַרבוענען די שיפן.

2. צי איז אוטאָפּיש די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון די תפוצות ישראל? — ליליענבלומס טענה. — די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע קאָן רעאַליזירט ווערן. — די טענה פון אחד־העם. די תשובה פון דער ווירקלעכקייט, וואָס איז גורם די נויטווענדיקייט פון קולטורעלע אויטאָנאָמיעס און פון גאַראַנטיעס פאַר די מינדערהייטס־רעכט. — Circulus Vitiosus פון גייסטיקן ציוניזם. — דער אמתער עוואָלוציאָניזם: אַ נישט־איבערגעריסענע קייט צווישן נאַציע פון היינט און נאַציע פון צוקונפט.

1. ווען מע וואָלט געדאַרפֿט אויסדריקן אין עטלעכע ווערטער דעם וועזנטלעכן חילוק צווישן די אידעישע ריכטונגען, וואָס הערשן איצט אין דער יידישער געזעלשאַפֿט, וואָלט איך פֿאָרגעלייגט די ווייטערדיקע פֿאַר־איינפֿאַכטע סכעמע:

די אָנהענגער פֿון אסימילאַציע זעען אין דעם יידנטום נאָר די נאַציע פֿון עבר, די „געוועזענע נאַציע"; זיי זאָגן, אַז די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פֿון יידנטום האָט אויפֿגעהערט צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער, ד"ה, זינט דעם פֿאַרלירן די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, און פֿון דעמאָלט אָן זענען יידן גישט מער ווי אַ רעליגיעזע געמיינשאַפֿט, וואָס די מיטגלידער אירע זענען פֿאַרטיילט צווישן פֿאַרשידענע נאַציעס לויט זייער וואוינאָרט. די פּאָליטישע ציוניסטן זעען אין יידנטום אַ צוקונפֿט־נאַציע; זיי שטרעבן צו שאַפֿן אַ טעריטאָריאַלן צענטער, און לעתיד לבא אויך אַ „יידישע מלוכה", וואָרעם אָן דעם זענען די יידן, לויט זייער מיינונג, אָדער בכלל קיין נאַציע נישט, אָדער זיי זענען אַן אומנאָרמאַלע נאַציע. וואָס שייך די גייסטיקע נאַציאָנאַליסטן (אויטאָנאָמיסטן), האַלטן זיי, אַז דאָס יידנטום איז נישט בלויז אַ נאַציע פֿון עבר און עתיד, נאָר אויך אַ נאַציע פֿון היינט; זיי זאָגן, אַז דאָס יידישע פֿאָלק, וואָס האָט דורכגעמאַכט די לאַנגדויערנדיקסטע היס־טאָרישע עוואָלוציע, קאָן אויך אין דער דיאַספּאָרע עקזיסטירן ווי אַ איי־גנאַרטיקע קולטור־נאַציע, בזכות פֿון מעכטיקע סוביעקטיווע פֿאַקטאָרן פֿון נאַציאָנאַליטעט און בתנאי, אַז דער פֿאָלקסווילן זאָל אָנגעשטרענגט ווערן אין דער ריכטונג פֿון ווייטערדיקער אויטאָנאָמער אַנטוויקלונג.

בנוגע דער צענטראַלער פּראָבלעם וועגן יידנטום, ווי „אַ נאַציע פֿון היינט", זענען קאָנסעקווענט אי די אַסימילאַטאָרן אי די נאַציאָנאַליסטן; די ערשטע לייקענען זי אָפּ, די צווייטע אָנערקענען זי, און אין זייער פּראַקטי־שער אַרבעט גייט יעדער גרופּע אַרויס פֿון איר פּאָזיטיווער אָדער נעגאַטיווער לייזונג פֿון דער פּראָבלעם. ווענן די ציוניסטן קאָן מען נישט זאָגן דאָס איינענע. זיי ווייזן אַרויס אויף אָט דעם געביט שאַרפֿע וואַקלונגען, וואָס זייער אַמפּלימודע צעציט זיך פֿון נאַציאָנאַליזם ביז אַסימילאַציע.

די סיבה פֿון די וואַקלענישן — איז אין דער עצם אידעאָלאָגיע פֿון ציוניזם. עס שטעקט אין איס אַ טיפֿע אינעווייניקסטע סתירה, אַן אומ־בשלומדיקע אַנטינאָמיע בנוגע דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע וואָס שייך דעם היינט. פֿון איין זייט, דאַרף דער ציוניזם, ווי אַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג, קעגנווירקן מיט אַלע מיטלען קעגן דער אַסימילאַציע און דערווייזן, אַז דאָס יידנטום איז נישט געשטאָרבן, ווי אַ פֿאָלק, און איז נישט געוואָרן דעגע־נערירט אין „אַ סעקטע פֿון אַלצאיינס־גלויביקע", אַז עס האָט אַלע סימנים פֿון אַ לעבנספֿעיקער נאַציע: זעלבסטבאַוואוסטזיין, קולטור, אויטאָנאָמע שטרעבונגען און אַלע געגעבענע פֿאַר ווידערגעבורט. אָבער, פֿון דער צווייי־טער זייט, איז די גרונט־אידעע פֿון ציוניזם, אַז נאָר טעריטאָריאַלע אָדער

פּאָליטישע רעסטאַווראַציע קאָן ראַטעווען דאָס יידנטום פון אומקום, — אַט דאָס ברענגט דערצו, אַז די אַפּאָסטאָלן און אַגיטאַטאָרן פון דער פּאַרטיי פרעגן אָפּ — אין אַזאַ אָדער אַנדער מאָס — דאָס רעכט פון גלות אויף נאַציאָנאַלן קיום. וועלנדיק דערווייזן דעם גאַנצן שוידער פון גלות, שילדערן די ציוניסטן די יידן פון היינט אָדער ווי אַ צעזייטע טשערעדע אָדער ווי אַ נעבעכדיקן שפּליטער פון אַ נאַציע, וואָס איז נאָר שטאָף פאַר דער פּאָליטישער „צוקונפט־נאַציע". אַט די לעצטע וואָלטן זיי געוואָלט אויפבויען אויף די חורבות פון דער ערשטער, און צו דעם צוועק סטאַרען זיי זיך אויסצומאָלן דאָס היינטיקע יידנטום אין דער געשטאַלט פון „אַ צעשאָטן הויז", פאַר וועלכן עס איז אין גלות קיין ישועה נישטאָ. אין ברען פון אַגיטאַציע דערגייען אַ סך פון זיי צו פולער פאַרלייקענונג פון נאַציאָנאַלן יידנטום אין גלות, דערנעענטערנדיק זיך בזה אופן צו דעם אַסימילאַציע־פּאָלוס, און אייניקע דריקן אויס פאַראַכטונג צום היינטיקן „נעבעכדיקן" און „שוואַכן" אָנערדיקן פאָלק, צוזאָגנדיק אים זייער אַכטונג נאָר אין דער צוקונפטיקער יידישער מלוכה, ווען עס וועט זיך איינשאַפן אַן ערד־צענזוס.

מע קאָן, פאַרשטייט זיך, פון טיפן האַרצן באַדויערן אָט דעם טראַגישן פּירוד הלבבות, וואָס הערשט, מחמת דער אינעווייניקסטער אַנטינאָמיע, ביי די נאַציאָנאַל דענקענדיקע ציוניסטן — אָט דעם קאָנפליקט צווישן זייער „פּראָפעסיאָנעלער" אידעאָלאָגיע מיט דער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלער, וואָס צווינגט זיי טיילווייז צו פאַרלייקענען די „נאַציע פון היינט". אָבער אַנדערש ווי מיט פאַראורטיילונג טאָר מען זיך נישט באַציען צו די טאַקטישע גענג פון יענע פּאָליטישע ציוניסטן, וואָס סטאַרען זיך צו דיסקרעדיטירן די נאַציע פון היינט, כדי עס זאָלן שענער קלינגען די לויבנגעזאַנגען לכבוד דער נאַציע פון עתיד. אָט די מענטשן באַמערקן נישט, אַז זיי האַקן אונטער די צווייג, אויף וועלכער זיי זיצן. גלייכצייטיק טוען זיי באַליידיקן די בעסטע נאַציאָנאַלע געפילן פון יידן; זיי באַמערקן נישט, ווי נאָענט זיי גייען צו צו די אָנשויונגען פון די אַסימילאַטאָרן, פון וועמעס רייען אַ סך פון אָט די ציוניסטן זענען נאָר־וואָס אַרויסגעקומען.

צו אָט דער גרופּע געהערן געוויסע שטאַרק ווירקנדיקע מנהיגים פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מערב — מענטשן, וואָס זענען אַ לאַנגע צייט געווען אָפּגעריסן פון יידנטום און זענען צו אים צוריקגעקומען גאָר נישט לאַנג, מיט די לוחות פון פּאָליטישן ציוניזם אין די הענט. צוגעטריבענע צום יידישן ברעג מיטן כוח פון אַנטיסעמיטישן שטורעם*), געפי־

---

*) „דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ צו פאַרשפּעטיקטע דערשיינונג פאַר דעם דור, צו וועלכן איך געהער. דאָס יידישע געפיל וואָלט אין אונדז אין גאַנצן פאַרטויבט געוואָרן, ווען די ווילדע אויסרופן און די באַנומענע

נען זיי זיך נאָך אַלץ אונטערן רושם פון דעם שיפּסברוך, וואָס האָט זיי געדראָט — און זיי האָבן זיך איינגעחזרט נאָר איין לאָזונג פון איבערגע־שראָקענע: „די רעטונג איז אין אַ באַזונדערער מלוכה!" מכוח דעם נאַ־ציאָנאַלן יידנטום פון היינט פאַרמאָגן אָט די פּאָליטישע ציוניסטן זייער אַ מטושטשע השגה. פון זייער פריערדיקער אַסימילירטער סביבה האָבן זיי מיטגעבראַכט אַן איינדרוק וועגן דער פולשטענדיקער צעפוילונג פון „נייעם יידנטום"; ווידער אויף די קאָמפּאַקטע מאַסן פון „אַלטן יידנטום" אין מזרח קוקן זיי פון דער ווייטנס, ווי אויף עפּעס אַ נעבעכדיקן המון פּאַריער, פון וועלכן מע דאַרף ערשט „מאַכן אַ נאַציע". איז פון אָט די רייען ציור־ניזם־נעאָפיטן הערן מיר דאָס גאָר אָפט ווערטער און רופן, וואָס פאַר־קריפּלען לחלוטין סיי די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו סיי די פאָרשטעלונג וועגן נאַציאָנאַלן יידנטום פון אונדזער צייט.

ווי אַ בולטע אילוסטראַציע פון דער דאָזיקער שטימונג ביי די פּאָלי־טישע ציוניסטן — ס'ווילט זיך גלייבן: עקסטרעמיסטן — קאָנען דינען די רעדעס און אַרטיקלען פון מאַקס נאָרדוי, איינעם פון די טאַלאַנטפולסטע און היציקסטע לידערס זייערע. אין דער רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אויפן ערשטן באַזלער קאָנגרעס, און וועלכע איך האָב אַנאַליזירט אין דעם פריערדיקן בריוו, האָט נאָרדוי געגעבן נאָר די קריטיק פון דעם איצ־טיקן יידישן לעבנשטייגער, נישט אָנווייזנדיק קיין אופנים אים איבער־צואַנדערשן. אין דעם דאָזיקן נעגאַטיוון טייל פון זיין אויפגאַבע איז נאָר־דוי נאָך געווען געגנוג פעסט. אָבער אָט האָט ער אין זיינע ווייטערדיקע רעדעס און אַרטיקלען אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען זיין פּאָזיטיוון אידעאַל — און דאָ טאַקע האָט זיך אַנטפּלעקט די גאַנצע נישט־צוגעגרייטקייט און פּאַ־ראַדאָקסאַלישקייט ביי דעם מחבר פון די „פּאַראַדאָקסן".

לייענענדיק נאָכאַנאַנד נאָרדויס גלענצנדיקע אָראַטאָרישע און ליטע־ראַרישע אימפּראָוויזאַציעס, איבערציייגט מען זיך אַלץ מער, אַז אין יסוד זייערן ליגט נישט די קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן ציוניסטישן אידעאַל, און אַפילו נישט דער הייסער גלויבן, נאָר עפּעס אַ מטושטשער דראַנג; די וואַק־לענישן און ספּיקות פאַרדעקט, פאַרשטייט זיך, דער מחבר, אָדער ער סטאַרעט זיך צו פאַרשרייען זיי מיט הויכע ווערטער. דער פּאָזיטיווער אידעאַל זיינער איז נישט קלאָר און פול מיט סתירות. אָט זאָגט ער, אַז טאַקע דערפאַר האָט דער משיח־גלויבן ביז איצט געראַטעוועט די יידן, ווייל — דאָס איז אַן אומדערגרייכלעכער אידעאַל; אַז דער עיקר חסרון פון רעאַלע אידעאַלן איז — זייער דערגרייכלעכקייט, וואָרעם ווי נאָר זיי ווערן

קולות פון אונדזערע פיינט וואָלטן עס נישט צוריק אויפגעוועקט". — פון דעם אַרטיקל פון ציוניסטישן פירער מאַקס נאָרדוי; זע זיינע „רעדעס און אַרטיקלען", רוסישע איבערזעצונג, זייט 55 (יעקאַטערינאָסלאַוו, 1898).

מקוים, הערן זיי אויף צו זיין אידעאַלן, און דעריבער „האָבן די יידן גישט וואָס זיך צו שרעקן פאַר אַ סכנה", כל זמן עס לעבט דער משיח־אידעאַל, „וואָס איז אַזוי ווייט פון אונדז, ווי די שטערן אין הימל, און פונקט אַזוי אייביק, ווי אָט די שטערן"*). און אָט זאָגט ער, אַז דער קיום פון יידנטום איז באַדראָט פון אַן אומפאַרמיידלעכער סכנה, אַז „אויב די איצטיקע באַדינגונגען וועלן זיך נישט ענדערן, וועט דאָס יידנטום אומבאַדינגט מוזן אונטערגיין: די געבילדעטע וועלן אָפּפאַלן, און די אומגעבילדעטע וועלן אומקומען"; און די אַגיטאַציע־רעדע זיינע פאַרענדיקט ער מיט דעם אויסרוף: „דאָס לעצטע וואָרט מיינס: אָדער די יידן וועלן שטרעבן קיין ציון, אָדער זיי וועלן אינגאַנצן נישט ווערן!"**).

פון דעסטוועגן איז דאָס נאָך נישט „דאָס לעצטע וואָרט" פון היציקן נאָרדוי. אין אַ האַלב יאָר אַרום כאַפּט זיך אין אים ווידער אויף דער סקעפּטיקער, און עס רייסן זיך ביי אים אַרויס אַזעלכע ווערטער ***):

„לאָמיר אפילו אָננעמען, אַז ס'איז געשען אַ נס, אַז טערקיי און די איבעריקע גרויסמאַכטן וועלן אונדז זאָגן: „מיר עפענען פאַר אייך פּאַלעסטינע — גייט, אָרדנט זיך איין אין אייער אַלטן היימלאַנד אינגאַנצן היימיש, אויף באַלעבאַטישע יסודות", — איז אָבער אַ ספק, צי מיר וואָלטן דעמאָלט געקאָנט אָננעמען פון זיי אָט דעם זעלטענעם געשאַנק. מיר קאָנען נישט און האָבן נישט קיין רעכט דאָס צו טאָן, ווייל מיר זענען נישט צוגעגרייט צו אַזאַ עקאָנאָמישן און פּאָליטישן סדר, וואָס איז דער סימן מובהק פון אַ פולשטענדיק אָרגאַניזירטער מלוכה. דאָס יידישע פאָלק קאָן נאָך נישט זעלבשטענדיק זיך פאַרוואַלטן און אויספירן אַלע עקאָנאָמישע, מלוכהשע און גייסטיקע פונקציעס פון אַ פאָלק, וואָס איז פאַרטיילט אויף רעגולערע קלאַסן און לעבט אַ לגמרי זעלבשטענדיק לעבן".

---

*) אַרטיקל „אַ נויטווענדיקער אידעאַל", 1897, „רעדעס און אַרטיקלען", ז"ז 54—59.

**) „ציוניזם און זיינע קעגנער", רעדע, געהאַלטן אין בערלין, אַפּריל 1898; דאָרטן, ז' 38. איך האָב דאָ פאַרריכט אַ טעות פון איבערזעצער, לויט וועמען איך האָב נישט ריכטיק ציטירט אין דער ערשטער אויפלאַגע פון דעם בריוו. — "Die Judenheit wird zionistisch sein"
הייסט נישט „די יידן וועלן זיין אין ציון", נאָר „יידן וועלן שטרעבן קיין ציון" (געשטימט זיין ציוניסטיש).

***) „די אויפגאַבן פון ציוניזם", דאָרטן, ז' 63 און ווייטער; דער דאָזיקער אַרטיקל איז פריער געווען געדרוקט אין העברעיש אין „לוח אחיאסף" פון יאָר 1899, ז"ז 156—172.

דערפון מאַכט דער מחבר דעם אויספיר, אַז די יידן דאַרפן זיך פריער צוגרייטן צום נייעם לעבן, קולטורעל זיך איבערדערציען; ער דערקלערט אַפילו, אַז די אויפגאַבע פון איבערדערציען דאַרף פאַרנעמען מער אָרט, ווי די ערשטע אויפגאַבע (ד"ה, דאָס קריגן פאַלעסטינע פאַר יידן *). פון אַ פּאָליטישן ציוניסט ווערט דאָ נאַרדוי מגולגל אין אַ קולטור־ציוניסט, וואָס שטעלט זיך פאַרן עיקר־ציל (גלייך ווי די נאַציאָנאַליסטן) די גייסטיקע ווידערגעבורט פון יידנטום. עס האָט אָבער אַ טעות דער, וואָס וועט אַ טראַכטן, אַז נאַרדוי בלייבט אויף לאַנג ביי אָט דער מיינונג. אין עט־לעכע חדשים אַרום כאַפּט אים אָן אַן אַנדער שטימונג — און מיט צאָרן גיט ער זיך אַ וואָרף אויף די אָנהענגער פון קולטור־נאַציאָנאַליזם. אָט די לעצטע מעטאַמאָרפאָזע פון דעם פּאַרטיי־מנהיג איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם עקסטרעמען פּאָליטישן ציוניזם, אַז עס איז כדאי אויף איר זיך אָפּצושטעלן.

די סיבה פון דער נייער אַנטפּלעקונג ביים אַפּאָסטאָל פון ציוניזם איז געווען דער „אָפענער בריוו צו מאַקס נאַרדוי", וואָס איז דערשינען אין אַ יידישן זשורנאַל **). דער מחבר פון בריוו — זעט אויס, אַן אָנפאַנגער־שרייבער פון צווישן די אַזוי גערופענע „גייסטיקע ציוניסטן" — וואַרפט פאַר נאַרדויען איינזייטיקייט. זיך ווענדנדיק צו נאַרדויען און די מערבדיקע ציוניסטן, זאָגט ער: איר האַלט, אַז אַלע קעגנער פון ציוניזם זענען פרעמד אָדער פיינטלעך צום יידנטום. אויב איר האָט געקריגן אייער יידישן זעלבסטבאַוואוסטזיין אַדאַנק אַ שטויס מחוץ, מיינט איר, אַז אויך אייערע קעגנער ווערן באַוואויגן דורך דרויסנדיקע אימפּולסן. איר פאַרגעסט, אַז אין מזרח איז דאָ אַ היפּשע צאָל יידן, וואָס האָבן זייער נאַציאָנאַלן זעלבסט־באַוואוסטזיין אַלעמאָל געשעפּט און שעפּן פון דעם אינעווייניקסטן מקור פון זייער גייסט. און דווקא אָט די יידן זענען אויך קעגנער פון ציוניזם, הגם מיט דער גאַנצער נשמה זייערער שטרעבן זיי צו דערהאַלטן זייער נאַציע. די סיבה פון זייער קעגנשטעלן זיך — איז אַן אינערלעכע: אַזא וואַקלדיקן, מוטל בספקדיקן אידעאַל, ווי דאָס ווידעראויפשטעלן די יידישע מלוכה, ווילן זיי נישט מאַכן פאַר קיין תנאי פאַר דעם קיום פון יידנטום. „מיר זענען יידן, און מער פון אַלץ איז אונדז טייער דער קיום פון יידנ־טום. אוודאי ווילן מיר שענער מאַכן אָט דעם קיום; אויב אָבער דאָס גיט זיך אונדז נישט איין, וועלן מיר זיך באַניגענען אויך מיטן עצם פאַקט פון אונדזער עקזיסטענץ. אַ לעבעדיקן הונט איז פאַרט בעסער, ווי אַ טויטן לייב... וואָס ס'זאָל נישט זיין, אבי לעבן, באַדאַי אַ נעבעכדיק, קנעכטיש לעבן — אָט דאָס איז געווען די שטרעבונג, וואָס האָט אונדז גאַראַנטעוועט

*) דאָרטן, ז"ז 61—62.

**) „השלוח". 1898, בוך צען, ז"ז 377—381.

במשך פון אונדזער געשיכטע. דאַקעגן דער מערבדיקער ציוניזם, איינרעדנ־דיק אונדז אַ האָפענונג אויף אַ ניי, רואיק לעבן, נעמט אונדז צו די פעיקייט שלום צו מאַכן מיט אונדזער צרהדיקן לעבן".

אין די לעצטע פראַזן פון זיין „אָפענעם בריוו" האָט דער מחבר אַרויסגעוויזן, צום באַדויערן, אַזוי פיל נאַציאָנאַלע זעלבסטדערנידעריקונג און קנעכטישע הכנעה, אַז איטלעכער, וואָס קען געשיכטע, וואָלט אים געקאָנט זאָגן: דאָס איז אַ בילבול אויפן יידישן פאָלק! דער אידעאַל פון יידנטום איז קיין מאָל נישט געווען נישט קיין „לעבעדיקער הונט" און נישט „באַדאַי אַ קנעכטיש לעבן, אבי לעבן". אפילו ווען עס איז פון דרויסן געווען פאַרקנעכט, איז עס אינערלעך תמיד געווען פריי, וואָרעם עס האָט זיך געשטעלט העכער פון זיינע אונטערדריקער. יעדנפאַלס, די „פעיקייט שלום צו מאַכן מיטן צרהדיקן לעבן" איז נישט די מידה פון נייעם יידנטום. דאָס וואָלט משיג געווען איטלעכער, וואָס קען אונדזער עבר און היינט.

אָבער נאָרדוי האָט אָנגענומען די אַלע „נעבעכדיקע רייד" פאַר אַן אמתער כאַראַקטעריסטיק פון דער פאָלקס־שטימונג — און אין זיין ענטפער־בריוו*) האָט ער פריי געלאָזט זיין צאָרן נישט קעגן זיין אָפּאָנענט, נאָר קעגן גאַנצן נישט־ציוניסטישן יידנטום.

„איך, — דערקלערט ער, — האָב נישט קיין שום שייכות מיט אַזאַ יידן, וואָס וויל נאָר לעבן, באַדאַי ווי אַ קנעכט, ווי אַ הונט, אבי לעבן . . . מיט אַזעלכע יידן האָבן מיר נישט וואָס צו רעדן. און אַז מיר וואָלטן זיי **שוין** יאָ געוואָלט עפּעס זאָגן, איז סיידן אָט וואָס: איר זענט געגליכן נישט בלויז צו קנעכט און הינט, נאָר אויך צו אייזלען. איר ווילט לעבן, נאָר לעבן, אָן אַ האָפענונג, אָן אַן אידעאַל, אָן אַ צוקונפט, אָן אַ ציל? אויב אַזוי, האָט איר נישט געקאָנט זיך צוקלייבן קיין נאַרי־שערן וועג. הינטיש און קנעכטיש וועט איר נישט לעבן, נאָר אומקומען, וואָרעם איטלעכער דעגקענדיקער ייד, צו וועמען ס'איז דערגאַנגען כאָטש איין שטראַל פון בילדונג, וועט זיך אויסקערעווען מיטן רוקן צו אַ יידנטום, וואָס לעבט קנעכטיש און הינטיש, אָן אַ צוקונפט, אָן צ יל און האָפענונג. האָט ער אַ ידיעה אין לאַטיין, וועט ער רויט ווערן לייענענדיק יואוועג־נאַלס פערז: Et propter vitam vivendi perdere causas („צוליבן לעבן מקריב זיין דאָס לעבן"); און קאָן ער דייטש, וועט ער זיך פאַרשעמען ביים לייענען שילערס פערז:

*) פאַרעפנטלעכט דאָרטן, בוך צוועלף, ז' 553, אי"ו.

"Das Leben ist der Gütter Hochstes nicht"
(„דאָס לעבן איז נישט דאָס העכסטע גוטס"). און אַזוי עקל וועט ער דערשפּירן צו אייך, פּחדנים, וואָס קלאַמערן זיך מיט אַלע כוחות אין אַ לעבן, אויסגעהוילט פון כבוד און אידעאַל, ווען ער וועט אייך פאַרגלייכן מיט פעלקער, וואָס האַלטן טייער זייער לעבן נאָר צוליב זיין מאָראַלישן און גייסטיקן אינ־האַלט"!

אין זיין ערשטער באַזעלער רעדע האָט נאָרדוי אָפּגעמאָלט אַ טיפּ פון אַ פאָלקס־אָפּגעפרעמדטן מערבדיקן געבילדעטן יידן, וואָס האָט — אונטער דעם האָגל פון אַנטיסעמיטישע פיילן — „אָנגעהויבן צו צווייפלען אין זיך אַליין, און אין דעם אויסברוך פון זעלבסטדערנידעריקונג איז ער גרייט צו דערקענען אין זיך אָט יענעם מאָראַלישן קריפּל, פאַר וועלכן עס שטעלן אים אַרויס זיינע טויטלעכע שונאים"*). לייענענדיק די אויבנגעבראַכטע שורות פון נאָרדוים ענטפער־בריוו, קאָן מען מיינען, אַז אויך דער מחבר גופא איז נישט אין גאַנצן פריי פון אָט דער גיפטיקן באַציל, מיט וועלכן די אַרומיקע יודאָפאָבישע אַטמאָספער האָט, ווי ער זאָגט, אָנגעשטעקט גע־ווּיסע יידן אין מערב.

און באמת — רעדן וועגן גאַנצן פאָלק, חוץ דעם הייפעלע רעכטגלוי־ביקע ציוניסטן, אין אַזאַ פאַראַכטנדיקן טאָן, אָנרופן זיין לעבן „הינטיש", „קנעכטיש", „אויסגעהוילט פון כבוד און אידעאַל", — דערצו איז מסוגל נאָר אַ מענטש, וואָס איז דעם פאָלק פרעמד לויט זיינע השגות און גייסט. נאָר אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט לחלוטין נישט דעם תמצית פון דער יידי־שער געשיכטע, קאָן זאָגן, אַז יידן „קלאַמערן זיך אין אַ לעבן אָן כבוד און אָן אידעאַלן", בעת אַנדערע פעלקער „האַלטן טייער זייער לעבן צוליב זיין גייסטיקן און מאָראַלישן אינהאַלט". דאָס איז דער גרעסטער פּאַראַ־דאָקס, וואָס דער מחבר פון „פּאַראַדאָקסן" האָט ווען־עס־איז אַרויסגעזאָגט. מע דאַרף האָבן אַ סך מוט, מע זאָל פאָרוואַרפן מאַנגל אין אידעאַלן און כבוד יענער נאַציע, וואָס קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר וואָגלט זי אַרום, גייט אויף קידוש השם און באַווייזט וואונדערלעכע אויפטוען פון מאָראַלישן העראָיזם בלויז דערפאַר, ווייל זי וויל אויפהיטן איר גייסטיקן אידעאַל און דעם כבוד פון איר פאָן. צי קאָן זיך דען דאָס צעזייטע אָנלאַנדיקע יידנ־טום, וואָס זעט דעם גאַנצן זינען פון זיין נאַציאָנאַלן קיום אין זיין קול־טורעלן און מאָראַלישן תוכן, — צי קאָן זיך עס דען נישט פאַרמעסטן אין דעם פּרט מיט אַנדערע פעלקער, אין וועמעס נאַציאָנאַלן לעבן עס גע־וועלטיקן ביינאַנד סיי דער גייסטיקער עלעמענט סיי דער מאַטעריעלער, דער

*) רעדעס און אַרטיקלען, ז"ז 14—15.

לאַנד־מלוכהשער? אָדער מיינט אפשר נאָרדוי, אז כבוד, אידעאַל און גייסטיקער תוך איז בנמצא נאָר דאָרט, וואו עס איז דאָ ערדבאַזיס און „אַ בראַווע אַרמיי", וואָס באַשיצט אים? פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ פאַל פאַרמאָגט דאָס יידנטום ווינציקער אידעאַליזם און גייסטיקייט, ווי, למשל, די סערבן, רומענער, בולגאַרן אָדער אַלבאַניער; אָבער דעמאָלט האָבן מיר מיטן מחבר פון די „פּאַראַדאָקסן" נישט וואָס צו שמועסן, ווייל מיר וועלן זיך אויסטענהן אויף פאַרשיידענע לשונות.

נאָרדוי באַצייכנט דאָס לעבן פון די יידן ווי „קנעכטיש", „הינטיש", און אַזעלכע עפּיטעטן זענען איצט אין דער מאָדע ביי די פּאָליטישע ציוניסטן, וואָס באַנוצן „שטאַרקע ווערטער" אין דער פּראָפּאַגאַנדע פאַר זייערע אידעען. אָבער צי האָבן זיי אַליין אַ השגה וועגן אמתער פרייהייט און כבוד? לויט זייערע השגות קומט אויס, אַז אַ ייד, וואָס ליידט פון דער יודאָפאָביע מצד די אַרומיקע מאַסן, פירט אַ קנעכטיש לעבן. אָבער פון ווען אָן האָט מען דאָס אָנגעהויבן אָנצורופן „קנעכט" אַ מענטשן, וואָס ליידט פון פרעמדער אונטערדריקונג? אַ קנעכט איז דער, וואָס האָט אָנגעוואָרן דאָס געפיל פון זיין מאָראַלישער פרייהייט, און נישט דער, וואָס אין נאָמען פון אָט דער פרייהייט טראָגט ער איבער רדיפות, ד"ה, ער ווייזט אַרויס זיינע אונטערדריקער לכל הפחות אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד. אוודאי שטייט אַקטיווער ווידערשטאַנד העכער, ווי פּאַסיווער; דאָרט אָבער, וואו עס איז נישטאָ קיין ברירה, וואו עס שטייט קעגן דיר אַן אומבאַזיגלעכער שונא — דאָרט איז אויך פּאַסיווער ווידערשטאַנד אַן אויסדרוק פון גרויסן מוט, דאָרט איז קידוש השם אַ העלדישקייט, וואָרעם עס גרייט צו דעם באָדן פאַרן אַקטיוון קאַמף פון די קומענדיקע דורות. דער ייד, וואָס וויל בעסער ליידן, בלייבנדיק געטריי זיין פאָלק, איידער לעבן גליקלעך, זיך אָפּזאָגנדיק פון אים — אַזאַ ייד איז אָן ספק אַ פרייער מענטש. און פון אַזעלכע פרייע מענטשן, אויב מע זאָל נישט רעכענען אַ גרופּע רענעגאַטן און די חסידים פון „צונויפשמעלצונג", באַשטייט דאָס גאַנצע פאָלק אונדזערס.

על פּי נאָרדויס לאָגיק וואָלט מען געדאַרפט אָנרופן קנעכט אַלע קדושים פון אידעע און אמונה, וועלכע האָבן זיך געמאַטערט אין די טורמעס און אומגעקומען אויף די עשאַפאָטן, אַנשטאָט אַרויסצורייסן זיך אויף דער פריי און אַנטלויפן אין אַ לאַנד, וואו עס איז נישטאָ קיין דעספּאָטן און אינקוויזיטאָרן. צווישן די אייבערשטע שיכטן פון שפּאַנישן אדל זיינען דאָ אַ סך אָפּשטאַמיקע פון די געוועזענע אנוסים — די יידן, וואָס האָבן זיך אין 15טן י"ה געטויפט, כדי פּטור צו ווערן פון רדיפות. און די לייבלעכע ברידער פון אָט די „שפּאַנישע" אַריסטאָקראַטן, די אוראייניקלעך פון די ספרדים, וועלכע מע האָט אַמאָל אַרויסגעטריבן פון שפּאַניע, ווייל זיי האָבן זיך נישט געוואָלט אָפּזאָגן פון זייער יידישקייט, — זיי פאַרקויפן איצט גרינוואַרג און אַלטוואַרג אויף די באַזאַרן פון טערקיי. נו, וועט איר

זיי אָנרופן קנעכט, אַז די ספרדים, די דאָזיקע דערנידעריקטע „ירושלימער אריסטאָקראַטן", וואָס וואָלטן איצט געקאָנט זיין שטאָלצע מאַדרידער אַדע־ליקע, אויב זייערע אורזיידעס וואָלטן צוגעשטאַנען צו די אָפּטריניקע? מעג מען דען פאָרוואַרפן די יידן פון מיטלאַלטערלעכן מערב און פון איצטיקן מיטלאַלטערלעכן רוסלאַנד, אַז זיי „קלאַמערן זיך פחדנותדיק אין אַ לעבן אָן כבוד און אידעאַל"? ...

קיין שום ייד, וואָס איז געטריי דעם נאַציאָנאַלן אידעאַל, וועט נישט דאַרפן רויט ווערן ביים לייענען די פערזן פון יואַוועגאַלן און שילערן, וואָס נאָרדוי ברענגט זיי אין זיין „בריוו". דערפאַר אָבער וועט נאָרדוי און זיינס גלייכן מסתמא מוזן רויט ווערן, לייענענדיק די אומשטערבלעכע שורות פון באַיראָנס „יידישע מעלאָדיעס":

Where my bosom as false thou deemst it to be,
I need not have wander'd from far Galilee;
It was but abjuring my creed to efface
The curse which, thou say'st, is the crime of my race.

(וואָלט איך געווען, ווי דו זאָגסט, פאַלש אין האַרצן, וואָלט איך איצט נישט אומגעבלאָנקעט זיך ווייט פון גליל; ווען איך וואָלט זיך נאָר אָפּגעזאָגט פון דער אמונה פון מיינע אָבות, וואָלט איך גלייך אָפּגעטרייסלט פון זיך די קללה פון דורות).

אַן ענגלישער פּאָעט האָט פאַרשטאַנען די גרויסע טראַגעדיע פון יידישן לעבן, עס האָט זי נישט פאַרשטאַנען אַ פירער פון אַ יידישער פּאַרטיי. מיט זיין טיפן פּאָעטישן חוש האָט באַיראָן דערשפּירט די אינערלעכע שיינקייט פון יידישן גייסט, אָפּגעשאַצט זיין שטאָלצע אומאָפּהענגיקייט, ווען ער האָט דעם יידן אַריינגעלייגט אין מויל אַריין די וויטערדיקע ביטולדיקע ווער־טער, געווענדט צו אַ שונא פון דער יידישער נאַציע: „אויב זיין גערודפט אויף דער וועלט באַטייט (לויט דיר) זיין אָפּגעשטויסן פון הימל — טאָ לעב זיך דו מיט דיין אמונה, און איך וועל שטאַרבן מיט מיינער. לשם אָט דער אמונה האָב איך פאַרלוירן מער, ווי דו ביסט ביכולת מיר צו געבן, דאָס ווייסט דער גאָט, וואָס דערלאָזט, אַז דו זאָלסט זיך לעבן גליקלעך; אין זיין האַנט — איז מיין האַרץ און מיין האָפענונג, און אין דיינער — נאָר מיין לאַנד און מיין לעבן, וועלכע איך בין מקריב אין זיין נאָמען". אָט וואו עס איז אויסגעדריקט (הגם אין אַן איינזייטיקער, רעליגיעזער פאָרם) דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ פון אַ יידן, אָט וואו דאָס יידישע נאַציאָנאַלע געפיל האָט געפונען זיין באַפרידיקונג! און אַ יידישער פּובליציסט, וואָס האָט שוין אין אַלץ איבערגעגלייבט, פאַרשטייט דאָס אַלצדינג נישט. דורכ־געווייקט מיטן מאַטעריאַליסטישן גייסט פון זיין סביבה, איז נאָרדוי נוטה צו זען אַ קריכנדיקן קנעכט אין דעם אייביקן קעמפער פאַר זיין פאַרזי־

ביקייט; ער איז נוטה צו טראַכטן, אַז „דער, וואָס איז געפּלאָגט אויף דער ערד, איז אויך דער פאַרשטויסענער אויפן הימל", — אין די הייכן פון פרייען גייסט.

אָט אַזאַ פאַרקריפּלונג פון דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו ווערט איצט, צום באַדויערן, אַלץ מער פאַרשפּרייט אין די קרייזן פון פּאָליטישן ציוניזם. די עטיק פון די ציוניסטן אַ לאַ נאָרדוי איז, ווי ס'זעט אויס, שאַרף סותר די נאַציאָנאַלע עטיק פון יידנטום, וואָס איר דעוויז זענען די ווערטער פון נביא: „לא בחרב ולא בכוח, אלא ברוח" (נישט מיט געווער, נישט מיט כוח, נאָר מיטן גייסט.—איב.). די נעאָפיטן פון אונדזער נאַציאָנאַלער אידעע, גאַנץ אָפּט ווייטע פון די מקורים פון דער יידישער קולטור, האָבן שלעכט זיך צוגעאייגנט אונדזער היסטאָרישן און מאָראַלישן אני־מאמין. דערמיט דערקלערט זיך די העזה און פּוסק־אחרונדיקייט פון זייערע מיינונגען, דיקטירטע דורך דעם אַפאָריזם „איז אַלץ ערגער פאַר די פאַקטן". זיי זענען מבשר, אַז מחוץ ציוניזם איז נישטאָ קיין יידנטום. מיר האָבן שוין געהערט נאָרדויען אויסרופן אין זיין בערלינער רעדע: „אָדער וועלן יידן שטרעבן קיין ציון, אָדער זיי וועלן בכלל נישט זיין"! אין אָט דעם רוף האָבן זיך אויסגעגאָסן די פאַרבאָרגנסטע געפילן פון „אַ יידן פון נעכטן", וואָס איז צוגעשטאַנען צום פּאָליטישן ציוניזם. ער פילט, אַז נאָר די האָפענונג אויף פּאָליטישער רעסטאַווראַציע בינדט אים צו צו דער יידישער נאַציע, אַז קיין אַנדערע — קולטורעלע, גייסטיקע — באַהעפטן האָט ער נישט מיט איר, ס'איז גענוג, אַז אָט דער איינציקער פאָדעם זאָל זיך איבעררייסן — און ער ווערט ווידעראַמאָל אָפּגעריסן פון יידנטום, ווי ער איז געווען פריער. מע קאָן אפשר אויפריכטיק מיטפילן מיט אַזאַ שוואַכן נעאָפיט, אָבער עס פּאַסט נישט באין אופן, אַז ער זאָל מיט אַ „נעבעך־געפיל" קוקן אויף אָט דעם „אייביקן ייד", וועלכער ראַנגלט זיך מיט אַלע צוטריטלעכע מיטלען פאַר זיין נאַציאָנאַלן קיום.

אָט דער „אייביקער ייד" וואָלט געקאָנט די דאָזיקע פרישצאַפּלדיקע „ישועה־ברענגער" זאָגן: „האָט מיך ליב אַ שוואַרצינקן, אַ ווייסינקן וועט מיך איטלעכער ליב האָבן". איר זענט נישט געווען מיט מיר דעמאָלט, ווען עס איז נאָך נישט געווען קיין פּלאַן צו באַזאָרגן מיך מיט אַן ערד־צענזוס, און איך ווייס נישט, צי וועט איר פאַרבלייבן מיט מיר, ווען אייער פאַנטאַסטישער פּלאַן וועט צעשאָטן ווערן אין שטויב. דערווייזט מיר, אַז איר האָט ליב מיין נשמה, מיין קולטור, און נישט נאָר מיין צוקונפטיקן טעריטאָריאַל־פּאָליטישן צענזוס!

אַראָפּגעדרעדיק דעם עטישן באַנעם פון אונדזער נאַציאָנאַלער אידעע, איז דער פּאָליטישער ציוניזם אויך גורם אַ גאָר רעאַלע סכנה: ער שוואַכט אָפּ יענע מיטלען, מיט וועלכע דאָס פאָלק האָט ביז אַהער געקעמפט פאַר זיין קיום.

שטעלט זיך פאָר, אַז אַ געוויסע פאַראָרעמטע יחוסדיקע משפּחה לעבט

אין דחקות און ענגשאפט, אויסטראַגנדיק באַליידיקונגען און עוולות מצד אירע רייכע שכנים. מיט עקשנותדיקער מי האַלט אויף די דאָזיקע משפחה איר עקזיסטענץ און ראַנגלט זיך פאַר אַ בעסערער צוקונפט; טראָץ איר מאַטעריעלער נויט, פאַרלירט זי אָבער נישט דעם באַוואוסטזיין פון איר חשיבות, ווי אַן אַלטע גייסטיקע אַריסטאָקראַטיע. און אָט האָבן זיך צו דער דאָזיקער משפחה געיאָוועט פלינקע אַגענטן, פאַרקויפט איר אַ לאָטעריי־צעטל און פאַרדרייט איר דעם קאָפּ מיט אַ האָפענונג אויף גיכער באַרייכע־רונג. לכתחילה האָט זיך די שטימונג ביי די אָרעמע מענטשן פאַרבעסערט. עס האָבן זיך באַוויזן מונטערקייט, זיכערקייט, האָפענונג; די משפחה־מיט־גלידער זענען גאַנצע טעג געזעסן און געבויט פּלענער, ווי זיי וועלן דאָס אַ לעב טאָן נאָכן אַריינקריגן דעם גרויסע געווינס. אָבער אָט איז אָנגעקומען דער טאָג פון דער ציונג: די אָרעמעלייט האָבן גאָרנישט געוואונען. און דאָס אָרעמע הויז איז געוואָרן נישט צו דערקענען. אַן אָפּהענטיקייט האָט אַרומ־גענומען זיינע איינוואוינער. זיי האָבן זיך שוין אַזוי איינגעלעבט מיטן חלום וועגן אַ רייך און פריי לעבן, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן צו קוקן מיט ביטול אויף זייער ענגשאַפט און דחקות. עס איז זיי נמאס און מאוס געוואָרן זייער פּשוט האָרעפּאַשנע לעבן מיט די גרויסע מאַטעריעלע צרות און מיט די קליינע גייסטיקע נחתן. די מאַטעריעלע נויט איז געבליבן ווי געווען, און די פריערדיקע גייסט־קלאָרקייט איז נעלם געוואָרן. אין דער נשמה איז איבערגעבליבן אַ שרעקלעכע פּוסטקייט און ביטערניש פון אַנטטוישונג...

צי פירן דען נישט די פּאָליטישע ציוניסטן די יידישע מאַסע צו אָט אַזאַ מין אויסגאַנג? זיי רעדן איין דעם פאָלק חלומות, וואָס קאָנען נישט מקוים ווערן, וועגן קריגן אַ זעלבשטענדיקע טעריטאָריע אין פּאַלעסטינע, וועגן אַ נייעם פּאָליטישן לעבן, — און דערמיט דערהייבן זיי ציימווייליק זיין געמיט. אָבער בעת מעשה פּלאַנצן זיי איין אין פאָלק ביטול צו זיינע רעאַלע דרכים פון קאַמף פאַר זיין קיום. נאָך נישט האָבנדיק אַריבערגעשוואומען אויף יענעם ברעג, פאַרברענען די ציוניסטן, ווי חסר־דעהדיק, די שיפן הינטער זיך. וואָס זשע וועט זיין, ווען עס וועט שלאָגן די שעה פון דער אַנטטוישונג — אומפאַרמיידלעכער, פאַטאַלער אַנטטוישונג? צו קיין ני־סימדיקער פּלוצעמדיקער באַפרייאונג וועט מען זיך נישט דערשלאָגן, און צו דער עקשנותדיקער רעאַלער אַרבעט פאַר בהדרגהדיקער באַפרייונג אויף די ערטער — האָט מען שוין באַוויזן איינצופּלאַנצן פאַראַכטונג. צי פאַר־שטייען אונדזערע בעלי־מופתים־באַפרייער, וואָס עס הייסט Taedius Vitae (ביטול צום לעבן.—איב.), ווען עס באַהערשט אַ גרויסן טייל פון אַ נאַציע?

אָט פאַרשפּרייטן איצט די ציוניסטן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער התמ־דה צווישן די יידן פון דער גאָרער וועלט די אַקציעס פון דער „יידישער

קאָלאָניאַל־באַנק" אין לאָנדאָן. וואָלטן די ציוניסטן נישט געפירט זיך, ווי פּאָליטישע מאַניאַקעס, ווען זיי וואָלטן געזאָגט דעם פאָלק, אַז די געגרינדעטע באַנק שטעלט זיך דעם ציל אויסצובּרייטערן, ווי ווייט מעגלעך, דעם ענין פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, כדי דאָרט איינצואָרדענען יערלעך לכל הפּחות טויזנט קאָלאָניסטן, און דערמיט קלענער מאַכן די נויט פון אַ טיילעכל יידנטום, — וואָלטן זיי דערמיט געטאָן אַ באמת גרויסע זאַך. זיי פירן זיך אָבער אַנדערש: זיי צעצינדן די פאָלקס־פאַנטאַזיע מיט חשבונות מכוח אָפּקויפן פּאַלעסטינע ביים סולטאַן, דורך דער פאַרמיטלונג פון דער דערמאָנטער באַנק, און מכוח שאַפן דאָרט אַן אויטאָנאָמע יידישע געמיינשאַפט מיט דער הסכמה פון די אייראָפּעישע גרויסמאַכטן. אַ ייד, בפרט אַ מאַסן־ייד אָדער אַ האַלב קולטורעלער, שטעלט זיך פאָר, קויפנדיק אַן אַקציע פון דער לאָנדאָנער באַנק, אַז ער האָט איינגעהאַנדלט אַ לאָטערייצעטל אויף צו געווינען אַ שטיקל ערד אין ארץ ישראל, אין דער קומענדיקער יידישער מלוכה. עס מאָלן זיך אים אויס בילדער פון צוקונפטיקן, הגם נאָך ווייטן גליק; ער זעט אַ שאַרפן איבערברוך אין דער געשיכטע: דאָס פריערדיקע צרותדיקע לעבן פון יידישן פאָלק ענדיקט זיך שוין, און עס וועט זיך אָנהייבן אַ ניי, פריי און גליקלעך לעבן, צו וועלכן די „אויסלענדישע פּני", קלוגע לייט, מאַכן איצט ענערגישע הכנות. און ביי אָט די צוגרייטונגען וועט זיך אַנטפּלעקן דער פאַטאַלער אמת. די קאָלאָניאַל־באַנק, לאָמיר אָננעמען, אַרבעט געוויסנהאַפטיק און מיט דער הילף פון זיינע מיליאָנען דערשלאָגט זי זיך צום רעכט פון אַ פּשוטער אימיגראַציע פאַר יידן קיין פּאַלעסטינע (איצט איז דאָס מצד דער טערקישער רעגירונג שטרענג פאַרבאָטן), שיקט אַהין אַריבער יערלעך אַ וואָסערע טויזנט אָדער צוויי יידישע קאָלאָניסטן*). עס גייט אַריבער אַ יאָר, צוויי, צענדליקער יאָרן; אין פּאַלעסטינע זענען אויפגעקומען נאָך עטלעכע קאָלאָניעס, אַ צאָל גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס געהערן צו יידן — און די אַלגעמיינע „יידן־נויט" איז פּונקט אויף אַזוי פיל קלענער געוואָרן, וויפל דאָס וואַסער אין אַ טייך, פון וועלכן מען האָט אויסגעשעפּט אַ הונדערט פעסלעך וואַסער.

די אַלע, וואָס דערוואַרטן איצט מיט אַזאַ שפּאַנונג פון דער קאָלאָניאַל־

*) „אפילו ווען הערצלס פּלאַן וועט מקוים ווערן, און די באַנק, דיספּאָנירנדיק מיט צוויי מיליאָן פונט שטערלינג, וועט אָנהייבן אירע טעטיקייטן, וועט מען אויך דעמאָלט נישט קאָנען קאָלאָניזירן אין פּאַלעסטינע מער ווי עטלעכע הונדערט משפחות אַ יאָר". — אַזוי דערקלערט דער אָרגאַן פון די מעסיקע ציוניסטן „השלוח" אין זיין חודשלעכן איבערבליק (פעברואַר 1889, ז' 178), וואָס געהערט דער פּען פון אַ מענטשן, וועלכער האָט אַקטיוו אָנטייל גענומען אין דער חובבי־ציון־באַוועגונג, פון זינט זי איז אויפגעקומען.

באַנק א ברייטע פּאָליטישע טעטיקייט, וועלן זיך אנטטוישן אין זייערע דערוואַרטונגען, וואָרעם זיי דערוואַרטן א נס. די מיליאָנען פון דער באַנק וועלן פונקט אזוי ווינציק א רוק טאָן פאָרויס די אוניווערסאַלע לייזונג פון דער יידן־פראַגע, ווי די מיליאָנען פון דעם באַראָן־הירש־פאָנד אין ארגענ־טינע, — הגם ווי א פאָרם פון טיילווייזער הילף שטיצט די פּאַלעסטינישע קאָלאָניזאַציע א סך העכער פאַר דער ארגענטינישער. נאָך אַלע „טומלע־נישן" וועט אַלץ בלייבן ווי געוועזן. אויב אין ירושלים און יפו וועט צו־קומען א סך יידן, וועלן זיי אָבער נישט ווערן ווינציקער אין ווילנע, וואַר־שע, בערלין, ווין און ניו־יאָרק. דער היסטאָרישער Status quo ante (צושטאַנד פון פריער.—איב.) וועט בלייבן לחלוטין נישט אָנגערירט.

וואָס זשע וועט דעמאָלט זיין?... צי וועט אַמאָל נישט אויסקומען, אז די צו אייפעריקע אַגיטאַטאָרן פון פּאָליטישן ציוניזם וועלן באַדויערן די „פאַרברענטע שיפן"? זיי האָבן באַוויזן אריינצוטריפן אין דער יוגנט א ביטול צו דער קולטורעלער און סאָציאַלער ארבעט אויף די ערטער, נישט געבנדיק איר דאָס צוגעזאָגטע לאַנד. ביי א סך האָבן זיי אָפּגעשוואַכט דאָס באַוואוסטזיין פון אינערלעכער פרייהייט, נישט געבנדיק זיי די צו־געזאָגטע אויסערלעכע אויסלייזונג. זיי האָבן צוגענומען ביי מענטשן דעם כוח פון מאָראַלישן ווידערשטאַנד, נישט פאַרבייטנדיק אים אויף אן אָנ־שפּאַר א מאַטעריעלן. וואָס זשע וועט דערנאָך זיין, אז די דאָזיקע „איבער־שאַצונג פון ווערטן" וועט זיך ארויסווייזן פאַר נישט־ממשותדיק? וועט דאָס זיין גרינג אזוי מחיה־מתים צו זיין אין דער נשמה פון די „נייע יידן", פון ציוניסטישן שניט, די ליבע צו יענע נאַציאָנאַל־קולטורעלע ווערטן אונדזערע, וואָס ווערן איצט געמאַכט צו קליינגעלט דורך די פּאַרטיי־אַגיטאַטאָרן מיט אזא התמדה?

נאָכן קראַך פון אוטאָפּישן ציוניזם וועלן די אָנהענגער זיינע דערפילן אזא אָפּהענטיקייט, וואָס איז נישט געווען ביי אונדזער מאַסע אפילו נאָך די משיחישע אנטטוישונגען פון אַמאָל. די אַלטע אָרטאָדאָקסיע פּלעגט כאָטש אויפהאַלטן אין זיך דעם מוט מיט דעם רעליגיעזן מיסטיציזם; די איצטיקע יוגנט אָבער, ווען זי וועט זיך אנטטוישן אין דעם אידעאַל פון פּאָליטישן משיחיזם, וועט זי זיך דערזען לגמרי אָפּגעריסן פון יידנטום. פון יהדות, ווי א רעליגיע, איז זי פון לאַנג אוועק; די היסטאָרישע און קולטור־אידעאַלן, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן די יידן, ווי א גייסטיקע נאַציע, האָט זי גרינג געשעצט און מבטל געווען. וואָס זשע וועט איר בלייבן? דאָס געפיל פון פאַראַכטן זיך אליין, יאוש און א געפערלעכע נשמה־פּוסטקייט. א סך פון די יידן „פון נעכטן" וועלן שוין זיין נישט קיין יידן „פון מאָרגן", ווען עס וועט פאַרשוואונדן ווערן אָט דאָס דרויסנדיקע, וואָס האָט זיי צוגעצויגן צו דעם פאָלק, וואָס זיי האָבן אַמאָל פאַרלאָזט. עס וועלן זיין אָפּשפּליטערונגען, קאָנטיקע און נישט־קאָנטיקע, עס וועט זיין א שרעק־

לעבער אינדיפערענטיזם, א שטאַרקערער, ווי אין ברען פון אסימילאַציע... און ערשט צום סוף פון אַט דעם געפערלעכן קריזיס וועט פאַר קלאָרע מוחות ווידער זיך אַנטפּלעקן אין זיין פולער מאַיעסטעטישקייט דער אידעאַל פון דער יידישער קולטור־נאַציע, — נישט פון יענער, וואָס מאַכט כלומרשט „שלום מיטן עלנטן לעבן", נאָר פון דער, וואָס פירט אָן אויפהער דעם קאַמף פאַר א פריי לעבן, פאַר איר סאָציאַלער און גייסטיקער ווידעראויפלעבונג בכל תפוצות ישראל.

2. צי האָט א באַדן אונטער זיך אונדזער אַרבעט, וואָס איז געווענדט אויף דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון יידנטום אין גלות? — אַט דאָס איז די פראַגע, וואָס די ציוניסטן שטעלן אונדז כסדר, און וועלכע זיי פאַרענטפערן נעגאַטיוו. די נאַציאָנאַליסטן וואַרפט מען פאָר, אַז דווקא זיי זענען דאָס די באַדנלאָזע בעלי־חלומות, ווען זיי האַלטן פאַר מעגלעך די ווידעראויפלעבונג פון יידן אין די תפוצות. פאַרבייטנדיק די יוצרות, וואַרפן אונדז די פּאָליטישע ציוניסטן צוריק דעם פאָרוואורף מכוח פאַנטאַזיאָרישקייט און אוטאָפּיזם. אין צייטונגס־אַרטיקלען און באַזונדערע פּאַמפלעטן האָט מען לעצטנס אַרויסגערוקט א גאַנצע ריי טענות אין דעם זינען קעגן דער לערע פון „גייסטיקן נאַציאָנאַליזם". לאָזנדיק אין א זייט די פּאָלעמיק, וועל איך דאָ באַרירן נאָר עטלעכע וועזנטלעכע דערווידערונגען, אויף וויפל זיי זענען פאַרבונדן מיטן תוך פון דעם איצטיקן בריוו.

איינער פון די ערשטע אידעאָלאָגן פון חיבת־ציון, וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם נייסטן ציוניזם, מ. ל. ליליענבלום, באַטראַכט מיין טעאָריע אין זיין ביכל: „חיבת־ציון, ציוניזם און זיינע קעגנער". (אָדעס, 1899). דערווידערנדיק, צווישן אַנדערע, קעגן מיין גרונטגעדאַנק, אַז די יידן, ווי א קולטור־נאַציע, דאַרפן אומעטום קעמפן נישט בלויז פאַר בירגערלעכע, נאָר אויך פאַר זייערע נאַציאָנאַלע רעכט, באַמערקט ה' ליליענבלום:

„הי' דובנאָוו איז נאָך אַ גרעסערער בעל־חלומות, ווי עס איז, לויט זיין מיינונג, דער מחבר פון דער נייסטער פאָרם פון ציוניזם. ווי פאַנטאַסטיש עס זאָל נישט זיין דער געדאַנק וועגן גרינדן אין דער נאָענטסטער צוקונפט אַ זעלבשטענדיקע יידישע מלוכה, קאָן ער דאָך נישט אַרויסרופן אַזאַ שמייכל — צי פון מהיכא־תיתידיקייט צי פון ביטול — ווי די האָפענונג, אַז סוף כל סוף וועט מען די אומעטום צעזייטע יידן געבן רעכט אויף פרייער אינערלעכער אַנטוויקלונג אין זינען פון נאַציאָנאַלער פאַרזיכיקייט, אַזאַ רעכט, ווי עס פאָדערן די טשעכן, אירלענדער אַא"וו (זייט 55).

הייסט עס, אַז דער פאָרוואורף, וואָס איך האָב געמאַכט די ציוניסטן, איז איצט געוואָרן אומגעקערט צו מיר.

עס לאָזט זיך אין גאַנצן דערקלערן אָט די באַשולדיקונג מצד די ציוי־ניסטן. מענטשן, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אין היסטאָרישן פּראָגרעס און וואָס הערן אין דער אַלוועלטלעכער געשיכטע נאָר איין פאַרצווייפלטן געי־שריי: „ווי צו די באַזיגטע"! — זיי קאָנען, נאַטירלעך, נישט טראַכטן אַנדערש וועגן די נאַציאָנאַלע רעכט פון יידנטום אין גלות, ווי נאָר אַ מיט אַ „מהיכי־תיתידיקן" און אפילו מיט אַ „ביטולדיקן שמייכל". די דאָזיקע מענטשן קרענקען אויף אַ היסטאָרישער קורצזיכטיקייט אין דער שטאַרק־סטער מדרגה און זיי טשעפּען צו צו דער גאַנצער קומענדיקער געשיכטע דעם איצטיקן רעזשים.

אויב נישט בלויז אין די פּאָליטיישע, נאָר אויך אין געוויסע קאָנס־טיטוציאָנעלע מלוכות פון 19טן י"ה איז נאָך נישט אָפּגעשאַפן די סיסטעם פון צוואַנגס־אַסימילאַציע, מיט וועלכער די הערשנדיקע פעלקער באַמיען זיך צו פאַרניכטן אָדער אָפּצושוואַכן די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט פון צאָלמעסיק שוואַכערע פעלקער, — איז דען דערפון געדרונגען, אַז אַזאַ סיסטעם וועט תמיד געדויערן? אין מיטלאַלטער, און אפילו שפּעטער, אין דער תקופה פון רעפאָרמאַציע און רעליגיעזע מלחמות, האָט נישט בלויז גע־הערשט, נאָר ממש געבושעוועט דער פּרינציפּ פון געצוואונגענער רעליגיע־זער אַסימילאַציע, וואָס האָט גאַנץ אייראָפּע באַשפּריצט מיט בלוט, — און איצט, צי זענען נאָך דאָ אַ סך אַזעלכע מקומות, וואו דער דאָזיקער פּרינציפּ זאָל דאָמינירן? די איצטיקע „פּאָליטישע חכמה" הייסט די פּרייסן צו גערמאַניזירן די פּויזנער פּאָליאַקן; די עסטרייכישע דייטשן — צו קעמפן קעגן דער ווייטערדיקער אויסברייטערונג פון דער נאַציאָנאַלער אוי־טאָנאָמיע פון די סלאַוון; דער רוסישער רעגירונג — אונטערצודריקן די אוקראַינער, פּאָליאַקן, יידן, אַרמענער אאַ"וו. אָבער איצט שוין, מיט יעדן יאָר, ווערט קלאָרער, אַז אָט די פּאָליטיישע חכמה איז אַן אַרויסגעוואָר־פענע אַרבעט. וואָס פּלייסיקער די נאַציאָנאַלע מערהייט סטאַרעט זיך צו אַסימילירן די מינדערהייט, אַלץ מער ווידערשטאַנד שטעלט אָט די מינ־דערהייט, וועלכע קעמפט פאַר איר פאַרזיכיקייט — פאַר איר שפּראַך, מנהגים, שול, אינעווייניקסטע אויטאָנאָמיע. די אינדיווידואַליטעט פון איט־לעכס פאָלק ראַנגלט זיך אָן אויפהער קעגן צונעמען זיין סאָציאַלן און קולטורעלן פּרצוף. אָט דער קאַמף ברענגט אַריין אומרו אין דעם פּאָליטישן לעבן פון אַ פילנאַציאָנאַלער מלוכה, און אָפּטמאָל צעטרייסלט ער דעם גאַנצן פּאַרלאַמענטאַרישן סדר און דעם גאַנג פון מלוכהשן מעכאַניזם (ווי, למשל, איצט אין עסטרייך). אָבער דווקא אָט די פאַרביסנקייט פון קאַמף און אירע פּאַטאַלע רעזולטאַטן באַווייזן, אַז ס'איז נאָענט די צייט, ווען די סיסטעם פון צוואַנגס־אַסימילאַציע וועט דערפירט ווערן צום אַבסורד. די

הערשנדיקע נאַציעס וועלן זיך איבערציינגן, אַז דער דרך פון שטיקן בגעוואַלט די קולטור פון אַנדערע נאַציעס וועט דערפירן נישט צו פּאַראייניקונג, נאָר צו צעשפּליטערונג פון דער מלוכה. נישט בלויז דאָס יושר־געפיל, נאָר אַ פּשוטער פּראַקטישער חשבון וועט אויפהייבן אַ פּראָטעסט קעגן דעם פּרינציפּ: „אַ פאָלק צו אַ פאָלק איז אַ וואָלף" אין גבול פון איין און דער זעלבער מלוכה. פּונקט ווי מען האָט זיך אין די ציוויליזירטע לענדער איבערצייגט, אַז נאָר אַ פרייער מענטש קאָן זיין אַ נוצלעכער גליד פון דער געזעלשאַפט, און נישט דער קנעכט, — אַזוי וועט מען זיך צו ביסלעך איבערציינגן, אַז אין אַ פילנאַציאָנאַלער מלוכה איז אַן אינערלעך־אויטאָנאָמע נאַציע אַ פיל שטאַרקערער אָנשפּאַר פאַר דעם מלוכהשן פאַרבאַנד, ווי אַן אומפרייע, אַ פּרצופלאָזע, אַן אויפגערייצטע דורך כסדרדיקע העצעס. די ראָליע פון דער „הערשנדיקער נאַציע" וועט רעדוצירט ווערן צו דער זעלבער מדרגה, צו וועלכער עס איז דערפירט געוואָרן אין אַן אמת געזעצהיטנדיקער מלוכה די ראָליע פון דער „הערשנדיקער רעליגיע". דאָס איז לחלוטין נישט קיין חלום, נאָר אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט, וואָס איר יסוד איז דער וואוקס פון רעכט־באַוואוסטזיין.

אויף דער דאָזיקער רעאַלער היסטאָרישער נויטווענדיקייט בין איך סומך די האָפענונג אויף אַ דערפאָלגרייכן אויסגאַנג פון קאַמף פון די יידן פאַר זייערע נאַציאָנאַלע רעכט. עס פאַלן דאָ לגמרי אָפּ די פאָרוואורפן מכוח „טרוימעריי", וועלכע מיין אָפּאָנענט שטעלט אַרויס, ווי אויך די ווייטערדיקע באַטראַכטונגען וועגן דעם, אַז די יידן פאַרמאָגן נישט יענעם כוח פון אַליינפאַרטיידיקונג, וועלכן עס האָבן אַנדערע אָפּהענגיקע פעלקער, אָבער וואָס לעבן אויף זייערע אייגענע טעריטאָריעס (טשעכן, פּאָליאַקן, אירלענדער וכדומה).

איך האָב שוין אויף אַן אַנדער אָרט געזאָגט, אַז „די פאָדערונגען פון יידן וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע גייען נישט אַזוי ווייט, ווי די פאָדערונגען פון די אירלענדער, און אפילו ווי פון די פּאָליאַקן" (אויבן, ז' 56). אַן עקסטעריטאָריאַלע נאַציע פאָדערט פאַר זיך נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעכט אין געביט פון קהילה־אויטאָנאָמיע, שול, שפּראַך, פאָרשטייערשאַפט. אַזעלכע רעכט האָבן שוין יידן טיילווייז געקריגן אָנערקענט אין דער פּראַקטיק, טיילווייז וועלן זיי נאָך ווערן אָנערקענט.

אין אַזעלכע לענדער, למשל, ווי ענגלאַנד אָדער די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, איז נישטאָ קיין שום מניעה, אַז שוין איצט זאָלן די יידן דערהייבן זייער קהילה־זעלבסטפאַרוואַלטונג צו דער מדרגה פון אַ ברייטער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, צו גרינדן שולן מיט דער יידישער לערנשפּראַך, צו עפענען יידישע גימנאַזיעס, אַקאַדעמיעס, צו שאַפן אייגענע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. אפילו אין די לענדער, וואו עס איז נאָך נישט אין גאַנצן אָפּגעשוואַכט די ביוראָקראַטישע רעגלאַמענטאַציע, ווי

אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך און עסטרייך, וואָלטן נאָך די יידן אַ סך געקאָנט אויפטאָן לטובת דער אויסברייטערונג פון זייער אויטאָנאָמיע, ווען ביי זיי וואָלט צייטווייליק נישט אטראָפירט געוואָרן דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַוואוסטזיין, אונטער דער השפּעה פון דער „דאַנקבאַרקייט פאַר דער עמאַנציפּאַציע" און פון דעם פאַלשן פּרינציפּ פון קולטור־ניוועלירונג. אָבער פאַר אונדזערע אויגן קומט פאָר אַ רעסטאַווראַציע פון יידישן נאַציאָנאַלן געפיל, און דאָס וועט ברענגען דערצו, סיי דאָ סיי אין אַנדערע לענדער.

אוודאי וועט מען זיך נישט באַגיין אָן אַ לאַנגן קאַמף סיי מיט דער פאַרגליווערטקייט פון דער ביוראָקראַטיע סיי מיט דער פאַרביסנקייט פון דעם אַנטיסעמיטיש געשטימטן טייל פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט. איז וואָס? דאָס יידנטום גייט שוין פון לאַנג אין זיין געשיכטע מיטן דעוויז: Per aspera ad ardua tendo (דורך אַלע מניעות שטרעב איך אין דער הייך").

ס'איז דעריבער מאָדנע, וואָס אַזאַ רעאַלע אידעע, וואָס שטרעבט נאָר צו פאַרבעסערן די איצטיקע לאַגע, רופט מען אָן חלום, און עס טוען דאָס יענע, וואָס חלומען איבערצומאַכן לגמרי דעם איצטיקן סדר, וועגן אַריבערפירן מיליאָנען יידן פון אייראָפּע קיין אַזיע און וועגן גרינדן אַ יידישע מלוכה מיט דער הילף פון קאַבינעט־קאָמבינאַציעס, באַנק־אַקציעס און הויכע דרשות. אגב אורחא, דער אייגענער ה' ליליענבלום, וואָס שטייט אויפן וועגן צווישן אַלטן און נייעם ציוניזם, ער אַליין באַצייכנט ווי „נאַיווע" די מענטשן, וועלכע גלייבן אין דעם „גיכן קריגן פּאַלעסטינע מיט גאַראַנטירטע רעכט" (ז' 65). אויב ווידער יאָ אַזוי, איז צו וואָס זשע דער געשריי וועגן ציוניזם, ווי אַ דעצידירנדיקן היסטאָרישן קריזיס? צו וואָס דאָס אויסנוצן די „נאַיווקייט" פון מענטשן און, מאָלנדיק זיי אַ פּערספּעקטיוו פון אַ פאַנטאַסטישער צוקונפט, צונעמען ביי זיי יענעם רעאַלן קולטור־פונדאַמענט, אויף וועלכן עס האַלט זיך אַזוי לאַנג זייער נאַציאָנאַלער קיום?

דאָס, וואָס איך האָב אויבן גערעדט וועגן דער דערגרייכלעכקייט פון די יידישע נאַציאָנאַלע רעכט, קאָן דינען פאַר אַ תשובה אויך דעם שעפער פון „גייסטיקן ציוניזם", אחד־העם, וואָס האָט טיפער תופס געווען דעם פּאָזיטיוון מהות פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם, איידער דער חשובער שעפער פון חיבת־ציון. צו אחד־העמען דערנעענטערט מיך דער פילאָזאָפיש־היסטאָרישער קוק אויף דער אַסימילאַציע און אויף די חסרונות אין דער אַנטוויקלונג פון מערבדיקן יידנטום אין 19טן י"ה*). עס

*) דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט איז מיט אויסערגעוויינטלעכער קלאָרקייט פאָרמולירט געוואָרן דורך אחד־העמען אין זיין אַרטיקל „קנעכט־

דערנעענטערט אונדז אויך די נעגאַטיווע שטעלונג צו די געוואַגטע עקספּערימענטן פון דעם פּאָליטישן אָדער דיפּלאָמאַטישן ציוניזם, וואָרעם ביידע שטייען מיר בנוגע געשיכטע אויף אַ וויסנשאַפטלעכן עוואָלוציאָנערן שטאַנדפּונקט, וואָס דערלאָזט נישט קיין כישופמאַכערישע איבערקערעניש. צעגייענדיק זיך אין דער אָפּשאַצונג פון יענער השפעה, וואָס דער קומענדיקער גייסטיק־נאַציאָנאַלער צענטער אין ארץ ישראל קאָן האָבן אויף די תפוצות, זענען מיר פון דעסטוועגן ביידע אייניק בנוגע דעם, אַז אויך נאָך דעם אויפקומען פון אַזאַ צענטער וועט דער רוב פון יידנטום פאַרבלייבן אין די תפוצות. דערפון דרינגט בפירוש (און מצד אחד העמען וואָלט עס געווען אַן אַקט פון פּשוטער אויסגעהאַלטנקייט, ווען ער וואָלט אָנערקענט אָט דעם אויספיר), אַז דאָס יידנטום פון די תפוצות דאַרף אָן אויפהער קעמפן פאַר אַ געוויסן מינימום פון יענע נאַציאָנאַלע רעכט, וואָס דעם מאַקסימום זייערן וועט מען — לויט זיין מיינונג — דערגרייכן נאָר אין פּאַלעסטינישן צענטער. עס איז אָבער נישט צו זען אָט די שטרענגע אויסגעהאַלטנקייט ביי דעם דאָזיקן פובליציסט־פילאָזאָף, וואָס בכלל צייכנט ער אויס מיט אַ זעלטענער --- ווי פאַר אונדזער צייט — קלאָרקייט און סיסטעמאַטישקייט פון געדאַנק. אין זיין אַרטיקל וועגן מיין צווייטן „בריוו”, סטאַרעט זיך אחד־העם צו דערווייזן, אַז די טעאָריע פון נאַציאָנאַלע רעכט

---

שאַפט אין פרייהייט” (1891), און שפּעטער האָב איך אים אַנטוויקלט בפרטיות אין די ערשטע „בריוו” (1897—1901), בשייכות מיט מיין עוואָלוציאָנערער אידעע וועגן „אַנטיטעזיס”. אין אַ הערה צו דעם דערמאָנטן אַרטיקל, ווי אויך אין טעקסט פון אַ נייעם אַרטיקל פון אחד־העמען (זע די וייטערדיקע הערה), ווערט געזאָגט, אַז „קנעכטשאַפט אין פרייהייט” איז אַן ענטפער אויף מיין אַרטיקל „אייביקע און עפעמערישע אידעאַלן פון יידנטום” („וואָסכאָד”, 1890, בוך צוועלף). גערן לאָז איך פאַר אחד־העמען די פּריאָריטעט אין דער טרעפלעכער כאַראַקטעריסטיק פון דער אַסימילאַציע, ווי אַ פאָרעם פון מאָראַלישער קנעכטשאַפט; איך דאַרף נאָר באַמערקן, אַז אין תוך פון אָט דער אידעע איז „קנעכטשאַפט אין פרייהייט” נישט געווען קיין דירעקטער ענטפער אויף מיינע „אייביקע אידעאַלן”. אין דער דאָזיקער אומבאַדייטנדיקער ביבליאָגראַפישער נאָטיץ האָב איך דעם ענין אַסימילאַציע ספּעציעל נישט באַרירט. איך האָב מער נישט אָנגעוויזן אויף יענע גייסטיקע אידעאַלן, וואָס זיינען פאַרבאָרגן אין דער מערבדיקער אידעע וועגן דער „מיסיע פון יודאַיזם”. איך בין מסכים, אַז די טעאָריע פון „מיסיע” פלעגט אָפט צודעקן אַ „בכבודיקן ריקצוג” פון דער לעבעדיקער אידעע פון יידנטום, פון דעסטוועגן דערלאָז איך דעם געדאַנק, אין קעגנזאַץ צו אחד־העמען, אַז פאַר די בעסערע יידישע דענקער פון מערב איז „די מיסיע פון יודאַיזם” געווען בלויז אַ פאָרמע פון אומבאַוואוסטזיניקן נאַציאָנאַליזם, וואָס איז פאַרשטיקט אונטער דער משא פון דורותדיקע שיכטן פון דער „רעליגיעזער נאַציע” און פון נייע אַסימילאַטאָרישע אָנשיכטונגען אין דער בירגערלעכער ספּערע.

אין גלות איז נישט מער ווי אַן איבערגאַנג־שטאַפּל צום ציוניזם, מחמת די ביטערע דערפאַרונג וועט איבערצייגן די חסידים פון אַט דער טעאָריע, אַז אויסער ארץ ישראל קאָן מען אַזעלכע רעכט נישט דערגרייכן. אָט וואָס ער זאָגט*):

„פּסיכאָלאָגישע נויטווענדיקייט איז איין זאַך, און לאָגיק און ווירקלעכקייט — אַן אַנדער זאַך. די יידן וועלן מיט אַ שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ טענהן צו זייערע שכנים: מיר זענען אַן אוראַלטע נאַציע, וואָס האָט היסטאָרישע רעכט אויף אייראָפּע, פּונקט ווי איר, און מיר קאָנען דעריבער מיט רעכט פאָדערן, איר זאָלט שעצן אונדזערע נאַציאָנאַלע ווערטן און געבן אונדז אַ מעגלעכקייט צו לעבן צווישן אייך מיט אונדזער נאַציאָנאַל לעבן; גיט אונדז נאַציאָנאַלע רעכט! אָבער די טעריטאָריאַלע פעלקער וועלן, הערנדיק דאָס, צאָרנענו אָדער לאַכן — אַגן קיין נאַציאָנאַלע רעכט וועלן זיי אונדז נישט געבן. אויב די יידן איז געלונגען צו קריגן גלייכבאַרעכטיקונג ביי דעם רוב אייראָפּעישע פעלקער, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס די יידן האָבן צוגעזאָגט זיך אויפצולייזן צווישן אָט די פעלקער און מיט דער צייט צונויפצושמעלצן זיך מיט זיי „בגוף אחד". אָבער צו קיין נאַציאָנאַלע רעכט — דאָס מוז מודה זיין איטלעכער, וואָס בייגט אַראָפּ זיין חלום צו דער ווירקלעכקייט — וועלן זיך די יידן צווישן די פעלקער קיין מאָל נישט דערשלאָגן. און נישט בלויז אין אונדזער צייט, ווען יעדער הערשנדיקע נאַציע שטרעבט צו מאַכן איר נאַציאָנאַליטעט פאַר דעם יסוד פון דעם גאַנצן מלוכהשן לעבן, נאָר אפילו אין די קומענדיקע צייטן, ווען עס וועלן זיך ענדערן די השגות און געפילן פון מענטשן, ווען די הערשנדיקע נאַציע וועט אָנערקענען די רעכט פון אַנדערע (קלענערע) און וועט זיי געבן די פרייהייט אויף נאַציאָנאַלן לעבן, נישט באַמיענדיק זיך זיי צו אַסימילירן, — אפילו דעמאָלט וועט זיך אין אייראָפּע נישט געפינען קיין איין פאָלק, וואָס וועט אָנערקענען נאַציאָנאַלע רעכט פאַר די יידן, וואָס לעבן אין זיין סביבה. די זעלבע פּאָליאַקן און טשעכן, וואָס איצט נאָמען פון יושר פאָדערן זיי פון

*) „השלוח", 1898, בוך פיר, ז"ז 294—295. דאָ ציטיר איך לויט דער נייער אויסגאַבע „על פרשת דרכים", באַנד 2, ז"ז 63 א"ווו (בערלין, 1903), וואו דער דאָזיקער אַרטיקל איז געגעבן אונטערן נאָמען „דריי שטאַפּלען".

די מלוכות נאַציאָנאַלע רעכט פֿאַר זיך, האַלטן זיך פֿון דעסט־וועגן פֿאַר באַרעכטיקט צו פֿאָדערן פֿון די יידן, וואָס וואוינען צווישן זיי, אַז זיי זאָלן זיך אין גאַנצן מיט זיי צונויפשמעל־צן און ברענגען זיך פֿאַר אַ קרבן לטובת דער פּוילישער אָדער טשעכישער נאַציאָנאַליטעט.

„נאָך מער: אַז מיר זאָלן אפילו, שטאַרק אָנשטרענגענדיק די פֿאַנטאַזיע, טון אַ גלייב, אַז „אין משיחס צייטן" וועלן אויך די יידן אָנערקענט ווערן פֿאַר אַ באַזונדערער נאַציע, וואָס האָט אין אַלע מלוכות נאַציאָנאַלע רעכט, — וועט דאָס אויך נישט זיין גענוג פֿאַר די הצטרכותן פֿון אונדזער פֿאָלקסלעבן. די אידעע גופא פֿון גערעכטיקייט, וואָס אין איר נאָמען פֿאָדערט דער שוואַכער זיינע רעכט ביים שטאַרקן, איז דאָך נישט מחייב דעם שטאַרקן מקריב צו זיין זיינע אייגענע רעכט דאָרט, וואו די רעכט פֿון שוואַכן גייען נישט בייניאַנד מיט זיי. און קיין שום זאַך רופֿט אַזוי נישט אַרויס קיין קאָנפֿליקטן, ווי די נאַ־ציאָנאַלע רעכט פֿון צוויי פֿעלקער, וועלכע לעבן נישט איינס נעבן דעם אַנדערן, ווי אין דער שווייץ, נאָר איינס אין דעם אַנדערן, ווי אין עסטרייך. אין אַלע וויכטיקסטע ענינים פֿון מלוכהשן לעבן — אין דער דערציונג־סיסטעם, שפּראַך, ווי־סנשאַפֿט, אין די מנהגים, געזעצן א״וו — איז נישט מעגלעך, אַז פֿאַרשיידענע נאַציעס זאָלן גלייכצייטיק הערשן, אַזוי אַז איטלעכע זאָל אַריינטראָגן אין דעם ענין איר אייגענעם גייסט, און אַז עס זאָלן דאָרט דורכגעפֿירט ווערן פֿאַרשיידענע טענ־דענצן. אין אַזעלכע פֿאַלן גייט מען, על פּי נויטווענדיקייט און על פּי יושר (?), לויט דער ריכטונג פֿון דער מערהייט, און די מינדערהייט מוז זיך אָן שום טענות און מענות אונטערוואַרפֿן אָט דעם געזעץ, וואָרעם אַזוי טרעפֿט אויך, ווען עס שטויסן זיך צונויף די בירגערלעכע רעכט פֿון איינצלנע בירגער. און היות מיר זענען אומעטום אַ מיעוט צווישן די פֿעלקער, טאָ צי האָבן מיר אַ רעכט צו האָפֿן, אַז מיר וועלן ווען־עס־איז קאָנען אַ לעבן טאָן אַ פֿול נאַציאָנאַל לעבן? . . . ווי אַזוי קאָן מען צו־נויפּפּאָרן צוויי סתירות: פֿון איין זייט אונדזער אָנטייל אין אַלגעמיינעם קולטור־לעבן, וואָס נעמט אָן וואָס אַ טאָג מער דעם חותם פֿון דער רוב־נאַציאָנאַליטעט, און פֿון דער צוויי־טער — די פֿולע אַנטוויקלונג פֿון אונדזער באַזונדערן נאַציאָ־נאַלן לעבן, וואָס שוועבט אין דער לופֿטן און האָט נישט קיין אָנשפּאַרפּונקט?

„אָט פֿאַרוואָס איך בין נוטה צו קלערן, אַז אָט די טעאָ־

ריע וועגן „נאַציאָנאַלע רעכט" איז בלויז אַ צווישנשטאַפל אין דער קומענדיקער עוואָלוציע פון אונדזער נאַציאָנאַלער אידעע. אַ שטאַפל, איבער וועלכן דאָס פאָלקס־באַוואוסטזיין וועט אַריבערגיין צו דעם לעצטן פונקט פון דער אידעע. ווען עס וועט קלאָר ווערן די אומדערגרייכלעכקייט פון דער שטרעבונג צו נאַציאָנאַלע רעכט אין גלות, וועט עס נישט קאָנען נישט דערפירן צו דער איבערצייגונג, אַז ס'איז דאָ נאָר איין־איינציק נאַציאָנאַל רעכט, וואָס איז מסוגל צו באַפרידיקן די נויטן פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן און אָן וועלכן מיר וועלן קיין מאָל נישט קומען צום געגאַרטן ציל. דאָס דאָזיקע רעכט באַשטייט דערין, אַז אויך מיר זאָלן שאַפן „אַ מערהייט" אין איינעם אַ לאַנד אויפן ערדקיילעך, אין דעם לאַנד, אויף וועלכן מיר האָבן אָנספקדיקע היסטאָרישע רעכט, און אין זיין היסטאָרישער אַטמאָספער וועט זיך אונדזער נאַציאָנאַל לעבן אַנטוויקלען אין אונדזער גייסט, נישט זייענדיק געצוימט מיט באַשטימטע גרענעצן. דעמאָלט, קאָן מען האָפן, וועט דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער צענטער משפיע זיין אויך יענע טיילן פון פאָלק, וואָס זענען צעזייט אין אַנדערע לענדער, און געבן זיי כוח צו לעבן מיט אַן אייגענעם לעבן, הגם זיי וועלן קיין נאַציאָנאַל'ע רעכט נישט האָבן".

אין די פריערדיקע „בריוו" מיינע (4—5) וועט דער לייענער געפינען אַ ריי געדאַנקען און פאַקטישע אָנווייזונגען, וואָס זענען ביכולת אָפצושוואַכן די קראַפט פון די פריער ציטירטע ראיות. זיי שטימען נישט מיט די יורידישע יסודות פון אַ „רעכטשטאַט" און אפילו נישט מיט דער מלוכה־פראַקטיק אין אַ סך לענדער. אין דער רעכטוויסנשאַפט האָט זיך פעסט איינגעבירגערט דער פרינציפ פון פרייהייט פון נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג און פון געזעצלעכער אָדער קולטורעלער אויטאָנאָמיע פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין פילנאַציאָנאַלע מלוכות. אין דער פראַקטיק ווערט אָט דער פרינציפ גאַנץ אָפט פאַרלעצט, אָבער נישט אומעטום, און מיר האָבן נישט קיין רעכט צו באַהויפטן, אַז איצט „שטרעבט יעדע הערשנדיקע נאַציע צו מאַכן איר נאַציאָנאַליטעט פאַר דעם יסוד פון גאַנצן מלוכהשן לעבן". ווייסן מיר דאָך, אַז אויב דאָס רעאַקציאָנערע פרייסן שטיקט די קולטור פון די פויזנער פאָליאַקן, האָט אָבער עסטרייך פון לאַנג שוין זיך אָפגעזאָגט פון גערמאַניזירן גאַליציע, און די געזעצלעכע און קולטור־אויטאָנאָמיע פון די פאָליאַקן האָט דאָרט אַ היפשן פאַרנעם.

מאָדנע האָט מיר אויסגעזען דאָס עצם אַוועקשטעלן די פראָבלעם ביי אחד־העמען, וואָס אָנערקענט, זעט אויס, די „נויטווענדיקייט" און אפילו

די „יושרדיקייט" פון די וועלפישע אַפּעטיטן ביי די הערשנדיקע נאַציעס. ער זאָגט: „אין אַלע וויכטיקסטע געביטן פון מלוכה־לעבן איז נישט מעגלעך, אַז פאַרשיידענע נאַציעס זאָלן הערשן גלייכצייטיק, אַזוי אַז איטלעכע זאָל אַריינברענגען אין ענין איר גייסט"; אַז „דאָ גייט מען על פּי נויטווענדיקייט און על פּי יושר נאָך דער מערהייט", וועמען די נאַציאָנאַלע מינדערהייט מוז זיך אונטערגעבן אָן טענות און מענות; אַז אין יעדן לאַנד „נעמט אָן דאָס אַלגעמיינע קולטור־לעבן דעם חותם פון דער גרונטנאַציאָנאַליטעט"... איז נישט שווין זשע האָלט אחד־העם אַזאַ סדר פאַר נאָרמאַל און געוויינטלעך? און נישט שווין זשע ווייסט ער נישט, אַז ס'איז נישט בנמצא אַזאַ נאַציע — אפילו פון די, וואָס לעבן צווישן די אַנדערע, — וואָס זאָל נישט שטעלן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד דער נאַציאָנאַלער מערהייט, וועלכע וויל ביי איר צונעמען דעם נאַציאָנאַלן פּרצוף? די אוקראַאינער אין גאַליציע, וואָס ווערן געדריקט דורך די פּאָליאַקן, — צי קעמפן זיי דען נישט קעגן אָט דער אונטערדריקונג, האָבן זיי דען נישט באַוויזן שוין אַ סך צו דעראָבערן אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכער און שול־אויטאָנאָמיע, און צי ריכטן זיי זיך דען נישט אויף אַ פולן נצחון אין דעם צוקונפט?

עס איז נישט וויסנשאַפטלעך און עס שטימט נישט מיט דער ווירקלעכקייט דער קוק, אַז „אין די וויכטיקסטע מלוכה־ענינים... איז נישט מעגלעך, אַז פאַרשיידענע נאַציעס זאָלן הערשן גלייכצייטיק, אַזוי אַז יעדע זאָל אַריינטראָגן אין ענין איר גייסט, און עס זאָלן דורכגעפירט ווערן פאַרשיידענערליי טענדענצן", — דערביי פאַררעכנט מען נאָך צו אָט די מלוכה־ענינים, באַגלייך מיט „געזעצן און מנהגים", אויך די „סיסטעם פון רעגירונג, שפּראַך, וויסנשאַפט" אד"גל. אין קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער ווערט די געזעצגעבונג רעגולירט דורך פאָלקס־פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע גייען אַריין אין באַשטאַנד פון דער מלוכה, הייסט עס, אַז זי איז נישט קיין פּראָדוקט פון איין „גייסט" אָדער איינמיניקע שטרעבונגען, נאָר די רעזולטאַנטע פון די שטרעבונגען פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. דאָרט, וואו די אַנדערשטאַמיקע נאַציאָנאַליטעטן זענען אין סומע צאָלמעסיק שטאַרקער, ווי די „גרונטשטאַמיקע" (אַ שטייגער, אין עסטרייך), אָדער דאָרט, וואו זייערע פאָדערונגען זענען באַזונדערס עקשנותדיק, — דאָרט מוז די געזעצגעבונג שטרעבן איינצושטעלן פאַר זיי אַ טעריטאָריאַלע אָדער קולטור־אויטאָנאָמיע, בפרט אויפן געביט פון שול און שפּראַך, וואָס זענען טייער איטלעכן פאָלק. דער סכסוך גייט דעמאָלט נאָר צוליב דעם מאַקסימום אויטאָנאָמיע און וועגן דעם גלייכמעסיקן פאַרטיילן זי צווישן אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. נישט אין דער דאָמינאַציע פון „איין גייסט" אָדער „איין ריכטונג" באַשטייט די אויפגאַבע פון אַ קאָנסטיטוציאָנעלער מלוכה, נאָר אין פאַרגלייכגעוויכטיקן די שטרעבונגען

און אינטערעסן פון ווידעראנאנדיקע נאציאָנאַלע גרופּעס. כּל זמן ס'איז נישטאָ אַזאַ גלייכוואָג, פּלאַקערט אין לאַנד אַ נאציאָנאַלער קאַמף, — און די נאציאָנאַלע מערהייט איז געצוואונגען — נאָך אַ לאַנגן ווידערשטאַנד — נאָכצוגעבן די מינדערהייטן, מורא האָבנדיק פאַר אַן אייביקן בירגער־קריג און צעפאַל פון דער מלוכה. וואָרעם אויטאָנאָמיע און גאַראַנטיע פאַר דער קולטור־אייגנאַרטיקייט פון די מיעוטים־נאציעס זענען די עלעמענטאַרע תנאָים פאַרן פּראָגרעס און אפילו פאַר דעם עצם קיום פון פילשטאַמי־קע מלוכה־פאַרבאַנדן.

דאָ רוקט אַרויס אחד־העם אַן אַנדער ראיה: אויב אפילו דער אויטאָנאָמיע־אידעאַל וועט מקוים ווערן לגבי אַלע פעלקער, קאָן ער נישט מקוים ווערן לגבי די יידן, וואָס געפינען זיך נישט נעבן, נאָר אינערהאַלב פון אַנדערע פעלקער. די דאָזיקע ראיה וואָלט געהאַט אַ ממשות, ווען יידן וואָלטן געווען די איינציקע „נאציע אין אַ נאציע"; עס זענען דאָך אָבער דאָ אַ סך קלענערע פעלקערשאַפטן און טיילן פון גרויסע פעלקער, וועלכע געפינען זיך אין דער לאַגע פון נאציאָנאַלע מינדערהייטן אין די אָדער יענע געגנטן (דייטשן און טשעכן אין פאַרשיידענע פּראָווינצן פון בעהמען; דייטשן אין גאַליציע; רומענער אין אונגאַרן; פּאָליאַקן אין ליטע; ליטווי־נער אין קאָנגרעס־פּוילן; גרויסרוסן אין צפון־מערבדיקן קאַנט און אין אוקראַינע). נישט שוין זשע וועלן אָט די אַלע מינדערהייטן זיך לאָזן צונעמען זייער נאציאָנאַלן פּרצוף, דורך אַסימילאַציע פון שול און שפּראַך, און זיי וועלן נישט קעמפן פאַר גאַראַנטיעס פון זייער פאַרזיכיקייט צווישן דער מערהייט? עס זענען דאָך דאָ פאַראינטערעסירט כמעט אַלע נאציאָנאַ־ליטעטן פון אַ קאָמפּליצירטער מלוכה, אפילו נישט אויסגעשלאָסן אויך די „הערשנדיקע" נאציע, וואָס אירע ברוכטיילן זענען פאַרוואָרפן אויף די אויטאָנאָמישע ראַנד־פּראָווינצן. אויב ווידער די אַלגעמיין־מלוכהשע גע־זעצגעבונג וועט בלית ברירה גאַראַנטירן, אין אַזאַ אָדער אַנדער פאָרם, די רעכט פון איטלעכער נאציאָנאַלער מינדערהייט, אפילו פון די נישט־טער־ריטאָריאַלע, וועלן אויך די יידן נישט זיין קיין יוצא מן הכלל, — פאַר־שטייט זיך, בתנאי, אַז זיי וועלן פירן אַן עקשנותדיקן קאַמף פאַר זייער נאציאָנאַל־קולטורעלער פרייהייט אויף די געביטן פון קהילה־זעלבסטפאַר־וואַלטונג, שול און שפּראַך*).

אויב די אָרטאָדאָקסאַלע פּאָליטישע ציוניסטן לייקענען די מעגלעכקייט

---

*) עס ווילט זיך גלייבן, אַז וואָלט אחד־העם געשריבן וועגן דעם ענין נאציאָנאַלע אויטאָנאָמיע איצט, ווען די דאָזיקע פּראָבלעם איז קלאָרער גע־וואָרן סיי טעאָרעטיש סיי אין דער פּאָליטישער פּראַקטיק, — וואָלט ער נישט אָנגעשריבן אַ סך פון דעם, וואָס ער האָט געשריבן אין דעם ציטירטן אַרטיקל מיט ניין יאָר צוריק, אין 1898.

פון „נאַציאָנאַלע רעכט" אין גלות, — קאָן איך עס נאָך פאַרשטיין, לכל הפּחות, ווי אַ טאַקטישן גאַנג *): זיי גלייבן נישט אין בהדרגהדיקער היס־טאָרישער עוואָלוציע און זיי האָפן אָפּצושאַפן די „יידישע נויט" אויף אַ „רעוואָלוציאָנערן" דרך, דורך דער שאַפונג פון דעם אויטאָפּישן „צוקונפט־שטאַט". אויב אָבער אַזאַ עוואָלוציאָניסט, ווי דער שעפער פון גייסטיקן ציוניזם, דערקלערט אַזוי — איז ער נישט אויסגעהאַלטן. ער גלייבט דאָך נישט אין קיין פּלוצעמדיקע איבערקערענישן; ער האָט זיך דאָך אַ סך מאָל אַרויסגעזאָגט, אַז כדי צו שאַפן אַ גייסטיקן צענטער אין ארץ ישראל, דאַרף מען אויפהייבן דעם ניווא פון דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור אין גלות, דאַרף מען גייסטיק צוגרייטן, שלימותדיקער מאַכן דאָס פאָלק. נישט שוין זשע וועלן זיי דאָס דערגרייכן נאָר מיט דער איינער שטרעבונג קיין ציון, דעם קומענדיקן גייסטיקן צענטער? און אַז דער צענטער וועט שוין געשאַפן ווערן — וואו זענען די גאַראַנטיעס, אַז דאָס ארץ־ישראלדיקע טיילעכל פון יידנטום וועט האָבן אַזאַ נצחונדיק נאַציאָנאַליזירנדיקע השפעה אויף אַלע תפוצות ישראל, ווי דאָס מיינט אחד־העם?

וויבאַלד ער נעמט אָן, אַז דער רוב יידן וועט בלייבן אין אייראָפּע און אַמעריקע, און בלויז אַ מיעוט וועט זיין אין ארץ ישראל, טאָ צי קאָן ער ערוב זיין, אַז דווקא דאָרט וועט זיין דער גייסטיקער הויפּט־צענטער פון יידנטום? וואָס גיט אים די זיכערקייט, אַז די ארץ־ישראלדיקע קולטור וועט אָנפירן מיט דער קולטור פון די מערבדיקע יידן, און נישט ווערן דורך איר געפירט אָדער קעגנזייטיק באַווירקט? זעען מיר דאָך איצט, אַז אין די באַשיידענע יידישע קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינע דרינגען דווקא אַריין די ערגסטע עלעמענטן פון דער אויסערלעכער פראַנצויזישער קולטור, אויף וואָס עס קלאָגן זיך די פּאַלעסטינער יידן אַליין. איך דערלאָז גערן דעם געדאַנק, אַז דאָס הייפל יידן אין ארץ ישראל וועט זיך אויסלעבן מיט אַ „פולן נאַציאָנאַלן לעבן", מער ווי אין גלות, און איך פריי זיך פון פאָרויס דערמיט, — אָבער מיך אינטערעסירט אויך דער גורל פון דער גרויסער מערהייט יידן, וואָס בלייבט אין גלות.

און אפשר דאַרף ארץ ישראל זיין נחת תיבה, וואו בלויז אַ טייל יידן וועלן זיך ראַטעווען פון אַלוועלטלעכן קולטור־מבול, בעת אַלע איבער־ריקע וועלן אומקומען? אָבער אַזאַ אכזריותדיקער פּסק דין אויף דעם גלות גייט, פאַרשטייט זיך, נישט אַריין אין פּראָגראַם פון די גייסטיקע ציו־ניסטן.

„דער נאַציאָנאַלער צענטער (אין ארץ־ישראל) וועט זיי (די יידן אין

*) נאָכן העלסינגפאָרסער צוזאַמענפאָר פון 1906 האָבן אויך זיי זיך אָפּגעזאָגט פון דער דאָזיקער טאַקטיק, און דאָס איז אוממעגלעך נישט צו באַגריסן.

גלות) גייסטיק משפיע זיין און געבן כוח צו לעבן מיט זיין לעבן, הגם יענע, אויף די ערטער, וועלן נישט האָבן קיין נאַציאָנאַלע רעכט", — זאָגט אחד־העם. אָט דאָס איז עס דער רעאַלער אידעאַל, וואָס שטימט מיטן עוואָלוציאָנערן פּראָצעס? פון וועלכן זשע „מענטשן־מאַטעריאַל" וועט איר שאַפן דעם ארץ־ישראל־צענטער, אויב איר וועט דעם מאַטעריאַל נישט באַ־אַרבעטן אין גלות אין נאַציאָנאַלן גייסט? איז ווי זשע וועט איר אויפהיטן און אַנטוויקלען דעם נאַציאָנאַלן גייסט פון יידנטום אָן נאַציאָנאַלע רעכט — אָן קהילה־אויטאָנאָמיע, שפּראַך, שול?

לאָמיר אָבער אָננעמען, אַז דער צענטער אויף די ירדן־ברעגן איז שוין געשאַפן געוואָרן און אַז ער האָט אַ מאַגישע ווירקונג אויף דער גאַנצער וועלט־פּעריפעריע פון גלות. אין וואָס זשע באַשטייט זיין השפעה? ער שטאַרקט דעם נאַציאָנאַלן גייסט, די נאַציאָנאַלע קולטור, דאָס הייסט, די שטרעבונג צו באַשיצן אָט דעם גייסט און די קולטור דורך נאַציאָנאַל־רעכטלעכע גאַראַנטיעס אין אַלע מלוכות. אָבער איר האַלט דאָך, אַז ס'איז נישט מעגלעך צו דערגרייכן נאַציאָנאַלע רעכט פאַר יידן אין די תפוצות. הייסט עס, אַז דער שטויס, וואָס דער פּאַלעסטינער צענטער האָט געגעבן די תפוצות, וועט בלייבן אָן פּעולות, אָדער ער וועט גורם זיין בלויז יאוש, אויב דער גייסטיקער נאַציאָנאַלער דראַנג וועט נישט מקוים ווערן אין דער פאָרם פון קאָנקרעטע נאַציאָנאַלע רעכט און גאַראַנטיעס, אויב דאָס ליידנשאַפטלעך געגאַרטע וועט נישט מקוים ווערן? איז דאָך דער „פּגימה־קרייז" — אַ פאַטאַלער פאַרן גייסטיקן ציוניזם: אָדער ער איז אוממעגלעך, אָדער ער איז אָן אַ צוועק...

ניין, כדי צו ראַטעווען אייער עוואָלוציאָנערן ציוניזם, מוזט איר דעם פּרינציפּ פון קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט אין די תפוצות אוועק־שטעלן אין אויבנאָן פון אייער פּראָגראַם. איר מוזט אָנערקענען, אַז אָט דער קאַמף מוז אי מקדים זיין אי באַגלייטן די בווינג פון אַ גייסטיקן צענטער אין ארץ ישראל. אויף צו באַרעכטיקן אייער ספּעציעלע אידעע קאָנט איר נאָר זאָגן, אַז דער פּאַלעסטינישער טייל פון יידנטום וועט רעאַ־ליזירן זיינע נאַציאָנאַלע רעכט אין אַ גרעסערער מאָס, ווי די דיאַספּאָרע, אַז אין פּאַלעסטינע וועט דאָס נאַציאָנאַלע לעבן זיין פולער, פרייער, פאַר־זיכערער; איר קאָנט אָבער נישט נעגירן דעם מינימום נאַציאָנאַלע רעכט אין די תפוצות, נישט אונטערהאַקנדיק יענע צווייג, אויף וועלכער איר אַליין זיצט. אויב איר וועט קומען צו אָט דעם באַוואוסטזיין, וועט איר האָבן געמאַכט אַ גרויסן טראָט פאָרויס, אין דער ריכטונג פון פרט צום כלל, פון גייסטיקן ציוניזם צום גייסטיקן נאַציאָנאַליזם.

מיר, אויטאָנאָמיסטן, ווילן נישט איבעררייסן די קייט צווישן דער נאַציע פון היינט און דער נאַציע פון מאָרגן, פונקט אַזוי ווי מיר טיילן זיי ביידע נישט אָפּ פון דער נאַציע פון נעכטן. מיר — זענען אויסגעהאַלטענע

עוואָלוציאָניסטן; אויף אונדזער צד שטייט דער פּאַמעלעכדיקער, אָבער מעכטיקער פּראָצעס פון היסטאָרישער אַנטוויקלונג, וואָס ווערט געקערע־וועט דורך דעם באַוואוסטזיניקן נאַציאָנאַלן ווילן פון יידנטום. דאָס שטאַרקן אָט דעם ווילן, שטאַרקן דאָס זעלבסטבאַוואוסטזיין און דעם קאַמף פאַר בירגערלעכער און נאַציאָנאַל־קולטורעלער פרייהייט פאַר אונדזער פאָלק אומעטום, — דאָס אַלץ געפינט זיך אין דער ספערע פון רעאַלן און דער־גרייכלעכן, און די עצם שטרעבונג דערצו באַטייט שוין דעם אָנהייב פון אונדזער אינערלעכער נאַציאָנאַלער ווידעראויפלעבונג.

1899—1907*).

*) דער דאָזיקער „בריוו" איז טיילווייז אַרויסגענומען פון דעם אַר־טיקל, וואָס זיין ערשטע העלפט איז אַריין אין דריטן בריוו („עטיק פון נאַ־ציאָנאַליזם"), און טיילווייז פון דאָס ניי אָנגעשריבן אָדער איבערגעאַר־בעט געוואָרן (בפרט די ערשטע און לעצטע זייטן).

# אַכטער בריוו

## וועגן דעם בייט פון ריכטונגען אין דער רוסיש-יידישער זשורנאַליסטיק*)

1. די אידעאַלן פון אויפקלערונג און עמאַנציפּאַציע אין דעם קינדער־פּעריאָד פון דער זשורנאַליסטיק. — די ערשט־לינגען פון דער יידישער פּרעסע: „הכרמל", „המליץ" און „ראַזסוויעט" (1860). — דער דרך פון אַפּאָלאָגיע; די דער־וואַרטונג פון גלייכבאַרעכטיקונג און דאָס נאָכמאַכן די מוס־טערן פון מערב. — דער טרויער פון „ציון".

2. די צווייטע סטאַדיע (1869—71): די פאַרשטאַרקונג פון אָפּאָזיציע־גייסט. — „קאַמף פאַר רעכט" און אַסימילאַ־ציע. — די קאַריערע פון „דיען". — די צווייפשמעלצונג פון יידישע אינטערעסן מיט די רוסישע, אָדער דאָס זוכן גלייכ־באַרעכטיקונג דורך אומגלייכקייט.

3. נאַציאָנאַלער אינדיפערענטיזם און דער קאַמף מיט אים אין דער דריטער סטאַדיע פון דער זשורנאַליסטיק (פון יאָר 1879). — דער מעסיקער „רוסקי יעווריי" און דער ראַדיקאַ־לער „ראַזסוויעט". — די פּאָגראָמען פון יאָר 1881 און דער געזעלשאַפטלעכער קריזיס; די קעמפערישע פּאָזיציע פון „וואָס־כאָד". — דער קער צו דער אידעע פון נאַציאָנאַלער ווידער־אויפלעבונג. — סך־הכלען.

---

*) דער דאָזיקער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן צום סוף פון יאָר 1899, בשייכות מיטן פערציקסטן יאָרטאָג, זינט ס׳איז אויפגעקומען די נייע יידישע זשורנאַליסטיק אין רוסלאַנד (אין יאָר 1860 האָבן אָנגעהויבן דערשיינען אין אָדעס דער "ראַזסוויעט" (באַגינען) אויף רוסיש און דער „הכרמל" אויף העברעיִש). דער אַרטיקל איז איבערגעלייענט געוואָרן, ווי אַן עפנטלעכע לעקציע, דעם 20 נאָוועמבער 1899, אין אָדעס, דערנאָך האָט

1. צוויי אידעאַלן האָבן געפירט די יידישע זשורנאַליסטיק אין רוס־לאַנד פון זינט זי איז אויפגעקומען: א) דער אידעאַל פון אויפקלערונג אָדער פון נייער קולטור, ב) דער אידעאַל פון עמאַנציפּאַציע אָדער פון ביר־גערלעכער גלייכבארעכטיקונג. דער אידעאַל פון אויפקלערונג (השכלה) איז געווען די ריכטונג פון דער טעטיקייט דער עיקר ביי די זשורנאַליסטן, וואָס האָבן געשריבן אויף העברעיש פאַר דער גרופּע משכילים אָדער אינטעלי־גענץ פון אַלטן דור, א דערצויגענעם אויפן תלמוד און אויף דער רבנישער ליטעראַטור. דער עמאַנציפּאַציע־אידעאַל איז געשטאַנען אויבנאָן אין די אויסגאַבן אויף רוסיש, באַשטימטע פאַר דעם נייעם דור יידישע אינטעלי־גענץ, וואָס האָט פאַרמאָגט אַלגעמיינע בילדונג, ווי אויך פאַר א געוויסן טייל פון רוסישן עולם. ביידע אידעאַלן פלעגן אין דער ערשטער צייט אַרויס־געבראַכט ווערן אין עלעמענטאַרע, טיילמאָל אפילו נאַיווע פאָרמען, וואָס האָבן עדות געזאָגט וועגן דער קנאַפּער צייטיקייט פון געדאַנק אי ביי די שרייבער אי ביים לייענער־עולם.

די אומצייטיקייט פון געדאַנק און פּרימיטיווקייט פון מעטאָדן וואַרפן זיך באַזונדערס אין די אויגן אין די ערשטע פּעריאָדישע אויסגאַבן אויף העברעיש. אין די דאָזיקע אויסגאַבן פלעגן די דעמאָלטיקע „חובבי־השכלה“ אַרויסטרעטן מיט דרשות וועגן דער נוצלעכקייט פון אַלגעמיינער בילדונג און פון קענען די רוסישע עברי, וועגן צוריק אויפלעבן לשון־קודש אין זיינע קלאַסישע תנכישע פאָרמען אד"גל. צווישן די פּרעדיקער פון די „נייע אידעען“ פלעגן זיך אויך טרעפן מענטשן מיט א סאָלידער אינטע־לעקטועלער אַנטוויקלונג און מיט א גרויסן פאַרמעגן פון ספּעציעלע קענ־טעניש, אפילו מיט געלערנטקייט; אָבער די נויטווענדיקייט צו פּראָפּאַ־גאַנדירן אַזעלכע אלף־בית־אמתן האָט אַרויפגעלייגט דעם חותם פון באַ־נאַלעצקייט אויף זייערע ליטעראַרישע שאַפונגען. אין אַזאַ מצב וואָלטן

ער זיך באַוויזן אין די ערשטע נומערן פון דעם נאָר־וואָס אויפגעקומענעם זשורנאַלפ „בודושטשנאָסטי“ (צוקונפט.—איב.). אין דער איצטיקער רע־דאַקציע איז אויסגעלאָזט דער אַריינפיר־קאַפּיטל, וואָס האָט געהאַט בלויז אַ פאַריבערגייענדיקן אינטערעס, ווי אַ כאַראַקטעריסטיק פון דעם מצב אין אונדזער פּעריאָדישער פּרעסע אין דעם מאָמענט פון שרייבן דעם אַרטיקל. דער מחבר האָט געהאַט בדעה פאַרצושטעלן דאָ די אידעישע עוואָלוציע פון דער יידישער זשורנאַליסטיק אויף רוסיש; וואָס שייך זי פּעריאָדישע אויסגאַבן אויף העברעיש, זיינען זיי אָנגערירט געוואָרן בלויז צוליב אַ פּאַ־ראַלעל. וועגן דעם מצב פון דעם דאָזיקן — לויט דער שפּראַך נאַציאָנאַלן — טייל פון אונדזער פּעריאָדישער ליטעראַטור האָט דער מחבר אַ סך געשריבן אין זיינע יערלעכע קריטישע איבערבליקן אין „וואָסכאָד“ פון די יאָרן 1883—1895 (אין דעם אָפּטייל „ליט. פנקס“, אונטערן פּסעודאָנים קריטיקוס).

זיך מסתמא געפונען די כינעזישע מאַנדאַרינען ביי א פּלוצעמדיקן איבער־גאַנג צו אייראָפּעישער בילדונג. אין דעם ערשטן איבערגאַנגס־מאָמענט פון אַן אַלטער קולטור צו אַ נייער ווערן אָפט חכמים מגולגל אין חדר־יינגלעך, דערוואַקסענע מענטשן — אין קינדער מיט עלעמענטאַרע השגות און שטרעבונגען.

די ליבהאָבער פון בילדונג אָדער די משכילים פון די אָנהייב 60־ער־יאָרן האָבן געשטעלט דער יידישער ליטעראַטור די באַשיידנסטע פאָדע־רונגען. געגוג אָנצואווייזן דערויף, אַז דאָס דערשיינען סוף די 50־ער יאָרן פון אַ העברעישער איבערזעצונג פון אייזשען סיו'ס שלעכטן ראָמאַן „די סודות פון פּאַריז״ איז געווען אַן עפּאָכע אין דער דעמאָלטיקער ליטע־ראַטור און האָט אַרויסגערופן התפּעלותדיקע דיפיראַמבן — אין פּראָזע און אין גראַמען — אויפן אַדרעס פון איבערזעצער ק. שולמאַן. די דעמאָל־טיקע משכילים פלעגן נתפּעל ווערן פון דעם עצם פאַקט, וואָס די העברעי־שע ליטעראַטור־שפּראַך ווערט באַנייט און אָפּגערייניקט פון די רבנישע באַרבאַריזמען, אומאָפּהענגיק דערפון וואָס מען האָט אויף דער דאָזיקער שפּראַך געשריבן. און וואָס האָט מען געשריבן אויף דעם באַנייטן לשון אין דער נאַר־וואָס אויפגעקומענער פּעריאָדישער פּרעסע — וועלן מיר באַלד זען.

פּאַר אַ מוסטער לאָמיר נעמען די ערשטע נומערן פון ביידע העברעישע וואָכנבלעטער, „הכרמל״ און „המליץ״, אין יאָר פון זייער אויפקום (1860). קיין אַריינפיר־אַרטיקלען, ווי ס'איז אָנגענומען, וואָס זאָלן אָנזאָגן דעם ציל און פּראָגראַם פון די נייגעבוירענע אָרגאַנען, זענען נישטאָ. אָנשטאָט אַ לייטאַרטיקל, איז אין „הכרמל״ אָפּגעדרוקט אויבנאָן די מליצהדיקע אָדע פון אונדזער דערזשאַווין, א. ב. לעבענזאָן, לכּבוד דער „פּרעכטיקער בת השמים״, דער העברעישער שפּראַך, וואָס איז אויפגעשטאַנען תחית המתים און גידערט אַראָפּ „פון הר הכרמל״. נאָך דעם שיר קומט גאָר אַ נידע־ריקע פּראָזע אין דער געשטאַלט פון „מלוכה־פּאַראָרדענונגען״ און אַלגע־מיינע פּאָליטישע ידיעות, אויסגעבאָרגטע פון „רוסקי אינוואַליד״ און „סיע־ווערנאַיאַ פּטשעלאַ״ *). ווייטער קומט אַ נעקראָלאָג וועגן איינעם אַ בעל־צדקה און אַ קאָרעספּאָנדענץ פון אַ שטעטל מכוח דעם עפענען אַ נייעם בית־מדרש. אין דעם וויסנשאַפטלעכן אָפּטייל איז אָפּגעדרוקט אַ מאמר, וואָס דערווייזט מיט צאָלרייכע פּסוקים פון הייליקע ספרים, אַז יהדות פּרעדיקט כלל נישט קיין שנאה צו אַנדערע אמונות און פעלקער; און אויף קאַמפּאַט

*) רוסישע פּעריאָדישע אויסגאַבן. „רוסקי אינוואַליד״ — רוסישער אינוואַליד; „סיעווערנאַיאַ פּטשעלאַ״ — צפונדיקע בין. (באַמערקונג פון איבערזעצער).

ווערט דעם לייענער דערלאַנגט עטלעכע קליינע נאָטיצן, אין וועלכע עס ווערן אויסגעטייטשט, אויף אַ נייעם שטייגער, געוויסע ווייניק פאַרשטענד־לעכע שטעלן אין דער תורה און תלמוד. לויט אַט דעם נוסך זענען צונויפ־געשטעלט די איבעריקע נומערן פון קלוג־געלאַסענעם „הכרמל".

אין דעם זעלבן גייסט איז געווען לכתחילה רעדאַקטירט אויך דער „המליץ", וואָס ערשט שפּעטער איז ער געוואָרן אַ קעמפּערישער פּראָ־גרעסיווער אָרגאַן. דעם לייטאַרטיקל פון אָט דעם זשורנאַל קאָן מען היינט נישט לייענען אָן אַ שמייכל. דאָס איז אַ מליצהדיקע פלאַפּלעריי מכוח דעם בייט פון די צייטן פון יאָר, מכוח דער סימבאָלישער באַדייטונג פון די יידישע יום־טובים און מכוח נאָך זאַכן, וואָס האָבן איינס מיטן אַנדערן קיין שום שייכות נישט. לויט דער פאָרם איז דאָס נישט אַזוי פיל אַן אַרטיקל, וויפל אַ סטיליסטישער פּאָקוס: דער מחבר האָט אויסגעשטעלט די פּראָזעס אַזוי, אַז אין איטלעכער טרעפט זיך דער נאָמען פון איין פּרשה אין דער תורה, אויסגעטיילט מיט פעטן שריפט. דער הויפּט־רעדאַקטאָר, צעדער־בוים, האָט נישט געפונען קיין בעסערע זאַך מיט וואָס צו באַשיינען די ערשטע שפּאַלטן פון זיין אויסגאַבע, ווי אָט די „איבונג" אין מאָדישער פּראַזעאָלאָגיע אָדער „מליצה", וואָס האָט אפשר אַן אָרט אין אַ שילערישן העפטל, אָבער נישט אין אַ לייטאַרטיקל פון אַ נייעם זשורנאַל.

אגב, דער צווייטער רעדאַקטאָר פון „המליץ", ד"ר גאָלדענבלום, האָט פאַרפולט דעם בלויז, וואָס זיין קאָלעגע האָט איבערגעלאָזט. גלייך נאָך דעם פריער דערמאָנטן „לייטאַרטיקל" האָט ער אָפּגעדרוקט אויף דייטש מיט יידישע אותיות (דער צווייטער רעדאַקטאָר האָט, זעט אויס, „נישט ליב געהאַט" צו שרייבן יידיש) אַן אַרטיקל „דער צייט־גייסט און דאָס יידנטום", אין וועלכן עס ווערט אַרויסגעזאָגט עפּעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך אויף אַ מאָדערנעם געדאַנק. אָבער ווי קאָלירלאָז און ווי אָפּגעריבן איז זי, די אידעע! אַ צאָל אַלגעמיינע פראַזן, איבערגעגעבן אין נוסח, ווי עס פלעגן פּרעדיקן אַמאָל די דייטשע ראַבינערס — אָט דאָס איז דער תוכן פון גאָלדענבלומס אַרטיקל. דער תמצית זיינער איז דער, אַז יידן, אַנדערש ווי די איבעריקע אַלטע נאַציעס, האָבן זיך אויפגעהיט אויך אין גלות, אַז זיי האָבן אַ סך געליטן אין מיטלאַלטער, אָבער פון סוף 19טן יאָרהונדערט האָט פאַר זיי „אויפגעשיינט די זון פון פרייהייט". „און איצט, — ענדיקט דער מחבר זיין אַרטיקל — מאַרשירט דער צייטגייסט פאָרויס אין יידנטום, אַדאַנק דעם חסד פון די באַרימטע און אויפגעקלערטע הערשער... דער אַמאָל פאַראַכטעטער ייד וועט איצט, מחמת דעם געפיל פון דאַנקבאַרקייט, וואָס מען האָט אים צוגעזאָגט גלייך מיט אַלעמען צום אַנטייל אין בירגערלעכן לעבן, נישט פאַרפעלן צו דערווייזן זיין נוצ־לעכקייט" אא"וו (פאַרקירצטע איבערזעצונג, ז"ז 7—8).

אין די דאָזיקע קאַזיאָנע און ביז קנעכטישקייט „וואוילגעפעלנדיקע"

פראַזן האָט די רעדאַקציע אַרויסגעוויזן נישט מער אָריגינעלקייט, ווי אין די ווייטער גייענדיקע איבערגעדרוקטע אָפיציעלע ידיעות... נאָך איין שיר, פאַרשטייט זיך, לכבוד לשון קודש; א „וויסנשאַפטלעכע" נאָטיץ מיט ראיות מכוח דער באַוועגונג פון דעם ערדקיילעך; א פשטלדיקע באַמער־קונג וועגן איינער א טונקעלער שטעל אין תלמוד; לסוף נאָך עטלעכע שורות וועגן די היקסן אין מצרים, — און דערמיט איז אויסגעשעפּט דער אינהאַלט פון ערשטן נומער. די איבעריקע נומערן זענען מער אָדער ווייניקער אויפן זעלבן שניט. אַן אָנזעעוודיק אָרט פאַרנעמען אין זיי אויך די פּאָפּולערע אַרטיקלען איבער נאַטורוויסנשאַפטלעכע טעמעס, וואָס זענען דעמאָלט, איז די 60ער יאָרן, געווען אין דער מאָדע; זעלטענער טרעפט מען דאָרט אַרטיקלען מיט א היסטאָרישן תוכן, וואָס האָבן דאָ דעם כאַראַקטער פון א שילערישער אינסטרוקציע. בכלל האָט עס אַלץ א פּנים גיכער פון א כרעסטאָמאַטיע, אָדער פון א זאַמלונג אַרטיקלען פאַר יוגנט־לעכע, איידער פון א זשורנאַל, וואָס דאַרף אויסדריקן די עפנטלעכע מיינונג פון די רוסישע יידן.

ביי דעם ווילנער זשורנאַל „הכרמל" פלעגט מען נאָך אַרויסגעבן א צו־לאָג אויף רוסיש. אין דעם לייטאַרטיקל האָט די רעדאַקציע פון אָט דעם בלעטל דערקלערט, אַז זי וועט „דינען דעם פּראָגרעס פון אונדזערע גלויבנס־ברידער, צוגרייטן זיי אַליין צו פאַרשטיין זייער מצב אין דער געזעלשאַפט און צושטעלן דעם סימפּאַטיזירנדיקן רוסישן פּובליקום ריכטיקע השגות וועגן די מעלות, חסרונות און נויטן פון די יידן". זי האָט צוגעזאָגט „צו רעדן צום שכל און הארץ פון אונדזערע מיטברידער וועגן די פאָדערונגען פון דער היינטצייטיקייט און וועגן ברענגען זיי אין הסכם מיט די גרונט־יסודות פון אונדזער רעליגיע" (צולאָג צום „הכרמל" פון 14טן יוני 1860 יאָר). די אַלע הבטחות האָט מען אין דעם רוסישן אָפּטייל פון „הכרמל" מקיים געווען פּונקט אַזוי שלעכט, ווי אין דעם יידישן. אין דעם רוסישן צולאָג פלעגט מען ס׳רוב אַריינגעבן איבערזעצונגען פון אַלטע ווערק (פון דעם מין, ווי יוסף פלאַוויוסעס אַפּאָלאָגיע „קעגן אַפּיאָ־נען"), שבת־דרשות פון די לערער אין ווילנער ראַבינער־שול און אויך די מער „געלונגענע" שילער־אַרבעטן פון די תלמידים פון אָט דער שול. דער לעצטער פּונקט איז אפילו פאַרויסגעזען אין דער אָפיציעל באַשטעטיק־טער פּראָגראַם פון דער אויסגאַבע, וואו עס זאָגט זיך: „אין דעם סכום אַרטיקלען וועט מען אָננעמען, כדי צו דערמוטיקן די יוגנט, אויך אַרבעטן פון תלמידים פון דער ראַבינער־שול" (דאָרט, ז׳ 3). אגב אורחא, דער מאָגערער תוכן פון „הכרמל" דערקלערט זיך אויך מיט די דעמאָלטיקע צענזור־באַדינגונגען. אין דער דערמאָנטער אָפיציעלער פּראָגראַם ווערט דער רעדאַקציע דערלויבט איבערצוגעבן רעגירונגס־פאַראָרדענונגען, „אָבער אָן קיין שום אויסטייטשונגען און באַטראַכטונגען צו זיי מצד דעם אַרויס־

געבער". דאַרף מען דען זאָגן, אַז די מורא פון דער רעגירונג בנוגע דער לאָיאַלקייט פון די „אויסטייטשונגען און באַטראַכטונגען" מצד דער גע־האָרכזאַמער ווילנער רעדאַקציע איז געווען שטאַרק איבערגעטריבן?...

אַ סך העכער — לויט זיין ריכטונג און ליטעראַרישע מעטאָדן — איז געשטאַנען דער ערשטער יידישער אָרגאַן אין דער רוסישער שפּראַך, דער „ראַזסוויעט" *), וואָס אָ. אָ. ראַבינאָוויטש האָט ארויסגעגעבן אין אָדעס. דער הויפּט־מיטאַרבעטער פון דעם זשורנאַל, ל. אָ. לעוואַנדע, כאַראַקטערי־זירט אַזוי די אָנגעמערקטע ריכטונג פון „ראַזסוויעט": „מען האָט באַ־שלאָסן צו זיין טעטיק אי פאַרטיידיקעריש אי אָנגרייפעריש: פאַרטיידי־קעריש קעגן די אָנפאַלן כלפּי חוץ, ווען עס גייט וועגן באַשיצן אונדזערע מענטשלעכע און רעליגיעזע אינטערעסן; און אָנגרייפעריש קעגן אונדזער אינעוויניקסטן שונא — קעגן פינצטערניש, פאַרגליווערטקייט, קהלשע פּאַראַנדקעס, קעגן אונדזערע שטאָם־חסרונות און שוואַכקייטן" **). אין דעם זעלבן גייסט, אָבער אין אַ מילדערער פאָרם, האָט זיך די רעדאַקציע ארויסגעזאָגט וועגן אירע אויפגאַבן אין דער פאַרעפנטלעכטער פּראָגראַם פון „ראַזסוויעט". אויפן ערשטן פּלאַן איז געשטאַנען דער אידעאַל פון גלייכבאַרעכטיקונג אָדער עמאַנציפּאַציע, וואָס איז ארויסגעבראַכט געוואָרן בדרך אַפּאָלאָגיע; אויפן צווייטן פּלאַן — דער אידעאַל פון אויפקלערונג און נייער קולטור, וואָס איז ארויסגעבראַכט געוואָרן בדרך דעמאַסקירן.

איז ווי אַזוי זשע האָט מען מקיים געווען אין דער פּראַקטיק אָט די ברייטע פּראָגראַם?

לייענענדיק די לייטאַרטיקלען אין די ערשטע נומערן „ראַזסוויעט", קאָן מען מיינען, אַז די רעדאַקציע האָט — גערנוויליק אָדער געצוואונגען — באַשלאָסן צו מאַכן איר זשורנאַל פאַר אַן אָרגאַן פון די אָרטיקע, אָדעסער אינטערעסן. דער ערשטער אָרגאַן פון די רוסישע יידן הייבט זיך אָן מיט אַ ריי אַרטיקלען מכוח דעם אויסוויילן אַ נייעם רב אין אָדעס, מכוח זיינע אָנהענגער און קעגנער, וועגן די זיטן פון דער אָדעסער יידישער באַפעלקערונג וכדומה (נומערן 1—3 פון „ראַזסוויעט", 1860 יאָר). אין די ווייטערדיקע נומערן באַרירט די רעדאַקציע אויך אַלגעמיינע ענינים, אָבער דער עיקר פון אַ פּראַקטישן כאַראַקטער ווי, למשל, ראַבינאַט־פראַגן, שולן, לאַנדווירטשאַפט.

טעאָרעטישע באַטראַכטונגען וועגן דער יידן־פּראָבלעם און וועגן דעם אינעוויניקסטן יידישן לעבן קאָן מען געפינען נאָר אין אַ קליינער צאָל רעדאַקציאָנעלע אַרטיקלען, דער עיקר אין די „איבערבליקן פון דער אויס־

---

*) „ראַזסוויעט" — רוסיש — באַגינען (באַמערקונג פון איב.).

**) „צו דער געשיכטע פון אויפקום פון ערשטן אָרגאַן פון די רוסישע יידן", „וואָסכאָד", 1881, בוך זעקס, ז' 142.

לענגדישער זשורנאַליסטיק". די דאָזיקע אָנשויונגען לאָזן זיך רעדוצירן צו דעם פּשוטן געדאַנק, אַז די רוסישע יידן נאָכגיין פוס־טריט נאָך זייערע מערבדיקע ברידער, און די רוסישע רעגירונג דאַרף עמאַנציפּירן אירע יידן לויטן מערבדיקן מוסטער. די פּאַרטיידיקונג פון יידן קעגן כּלערליי באַשולדיקונגען פאַרנעמט, פאַרשטייט זיך, אַן אָנזעעוודיק אָרט אין זשורנאַל. דער רעדאַקטאָר אָ. ראַבינאָוויטש האָט אפילו איין מאָל אַרויסגעזאָגט אַ. געדאַנק זייער אַ דרייסטן פאַר זיין צייט:

„מיר זיינען נישט מסכּים מיט יענע, וואָס פאַרבינדן די פּראָבלעם פון אונדזער אינערלעכער מאָראַלישער איבערגע־שפּאַלטיקונג מיט דער פּראָבלעם פון אונדזער עמאַנציפּאַציע. מיר דאַרפן ווערן שלימותדיקער און זיך באַפרייען פון אַלעם שלעכטן לחלוטין נישט צוליב קריגן בירגערלעכע גלייכבאַרעכ־טיקונג, — מיר דאַרפן אויף איר אויסרעכענען, טראָץ אַלע אונדזערע שוואַכקייטן און חסרונות, שוין צוליב דעם, וואָס מיר געהערן צו דער אַלגעמיינער מענטשן־משפּחה; מיר דאַרפן זיך פאַרפולקאָמען, כּדי צו זיין מער ווערט צו דער איבערשטער שלימות און בלויז מחמת ליבע צום אייבערשטן (נומ' 6, ז' 85).

אָבער נישט די מיטאַרבעטער, און אפילו נישט דער רעדאַקטאָר האָבן זיך געקאָנט אויסהאַלטן אויף דער הייך פון אָט דעם עטישן פּרינציפּ. אין יענער צייט, ווען אומעטום האָט געוועלטיקט די איבערצייגונג, אַז יידן דאַרפן זיך פאַרדינען די גלייכבאַרעכטיקונג, ווי אַ חסד, וואָס מע שענקט פאַר באַזונדערע בירגערלעכע גוטע מידות. אין די דעמאָלטיקע אַרטיקלען פון יידישע שרייבער רייסן זיך דורך צו אָפט בעטלענדיקע נאָטקעלעך. די ליטעראַרישע אַדוואָקאַטן פון יידנטום פלעגן פאַרטיידיקן זייערע קליענטן דער עיקר מיט פאַררופן זיך אויף „מילדערנדיקע אומשטענדן פון דער שולד".

די שטראָפנדיקע אַרטיקלען קעגן די אינעווייניקסטע חסרונות פון דער יידישער מאַסע האָבן זיך אויך אויסגעטיילט מיט זייער איינגעהאַלטנקייט. דער ערשטער באַשולדיקנדיקער מאמר פון ל. לעוואַנדע („עטלעכע ווער־טער וועגן די יידן פון דער מערבדיקער פּראָווינץ", נומ' 1) האָט אַרויס־גערופן אַזוי פיל פּראָטעסטן מצד דעם עולם, אַז די רעדאַקציע האָט זיך געמוזט דערמיט רעכענען. אַ גרויסער טייל פון דעם לייענער־פּובליקום האָט זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז אַ יידישער זשורנאַל אין דער רוסישער שפּראַך איז באַרופן בלויז צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן לגבי דער רוסישער געזעלשאַפט און רעגירונג; וואָס שייך אַנטפּלעקן די אינע־

וויניקסטע פעלערן פון יידן — דאָס קאָן מען טאָן מיט מער נוצן „ביי זיך אין דער היים", אין די ספּעציעלע זשורנאַלן אויף יידיש. אויך די רע־דאַקציע פון „ראַזסוויעט" האָט, זעט אויס, גענומען זיך האַלטן ביי אָט דער אוטיליטאַרער שטעלונג.

אָבער דעם יונגן זשורנאַל איז נישט באַשערט געווען קיין אריכת ימים. צוגעקלעמט דורך די אכזריותדיקע צענזור־באַדינגונגען און נישט אָנטרע־פנדיק קיין געניגנדיקע סימפּאַטיע ביים לייענער־עולם, זייער אַ קנאַפּן דע־מאָלט, — האָט דער „ראַזסוויעט" אויפגעהערט צו דערשיינען, אין אַ יאָר אַרום נאָך זיין אויפקומען.

דאָך זיינען דאָ שולדיק געווען נישט בלויז „אויסערלעכע באַדינגונ־גען". עס זיינען געווען אויך טיפערע סיבות, וואָס האָבן נישט דערלאָזט די ברייטערע אַנטוויקלונג פון אַ יידישער פּובליציסטיק. די יידישע געזעל־שאַפט אין רוסלאַנד האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַ מצב פון אומבאַ־שטימטקייט און וואַרטעניש. עס איז אָנגעקומען, אַז די 60ער יאָרן זיינען אין לעבן פון די רוסישע יידן געווען אַ תקופה פון קאָכעדיקער געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט; אָט די מיינונג איז אַ פאַלשע. אין געוויסע שיכטן פון פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן אַ גייסטיקע איבערקערעניש, אַ רעוויזיע פון דעם אָרטאָדאָקסאַלן וועלטבאַנעם; אָבער אין געזעלשאַפטלעכן און ביר־גערלעכן לעבן איז נישט געווען קיין קאָנטיקע באַוועגונג. געוויסע — פאַר די יידן גינציקע — מאָסמיטלען פון דער רעגירונג האָבן, נאַטירלעך, גע־וועקט האָפענונגען אויף אַ בעסערער צוקונפט; מיט אָט די האָפענונגען און בטחונדיקע געפילן האָט זיך אָבער די זאַך אויסגעלאָזט. די דאָזיקע דער־וואַרטונג אויף „חסדים פון אויבן" האָט פאַרגליווערט די ענערגיע און די זעלבסטטעטיקייט פון דער יידישער געזעלשאַפט, האָט פּאַראַליזירט די ליטעראַטור.

די צווייטע סיבה, וואָס האָט אָפּגענומען ביי דער יונגער זשורנאַליסטיק איר קראַפט און אָריגינעלקייט, איז באַשטאַנען דערין, וואָס זי האָט פאַר זיך געהאַט אַ פאַרטיקן מאָדעל. דאָס לעבן פון די מערבדיקע יידן, באַזונ־דער פון די דייטשישע, האָט זיך אויסגעוויזן דעם רוב פון אונדזער דעמאָל־טיקע עסקנים ווי דער בעסטער מוסטער אויף נאָכצוטאָן, — מען האָט דערביי אויסן געלאָזט אַז דעם חילוק אין די קולטור־באַדינגונגען צווישן מערב און מזרח, אַז די חסרונות גופא פון דער דייטש־יידישער קולטור.

דאָס אומבאַשטימטע אויסוואַרטן אויפן געביט פון בירגערלעכער עמאַנ־ציפּאַציע און דער פאַרטיקער מאָדעל אויפן געביט פון קולטור־אויפלעבונג — אָט דאָס זיינען די צוויי אומשטאַנדן, וואָס האָבן געהאַמעוועט אונדזער זעלבסטטעטיקייט אין יענער תקופה פון „דערוואַכונג". געדולדיק וואַרטן און געהאָרכזאַם נאָכמאַכן — גאָר נישט קיין געהויבענע דאָליע פאַר אַ פאָלק, וואָס האָלט ביים ווידערגעבוירן ווערן צו אַ ניי לעבן, וואָס זוכט אַן אויסוועג פאַר זיין אויפגעוואַכטער ענערגיע.

דער מאַנגל אין פרייהייט און פאַרנעם איז געווען איינע פון די סיבות, וואָס דער „ראַזסוויעט" איז אונטערגעגאַנגען. דער יורש זיינער, „ציון", צופּאַסנדיק זיך צו די אויסערלעכע באַדינגונגען, האָט פאַרשמעלערט זיינע אויפגאַבן אויפן געביט פון פּובליציסטיק און אויסגעברייטערט זיי אויפן געביט פון געשיכטע און וויסנשאַפט. אין דעם ערשטן פּראָגראַם־אַרטיקל האָט די רעדאַקציע געשריבן:

„אויב דער „ראַזסוויעט" האָט באַוויזן אַ טרייסל צו טאָן אונדזערע שטאַמברידער אין רוסלאַנד, וואָס האָבן געדרימלט אין זיסער זעלבסטפאַרגעסעניש; אויב ער האָט באַוויזן אַוועקצושטעלן אַ סך לעבנס־וויכטיקע פראַגן, — טאָ שטייט פאַרן „ציון" אַן אויפגאַבע אפשר נאָך אַ שווערערע: צו פאַרענטפערן די אַוועקגעשטעלטע פראַגן, צו קערעווען די אַלגעמיינע באַוועגונג פון פאָלק צו אַ שכל־הישרדיקן ציל און אָנצואווייזן די וועגן, וואָס פירן צו אים וואָס גלייכער. מע פאַרלאַנגט פון אונדז צו אַנטפּלעקן דעם רייכן אוצר פון אונדזער פילדורות־דיקער אינערלעכער אַנטוויקלונג און פון אונדזער צווייטויזנט־יאָריקער ליטעראַטור, אויפצוקלערן אונדזער געשיכטע בכלל און בפרט אין דעם גבול פון דער רוסישער מדינה. מיר וועלן זיין מחויב אָפּצומערקן אַלע דערשיינונגען פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַכטונג צו געבן אויף דעם גאַנג פון אונדזער בירגערלעכער אַנטוויקלונג און צו געבן אויף דעם אַלעמען אַן אָנפּניותדיקע אָפּשאַצונג. נישט איין מאָל וועט אונדז אויסקומען אַרויסצוטרעטן קעגן אַ סך פאָראורטיילן, וואָס זיינען פאַראַן ביי אונדז און קעגן אונדז... אין דעם עניָן פון אונדזער בירגערלעכן באַטייט, וואָס אינטערעסירט אונדז אַזוי שטאַרק, איז די גראָדע ליניע נישט תמיד די קירצסטע. קיין שום ראיות, קיין שום טענות — ווי גערעכט זיי זאָלן נישט זיין — זיינען נישט אימשטאַנד צו מאַכן אַ פּלוצעמדיקע איבערקערעניש אין יענעם אופן פון דענקען וועגן אונדז, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט זינט דורות. וואָס שייך דעם, וועט אַ נעענטערע באַקאַנטשאַפט פון רוסישן עולם מיט אונדזער ליטעראַטור, מיט אונדזער געשיכטע, מיט אונדזער אינעווייניקסטן לעבן, מיט אַלע באַדינגונגען פון אונדזער שטייגער, — דאָס אַלץ איז מער מסוגל ווייכער צו מאַכן די שטרענגע מיינונג וועגן אונדז מצד אונדזערע קעגנער און באַשולדיקער*).

*) „סיאָן" (רוסיש — ציון), נומ׳ 1, פון 7 יולי 1861 י.

הייסט עס, דער צענטער פון דער יידישער אַפּאָלאָגיע איז איבערגע־רוקט פון געביט פון היינטצייטיקע פּראָבלעמען אויפן געביט פון גע־שיכטע און וויסנשאַפט. דער וועכנטלעכער „ציון" האָט באַקומען דעם פּרצוף פון אַ סאָלידן חודש־זשורנאַל. אין דעם ערשטן אָפּטייל פלעגן אריינ־געשטעלט ווערן היסטאָרישע און ליטעראַטור־היסטאָרישע אַרטיקלען, און די „אַקטועלע כראָניק" איז אַפּגערוקט געוואָרן אין דעם צווייטן אָפּטייל. אין ביידע האָט געהערשט דער אַקאַדעמישער טאָן. אָבער אָט די אַקאַדע־מישע אָנפּניותדיקייט האָט פּונקט אַזוי ווייניק געדינט די צילן פון אַפּאָ־לאָגיע, ווי די איינגעהאַלטענע ליידנשאַפטלעכקייט פון די „ראַזסוויעט"־בליציסטן. דאָס געגאַרטע „באַקענען דעם רוסישן עולם" מיטן יידישן לעבן, וואָס איז „מסוגל ווייכער צו מאַכן די שטרענגע מיינונג וועגן אונדז", האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ חלום, וואָס קאָן נישט מקוים ווערן. יענער רוסישער עולם, וואָס האָט זיך יאָ אינטערעסירט מיט יידישע פּראָבלע־מען, פלעגט זיך גערנער באַקענען מיט זיי דורך די יודאָפאָבישע אַרטיקלען פון סלאַוויאַנאָפילישן „דיען" און אוקראַינאָפילישער „אָסנאָוואַ", איידער פון די אַרטיקלען אין „ציון". די פּובליציסטן פון יידישן זשורנאַל האָבן זיך גיך איבערצייגט, אַז מע טאָר זיך נישט באַגרענעצן מיט רואיקע, אַקאַ־דעמישע חקירות אין אָנבליק פון די ברוטאַלע מעטאָדן פון דער יודאָפאָבי־שער פּובליציסטיק, אַז אויף חוצפה דאַרף מען שאַרף ענטפערן, און אַז מע דאַרף פּראָטעסטירן קעגן בפירושע ליגנס.

אָבער דאָס, וואָס אַקסאַקאָווס „דיען" האָט געמעגט, האָט נישט גע־טאָרט „ציון". איז אויסגעקומען אַראָפּצושלינגען עוולות — און שווייגן, אָדער ענטפערן מיט האַלבע ווערטער און רמזים. „ציון" האָט נישט אויס־געהאַלטן אָט די פּיין — און איז אונטערגעגאַנגען. אין דעם נומ' 43 (27 אַפּריל 1862) דערקלערט די רעדאַקציע אָפן: „אָנטרעפנדיק אויף באַזונ־דערע מניעות ביים אָפּלייקענען אומבאַגרינדעטע באַשולדיקונגען, וואָס גע־וויסע אָרגאַנען פון דער רוסישער פּרעסע וואַרפן אויף יידן און אויף דער יידישער רעליגיע, ווי אויך ביים אַרויסברענגען דעם אמתן גייסט אירן (פון דער רעליגיע) — האַלט די רעדאַקציע פון „ציון" פאַר איר חוב אָפּצושטעלן איר אויסגאַבע, ביז מען וועט אויספועלן אַ ברייטערע פּראָגראַם".

„אַ מער ברייטע פּראָגראַם" האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן פאַר אומ־מעגלעך נישט בלויז צוליב אָפיציעלע שוועריקייטן, נאָר אויך צוליב דער באַגרענעצטקייט פון די יידישע פּובליציסטן אַליין און צוליב דער גלייכ־גילטיקייט פון דער אויפקומענדיקער נייער אינטעליגענץ. דער אַפּאָלאָגע־טישער ציל האָט זיך נישט געלאָזט דערגרייכן מחמת די אויסערלעכע מניעות, און דער ציל פון „זעלבסטדערקענטעניש" האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פּריצייטיק אין יענער תקופה, ווען די יידישע יוגנט האָט זיך אַ לאָז

געטאָן צו אַלגעמיינער בילדונג, און אויב זי האָט שוין יאָ געזוכט זעלבסט־דערקענטעניש, איז אין מקורים, וואָס זיינען געלעגן ווייט מחוץ דעם גבול פון יידנטום...

2. אויף זיבן יאָר (1862—69) האָט זיך איבערגעריסן די עקזיס־טענץ פון אַ יידישער זשורנאַליסטיק אויף רוסיש. אַ סך ענדערונגען זיינען פאַר דער צייט פאָרגעקומען אין דעם אינערלעכן לעבן פון יידן. די אַלגעמיין־רוסישע בילדונג האָט זיך אויסערגעוויינלעך גיך פאַרשפּרייט צווישן יידן; דעם שטילינקן משכיל האָט איבערגעיאָגט דער פאַררוסישטער יידישער אינטעליגענט. דער קאַמף פון יונגן דור מיטן אַלטן איז געווען אין פולן ברען, און דער נצחון האָט זיך באַשיימפּערלעך געזען אויף דער זייט פון יונגן. די שכלדיק־עניוותדיקע דרשות מכוח דעם נוצן פון „אויפקלערונג", וואָס פלעגן באַשיינען די עמודים פון די יידישע זשורנאַלן אָנהייב 60־ער יאָרן, זיינען גיך פאַרביטן געוואָרן מיט קאַמפּסרופן — אָפּקלאַנגען פון דעם גענדענקוועדטיקן קאַמף צווישן „פאָטערס און קינדער".

דער „המליץ", וואָס אין אָנהייב פון זיין קאַריערע איז ער אויסגעקו־מען, ווי מיר האָבן געזען, מיט „מליצה" און אומשולדיקע שול־אויפזאַצן, איז אין משך פון עטלעכע יאָר אויסגעוואַקסן צו אַ לעבעדיקן דעמאָסקירנ־דיקן אָרגאַן. לכתחילה פלעגט ער אין קאָרעספּאָנדענצן אָנטפּלעקן די פינצטערניש און זאַבאָבאָנעס פון די חסידים און די „נסים" פון די „גוטע יידן", און שפּעטער האָט ער זיך דערקליבן אויך צו אַ דרייסטערער קריטיק פון די דורותדיקע יסודות פון רבניזם. אין דער דאָזיקער קריטיק פון דער אַלטפרענקישער רעליגיעזער סיסטעם איז געווען היפּש אייבערפלאַכלעכקייט און פעליעטאָנישקייט, אָבער דווקא דערפאַר פלעגט זי ווירקן אָנצינדנדיק אויף די מוחות פון געטאָ־פאַרשפּאַרטע.

אין דעם זעלבן גייסט, נאָר מיט מער טאַלאַנט, האָט אָנגעהויבן אַר־בעטן אין יאָר 1869 דער חודש־זשורנאַל פון פּ. סמאָלענסקין, „השחר" (באַגינען). דער נייער זשורנאַל, וואָס האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע ווירקונג אויף דער פּראָווינציעלער יוגנט פון די 70־ער יאָרן, האָט זיך געשטעלט פאַר זיין הויפּט־אויפגאַבע „דעם קאַמף מיטן פאַנאַטיזם און פינצטערניש אין יידנטום גופא". דער „השחר" פלעגט עקשנותדיק דורכפירן אָט די אידעע סיי אין זיין פּובליציסטיק סיי אין דער טענדענציעזער בעלעטריסטיק. אַ צווייטער ציל פון זשורנאַל איז באַשטאַנען אין קאַמף קעגן דעם אינדי־פערענטיזם צו אַלעם יידישן, וואָס איז אויפגעקומען ביי דער פאַררוסיש־טער גרופּע אינטעליגענץ; אָבער אָט דער קאַמף האָט זיך פונאַנדערגע־וויקלט ערשט אין דעם שפּעטערדיקן פּעריאָד פון סמאָלענסקינס טעטיקייט.

בשעת איינער פון די אידעאַלן פון דער נייער זשורנאַליסטיק — די אויפקלערונג — האָט גענומען גיך מקוים ווערן און ער האָט שוין אָנגע־הויבן אַריבערגיין פון פאַרטיידיקונג צו אָנגריף, האָט זיך דער צווייטער

אידעאַל — פון בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע — פּראַקטיש נישט גערירט פון אָרט פון אָנהייב די 60־ער יאָרן. דאָס מנוחהדיקע „וואַרטן" אויף דער גלייכבאַרעכטיקונג אין דער „עפּאָכע פון גרויסע רעפאָרמעס" איז איבערגעגאַנגען — נאָך אַ גאַנצער ריי אַנטטוישונגען — אין אַ מער ניכטערן קוק אויף די ענינים. מען האָט אויפגעהערט אויסצוקוקן אויף דער עמאַנציפּאַציע, ווי אַ גנאָדיקע מתנה פון אויבן, און מען האָט באַשלאָסן, אַז גיין צו אָט דעם ציל דאַרף מען דורך אַקטיווער, הגם פּאַמעלעכדיקער, אידעישער פּראָפּאַגאַנדע. דאָס פאַרקלענערן די מנוחהדיקייט און בטחונדיקייט האָט פאַרשטאַרקט די זעלבסטטעטיקייט. אָט די זעלבסטטעטיקייט האָט זיך געשטיצט אויף דעם מערב־יידישן פּרינציפּ, וואָס האָט זיך אַלץ מער איינגעפונדעוועט אין די אייבערשטע שיכטן פון דער רוסיש־יידישער געזעלשאַפט: אויפן פּרינציפּ פון אַסימילאַציע. מע דאַרף די יידן רוסיפיצירן אין אַלע ספערן פון קולטור־לעבן — און די עמאַנציפּאַציע וועט קומען פון זיך אַליין, וואָרעם די יידן וועלן דאַן נישט זיין קיין אָפּגעזונדערטער עלעמענט, נאָר עפּעס ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון רוסישן פאָלק. די גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס מע וויל זי נישט געבן די יידן, וועט געגעבן ווערן אָן שום טענות די „רוסן פון יידישן גלויבן". אָט די טעאָריע איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן סיי דורכן ביישפּיל פון „אויפגעקלערטן מערב" סיי דורכן גאַנצן שטייגערלעבן פון דער ניי אויפגעקומענער רוסיש־יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט אַלץ מער פאַרלוירן די נאַציאָנאַלע אידעאַלן, אָננעמענדיק אָנשטאָט זיי אָדער קאָסמאָפּאָליטישע אָדער נאַציאָנאַל־רוסישע שטרעבונגען.

נאָך אין יאָר 1862 האָט איינער פון די אָנגעזעענסטע יידישע יוריסטן געשריבן, ענטפערנדיק אויף די יודאָפאָבישן אָנפאַלן פון אַקסאַקאָווס „דיען": „דאָס רוסישע פאָלק דאַרף איינשלינגען די רוסישע יידן, און די יידן דאַרפן אַראָפּוואַרפן פון זיך די כלומרשט נאַציאָנאַלע שאָלעכץ, אָט דעם אָנוואוקס, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן דורך דורות דערנידעריקונג און שקלאַפעריי. די רוסישע יידן דאַרפן מגולגל ווערן אין רוסן פון יידישן גלויבן — אין דעם באַשטייט די גאַנצע אויפגאַבע. אין דעם, און נאָר אין דעם זינען איז די יידן־פראַגע אַ פראַגע פון נאַציאָנאַליטעט"*). דאָ טרעט אַרויס די אידעע פון „צונויפגיסונג" אין איר גאַנצער מיאוסער נאַקעטקייט; אָבער די אידעע פון אַסימילאַציע — צי אין אָט דער עקסטרעמער, צי אין אַ מעסיקערער פאָרעם, וואָס האָט זיך אין די אָנהייב זעכציקער יאָרן געפּלאָנטערט בלויז אין געציילטע „פאַרגעשריטענע מוחות", איז צום סוף

*) דער אַרטיקל „די יידן־פראַגע און די רוסישע אינטערעסן", וואָס איז צוליב געוויסע סיבות דערשינען אַ סך שפּעטער, אין פינפטן באַנד פון דער „יעווריעיסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ" (יידישע ביבליאָטעק.—איב.), 1875, אָפּטיילונג צוויי, ז' 45.

פון זעלבן יאָרצענדליק געוואָרן דער לאָזונג פון דעם רוב אונדזער אינטע־ליגענץ, וואָס איז דערצויגן אָדער איבערדערצויגן געוואָרן אין רוסישע שולן.

דער נעגאַטיווער אידעאַל פון נאַציאָנאַלער קאַפּיטולאַציע, געפּאָרט מיטן פּאָזיטיוון בירגערלעכן אידעאַל פון קאַמף פאַר רעכט, איז פאַרלייגט געוואָרן ווי אַ פונדאַמענט פאַר דער פּובליציסטישער טעטיקייט פון דעם נייעם אָרגאַן פון די רוסישע יידן — דעם „דיען"*), וואָס מען האָט אַרויס־געגעבן אין אָדעס אין די יאָרן 1869—71. די רעדאַקציע פון „דיען" האָט געגעבן דייטלעך באַשטימט איר ריכטונג אין דעם באַזונדערן אַרטיקל, וואָס איז צעשיקט געוואָרן, ווי אַ פּראָספּעקט (אַפּריל 1869):

„די יידן־פראַגע, — זאָגט זיך דאָרט, — איז נישט קיין רע־ליגיעזע, ווי עס מיינען אייניקע נאַיוו, און נישט קיין נאַציאָנאַלע, ווי עס מיינען אַנדערע אָן שום גרונט, — נאָר אַ געזעלשאַפט־לעכע, אַן עקאָנאָמישע פראַגע. צי זיינען די יידישע רעליגיעזע לערעס צוגעפּאַסט אָדער נישט צו די מאָדערנע לערעס וועגן מאָראַל און גוטס פון די נייסטע מאָראַליסטן אונדזערע, — וואָלט מען זי פון דעסטוועגן געלאָזט צו רו, ווען דער מאָ־ראַלישער (?) פּרצוף פון אונדזער יידישער באַפעלקערונג וואָלט בכלל אויסגעוויזן צופרידנשטעלנדיק פאַר דער רוסישער געזעל־שאַפט. דאָס אייגענע דאַרף מען זאָגן וועגן דער יידישער נאַ־ציאָנאַליטעט. נישט דער רומרייכער היסטאָרישער עבר פון די יידן, און נישט דער צוגעזאָגטער נביאישער עתיד אינטערע־סירט די עפנטלעכע מיינונג, — נאָר יענע צילן און שטרע־בונגען, וואָס די יידן האָבן היינט, יענע געזעלשאַפטלעכע און בירגערלעכע פּאָזיציע, וואָס די יידן זיינען גרייט צו פאַרנעמען אין דער נאָענטסטער צוקונפט . . . מיר מוזן דעריבער באַשטי־מען יענע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אין וועלכע די אינטערעסן פון אונדזער יידישער באַפעלקערונג וועלן זיך לגמרי צונויפגיסן מיט די אינטערעסן פון די איבעריקע ביר־גער, ווען די צילן און שטרעמונגען פון ביידע צדדים וועלן זיין אין פולשטענדיקער האַרמאָניע און וועלן אויפהערן צו זיין אין סתירה איינע צו די אַנדערע".

ווייטער דערמאָנט די רעדאַקציע אַ צווייטע אויפגאַבע אירע:

„באַוואָרענען די יידן און דאָס יידנטום קעגן יענעם משפט אָן אַפּעלאַציע, אויף וועלכן עס איז אויסגעשטעלט מצד אונ־

*) „דיען" — רוסיש — טאָג (באַמ. פון איב.).

דזוער (ד"ה מצד דער רוסישער) פּרעסע, באַזונדערס אין דער לעצטער צייט, ווען יעדער ליטעראַריש קרייזל נעמט זיך רשות צו פאַרגעוואַלטיקן און פאַרקריפּלען אָן אַ גרענעץ די פאַקטן און דערשיינונגען פון יידישן לעבן, כדי אַריינצופּאַסן זיי אין דעם סדום־בעטל פון זייערע שטאַנדישע תאווהלעך און קליינ־לעכע אַפּרעכעוונגען".

די רעדאַקציע דריקט אויס אַ האָפענונג (וואָס זעט אויס אין אונדזער צייט היפּש נאַיוו), אַז „מיטן אויפקום פון אַ ספּעציעלן זשורנאַל, געוויד־מעט דער לייזונג פון דער יידן־פראַגע, וועלן פאַרשווינדן פון דער פּרעסע די עם־הארצות, לייכטזיניקייט און שקר, וואָס מע פלעגט אָפּט אָנווענדן לגבי יידן". זי זאָגט צו באַמיען זיך צו פאַרדינען דעם צוטרוי סיי פון דעם רוסישן סיי פון דעם יידישן פּובליקום, וועמעס אינטערעסן זיינען איר אַלץ איינס טייער, דעסטאָ מער וואָס די דאָזיקע אינטערעסן נישט נאָר זיי שליסן זיך נישט אויס איינע די אַנדערע, נאָר פאַרקערט — זיי קאָנען ניין אינ־גאַנצן ביינאַנד".

הייסט עס, אַז דער קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג ווערט אין דער נייער פּראָגראַם ענג פאַרבונדן מיט דער אידעע פון אַסימילאַציע. מע דאַרף נאָר איבערצייגן אי די יידישע אי די רוסישע געזעלשאַפט, אַז זייערע אינטע־רעסן קומען זיך צונויף, און דעמאָלט וועט די גלייכבאַרעכטיקונג קומען פון זיך אַליין. די פרייהייט־ליבנדיקע פּובליציסטן האָבן דאָ נישט געפילט די אינערלעכע סתירה: זיי האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר גלייכבאַרעכטיקונג דורך אַ פּרינציפּיעלן באַשטעטיקן אומגלייכקייט. וואָס דען האָט באַטייט „צונויפשמעלצונג פון אינטערעסן סיי יידישע סיי רוסישע", אויב נישט דאָס, אַז די יידן דאַרפן מוותר זיין אויף זייערע אייגענע נאַציאָנאַלע אינ־טערעסן דאָרטן, וואו די לעצטע קומען אין אַ קאָנפליקט מיט די רוסישע פאַראורטיילן? אָבער אַזוי אַרום ווערט דאָך אָנגענומען אַ פּרינציפּ, אַז איטלעכע נאַציאָנאַלע גרופּע אין אַ מלוכה געניסט פון גלייכבאַרעכטיקונג נאָר בתנאי, אַז אירע אינטערעסן זאָלן זיין אונטערגעוואָרפן די אינטע־רעסן פון דער הערשנדיקער נאַציע, וואָס ווערט געשטיצט ביד חזקה פון דער רעגירונג.

און דאָס האָט מען אויף דעם דעמאָלטיקן לשון גערופן „קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג"! . . .

אין דעם האָט געשטעקט אָדער אַ פּסיכאָלאָגישער טעות, וואָס איז באַ־שטאַנען אין דער מיינונג, אַז יידן קאָנען פאַרלירן זייער פּרצוף און אידענ־טיפיצירן זייערע פאָלקס־אינטערעסן מיט דעם, וואָס איז ניחא דער הער־שנדיקער נאַציע; אָדער נאָך אַ געפערלעכער עטישער טעות, וואָס איז באַ־שטאַנען דערין, אַז די יידן דאַרפן דאָס טאָן צוליב זייער נאָענטסטער מאַ־טעריעלער טובה וועגן.

די דעמאָלטיקע פּובליציסטן האָבן נישט באַמערקט אָט די פּאַטאַלע סתּירה אין זייער אידעאַל. אויף די שפּאַלטן פון „דיען" האָט געשווייבלט מיט די טערמינען: „פאַררוסישונג", „צונויפשמעלצונג", „בילדונג פון יידן אין רוסישן גייסט" אד"גל. מיט אַזעלכע קאָמפּסלאָזונגען האָט זיך דער יידישער זשורנאַל געווענדט נישט אַזוי צו דעם יידישן ווי צום רוסישן עולם, אין דער אָנגענעמער פאַרבלענדעניש, אַז דער לעצטער לייענט דעם „דיען" און אַז ער וועט אַריינפאַלן אין התפּעלות פון אַזעלכע שיינע רייד, וואָס חנפנהן זיין אייגנליבע, און ער וועט אַדאַנק דעם אָנערקענען די נויטווענדיקייט פון אונדזער גלייכבאַרעכטיקונג.

אמת, זיך אָפּרופנדיק צום יושר־געפיל פון דעם בעסערן טייל פון דער רוסישער געזעלשאַפט, האָט דער „דיען" אין דער אייגענער צייט געפירט אַן אומבּרחמנותדיקע מלחמה מיט די יודאָפאָבישע עלעמענטן אין דער רוסישער פּרעסע. דאָ איז ער — אויף וויפל די צענזור האָט געלאָזט — געווען דרייסט און מוטיק; אין זיינע פּובליציסטישע מעטאָדן איז נישט געווען די שעמעוודיקייט און הכנעה פון די ערשטע אָרגאַנען פון דער יידיש־רוסישער פּרעסע. אַפּאָלאָגיע גייט דאָ אָפּט אַריבער אין פּאָלעמיק. דער זעלבסטשטעטיקייט־פּרינציפּ טרעט אַרויס שאַרפער און באַשטימטער. דאָס וואָרט אויף גלייכבאַרעכטיקונג טרעט אָפּ דאָס אָרט פאַרן אָפענעם קאַמף פאַר רעכט. אָבער אין אָט דעם קאַמף איז שוין געווען דער עלע־מענט פון דינגעניש און קאָמפּראָמיס: פאַר גלייכבאַרעכטיקונג האָט מען געצאָלט מיט „צונויפשמעלצונג".

נישט אין דער יידישער סביבה, נאָר מחוץ איר האָט אונדזער פּובלי־ציסטיק וווייטער געזוכט איר אָנשפּאַר. איז וואָס זשע — די צוויי־יאָריקע טעטיקייט פון „דיען" האָט געקאָנט איבערצייגן אונדזערע פּובליציסטן, אַז אָט דער מעטאָד, אויך אין זיין נייער אויפלאַגע, פירט נישט צום ציל. וואָס מער זיי האָבן געאַרבעט, אַלץ קאָמפּליצירטער איז געוואָרן דער קאַמף מיט דער יודאָפאָביע אין דער רוסישער פּרעסע און אין דער רוסישער געזעל־שאַפט. זיי האָבן זיך געקאָנט איבערצייגן, אַז צו גיך האָבן זיי פאַררעכנט די יידן־פראַגע צו דער צאָל צייטווייליקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלע־מען, צונעמענדיק ביי איר דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אויף דעם פאַר־שלאָג וועגן „צונויפשמעלצונג" האָט מען באַקומען אַ שרעקלעכע תּשובה אין דעם אָרט פון אַרויסגעבן דעם זשורנאַל: דער אָדעסער פּאָגראָם פון 1871 יאָר, — אָט דאָס ערשטע וואָלקנדל אין לויטערן טאָג פון אונדזער געשיכטע, אָפּגעטיילט מיט אַ יאָרצענדליק פון די שוואַרצע טעג אין דעם לעצטן פערטל פון יאָרהונדערט. דער זשורנאַל גופא איז געפאַלן אַ קרבן פון יענע פּאָליציייאישע רעפּרעסיעס, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דעם פּאָגראָם...

מיטן אָפּשטעלן דעם „דיען" האָט די יידישע זשורנאַליסטיק אויף

רוסיש זיך אליין אפגעשאפן ביז צו א בעסערן אדער, ווי ס'האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן, צו אן ערגערן טאג.

3. די אנטוויקלונג פון דער אסימילאציע־אידעע אין דער יידישער געזעלשאפט האט דערגרייכט איר העכסטן פונקט אין די 70־ער יארן. ס'איז געווען א צייט, ווען דער טרוים וועגן דער פולשטענדיקער צונויפגיסונג פון די יידישע אינטערעסן און אידעאלן מיט די רוסישע האט אויסגעזען צו זיין א לעבעדיקע רעאליטעט. דער אנטייל פון דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט אין אלע גייסטיקע און סאציאלע באוועגונגען פון דער רוסישער יוגנט, נישט אויסגעשלאסן אויך די רעוואלוציאנערע, האט געשיינט צו זיין דאס פארבילד פון דעם קומענדיקן צוזאמענלעבן פון יידישן פאלק מיטן רוסישן.

דאס איז אבער געווען א מיראזש, זעלבסטנארעריי. דאס צייטווייליקע צוזאמענלעבן איז געקויפט געווארן פארן פרייז פון אפזאגן זיך דורך דער יידישער יוגנט פון די אידעאלן און טאגטעגלעכע אינטערעסן פון איר אייגענעם פאלק; דאס איז נישט געווען קיין צוזאמענלעבן, נאר א פולשטענדיק אונטערארדענען זיך דעם אנדערן עלעמענט. דאס איז געווען יענע צייט, ווען יידישע בחורים און מיידלעך, וואס האבן קיין דארף נישט אנגעקוקט, האבן ביי נעקראסאווס פערזן פארגאסן טרערן איבער דעם ביטערער דאליע פון רוסישן פויער, — נישט באמערקנדיק די פיל שווערערע לײַדן פון זייערע אייגענע ברידער, וואס האבן זיך געמאטערט צוליבן שטיקל ברויט, דעם דערנידעריקטן און גערודפטן יידישן הארעפאשניק — דעם ארבעטער, באלמעלאכע, קליינהענדלער.

א סך האבן אפילו געהאלטן פאר איבעריק צו באהאנדלען די יידישע פראבלעמען און יידישע אינטערעסן אין ספעציעלער ליטעראטור, ווארעם יידישע אינטערעסן ווערן, לויט זייער מיינונג, איינגעשלונגען דורך די רוסישע, און די יידישע ליטעראטור — דורך דער רוסישער... איינער פון די דעמאלטיקע, זעט אויס, מעסיקע — אסימילאטארן מערקט אפ אט די מגפה פון פאררוסישונג אין אזעלכע ווערטער:

„אלץ אפטער און אפטער טרעפט מען זיך אן ביי דער יידישער אינטעליגענץ אויף א נעגאטיווער באציונג צו יידישע ענינים — נעגאטיוו אין פארשיידענע פארמען און מדרגות. די דאזיקע פארלייקענער קאן מען איינטיילן אין דריי גרופעס: די ערשטע, וואס שטייען אמנאענטסטן צום יידנטום, לייקענען נאר די נויטווענדיקייט און צוועקמעסיקייט פון אוועקשטעלן ספעציעל די יידן־פראגע. לויט זיי דארף מען אויסמיידן איזאלירונג אפילו אין דער ליטעראטור, און מען דארף פירן די אייגענע פראפאגאנדע און דורכזעצן די אייגענע אנשויונגען אין דער אלגעמיין־רוסישער ליטעראטור. די צווייטע גרופע גייט נאך ווייטער: זיי לייקענען אין גאנצן, אז עס איז פאראן א יידן־פראגע, ווי עפעס א זעלבשטענדיקע זאך. לויט

זיי איז די יידן־פראַגע נישט מער ווי אַ פּרט אין דעם סכום פון אַלגעמיין־רוסישע מלוכהשע און קולטורעלע פּראָבלעמען, און אין דעם זינען דאַרף זי באַטראַכט ווערן... און לסוף, די גאָר ראַדיקאַלע פאַרלייקענער פון דער יידן־פראַגע דערגייען אין זייער נעגאַציע צום פולשטענדיקן איגנאָרירן דאָס יידנטום, ווי אַ קולטורעלן, נאַציאָנאַלן און היסטאָרישן איינס. דער אידעאַל פון אַט די הערן באַשטייט אין פולן עטנאָגראַפישן צונויפשמעלצן דאָס יידישע פאָלק מיטן רוסישן, און דאָס בעסטע מיטל דערצו, מיינען זיי, איז צו איגנאָרירן אַלץ, וואָס איז ספּעציפיש יידיש, — גלייך ווי די יידן־פראַגע לאָזט זיך אָפּטיימען מיטן בלויזן שווייגן אָדער פאַרשווייגן זי"*).

אין די 70־ער יאָרן האָט מען אַזעלכע נעגירנדיקע אָנשוווּנגען געהאַלטן פאַר אַ סימן פון פרייִדענקעריי און ציווילן מוט. איצט שאַצן מיר זיי אָפּ לויט זייער אמתן ווערט און מיר זעען אין זיי אַן אויסדרוק פון גייסטיקער קנעכטשאַפט און ציווילער פּחדנות. אָבער דעמאָלט האָבן די ערנסטער דענקענדיקע פאָרשטייער פון דער יידישער אינטעליגענץ געזען דערין בלויז אַ פּראַקטישע סכנה: דעם וואוקס פון גלייכגילטיקייט צו דער זאַך פון יידישן פאָלק. און זיי האָבן אָנגעהויבן צו זוכן תרופות אָפּצושוואַכן אַט דעם אינדיפערענטיזם. די יודאָפאָבישע אַגיטאַציע, וואָס האָט זיך ווידער — נאָכן קריג פון 1877 — אויפגעהויבן אין דער רוסישער פּרעסע, האָט אַ שטויס געטאָן צו דער פאַראייניקונג פון געוויסע אינטעליגענטע כוחות אַרום דער אוועקגעוואָרפענער יידישער פאָן.

ווי אַ רעזולטאַט פון די אַלע אינערלעכע און אויסערלעכע אימפּולסן איז געקומען די ווידעראויפלעבונג פון דער רוסיש־יידישער זשורנאַליסטיק אין דער געשטאַלט פון צוויי אָרגאַנען — „רוסקי יעווריי" (רוסישער ייד) און „ראַזסוויעט" (באַגינען), וואָס מען האָט אַרויסגעגעבן זינט האַרבסט פון 1879 אין פּעטערבורג.

לויט דער ריכטונג זייערער, זיינען ביידע אָרגאַנען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון מעסיקער אַסימילאַציע. די רעדאַקציע פון „רוסקי יעווריי" האָט דערקלערט, אַז דער הויפּטציל פון דעם זשורנאַל איז „מיטווירקן צו דער קעגנזייטיקער דערנענטערונג פון יידן און רוסן", און אַז זי באַטראַכט די יידן ווי „רוסישע אונטערטאַנען פון יידישער אָפּשטאַמונג, פון יודאַאיסטישן גלויבן" („ר. י.", 1879, נומ' 2, לייטאַרטיקל). אַט די פּילווערטערדיקע פאָרמולע וואָלט מען געקאָנט פאַרבייטן אויף אַ קירצערער און ריכטיקערער: „רוסישע אונטערטאַנען פון יידישער נאַציאָנאַליטעט";

---

*) „צי איז פאַראַן אַ יידן־פראַגע" — פון איס. אָרשאַנסקי, „ראַזסוויעט", 1879, ז' 55.

אַבער דער טערמין „יידישע נאַציאָנאַליטעט" איז דעמאָלט געווען אַ nomen odiosum (אומבאַליבטער נאָמען.—איב.), ביי די יידישע פּובליציס־טן, וואָס האָבן געציטערט פאַרן חשד אין סעפּאַראַטיזם.

בכלל האָט די אַפּאָלאָגיע פאַרנומען אין דער פּראָגראַם פון „רוסקי יעווּ־רעי" אַן אָנזעעוודיק אָרט. דאָס איז געווען אַפּאָלאָגיע מיט גוטע כוונות, וואָס האָט געשטרעבט צו דערווייזן די בירגערלעכע לאָיאַליטעט פון די רוסישע יידן און די אומגערעכטיקייט פון די באַשולדיקונגען קעגן זיי. צונויפגייענ־דיק זיך אין דעם זינען מיט די ערשטע אָדעסער אויסגאַבן, האָט זיך דער „רוסקי יעווּרעי" אויסגעטיילט צום בעסערן אין פאַרגלייך מיט יענע דער מיט, וואָס ער פלעגט אָפּגעבן מער אָרט פאַר די אינערלעכע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן. אָבער אויך דאָ האָט זיך געלאָזט מערקן צו פיל אומ־אַנטשלאָסנקייט און קליינמוטיקייט. באַהאַנדלענדיק אונדזערע אינעווייניק־סטע ענינים, פלעגן זיך די פּובליציסטן פון „רוסקי יעווּרעי" אַזוי ווי אומ־קוקן אַרום זיך, מורא האָבנדיק, צי הערט נישט אַמאָל „דער שונא" און צי וועט ער נישט אויסנוצן אונדזער זעלבסטדעמאַסקירונג פאַר זיינע איי־גענע פאַרשטעלטע צילן.

אַ דרייסטערער און מער אומאָפּהענגיקער טאָן האָט געהערשט אין דעם נייעם „ראַזסוויעט". אָנמעלדנדיק איר אויסגאַבע ווי „אַן אָרגאַן פאַר די נויטן און באַדערפעניש פון די רוסישע יידן" (נומ' 1), האָט זיך די רעדאַקציע פון „ראַזסוויעט" געשטעלט אויף אַ פּראַקטיש ריכטיקן שטאַנד־פּונקט: אַז אַ יידישער פּרעסע־אָרגאַן דאַרף רעדן מיט יידן, און נישט בלויז פאַר יידן. אַט פאַרוואָס דער „ראַזסוויעט" האָט מוטיקער און אויפריכטי־קער גערעדט וועגן אונדזערע אינעווייניקסטע חסרונות און האָט פאָרגע־לייגט ראַדיקאַלערע מיטלען זיי צו פאַרריכטן. אויפהייבן דעם קולטורעלן און עקאָנאָמישן ניוואָ פון די רוסישע יידן נישט בלויז דורך געזעצגע־בערישע מיטלען, נאָר אויך דורך דער אַליינהילף פון פאָלק — אַט דאָס איז די נייע אידעע, וואָס האָט אויפגעשפּראָצט אין דער רוסיש־יידישער פּובליציסטיק פון יענער צייט. מען האָט גערופן די יידישע אינטעליגענץ צו אַרבעטן לטובת דעם אייגענעם פאָלק. אַט דער רוף האָט אויסגעזען אַזוי דרייסט אין דער אַטמאָספער פון אַסימילאַציע, וואָס איז דעמאָלט געווען די הערשנדיקע, אַז די רעדאַקציע האָט געהאַלטן פאַר נייטיק צו מאַכן אין איר לייטאַרטיקל אַזאַ מין התנצלות:

„מיר האָפן און זיינען זיכער, אַז זיי (די פאָרשטייער פון דער יידישער אינטעליגענץ) וועלן אָפּענטפערן אויף אונדזער רוף און צושטיין צו אונדז, אַז זיי וועלן נישט זשאַלעווען נישט קיין כוח און נישט קיין מי, וואָס זיינען נייטיק צו דערוועקן די ריזיקע מאַסע רוסישע יידן פון זייער גייסטיקן הינערפלעט

> און צו ראַטעווען זיי פון דער אויסוועגלאָזער מאַטעריעלער לאַגע. דאָס פאָדערט נישט בלויז די טובה פון די רוסישע יידן, נאָר אויך די טובה פון רוסלאַנד. אָפּגעבנדיק איר צייט אויף צו באַפרידיקן די נויטן און באַדערפעניש פון די רוסישן יידן, טיילט זיך דער אינטעליגענטער טייל איזער נישט אָפּ פון דער רוסישער בירגער־סביבה; ער טוט בלויז די זאַך, וואָס איז זער־חוב פון אַ רוסישן בירגער בכלל" (דאָרט).

הייסט עס, אַז מען האָט דער יידישער אינטעליגענץ געדאַרפט דערווייזן, אַז דינענדיק די אינטערעסן פון יידנטום, רירט זי לחלוטין נישט אָן איר בירגער־פליכט לגבי דעם רוסישן פאָטערלאַנד. דאָס באַטייט, אַז די פליכט פון יידן לגבי דער מלוכה, אין וועלכער ער לעבט, איז פאַר יעדן געשטאַנען מחוץ יעדן ספק; וואָס שייך אָבער דער פליכט פון יידן לגבי דעם אייגענעם פאָלק, איז זי נאָך נישט געווען אָנערקענט דורך אַלעמען, און מען האָט זי באַרעכטיקט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זי פירט אומדירעקט צום דערפילן די ערשטע אומבאַשטרייטלעכע פליכט. דאָס נאַטירלעכע געפיל פון ליבע צום אייגענעם פאָלק האָט מען געדאַרפט באַרעכטיקן מיט באַטראַכטונגען מכוח דער טובה פון דער מלוכה; דער אינערלעכער היי־ליקער חוב, אַ טיף פאַרוואָרצלטער אין אונדזער מאָראַלישער נאַטור, האָט זיך גענייטיקט אין אַן אייבערשטער סאַנקציע פון אויסערלעכן יורידישן חוב... מען האָט אַ גרויסן טייל פון אונדזער אינטעליגענץ געדאַרפט דערווייזן, אַז זי האָט רעכט צו טאָן דאָס, וואָס איז איר חוב.

עס דערמאָנט זיך דאָ די אומעטיקע באַמערקונג פון מאָנטעסקיע: „אויב איר דאַרפט עמעצן דערווייזן אַזעלכע פּראָסטע זאַכן, טאָ זייט זיכער, אַז איר וועט זיי קיין מאָל נישט דערווייזן". פון דעסטוועגן גלייב איך נישט, אַז עס זאָל אויך אין אונדזער זאַך מקוים ווערן אָט די פּעסימיסטישע נביאות. די אַסימילאַציע־טעאָריע האָט אין איר אימפּעטיקן לויף געמוזט דערגיין צום פּונקט „אַבסורד" — און דעמאָלט וואָלט זיך אַרויסגעוויזן די נאַטירלעכע רעאַקציע פון דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, וואָס זי האָט דערשטיקט; עס וואָלט זיך דערהערט דער פּראָטעסט פון דער פאָלקס־פּערזענלעכקייט, וואָס איז אָפּגעמעקט און געשענדט געוואָרן.

דאָס וואָלט אָבער געווען צו אַ לאַנגער וועג, און צו לאַנג וואָלט אונדזער ליטעראַטור געדאַרפט זיך ראַנגלען פאַר דעם אידעאַל פון נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין, איידער מע וואָלט דערגרייכט אַ נצחון... אין דעם ענין האָט זיך דאָן אַריינגעמישט דאָס לעבן אַליין. עס האָט אַרויסגערוקט אַ סך איבערצייגנדיקערע אַרגומענטן, ווי די ליטעראַטור. דאָס זענען געווען שלאָגנדיקע באַווייזן: עס האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון פּאָגראָמען (1881 יאָר).

אין דער יידישער זשורנאַליסטיק איז געוואָרן אַ תוהו ובוהו. לכתחילה האָבן זיך אַלע באַגריפן אַזוי ווי צעפּלאָנטערט. נייע שטימען האָבן זיך אויסגעמישט מיט אַלטע, אָפטמאָל גאָר אַלטע, וואָס מען האָט זיי נישט געהערט אין אונדזער פּובליציסטיק זינט איר אויפקום. דאָ זיינען געווען פאַרשטיקטע זיפצן פון אַנטוישטע אַסימילאַטאָרן, און דער ערשטער שאַרפער געשריי פון נייגעבוירענעם נאַציאָנאַליזם, און דער רוף פון די פריערדיקע קעמפער ממשיך צו זיין די איבערגעריסענע פּראָגרעסיווע אַרבעט, און מאָדנע קולות, וואָס האָבן גערופן „אַהיים", צוריק, אין דער פינצטערער טיפעניש פון אַלטן וועלטבאַנעם.

איבער אָט דעם גאַנצן תוהו ובוהו האָט געשוועבט איין אידעע, וואָס איז אַרויסגערוקט געוואָרן דורך דער ביטערער ווירקלעכקייט: די אידעע פון איבעררוקן דעם צענטער. פאַרשיידענע דערוואַרטונגען און האָפענונגען האָט מען פאַרבונדן מיט דער יידישער מאַסן־עמיגראַציע פון רוסלאַנד: אַ טייל האָט געחלומט וועגן פרייהייט און אַלמענטשלעכן פּראָגרעס אין אַ פרייער רעפּובליק מעבר לים; אַנדערע האָבן געטרוימט וועגן ווידעראויפלעבונג און נאַציאָנאַלער קולטור ביים ברעג פון היימישן ירדן. אָט די „גלייביקע" זיינען געווען אויף זייער שטייגער גליקלעך: זיי האָבן זיך באַצייטנס אַרויסגעקריגן פון דער זינקענדיקער שיף און זיינען געשוואומען — אָדער זיי האָבן זיך פאַרגעשטעלט, אַז זיי שווימען — צו נייע ברעגן.

עס זיינען אָבער געבליבן אַ סך, און ווייט נישט די לעצטע, אין די רייען פון אונדזער אינטעליגענץ, וואָס האָבן נישט געקאָנט מיט אַזאַ גרינג האַרץ פאַרלאָזן די זינקענדיקע שיף — און זיי זיינען נאָך לאַנג געבליבן אויף איר, האָפנדיק צו ראַטעווען זי פון פולשטענדיקן צוזאַמענברוך. לאַנג נאָך האָבן זיי זיך געראַנגלט פאַר פריערדיקע אידעאַלן, זיי פלעגן אויסרופן אַמאָליקע לאָזונגען אין מיטן גערויש פון דער אָרום און אַרום צעבושעוועטער סטיכיע. אָבער אין אָט די לאָזונגען האָבן שוין פון צייט צו צייט געקלונגען נייע טענער. די אינעווייניקסטע אינטענסיווע אַרבעט פון געדאַנק האָט געטאָן איר זאַך. ביסלעכווייז האָט מען אָוועקגעוואָרפן די אומטויגלעכע עלעמענטן פון דעם פריערדיקן וועלטבאַנעם, און די געזונטע און אייביקע יסודות האָט מען פאַרבונדן מיט אַ נייעם — בעסער געזאָגט, באַנייטן — אידעאַל, וואָס וואָרצלט אין דעם באָדן פון היסטאָרישן יידנטום. פון דער פאַרטרונקענער שיף האָט מען אַרויסגעטראָגן אַלץ, וואָס מען האָט געדאַרפט ראַטעווען, אַלדאָס ווערטיקע, שטאַנדהאַפטיקע, בעסערע, און מען האָט דאָס אַריבערגעטראָגן אויף דער „צוקונפט־שיף". די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע, וואָס איז געבוירן געוואָרן — אָדער אויפגעשטאַנען תחית המתים — אויפן ברוק פון דער צעגראָמירטער גאַס אין יידישן „תחום", די אידעע איז געוואָרן געלייטערט, אויפגעהאָדעוועט און דערצויגן אין יענע קאָנצענטרירטע מוחות, וועלכע האָבן מוטיק איבער־

געטראָגן איינע פון די אכזריותדיקסטע שטורעמס, וואָס האָבן ווען־נישט־איז געבושעוועט אין אונדזער געפּאַרפולן היסטאָרישן לעבן.

מיט פאַרשיידענע דרכים זיינען געגאַנגען צו אָט דעם ציל די אָרגאַנען פון אונדזער זשורנאַליסטיק. די פּעריאָדישע פּרעסע אויף יידיש האָט די ערשטע אָפּגעשפּיגלט אין זיך דעם אידעען־פּלאַנטער, וואָס האָט אָנגעהויבן צו געוועלטיקן אין די מוחות ביים אָנקום פון יענער „אומרואיקער צייט". די אידעע וועגן איבעררוקן דעם צענטער איז אין איר געקומען צום אויסדרוק אין דער פאָרם פון חיבת־ציון („השחר" און „המליץ"). די פריערדיקע דעמאַסקאַטאָרישע אַרטיקלען קעגן חסידישער און רבנישער אָרטאָדאָקסיע זענען פּלוצעם פאַרשוואונדן געוואָרן פון די שפּאַלטן פון יידישע זשורנאַלן. די אָפּקלאַנגען פון קאַמף צווישן „עלטערן און קינדער" זענען אַנטשוויגן געוואָרן. עס האָבן זיך דערהערט שטימען פון שלום צווישן די פאַרלאָזטע „עלטערן" און צוריקגעקומענע „קינדער". אַ סך רירנדיקס איז געווען אין אָט דעם שלום מאַכן פון צוויי דורות; אָבער אונטערן שלייער פון שליסן שלום האָבן זיך אָפּט באַהאַלטן פּשרות פון פאַרמאַטערטן גייסט, וואָס האָט זיך מיאש געווען אין טריומף פון פאָרשריט . . .

צום קעמפערישן חיבת־ציון איז פּלוצעם צוגעשטאַנען אויך דער „ראַזסוויעט", פריער אַ ראַדיקאַל־פּראָגרעסיווער אָרגאַן (סוף 1881). די פּלוצעמדיקייט פון דעם איבערגאַנג האָט עדות געזאָגט וועגן דעם כוח פון דרויסנדיקן שטוים, וואָס האָט דערצו דערפירט. דאָס איז געווען אַ פאַרסירטער אידעיִשער איבערגאַנג, אָבער ער האָט דעם זשורנאַל נישט געראַטעוועט. דער „ראַזסוויעט" איז אין גיכן אומגעקומען אויף די כוואַליעס פון צעשטורעמטן ים, טראָץ דעם אָנגענומענעם „נייעם קורס" (אָנהייב 1883 יאָר). ער וואָלט אַ סך געקאָנט אויפטאָן אויפצוהייבן אונדזער זעלבסטבאַוואוסטזיין, ווען די אידעע וועגן איבעררוקן דעם צענטער וואָלט אין אים נישט דערשטיקט די עיקר־אידעע וועגן קולטורעלער ווידעראויפלעבונג פון דער נאַציע. דערצו האָט אָבער דער „ראַזסוויעט" געדאַרפט לעבן לענגער, אַרויסגיין פון דעם כאַאָס פון דער „אומרואיקער צייט", — און ער איז פרי אַראָפּ פון דער סצענע.

נישט קיין סך לענגער האָט אויסגעהאַלטן זיין מיטצייטלער — „רוסקי יעוורעי" (ביז 1884), אויסגעהאַלטן אַדאַנק זיין ווינציקער האַסטיקער נאַטור, זיין „מעסיקייט" און היפּשן צומיש פון אָפּאָרטוניזם. נישט צושטייענדיק צו קיין איינער פון די קעמפנדיקע פּאַרטייען, פלעגט ער צו ביסלעך סימפּאַטיזירן מיט איטלעכער. ער האָט שטיל און באַשיידן געלעבט, און געשטאָרבן איז ער אויך שטיל, נישט איבערלאָזנדיק נאָך זיך קיין בולטן זכר אין אונדזער פּעריאָדישער ליטעראַטור.

די גאַנצע שווערע ירושה פון דער „אומרואיקער צייט" איז אָנגעקו־

מען דעם „וואָסכאָד״, (אויפגאנג), וואָס איז אויפגעקומען אין מאָמענט פון סאַמע קריזיס (1881—82) און איז אין משך פון אַ סך יאָרן געבליבן דער איינציקער אָרגאַן פון די יידן אויף רוסיש. אַרום אים האָט זיך קאָנצענטרירט די גייסטיקע ענערגיע פון יענעם טייל אינטעליגענץ אונדזערער, וואָס האָט נישט געוואָלט אָפּגעבן אָן שלאַכט די פּאָרנומענע פּאָזיציע. אין אָט דער לעצטער ציטאַדעל האָבן זיך פאַרפעסטיקט די קנאים פון אונדזער פּראָגרעס און גלייכבאַרעכטיקונג.

אין די ערשטע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ איז דער „וואָסכאָד״ געווען דער אָרגאַן פון אונדזער אינערלעכן פּראָטעסט. נאָך קיין מאָל האָבן די רוסישע יידן נישט געהאַט קיין ליטעראַרישע טריבונע, וואו עס זאָל קומען מיט אַזאַ קראַפט צום אויסדרוק דער צאָרן קעגן די בלעריי דערשיינונגען פון יודאָפאָביע, קעגן פּאָגראָמען פיזישע און מאָראַלישע, אויף דער גאַס און אין דער געזעצגעבונג, — ווי אין דער פּובליציסטיק פון „וואָסכאָד״ פון דער ערשטער העלפט 80־ער יאָרן.

— ווער מען זאָגן: „איז וואָס קומט אַרויס פון אָט דעם צאָרנען?״ — אוודאי, אויף דער קרעמערישער וואָג האָט עס נישט קיין באַדייטונג, אָבער אין טיפן לעבנס־פּראָצעס זענען אַזעלכע imponderabilia (זאַכן, וואָס לאָזן זיך נישט אָפּוועגן, נישט אָפּשאַצן קאָנקרעט. — איב.), גרויסע טרייב־כוחות. ס׳איז נישט איינס און דאָס זעלבע צו ענטפערן אויף אַ באַליידיקונג מיט אַ ווייטיקלעכן קרעכץ, מיט אַ חרפּהדיקן געבעט, — צי מיט אַ געשריי פון צאָרן. אונטערהאַלטן אין די גערודפטע דעם הייליקן צאָרן — הייסט אונטערהאַלטן די קראַפט פון מאָראַלישן ווידערשטאַנד, ווי אַ סוראָגאַט פון פּאָליטישן. דער צאָרן קעגן יודאָפאָביע, ווי אַן אוניווערסאַלע דערשיינונג, קאָן דינען פאַר אַ סך, ווי דער ערשטער עטאַפּ פון אַסימילאַציע צו נאַציאָנאַליזם. צו די פאַרדינסטן פון „וואָסכאָד״ ראַרף מען נאָך צורעכענען דאָס, וואָס ער האָט נישט מורא געהאַט צו אַנטפּלעקן אונדזערע אייגענע אינערלעכע מכות; ער האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנט די פאָן פון „דעמאַסקירן״ אפילו אין יענע שווידערלעכע יאָרן, ווען אויפדעקן די חסרונות פון אייגענע האָט באַטייט צושטעלן פרייד די פרעמדע, די שונאים. דער דאָזיקער שטריך — מוט — האָט געפעלט ביי דעם רוב פון די פריערדיקע אָרגאַנען פון דער רוסיש־יידישער פּרעסע.

שפּעטער אָבער, ווען די אידעען־יווירונג אין דער געזעלשאַפט האָט געבראַכט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן, און עס האָבן זיך אַלץ קלאָרער אָנגעמערקט די נייע ריכטונגען מיט זייערע פאַרשיידנאַרטיקע שאַטירונגען, — איז געוואָרן אַלץ באַשיימפּערלעכער, אַז ס׳איז נישט גענוג נאָר איין פּרעסע־אָרגאַן אויף רוסיש. אונטערן צודעק פון איין „אַלגעמיינער״ ריכטונג האָבן זיך אין „וואָסכאָד״ געקרייצט און באַקעמפט פאַרשיידענע אידעישע שטרעמונגען, אַרויסגערופענע דורכן אומפאַרמיידלעכן פּראָצעס פון „דיפערענ־

ציאַציע". די פּאַן פון מעסיקער אַסימילאַציע, וואָס האָט געפלאַטערט איבער די רעדאַקציאָנעלע אַרטיקלען, איז שוין געווען היפּש אָפּגעבליאַקעוועט, און מע וואָלט זי שוין פון לאַנג געמעגט אַראָפּנעמען מיט נוצן פאַר דער אויסגאַבע. די דאָזיקע פאַן האָט געפלאַטערט איבער אַ פּאָזיציע, אַ כמעט שוין פאַרלאָזטע דורך אירע שלאַכטלייט, און דערביי, נאָענט פון איר, האָט זיך אויפגעהויבן אַ נייער שטאַנדאַר, וואָס האָט באַטייט אַ קער אין דער זייט פון דער פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלער ריכטונג.

אָבער דער יידישער נאַציאָנאַלער געדאַנק איז פאַרשיידנאַרטיק אין זיינע אויסדרוקן. ער הייבט זיך אָן פון דעם עמפּירישן באַגריף פון פאָלקיש־קייט, דערהייבט זיך צו דער אידעע פון גייסטיקן נאַציאָנאַליזם, און פאַר־לירט זיך, לסוף, אין די עקסטרעמע ריכטונגען פון ציוניזם. כדי די יידישע זשורנאַליסטיק זאָל קאָנען אָפּשפּיגלען אָט די אַלע פאַרשידנמיניקע שטרע־מען, מוז זי זיך דיפערענצירן, אַז יעדער ריכטונג זאָל האָבן איר אייגענעם אָרגאַן*). וואָרעם דער אָרגאַניזירנדיקער כוח פון דער פּרעסע ווערט מעג־לעך נאָר ביי אַ פרייען אויסדרוק פון אַלע זייטן פון געזעלשאַפטלעכן געדאַנק.

* * *

על כן, נאָכפאָלגנדיק די באַוועגונג פון דער יידישער זשורנאַליסטיק אין רוסלאַנד במשך פון די לעצטע פיר צענדליק פון 19טן יאָרהונדערט, קאָנען מיר אָפּמערקן אין איר אַ פּראָגרעסיווע פאַרפולקומונג סיי פון די פירנדיקע אידעאַלן סיי פון די ליטעראַרישע מעטאָדן, פון דעם אינעווייניקסטן תוך און פון דער אויסנווייניקסטער פאָרם. צוויי גרונט־אידעאַלן, וואָס האָבן געוועלטיקט ביי אונדז פון אָנהייב 60־ער יאָרן — די אידעאַלן פון אויפ־קלערונג און פון גלייכבארעכטיקונג — זענען בהדרגהדיק קאָמפּליצירט און פאַרטיפט געוואָרן. זיי האָבן פאַרלוירן די צעשוואָומענע שטריכן פון דער קינדהייט און געקריגן די כאַראַקטעריסטישע און האַרטע שטריכן פון צייטיקייט.

*) אין דער העברעישער פּרעסע פון יענער צייט (1889) זיינען די אידעישע ריכטונגען געווען פאָרגעשטעלט היפּש איינזייטיק. די טעגלעכע צייטונג „המליץ" איז ווייטער געבליבן דער אָרגאַן פון חיבת־ציון און פון מעסיקן ציוניזם; די טעגלעכע „הצפירה" איז פון אומפּאַרטייאישקייט אַריבערגעגאַנגען צום אָפּיציעלן ציוניזם אין נוסח פון „באַזעלער פּראָגראַם". דער חודש־זשורנאַל „השלוח" — פון אַלע פּעריאָדישע העברעישע אויס־גאַבן די בעסטע — האָט זיך געהאַלט ביי דער ריכטונג פון „גייסטיקן ציו־ניזם", פון אחד־העמען.

דער אידעאַל פֿון אויפֿקלערונג איז אויף אונדזערע אויגן דורכגעגאַנ־
גען די פֿאַזעס פֿון קינדהייט און פֿריער יוגנט. אין די 60־ער יאָרן האָט
אונדזער זשורנאַליסטיק געמוזט דערווייזן די נויטווענדיקייט און נוצלעכ־
קייט פֿון אַלגעמיינער בילדונג, פֿאַרטיידיקן די פּשוטסטע פֿאָרמען פֿון איי־
ראָפּעישער קולטור און פֿייערלעך פֿאַרזיכערן, אַז די נייע קולטור וועט
ניט דערפֿירן צו דער קריטיק פֿון יהדות. אין 10—15 יאָר אַרום גייט די
זעלבע זשורנאַליסטיק אַריבער פֿון פֿאַרטיידיקונג צו אָנגריף; זי פֿירט אָן
מיטן יונגן דור אין זיין פֿאַרצווייפֿלטן קאַמף קעגן אַלטן; זי הייבט אָן —
פֿריער שעמעוודיק, און דערנאָך אַלץ דרייסטער — צו שמועסן וועגן אַ
רעפֿאָרם פֿון מיטלאַלטערלעכן יהדות; זי אַנטפּלעקט און קריטיקירט די
חסרונות פֿון ייִדישן שטייגער, זי קעמפֿט פֿאַר נייע יסודות פֿון קולטור.
בהדרגהדיק קומט אין איר אויף אַ נייע ריכטונג, וואָס פּרעדיקט אַן אַפּזאָג,
אין אַ קלענערער אָדער אין אַ גרעסערער מאָס, פֿון די ייִדישע נאַציאָנאַלע
אידעאַלן לטובת „אַלמענטשלעכע" אָדער רוסישע. אָט דער אַלץ־צעשטערנ־
דיקער אַנטיטעזיס פֿון יוגנט גייט אַריבער, אין די 80־ער יאָרן, אין אַ פֿיל־
זייטיקן סינטעז פֿון דערוואַקסנקייט. מיר שטרעבן איצט צו באַהעפֿטן די
בעסטע זייטן פֿון דער אַלגעמיינער און ייִדישער אויפֿקלערונג; מיר איי־
גענען זיך צו די אייראָפּעישע קולטור און צוזאַמען דערמיט ווילן מיר
אויפֿהיטן אַלדאָס בעסטע פֿון אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור; מיר קריטי־
קירן דרייסט דאָס יהדות, אָן מורא עס צו צעשטערן, וואָרעם מיר גלייבן
אין דער אומצעשטערלעכער קראַפֿט פֿון זיינע רעליגיעזע און עטישע אי־
דעאַלן. אויף אָט דעם נייעם דרך גייט אַרויף אויך אונדזער זשורנאַליס־
טיק. אַמאָל פֿלעגט זי שעמעוודיק זיך איינשטעלן פֿאַר דער דערנענטע־
רונג מיט דער אַלגעמיינער קולטור, דערנאָך האָט זי דרייסט פֿאַרלייקנט די
עקזיסטענץ פֿון אַ ייִדישער קולטור, איצט זעט זי אין אידעאַל פֿון אויפֿקלע־
רונג די באַהעפֿטונג פֿון די העכסטע יסודות פֿון אַלגעמיינער און ייִדישער
קולטור.

מיטן זעלבן וועג איז געגאַנגען די אַנטוויקלונג פֿון גלייכבאַרעכטיקונג־
אידעאַל. צום אָנהייב האָט זיך אונדזער זשורנאַליסטיק באַגרענעצט מיטן
פּאַסיוון וואַרטן אויף דער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, אָדער — וואו
ס'איז מעגלעך געווען — פֿלעגט זי ווערן דער שתדלן פֿאַר אונדזערע רעכט
ביי דער רעגירונג. עס האָט דאַן אין דער פּרעסע געוועלטיקט דער גייסט
פֿון אַפּאָלאָגיע, מע פֿלעגט אויפֿווייזן, אַז די ייִדן זענען נישט אַזוי שלעכט,
ווי מען קלערט וועגן זיי, און אַז זיי זענען ווערט די בירגערלעכע רעכט.
שפּעטער, אַז דאָס רעכט־באַוואוסטזיין ביי דער ייִדישער אינטעליגענץ האָט
זיך פֿאַרשטאַרקט, איז אויף דער סצענע אַרויסגעטראָטן אַ מער צייטיקער
פּרינציפּ פֿון „קאַמף פֿאַר רעכט" דורך דער פּרעסע. אונדזער פּובליציסטיק
האָט געשטרעבט אַריינצונעמען די ייִדן־פֿראַגע אין דעם כּלל פֿון אַלגעמיינ־

רוסישע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, און זיך אַליין האָט זי באַ־טראַכט פאַר אַ טייל פון דער רוסישער פּרעסע. אָבער אינגערלעך איז זי געווען שוואַך און נישט־שטאַנדהאַפטיק, מחמת איר אָנשפּאַרפּונקט האָט זיך געפונען מחוץ פון יידנטום; עס איז אין איר געווען רעכט־באַוואוסטזיין, אָבער ס'איז נישט געווען קיין זעלבסטבאַוואוסטזיין. זי האָט נישט פאַרטיידיקט די נאַציאָנאַליטעט, ווי אַ באַזונדערן קולטור־איינס, נאָר בלויז דעם יידישן טייל פון רוסישן פאָלק.

אין דער היינטיקער צייט ווערט אונדזער קאַמף פאַר רעכט קאָמפּלי־צירטער און פאַרטיפטער; ער איז געווענדט גיכער אויף אינעווייניק איידער אויף דרויסן. דער הויפּטציל פון אָט דעם קאַמף איז — אַנטוויקלען אין דער יידישער געזעלשאַפט דאָס רעכטבאַוואוסטזיין, געשטיצט אויף זעלבסט־באַוואוסטזיין. אונדזער נייע פּובליציסטיק גייט ארויף אויפן דרך פון פאַר־טיידיקן נישט בלויז די בירגערלעכע, נאָר אויך די נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעכט פון די יידן. וואָס העפטיקער די יודאָפאָבישע אַרמיי גרייפט אָן דאָס יידנטום, אַלץ קרעפטיקער ווערט זיין ווידערשטאַנד לשם זיין אייגענער אינערלעכער פרייהייט. די יידישע פּובליציסטיק — מיט זעלטענע אויס־נאַמען — אָנערקענט היינט נישט קיין אַפּאָלאָגיע; זי פּוצט זיך נישט צו, כדי צו געפעלן די שונאים, און זי פאַרענטפערט זיך נישט, כדי זיי ווייכער צו מאַכן; זי ווענדט זיך אפילו נישט צו זיי. אויב זי פאַרצייכנט אָפט די אויפרעגנדיקע שפּיצלעך פון די יודאָפאָבן, טוט זי עס דער עיקר צוליב דעם, דאָס יידישע פּובליקום זאָל וויסן דערפון, געבנדיק בלויז אַן אויס־גאַנג פאַר דעם אָנוואַקסנדיקן געפיל פון צאָרן.

בכלל הייבן מיר אָן צו באַטראַכטן די יידישע פּובליציסטיק נישט בלויז ווי אַ קאַמפס־אינסטרומענט, נאָר אויך ווי אַן אינסטרומענט צו אָרגאַניזירן אונדזערע כוחות. אָן פאַרשטעלעניש און אָן דעם חשק צו געפעלן וועמען־עס־איז, דריקן מיר אויס דורך איר אונדזערע פאַרלאַנגען און שטרעבונגען, אונדזער טרויער און האָפענונג; מיר רופן דורך איר דאָס פאָלק צו אַליינהילף, צו אַליינטעטיקייט און זעלבסטבאַוואוסטזיין.

אָט די איבערקערעניש אין די געדאַנקען און שטימונגען, וואָס האָט בלי ספק אַ פּראָגרעסיוון כאַראַקטער, איז מעגלעך געוואָרן דווקא דערפאַר, ווייל מיר גייען אַריבער פון גייסטיקער אונטערגעוואָרפנקייט צו אומאָפּהענ־קייט, פון דער שטרעבונג ענלעך צו ווערן אויף אַנדערע — צו דער שטרעבונג זיך צו אַנטוויקלען און צו שלימות, צו בלייבן דאָס, וואָס מען איז. די שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער ווידעראויפלעבונג איז דאָמינירנדיק אין אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור. זי איז דאָ ביי אַלע פּאַרטייען, וואָס האָבן פאַרענדיקט די חשבונות מיט דער אַסימילאַציע. אין איר ריינסטער פאָרם דריקט זיך אויס אָט די שטרעבונג אין דער סיסטעם פון גייסטיקן אָדער קולטור־נאַציאָנאַליזם, וואָס באַגרענעצט נישט דעם פּראָצעס פון

אונדזער אינערלעכער ווידעראויפלעבונג מיט די ראַמען פון עפּעס אַ באַ־
זונדערער טעריטאָריע. צו דער אידעע פון נאַציאָנאַלער ווידעראויפלע־
בונג קומט איצט אונדזער זשורנאַליסטיק, נאָך פערציק יאָר בלאָנדזשעניש.
סיי אין לעבן, סיי אין דער ליטעראַטור געהערט די צוקונפט דער דאָזיקער
אידעע, אין וועלכער עס וועלן זיך, ווי אין אַ ים, צונויפגיסן אַלע פאַרטיי־
שטראָמען פון דער היינטיקער צייט, מיטן אויסנאַם פון יענע, וואָס האָבן
זיך געלאָזט פליסן ווייט פון יידישן ברעג...

נאָוועמבער, 1899.

## ניינטער בריוו

# אַ צעשפּליטערטע און אַ פאַראייניקטע נאַציאָנאַלע פּאַרטיי

פּאַרטיי־גרופּירונג. — היסטאָרישע פּאַראַלעלן: דער שטרייט צווישן חסידים און העלעניסטן, און פון די קנאים מיט די רודף־שלומניקעס, דער שטרייט וועגן דעם עצם קיום פון יידנטום און וועגן די אופנים עס צו אָרגאַניזירן. — דער פאַרשיידנאַרטיקער באַשטאַנד פון דער גרופּע „ציוניסטן". — די וואַקלענישן פון געדאַנק (נאָרדוי) און די פאַרוואַנדלונג פון אַ אַ ציוניסט אין אַן אַסימילאַטאָר. — תנאי־נאַציאָנאַליסטן. — קולטור־ציוניזם. — דער בונטער באַשטאַנד פון דער גרופּע „ניט־ציוניסטן". — דער אידעאַל פון אַ גייסטיקער (קולטור־אויטאָנאָמער) נאַציע איז דער מאָדערניזירטער אַלפּאָלקישער אידעאַל. — פאַרשיידענע מינים אַסימילאַטאָרן: קאָסמאָפּאָליטן, פּאָלקיסטן, פאַרבאַהאַלטענע, וואָס האָבן זיך מורא פאַר נאַציאָנאַליזם; אָפּאָרטוניסטן, וואַקלדיקע. — די פאַראייניקונג פון די נאַציאָנאַלע עלעמענטן און די עלימינאַציע פון די אַסימילאַטאָרישע, פון די ציוניסטישע און ניט־ציוניסטישע גרופּן. — דאָס שאַפן אַ פאַראייניקטע נאַציאָנאַלע פּאַרטיי.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך איינגעשטעלט אין יידישן לעבן אַ ספּע־ציעלע גרופּירונג פון פּאַרטייען און ריכטונגען, אָפּהענגיק פון דער באַציונג צו דער אידעע פון ציוניזם. דאָס איינטיילן אויף „ציוניסטן" און „ניט־ציוניסטן" האָט, זעט אויס, די כוונה אַרויסצושטויסן אָדער, לכל הפּחות, צו פאַרשטעלן אַלע אַנדערע פּאַרטיילונגען פון די געזעלשאַפטלעכע כוחות.

איז אָט די גרופּירונג אין הסכם מיט דער פּאַקטישער זאַכלאַגע? שעפּט זי אויס די גאַנצע סומע פון די גרונטיקע אידעישע ריכטונגען, וואָס קעמפן פאַר העגעמאָניע אין אונדזער געזעלשאַפט, אָדער איז זי אַ צייטווייליקע דערשיינונג, וואָס שפּיגלט אָפּ נישט די טיפע און יסודותדיקע שטרעמונגען אין אונדזער סאָציאַלן און גייסטיקן לעבן, נאָר בלויז די געזעענע כוואַליענדיקע איבערפלאַך?

אין אַלע קריטישע מאָמענטן פון דער יידישער געשיכטע (און צו זיי געהערט בלי ספק די שווערע צייט, וואָס מיר לעבן איצט איבער) האָט געפלאַקערט אַ קאַמף פון פּאַרטייען און ריכטונגען, וועלכע האָבן אויף אַ פאַרשיידענעם אופן באַשטימט די צילן און די וועגן פון אונדזער נאַציאָנאַלן קיום. די חסידים און העלעניסטן, דערנאָך די פּרושים און צדוקים בימי גריכיש־רוימישער הערשאַפט; די קנאים און די רודף־שלומניקעס אין דער צייט פון דעם חורבן בית שני; די אָרטאָדאָקסן, ראַציאָנאַליסטן און משיחיסטן־מיסטיקער פון מיטלאַלטער און פון דער נייערער צייט; חסידים און מתנגדים אין 18טן יאָרהונדערט; אַלטפרענקישע יידן און משכילים, אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמערס פון 19טן יאָרהונדערט, — אָט די אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען האָבן געשטרייט צווישן זיך פאַר דער העגעמאָניע אין יידישן לעבן. אָבער אייניקע פון אָט די וויכוחים האָבן אָנגערירט דעם סאַמע תמצית פון פאָלקסלעבן, דעם אינעווייניקסטן זינען זיינעם און זיין באַשטענדיקע ריכטונג, אַנדערע ווידער זיינען אַרויסגערופן געוואָרן צוליב אויסערגעוויינלעכע קריזיסן און זיי האָבן דעריבער געהאַט בלויז אַ צייטווייליקע באַדייטונג.

לדוגמא צום ערשטן מין שטרייט קאָן דינען דער קאַמף פון די חסידים מיט די העלעניסטן; צום צווייטן מין — דער קאַמף פון די קנאים מיט די רודפי־שלום.

די חסידים און העלעניסטן — אַנדערש גערעדט, די נאַציאָנאַליסטן און אַסימילאַטאָרן — אין דער תקופה פון די חשמונאים־מלחמות זיינען געווען מחולק וואָס שייך דער באַציונג צו דער גרונטפראַגע וועגן דעם פאַרזיכערן קיום פון יידנטום. די חסידים האָבן געהאַלטן, אַז כדי דאָס יידנטום זאָל זיך נישט אויפלייזן אין דער געצנדינערישער וועלט, דאַרף עס לעבן, ווי אַ שאַרף אָפּגעזונדערטער קולטורעלער און נאַציאָנאַלער איינס; די העלעניסטן ווידער האָבן געטראַכט, אַז דאָס יהודה־פאָלק דאַרף זיך צופּאַסן צו דער גריכישער קולטור — דעם אידעאַל פון דער דעמאָלטיקער

געבילדעטער וועלט — אפילו אויפן חשבון פון זיין גייסטיקער פאַרזיכיקייט.
די פראַגע וועגן דער פּאָליטישער אונטערגעוואָרפנקייט צו דער גריכיש־סירישער מאַכט האָט יעדע פּאַרטיי געלייזט אין איר אייגענעם גייסט, אָבער אַזאַ צי אַן אַנדערער אויסגאַנג פון פּאָליטישן קאַמף האָט נישט געקאָנט ענדערן די גרונטיקע אידעישע חילוקי־דעות. די חסידים וואָלטן געבליבן פאַרברענטע אָנהענגער פון פאַרזיכיקייט אפילו אין דעם פאַל, ווען דער קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט וואָלט נישט געקרוינט געוואָרן מיט א נצחון (מיר קאָנען דאָס זען אויפן ביישפּיל פון זייערע יורשים — די פּרושים); און קיין העלעניסטן האָט, כידוע, נישט געפעלט אין יהודה אויך נאָכן צוריקבאַקומען די זעלבשטענדיקייט (די פאַרערער פון דער גריכישער און שפּעטער פון דער גריכיש־רוימישער קולטור ביי די חשמונאים און הור־דוסיאַנער). דער פּרינציפּיעלער שטרייט צווישן די חסידים און העלעניסטן איז ווייטער אָנגעגאַנגען במשך א סך יאָרהונדערטער נאָך דעם, ווי עס זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן אפילו די נעמען פון אָט די פּאַרטייען, מחמת דאָס איז געווען א וויכוח וועגן דעם עצם זיין אָדער ניט־זיין פון יידנטום, ווי א באַזונדערע נאַציע — דער דורותדיקער וויכוח פון נאַציאָנאַליזם מיט אַסימילאַציע.

אַן אַנדער כאַראַקטער האָט געהאַט דער קאַמף צווישן די קנאים און פּרושים־רודפי־שלום אין דער תקופה פון יהודהס אונטערגאַנג. דאָ זיינען ביידע פּאַרטייען געווען נאַציאָנאַל געשטימט, און דער וויכוח צווישן זיי איז באַשטאַנען נישט אַזוי וועגן דעם ציל, ווי וועגן די מיטלען אויפצוהאַלטן דאָס יידישע פאָלק. די קנאים האָבן געהאַלטן, אַז מיטן פאַרלירן די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט פון יהודה וועט דאָס יידישע פאָלק אומבאַדינגט אומטערגיין און זיך אויסמישן מיט די אַרומיקע פעלקער; די רודפי־שלום ווידער פון דער פּרושים־פּאַרטיי האָבן געגלייבט באמונה שלימה, אַז די יידן קאָנען אויפהיטן זייער נאַציאָנאַליטעט אויך אונטער דער רוימישער הערשאַפט, בתנאי מע זאָל זיך אַנטקעגנשטעלן דער קולטור־באַווירקונג פון דרויסן. די ערשטע האָבן דעריבער געשטרעבט צו ראַטעווען די נאַציע דורך דער מלוכה און האָבן געקעמפט מיט פּאָליטישע כלי־זין; די אַנדערע, וואָס האָבן פאַרלוירן אָט די האָפענונג, האָבן געשטרעבט צו ראַטעווען די נאַציע דורך דער קולטור און זיי האָבן געקעמפט מיט גייסטיקע כלי־זין. דער אונטערשייד צווישן די העלדישע מעשים פון יוחנן פון גוש חלב און דער אומדערמידלעכער טעטיקייט פון דעם רודף־שלומניק און באַנייער יוחנן בן־זכאי איז באַשטאַנען נאָר אין די אופנים פון נאַציאָנאַלן קאַמף, אין די מעטאָדן פון אַקטיוון און פּאַסיוון ווידערשטאַנד לגבי דעם דרוק פון רוים. יוחנן פון גוש חלב האָט געקאָנט העלדיש שטאַרבן פאַר זיין מלוכה, וועלכע ער האָט אידענטיפיצירט מיט דער נאַציע, און יוחנן בן־זכאי האָט געהאַט דעם מוט צו בלייבן לעבן פאַר דער פאַראייניקונג און

פאַרפעסטיקונג פון זיין נאַציע אויף די חורבות פון דער מלוכה*). הייסט עס, אַז דער שטרייט צווישן די קנאים און רודפי שלום איז געגאַנגען בלויז וועגן דעם מעגלעכן, אָבער נישט וועגן דעם געווינטשטן אָדער מחייבדיקן: ער האָט נישט אָנגערירט די פּראָבלעם — צי דאַרף אָדער דאַרף נישט עקזיסטירן אַ יידישע נאַציע, נאָר וועגן דעם, צי קאָן זי יאָ אָדער נישט עקזיסטירן אין די אָדער אַנדערע דרויסנדיקע באַדינגונגען.

דער שטרייט פון די חסידים און העלעניסטן איז אַ פּראָטאָטיפּ פון היינטצייטיקן שטרייט צווישן די נאַציאָנאַליסטן און אַסימילאַטאָרן; דער שטרייט צווישן די קנאים און רודפי שלום האָט זיך, mutatis mutandis אָפּגעשפּיגלט אין די חילוקי דעות צווישן די היינטיקע נאַציאָנאַל דענקענדיקע יידן.

צונויפגייענדיק זיך אין דער גרונט־אידעע — אַז ס'איז געוואונטשן די פאַרזיכיקע אַנטוויקלונג פון דער יידישער נאַציע — גייט דער וויכוח צווישן די ציוניסטן און די נאַציאָנאַליסטן־אויטאָנאָמיסטן בלויז וועגן דעם, צי איז מעגלעך אָט די פאַרזיכיקייט אויפצוהיטן נאָר אין ציון (אָדער דורך ציון), צי אויך אין די תפוצות. דאָס ווידער איז פאַרבונדן מיט דער פראַגע: צי איז דער ציוניזם דערגרייכלעך און צי איז נישט געפערלעך צו פאַרבינדן דעם גאַנצן גורל פון דער נאַציע מיט אַ מוטל־בספּקדיקן אידעאַל...

אָט אַזוי שטעלט זיך פאָר אונדזער היינצייטיקער שטרייט, דערפירט צו זיינע רייִנע אידעישע מקורים. פון דעסטוועגן, אויב מיר וועלן זיך האַלטן ביי דער אַלגעמיין אָנגענומענער סתם־איינטיילונג אויף „ציוניסטן" און „ניט־ציוניסטן", וועלן מיר, ביים פּאַקטישן באַטראַכטן דעם בונטן צוזאַמענשטעל פון אָט די צוויי גרויסע גרופּעס, דערזען אין יעדערער פון זיי אַן אידעישן געמיש. מיר וועלן באַמערקן, אַז אין דער באַציונג צו דער עצם אידעע פון נאַציאָנאַלער פאַרזיכיקייט איז אָפּטמאָל פאַראַן מער שותפותדיקס צווישן די אָנהענגער פון די פאַרשיידענע גרופּעס, ווי צווישן די אָנהענגער פון דער זעלבער גרופּע. גענויער גערעדט, די עלעמענטן פון

*) די פאָרשטייער פון דער אַנטינאַציאָנאַלער „רוימישער" פּאַרטיי, כמו אַגריפּאַ דער צווייטער און בערעניקאַ, קאָנען פאַררעכנט ווערן צו די „רודפי־שלום" נאָר אין דעם זינען, וואָס זיי זיינען אויך געווען קעגן אַ מלחמה מיט רוים. אָבער די מאָטיוון פון די „רודפי־שלום" זענען ביי אַגריפּאַ און ביי ר' יוחנן בן־זכאי געווען לחלוטין קעגנגעזעצטע: דער ערשטער האָט געוואָלט שלום כדי צו דערנענטערן און צונויפגיסן די יידן מיט די רוימער; דער צווייטער, זעענדיק, אַז פאַרן ראַטעווען די אומאָפּהענגיקייט פון דער מלוכה איז די מלחמה צוועקלאָז, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון איר, בלויז כדי אָפּצוגעבן אַלע זיינע כוחות דער גייסטיקער פאַרפעסטיקונג פון יידישן פאָלק, ווי דעם הויפּטמיטל קעגן דער דראָענדיקער אַסימילאַציע (וועגן דער קאָמפּליצירטער, טראַגישער ראָל פון יוסף פלאַוויוס איז דאָ נישט דאָס אָרט צו רעדן).

נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע זענען צונויפגעמישט נישט בלויז ביי די „ניט־ציוניסטן", נאָר אויך, רחמנא לצלן, ביי די ציוניסטן. דאָס דערקלערט זיך מיטן גרונט־טעות אין דער קלאַסיפיקאַציע פון אונדזערע אידעיִשע ריכטונגען.

די ציוניסטישע פּאַרטיי איז, כידוע, צעשפּליטערט אין עטלעכע פראַק־ציעס. עס זיינען דאָ פּאָליטישע, גייסטיקע און קולטור־ציוניסטן. צווישן די פּאָליטישע ציוניסטן גופא, יענע „כשרע" ציוניסטן, וואָס אָנערקענען די „באַזעלער פּראָגראַם", איז אויך נישטאָ קיין פעסטע אחדות פון איבער־צייגונגען און מעשים. אין איינעם פון די פריערדיקע בריוו (זיבן) האָב איך שוין אָנגעוויזן אויף די שאַרפע סתירות אין די שריפטן און רעדעס ביי איינעם פון די הויפּט־מנהיגים פון דער פּאַרטיי — מאַקס נאָרדוי. אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אָט די וואַקלונגען נאָך פאַרשאַרפט.

דער אייגענער נאָרדוי, וואָס האָט אין זיין בערלינער רעדע פון יאָר 1898 אויסגערופן: „אָדער די יידן וועלן שטרעבן קיין ציון, אָדער זיי וועלן נישט זיין אין גאַנצן!" — האָט סוף 1900 יאָר פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ רעש („די פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן"*), — און אין דעם דאָזיקן אַרטיקל איז אפילו קיין וואָרט נישטאָ מכוח דעם איבעררוקן דעם צענטער פון יידנטום קיין ציון. אין דעם אַר־טיקל באַטראַכט נאָרדוי די מיטלען צו פאַרהיטן און פאַרפעסטיקן דאָס צעזייטע יידנטום אין די לענדער פון זיין איצטיקער באַזעסנקייט און ער דערווייזט, אַז די יידן דאַרפן נישט קיין „פּאָליטישע" רעכט, נאָר בלויז „בירגערלעכע", מחמת די פּאָליטישע עמאַנציפּאַציע אין מערב־איי־ראָפּע, וואָס די יידן האָבן באַקומען פאַרן פּרייז פון דערנידערנדיקע פּשרות, האָט זיי אָפּגעריסן פון זייער אייגענער נאַציאָנאַלער זאַך, געבראַכט צו אַסימילאַציע און פאַרשטאַרקט דעם אַנטיסעמיטיזם**).

*) איבערגעזעצט אין דעם יאַנואַר־ביכל פון „וואָסכאָד", 1901.

**) די קריטיק האָט שוין — ריכטיק — אָנגעוויזן נאָרדויען אויף דעם, אַז ס'איז אוממעגלעך אָפּצוטיילן די בירגערלעכע רעכט פון די פּאָ־ליטישע, און אויך אויף דעם, אַז פּאָליטישע רעכט (פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרשטייערשאַפט, מלוכה־דינסט) זענען נייטיק טאַקע פאַר דעם באַשיצן די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג. איך האַלט פאַר נייטיק אָנצוּווייזן נאָך אויף אַ גרונטיקן טעות אין נאָרדויס פאַראַלגעמיינערונג. די אַסימילאַציע האָט זיך פאַרפעסטיקט צווישן די יידן, נאָך איידער זיי האָבן געקריגן פּאָ־ליטישע רעכט (דייטשלאַנד, עסטרייך), און ערטערווייז האָט זי באַהערשט אַ טייל פון דער געזעלשאַפט אפילו פאַרן באַקומען עלעמענטאַרע בירגער־רעכט (רוסלאַנד). די אַסימילאַטאָרן האָבן אויסגענוצט די פּאָליטישע עמאַנ־ציפּאַציע; אָבער עס וואָלטן זי געקאָנט אויסנוצן אויך די יידן־נאַציאָנאַליס־טן אין דער ריכטונג פון באַשיצן זייער נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע (זע אויבן, „בריוו" 4). איבעריקנס, אין טעקסט באַהאַנדל איך נישט די

נאָרדויס אידעאַל איז — אַ בירגערלעך־פרייע, אינערלעך־אויטאָנאָמע יידישע געמיינשאַפט, וואָס היט אויף צווישן פרעמדע פעלקער איר אייגנאַרטיקייט, איר קולטור און אירע אינסטיטוציעס. מיט דער פאַר אים ספּעציפישער פאַרכליניעטקייט רופט אפילו דער מחבר אומצוקערן זיך אין „געטאָ", נישט אין מיטלאַלטערלעכן זינען, נאָר אין דעם זינען פון פרייען באַהעפטן די גלידער פון דער יידישער געמיינשאַפט אויפן באָדן פון אירע פּאַרטיקולאַרע אינטערעסן.

„אויב געטאָ, — זאָגט נאָרדוי, — מיינט בלויז דאָס אָרט, וואו יידן לעבן זיך ברידערלעך איינער לעבן אַנדערן, דערפאַר ווייל זיי געפעלן זיך איינער דעם אַנדערן און זיי ווילן ליבערשט האָבן פאַר אַ שכן דאָס ליבנדיקע האַרץ פון אַ לייבלעכן קרוב, איידער אַ שונא; אויב געטאָ באַטייט אַן ענגן פאַרבאַנד, אין וועלכן יידן אַרבעטן איינער מיטן אַנדערן און איינער פאַרן אַנדערן, כדי צו ווערן שלימותדיקע מענטשן און בידערע, גוטע, שטאַרקע, שיינע, פרייע, האַרמאָנישע נאַטורן, — וועל איך זאָגן: אדרבא, לאָמיר זיך אומקערן אין געטאָ, און וואָס פריער, און וואָס אין אַ גרעסערער צאָל, — איז אַלץ בעסער!"

דאָ טרעט פאַר אייך אַרויס, הגם אין זיין געוויינטלעכער פּאַראַדאָקסאַלער טראַכט, נאָרדוי דער נאַציאָנאַליסט, אַ טיף איבערצייגטער, אַז נאַציאָנאַלע פאַראייניקונג און אינעווייניקסטע געזעלשאַפטלעכע אויטאָנאָמיע זיינען מעגלעך אויך מחוץ ציון; אַז צו אָט דעם ציל פון קולטורווידעראויפלעבונג אין גלות דאַרפן זיין געווענדט אַלע אונדזערע אָנשטרענגונגען. הייסט עס, אַז עס איז צו דענקען אַן אַקטיווער יידישער נאַציאָנאַליזם אויך אָן דעם פּאָליטישן אידעאַל פון די ציוניסטן.

אָבער הערט זיך איין, וואָס דער אייגענער נאָרדוי זאָגט אין אַ האַלב יאָר נאָכן פאַרעפנטלעכן דעם פריער ציטירטן אַרטיקל:

„בלויז די איינע פּראָבלעם וועגן דער יידישער נאַציאָנאַליטעט איז עס יענער פונקט, בנוגע וועלכן עס וועט קיין מאָל נישט קאָנען קומען צו אַ הסכם צווישן יידן־ציוניסטן און ניט־ציוניסטן. ווער עס טראַכט און זאָגט, אַז יידן זיינען נישט קיין פאָלק, דער קאָן באמת נישט זיין קיין ציוניסט . . . פאַרקערט,

---

פּאַראַדאָקסאַלע גרונט־טעמע פון נאָרדויס אַרטיקל, איך נעם בלויז יענעם אויספיר זיינעם, וואָס האָט אַ דירעקטע שייכות צום ענין פון איצטיק׳ן בריוו.

ווער ס׳איז איבערצייגט, אַז יידן זיינען אַ פֿאָלק, דער מוז על־פּי נויטווענדיקייט (?) ווערן אַ ציוניסט, וואָרעם בלויז דאָ אומקערן זיך אין אייגענעם לאַנד קאָן ראַטעווען פֿון פֿיזישן און גייסטיקן אונטערגאַנג דאָס יידישע פֿאָלק, וואָס ווערט אומעטום פֿאַראַכט, געטרודפּט און באַוועלטיקט*).

נו, און וואוהין זיינען אהינגעקומען די נאָר־וואָס געחלומטע טרוימען מכּוח דעם סימבאָלישן „געטאָ", ווי אַן „ענגער בונד" פֿון יידן, וואָס שטרעבן צו זיין „שלימותדיקע, שטאַרקע, פֿרייע, האַרמאָנישע נאַטורן"? וואָס זשע הייסט עס? פֿון איין זייט — „בלויז דאָס אומקערן זיך קיין פּאַלעסטינע וועט ראַטעווען די יידן פֿון פֿיזישן און גייסטיקן אומקום", און פֿון דער צווייטער — יידן קאָנען זיך ראַטעווען אומעטום דורך באַהעפֿטן זייערע כּוחות, דורך אַ פֿעסטער אָרגאַניזאַציע פֿון זייערע געמיינשאַפֿטן אין די תּפֿוצות אויף אויטאָנאָמע יסודות!

די וואַקלעניש ביי איינעם פֿון די ציוניסטישע לידערס נעמען זיך — חוץ פֿון סוביעקטיווע סיבות — אויך פֿון אַן אָביעקטיוון מקור. דאָס איז די נישט־שטאַנדהאַפֿטיקייט פֿון דער דאָקטרינע, וואָס סטאַרעט זיך מיט אַלע כּוחות צו אידענטיפֿיצירן זיך מיטן יידישן נאַציאָנאַליזם אין זיין גאַנצן פֿאַרנעם, בעת אין דער אמתן איז זי בלויז איין פּרט זיינער, איינע פֿון זיינע פֿאָרמען. אין די מוחות ביי געוויסע אָנהענגער פֿון דער דאָזיקער דאָקטרינע קומט פֿון דעסטוועגן פֿאָר אַ לאָגישער פּראָצעס פֿון איבערגאַנג פֿון פּרט צום כּלל, אַ פּראָצעס פֿון אויסברייטערן און פֿאַרטיפֿן די ערשטיקע אידעע, — און בלויז די פּאַרטייאישע פּאַן לאָזט זיי נישט מודה זיין, אַז זיי זענען שוין לאַנג אַרויסגעגאַנגען מחוץ די ענגע ראַמען פֿון דער פּאַרטיי־פּראָגראַם.

חוץ דער געדאַנקען־וואַקלעניש, קאָן מען אויך באַמערקן אַזעלכע פֿאַלן פֿון אָוועקגיין, אין וועלכער דער שפּרונג ווערט געמאַכט גלייך אויפֿן שטח פֿון אַסימילאַציע. אין די פֿריערדיקע בריוו האָב איך פֿאָרויסגעזאָגט אַזאַ טרויעריקן סוף פֿאַר יענע נעאָפֿיטן פֿון ציוניזם, וואָס זענען פֿאַרמעל צוגעשטאַנען צו דער אידעע פֿון פּאָליטישן ציוניזם, נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן זיך דורכצודרינגען מיטן נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין. אַזוינע „תּנאַי־נאַציאָנאַליסטן", בעיקר פֿון צווישן די געוועזענע אַסימילאַטאָרן, וועלכע האָבן גרויסמוטיק אַרויסגעוויזן אַ גרייטקייט צו „אָנערקענען" די יידישע נאַציע, בתּנאַי אַז זי וועט קריגן אַן אייגענע מלוכה אין פּאַלעסטינע, — זיי האָבן נאַטירלעך געמוזט אָפּפֿאַלן פֿון פּאָליטישן ציוניזם, ווי נאָר

---

*) אַרטיקל פֿון נאָרדוי „ציוניזם", אין זאַמלבוך „צו הילף די יידן, געליטענע פֿון אומגערעטעניש" (רוסיש), פּעטערבורג, 1901, ז׳ 440.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָט דער תנאי קאָן נישט מקוים ווערן אָדער אַז ער איז זייער ווייט פון פאַרווירקלעכונג. אַ סך אַזעלכע אַפּטרייניקעס, ווידער אַריינגעפּאַלענע אין „פּרימיטיוון צושטאַנד" פון אַסימילירטע, דרייען זיך איצט אַרום צווישן דער יידישער אינטעליגענץ, סיי אין רוסלאַנד, סיי — נאָך אָפטער — אין מערב־איירָאָפּע, וואו דער קולטור־פונדאַמענט פון ציוניזם איז פון לכתחילה געווען אַ שוואַכער.

איין פאַל פון אַזאַ אַפּטרייניקייט האָט ערשט נישט לאַנג געקריגן אַ פּירסום. אַ מיטאַרבעטער אין אָפיציעלן אָרגאַן פון די ציוניסטן, "Die Welt" ס. לובלינסקי, וואָס האָט דאָרט אַ לאַנגע צייט געדרוקט קעמפערישע אַרטיקלען אין פּאַרטייאישן גייסט, האָט פּלוצעם כופר געווען סיי אין באַזעלער אני־מאמין סיי — פאַר איין וועגס — אין דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע. זיין כפירה מאָטיווירט דער דאָזיקער שרייבער אַזוי: דער ציוניזם שטרעבט — לויט דעם ווי עס האָבן עס לכתחילה פאָרמולירט די פּאַרטייליידערס —„צו שאַפן אין פּאַלעסטינע אַן עפנטלעך־רעכטלעך געזיכערטן מקום־מקלט פאַר יענע יידן, וואָס קאָנען נישט אָדער ווילן נישט אַסימילירן זיך מיט די אַרומיקע נאַציעס"; — און ער, לובלינסקי, האָט זיך איבערצייגט, אַז ער איז שוין פון לאַנג אַסימילירט מיט די דייטשן, מחמת פון קינדוווייז אויף האָט ער זיך דערצויגן אין דייטשן גייסט און ער האָט מער תשוקה צו דער דייטשישער קולטור און צו די דייטשישע אינטערעסן, איידער צו די יידישע.

אָט די אָפנהאַרציקע דערקלערונג, וואָס וואָלט געווען אויפרעגנדיק, ווען זי וואָלט נישט געווען אַזוי לעבנס־טראַגיש, האָט זיך באַוויזן בערך מיט אַ יאָר צוריק אין "Die Welt" , און אין איינעם פון די לעצטע ביכלעך פון זשורנאַל "Ost und West" האָט דער ה' לובלינסקי — אָט דער פּאַלנדיקער ציוניסטישער שטערן, וואָס אַנדערע האַלטן אים גאָר, מי יודע פאַרוואָס, פאַר „אַן אויפגייענדיקן שטערן" אין דער דייטשישער ליטעראַטור — פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל, וואָס זאָגט עדות וועגן דעם, ווי שרעקלעך עס זענען געפאַלן מאָראַליש געוויסע טוער, וואָס האָבן זיך אויף אַ ווײַלע צוגעשריבן צום יידנטום*).

אין אָט דעם אַרטיקל, אונטערן נאָמען „דאָס לעצטע וואָרט וועגן דער יידן־פראַגע", לייגט אַרויס ה' לובלינסקי זיין נייעם — אָדער, ריכטיקער געזאָגט, אַלטן — אַסימילאַטאָרישן אני מאמין, צו וועלכן ער האָט זיך אומגעקערט נאָך דעם צייטווייליקן פאַרברענגען אין די ציוניסטישע רייען. די טעאָריע זיינע צייכנט זיך אויס מער מיט אַנטשלאָסנקייט, איידער מיט מיפזיניקייט. די קולטור פון דער אַרומיקער סביבה איז פאַרן מענטשן —

*) "Ein letztes Wort zur Judenfrage"— Ost und West, 1901-9.

אַליץ, און בלוט, ראַסע, לייבלעכע נאַציאָנאַליטעט — דאָס האָט כמעט קיין שום ווערט נישט. אויב אַ ייד איז אויסגעוואַקסן צווישן דייטשן און האָט געקריגן אַ דייטשישע דערציונג, איז ער אַ ־דייטש און האָט נישט כמעט קיין שום שייכות מיטן יידנטום. אמת, די אַנטיסעמיטן לייקענען דאָס און זיי שטויסן אָפּ ברוטאַל אַזאַ מין יידן, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו זייער נאַציע; אָבער... ביי אָט דעם שווערן פּונקט וואַרפט זיך דער מחבר אריין אין אַ ווירבלשטראָם פון „געשיכטס־פילאָסאָפיע". די יודאָפאָביע, פאַר־שטייט איר מיך, איז בלויז אַ רעזולטאַט פון דעם הונדערטיאָריקן קאַמף צווישן די רעוואָלוציאָנערע און קאָנסערוואַטיווע עלעמענטן פון דער איי־ראָפּעישער געזעלשאַפט, — אַ קאַמף, אין וועלכן די יידן זיינען אויפן צד פון די ראַדיקאַלע אָדער רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען; ווען אָט דער קאַמף וועט אויפהערן, וועט פאַרשווינדן אויך די יודאָפאָביע. אָבער אויף יענער צייט — איז מודה דער מחבר — וועט מען מוזן לאַנג וואַרטן. פאַר דעם היינטיקן יידן בלייבן דעריבער דריי אויסוועגן: שמד, אַסימילאַציע און ציוניזם.

דער ערשטער אויסוועג איז, פאַרשטייט זיך, דער גרינגסטער און זי־כערסטער, און דער אויטאָר דערקלערט אָפנהאַרציק, אַז ער טיילט נישט דעם „מאָראַלישן צאָרן" קעגן אַזעלכע רענעגאַטן. „אמת, דאָס זענען נישט קיין קעמפערישע נאַטורן; ס'איז דאָך אָבער דאָ עפּעס העכערס, ווי קאַמף, דהיינו: דאָס פּאָזיטיווע, זיך אויסשעפּנדיקע לעבן פון דער פערזענלעכקייט און דאָס שאַפן גייסטיקע און קולטורעלע ווערטן אין אַ קליינעם אָדער גרויסן קרייז".

דער צווייטער דרך, — וואָס פון אים האַלט ה' לובלינסקי אַליין, — ער איז פול מיט שוועריקייטן און מניעות: עס קומט אויס צו ליידן סיי פון די „ראַסן־פּאַראַורטיילן" בכלל, סיי פון דער אינטערעסן־סאָלידאַריטעט, וואָס ווערט דעם אַסימילירטן יידן אויפגעצוואונגען דורך זיינע שטאַמברידער, פון איין זייט, און דורך דער עקזיסטענץ פון אַנטיסעמיטיזם — פון דער צווייטער. אַ קולטורעלער דייטשישער ייד, למשל, וואָס פילט זיך אין גאַנצן פאַר אַ דייטש, טראָגט אויף זיך אַ הויקער אין דער געשטאַלט פון די גערודפטע יידן פון שכנותדיקן רוסלאַנד, און די היימישע אַנטיסעמיטן וואַרפן אים פאָר די סימפּאַטיע צו זיי, זאָגנדיק אים, אַז ער האָט נישט קיין דייטשיש, נאָר — אַ חרפה אויסצוזאָגן! — אַ יידיש נאַציאָנאַל גע־פיל. „עס איז פיינלעך אָט דער מוז צו פילן די סאָלידאַריטעט מיט מענטשן אויף יענער זייט גרענעץ (די יידן) קעגן די אייגענע לאַנדסלייט (דייטשן") — רופט אויס דער מחבר מיט ביטערניש. אָבער Forti nihil dificile (פאַר דעם שטאַרקן איז קיין שום זאַך ניט שווער. — איב.). „בלויז דער, וואָס איז ביינעקומען אָט דעם אינעוויניקסטן ויתרוצו און האָט זיך אַליין אָנשלאָסן געזאָגט: און פאַרט (בין איך אַ דייטש), בלויז דער האָט רעכט

זיך אַנצורופן אַן אַסימילירטער. ווארעם אַזאַ מענטש האָט דערוויזן, אַז די ליבע צו זיין קולטור־נאַציע איז די אַקטיווסטע וויטאַלע קראַפט פון זיין נשמה".

פאַר יענע יידן ווידער, וואָס פאַרמאָגן נישט אַזאַ גרויסן מוט און זיי קאָנען זיך נישט אויסשמדן און נישט אַסימילירן זיך, פאַר זיי בלייבט דער דריטער אויסוועג — ציוניזם. אַ קליינע יידישע געמיינשאַפט, כמו שווייצאַריע, וואָלט געווען אַ דירעקטע הילף פאַר אַ פיר אָדער פינף מיליאָן מענטשן, און חוץ דעם וואָלט עס געבראַכט אַ נשמה־דערלייכטערונג פאַר די עכט אַסימילירטע, וואָס וואָלטן פטור געוואָרן פון דער זאָרג וועגן די גערודפטע יידן פון אַנדערע לענדער, און עס וואָלט בטל געוואָרן דער שרעק־לעכער ויתרוצצו צווישן דעם געפיל פון סאָלידאַריטעט (מיט די יידן) און דעם נאַציאָנאַלן געפיל (דעם דייטשישן). בתנאי זה וועט דער ציוניזם זיין אַ געטרייער פאַרבינדעטער פון דער אַסימילאַציע, און דער מחבר האָט גאָרנישט קעגן פאָרמולירן זיין דאָקטרינע: „ציוניזם לשם אַסימילאַציע" *), דאָס הייסט, ציוניזם פאַר איין טייל יידנטום, וואָס האָט זיך נישט אָפּגע־זאָגט פון „ראַסן־פאַראורטיילן", כדי גרינגער צו מאַכן די אַסימילאַציע פאַר די איבעריקע, לייטישערע יידן, וואָס גיסן זיך צונויף מיט די אַרומיקע איי־ראָפּעישע נאַציעס.

צו אַזאַ ציניזשער אָפנהאַרציקייט האָט זיך, דאַכט זיך, נישט דעררעדט קיינער פון ה' לובלינסקיס אַסימילאַטאָרישע פאָרגייער. די אַסימילאַטאָרן פון די פריערדיקע תקופות פלעגן זיך נאָך אַרומטראָגן מיט אַן אַלמענטש־לעכער אידעע, זיי האָבן געחלומט וועגן פעלקער־פאַרברידערונג, וועגן אויפ־לייזן אַלע נאַציאָנאַלע טיפּן אין איינעם, אַן איבערנאַציאָנאַלן אָדער אוני־ווערסאַלן טיפּ, און זיי האָבן, הייסט עס, געפּאָדערט עפּעס ווי אַ מין קעגנ־זייטיקייט אין ענין דעם אַסימילאַציע. אָבער דער נייער אַסימילאַטאָר דער־קלערט מיט דער אַנטשלאָסנקייט פון דעם תנכישן קנעכט, אַז ער האָט ליב בלויז זיין האַרס „קולטור־נאַציע" (כאָטש די לעצטע שטויסט אים אָפּ) און ער האָט נישט קיין שום שייכות מיט זיין לייבלעכער נאַציע, וואָס מוט בלויז שטערן זיין מנוחה מיט אירע יללות און קרעכצעניש...

ס'איז, פאַרשטייט זיך, איבעריק צו געבן אַן עטישע אָפּשאַצונג פון אַט דער אויפריכטיקער טעאָריע צו באַרעכטיקן נאַציאָנאַלע בגידה, — און נישט צוליב דעם האָב איך דאָ דערמאָנט די מעטאַמאָרפאָזע פון ה'

---

*) מיט אָט דער טרעפלעכער פאָרמולע האָט דער ערשטער כאַראַקטע־ריזירט לובלינסקיס בליקן אחד־העם אין זיין נאָטיץ בשייכות מיט דעם אַמאָליקן אַרטיקל, וואָס לובלינסקי האָט געשריבן ביי זיין ערשטן איבער־גאַנג פון אַסימילאַציע צום ציוניזם. (זע „השלוח" פון 1897, באַנד 1, ז"ז 385 — 386). אין אחד־העמס פאָרמולע איז נאָר באַנוצט דאָס וואָרט „נאַ־ציאָנאַליזם" אָנשטאָט „ציוניזם".

לובלינסקי *). איך האָב נאָר געהאַט בדעה אָנצואווייזן אויף דער דאָזיקער מעטאַמאָרפאָזע, ווי אויף אַ פּאַקטישער באַשטעטיקונג פון דער טעזע, וואָס איז אַרויסגעזאָגט אין די פריערדיקע בריוו, אַז דער פּאָליטישער ציוניזם, אַן און פאַר זיך, איז נאָך נישט ערב, אַז אַלע זיינע אדעפּטן זאָלן קריגן אַ נאַציאָנאַלע אידעע. די לובלינסקים, וואָס טרייסלען זיך איצט אָפּ פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע, זענען דאָך אָפּנהאַרציק מודה, אַז זיי האָבן זי נישט פאַרמאָגט אפילו דעמאָלט, ווען זיי האָבן זיך גערעכנט פאַר ציוניסטן, מחמת פון קינדוויז זענען זיי געווען דורכגעזאַפּט מיט די נאַציאָנאַלע געפילן פון זייער „קולטור־נאַציע". און נאָך אַזאַ מין מודה זיין זענען זיי אפילו היינט גרייט אויף אַ געשעפטלעכער פּשרה מיטן ציוניזם, ווי מיט אַ ריין קאָמערציעלער אונטערנעמונג, וואָס האָט קיין שום שייכות נישט מיט די נאַציאָנאַלע אידעאַלן פון יידנטום. אָבער דאָס, וואָס ביי די לובלינסקים איז אויף דער צונג, האַלטן אַנדערע „תנאי־יידן" אויף דער לונג, און פריער אָדער שפּעטער וועלן זיי זיך אַרויסווייזן. איך נעם אָן, אַז די דאָזיקע פּאַרזענלעכקייטן זענען אַ מינדערהייט אין דער ציוניסטישער פּאַרטיי, אָבער אָט די מינדערהייט איז געפערלעך, ווי אַן עלעמענט פון פוילונג, ווייל ציוניזם אָן נאַציאָנאַליזם איז אַ גוף אָן אַ נשמה, אַ פוילנדיקער בר־מינן, וואָס פאַרסמט די אַטמאָספערע מיט זיין גיפט.

נעענטער צו דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע, און בכלל צו אונדזער פאָלקסלעבן, גייען צו די אַזוי גערופענע „קולטור־ציוניסטן". קומענדיק צו דער איבערצייגונג, אַז דער פּאָליטישער אידעאַל פון ציוניזם וועט אַזוי גיך נישט מקוים ווערן, און אויך דערנאָך וועט ער מקוים ווערן נאָר טיילווייז, ד"ה ער וועט פאַרגרינגערן דעם גורל נאָר פון איין טייל פאָלק, — האָט זיך די דאָזיקע גרופּע געשטעלט פאַר אַ ציל די קולטורעלע ווידעראויפלעבונג פון די יידן אין אַלע לענדער, אין דעם זינען פון פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישן און גייסטיקן מצב. די פּראָגראַם פון די קולטור־ציוניסטן איז אָן אַן ערך ברייטער און אַקטיווער, איידער די פּראָגראַם פון די פּאָליטישע: די לעצטע באַגרענעצן זיך מיט קלייבן שקלים און אַקציעס פאַר דער קאָלאָניאַל־באַנק און מיטן באַטראַכטן די „דיפּלאָמאַטישע שריט" פון זייערע מנהיגים; די ערשטע אָבער זאָרגן וועגן פאַרבעסערן אַלע זייטן פון יידישן לעבן, וועגן אַ דערציונגס־רעפאָרם, וועגן באַנייען די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

פון דעסטוועגן קומען אויך דאָ זיך צונויף מענטשן מיט סתירותדיקע בליקן, וועלכע וועלן זיך דערנאָך אומפאַרמיידלעך פונאַנדערגיין אין פאַרשידענע זייטן. די באַגרענעצטע אוטיליטאַריסטן פאַרשטייען אונטער „קולטור־אַרבעט" בלויז דאָס פאַרשפּרייטן „אַלגעמיינע בילדונג און נוצלע־

---

*) זע אויבן, בריוו 5, ז"ז 114 — 116.

בע קענטעניש"; אַנדערע שטעלן זיך פאַר אַ ציל דאָס האַרמאָנישע באַ־העפטן די יידישע און אַלגעמיינע קולטורן; די דריטע („מזרחיסטן") אָנער־קענען פאַר געזעצלעך די פּולשטענדיקע אָפּגעזונדערטקייט פון יידנטום, דערנענטערנדיק זיך צו דער רעליגיעזער אָרטאָדאָקסיע. מיט איין וואָרט, אויך דאָ טרעפט מען פאַרשידענע גראַדן פון נאַציאָנאַלער טעמפּעראַטור, פון פרירפּונקט ביזן זידפּונקט. אויב מע זאָל פון אָט דעם קאָנגלאָמעראַט אויסטיילן און אָרגאַניזירן די געזונטע נאַציאָנאַלע עלעמענטן, קאָן זיך דאַן באַקומען אַ יידישע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אָרגאַניזאַציע, פאַר וועל־כער דער „ציוניזם" וועט זיין בלויז די אָפיציעלע פאָן, און די מיטגלידער אירע וועלן קאָנען אַרבעטן אין אחדות מיט די נאַציאָנאַליסטן, וואָס טראָגן נישט דעם באַזונדער עטיקעט.

וועגן „גייסטיקן ציוניזם" האָב איך שוין געשריבן. דער דאָזיקער געסדרטער וועלט־באַנעם, לויט וועלכן דאָס יידנטום קאָן זיך ראַטעווען בלויז דורך ציון, ווי דער צוקונפטיקער גייסטיקער צענטער, אונטערשיידט זיך פון „גייסטיקן נאַציאָנאַליזם" בלויז טעאָרעטיש; אין געוויסע פילאָ־סאָפיש־היסטאָרישע הנחות. ווידער די פּראַקטישע פּראָגראַם פון נאַציאָ־נאַליזירן דאָס יידנטום דאַרף מחייב זיין אָט די גרופּע, אויב נאָר זי וויל זיין קאָנסעקווענט.

הייסט עס, די ציוניסטישע פּאַרטיי איז אין איצטיקן מאָמענט אַ קאָנגלאָמעראַט, אין וועלכן עס זענען מעכאַניש צונויפגעמישט אַזעלכע קעגנגעשטעלטע עלעמענטן, ווי נאַציאָנאַליסטן און אַסימילאַטאָרן — פאַנ־טענציעלע אָדער פאַקטישע. די פּאַרטיי וועט זיך אומפאַרמיידלעך צעפאַלן, ווי נאָר אָט דער אינערלעכער ויתרוצצו וועט זיך אַנטפּלעקן. דעמאָלט וועט קלאָר ווערן, אַז די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע אין איר גאַנצן פאַרנעם (ד"ה דער ווידערגעבורט פון דער נאַציע אין אַלע אירע היסטאָרישע צענ־טערן) איז דווקא יענע אומבאַדינגטע אַקסיאָמע, וואָס קאָן עקזיסטירן אויך אָן דעם ציוניזם, אָבער דער ציוניזם אָן איר קאָן נישט עקזיסטירן, אויב ער זאָל נישט מגולגל ווערן אין אַ פּאָליטישער שפּיל. דעמאָלט וועט זיך אויך אַנטפּלעקן, אַז אַ טיפע סתירה — נישט צום שלום מאַכן — איז דאָ נאָר צווישן די אָנהענגער און קעגנער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע, ווי אַ ציל, און נישט צווישן די אָנהענגער און קעגנער פון ציוניזם, ווי איינער פון די מיטלען צו דערגרייכן דעם ציל.

נאָכן באַטראַכטן דעם באַשטאַנד פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי, לאָ־מיר איבערגיין צום באַשטאַנד פון אַ צווייטער בונטער גרופּע, וואָס מען איז געוווינט איצט צונויפצושלעפּן אין איין קאָמפּאַניע, מיט איין בשותּ־פותדיקן שילד איבער איר: „נישט־ציוניסטן".

ווען אין 18טן יאָרהונדערט האָט זיך באַוויזן דער חסידיזם, האָט זיך דער רוב פון פאָלק אַנטקעגנגעשטעלט דער רעליגיעזער באַוועגונג, וואָס

האָט זיך אַזוי גיך פאַרשפּרייט, — און אַלע נישט־חסידים האָבן געקריגן דעם נאָמען „מתנגדים", ד"ה, קעגנער, פּראָטעסטירער. צווישן די מתנגדים זענען געווען פאַרשטייער פון פאַרשידענע ריכטונגען, וואָס האָבן פאַראורטיילט די חסידים איטלעכער פון זיין שטאַנדפּונקט. אייניקע האָבן אין דער נייער באַוועגונג געזען אַ סכנה פאַר דער רבנישער ביכלדיקער געלערנטקייט און פאַר דער סיסטעם פון דינים און מנהגים; אַנדערע — פאַר דער סטאָישער מאָראַל; די דריטע — פאַרן רעליגיעזן נאַציאָנאַליזם; די פערטע — פאַר דער וועלטלעכער בילדונג. ווען דער קאַמף צווישן די חסידים און מתנגדים איז שטיל געוואָרן, אָפּטרעטנדיק דאָס אָרט דעם קאַמף צווישן אָבסקוראַנטיזם און אויפקלערונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אָרטאָדאָקסאַלע חסידים און מתנגדים זענען גאָר מיטקעמפער אין איין לאַגער, אין דער צייט ווען די ליבעראַלן און משכילים פון אַט די ביידע ריכטונגען — זענען געוואָרן זייערע פאַרביסענע קעגנער אין דעם צווייטן לאַגער.

עפּעס אַזוינס דאַרף זיך אין גיכן אַרויסווייזן אין אונדזער היינטיקער גרופּירונג פון פאַרטייען. די איצטיקע „מתנגדים" פון ציוניזם, די אַזוי גערופענע „נישט־ציוניסטן" שטעלן מיט זיך פאָר, ווי שוין געזאָגט, אַ געמיש נישט בלויז פון פאַרשידנמיניקע, נאָר אויך פון קעגנזעצלעכע ריכטונגען. מע קאָן דאָ אויסטיילן פיר הויפּטגרופּעס: נאַציאָנאַליסטן, אַסימילאַטאָרן, אָפּאָרטוניסטן און וואַקלדיקע.

די ערשטע גרופּע גלייבט אין דעם פּרינציפּ, אַז דאָס יידנטום איז פון די עלטסטע היסטאָרישע און קולטור־נאַציעס, וואָס שטרעבט אין אַלע לענדער אויפצוהיטן יענע פאַרזיכיקייט און אינעווייניקסטע אויטאָנאָמיע, וועלכע עס ווילן קריגן אַלע אַנדערע קולטור־נאַציעס, וואָס האָבן פאַרלוירן די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. דער „גייסטיקער נאַציאָנאַליזם" אָדער „אויטאָנאָמיזם" שטיצט זיך אויף דער דערפאַרונג פון אונדזער ניינצן־הונדערטיאָריקער געשיכטע אין גלות און אויף דעם גלויבן, וואָס דרינגט דערפון אַרויס — דעם גלויבן אין דער אייביקייט פון יידישן פאָלק. דאָס איז נישט קיין טויטער „גלויבן אָן מעשים", נאָר אַ לעבעדיקער, אַקטיווער גלויבן, וואָס האַלט אונטער אין פאָלק זיין „ווילן צום לעבן".

מע זאָגט, אַז די צאָל פון אַזעלכע נאַציאָנאַליסטן איז נישט גרויס; דאָס איז נישט אמת.

די גאַנצע אָרטאָדאָקסאַלע מאַסע פון יידנטום האַלט זיך פאַר אַ גייסטיקע און אינערלעך אויטאָנאָמע נאַציע, — זי פאַרבייט בלויז דעם עפּיטעט „גייסטיקע" מיט אַן ענגערן און פאַר איר קלאָרערן עפּיטעט „רעליגיעזע", וואָרעם רעליגיע (אָדער גיכער — רעליגיעזע אויטאָריטעט) איז פאַר דער מאַסע גלייביקע, מחמת היסטאָרישע טראַדיציעס, דער מקור פון דער גאַנצער נאַציאָנאַלער קולטור.

די יידישע אינטעליגענץ, וואָס שטייט איבער דער דאָזיקער אומבאַוואוסטזיניק נאַציאָנאַלער מאַסע, האָט שוין אָט דעם באַוואוסטזיין און זי איז די אמתע פאָרשטייערין פון יידישן פאָלק; זי איז דאָס פאָרבילד פון דעם פאָלקס־אינדיווידי, וואָס איז געקומען צו זיין אַליין־דערקענטעניש און אַליין־באַשטימונג. עס קאָן זיין אַ חילוק צווישן דער פריידענקערישער אינטעליגענץ און דער אָרטאָדאָקסיע אין באַנעמען דעם מהות פון יהדות, זיי גייען זיך אָבער צונויף ביים אָנערקענען דעם גייסטיקן כאַראַקטער פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט. זיי גייען זיך נאָך צונויף אין דעם, וואָס ביידע גיבן אָפּ דעם משיחישן עלעמענט זיין געזעצלעך אָרט. ביי די אָרטאָדאָקסן פאַרנעמט די רעליגיעזע משיחישע דאָגמע אַ דרייצנטל פון גאַנצן אני־מאמין. די נאַציאָנאַליסטן פון דער אינטעליגענץ טוען דאָס אייגענע אויף זייער שטייגער. שטעלנדיק זיך פאַר אַ ציל אויפצוהיטן די קולטור־אויטאָנאָמיע פון יידנטום אין אַלע לענדער, געבן זיי אַוועק דעם ציוניזם — אָט דעם פּאָליטישן משיחיזם — זיין געהעריק אָרט. זיי אָנערקענען, אַז עס איז געוואונטשן, עס זאָל אין אונדזער אַלטן היימלאַנד אויפקומען אַ יידישער צענטער — אפילו אַ האַלב אויטאָנאָמער — מיט אַ ריין נאַציאָנאַלער קולטור; זיי האַלטן אָבער, אַז מע טאָר נישט בויען די רעטונג פון פאָלק אויף אַ שיינעם טרוים, וואָס זיין פאַרווירקלעכונג איז אין דער גרעסטער מאָס געווענדט פון פאַקטאָרן, וואָס זענען מחוץ אונדז. דעריבער ווענדן די אויטאָנאָמיסטן זייערע אָנשטרענגונגען אויף צו באַפרידיקן די טאָגטעגלעכע און רעאַלע באַדערפענישן דאָ, אין די תפוצות, וואו עס וועט שטענדיק לעבן דער רוב מנין ורוב בנין פון פאָלק. זיי שטרעבן, אויף וויפל ס׳איז געווענדט אין אונדז אַליין, צו נאַציאָנאַליזירן דאָס גאַנצע יידנטום, און נישט בלויז אַ טיילעכל זיינס, און זיי ווילן עס טאָן תיכּף, אומאָפּהענגיק פון דער מוטל־בספקדיקער דערגרייכונג פון ציוניסטישן אידעאַל *).

די אַסימילאַטאָרן־גרופּע, נאָך היינט אויך אַ צאָלרייכע, צעפאַלט זיך אויף עטלעכע אונטער־מינים: עס זענען דאָ אָפענע און פאַרבאַהאַלטענע

---

*) צו די נאַציאָנאַליסטן, וואָס קומען אַרויס אָפן מיט זייער אני־מאַמין, שליסט זיך אָן, לויט דער שטימונג, אויך די גרופּע אומפּאַרטייאישע, נאַציאָנאַל געשטימטע, וואָס זענען אויפריכטיק געטריי די אינטערעסן פון יידנטום, זיי פאַררעכענען זיך אָבער נישט אָפיציעל צו די נאַציאָנאַליסטן, אפשר צוליבן פחד פאַר פאַרטייאישע צוגעמענישן בכלל, און אפשר צוליב מורא טאַקע פאַר דעם צונעמעניש (נאַציאָנאַליסטן), וואָס איז קאָמפּראָמעטירט געוואָרן דורך די רעאַקציאָנערן און יודאָפאָבן. די דאָזיקע אומפּאַרטייאישע מענטשן וועלן פריער אָדער שפּעטער מוזן אַריבערגיין פון דער פאַזע פון נאַציאָנאַלער שטימונג אין דער פאַזע פון נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָרעם די לעבנס־נויטווענדיקייט וועט זיי צווינגען זיך אָפּצוגרענעצן פון דער אַסימילאַציע, צו וועלכער מע וועט זיי קאָנען צורעכענען אַזוי לאַנג, כּל זמן זיי וועלן נישט דערקלערן אָפן זייער „אני־מאמין“.

אַסימילאַטאָרן, עס זענען דאָ אַסימילאַטאָרן־קאָסמאָפּאָליטן און אַסימילאַ־טאָרן־פֿאָלקיסטן. די קאָסמאָפּאָליטן האַלטן, אַז די יידן, ווי בירגער פֿון פֿאַר־שידענע לענדער, דאַרפֿן אין יעדן לאַנד זיין אַן איבערנאַציאָנאַלער עלעמענט און אומעטום אַרויסטרעטן עפּעס אַזוי ווי מיסיאָנערן פֿון דער אַלמענטש־לעכער אידעע. אַמאָל האָט די דאָזיקע פֿאָרמע פֿון אַסימילאַציע פֿאַרמאָגט אין זיך אַ היפּשע דאָזע פֿון אידעאַליזם. אירע אָנהענגער האָבן געגלייבט אין דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג פֿון אַלע פֿעלקער — פֿון נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט צו קאָסמאָפּאָליטישער איינאַרטיקייט, און עס האָט זיי גע־שמייכלט דער געדאַנק, אַז די יידן וועלן זיך שטעלן אין אַוואַנגאַרד פֿון אָט דעם גאַנג. זיי פֿלעגן פֿאַרווישן זייער אייגענעם נאַציאָנאַלן פּרצוף, אין דער האָפֿענונג, אַז די אינטעליגענץ פֿון די אַרומיקע פֿעלקער וועט טאָן דאָס אייגענע, און דאַן וועט זיך באַקומען דער שטראַלנדיקער אידעאַל פֿון דעם אַלמענטש. אָבער נאָך דעם, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן די גאַנצע נישט־ממשותדיקייט פֿון קאָסמאָפּאָליטיזם, ווי אַן אומגאַטירלעכע ניוועלי־רונג פֿון נאַציאָנאַלע טיפּן, געווענדט קעגן דער אינדיווידועלער פֿרייהייט פֿון פֿעלקער, — זענען אונדזערע פּיאָנערן פֿון „צונויפֿגיסונג מיט דער מענטשהייט" געבליבן שטעקן צווישן הימל און ערד. זיי שטעלן מיט זיך פֿאָר אָדער אַ בלאָנדזשענדיקן אינטערנאַציאָנאַלן עלעמענט, אָדער זיי שרייבן זיך צו פֿאַקטיש צו די שטאַרקע פֿעלקער, ביז עס וועט מקוים ווערן די אוטאָפּיע פֿון אַנאַכאַרסיס קלאָץ מכוח די „בירגער פֿון מענטשלעכן מין". אַזוינע „צווישנפֿעלקעריסטן" ברענגען נאָר די שווערע באַשולדיקונג אויף אַלע געבילדעטע יידן, אַז זיי זענען כלומרשט אומעטום די, וואָס דענאַ־ציאָנאַליזירן די „שטאַמבירגער", אַז זיי פֿלאַנצן איין דעם באָדנלאָזן קאָס־מאָפּאָליטיזם, שוואַכן אָפּ דאָס פּאַטריאָטישע געפֿיל.

די אַסימילאַטאָרן־פֿאָלקיסטן טוען אַ סך פּראַקטישער: אַזוי ווי ה' לור־בלינסקי, זאָגן זיי אָפּ, אַז די יידן דאַרפֿן זיך אויפֿלייזן אָרגאַניש אין יעדער נאַציע, צווישן וועלכער זיי וואוינען. זיי דערקלערן זיך פֿאַר רוסן אין רוסלאַנד, פֿאַר דייטשן אין דייטשלאַנד, פֿאַר מאַדיאַרן אין אונגאַרן אא"וו. די פֿעלקער גלייבן קנאַפּ אין דער אויפֿריכטיקייט פֿון אָט די נעאָ־פֿיטן און גאָר אָפֿט לאָזט מען זיי נישט צו צו דער נאַציאָנאַלער „נאַטור־ראַליזאַציע", האַלטנדיק זיי ווייטער פֿאַר יידן. אָבער די באַוווּלטע דעזער־טירן קריכן פֿון דער הויט צו דערווייזן, אַז זיי האָבן מיטן יידנטום קיין שום שייכות נישט. איך מיין, אַז דאָס נאַציאָנאַלע יידנטום וועט גערן באַ־שטעטיקן, אַז עס האָט אויך נישט קיין שום שייכות מיט אַזעלכע אָפּגע־שניטענע אברים און אַז קיינער באַדויערט נישט זייער אַוועקגיין...

אוודאי טאָר מען נישט צונויפֿמישן אָט די דאָזיקע הערן מיט יענע יידן, וואָס קאָנען נישט זיין קיין יידן לויטן גייסט, צוליב דער באַקומענער נישט־יידישער דערציִונג, זיי טאָר מען נישט רופֿן אָפּטריניקעס שוין צוליב דעם, וואָס זיי זענען אין דער נשמה קיין מאָל קיין יידן נישט געווען.

מע קאָן נאָר טרויערן איבער דער טראַגעדיע פון אונדזער לעבן, וואָס איז גורם אַזעלכע דערשיינונגען.

ביינאַנד מיט די אָפענע אַסימילאַטאָרן האָט זיך לעצטנס אָנגעהויבן מערן דער מין באַהאַלטענע אַסימילאַטאָרן. פילנדיק די מאָראַלישע העמ־לעכקייט פון בגידה אין אַזאַ צייט, ווען אַלע האָבן זיך פאַרמאָסטן קעגן יידישן פאָלק, שטעלן זיך אייניקע אָפּ אויפן האַלבוועג צווישן דער „מחנה ישראל" און די „פלישתים". אַ טייל גייט נישט ווייטער, ווייל זיי האָבן מורא פאַר אַן אומפריינדלעכן קבלת פנים אין דעם שונאָס מחנה. מיר פאַרמאָגן נאָך אַ באַזונדערן טיפּ „אַסימילאַטאָרן־בעלי־תשובה", וואָס אַמאָל, אין דער עפּאָכע פון פאָליטיישן ליבעראַליזם, האָבן זיי געהאַט אַ גע־ווינס דערפאָלג אין דעם פלירט מיט דער פרעמדער נאַציע, אָבער דער־נאָך זענען זיי ברוטאַל אָפּגעשטויסן געוואָרן. אָט די הערן ליידן טיף אין האַרצן צוליבן געפיל פון „אָפּגעשטויסענער ליבע", אָבער מיטן מויל פאַר־זיכערן זיי ברוגזדיק, אַז זיי זענען גאָר קיין מאָל נישט געווען פאַרליבט אין דער פרעמדער נאַציע. פון דעסטוועגן, ביי דעם מינדסטן גלעט פון „פריץ", זענען זיי מוכן ומזומן, פונקט ווי געטרייע פודעלס, ווידער זיך אוועקצולייגן ביי די פיס פון זייערע „באַלעבאַטים". ביי די ערשטע ליבע־ראַלע „ווינטלעך" וועלן זיך אָט אַזוינע מענטשן אַרויסווייזן און פאַר־מערן די רייען פון אונדזערע אָפּטריניקעס. בכלל זענען די באַהאַלטענע אַסימילאַטאָרן געפערלעכער פון די אָפענע, און ס'וואָלט געווען אַ יושר, אַז די יעניקע פון זיי, וואָס זענען מאָראַליש אומהיילבאַר, זאָלן וואָס גי־כער אַוועק פון אונדזערע רייען אין דער „טריומפירנדיקער מחנה", וואוהין עס ציט זיי שוין פון לאַנג.

עס איז נאָך דאָ אַ מיטעלע גרופּע, וואָס שטייט צווישן אַסימילאַציע און נאַציאָנאַליזם צוליב חשבונות פון באַלעבעסלדיקן אָפּאָרטוניזם. היי־מיש־געבאַקענע פּאָליטיקער, אויסגעשולטע אין גייסט פון מורא פאַר „נאַ־טשאַלסטווע" און צוגעוואוינטע שטענדיק אריינצופאַסן זיך אין די שטי־מונגען פון דער „דרויסנדיקער וועלט", האָבן זיי זיך מורא, צי וועט נישט אַמאָל דאָס פּראָקלאַמירן די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע אַרויסרופן „דאָרטן" אַ שלעכטן איינדרוק און נישט געבן אַ פתחון־פה די המנס פון דער רע־גירונג, געזעלשאַפט און פרעסע צו באַשולדיקן די יידן אין אָפּגעזונדערט־קייט. די דאָזיקע הערן טאַפּן מיט פחד דעם דופק דאָ ביי סואוואָרינען אָדער מעשטשערסקין, דאָ ביי פאַרשידענע מאַכטהאָבערס, — זיי הערן זיך אָבער נישט צו צו דעם, ווי עס קלאַפּט דאָס האַרץ פון פאָלק, וואָס עס עקבערט די בעסטע מוחות פון יידנטום.

איך מיש נישט צונויף די דאָזיקע מענטשן, אָנגעשראָקענע דורכן פּאָ־ליטיישן רעזשים און דורך דער אייביקער העצע, מיט יענע, וואָס שרעקן זיך פאַרן יידישן נאַציאָנאַליזם צוליב עטישע מאָטיוון. די לעצטע ווייזן אָן אויף דער טיפער דעמאָראַליזאַציע, וואָס די נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען

פון געוויסע לענדער האָבן גורם געווען, אויף די שענדלעכע לאָזונגען „רוסלאַנד פאַר די רוסן" אד"גל, און לסוף ווייזן זיי אָן אַז דאָס וואָרט „נאַציאָנאַליסט" גופא איז היינט אין פּראָגרעסיוון לאַגער געוואָרן אַ זידל־וואָרט. ווענדיק פאַרהיטן דאָס יידנטום פון אַזאַ דעמאָראַליזאַציע, שטעלן זיי זיך דעריבער אַנטקעגן אויך דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע.

אין דעם בריוו וועגן „עטיק פון נאַציאָנאַליזם" האָב איך שוין דער־וויזן די לאָגישע און פאַקטישע נישט־ממשותדיקייט פון אַזאַ אויספיר. מע דאַרף, דאַכט זיך, נישט פאַרמאָגן קיין באַזונדערע טיפזיניקייט צו באַנע־מען דעם וויטערדיקן עלעמענטאַרן אמת: טאָקע דערפאַר וואָס אין גע־וויסע לענדער געוועלטיקט איצט אַ ברוטאַלער „הערשער־נאַציאָנאַליזם", וואָס וויל אָפּשוואַכן אָדער צעשטערן די אויטאָנאָמיע פון די „אָפּהענגיקע" קלענערע נאַציעס, טוען די לעצטע אָנשטרענגען און זיי מוזן אָנשטרענגען אַלע כוחות צו באַשיצן זייער נאַציאָנאַל־קולטורעלע פרייהייט. קעגן די נאַציאָנאַליסטן־אונטערדריקער דאַרפן אַרויסטרעטן די נאַציאָנאַליסטן־באַ־פרייער.

מענטשן, וואָס באַנעמען נישט אָט דעם פשוטן געדאַנק, דאַרפן באַ־טראַכט ווערן פאַר האַפּענונגסלאָז אין זינען פון פּאָליטישן שכל הישר.

וועגן דער צאָלרייכער גרופּע „וואַקלדיקע" אָדער „ווילדע" וועל איך דאָ נישט מאריך זיין. אין יעדער געזעלשאַפט זענען זיי דאָ נישט ווינ־ציק. ווענדיק פאַרשטעלן דעם מאַנגל אין באַשטימטע איבערצייגונגען, רופן זיך אָט די מענטשן אָן „סתם־יידן", „אומפּאַרטייאישע". איך דערלאָז אין גאַנצן דעם געדאַנק, אַז ביי אַ סך פון זיי איז שטאַרק דאָס אומבאַ־וואוסטזיניקע געפיל פון צוגעבונדנקייט צום יידנטום, עס זענען אָבער דאָ צייטן, ווען ס'איז נישט גענוג צו האָבן בלויז אַזאַ מטושטש געפיל, ווען יעדער דענקענדיקער מענטש דאַרף זיך געבן קלאָר מאַכן די פירנדיקע אי־דעע, וואָס דרינגט אַרויס פון זיינע געפילן, און ער דאַרף ברענגען זיינע מעשים אין הסכם מיט אָט דער אידעע. אין אַזעלכע שאַרפע מאָמענטן פון סאָציאַלן קאַמף איז „אומפּאַרטייאישקייט" אָפט אַ דעקמאַנטל פאַר פּאַסיווי־קייט אָדער אינדיפערענטיזם. אין אַזעלכע מאָמענטן, inter arma (אין דער שלאַכט — איב.) דאַרף זיך יעדער שטעלן אונטער אַ באַשטימ־טער פאָן, כדי אַלע זאָלן וויסן, פאַר וואָס ער קעמפט, צי איז ער אַ פריינד אָדער אַ פאַרמאַסקירטער שונא.

* * *

דער פריערדיקער אַנאַליז פון באַשטאַנד פון די צוויי גרופּעס — ציוניסטן און „נישט־ציוניסטן" — לאָזט אונדז מיט באַשיימפּערלעכער קלאָרקייט מאַכן די וויטערדיקע אויספירן:

א) אין יעדער פון די אָנגערופענע גרופּירונגען זענען דאָ (הגם נישט אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ) אי נאַציאָנאַליסטן אי אַסימילאַטאָרן, אָפענע אָדער באַהאַלטענע, פאַקטישע אָדער פּאָטענציעלע, — דאָס הייסט, אַזעל־

כע עלעמענטן, וואָס אין תוך שליסן זיי זיך איינע די אַנדערע אויס און זיי מוזן אומפאַרמיידלעך אַרויסרופן די צעפאַלונג פון יענער גרופּע, וואו זיי זענען קינסטלעך פאַראייניקט.

ב) היות די טירן פון ביידע גרופּעס זענען אָפן, פאַר אייניקע — אין דער ריכטונג פון נאַציאָנאַליזם, און פאַר אַנדערע — אין דער ריכטונג פון אַסימילאַציע, איז דערפון געדרונגען, אַז עס דאַרף אויפקומען אַ נייע, נאַטירלעכע גרופּירונג פון פּאַרטייען, אַנשטאָט דער איצטיקער קינסטלעכער און צייטווייליקער.

ביי אַ נייער גרופּירונג וועלן זיך אויסשיילן די שטאַנדהאַפטיקע נאַציאָנאַלע עלעמענטן, וואָס געפינען זיך איצט אין באַשטאַנד פון פאַרשידענע גרופּעס, און זיי וועלן שאַפן איין שטאַרקע פּאַרטיי — אַ נאַציאָנאַל־יידישע. וואָס שייך אַלע אַנטשלאָסענע קעגנער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע, וועלן זיי זיך אויסטיילן אין אַ באַזונדערע גרופּע — אַן אַסימילאַטאָרישער. ביי אָט די צוויי גרופּעס קאָן נישט געמאָלט זיין נישט קיין אחדות פון שטרעבונגען, נישט קיין אחדות פון מעשים בנוגע די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן, און וואָס בולטער עס וועט זיין די שיידליניע צווישן זיי, אַלץ בעסער פאַר דער זאַך פון פאָלק. און באמת, ביי אַ באַשטימטער געשפּאַנטקייט פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרטיידיקונג, קאָן דער נאַציאָנאַליסט נישט גיין האַנט אין האַנט מיטן אַסימילאַטאָר, ווייל זיי זענען מענטשן פון סתירותדיקע קולטור־שטרעמונגען און אפילו נשמה־שטימונגען. דער, וואָס הערט נישט אין זיין נשמה דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו פון דער נאַציאָנאַלער אידעע, וואָס באַפעלט אים ממשיך צו זיין דעם טויזנטיאָריקן העלדישן קאַמף פון יידנטום פאַר זיין פאַרזיכיקייט, ווער עס דערלאָזט, אָדער ער וויל גאָר די פולע אָדער טיילווייזע צונויפגיסונג פון דעם דאָזיקן אוראַלטן קולטור־פאָלק מיט דער אַרומיקער סביבה, — דער איז פאַרן יידנטום געשטאָרבן. אָבער זעלבסטמאָרד־שטרעבונג און תשוקה צום לעבן, פחדנותדיקע קאַפּיטולאַציע און מסירת־נפשדיקער באַפרייערישער קאַמף — זיי קאָנען נישט צוזאַמענלעבן אין דער קאָלעקטיווער פאָלקס־נשמה. עס מוז קומען צום אויסטיילן די לעבנס־אומפעיקע עלעמענטן, כדי צו שטאַרקן און באַהעפטן די געזונטע. נאָכן פּראָצעס פון דיפערענציאַציע וועט קומען דער פּראָצעס פון אינטעגראַציע.

די פאַראייניקטע נאַציאָנאַלע פּאַרטיי וועט דאַרפן זיין יענער אַקטיווער כוח, אויף וועלכן עס וועלן זיך קאָנצענטרירן די האָפענונגען פון יידנטום. דער אַלגעמיינער לאָזונג פאַר דער גאַנצער פּאַרטיי וועט זיין: אַ טעטיקייט, געווענדט אין דער ריכטונג אויפצוהיטן, אומעטום די יידישע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע. ווען דער דאָזיקער ציל וועט פעסטגעשטעלט ווערן פאַר דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע, וועט קומען די צייט צו צעגלידערן זי אויף פראַקציעס, וואָס צעגייען זיך אין די מעטאָדן פון

טעטיקייט. די נאַציאָנאַליסטן־ציוניסטן וועלן אָפּגעבן דעם ענין פּאַלעסטי־נע דעם גרעסטן טייל פון זייערע כוחות, גלייכצייטיק נישט אָפּזאָגנדיק זיך פון דירעקטער אַרבעט צו שטאַרקן נאַציאָנאַל דאָס יידנטום אין די תפוצות. די נאַציאָנאַליסטן־נישט־ציוניסטן וועלן דורכפירן די אַלגעמיינע פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי מיט דער אייגענער ענערגיע בכל תפוצות ישראל, נישט אויסשליסנדיק, פאַרשטייט זיך, פּאַלעסטינע.

אין דער פאַראייניקטער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי קאָנען נישט אַריינגיין: 1) יענע עקסטרעמע ציוניסטן, וואָס נעגירן לחלוטין די מעגלעכקייט ווידער אויפצולעבן דאָס יידנטום מחוץ ציון, די, וואָס זאָגן זיך אָפּ פון קולטור־אַרבעט אין גלות און אַזוי אַרום פאַרמשפּטן זיי אים אויף אומקום אָדער אַסימילאַציע (די „תנאי־נאַציאָנאַליסטן" אָדער ציוניסטן־אַסימילאַטאָרן); 2) יענע אויסטערלישע נאַציאָנאַליסטן (אויב אַזוינע וועלן זיך געפינען), וואָס שליסן לגמרי אויס פּאַלעסטינע פון דער ספערע פון זייער טעטיקייט און זיי שטרעבן נישט צו שאַפן דאָרט, דורך פּראַקטישער קאָלאָניזאַציע, זאָל זיין אַ קליינעם נאַציאָנאַלן צענטער, וואָס האָט שאַנסן אויף אַ רעאַלער קולטור־אויטאָנאָמיע, — וואָרעם אַזאַ מין גאַנג וואָלט געווען אין סתירה אי צו דעם היסטאָרישן ליבע־געפיל צו אונדזער אַלטן היימלאַנד אי צו דעם באַגריף פון „אומעטומיקער טעטיקייט", וואָס איז איינגעשלאָסן אין דער אַלגעמיין־פּאַרטייאישער פאָרמולע.

אָט אויף אַזעלכע גלייכע רעכט, אָן פּשרות, קאָנען זיך פאַראייניקן און אָרגאַניזירן אַלע עכט נאַציאָנאַלע עלעמענטן, צעזייטע אין די איצט עקזיסטירנדיקן גרופּעס. סימפּטאָמען פון אַזאַ פאַראייניקונג לאָזן זיך שוין מערקן. אין לעבן און אין דער ליטעראַטור הערן זיך אַלץ אָפטער די טערמינען: „יידישע נאַציאָנאַלע פּאַרטיי", „יידן־נאַציאָנאַליסטן". דעם לעצטן נאָמען נעמען זיך אָפּט אויך די ציוניסטן, בפרט אין מערב, וואו זיי שטויסן זיך אָן אויף דער אַסימילאַציע, ווי אַ מעכטיקן און מער אָרגאַנירטן כוח. פאָדערונגען פון אַ ברייטער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַרבעט אומעטום — האָבן זיך געלאָזט הערן נישט איין מאָל אויף די ציוניסטישע צוזאַמענפאָרן און באַזונדערס אויף דעם לעצטן אַלמיוצער צוזאַמענפאָר. די יידישע געזעלשאַפט אין רוסלאַנד האָט לעצטנס אויך געזען עטלעכע פאַלן, ווען נאַציאָנאַליסטן און ציוניסטן האָבן זיך פאַראייניקט אין פּראַקטישן קאַמף קעגן שותפותדיקן שונא — דער אַסימילאַציע. היינט צו טאָג איז שוין ביים בעסערן טייל פון אונדזער געזעלשאַפט צייטיק געוואָרן די באַדערפעניש צו אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיין־יידישע נאַציאָנאַלע פּאַרטיי, וואָס זאָל אומעטום קעמפן פאַר די געטראָטענע רעכט פון אונדזער פאָלק און גלייכצייטיק שטרעבן כסדר צו זיין אינערלעכער ווידעראויפלעבונג.

נאָוועמבער 1901.

# ב ר י ו ו   צ ע ן

## די אינטעליגענץ וואָס האָט זיך פאַרלוירן

די יידישע אינטעליגענץ דיפערענצירט זיך. — געבליבן שטעקן צווישן אַסימילאַציע און נאַציאָנאַליזם. — די אידעישע מעטאַמאָרפאָזעס פון הי מרגולית. — זיין קריטיק פון אויטאָנאָמיזם. — די מצרישע מכה „חושך", ווי אַן אינסטרומענט פון קאַמף אין דער קריטיק. — „מענטש און יידט" אינעם מיטלאַלטערלעכן טעזיס; — לאסאל און דער אָרטאָדאָקס; דער אינטעליגענטער און דער פשוטער ייד (דער ייד פון המון) אין דער עפּאָכע פון אַנטיטעזיס. — אויטאָנאָמיע, העטעראָנאָמיע און „אָפענע אַסימילאַציע". — גאָטס שטראָף אויף די מיטגלידער פון דער יידישער פאַרלאַמענטאַרישער פראַקציע. — דער קאָלאָקוויאום פון צוויי אירלענדער. — מאַרק טווען, הערמאַן מאַסאַריק פאַר יידישער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע קעגן יידן אַסימילאַטאָרן. — דאָס צונויפמישן פון אַקטיוו און פּאַסיוו נאַציאָנאַליזם און דאָס פאַרלייקענען די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון יידנטום. — אַסימילאַציע אין דער פּראַקטיק איז אומפאַרמיידלעך אויך פאַר די וואָס זענען זי נישט גורס טעאָרעטיש, אויב זיי פאַרלייקענען די נאַציאָנאַלע אידעע. — נאַציאָנאַליזאַציע ווי אַ מיטל אָנצואווערן דעם אייגענעם פּרצוף־פּנים. — די קעגנערשאַפט צו נאַציאָנאַלער דערציונג אין דער יידישער שול, באשר אין דער נאַציאָנאַל־מלוכהשער שול ווערט דערמיט מיסגעברויכט. — פּאַנסלאַוויזם און פּאַניידנטומיזם. — די „גרופּע פון איבערמענטשן"; דער דואַליזם פון איידעען. — עקשנות אין די בלאָנדזשעניש. — מיין „חטאת־נעורים" און די סטראָפע פון וויקטאָר הוגאָ. — חבלי לידה פון אַ סינטעז. — „די יידישע אינטעליגענץ וועט זיין נאַציאָנאַל, אָדער זי וועט נישט זיין!"

## ש. דובנאָוו

דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער יידישער אינטעליגענץ אין רוס־לאַנד אין 19־טן י"ה איז פאָרגעקומען אין פולן הסכם מיטן געזעץ פון פּראָגרעסיווער עוואָלוציע, לויט וועלכן יעדער לעבנספעיקער אָרגאַניזם אַנטוויקלט זיך אין דער ריכטונג פון אָנוואַקסנדיקער קאָמפּליצירטקייט און פאַרשידנאַרטיקייט. אין דער ערשטער העלפט פון יאָרהונדערט, אין דער עפּאָכע פון „טעזיס", האָבן מיר געהאַט, מיט אייניקע אויסנאַמען, איין אייגנאַרטיקע אינטעליגענץ; דאָס זענען געווען די רבנים און לומדים, און דורך פאַרשידענע דרכים — דורכן מתנגדות אָדער חסידיזם — האָט זי געשטרעבט צו איין ציל: איינצוהאַלטן אומבאַרירט די טראַדיציאָנעלע יידישקייט. אין דער עפּאָכע פון „אַנטיטעזיס" (אין די 60־ער און 70־ער יאָרן) איז נעבן אָט דער פּאַטריאַרכאַלער אינטעליגענץ אויסגעוואַקסן אַ נייע „משכילישע אינטעליגענץ", וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט די אידעען פון דער אייראָפּעישער קולטור און וואָס האָט געשטרעבט צו געווינען די השפּעה אויפן פאָלק. דער קולטור־קריזיס דיפערענצירט די געזעלשאַפט, וואָס האָט פריער מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן איינהייטלעכע מאַסע. אָבער צוליב די אומנאָרמאַלע באַדינגונגען פון יידישן לעבן האָט די נייע ריכטונג זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג ווייט פון צענטער פון פאָלקס־לעבן. אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ האָט דעם באַגריף „השכלה" פאַרבונדן אָדער מיט דעם קאָסמאָפּאָליטישן פאַרווישן דעם פּרצוף־פּנים פון יידישן נאַציאָנאַלן טיפּ, אָדער מיט דער פולשטענדיקער קולטורעלער אַסימילאַציע מיט דעם הערשנדיקן פאָלק אין געגעבענעם לאַנד, — און אין אָט דעם גייסט פון „אַסימילאַציע" ווערט דער יונגער דור דערצויגן אין פאַרשידענע קרייזן. עס וואַקסט אויס אַ דור פון נאָמינעלע יידן, דערצויגן מחוץ דער השפּעה פון דער יידישער טראַדיציע, אַ דור, וואָס קען נישט זיין שפּראַך, ליטעראַטור און די געשיכטע פון זיין פאָלק, אָפּגעפרעמדט פון זיינע דורותדיקע אידעאַלן. די סאָציאַל־עקטישע שוואַכקייט פון אָט דער באַוועגונג ווערט אָבער באַלד בולט. פון די 80־ער יאָרן הייבט זיך אָן אין די רייען פון „משכילים" אַ נייע דיפערענצירונג: קעגן אַסימילאַציע טרעטן אַרויס די אָנהענגער פון יידישער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט. אָפּהענגיק פון די פּאָליטישע קריזיסן, ווערט די נאַציאָנאַלע באַוועגונג גופא צעטיילט אין עטלעכע שטראָמען, וועלכע פאָרמירן זיך אויס צום סוף פון די 90־ער יאָרן אין לעבן און אין דער ליטעראַטור, אין באַשטימטע דאָקטרינעס (דער ציוניזם אין זיינע פאַרשידענע ריכטונגען, דער גייסטיקער נאַציאָנאַליזם אָדער אויטאָנאָמיזם).

בכן, האָבן מיר פאַר זיך אַזאַ אַנטוויקלונג־סכעמע פון דער יידישער אינטעליגענץ במשך הונדערט יאָר, און דהיינו.

1. אַ מאָנאָליטישע אינטעליגענץ: די פּאַטריאַרכאַלע, אָדער אָרטאָדאָקסישע.

2. די צעטיילונג פון דער אינטעליגענץ אויף: 1) אָרטאָדאָקסישע און 2) משכילישע.

3. די צעטיילונג פון דער משכילישער אינטעליגענץ אויף: 1) אַסימי־לאַטאָרישע און 2) נאַציאָנאַלע *).

4. די צעטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ אויף: 1) ציו־ניסטן און 2) נאַציאָנאַליסטן אָדער קולטור־אויטאָנאָמיסטן **).

5. די צעטיילונג פון די ציוניסטן אויף: 1) פּאָליטישע, 2) קולטור־אָדער גייסטיקע ציוניסטן און אויף אַנדערע, דערווייל נאָך נישט גענוג אויסגעקריסטאַליזירטע פראַקציעס ***).

נאָר גאַנץ קורצזיכטיקע מענטשן קענען האַלטן, אַז אָט דער דאָזיקער פּראָצעס איז אַ סימן פון פונאַנדערפאַל ביי אונדזער אינטעליגענץ. די פאַר־צווייגונג פון אַ בוים באַטייט נישט, אַז דער שטאַם ווערט אָפּגעשוואַכט, נאָר פאַרקערט, עס איז אַ באַוויז, אַז דער בוים האָט אַ סך זאַפטן. פאַר־שידענע פאָרמען אין אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג זענען אַ באַ־וויז פון איר ברייטן פאַרנעם. „דיפערענצירונג" מיינט נישט שטענדיק „צע־טיילונג". ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען איז „דיפערענצירונג" אויך אַ פּאַראַ־לעלער פּראָצעס פון אינטעגראַציע, אָדער אַ פאַראייניקונג פון אָרגאַניזיר־טע טיילן... מיר זעען היינט, אַז פאַרשידענע ציוניסטישע און נאַציאָנאַליס־טישע פראַקציעס פון ציוניסטן און נאַציאָנאַליסטן פאַראייניקן זיך פאַר דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ פון קולטור־אויטאָנאָמיזם אין פאַרשידענע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיי אינטעגרירט איין ציל — די „נאַציאָנאַלי־זאַציע" פון דער געזעלשאַפט, פון דער שול, פון די קהלשע אַנשטאַלטן. לעצטנס איז אויף אָט דעם באָדן געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן

---

*) די נאַציאָנאַלע באַוועגונג איז אויפגעקומען אין דער נייער יידי־שער ליטעראַטור נאָך אין די 70־ער יאָרן, און אין די 80־ער יאָרן, בשיי־כות מיט דער עמיגראַציע־באַוועגונג, האָט זי אָנגענומען אַ בולט־ציוניס־טישע באַפאַרבונג.

**) איצט איז אַ טייל נאַציאָנאַליסטן צוגעשטאַנען צו דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע (אויף וויפל זיי זענען פאַראינטערעסירט נישט אין דער „פּאָליטישער" נאָר אין דער קולטור־אַרבעט), אַ טייל פון זיי איז אַן אומאָפּהענגיקע, דערווייל נאָך נישט אָרגאַניזירטע גרופּע. (זע ווייטער, 14־טער בריוו „וועגן די אויפגאַבעס פון דער פאָלקספּאַרטיי").

***) שפּעטער זענען פון אָט די גרופּעס אַנטשטאַנען: די פּועלי־ציון, טעריטאָריאַליסטן, ציוניסטן־סאָציאַליסטן און נאָך אַנדערע קלענערע פראַק־ציעס.

צוויי פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך שטענדיק באַקעמפט: צווישן דער משכי־לישער און אָרטאָדאָקסישער אינטעליגענץ. דער אַלרוסישער ציוניסטישער צוזאַמענפאָר אין מינסק (1902) האָט פּראָקלאַמירט די גלייכוועריטיקייט פון די „נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע" און „נאַציאָנאַל־טראַדיציאָנעלע" ריכ־טונגען אין דער ייִדישער דערציונג, — וואָס דאָס איז אַ בולטער ביישפּיל פון אַ דאָפּלטן פּראָצעס פון דיפערענצירונג און אינטעגראַציע אין דער ספערע פון איין באַוועגונג.

אָט דאָס איז די שעפערישע קראַפט פון נאַציאָנאַלן „טעזיס", וואָס איז אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך אין דער איצטיקער פאַזע פון אונדזער אַנט־וויקלונג. מחוץ אָט דעם טעזיס געפינען זיך נאָר די פאַרשטייער פון דער אַסימילאַטאָרישער ריכטונג, און בנוגע זיי באַדייט טאַקע „דיפערענצירונג" — צעטיילונג, אָן אַנדערש מאָל אפילו „שפּאַלטונג". ווייל צווישן די אָנ־הענגער און קעגנער פון נאַציאָנאַל־קולטורעלן אויטאָנאָמיזם, ווי אַ יסוד פון אַ פרייען פאָלקסלעבן, קען נישט זיין קיין שום באַריר־פּונקטן, אויך נישט אין פּראַקטישער טעטיקייט. דער עפנטלעכער קאַמף וועגן דעם אינ־האַלט פון אונדזער נאַציאָנאַלער דערציונג, וואָס איז אָט דאָ נישט לאַנג אָנגעגאַנגען, באַשטעטיקט באַשיינפּערלעך די דאָזיקע הנחה *). דאָ איז, הייסט עס, נייטיק אַ גענויע דעמאָקראַציע־ליניע צווישן צוויי סתי־רותדיקע ריכטונגען, ווייל אויב זייער פּאַראייניקונג איז אוממעגלעך, איז זייער צוזאַמענמישונג געפערלעך. צום באַדויערן איז די לעצטע צייט צו באַמערקן אַ טענדענץ פאַר אַזאַ צונויפמישונג פון סאָציאַלע קעגנ־זאַצן. ס'איז אויפגעקומען אַ באַזונדער טיפּ פון טוערס, וואָס זאָגן זיך שאַרף אַרויס קעגן ייִדישן נאַציאָנאַליזם אין דער טעאָריע און פּראַקטיק, אָבער ווען דו פּרואווסט זיי פאַררעכענען צו די אָנהענגער פון אַסימי־לאַציע, באַליידיקן זיי זיך און דערקלערן, אַז זיי זענען קיינמאָל נישט גע־ווען אַזעלכע. אומזיסט וועסטו זיי באַווייזן, אַז קיין מיטלוועג קען דאָ נישט זיין, אַז אָדער מען איז פאַר נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמער אַנטוויקלונג פון יידנטום, אָדער פאַר זיין אַנטוויקלונג אין גייסט פון די אַרומיקע פעלקער (העטעראָנאָמע אַנטוויקלונג), און אַז יעדער פון די דאָזיקע פּרינציפּן שטעלט מיט זיך פאָר אַ באַזונדער סיסטעם פון האַנדלונגען, — די דאָזיקע מענט־שן בלייבן ביי דעם זייעריקן: מיר זענען נישט דאָס און נישט יענץ. און דערפאַר קומט אונדז אויס זיי צו דערקלערן, וואָס זיי זענען אַזעלעכס.

דער גענעזיס פון אָט דעם אייגנאַרטיקן טיפּ איז פאַר אונדז פולשטענ־דיק קלאָר, ווייל ער איז אויפגעקומען פאַר אונדזערע אויגן. מיר האָבן דאָ

*) זע „נאַציאָנאַלע דערציונג פאַרן משפּט פון דער אָדעסער פאַרזאַמ־לונג". וואָסכאָד, 1902, נר. 32—26 (פאַרגלייך אויבן, צוגאָב ב. צום 15טן בריוו).

צו טאן מיט א מעטאמארפאזע פון אסימילאציע. די לעצטע, פארלירנדיק אונטער זיך דעם באדן אין לעבן, אבער באהערשנדיק נאך א סך מוחות, ווי א רגילותדיקער אופן פון דענקען אדער ווי א רעזולטאט פון דערציונג, — האט זיך איצט פארטייעט, האט אנגעטאן א מאסקע און שפאצירט ארום אינקאגניטא. זיי די היינטיקע עפיגאנען פון אסימילאציע האבן נישט די העזה אפן ארויסצושטעלן אט די קאמפראמיטירטע סיסטעם, ווי א פירנדיקן פרינציפ, ווי א פאן; גלייכצייטיק אבער זענען זיי נישט בכוח איינערלעך איבערצוררייסן מיט דער אידעע, וואס איז צונויפגעוואקסן מיט זייער גאנצן גייסטיקן מהות. ווארפן זיי זיך צווישן אסימילאציע און נאציאנאליזם, זאגן זיך אפיציעל אפ פון ביידע, און פאקטיש האלטן זיי זיך ביי די אלטע איינגעווארצלטע געוואוינהייטן. א שווערן איינדרוק מאכט אט דער טיפ פון דעם צעטומלטן אינטעליגענט, וואס אנערקענט די וואקלדיקייט פון זיין אני־מאמין, אבער לויט אינערץ האלט ער ווייטער אן דעם קולט פון זיין גלויבן. די מיושבדיקע פארשטייער פון אט דעם טיפ זענען שטיין געבליבן אויף דער סטאדיע פון סקעפטיציזם און ווילן בעסער „שווייגן אין א שלעכטער צייט". אנדערע, זעענדיק דעם דערפאלג פון דער נאציאנאלער באוועגונג, ווארפן זיך, מיט סכנות נפשות, זי צו באקעמפן. זיי פארגעסן דערביי, אז זייער אייגענע שיף איז באשעדיקט און אז ס'איז שווער צו קעמפן, האלטנדיק זיך אויף אירע ברוכשטיקער. אזוי זעט אויס דער קאמף פאר א פארשפילטער זאך. און אט דער אומזיניקער קאמף וואלט געקענט זיין אן איידעלער — אין דעם זין ווי עס איז געווען דער קאמף פון דאן קיכאט פארן אונטערגייענדיקן ריטערטום, ווען אונדזערע ריטער וואלטן אפן געקעמפט פאר זייער „הארץ־דאמע". איז אבער דער אומגליק, וואס זיי פארהוילן אייפעריק דעם נאמען פון זייער „אביעקט" און זיי זאגן זיך אפילו בפירוש אפ פון אים, ווי פון עפעס א קאמפראמיטירטער זאך, — און דאס נעמט ביי זיי צו דעם פארמעסט און די ריטערלעכקייט פון דאנקיכאטיזם. נישט האבנדיק קיין מוט צו פארטיידיקן זייער היסטאריש באזיגטע אידעע, שטעלן זיך די דאזיקע מענטשן קעגן, פאסיוו אדער אקטיוו, דעם נאציאנאליזם, וואס האט פארנומען דאס ארט פון אסימילאציע. זיי פארנעמען אזוי ארום א מאדנע שטעלונג אין דעם היינטצייטיקן אידעישן קאמף. ווי פארזינדיקטע נשמות בלאנדזשען זיי צווישן צוויי וועלטן. ווען עס קומט צו אן אפענעם געזעלשאפטלעכן אדער ליטערארישן קאמף, ווייזן זיי ארויס זייער פולשטענדיקע טעארעטישע פארלוירנקייט. א בולטער ביישפיל פון אזא פארלוירנקייט האט אונדז געגעבן, דא נישט לאנג, דער אלטער בכבודיקער פובליציסט מ. ג. מארגולים, אין זיין ארטיקל „נאציאנאליזאציע און אסימילאציע" („וואסכאד 1902, נר. 5—7).

אמאל איז מיר, ווי דעם רעצענזענט פון דער ניי דערשינענער ליטערא־

טור, אויסגעקומען אָפּצושאַצן די פּובליציסטישע טעטיקייט פון ה׳ מאַר־גולים *).

דעמאָלט האָט דער דאָזיקער שרייבער געהערט צו די עפּיגאָנען פון די 60־ער און 70־ער יאָרן, און זיי האָבן געאַרבעט אויף אַ באָדן, וואָס איז צו־געגרייט געוואָרן פון אָ. ראַבינאָוויטש און י. אָרשאַנסקי. פונקט ווי אָר־שאַנסקי, האָט מאַרגולים אָנגעהויבן מיט „יורידישער פּובליציסטיק", — ער פלעגט באַאַרבעטן באַזונדערע ענינים אויפן געביט פון דער רעכטלע־כער לאַגע פון די רוסישע יידן, בשייכות מיט דער קריטיק פון דער רו־סישער רעפּרעסיווער געזעצגעבונג. דעמאָלט האָט נאָך עקזיסטירט די איי־בערצייגונג, אַז די לייזונג פון דער „יידן־פראַגע" איז אָפּהענגיק נאָר פון אויסערלעכע כוחות, און די יידיש־רוסישע פּובליציסטיק האָט אָנגעשטרענגט אַלע כוחות, כדי צו באַווירקן די „אויסערלעכע ספערעס". דער ה׳ מאַר־גולים האָט געשריבן וועגן דער געשיכטע פון די רעגירונגס־שריט אויפן געביט פון בילדונג פאַר רוסישע יידן, ער האָט זיך פאַרטיפט אין דער באַהאַנדלונג פון די רעגולאַמינען פון די „קאַזיאָנע" (מלוכהשע) יידישע שולן, די עלעמענטאַרע און פאַר רבנים, ער האָט אויספיר־לעך באַ־האַנדלט דעם ענין „קאָראָבאָטשני סבאָר" (אָפּצאָל פון כשר פלייש), האָט פאַרפאַסט אַפּאָלאָגיעס קעגן בראַפמאַנען און אַנדערע יודאָפאָבן. אין אָט די אַלע פּובליציסטישע אַרבעטן איז נישט געווען קיין קלאָר־אויסגעדריק־טע אידעישע ריכטונג. די אָנגענומענע טעאָריע פון אַסימילאַציע אָדער רו־סיפיקאַציע איז דאָרט נישט אַרויסגעבראַכט געוואָרן אָפן, נאָר אָנגעוואוי־קען.

אין אָנהייב פון די 80־ער יאָרן איז דער ה׳ מאַרגולים איבערגעגאַנגען פון פּראַקטישער אָדער „יורידישער" פּובליציסטיק צו טעאָרעטישער. אין די ערשטע אַרטיקלען פון דער סעריע האָט זיך געמערקט דער אַלגעמיינער בילבול־המוחות, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט דעם יאָרצענדליק. אין זיינע אַרטיקלען („די יידן - פראַגע, אירע יסודות און פּרטים און „ה. י. פּיראָגאָוו" (1881) האָט דער מחבר פון איין זייט פּאָלעמיזירט מיט די רוסישע פּובליציסטן, וואָס ווילן נישט אָנערקענען יידן פאַר בירגער־לעך רעכטפעיקע, און פאַרזיכערט, אַז די יידן זענען גרייט זיך אָפּצוזאָגן פון „ספּעציעלע, זיי אָנגעוואָרפענע, אינטערעסן", ווי נאָר „די רוסישע געזעלשאַפט וועט זיי אויסשטרעקן אַ ברידערלעכע האַנט" **); און פון דער צווייטער זייט — אַפּעלירט ער צום הומאַניזם פון דער רוסישער געזעלשאַפט,

---

*) אין שייכות מיט „פראַגעס פון יידישן לעבן" — זאַמלונג פון מ. נ. מאַרגוליסעס אַרטיקלען („ליטעראַרישע אַנאַלן", וואָסכאָד 1890, בוך 1־2).

**) „וואָפּראָסי יעווריסקאָי זשיזני". (פראַגן פון יידישן לעבן) ספּ״ב 1889, זייט 501.

וואָס איז פּערזאָניפיצירט דורך פּיראָגאָוון. וועגן נאַציאָנאַלער זעלבסטהילף און זעלבסטבאַוואוסטזיין ווערט נאָך דאָ נישט גערעדט... אָבער עס גייען אַוועק דריי יאָר — די באַרימטע יאָרן פון פּאָגראָמען, רעפּרעסיעס און פאַר־שטאַרקטער עמיגראַציע — און דער ה' מאַרגולים בייט דעם טאָן, אָפן זיך אונטערגעבנדיק דער פּראָפּאַגאַנדע פון ד"ר פּינסקער וועגן „טעריטאָריאַלן צענטער". זיין אַרטיקל „זעלבסטבאַפרייונג און זעלבסטפאַרלייקענונג" (1884), וואָס איז געווענדעט קעגן דער אידעע פון רעליגיעזע רעפאָרמעס אין יידנטום, פאַרענדיקט ער מיט דער פאָלגנדיקער רעזומע: „דער רענע־סאַנס פון רוסישן יידנטום דאַרף גיין אין צוויי ריכטונגען: 1) דורך בהדרגה־דיקער עמיגראַציע, דורך איינאָרדענען אַ טעריטאָריאַלן צענטער מיט אַ טיפּישן שטייגער פון צוזאַמענלעבן אויף אַלגעמיין מענטשלעכע יסודות, און 2) דורך דער טעטיקייט פון דער אינטעליגענץ, געווידמעט דער ערנס־טער אַלזייטיקער אַרבעט, כדי אַרויסצורופן צום לעבן דעם פאָלקס־זעלבסט־באַוואוסטזיין, וואָס זאָל נישט זיין אין סתירה צו די פּרינציפּן פון דער אַלגעמיין מענטשלעכער מאָראַל" *). בכן, דער פּובליציסט, וואָס האָט דאָ נישט לאַנג נאָר אויסגעשטעלט אויף דער הומאַנישקייט און „„ברידער־לעכער האַנט" פון דער רוסישער געזעלשאַפט, טרעט איצט אַרויס אין דער ראָל פון אַ פּרעדיקער פון ברייטער זעלבסטהילף און זעלבסטבאַוואוסטזיין, ד"ה ער שטעלט זיך אויפן וועגן פון אַ נאַציאָנאַלן וועלטבאַנעם. אָננעמענ־דיק פּינסקערס אידעע וועגן „נאַציאָנאַלן צענטער", דערנעענטערט זיך דער ה' מאַרגולים אפילו צו די „פּאַלעסטינצעם", צו וועלכע ער איז דערנאָך טאַקע צוגעשטאַנען, ווי אַ פּראַקטישער טוער.

נאָך דעם האָט דער ה' מאַרגולים, ווי אַ פּובליציסט, לאַנג פון זיך נישט געלאָזט הערן, און ערשט אין 1898, נאָך דעם ווי אויפן ערשטן קאָנגרעס אין באַזעל איז מיט רעש פּראָקלאַמירט געוואָרן דעם נייער ציוניזם, קומט

---

*) דער רעצענזענט פון זשורנאַל „חשלוח", ד"ר ש. הלוי, האָט קעגנ־געשטעלט צוויי ציטאַטעס פון צוויי אַרטיקלען פון ה' מאַרגולים: — „זעלבסטבאַפרייונג" און „היינטצייטיקע שרעקן". אין ערשטן אַרטיקל פאַר־רופט זיך דער מחבר אויפן ביישפּיל פון עזראָ און נחמיה, ווי אַ באַווייז אַז די פּאַלעסטינע־אידעע קאָן מקוים ווערן, אָדער בכלל פון דער אידעע וועגן אַ „טעריטאָריאַלן צענטער מיט אַ טיפּישן שטייגער פון צוזאַמענלעבן"; און אין צווייטן אַרטיקל ברענגט ער דעם זעלבן ביישפּיל, ווי אַ באַווייז, אַז אפילו ביי די סאַמע גינציקסטע באַדינגונגען איז אוממעגלעך צו שאַפן אַן אַלגעמיין יידישן טעריטאָריאַלן צענטער, און אַז דער טיפּישער יידישער צענטער פון יידנטום בלייבט שטענדיק מחוץ פּאַלעסטינע. (פאַרגל. „וואָ־פּראָסי יעווריסקאָיי זשיזני", זייט 538, און „סאָווריעמיאָניא אָפּאַסיעניא", „וואָסכאָד", 1898, בוך 1, זייט 121).

ער אַרויס מיט אַן אַרטיקל א"נ: „פאַר וואָס שרעקט זיך היינט דאָס מערב־אייראָפּעישע יידנטום" („וואָסכאָד", 1898, בוך 1—3). דאָ באַמיט ער זיך צו צעשטערן יענע אידעע פון „טעריטאָריאַלן צענטער מיט אַ טיפּישן שטייגער פון צוזאַמענלעבן", וואָס מיט 14 יאָר צוריק האָט ער אַרויסגעשטעלט, ווי דעם צענטראַל פּונקט אין דעם פּראָגראַם פון יידישער זעלבסטהילף. ער באַווייזט די אוממעגלעכקייט און אפילו אומגעוואונטשנקייט פון אַ „יידישער מלוכה", און ער פאַרענדיקט זיין אַרטיקל מיט וואונטש, אַז „מיר זאָלן חלומען נישט וועגן אַ פּאָליטישן לעבן אין אַ קינסטלעך געשאַפענער מלוכה, נאָר וועגן אַ פרידלעכן לעבן צווישן אַנדערע פעלקער, וועגן אַן אַלגעמיינער טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון פאָלקסלעבן, כדי צו פאַרווירקלעכן די אַלגעמיין מענטשלעכע אויפגאַבעס". (בוך 3, זייט 21).

בכן, אַ נייע מעטאַמאָרפאָזע: אַ באַזונדער טעריטאָריאַלער צענטער איז אוממעגלעך אָדער נישט נייטיק, און מע דאַרף קלערן וועגן אַ „פרידלעכן לעבן" צווישן אַנדערע פעלקער. אָבער ווי אַזוי איינצואָרדענען דאָס „פרידלעכן לעבן" צווישן פעלקער, וואָס על פּי רוב זענען זיי גאָר נישט אַזוי פריינדלעך געשטימט צו אונדז, — וועגן דעם זאָגט ה' מאַרגולים גאָרנישט. פריער האָט ער געפּרעדיקט אַ „טעריטאָריאַלן צענטער מיט אַ טיפּישן שטייגער פון צוזאַמענלעבן". פונעם „צענטער" האָט ער זיך אָפּגעזאָגט; וואָס זשע איז געוואָרן פון „טיפּישן שטייגער פון צוזאַמענלעבן"? צי דאַרף מען דאָס נישט פאַרווירקלעכן אין דער פאָרעם, פאַרטיידיקנדיק אומעטום אונדזער פאַרזיכיקע אַנטוויקלונג, אונדזערע נאַציאָנאַלע רעכט, ווי דאָס טוען אַלע נישט־זעלבשטענדיקע קולטור־נאַציעס? אָדער מיר דאַרפן זיך אָפּזאָגן נישט בלויז פון טעריטאָריאַלן צענטער, נאָר אפילו פון גייסטיק־נאַציאָנאַלער צענטראַליזאַציע אָדער פון פאַראייניקן אונדזער צעשפּרייט פאָלק? — אויף אָט די ברענענדיקע פראַגעס גיט נישט מאַרגולים קיין שום ענטפער, ווייל מען קען דאָך נישט האַלטן פאַר קיין תשובה די נעפּלדיקע שלום־פאָרמולע פון מחבר: „אַלגעמיינע (?) טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון פאָלקסלעבן כדי צו פאַרווירקלעכן די אַלגעמיין מענטשלעכע אויפגאַבעס". קאָנען דען עפּעס אויפקלערן אַזעלכע אַלגעמיינע פאָרמולירונגען, ווערטער פון וועלכע ס'האָט זיך שוין אויסגעוועפּט יעדער זינען? קאָן מען דען ענטפערן דער אינטעליגענץ, וואָס זוכט פיבערדיק אַ לייזונג פאַר די צאַפּלדיקע לעבנספראַגעס, מיט אַ גאָרנישט זאָגנדיקער אלף־בית פראַזע פון דער ציוויליזאַציע: „פאַרנעמט זיך מיט „אַלגעמיינער" טעטיקייט, אין נאָמען פון אַלמענטשלעכע אויפגאַבעס"? די גאַנצע פראַגע איז דאָך — ווי אַזוי צו אַרבעטן, אין וואָסער ריכטונג? צי דען זשע איז פאַרווירקלעכן נאַציאָנאַלע אויפגאַבעס (אויף וויפל דאָס באַשטייט נישט אין נאַציאָנאַלער רויבעריי, וואָס די יידן, אין זייער לאַגע, קאָנען זיך דערמיט נישט פאַרנעמען), צי איז דען נישט די פרייע אַנטוויקלונג פון דער

אייגענער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליטעט אויך אין דער זעלבער צייט אַ טעטיקייט לטובֿת דער מענטשהייט? סיידן דער מחבר האַלט, אַז דאָס יידנ־טום איז נישט קיין נאַציאָנאַלע, נאָר אַן אינטערנאַציאָנאַלע גרופּע, וואָס איז „לויטן באַרוף" מחויב מקיים צו זיין עפּעס צעשוואומענע, אויסער־נאַציאָנאַלע, „אַלמענטשלעכע אויפגאַבעס"?

אויף אָט די אַלע ענינים קען מען געפינען אַן ענטפער אין דעם נייסטן אַרטיקל פון ה' מאַרגולים: „נאַציאָנאַליזאַציע און אַסימילאַציע" *), וואָס איז געווענדט קעגן אייניקע פון מיינע „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום". אָבער וואָס פאַר אַן ענטפער איז דאָס? אַ סך, וואָס האָבן גע־לייענט דאָס אַרטיקל, וועלן מן הסתם מסכים זיין, אַז פון אַזעלכע „ענט־פערס" ווערט אַ קלאָרע פראַגע פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרפּלאָנטערטער רע־טעניש. אין דעם נייעם אַרטיקל האָבן די טעאָרעטישע בלאָנדזשענישן פון ה' מאַרגולים דערגרייכט זייער אַפּאָגעי. דאָס פריערדיקע אומבאַשטענדי־קע גלייכגעוויכט פון זיינע הנחות האָט זיך דאָ פאַרוואַנדלט אין אַ שאַרף וואַקלענדיקער באַוועגונג. בלאָנדזשענדיק פון איין אידעע צו דער צווייטער און נישט געפינענדיק אין ערגעץ קיין מקום מנוחה, דערוווייטערט זיך אָפּט דער מחבר אין אַ געביט פון אייביקע נעפּלען, וואו קאָנקרעטע געדאַנקען ווערן מגולגל אין אַבסטראַקטע שאָטנס. דאָ האָבן זיך באַוויזן די סאַמע בולטע סימנים פון אונדזער היינטצייטיקער אידעישער פאַרלוירנקייט, פון אונדזער ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער וואַקלעניש. אָט דער אומ־שטאַנד האָט מיך בעיקר באַוואויגן זיך אָפּצושטעלן אין דעם איצטיקן „בריוו" אויף דעם דערמאָנטן אַרטיקל פון ה' מאַרגולים און אויך אויף איי־ניקע אַנדערע ליטעראַרישע פּראָדוקטן פון דעם זעלבן מין, וואָס האָבן זיך לעצטנס באַוויזן, ווי כאַראַקטעריסטישע פאַר דער שטימונג ביי אַ טייל פון אונדזער אינטעליגענץ. איך האָב שוין לאַנג געהאַט בדעה אויסצו־פאָרשן די טאָפּאָגראַפיע פון יענעם „שעדלעכן שטח", וואָס האָט זיך גע־שאַפן צווישן נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע, און פעסטשטעלן די סאָ־ציאַלע לאַגע פון זיינע באַוואוינער. און איך טו עס איצט, ווייל איך האָב באַקומען די ליטעראַרישע דאָקומענטן, וואָס פאָדערן זיך צו איאַ אויס־פאָרשונג.

* * *

דער ה' מאַרגולים באַהאַנדלט אין זיין אַרטיקל נישט די גאַנצע סיס־טעם פון יידישן נאַציאָנאַליזם, וואָס איז אַנטוויקלט געוואָרן אין מיינע „בריוו", נאָר בלויז צוויי פּונקטן: „אויטאָנאָמיזם, ווי אַ יסוד פון אַ נאַ־ציאָנאַלער פּראָגראַם" (פערטער בריוו) און „נאַציאָנאַלע דערציונג" (פינפ־

*) „וואָסכאָד" 1902, העפטן 5—7.

טער בריוו). טראַכט איך, אַז אַ ליטעראַרישער אָפּאָנענט, וואָס האָט באַ־
שלאָסן צו קריטיקירן צוויי דוגמאַדיקע פּונקטן פון מיין סיסטעם, וואָלט
קודם כל באַדאַרפט באַרירן יענע אַלגעמיינע פּרינציפּן, פון וועלכע זיי דרינ־
גען אַרויס און וועלכע זענען אַנטוויקלט געוואָרן אין די ערשטע „בריוו״.
ס'וואָלט געווען געגוג, ווען ה' מארגולים דערקלערט, אַז ער אָנערקענט
נישט די יסודות פון דער יידישער נאַציאָנאַלער „אידעע״ — און ער וואָלט
שוין נישט געדאַרפט אַרויסטרעטן קעגן מיין פּראַקטישער פּראָגראַם. אָבער
אַזאַ סיסטעמאַטישער אַנאַליז וואָלט געצוואונגען דעם קריטיקער אויפצו־
דעקן זיין אידעישן אינקאָגניטאָ, און אַזאַ גראַדליניקייט איז נישט אין
כאַראַקטער פון די מעשים ביי דער צעטומלטער אינטעליגענץ. דערפאַר
מאַקע האָט דער ה' מארגולים געהאַלטן פאַר גלייכער צו אַנאַליזירן מיין
סיסטעם — פון סוף. ווען מע זאָל דערצו נאָך צוגעבן דעם ביז גאָר אומ־
סיסטעמאַטישן און מטושטשן אופן פון רעפערירן דעם ענין מצד מיין
קריטיקער, וואָס פאַרמאָגט דעם אויסטערלישן טאַלאַנט צו פאַרפּלאָנטערן
אי זיינע אי יענעמס געדאַנקען, — וועט קלאָר ווערן, ווי שווער ס'איז
די אויפגאַבע פון דער קעגן־קריטיק, וואָס דאַרף באַלייכטן די שטרייט־
פראַגע.

דער ה' מארגולים אַנאַליזירט מיין טעאָריע וועגן דריי אַנטוויקלונגס־
פּאַזעס פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע: דער טעזיס פון אָפּזונדע־
רונג, דער אַנטיטעזיס פון אַסימילאַציע און דער סינטעז פון אויטאָנאָ־
מיזם. איך האָב געזאָגט, אַז דער ייד אין דער תקופה פון טעזיס „איז
געווען אַ פּאַריער מחוץ געטאָ, אָבער אַ בירגער אין דעם געטאָ״;
אַז „ער האָט מקריב געווען זיין פּערזענלעכע פרייהייט לטובת דער פעסט־
קייט פון נאַציאָנאַלער דיסציפּלין; און אַז דער „ייד״ אין אים האָט אי־
בערגעוואויגן דעם „מענטש״, ד"ה, אַז די שטרענגע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע
רעגלאַמענטאַציע האָט באַשרענקט די פרייהייט פון לעבן און געדאַנק. קעגן
אָט די כמעט בלי־ספקדיקע היסטאָרישע פּאַראַלגעמיינערונגען רוקט
דער ה' מארגולים אַרויס די וויטערדיקע אַרגומענטן, וואָס לייגן זיך לחלו־
טין נישט אויפן שכל:

„דער היסטאָרישער אמת איז קעגן ה' דובנאָוו. אמת איז נאָר,
אַז דער געטאָ האָט עקזיסטירט. אָבער אָט די מיטאַלטערלעכע אינס־
טיטוציע איז נישט געוואָרן אָנגענומען מיטן ווילן פון יידישן פאָלק,
נאָר געשאַפן געוואָרן קעגן זיין ווילן. די איינשליסונג אין געטאָ איז
נישט געווען קיין פּריווילעגיע, און אין אירע שווערע באַדינגונגען
איז נישט געווען קיין באַדן, אַז דאָרט זאָל זיך אויספורעמען אַ גאַנ־
צער ייד, וואָס פיניקט זיך באַוואוסטזיניק (?), כדי צו געניסן פון
די טייערע טובות פון דער אונטערדריקנדיקער אָרגאַניזאַציע... וואָ־
סער אינדיווידועלע פרייהייט האָט געקענט האָבן דער מיטלאַלטער־

לעכער ייד? ער איז דאָך געווען אין גאַנצן רעכטלאָז!... אין תוך איז דאָך דער מיטלאַלטערלעכער ייד אויך געווען אַ מענטש, וואָס האָט נישט אָנגעוואוירן זיינע מענטשלעכע געפילן. דאָס ווערט אויף אַ שיינעם אופן אויסגעדריקט אין שיילאָקס פּראָטעסט קעגן דער איינ־שטעלונג פון דער סביבה, וואָס רינגלט אַרום דעם יידן... אין דעם יידן האָט געלעבט, געטראַכט און געפילט אַ מענטש מיט די פיזיאָ־לאָגישע און פּסיכישע געזעצן, וואָס זענען פאַר אים אייגנטלעך".

(בוך 5, ז"ז 102, 103, 105).

וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צום ענין? האָב איך דען ערגעץ־וואו געלייקנט, אַז דער טעריטאָריאַלער געטאָ, דער תחום־המושב, איז געוואָרן אָנגעוואָרפן דעם „אַלטן יידנטום"? דער געטאָ האָט געשטערט נישט „אויס־צופורעמען אַ גאַנצן יידן", נאָר אַ פּילזייטיקן: דער ייד אין געטאָ איז געווען אַן איינזייטיק־גאַנצער מענטש ,אַ גאַנצער אין זיין אינערלעכן שטייגער. נישט זייענדיק אָנערקענט ווי אַ בירגער פון לאַנד, איז ער געווען אַ בירגער פון זיין קהלה, וואָס איז פאַר אים געווען ווי אַ מלוכה אין אַ מלוכה; ער האָט באַגרענעצט זיין פּערזענלעכע פרייהייט (אָבער נישט „זיך געפּייניקט") דורך דער שטרענגער דיסציפּלין פון תלמוד און רבנות, כדי אויפצוהיטן זיין נאַציאָנאַלע פּאַרזיכיקייט — דעם סאַמע גרעסטן אוצר זיינעם. ווער קען אָפּפרעגן אָט די אַקסיאָמעס פון אונדזער היסטאָריאָזאָ־פיע?... שוין גאָר אומפאַרשטענדלעך זענען די באַמיונגען פון ה' מאַרגו־ליס מיך איבערצוצייגן, פאַררופנדיק זיך אויף שיילאָקס פּראָטעסט, אַז „דער מיטלאַלטערלעכער ייד איז אויך געווען אַ מענטש", אַז ער „האָט געלעבט, געטראַכט און געפילט ווי אַ מענטש מיט די פיזיאָלאָגישע און פּסיכישע געזעצן, וואָס זענען פאַר אים אייגנטלעך".

מע האָט געקענט מיינען, אַז איך האָב דעם מיטלאַלטערלעכן ייד פאַר־געשטעלט, ווי אַ חיה אָדער אפילו ווי אַ דומם, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין פיזיאָלאָגישע און פּסיכישע אָרגאַנען. אַזוי האָט דער ה' מאַרגוליס פאַרשטאַנען אָדער אויסגעטייטשט מיין מעטאַפאָרע וועגן דעם, אַז אין דער עפּאָכע פון טעזיס האָט דער „ייד" איבערגעוואויגן דעם „מענטש", ד"ה, דער נאַציאָנאַל־יידישער עלעמענט — איבער דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן, די נאַציאָנאַלע דיסציפּלין — איבער דער אינדיווידועלער פרייהייט. איך וויים נישט, ווי אַזוי אָנצורופן אַזאַ מין אויסטייטשונג פון קלאָרע אידעישע מעטאַפאָרעס, און ס'איז מיר שווער צו זאָגן, וואָס איז ערגער פאַרן ה' מאַרגוליס — צי איז אַזאַ מין פאַרשטיין אויפריכטיק, אָדער דאָס איז אַן אָנשטעל אַזאַ.

פּונקט אויפן זעלבן ניוואָ פון פאַרשטיין איז אויך דער פאָלגנדיקער ביישפּיל, וואָס דער קריטיקער ברענגט ווי אַ באַווייז לטובת זיין מיינונג,

אַז דעם מיטלאַלטערלעכן ייד האָבן פאַרבונדן מיטן פאָלק נישט קאָנקרע־טע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, נאָר עפּעס אַבסטראַקטע אַלגעמיין־מענטש־לעכע פּרינציפּן:

„נעמט לאַסאַלן, וואָס האָט פאַרמאָגט ווינציק אָדער כמעט גאָר־נישט קיין יידישקייט, אַנאַליזירט דורך זיין גייסטיקע שטימונג, ווען פאַר אים האָט זיך געשטעלט די פראַגע: זיין אָדער נישט זיין (אַ ייד?). ער האָט באַשלאָסן, אַז אַוועקגיין פון יידנטום וואָלט געווען אַן אי־נערלעכע סתירה צום גאַנצן מהות פון זיין גייסט ווי אַ מענטש. אין לאַסאַלן האָט זיך אָפּגערופן נישט דער ייד, נאָר דער מענטש. אויך דער מיטלאַלטערלעכער ייד, מיט זיינע פּיזישע און גייסטיקע קייטן, האָט אַלץ אויפגענומען מיט זיינע מענטשלעכע געפילן און אַלץ באַ־שלאָסן מיט זיין מענטשלעכן געוויסן". (104,5).

איצט איז אַלץ קלאָר. די מאָטיוון, וואָס האָבן אויפגעהאַלטן אין יידנ־טום דעם מיטלאַלטערלעכן יידן און לאַסאַלן, „וואָס האָט געהאַט ווינציק, אָדער כמעט גאָרנישט קיין יידישקייט", זענען ענלעכע אָדער אפילו די איי־גענע. לאַסאַל, באַטראַכטנדיק די פראַגע וועגן שמד, האָט באַשלאָסן, אַז אַזאַ אַקט וואָלט געווען קעגן זיין געוויסן, ווייל זייענדיק אַ נישט־גלייביקער ייד, וואָלט ער געזאָגט ליגנט, ווען ער וואָלט זיך דערקלערט פאַר אַ גלייביקן קריסט. קומט אויס, אַז אויך דער מיטלאַלטערלעכער ייד וואָלט אויף אַזאַ אופן געלייזט די זעלבע אַלטערנאַטיוו, אָט דער ייד, וואָס אים וואָלט גאָר נישט איינגעפאַלן דער געדאַנק וועגן דער מעגלעכקייט פרייוויליק צו פאַר־לאָזן זיין גלויבן! נישט שווין זשע האָט דער ה' מארגולים נישט פאַר־שטאַנען, אַז אויב לאַסאַל האָט נישט פאַרראַטן דאָס יידנטום צוליב נע־גאַטיווע מאָטיוון, — ווייל ער האָט אויך דאָס קריסטנטום נישט אָנער־קענט, פּונקט ווי דאָס יהדות, — האָט דער אָרטאָדאָקסאַלער ייד דאָס נישט געטאָן צוליב פּאָזיטיווע מאָטיוון, מחמת ער האָט אין יהדות געזען דעם איינציקן אמת, די איינציקע גייסטיקע ווערט, אָן וועלכער עס איז נישט בדאי צו לעבן? צי האָט דען אַ מענטש, ביי וועמען עס איז „כמעט נישט געווען קיין יידישקייט" געקאָנט טראַכטן וועגן יידנטום אַזוי, ווי אַ מענטש ביי וועמען אַלץ איז געווען יידיש, זיין גאַנצער גייסטיקער „איך", זיין גאַנצער לעבנסשטייגער, זיינע אַלע געשמאַקן, געוואוינהייטן און סימפּאַ־טיעס, דער גאַנצן זין פון לעבן?...

דער ה' מארגולים האָט אוודאי געדאַרפט אָט די פאַטאַלע אַנאַלאָגיע כדי צו באַווייזן, אַז מע קען זיין נישט קיין נאַציאָנאַלער ייד און אפילו „נישט האָבן און זיך כמעט גאָרנישט יידישס", און דאָך פאַרבלייבן אין יידנ־טום, — צוליב „מענטשלעכן געוויסן". אַזוי אַרום וויל ער באַרעכטיקן יענע אַסימילירטע אינטעליגענץ, וועמעס אָנגעהעריקייט צום יידנטום באַ־

גרענעצט זיך נאָר דערמיט, וואָס זי האָט זיך נאָך נישט געשמדט. אָבער מע דאַרף זיין שוין גאָר ווינציק איבערקלייבעריש, אַז מע זאָל זיך צו־פרידן שטעלן מיט אַזאַ אינטעליגענץ. לעצטנס קומט אָפט אויס צו הערן אַזאַ מין טענה מצד אינטעליגענטן, וואָס מיטן יידנטום האָבן זיי קיין שום אַנדער שייכות נישט ווי נאָר דורך זייער מעטריקע: לײַדן מיר דען נישט פאַרן יידנטום? ווען מיר זאָגן זיך נאָר אָפּ פון יידנטום, וואָלטן מיר דאָך געגאָסן פון אַלדאָס גוטס? אַזעלכע מענטשן קען מען ענטפערן: „אוודאי זענט איר בעסער פון די, וואָס זייענדיק אינערלעך אָפּגעריסן פון יידנטום, האָבן עס אויך געטאָן אויסערלעך, אָפיציעל. אָבער אייער קרבן איז גע־ווען נייטיק פאַר אייער אייגענעם געוויסן, אָבער נישט דעם פאָלק, וואָס אין זיין מחנה זענט איר אָנגעשלאָסן בלויז צאָלמעסיק. פאַרבלייבנדיק יידן נאָר לויטן נאָמען, דערווייזט איר דערמיט, אַז איר פאַרמאָגט נישט קיין נאַציאָנאַלן געוויסן, קיין גייסטיקע און מאָראַלישע שייכות מיט אייער פאָלק. איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז דאָס נישט אָפּרייסן זיך פון פאָלק הייסט נאָך נישט, אַז איר געהערט צו אים. דאָס נישט זיין אָפיציעל אַ נישט־ייד הייסט נאָך נישט, אַז מען איז אַ ייד. ווען איר זענט אינערלעך אַסי־מילירט (אַזוי ווי לאַסאַל) מיט אַן אַנדער פאָלק, געהערט איר שוין נישט פאַקטיש צו אייער פאָלק. איר גיט אַזוי ווינציק דעם יידנטום, ווען נאַ־ציאָנאַלע אינטערעסן זענען אייך פרעמד, פונקט אַזוי ווי דאָס יידנטום — אייך, אייער לעבנס־פּראָגראַם. אויב די גאַנצע אינטעליגענץ וואָלט גע־ווען ענלעך צו אייך, וואָס איר פאַרבלייבט אין יידנטום נאָר דערפאַר, ווייל דאָס אַוועקגיין איז קעגן געוויסן, וואָלטן מיר שוין לאַנג נישט גע־האָט קיין יידישע אינטעליגענץ".

קיינער, פאַרשטייט זיך, קען נישט שטערן דעם ה' מאַרגוליס צו קאָ־מענטירן די געשיכטע און די היינטיקע צייט אויף זיין שטייגער און זיי אַרומוויקלען מיט אַ גערדיכטן נעפּל. שלעכט איז אָבער דאָס, וואָס איז זיין פאַרנעפּלטער גייסטיקער פּריזמע באַקומען פרעמדע געדאַנקען פאַרקריפּל־טע פאָרמעס. פון די מצרישע עשר־מכות האָט מיין קריטיקער אויסגעקליבן חושך, ווי אַן אינסטרומענט אין קאַמף מיטן קעגנער: ער פאַרטונקלט סיסטעמאַטיש די קלאָרסטע געדאַנקען מיינע. אָנווענדנדיק אָט די „מכה" צו מיין פאָרמולע פון טעזיס, שלאָגט ער מיט דער זעלבער אויך די פאָר־מולע פון אַנטיטעזיס. איך האָב געזאָגט, אַז אין דער עפּאָכע פון אַנטי־טעזיס האָט די יידישע געזעלשאַפט פון מערב־אייראָפּע און דערנאָך „די העכערע שיכטן פון רוסישן יידנטום" זיך אָפּגעזאָגט פון דער פאָרשטע־לונג בנוגע דעם יידנטום, ווי וועגן אַ לעבעדיקער, אינערלעך־אויטאָנאָמער נאַציע, און האָבן פּראָקלאַמירט די דאָגמע פון צונויפגיסן זיך מיט די אַרומיקע נאַציעס. „זיי, — האָב איך געזאָגט, — זענען אַוועק גאַנץ ווייט אויף וועג פון אַסימילאַציע... אַנדערע פלעגן, ווי דער שטן ביי איובן,

צונעמען בײַ זײַער געוועזענער נאַציע אַלץ, חוץ דער נשמה, וואָס איז בײַ זיי עפּעס ווי אײַנגעשרומפּן געוואָרן, אַרײַנגעקוועטשט געוואָרן אין דעם סדום־בעטל פון עטלעכע רעליגיעזע דאָגמעס און מנהגים" (אויבן ז. 98). אויף דעם ענטפערט מען מיר:

„אויב דאָס וואָלט אַזוי געווען, וואָלט אין אַ משך פון הונדערט יאָר נישט פאַרבליבן קיין יידן. הי ד. האָט פאַרגעפּילט אַט די טענה אַגו דעריבער האָט ער פאַרזיכטיק צוגעגעבן, אַז די יידישע נשמה איז עפּעס ווי דורך אַ נס אײַנגעהיט געוואָרן *), נאָר זי איז אַרײַנגעקוועטשט געוואָרן אין דעם סדום־בעטל פון עטלעכע מנהגים און דאָגמעס. ס'איז גענוג זיך נאָר אַרײַנצוטראַכטן אין דאָזיקן געדאַנק, אַז אין משך פון הונדערט יאָר האָט די נשמה זיך געהאַלטן אין אַזאַ ווינציק דערנערטן גוף, ווי דאָס זענען עטלעכע מנהגים***), כדי צו באַנעמען די גאַנצע אוממשותדיקייט פון אַזאַ צוגאַנג. מיר אָבער זענען שטענדיק געוואוינט געווען צו טראַכטן, אַז אַ היסטאָרישע נשמה האַלט זיך אויף נישט בלויז אַ דאַנק אַ טויטער שאָלעכץ. דער מאַסן־ייד איז שטענדיק נאָכגעגאַנגען נאָך די, אין וועמעס אויפריכטיקייט ער האָט געגלייבט... אגו אין די לעצטע הונדערט יאָר האָט די יידישע אינטעליגענץ, ווי אַזוי זי זאָל נישט האָבן געשטרעבט צו אַסימילאַציע, דאָך באַוויזן אַריבערצוציען אויף איר זײַט בלויז אַן אומבאַדײַטנדיקן טייל פון יידנטום, און די מאַסע פאַרבלײַבט אונטער דעם פריערדיקן אײַנפלוס... בײַ אַזעלכע באַדינגונגען האָט דער מאַסן־ייד נישט געקענט אויפהערן צו זײַן אַ ייד". (ז"ז 105—107).

דער ה' מאַרגולים רײַסט זיך אין אַן אָפענער טיר און ענטפערט נישט דערויף, וואָס איך האָב געזאָגט, נאָר אויף דעם אומזין, וואָס ער האָט מיר צוגעשריבן. וואו געפינט איר בײַ מיר אַזאַ אומזין, אַז „דער מאַסן־ייד" האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זײַן נאַציאָנאַלער אידעע כדי זיך צונויפצוגיסן מיט פרעמדע פעלקער? און האָב איך דען געקענט זאָגן עפּעס אַזוינס אין דער צייט, ווען פון די פינף מיליאָן רוסישע יידן לעבן פיר און אַ האַלבן מיליאָן אין באַדינגונגען נישט בלויז פון רעליגיעזער, נאָר אויך פון דער סאַמע שטרענגסטער נאַציאָנאַלער פאַרזיכיקייט? איך האָב קלאָר געזאָגט,

---

*) דער הי מאַרגולים ציטירט די פראַזע מיט קורסיוו, דערבײַ באַנוצט ער אָנשטאָט דעם וואָרט „אײַנגעשרומפּן" — דעם וואָרט „אײַנגעהיט", אגו אין קלאַמערן גיט ער צו איראָניש: „באַשײַמפּערלעך דורך אַ נס" (105) און ווײַטער קאָמענטירט ער די זעלבע פאַרדרייטע ווערסיע, נישט באַמערקענדיק, אַז זי בינדט זיך גאָר נישט.

**) זע די פריערדיקע באַמערקונג.

***) און וואו זענען די דאָגמעס, וועגן וועלכע איך האָב גערעדט?

אַז אין דער עפּאָכע פון אַנטיטעזיס האָבן זיך די „העכערע שיכטן פון יידנ־טום אין רוסלאַנד", ד"ה די אינטעליגענץ און דער האַלב־קולטורעלער קלאַס, געשטעלט אונטער דער פאָן פון אַסימילאַציע. אָבער די צרה איז אין דעם, וואָס צו דער אַסימילירטער מינדערהייט געהערט אַ טייל אינ־טעליגענץ מיט השׂפּעה, וואָס ציט ביסלעכווייז אַריבער צו זיך אויב נישט די ברייטע מאַסן, איז באַדייטנדיקע גרופּעס פון דער אַזוי גערופענער „געזעלשאַפט". אין רשות פון דער דאָזיקער מינדערהייט געפינט זיך די פאַרוואַלטונג פון אַ סך געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, באַזונדערס פון בילדונג. איז דען דאָס נישט אַ שטאַרקער כּלי־זין אין די הענט פון דער אַסימילירטער אינטעליגענץ פאַר דער בהדרגהדיקער דענאַציאָנאַליזאַציע פון די מאַסן?

אָפּפאַרטיקנדיק זיך אַזוי לייכט מיטן טעזיס און אַנטיטעזיס, האָט דער ה' מאַרגוליס זיך גענומען צום סינטעז. דעם לעצטן האָב איך, צווישן אַנדערע, כאַראַקטעריזירט ווי אַן איבערגאַנג ביים פאָלק פון נאָכמאַכערי־שער „העטעראָנאָמיע", אָדער פרעמדגעזעצלעכקייט, צו אָריגינעלער „אווי־טאָנאָמיע", צו אַ ריכטיקער אַנטוויקלונג אין גייסט פון זיין היסטאָרישער עוואָלוציע. בשייכות דערמיט מאַכט אָן מיין קריטיקער אַזאַ נעפּל:

„...דער קאָמפּליצירער היסטאָרישער יחיד איז נישט אונטערגע־וואָרפן עפּעס באַזונדערע „אַנטוויקלונגס־געזעצן", נאָר אַרבעט אויס באַזונדערע לעבנס־דרכים, וואָס זענען נאַטירלעך פאַר זיין גייסטיקן און מאָראַלישן מהות. איז דעריבער נישט פּאַסיק צו רעדן וועגן אַרויפצווינגען פרעמדע געזעצן און אָנווענדן געוואַלט איבערן פאָלק. אויב די אַנטוויקלונגס־געזעצן זענען אַלגעמיינע, קענען נישט זיין קיין פרעמדע געזעצן, און אויב, להיפוך דער לאָגיק, עקזיסטירן יאָ פרעמדע געזעצן, זענען זיי נישט בכוח אומצוברענגען דעם פאַרזיכיקן לעבנשטייגער, וואָס האָט זיך אויסגעפּאָרמירט אין משך פון יאָר־טויזנטער... הי דובנאָוו האַלט, אַז דאָס צונויפגיסן זיך מיט אַנדערע באַליידיקט די נאַציאָנאַלע געפילן פון דער נאַציע, אפילו ווען זי איז אין אַ פּאָליטיש־שפּלדיקן מצב... אָבער... מע קען זיך באַציען מיט ליבשאַפט צו די אַלגעמיין־מענטשלעכע ווערטן פון פאָלק און גלייכ־צייטיק פילן אַ פולע קרובהשע סימפּאַטיע צו די אויסשליסלעך פאַר־זיכיקע שטריכן, נישט אַסימילירנדיק זיך מיט די אַנדערע פעל־קערשאַפטן... אין דעם אַרטיקל וועגן אָרשאַנסקין... האָבן מיר באַ־וויזן, וואָס אַזוינס די מענטשן פון די זעכציקער יאָרן האָבן פאַר־שטאַנען אונטער אַסימילאַציע: אַ צונויפגיסונג נאָר לויט די אויסער־לעכע פאָרמעס מיט דער הערשנדיקער סביבה, אָבער לויטן גייסט, לויט דער שטרעבונג צו אַנטוויקלען זייער אינערלעכע קולטור, האָבן זיי פאַרשטאַנען ליבשאַפט צום עבר, צו זייערע היסטאָרישע דענק־

מעלער, סימפּאַטיע צום גורל פון זייער פאָלק, פאַרשפּרייטן יידיש וויסן אד״גל... דאַרף מען דאָך נעמען אין אַכט איר (דער אַסימילאַציעס) אינהאַלט, וואָס האָט אויך אירע פאָרשטייער, און מע דאַרף אונטערשיידן ליכטיקע אַסימילאַציע פון טונקעלער*).

די ערשטע טייל פון די דאָזיקע טענות איז נישט מער ווי אַ שפּיל פון ווערטער. דער ה׳ מאַרגוליס אנערקענט נישט קיין „באַזונדערע געזעצן" אין דער אַנטוויקלונג פון פעלקער, ער אנערקענט נאָר „באַזונדערע" אָדער פּאַרזיכיקע, לעבנס־פּאָרמעס" ביי יעדער פאָלק. אָבער וואָס איז אַזוינס „היסטאָרישער געזעץ"? אין וויסנשאַפטלעכן זין מיינט דאָס — די פאָרמולע פון סיבותדיקע שייכותן צווישן איינאַרטיק זיך איבערחזרנדיקע היסטאָרישע דערשיינונגען. אין אַלגעמיין באַנוצטן זין ווערט אונטער היסטאָרישע געזעצן פאַרשטאַנען: יסודותדיקע סאָציאַלע אָדער גייסטיקע כוחות, וואָס קערעוועון דאָס לעבן פון געגעבענעם פאָלק במשך פון אַ מער אָדער ווייניקער דויערנדיקער צייט. אָבער אויב ביי יעדער נאַציע עקזיסטירט, חוץ די אַלגעמיין מענטשלעכע, אויך אינדיווידועלע „לעבנס־שטריכן", איז קלאָר, אַז צווישן אָט די אינדיווידועלע שטריכן און דעם אַלגעמיינעם לעבנשטייגער דאַרפן זיך איינשטעלן אויך ספּעציעלע שייכותן. דאָס זעלבע איז — מיט די „פּירנדיקע כוחות": ביי פאַרשידענע פעלקער דערשיינען זיי אין פאַרשידענע פּראָפּאָרציעס (למשל אין אַלטן רוים איז דער עיקרדיקער פירנדיקער כוח געווען מלוכהשאַפט; אין יהודה — דער רעליגיעז־עטישער עלעמענט, וואָס האָט אויפגעריסן די מלוכהשאַפט און דער נאָך פאַרנומען זיין אָרט). אוודאי זענען נישט ניי די כוחות גופא, וואָס ווירקן אין דער געשיכטע, נאָר זייערע באַזונדערע קאָמבינאַציעס אין דער געשיכטע פון יעדן פאָלק. אָט די ספּעציעלע כוחות־קאָמבינאַציעס און די באַזונדערע שייכותן צווישן דערשיינונגען האָב איך באַצייכנט ווי „ספּעציעלע געזעצן". למשל, עס וועלן זיך נישט אַנטוויקלען אַלץ איינס צוויי נאַציעס, וואָס זענען לגמרי אַנדערש לויט זייער היסטאָרישן עלטער און פּאָליטישער לאַגע. אַן אוראַלטע נאַציע, וואָס האָט אויפגעהיט אירע קולטור־טראַדיציעס, וועט אויפנעמען עלעמענטן פון אַ נייער קולטור מיט אַ גרעסערן אָפּקלייב און וועט זיי אַנדערש קאָמבינירן מיט די אייגענע גייסטיקע רעזערוון, איידער אַ פריש־צאַפּלדיקע נאַציע, אַ היסטאָרישע „טאַבולאַ ראַסאַ". ביי אַן אָפּהענגיקער און גערודפטער נאַציע אַרבעטן זיך אויס אַנדערע סאָציאַלע עמאָציעס, אַנדערע נאָרמעס פון פאָלקישער און רעכטלעכער זעלבסטפאַרטיידיקונג, איידער ביי אַ הערשנדיקער נאַציע, ביי אַ רעזשים פון מיליטאַריזם און פאַרשטאַרקטער מלוכהשאַפט. ועל־כולם, די אַנ־

*) בוך 5, ז״ז 111—112, די לעצטע צוויי קורסיוון — אין אָריגינאַל.

געזאַמלטע היסטאָרישע דערפאַרונג שאַפט, אין שייכות מיט דער דורותדי־קער פאַרירשונג; אַ געוויסן נאַציאָנאַלן לעבנשטייגער, שטרעבונגען, אי־דעאַלן. אַ באַוואוסטזיניקע אַנטוויקלונג פון דער אינטעליגענץ אין אַט דעם נאַציאָנאַלן גייסט האָט איך באַצייכנט ווי „אויטאָנאָמיש"; און דאָס בליג־דע, צי בכיוונדיקע נאָכמאַכן דעם פרעמדן פאָלק — „העטעראָנאָמיש".

די העטעראָנאָמישע אַנטוויקלונג פון אַ געוויסן טייל פון פאָלק פירט אויף אַ פאַטאַלן אופן דערצו, אַז ער זאָל אָפּפאַלן פון יענעם טייל פאָלקס־אָרגאַניזם, וואָס אַנטוויקלט זיך אויטאָנאָם. די פרעמדע אַנטוויקלונגס־פאָר־מעס, לויט דער אָפּטימיסטישער פאַרזיכערונג פון ה' מאַרגולים, „זענען נישט ביכולת צו פאַרניכטן די פאַרזיכיקע לעבנס־שטריכן, וואָס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין משך פון יאָר־טויזנטער". יאָ, טאַקע נישט ביכולת — ביי דעם טייל פון פאָלק, וואָס קעמפט אָן אויפהער פאַר זיין פאַרזיכיקייט און שטעלט אַ כסדרדיקן ווידערשטאַנד די אויפגעצוואונגענע לעבנס־פאָרמעס, וואָס זענען אים פרעמד; אָבער אַלדאָס פאַרזיכיקע מוז על פי הכרך פאַרשווינדן ביי יענע שיכטן פון פאָלק, וואָס ווייזן אַרויס אַ נטיה צו „פרעמדע פאָרמעס", צו אַסימילאַציע. בלויז דאָס 19־טע י"ה אַליין האָט אויסגעוואָרצלט די קענטעניש פון דער יידישער שפּראַך, וואָס איז מיט ליבשאַפט געהיט געוואָרן אין משך פון יאָרטויזנטער דורך די יידן פון מערב־אייראָפּע, וואָס איצט רעדן זיי, לייענען, שרייבן און דאַווע־נען אפילו אויף דייטש, פראַנצויזיש אָדער ענגליש, און אַזוי אַרום זע־נען פאַר זיי פאַרשלאָסן די אמתע קוואַלן פון אונדזער דורותדיקער לי־טעראַטור. און נישט נאָר די ליטעראַטור אַליין: דאָס גאַנצן לעבן און קול־טור פון יידנטום איז פרעמד פאַר צענדליקער טויזנטער נאָמינעלע יידן, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט אין דעם גייסט, וואָס געפעלט אַזוי דעם ה' מאַרגולים.

מיין קריטיקער טרעט אַרויס, ווי אַ פאַרטיידיקער פון עפּעס אַ „ליב־טיקער אַסימילאַציע", „וואָס האָט אויך אירע פאַרשטייער" (איך בין נישט מסופק אין דעם) און וואָס מיינט „באַהעפטונג נאָר לויט אויסערלעכע פאָרמעס מיט דער אַרומיקער סביבה". אָבער געוויסע „אויסערלעכע פאָר־מעס" זענען דאָך אַ רעזולטאַט פון אַ פאַרזיכיקער נאַציאָנאַלער עוואָלו־ציע, און „באַהעפטונג" וואָלט דאָך באַטייט אָפּזאָגן זיך פון איר. אויב, למשל, אַ קולטורעלער ייד טראָגט דייטשישע אָדער רוסישע בגדים, פאַר־ראָט ער דערמיט נישט זיין פאָלק; אויב אָבער ער דערציט זיינע קינדער לויט דער דייטשישער אָדער רוסישער שול־פּראָגראַם, פּישט געבנדיק זיי קיין יידישע צוגרייטונג, שאַפט ער שוין דערמיט פאַר זיי אַן איבערגאַנג פון אויסערלעכער באַהעפטונג צו אינערלעכער. וואָס זשע בלייבט דע־מאָלט? — „ליבשאַפט צום עבר און סימפּאַטיע צום גורל פון זיין פאָלק" — באַרואיקט אונדז דער אומדערמידלעכער ה' מאַרגולים. ווי רירנדיק!

א ייד קאָן זיך באהעפטן „אין די אויסערלעכע פאָרמעס" מיט דייטשן, מיט רוסן און פראנצויזן און נאָר „ליב האָבן די פארגאנגענהייט" פון יידישן פאָלק, און „סימפאטיזירן מיט זיין גורל". אָבער איך קאָן דאָך אויך סימפאטיזירן מיט גורל אי פון די היינטיקע בורן אי פון די גע־רודפטע ארמענער; איך קען „ליב האָבן די פארגאנגענהייט" פון די קלאַ־סישע גריכן, פון די האָלענדער פון דער צייט ווען זיי האָבן געקעמפט מיט פיליפן, פון פראנקרייך בעת דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלו־ציע, — נישט שוין זשע איז דאָס געווגג, כדי איך זאָל זיך שוין האלטן פאַר א בור, ארמענער, אָדער א פראנצויז? פארזיכערן אונדז דען נישט די אין גאנצן אסימילירטע יידן, וואָס רופן זיך דייטשן, פאָליאקן אד"גל, אז זיי „סימפאטיזירן" מיט זייערע „גלויבנסגענאָסן"?

דאָס איז איינע פון די ווינציקע ערטער, וואו דער ה' מארגולים גיט אומפאָרזיכטיק ארויס דעם סוד פון זיין סימפאטיע צו „אסימילאציע", כאָטש מיט אומבאדייטנדיקע באוואָרעניש, וועלכע איך האָב דאָ אָנגע־וויזן. נאָך דעם בלייבט נאָר צו באוואונדערן די קאטעגאָרישקייט, מיט וועל־כער ער גרענעצט זיך אָפּ פון אסימילאציע בכלל אין אנדערע ערטער פון זיין ארטיקל. צו וואָס אזא אידעישע עקוויליבריסטיק?

אנאַליזירנדיק ווייטער מיין הנחה, אז דער סינטעז דאַרף כולל זיין דאָס בעסטע פון דעם טעזיס (נאציאָנאַלע פארזיכיקייט) און פון אנטי־טעזיס (דאָס אויסברייטערן די אינדיווידועלע און בירגערלעכע פרייהייטן), באקלאָגט זיך דער ה' מארגולים, נעבעך, אז ביי מיר ווערט דער סינטעז רעדוצירט נאָר צו אויטאָנאָמיע, ד"ה — פארטייטשט ער — „צו דער ערגסטער זייט פון ביידע „קעגנזאצן". ער איז אפילו „איבערראשט פון דעם שרעקלעכן רעזולטאט" פון מיין טעזיס, וואָס איז פאָרמולירט ווי א „שטרעבונג צו אויטאָנאָמיע און א ווידערווילן און פאראכטונג צו העטע־ראָנאָמיע" (5, 112—113). געווים, פאַר אן אָנהענגער פון אסימי־לאַציע" איז קולטור־אויטאָנאָמיע די „שלעכטע זייט", און ווידער־דערווילן צו העטעראָנאָמיע" — „שרעקלעך". וועל איך בלויז אויפקלערן מיין אָפּאָנענט, אז „ווידערווילן צו העטעראָנאָמיע" מיינט נישט, ווי ער טייטשט על פי טעות, „ווידערווילן צו פרעמדן גייסט און פרעמדע פאָר־מעס פון אנטוויקלונג", נאָר ווידערווילן צום אָנוואַרפן די דאָזיקע פרעמדע פאָרמעס א פאָלק, וואָס איז פעיק זיך צו אנטוויקלען אויף זיין אייגענעם שטייגער. שוין זשע איז „שרעקלעך" אזא ווידערווילן צו אונטערדריקונג, א ווידערווילן אין נאָמען פון נאציאָנאַלער פרייהייט?

נישט האָבנדיק קיין בעסערע ארגומענטן קעגן אויטאָנאָמיע, וואָס איז אים נישט ליב, באנוצט זיך מיין אָפּאָנענט מיט אן אויסטערלישן צונויפ־מישן פון נאציאָנאַלער אויטאָנאָמיע מיט פארטייאישע שטרעבונגען. ער

פרעגט: ווי אַזוי איז מעגלעך קהלה־אויטאָנאָמיע, בעת דאָרט עקזיסטירן פאַרשידענע פּאַרטייען?

„אויטאָנאָמיע, — זאָגט ער, — קען נישט האָבן די קאָמפּעטענץ צו קערעווען דעם גייסט פון דער קהלה אין אַ באַשטימטער ריכטונג. צו דער קאָמפּעטענץ פון דער אויטאָנאָמיע קען אויך נישט געהערן דאָס איינפירן אַן אויסשליסלעך־אָרטאָדאָקסישן רעזשים אין די סי־נאַגאָגעס, אָדער אַ באַזונדער סיסטעם פון לערנען אין די שולן או"וו... די גאַנצע קהלה קען נישט באַשטיין פון גלייך דענקענדיקע קהלה־מיטגלידער אין ענינים פון רעליגיע, דערציונג און געזעלשאַפטלעכ־קייט. אַזאַ ענג געשלאָסענע אָרגאַניזאַציע מיט אַ ברייטער מאַכט (וועמעס?) צו פאַראייניקן אַלע מיטגלידער מיט איין רייף, ווי ה׳ דוב־נאָוו רעקאָמענדירט, איז עלול מיט געוואַלט אַרויפצוצווינגען אַזאַ קולט(?), פון וועלכן די קהלה וואָלט אַ קרעכץ געטאָן". (114,5).

כדי צו ענטפערן אויף אָט דער מאָדנער טענה, מוז איך, צום באַדויערן, אויפקלערן דער מחבר עטלעכע אלף־בית־אמתן. אונטער קולטור־אויטאָ־נאָמיע ווערט פאַרשטאַנען דאָס רעכט פון דער געגעבענער נאַציאָנאַלער מינדערהייט איינצואָרדענען אויף איר שטייגער די קהלשע און דערציע־רישע אינסטיטוציעס, אומאָפּהענגיק פון די זעלבע אינסטיטוציעס ביי דער נאַציאָנאַלער מערהייט, ד"ה, מחוץ פון די קינסטלעכע פרעמדפאָלקישע השפּעות; אָבער דאָס מיינט בשום אופן נישט קאַזאַרמישע איינטאָניקייט אין דער געזעלשאַפט גופא, וואָס געניסט פון אויטאָנאָמיע. דער נאַציאָנאַ־לער ייד קאָן זיין סיי אַן אָרטאָדאָקס סיי אַ פרייַדענקער. אין דער אויטאָנאָמער קהלה קאָנען די אָרטאָדאָקסן און ליבעראַלן קעמפן פאַר השפּעה, אָבער דאָס וועט זיי נישט שטערן צו פאַרטיידיקן מיט פאַראייניקטע כוחות זייער נאַ־ציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט. די שול, למשל, וועט אָבליגאַטאָריש זיין אַ נאַציאָנאַלע, אָבער צי זי וועט זיין אָרטאָדאָקסיש אָדער פּראָגרעסיוו — דאָס וועט שוין זיין אָפּהענגיק פון דעם צוזאַמענשטעל פון די פּאַרטייען אין יעדער קהלה. טאַקע די אויטאָנאָמיע פון כלל מאַכט מעגלעך פולע פריי־הייט פאַר די באַזונדערע טיילן, וואָס זענען מחולק בנוגע אינדיווידועלע, אָבער נישט נאַציאָנאַלע שטרעבונגען.

אַרויסטרעטנדיק קעגן מיין מיינונג וועגן דער נויטווענדיקייט צו פאַר־אייניקן די יידישע פּאָליטישע טוערס אין די קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער, דורך גרינדן פּאַרלאַמענטאַרישע נאַציאָנאַלע פראַקציעס, — זאָגט דער ה׳ מאַרגאָלים:

„דער ה׳ דובנאָוו פאַרגעסט, אַז... דאָס דערגרייכן די געגאַרטע דורך אים נאַציאָנאַלע קאָמפּאַקטקייט איז נאָך נישט גענוג פאַר אַ

קעמפּערישן פּאָליטישן כוח. דערצו איז נאָך נייטיק צו פאַרמאָגן אַ גרויסן פּאָליטישן פאַרשטאַנד, מע דאַרף האָבן אַ ברייטן פּאָליטישן האָריזאָנט, אָראַטאָרישן טאַלאַנט און אַלזייטיקע בילדונג. די רעדעס פון די דעפּוטאַטן, מעגן זיי האָבן דורכגעגאַנגען דורך דעם ריינסטן נאַציאָנאַלן פילטער, קאָנען אין פּאַרלאַמענט האָבן פּונקט אַזאַ איבל־דיקע ווירקונג, ווי עס האָבן די טאַלאַנטלאָזע אַנטיסעמיטישע רע־דעס. דערפאַר אָבער קאָן אַן אמתער קעמפערישער דעפּוטאַט, זייענ־דיק אויסגעוויילט נאָר דורך קריסטן, נישט זייענדיק בכלל אָנגע־שלאָסן אין אַ ריין־יידישער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי, פירן אַזאַ אינ־טענסיווע טאַלענטירטע פאַרטיידיקונג, וואָס חלומט זיך אפילו נישט אונדזערע נאַציאָנאַליסטישע חכמים... מיר וועלן אָנהייבן דערפון, וואָס זייער אָפט (?) הערט מען אין די פּאַרלאַמענטן אַ וואָגיקע פאַר־טיידיקונג פון יידן מצד קריסטן... פון דער צווייטער זייט, ווייסט די געשיכטע וועגן ביישפּילן אין דער עפּאָכע פון אַנטיטעזיס... ווען אין דייטשישן פּאַרלאַמענט האָבן זיך געלאָזט הערן גלענצנדיקע רע־דעס פון יידן, וואָס זענען צומאָל אויסגעוויילט געוואָרן אויס־שליסלעך דורך קריסטן. דער אַלוועלטלעך באַקאַנטער יידישער דע־פּוטאַט לאַסקער, וואָס איז געווען טעטיק אין סאַמע ברען פון אַנטי־סעמיטישן פּעריאָד, און וואָס איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער נאַציאָנאַל־ליבעראַלער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד, איז געווען אַ גלענצנ־דיקער פאַרטיידיקער פון יידישע רעכט" אא"וו (ז' 36).

קומט אויס, אַז כל־זמן אַ ייד אַ דעפּוטאַט איז אַ מיטגליד פון אַ פרעמ־דער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי, איז ער שוין פאַרזיכערט סיי מיט פּאָליטישן פאַרשטאַנד, סיי מיט אָראַטאָרישן טאַלאַנט און איז פעיק (צי ער וועט וועלן — דאָס איז נישט וויכטיק) צו פירן „אַן אינטענסיווע פאַרטיידיקונג פון יידן"; אָבער ווי נאָר ער טרעט אַריין אין באַשטאַנד פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַקציע, וועט ביי אים גאָט צונעמען אי זיין פּאָליטישן פאַרשטאַנד, אי זיין אָראַטאָרישן טאַלאַנט, אי די פעיקייט צו אינטענסי־ווער פאַרטיידיקונג פון זיינע שטאַמברידער, און „די רעדעס זיינע וועלן האָבן אַזאַ איבלדיקע ווירקונג, פּונקט ווי די טאַלאַנטלאָזע רעדעס פון די אַנטיסעמיטן". גאָט מיינער, פאַרוואָס אַזאַ שטראָף? נישט שוין זשע קע־נען יידן זיין באַגאַבט נאָר דעמאָלט, ווען זיי דינען אַנדערע נאַציעס און נאָר דרך אגב „פאַרטיידיקן" זייער דאָס אייגענע פאָלק? דאָס איז שוין עפּעס אַ נייעס אויפן געביט פון פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע...

פאַרשטייט דען נישט דער ה' מאַרגולים, אַז אַ יידישער דעפּו־טאַט, וואָס איז נישט קיין מיטגליד פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַק־ציע וועט נאָר קאָנען פאַרטיידיקן יידן; אָבער אַ דעפּוטאַט, וואָס איז יאָ אַ מיטגליד פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַקציע, איז מחויב דאָס צו טאָן

און שטענדיק וועט ער פּאַרטיידיקן די אינטערעסן פון זיין פאָלק? — אין 4טן בריוו האָב איך אָנגעוויזן אויפן ביישפּיל פון די עסטרייכישע יידישע דעפּוטאַטן, משרתים פון „פּוילישן קלוב". זיי, כאָטש זיי קאָנען, ווילן אָבער נישט פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן. דער ביישפּיל פון לאַסקערן איז א נישט־געלונגענער. אָט דער פירער דער דייטשישער נאַציאָנאַל־ליבעראַ־לער פּאַרטיי, פלעגט צייטנווייז אַרויסטרעטן פאַר יידישער גלייכבאַרעכטי־קונג, ער פלעגט דאָס אָבער טאָן אויפן באָדן פון אַסימילאַציע, אָבער נישט פון נאַציאָנאַל־יידישער אויטאָנאָמיע. ער האָט געפאָדערט בירגערלעכע גלייכ־באַרעכטיקונג פאַר יידן, ווי פאַר אַן אָרגאַנישן טייל פון דער דייטשישער נאַציע — פאַר יענע יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער נאַציאָנאַלי־טעט און געבליבן געטריי נאָר זייער רעליגיע. אין לאַסקערס אויגן זענען די יידן פּונקט אַזעלכע דייטשן, ווי אַנדערע, נישט מער וואָס זיי זענען פון יידישן גלויבן, פּונקט ווי עס זענען פאַראַן דייטשן קאַטאָליקן און דייטשן פּראָטעסטאַנטן. אַזעלכע „פּאַרטיידיקער" האָבן מיר אויך היינט. אָבער אין דעם איז טאַקע דער זין פון אונדזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, אַז מיר זאָלן אַרויסרוקן פּאָלקסקעמפער נישט קיין האַלבע יידן, נאָר יידן, וואָס ווילן אויסקעמפן פאַר זייער נאַציע די פולע מאָס פון קולטור־אויטאָנאָמע רעכט, צוגלייך מיט אַנדערע, פּאָליטיש אָפּהענגיקע נאַציעס.

ווייטער גיט אונדז דער ה' מארגוליס די פאָלגנדיקע טיפזיניקע לעק־ציע פון פּאָליטישער חכמה:

„נאַציאָנאַליזאַציע אויפן פּאָליטישן געביט קאָן ווינציקער פאַר אַלץ דערפירן צו הומאַניטאַרע רעזולטאַטן. דאָס גרופּירן זיך לויט נאַציאָנאַלע פּאַרטייען, די נויטווענדיקייט צו גרופּירן זיך לויט ספּע־ציעלע אינטערעסן — איז גיכער אַ סימן פון מאַכטלאָזיקייט און דעגענעראַציע(?), פון אַ מאַנגל אין פעסטע אַלגעמיין־מענטשלעכע פּרינציפּן, אַ סימן פון סאָציאַלער ירידה... אַ ביישפּיל — דאָס היינ־טיקע טשעמבערלעניסטע ענגלאַנד" (37,6).

כדי צו פאַרשטיין אָט דאָס גאַנצע „אַטישע זאַלץ" פון אַזעלכע אַרגו־מענטן, טאָ שטעלט זיך אויף אַ מינוט פאָר, אַז זיי ווערן אַרויסגערוקט נישט קעגן נאַציאָנאַליסטן־יידן, נאָר קעגן נאַציאָנאַליסטן־אירלענדער, וואָס פאָדערן אויטאָנאָמיע. אַן אירלענדער־אַסימילאַטאָר רעדט, למשל, צו זיי־נע לאַנדסלייט מיט די ווערטער פון ה' מארגוליס: „נאַציאָנאַליזאַציע אין דער פּאָליטיק איז קעגן הומאַניזם, ווי איר זעט דאָס אויפן ביישפּיל פון טשעמבערלענישן ענגלאַנד, וואָס דריקט אייך. איר גרופּירט זיך אין פּאַר־לאַמענט אין אַ באַזונדערער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי — אין אַן אירלענדי־שער; דאָס טויג נישט: דאָס איז אַ סימן פון מאַכטלאָזיקייט און דעגע־נעראַציע, דאָס איז אַ פאַרלייקענונג פון די אַלגעמיין מענטשלעכע פּרינ־

ציפּן". דערויף ווערט אַן אירלענדישער נאַציאָנאַליסט געווים ענטפערן: „יאָ, טשעמבערלענס נאַציאָנאַליזאַציע, וואָס איז געווענדעט צו אונטערדריקן אונ־דזער אויטאָנאָמיע, איז טאַקע באמת נישט הומאַניש; אָבער מיר קעמפן דאָך טאַקע קעגן אָט דער דאָזיקער נישט־הומאַנישקייט, גרינדנדיק אונד־זער נאַציאָנאַלע פּאַרטיי אין פּאַרלאַמענט, פּאַראייניקנדיק זיך אין נאָמען פון אונדזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. מען וואָלט אונדז געקאָנט פירהאַלטן „מאַכטלאָזיקייט און דעגענעראַציע", ווען מיר וואָלטן נישט געפירט אַזאַ קאַמף. ס'איז נאַריש אַרויסצוטרעטן קעגן אונדז מיטן ביישפּיל פון נאַ־ציאָנאַליסטן־אונטערדריקער, וואָס זייער ציל איז, אין מאָראַלישן זין, אַ פּונקט פאַרקערטער ווי אונדזערער: מיר שטרעבן דאָך נישט אונטערצו־דריקן די אויטאָנאָמיע פון ענגלאַנד".

אגב, מיין איך, אַז צוויי אירלענדער וואָלט גאָר אַזאַ קאָלאָק־וויום בכלל גאָר נישט געקענט פּאָרקומען, ווייל עס וואָלט זיך קוים געפו־נען אַן אירלענדער ביים קלאָרן זינען, וואָס וואָלט אַרויסגעדרוקט אַזעל־כע אומגעלומפּערטע טענות צו זיין אייגענער נאַציאָנאַלער אידעע. אָבער ביי אונדז יידן, וואו עס עקזיסטירט אַן אייגענע נאַציאָנאַלע פראַגע, וואָס טיילט זיך אויס פון אַנדערע אַנאַלאָגישע פראַגעס נאָר לויט דער פאָרעם און מדרגה, אָבער נישט אין תוך, — ביי אונדז איז מעגלעך, אַז פון אַ יידיש מויל זאָלן מיר הערן אַזעלכע אַרגומענטן קעגן דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון אונדזערע פּאָליטישע כוחות.

יאָ, ביי אַ טייל פון אונדזער אינטעליגענץ איז נאָך גרויס דער כוח פון מאָראַלישער קנעכטשאַפט, וואָס רעגט אויף אפילו אייניקע פריידענ־קערישע קריסטן. אָט, למשל, האַלט דער ה' מאַרגוליס, אַז די יידישע פּאַר־לאַמענטאַרישע פּאַרטיי אין עסטרייך־אונגאַרן איז נישט נייטיק, ווייל די יידישע אינטערעסן קאָנען ווערן פאַרטיידיקט אָדער דורך „הומאַניטאַרע קריסטן", אָדער דורך די יידן פון די אַלגעמיינע פּאַרטייען; ער פאַרזיכערט אונדז פייערלעך (ענטפערנדיק אויף מיין געדאַנק, אַז אין אַמעריקע קאָן זיין אַ ברייט פעלד פאַר יידישער אויטאָנאָמיע), אַז „דווקא אין אַמעריקע קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן „נאַציאָנאַליזאַציע", ד"ה וועגן שאַפן אַ יידישע נאַציאָנאַל־פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרטיי (ז. 40). אָבער דער טשעכי־שער פּראָפעסאָר מאַסאַריק (און נאָך אים ברייטער), האָט דווקא רעקאָמענ־דירט די יידן, אַז פאַר זייער זעלבסטפאַרטיידיקונג זאָלן זיי גרינדן אַ זעלבּ־שטענדיקע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע פראַקציע אין רייכסראַט *). נאָך ענערגי־שער טרעט אַרויס פאַר אַ יידישער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע דער באַקאַנטער אַמעריקאַנער שרייבער מאַרק טווען, וואָס האָט דאָ נישט לאַנג באַזוכט עסטרייך און געשריבן וועגן דעם דאָרטיקן נאַציאָנאַלן קאַמף.

---

*) זע בריוו 4, אויבן, ז"ז 88, 118, 120 און די הוספה, ז' 135.

איינער אַ יידישער אַדוואָקאַט פון אַמעריקע — זעט אויס אַ מעבר־לימי־קער אָנהענגער פון ה׳ מאַרגוליס — האָט זיך געווענדעט צו מאַרק טווענען מיט דער בקשה, ער זאָל אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן דער צוקונפט פון די יידן אין עסטרייך און אַנדערע לענדער, וואו זיי זענען באַדראָט פון אַנ־טיסעמיטיזם. וועלנדיק זיך אַפּישירן מיט דער „פּאָליטישער לאָיאַליטעט" פון די יידן האָט דער אַדוואָקאַט מיט גדלות אָנגעוויזן דערויף, אַז פון די ניינצן פעלקער וואָס לעבן אין עסטרייך־אונגאַרן, האָבן נאָר די יידן נישט קיין אייגענע פּאַרטיי. אויף אָט דער אָפּנהאַרציקער דערקלערונג האָט מאַרק טווען, צווישן אַנדערן, געגעבן דעם פאָלגנדיקן ענטפער:

„ביי די יידן איז נישטאָ קיין פּאַרטייען". — פאַרוואָס דעקט איר אויף אייער שוואַך אָרט? אַזאַ מודה זיין פאַרשאַפט נישט קיין כבוד נישט אייער נאַציע, נישט אייך, אויב איר קאָנסטאַטירט אָט דעם טרויעריקן פאַקט און געפינט נישט פאַר נייטיק אַרויסצוזאָגן אייער טיפן באַדויערן. און אוודאי דאַרפט איר אים נישט אַרויסשטעלן, ווי אייערס אַ פאַרטיידיקונג קעגן די אומגערעכטע אונטערדריקונגען.

ווער האָט געגעבן דעם יידן דאָס רעכט, ווער האָט וואָסער־ס׳איז אַנדער פאָלק געגעבן דאָס רעכט צו זיצן אין אַ פריי לאַנד מיט פאַר־לייגטע הענט און וואַרטן, אַז זייטיקע מענטשן זאָלן פאַרטיידיקן זיי־נע רעכט? דער ייד האָט פאַרדינט יעדן מיטגעפיל אין די פריערדי־קע ברוטאַלע יאָרהונדערטן פון געוואַלט און הפקרות, ווען ער האָט נישט געהאַט די מיטלען צו קעמפן מיטן שונא. אָבער שוין הונדערט יאָר, ווי אָט די מיטלען זענען אים געגעבן צוגלייך מיט אַנדערע, און ער האָט זיי נאָך נישט באַנוצט אויף אַן ערנסטן אופן. ווען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ פולבאַרעכ־טיקטן בירגער, איז דאָס געווען אַן אַקט פון חסד מצד אַ פרעמדן פאָלק, און נישט די פרוכטן פון זיינע אייגענע אָנשטרענגונגען. איך ווייס נישט, צי האָט דער ייד בייגעטראָגן צו דער באַוועגונג, וואָס האָט אים געגעבן רעכט אין ענגלאַנד; צי איז צווישן די צוועלף נישט־משוגענע מענטשן אין פראַנקרייך, וואָס זענען צוזאַמען מיטן גרויסן זאָלאַ אַרויסגעטראָטן אין פאַרטיידיקונג פון דעם אויסגעפיי־ניקסטן יידן פון דער היינטיקער עפּאָכע, כאָטש געווען איין באַרימ־טער אָדער שטיין־רייכער ייד? אין אַמעריקע דאַרף דער ייד נישט קעמפן פאַר זיינע רעכט: ער האָט זיי געהאַט פון סאַמע אָנהייב אָן. אָבער אין עסטרייך, דייטשלאַנד, פראַנקרייך געניסט ער פון שטימ־רעכט און מאַכט נישט דערפון קיין באַנוץ. ס׳איז קלאָר אַז ער ווייסט נישט, ווי אַזוי מע דאַרף זיך נעמען צו דער זאַך. מיט אַלע זיינע פעיקייטן און מיטן געלט, שפּילן נישט די יידן קיין פּאָליטישע ראָל. אין אַמעריקע איז יעדער אירלענדישער עם־הארץ קלאָר באַ־

וואוסטזיניק בנוגע זיינע פּרעראָגאַטיוון, און שוין באַלד פון אָנהייב האָבן די אירלענדער באַוויזן, אַז מען וועט מוזן זיך רעכענען מיט זיי אויף דער פּאָליטישער אַרענע. די מעשה איז, וואָס די אירלענדער אין אונדזער לאַנד זענען גוט אָרגאַניזירט, און זייערע וואַל־שטימען האָבן דערפאַר דערוואָרבן נישט נאָר אַ ריזיקן כוח, נאָר אָפּט אויך אַן איבערוואָג. אויב איר וועט טענהן, אַז יידן זענען אומעטום אַ מינדערהייט, וועל איך אייך דערויף ענטפערן, אַז דאָס איז נישט קיין מאָטיוו, נעמענדיק אין אַכט מיין ביישפּיל מיט די אירלענדער. ווי ווינציק איר זאָלט נישט זיין, אָבער אין לענדער, וואָס ווערן אָנגעפירט פון אַ פּאַרלאַמענט, דאַרפט איר אַלע שטימען פאַר איין יידן ביי די וואַלן צו די פאַרשידענע געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונגען. דער איינפלוס, וואָס עס קאָן אַמאָל האָבן אפילו נאָר איין מיטגליד, קאָן זיין קאָלאָסאַל. אָבער וואָס האָט איר פאַר דעם געטאָ אין עסטרייך, דייטשלאַנד, און פראַנקרייך? צי אפילו אין אַמעריקע? איר איילט זיך אָנצואַווייזן, אַז יידן זענען געשטאַנען אין אַ זייט בעת די אומרוען אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט, און מיט פאַרגעניגן גיט איר צו, אַז דאָרט איז נישט געווען קיין איין יידישער דעפּוטאַט. ראשית, איז דאָס נישט אין גאַנצן אמת; והשנית, וואָלט איר געדאַרפט אָנווענדן אַלע כוחות, כדי אויפצוקלערן און באַרעכטיקן אַזאַ דערשיינונג, און נישט אַרויסשטעלן עס ווי אַ מעלה. יעדנפאַלס, זענען אין די פאַרלאַמענטן פאַראַן אַ סך ווייניקער יידן, ווי עס וואָלט געדאַרפט זיין, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז שטימרעכט האָבן זיי באַגלייך מיט אַנדערע פעלקער".

ענטפערנדיק ווייטער אויף דער פראַגע פון זיין קאָרעספּאָנדענט: „צי קענען די יידן זיך העלפן אין זייער ביטערער לאַגע" — זאָגט מאַרק טווען:

„אָרגאַניזירט פּאָליטיש אייערע כוחות, פאַרבינדט זיך אַלע צוזאַמען, דערגרייכט נצחונות בעת די וואַלן, און דאָרט, וואו דאָס איז נישט מעגלעך — דינגט כאָטש אויס פאַר זיך גינסטיקע באַדינגונגען. איר זענט שוין במילא געבונדן מיט אַלגעמיינע צרות; אָבער איר נוצט נישט אייער כוח, חוץ פאַר צדקה־צוועקן. מע וואָלט אייך אהער (קיין עסטרייך) געדאַרפט אַריינשיקן אונדזערע אירלענדער! אָט די יאַטן וואָלטן אייך איינס־צוויי אויסגעלערנט, ווי אַזוי אַוועקצושטעלן דעם ענין, און דער פאַרלאַמענט וואָלט גאָר גיך באַקומען אַן אַנדער פּנים. איר האָט אַ טעות, אויב איר מיינט, אַז יידן זענען נישט באַטייליקט אין דער עסטרייכישער פּאָליטיק; פאַרקערט, זיי זענען טיכטיקע פּאָליטיקער, אָבער זיי צעשטויבן זייערע פעיקייטן אין פאַרשידענע פּאַרטייען און פאַרלירן דעם נוצן, וואָס זיי וואָלטן געקענט האָבן, ווען זיי נעמען צונויף אין איינעם אַלע זייערע כוחות".

וואָס נאָך קאָן מען צוגעבן צום דאָזיקן אויסדרוק פון אַ טיפער מאָ־ראַלישער אויפרעגונג, וואָס אַ זייטיקער מענטש האָט דערפילט ביים צו־קוקן דאָס בילד פון נאַציאָנאַלער קנעכטשאַפט? מאַרק טווענס ענטפער, אַדרעסירט צום יידישן אַדוואָקאַט פון אַמעריקע, קאָן אין גאַנצן זיין גע־ווענדעט אויפן אַדרעס פון אַ סך „יידן־אַדוואָקאַטן" אין רוסלאַנד, וואָס רעדן מיט דער זעלבער „קנעכטישער שפּראַך" וועגן דעם, וואָס איז דער הייליקסטער חוב פון דער יידישער אינטעליגענץ, און וואָס האָבן זיך דער־וואָרט אויף דעם, אַז וועגן דאָזיקן חוב זאָלן זיי דערמאָנען פרעמדע...

אגב, וועגן דער באַציונג פון קריסטן צו דער יידישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. געוויס, נישט די דאָזיקע באַציונג דאַרף ריכטן די טעטיקייט פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס איז מחויב צו פאַרטיידיקן די נאַ־ציאָנאַלע פרייהייט און פאַרזיכיקייט פון איר פאָלק אויף אַלע געביטן פון לעבן, ווי מען זאָל דערויף נישט קוקן פון דרויסן, מיטפילנדיק אָדער פיינטלעך. אָבער פאַר אונדזערע קעגנער־אַסימילאַטאָרן, וואָס ציטערן שטאַרק איבער דעם, וואָס פאַר אַ מיינונג מע וועט האָבן וועגן זיי אין די נישט־יידישע קרייזן, און וואָס פּאַסן צו דעם צו זייערע האַנדלונגען, — פאַר זיי וועט נישט זיין איבעריק דאָ אָנצואווייזן אויף אייניקע באַלערנדיקע פאַקטן פון דער לעצטער צייט. די נישט לאַנג פאַרעפנטלעכטע אַנקעטע *), וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן צווישן אָנגעזעענע אייראָפּעישע און רו־סישע שרייבערס וועגן ציוניזם, באַווייזט דאָס פאָלגנדיקע: אַ באַדייטנדי־קע צאָל פון די געפרעגטע, אַרויסזאָגנדיק זייערע ספקות בנוגע דעם פּאַר־ווירקלעכן די פּאָליטישע פּלענער פון ציוניזם, האָבן זיך באַצויגן מיט טי־פער סימפּאַטיע צו דער שייכותדיקער אידעע פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויפלעבונג פון יידישן פאָלק. די יעניקע פון די קריסטלעכע שרייבערס, וואָס האָבן זיך טיפער אַריינגעטראַכט אין דער זאַך, האָבן שאַרף אונ־טערגעשטראָכן די נויטווענדיקייט פון אַ באַזונדערער נאַציאָנאַלער אָרגאַ־ניזאַציע פאַר יידן אומעטום. דער שווייצאַרישער פּראָפעסאָר העמאַן, למשל, שרייבט:

„דער פאַרדינסט פון די ציוניסטן וועט זיין אומגעהויער גרויס אפילו אין דעם פאַל, ווען זיי וועט זיך נישט איינגעבן אויפצושטעלן אַ יידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע, ווייל זיי וועלן אויפוועקן אין פאָלק דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין און זיי וועלן אים צווינגען צו מעלדן וועגן דעם די אַנדערע פעלקער... מיט דער גאַנצער שאַרף איז פאַר

*) „רוסקאַיאַ מיסל" (רוסישער געדאַנק — איב.) 1902, יולי, דאָס אַרטיקל „ציוניזם און קריסטן" פון ד"ר גאָרדאָן.

דעם יידישן פאָלק געשטעלט געוואָרן די פראַגע: אָדער ווערן אמתע יידן, לויטן גייסט און אופן פון דענקען, אָדער אַראָפּוואַרפן פון זיך דאָס יידישקייט... די א״ג האַלב־יידן, ד״ה מענטשן וואָס זענען אינ־דעפערענט נישט נאָר צו רעליגיע, נאָר אויך צו זייער נאַציאָנאַלי־טעט, האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אַז פאַר זיי איז אָנגעקומען אַ דע־צידירנדיקער מאָמענט".

פּראָפעסאָר מאַסאַריק האָט דערקלערט קורץ און שאַרף: „מער פאַר אַלץ שעץ איך אין איס (אין ציוניזם) דעם נאַציאָנאַליזם, אַ דאַנק וועלכן דער אונטערדריקטער ייד שעמט זיך נישט מיט זיין נאַציאָנאַליטעט". בלי ספק, אַז אויב דער מחבר פון דער פונאַנדערגעשיקטער אַנקעטע, אוודאי אַ כשרער ציוניסט, — וואָלט זי נישט פאָרמולירט אין אַן ענג־פּאַרטייאישן גייסט, נאָר ער וואָלט אָנגעפרעגט די מיינונג פון די קריסטלעכע שריי־בערס וועגן יידישן נאַציאָנאַליזם, ווי אַ ריינע קולטור־אויטאָנאָמיסטישע באַוועגונג, וואָלט ער באַקומען נאָך מער קאַטעגאָרישע אויסדריקן פון מיטגעפיל און צושטימונג. נאָר אייבערפלעכלעכע דאָקטרינערן פון קאָס־מאָפּאָליטיזם, אָדער גאָר פאַרשטייער פון צווייטן עקסטרעם — רעאַקציאָ־נערן־מלוכהניקעס, קאָנען פאָדערן פון יידן: די ערשטע — „זיך אויפ־לייזן אין דער מענטשהייט"; און די צווייטע — זיך אויפלייזן צווישן די הערשנדיקע פעלקער.

צוגלייך מיט די דאָזיקע אויסדרוקן פון סימפּאַטיע מצד נישט־יידן פאַר די באַפרייונגס־שטרעבונגען פון נאַציאָנאַלן יידנטום, איז פון דעם לאַגער פון יידן־אַסימילאַטאָרן הערן זיך נאָך אַלץ די אַלטע קנעכטישע אויסרופן: מיר ווילן נישט קיין נאַציאָנאַלע אָפּזונדערונג, מיר אַנערקענען נישט דעם „רעאַקציאָנערן" לאָזונג: אויפהאַלטן דאָס יידנטום, מיר האָבן נישט קיין ספּעציעלע קולטור־היסטאָרישע אויפגאַבעס, נאָר מיר דאַרפן „אַרבעטן האַנט ביי האַנט מיט די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון פאָלק, צווישן וועלכן מיר לעבן". אָט דעם אָפּגעבליאַקעוועטן מאָטיוו פון דער אַסימי־לאַטאָרישער דאָקטרין האָט איבערגעחזרט דער נייער פּובליציסט, הי בי־קערמאַן, אין אַ לאַנגן אַרטיקל „וועגן ציוניזם און אין שייכות מיטן ציו־ניזם", פאַרעפנטלעכט אין „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ" (יולי 1902). דער מחבר פון אַרטיקל מישט צונויף דעם פּראָגרעסיוון פּרינציפּ „אויפהיטן די נאַציע" (וואָס אין זיין נאָמען קעמפט די נאַציאָנאַלע מינדערהייט פאַר איר אינערלעכער אויטאָנאָמיע) מיטן רעאַקציאָנערן פּרינציפּ „אָפּהיטן", וואָס אין זיין נאָמען אונטערדריקט די נאַציאָנאַלע מערהייט די דאָזיקע אויטאָנאָמיע. די נאַציאָנאַליסטן, — טענהט ער, — ווילן, אַז יעדער זאַך זאָל אומבאַדינגט „דינען אָפּצוהיטן דאָס יידנטום". „אָפּהיטן — אָט דאָס איז די טענדענץ פון די ציוניסטן, פון יידישע און אַנדערע נאַציאָנאַליס־טן. אָבער די דאָזיקע טענדענץ איז אין אַלע צייטן און ביי אַלע פעלקער

געווען, איז און וועט זיין אַ רעאַקציאָנערע טענדענץ" (ז. 40), אָבער „צי טאַקע ביי אַלע פעלקער" — דאָס איז די פראַגע. נישט שוין זשע איז דער העראָישער קאַמף פון די נידערלענדער אין 16טן י"ה פאַר זייער רע־ליגיעז־נאַציאָנאַלער פאַרזיכיקייט, דער קאַמף פון די היינטיקע פויזנער פּאָ־ליאַקן קעגן גערמאַניזאַציע, אָדער פון די איצט באַזיגטע בורן פאַר איינ־האַלטן, לכל הפחות, זייער געגנטלעכע און קולטורעלע אויטאָנאָמיע, — נישט שוין זשע זענען דאָס אַלץ רעאַקציאָנערע באַוועגונגען?

ס'איז כאַראַקטעריסטיש דער מאָטיוו, מיט וועלכן דער ה' ביקערמאַן באַמיט זיך צו באַזייטיקן דעם דאָזיקן חילוק צווישן אָפּענסיוון און דע־פענסיוון נאַציאָנאַליזם. ער, זעט איר, איז איבערצייגט, אַז דער דעפענסי־ווער נאַציאָנאַליזם וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָפענסיוון, „ווי נאָר ער וועט דערצו באַקומען די נייטיקע כוחות" (ז. 30). אָבער לויט אַזאַ לאָגיק וואָלט מען דאָך באַדאַרפט פאַראורטיילן יעדע נאַציאָנאַל־פּאָליטי־שע באַפרייונגס־באַוועגונג, צוליב דער מורא, אַז די באַפרייטע פעלקער וועלן ווערן שטאַרק און אונטערדריקן אַנדערע. קאָשוט וואָלט נישט באַ־דאַרפט קעמפן פאַר דער באַפרייונג פון אונגאַרן, וואָס מאַדיאַריזירט איצט די רומענער און די סלאָוויאַנער; די פּאָליאַקן דאַרפן זיך לאָזן גער־מאַניזירן, כדי זיי זאָלן נישט האָבן די מעגלעכקייט דערנאָך צו פּאָלאָני־זירן די דייטשן און רוטענער, וואָס לעבן צווישן זיי. טראָגט איבער אָט די לאָגיק אין דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער ספערע — און איר וועט דערגיין צום אויספיר, אַז דער אַרבעטער, וואָס ווערט אונטערדריקט דורכן פּאַברי־קאַנט, דאַרף נישט פאַרבעסערן זיין מאַטעריעלע לאַגע אָדער שטרעבן צו עקאָנאָמישער אומאָפּהענגיקייט, צוליב דער מורא, אַז נאָכן דערגרייכן אומאָפּהענגיקייט וועט ער אַליין עפענען אַ פאַבריק און אונטערדריקן די אַרבעטער... באַזונדערס קאָמיש איז די מורא פאַר אַגרעסיוויקייט, ווען עס רעדט זיך וועגן דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג צווישן יידן, וואָס שוין צו־ליב זייער געזעלשאַפטלעכער לאַגע צווישן אַנדערע נאַציעס איז אוממעג־לעך, אַז זיי זאָלן באַדראָען די נאַציאָנאַלע פרייהייט פון וועמעס ס'איז.

פאָרלייגנדיק דער יידישער אינטעליגענץ „צו אַרבעטן האַנט ביי האַנט מיט די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון די אַרומיקע פעלקער", פאַרגעסן די אַסימילאַטאָרן, אַז חוץ דעם געביט פון אַלגעמיינער אַרבעט, איז נאָך דאָ אַ ברייט געביט פון סאָציאַלע יידישע אינטערעסן, וואָס פאָדערן סיי ספּע־ציעלע קאַמפס־מעטאָדן סיי באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, באַהויכט מיט נאַציאָנאַלע אידעאַלן. דער ה' ביקערמאַן האָט זיך דערדעדט אפילו צו דעם, אַז ער האָט באַצייכנט אונדזער באַזונדערן פּראָטעסט קעגן דער אומדערהערטער אונטערדריקונג ווי אַ „געשריי פון די קרעכצנדיקע פּובליציסטן וועגן דעם אומגעוויינלעך שפּלדיקן מצב פון יידישן פאָלק" (59). דערמיט האָט ער באַוויזן, אַז ביי אייניקע אַסימילאַטאָרן איז אפילו

אַטראָפּירט געוואָרן דאָס געפיל פון אויפרעגונג קעגן גזירות, וואָס זענען געווענדט ספּעציעל קעגן זייער פאָלק. זיי האָבן אינטערעס נאָר פאַר די דאגות פון זייערע „באַלעבאַטים", זיי רייסן זיך אין די רייען פון די קעמפער פאַר דער אַלגעמיין רוסישער זאַך, אָבער זיי פאַרלאָזן זייער אייגענע נאַציאָנאַלע מחנה אין דעם זעלבן קאַמף... דער עיקר חסרון פון די אינטעליגענטן, וואָס טראַכטן אויפן זעלבן אופן, ווי ה' ביקערמאַן (און אַזעלכע איז איצט פאַראַן אַ סך), באַשטייט אין דעם, וואָס אָט די מענטשן זענען נישט מסוגל קאָנקרעט צו פאַרשטיין די קאָמפּליצירטע דערשיינונגען פון יידישן לעבן, צו וועלכן זיי ווענדן אָן מאָדערנע סאָציאָלאָגישע שאַבלאָנען, אַרויסגענומען פון „לעצטן ביכל". זיי פאַרגעסן, אַז דאָס לעבן פון דעם „צו מערסטן היסטאָרישן" פאָלק פּאַסט זיך נישט אַריין אין די שמאָלע סכעמעס פון עקאָנאָמיק; אַז חוץ די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אַספּעקטן פון דער ייד־פראַגע, איז נאָך פאַראַן אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַספּעקט; אַז אויך דער פאָלטשער קאַמף דאַרף זיך אינדיווידואַליזירן ביי יעדן פאָלק, אין הסכם מיט זיין לאַגע צווישן די אַנדערע פעלקער און מיט יענע אידעאַלן, וואָס זענען אַ רעזולטאַט פון זיין היסטאָרישער עוואָלוציע.

אמת, די איצטיקע קעגנער פון יידישן נאַציאָנאַליזם טרעטן זעלטן אַרויס אָפן אין נאָמען פון דער דיסקרעדיטירטער אַסימילאַציע; און אפילו ה' ביקערמאַן האַלט, אַז סיי די „טעאָריע פון אַסימילאַציע", סיי די „נאַציאָנאַליסטישע אידעע" — ביידע טויגן צו גאָרנישט, ווי ריין ראַציאָנאַליסטישע דאָקטרינעס (ז. 63). אָבער די דאָזיקע מענטשן, פאַרשטייען נישט אין זייער „תמימות", אַז בלויז דאָס פאַרלייקענען די נאַציאָנאַלע אידעע, ווי אַ פירנדיקן פּרינציפּ אין יידישן לעבן, וועט מוזן דערפירן צו פּראַקטישער אַסימילאַציע אפילו די, וואָס אנערקענען נישט איר טעאָריע. דער געבילדעטער ייד, וואָס איז נישט דערצויגן געוואָרן אין קיין יידישער שול, וואָס האָט נישט געשעפּט זיינע אידעאַלן פון דער יידישער ליטעראַטור, שפּראַכלעך אָפּגעפרעמדט פון דער יידישער מאַסע, — וועט נישט ווילנדיק זיך אַסימילירן מיט יענע, אין וועמעס שול, אויף וועמעס ליטעראַטור ער האָט זיך דערצויגן, אויף וועמעס שפּראַך ער רעדט. אַסימילאַציע איז נישט אַזוי פיל אַ דאָקטרינע, ווי אַ לעבנס־פאַקט, אַן אומפאַרמיידלעכער ביי יענע באַדינגונגען, קעגן וועלכע עס קעמפט דער נאַציאָנאַליזם. אַסימילאַציע איז אַ דירעקטער און פּראַקטישער רעזולטאַט פון פאַרלייקענען די נאַציאָנאַלע אידעע. ס'איז גענוג נישט צו זיין קיין ייד־נאַציאָנאַליסט, כדי צו ווערן אַסימילירט, אויב נישט אין ערשטן דור, איז אין צווייטן. מהאי טעמא האָבן מיר דאָס פולע מאָראַלישע רעכט צו באַצייכענען אַלע די, וואָס פאַרלייקענען די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע פון יידנטום, ווי אונטערהעלפער פון אַסימילאַציע — באַוואוסטזיניקע אָדער נישט־באַוואוסטזיניקע.

ווי אַ באַשטעטיקונג צו דעם אַלעמען, וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן,

זאָל דינען די פּאָלגנדיקע פּאַטעטישע רעזומע פון ה׳ מאַרגוליס בנוגע דער נאַציאָנאַלער פראַגע:

„נאַציאָנאַליזאַציע פון אונטן ביז אַרויף און פון אויבן ביז אַראָפּ איז עפּעס אַזוינס, וואָס איז נישט געהערט געוואָרן אין לעבן פון קיין שום פאָלק, און דאָס איינפירן זי נאָר אין יידישן לעבן וואָלט געווען אין אַ שאַרפער סתירה צו די אַלגעמיינע אַנטוויקלונגס־געזעצן. דאָס וואָלט באַטייט אַריינטרייבן דעם יידן אין דעם מענטשן אַזוי טיף, אַז קיין שום קולטור זאָל אים פון דאָרט נישט קאָנען אַרויסשלעפּן. צום גליק, איז קיין מאָל אַזוי נישט געווען, און מע דאַרף האָפן, אַז ס׳וועט קיין מאָל נישט זיין" (6, 51—52).

זעט אויס, אַז דער ה׳ מאַרגוליס פאַרלאַנגט, אַז „דער ייד אין מענטש" זאָל נישט זיצן „אַזוי טיף", כדי מע זאָל אים צו יעדער צייט קאָנען „אַרויסשלעפּן פון דאָרט", ד״ה, איבערלאָזן דעם מענטשן אָן דעם יידן. ער איז אפילו זיכער, אַז די „קולטור" דאַרף אַרויסטרייבן פון דעם יידן דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט. איז אויב אַזוי, טאָ צו וואָס האָט מען באַדאַרפט די גאַנצע חתונה? וואָלט דאָך געווען פּשוטער צו זאָגן: אונדז איז טייער דער „מענטש", ווי אַן אַנאַציאָנאַלער יחיד, און נישט קיין „ייד", ווי אַ נאַציאָנאַלער יחיד. פאַרמאָגנדיק אַזאַ קלאָרע פאָרמולע (איז דאָס נישט אַמאָל די פאָרמולע פון „ליכטיקער סימילאַציע"?), וואָלט ה׳ מאַרגוליס פאַרשפּאָרט צו פּאָלעמיזירן מיט מיר אַזוי לאַנג און ער וואָלט נישט געדאַרפט אָנקומען צום „איבעראַנדערשן" די געדאַנקען פון צד שכנגד, ווי ער האָט דאָס, אגב, געטאָן אויך אין דער לעצטער ציטאַטע, טייטשנדיק דעם באַגריף „נאַציאָנאַליזאַציע". קיינער פון אונדז וועט געוויס נישט פּרעדיקן קיין „נאַציאָנאַליזאַציע פון אונטן ביז אַרויף און פון אויבן ביז אַראָפּ", צוליב דער פּשוטער סיבה, וואָס דער „אונטן" — ד״ה, די פילמיליאָניקע יידישע מאַסע, לכל הפּחות אין רוסלאַנד, — איז היפּער־נאַציאָנאַל און פאַרזיכיק און דערוויל נייטיקט זי זיך נישט אין נאַציאָנאַליזאַציע. עס נייטיקן זיך אין איר נאָר יענע שיכטן פון דער אינטעליגענץ און „געזעלשאַפט", וואָס האָבן זיך, צוליב באַקאַנטע טרויעריקע באַדינגונגען, אָפּגעגנייגט פון אונדזער נאַציאָנאַלער עוואָלוציע. עס נייטיקט זיך אין נאַציאָנאַליזאַציע יענע מאָדערנע יידישע פאָלקשול, פון וועלכער די זעלבע אינטעליגענץ באַמיט זיך אַרויסצוטרייבן די יידישע שפּראַך און יידיש וויסן. אָט דאָס איז טאַקע באמת „עפּעס אומדערהערטס אין לעבן פון פעלקער", נאָר אין פאַרקערטן זינען: ווייל ס׳איז נישטאָ נאָך אַזאַ קולטור־פאָלק, בפרט אַן אונטערדריקט פאָלק, ביי וועמען די אינטעליגענץ זאָל זיין אַנאַציאָנאַל, און דירעקט אָדער אומדירעקט זאָל זי מיטווירקן, אַז די נאַציע זאָל אָנווערן איר אייגנאַרטיקייט. נישטאָ אַזאַ פאָלק, ביי וועמען די

אינטעליגענץ, וואָס איז די לעגיטימע טרעגעריין פון נאַציאָנאַלע אידעאַלן, — דאַרף ערשט נאַציאָנאַליזירט ווערן... דאָס איז אַ ספּעציפישע מכה פון אונדזער פאָלק אין גלות. אָבער טאַקע דערפאַר זענען די נאַציאָנאַלע כוחות פון יידנטום באַרופן צו קעמפן קעגן אָט דער מכה און באַוואָרענען, אַז אין דער צוקונפט זאָל אַזוינס נישט געשען.

מורא האָבנדיק, אַז די נאַציאָנאַלע דערציונג „וועט אריינטרייבן דעם ייד אין דעם מענטשן צו טיף", באַמיט זיך דער ה' מארגולים צו באַוואָרענען לכל הפּחות די עלעמענטאַרע שול פון דער דאָזיקער „געפאַר". איך, אין מיין בריוו „וועגן נאַציאָנאַלער דערציונג", און די מחברים פון „מעמאָראַנדום", וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן צום אָדעסער קאָמיטעט פון „מפיצי־השכלה" *), האָבן ארויסגערוקט דעם עיקר־טעזיס: אַז פאַר דער נאָרמאַלער דערציונג פון אונטערוואַקסנדיקן דור און כדי צו באַקעמפן די רוסיפיקאַציע, איז נייטיק צו פאַרשטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט אין לערן־פּראָגראַם פון דער עלעמענטאַרער שול, ווייל באַווירקן די נשמה פון קינדער איז בעסער פאַר אַלץ אין דער התחלה פון לערנען, וואָס האָט דעם כאַראַקטער פון דערציונג. איז וואָס זשע האָט דער ה' מארגולים ארויסצוזעצן קעגן אָט דעם קלאָר מאָטיווירטן טעזיס? — אָט זענען זיינע ראיות:

> אין שולן פון עלעמענטאַרן כאַראַקטער קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן נאַציאָנאַליזאַציע. די צאָלמעסיקע אויסברייטערונג פון יידישע לימודים אין די דאָזיקע שולן וועט נישט דערפירן צו קיין שום רעזולטאַטן אין זינען פון נאַציאָנאַליזאַציע, ווייל עס זענען נישטאָ קיין גוט צוגעגרייטע לערערס. יידיש וויסן קאָן ווערן אַן ענין פון פּראָפּאַגאַנדע אין די לערער - אינסטיטוטן, ראַבינער־סעמינאַרן און יידישע אַקאַדעמיעס... די עלעמענטאַרע שול איז נישט קיין דאַנקבאַרער באָדן פאַר נאַציאָנאַליזאַציע, פאַר וועלכער עס זענען פאַראַן פאַרשידענע אַנדערע מיטלען. (6, ז. 100). דאָס פאַרווירקלעכן די אויפגאַבע פון פאַרשפּרייטן יידיש וויסן אין דער מאַסע איז נישט קיין ענין פאַר דער עלעמענטאַרער שול... אין דער מיטעלער און העכערער (?) שול, צוגלייך מיטן אויסברייטערן די פּראָגראַם פון אַלגעמיינע לימודים, וועט מען דאַרפן פּראָפּאָרציאָנעל אויך אויסברייטערן די פּראָגראַם פון יידישע לימודים (6, ז. 64). מיר קענען נישט מאַכן די עלעמענטאַרע שול פאַר אַן אָרענע פון

*) אומזיסט באַמיט זיך דער ה' מאַרגולים צו באַווייזן, אַז איך בין עס געווען דער מחבר פון מעמאָראַנדום: דאָס איז אַ קאָלעקטיווע ווענדונג, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַגירט געוואָרן אויך קאָלעקטיוו (אין אָדעסער קאָמיטעט פאַר נאַציאָנאַליזאַציע).

נאַציאָנאַליזאַציע; מיר האַלטן, אַז די שול דאַרף זיין אַ צענטער פון דערוועקן קענטעניש סיי אַלגעמיין־מענטשלעכע סיי יידישע, קענטעניש באַזיניקטע דורך אַ גוטן איבערגעבן און וואָס פירן צו זעלבסט־דערקענטעניש און זעלבסטאַנטוויקלונג" (6, 1. 72).

ווייס איך נישט, אויף וואָס איך זאָל זיך מער חידושן אין די דאָזיקע ציטאַטעס, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דעם „קורצן תמצית פון די לאַנגע דרשות" פון ה' מאַרגולים: צי אויף דעם, וואָס ער פאַרשטייט לחלוטין נישט די טעזע, וועלכע ער קריטיקירט, צי דערויף, וואָס ער מישט צונויף פאַרשידענע באַגריפן פון לערנען און דערציען, צי אויף יענע בפירושע סתירות, אין וועלכע דער קריטיקער פאַרפּלאָנטערט זיך דאָ און דאָרט, נישט באַמערקנדיק עס. ווי אַזוי קאָן מען באַצייכענען זיין פעסטשטעלונג, אַז די נאַציאָנאַליזאַציע פון דער עלעמענטאַרער שול, וואו עס ווערן דער־ציגן (ווי ער דריקט זיך אויס), „קינדער פון דעם צאַרטן עלטער, פון 8 ביז 13 יאָר", איז אוממעגלעך, און אַז אָנשטאָט דעם קאָן מען „פּראָפּאַ־גאַנדירן יידיש וויסן" אין לערער־אינסטיטוטן, ראַבינער־סעמינאַרן און אַקאַדעמיעס? וואָס זשע איז דאָס: אומבאַגרענעצטע נאַיוויטעט אָדער ביטערער חוזק? מיר פאָדערן, אַז די צענדליקער טויזנטער, וואָס גייען דורך יעדער יאָר דורך דער יידישער עלעמענטאַרער שול, זאָלן זיך דער־ציען ווי יידן, און זאָלן באַקומען קענטענישן לויט זייער עלטער, קענטע־נישן, וואָס זאָלן זיי מאַכן פאַר באַוואוסטזיניקע מיטגלידער פון זייער פאָלק, — ענטפערט מען אונדז, אַז די עלעמענטאַרע שול איז נישט קיין אָרט פאַר נאַציאָנאַלער דערציונג, און אַז „יידיש וויסן" קאָן דערוואָרבן ווערן נאָר אין דער מיטעלער אָדער העכערער שול, וואָס איז נאָך נישט בנמצא! אָבער אויב אין דער עלעמענטאַרער שול איז נישטאָ קיין אָרט פאַר נאַציאָנאַלער דערציונג, דאַן איז זי נישט מעגלעך אין ערגעץ. דער דערציונגס־כוח פון לערנען, אין נאַציאָנאַלן אָדער מאָראַלישן זינען, ווירקט צום שטאַרקסטן אין דער עלעמענטאַרער שול, דווקא דאָרט, וואו עס לער־נען זיך קינדער פון „סאַמע צאַרטן עלטער", אין דעם עלטער, ווען די קינדער זענען אַמיינסטן אויפנעמפעיק. דווקאָ די עלעמענטאַרע שול קאָן איינוואָרצלען אין קינד יענע דערהויבענע האַלב־באַוואוסטזיניקע עמאָציעס, וועלכע עס וועט שפּעטער שווערער זיין צו צעשטערן, איידער דערוואָר־בענע באַוואוסטזיניקע אידעען. אויב איר וועט די קינדער „ביזן בר־מצווה־עלטער" נישט דערציען אין נאַציאָנאַלן גייסט, אויב טויזנטער אַזעלכע קינדער וועלן אַרויסגיין פון דער שול אָפּגעפרעמדטע פון יידישקייט, אויב זיי וועלן נאָר קענען די רוסישע שפּראַך און נישט די יידישע, פּושקינס פערזן און קרילאָווס משלים, און נישט דעם תנך, — טאָ וואָס וועט אַרויס־קומען פון דער ספּעציעל־יידישער וויסנשאַפטלעכער צוגרייטונג פון אַ קליין הייפעלע יונגוואַרג, וואָס וועט זיך לערנען אין די געפּלאַנטע אַקאַדעמיעס?

דער מחבר, זעט אוים, מישט צונויף צוויי פארשידנארטיקע באגריפן: לערנען מיטן ציל פון דערציען (נאציאָנאל אָדער מאָראליש), און לערנען מיטן ציל פון וויסנשאַפטלעך־פּראָפעסיאָנעלער צוגרייטונג. ער צעמישט די פונקציעס פון דער עלעמענטארער און דער ספעציעלער שול. צום סוף פארפלאָנטערט ער זיך אין סתירות: אויף איין זייטל זאָגט ער, אז „פאר־שפרייטן יידיש וויסן איז נישט די זאַך פון דער עלעמענטארער שול", און אויף א צווייטן — אז די עלעמענטאַרע שול „דארף זיין א צענטער צו באַקומען וויסן, סיי אַלגעמיין־מענטשלעכן און סיי יידישן". אָפּלייקענענ־דיק די נאציאָנאלע שול אין פּרינציפּ, האלט ער, אז פּראקטיש איז זי אוממעגלעך צוליבן מאנגל אין צוגעגרייטע לערערס. נו, און אויב עס וואָלטן יאָ געווען צוגעגרייטע לערערס? זיי קאָנען דאָך זיין נאָר דעמאָלט, ווען עס וועט זיין אַ נאָכפרעגע אויף זיי, ד"ה, ווען די לימודים אין דער עלעמענטארער שול וועלן אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דער געהעריקער הייך, — דאָס, וואָס אונדזער קריטיקער דערלאָזט בשום אופן נישט.

ס'איז אינטערעסאַנט אָנצואווייזן אויף דעם קוריאָז, אז דער ה' מאר־גולים, וועלנדיק באווייזן די שעדלעכקייט פון דער נאציאָנאלער שול (באַ־מערקט אייך: פון דער יידישער), ברענגט ער א ראיה פון דעם „ווזשעשטשער אינצידענט" (זע אויבן זייט 153), ד"ה פון די רדיפות אויף דער פּוי־לישער נאַציאָנאַלער שול מצד דער פּרייסישער רעגירונג. אָט זענען בוכ־שטעבלעך זיינע ווערטער:

„די געשעענישן וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דער ווזשעשטשער שול, זענען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דעם שאַרף אויסגעדריקטן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער דייטשישער שול, וואָס האָט אונ־טערדריקט דאָס רעליגיעזע געוויסן פון אַנדערן פעלקער *). אָנשטאָט צו פאַרלאַנגען... אויסצוואָרצלען פון דער שול דעם שאַרף אויסגע־דריקטן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און אַלע דערמיט פאַרבונדענע רע־זולטאַטן, רעקאָמענדירן זיי (די צונויפשטעלער פון אָדעסער מעמאָ־ראַנדום) איינצופירן ביי אונדז דאָס, וואָס אָנשטאָט שלום אין אינ־טערנאַציאָנאַלן לעבן ברענגט עס אַרייַן שנאָה (52,6—53).

דערפון, הייסט עס, וואָס די פּרייסישע נאציאָנאלע שול איז שעדלעך, ווי אַן אינסטרומענט צו אונטערדריקן די פּאָליאַקן, איז געדרונגען, אַז אויך די פּוילישע נאציאָנאַלע שול איז שעדלעך, און דערפון איז דער

*) דאָס וואָרט רעליגיעזע איז אַ טעות. אין דער ווזשעשטשער שול האָט מען די קינדער פאַרבאָטן נישט צו דאַווענען בכלל, נאָר צו דאַווענען אויף פּויליש, פאָדערנדיק איינצופירן די דייטשישע שפּראַך אין די תפילות.

אויספיר, אַז אַזאַ מין יידישע שול איז געפערלעך און קען „אַריינטראָגן שנאה אין אינטערנאַציאָנאַלן לעבן״! — אַן אויספיר אַן איבערראַשנדיקער. אויף וועמעס זשע געוויסן פאַרנעמט זיך עס די פוילישע און יידישע נאַציאָנאַלע שול? צי נישט אַמאָל אויפן געוויסן פון די הערשנדיקע נאַציעס? דאַרפן די פּאָליאַקן, למשל, זיך אָפּזאָגן פון דעם רעכט צו דערציען די אייגענע קינדער אין זייער נאַציאָנאַלן גייסט, באשר דאָס וועט אַרויסרופן געוואלט מצד די דייטשן, וועט ברענגען די אונטערדריקער צו אַן עבירה? די אָפּהענגיקע נאַציע דאַרף, הייסט עס, נישט פאַרטיידיקן די אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור דורך אַן אייגענער שול, באשר די הערשנדיקע נאַציע צווינגט אויף דעספּאָטיש איר שפּראַך און קולטור דורך איר שול?! פון שטאַנדפּונקט פון קאַמף פאַר רעכט וואָלט מען דערפון, דאַכט זיך, געדאַרפט מאַכן אַ פּונקט פאַרקערטן אויספיר: אויב מיינע קינדער ווערט אָנגעוואָרפן אַ פרעמדער נאַציאָנאַלער גייסט, בין איך מחויב, ווי ווייט מעגלעך, זיי צו פאַרהיטן פון די רעזולטאַטן פון דעם דאָזיקן דרוק, דורך פאַרשטאַרקן אין זייער יונגן שול־עלטער די דערציונג אין מיין נאַציאָנאַלן גייסט. פאַר יעדן בר־דעת איז קלאָר, אַז דווקא דער דערפאָלג פון אַזאַ קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער פרייהייט קאָן דערפירן צו אַ „פרידלעכן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענלעבן״, אָנשטאָט שנאה, וואָס ווערט דאָרט אַריינגעבראַכט דורך די אונטערדריקער...

Pour la bonne bouche וועל איך אָנווייזן אויפן לעצטן קאַפּיטל פון ה׳ מאַרגוליסעס אַרטיקל, אין וועלכן ער דערלאַנגט דער „נאַציאָנאַליזאַציע״ דעם לעצטן שאָס זיינעם, זעט אויס, דעם סאַמע צעשמעטערנדיקן און טויטלעכן. ער פאַרגלייכט דאָרט די יידישע נאַציאָנאַליסטן מיט די סלאַוויאַנאָפילן. פּונקט ווי די סלאַוויאַנאָפילן זענען אַרויסגעטראָטן קעגן פּיאָטר דעם גרויסנס רעפאָרמעס אין נאָמען פון „עיקרדיקע יסודות פון רוסישן לעבן״, האָבן געשאָלטן דעם „פאַרפוילטן מערב״ און צום סוף האָבן זיי זיך דערקייקלט צום קריגערישן פּאַנסלאַוויזם, — אַזוי טרעטן אויך אַרויס די יידישע נאַציאָנאַליסטן קעגן די השכלה־טראַדיציעס פון דער „רעפאָרעם־עפּאָכע״ (בעת אַלעקסאַנדער דעם צווייטן), זידלען דאָס נאָך־מענדעלסאָנישע מערב־יידנטום און דערקייקלען זיך — ס׳איז אַ מורא אַרויסצורעדן! — צו דער „אידעע פון „פּאַן־יידנטום״, פאַראייניקט דורך דער אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַציע פון ה׳ דובנאָוו״ (7, 75—77). דער דאָזיקער פּאַראַלעל געפעלט אַזוי שטאַרק דעם מחבר, אַז ער לאָזט זיך אַריין מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן אין פּרטימדיקע פאַרגלייכן, אזש ביז צו פאַר־

---

*) אַ פראַנצויש ווערטל, וואָס לאָזט זיך איבערזעצן, בערך, מיט אונדזער אויסדרוק „ואחרון אחרון חביב״, אָדער: „צום סוף אַ געשמאַקע זאַך״ — איב.

גלייכן די מאָסקווער סאַלאָנען צו אונדערע אָדעסער „אַלגעמיינע פאַר־
זאַמלונגען״.

דאַרף מען דען באַווייזן, ווי הפקרדיק פאַלש און אויבנאויפיק עס איז
דער דאָזיקער היסטאָרישער פּאַראַלעל? חוץ דער אויסערלעכער ענלעכקייט
פון דעם אויסגאַנגס־פּונקט (פּאַרטיידיקן די „פּאַרזיכיקייט״), איז צווישן
דער סלאַוויאַנאָפילישער דאָקטרינע און דעם יידישן נאַציאָנאַליזם נישטאָ
קיין שום אינערלעכע קרובהשאַפט פון אידעען און שטרעמונגען. דער עצם
אינהאַלט פון באַגריף „פּאַרזיכיקייט״ איז פאַרשידן אין ביידע דאָקטרי־
נעס: אין איינער ווערט די פּאַרזיכיקייט באַטראַכט אין געוויסע אומבאַ־
ווענלעכע פאָרמעס פון מלוכהשן און קירכלעכן שטייגער, וואָס זענען אויפ־
געקומען אין רוסלאַנד ביי אַ גאַנץ פּרימיטיווער ציוויליזאַציע (דערמאָנט
זיך די „דרייאיינקייט״ פון סלאַוויאַנאָפּיליזם), און ביי דער צווייטער —
רעדט זיך וועגן דער פרייער און פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג פון דעם
עלטסטן קולטור־פאָלק אין דער וועלט, אויפן באָדן פון פּאַרזיכיקייט, ד״ה
וועגן איינהאַלטן נאָר דעם אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן גייסט פון אונדזער
היסטאָרישער עוואָלוציע, און נישט די סטאַטישע פאָרמעס פון דער אָדער
אַנדערער פאַזע אירער (מיר קעמפן דאָך לחלוטין נישט פאַרן רעזשים פון
שולחן־ערוך אָדער חסידיזם). די סלאַוויאַנאָפילן האָבן געוואָלט אָפּצוי־
מען רוסלאַנד פון דער השפּעה פון מערב נישט כדי איינצוהיטן די גאַנצ־
קייט פון רוסישן פאָלק, וואָס ווערט גענוג אָפּגעהיט דורך די מלוכהשע
גרענעצן, נאָר כדי אויפצוהיטן זיין פאַרשטיינערטן טראַדיציאָנעלן לעבנס־
סדר; די יידישע נאַציאָנאַליסטן אָבער, וואָס קאָנען גאָרנישט האָבן קעגן
דער קולטור פון מערב, מיט וועלכער זיי זענען אַליין דורכגעדרונגען, ווילן
נאָר פאַרהיטן זייער נאַציע, וואָס איז נישט אָפּגעצוימט מיט קיין טערי־
טאָריאַלע גרענעצן, זי זאָל נישט פאַרלירן גיין צווישן אַנדערע פעלקער,
און פאַרן דאָזיקן צוועק פון זעלבסטדערהאַלטונג פאָדערן זיי פאַרן יידנ־
טום אויטאָנאָמיע אין דער ספערע פון אינערלעכן לעבן, ד״ה צוצופאַסן
די אַלגעמיינע קולטור צו די באַזונדערקייטן פון דעם געגעבענעם היסטאָ־
רישן אינדיווויד. מיר פאַראורטיילן דעריבער נישט די עפּאָכע פון די רע־
פאָרמעס און די פּרוּוון פון יידישער בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע, נאָר
יענע קנעכטישע שקלאַפישע אַסימילאַציע, מיט וועלכער די „עמאַנציפּיר־
טע״ האָבן זיך צעצאָלט פאַר דער באַקומענער אָדער אויסגעקוקטער ביר־
גערלעכער פרייהייט. אין ענין עמאַנציפּאַציע זענען מיר אַוועק ווייטער
פון די אַסימילאַטאָרן: זיי האָבן זיך נאָר באַמיט וועגן בירגער־
לעכע פרייהייט, מיר אָבער האָבן חוץ דעם אויך געפאָדערט נאַציאָנאַלע
רעכט, אינערלעכע געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע אויטאָנאָמיע, אין די ראַמען
וואָס זענען דערלאָזלעך פאַר פּאָליטיש נישט־זעלבסטשטענדיקע נאַציעס.
איז אויף וועמעס זייט זענען דאָ די באַפרייונגס־שטרעבונגען?...

אין מויל פון אַ יידן קלינגט מער ווי מאָדנע און באַזונדערס אומבאַגרינ־

דעם דער פּאַראַלעל אין דעם פּונקט בנוגע „פּאַן־יידנטום". אָט די „שרעק־לעכע" באַצייכענונג האָט דער ה' מארגולים געגעבן יענער אַלוועלטלעכער יידישער סאָלידאַריטעט, וואָס דאַרף באַקומען דעם קאָנקרעטן אויסדרוק אין דעם אַלייִדישן קאָנגרעס, וואָס איך האָב פאָרגעלייגט. פאַרגלייכן דעם דאָזיקן „פּאַן־יידנטומיזם", וואָס איז אַ סימבאָל פון קולטור־אייניקייט ביי דעם צעשפּרייטן פּאָלק, מיט דעם קריגערישן פּאָליטישן פּאַן־סלאַוויזם — איז פּונקט אַזוי טיפּזיניק, ווי דאָס פאַרגלייכן דעם יידישן נאַציאָנאַליזם מיט סלאַוויאַנאָפיליזם. די „אַלוועלטלעכע יידישע אָרגאַניזאַ־ציע", וואָס איך האָב פאָרגעלייגט, האָט דעם ציל (איך ציטיר מיין פאָר־מולע): צו „באַהאַנדלען אַלע גרונט־פּראָבלעמען פון אונדזער פּאָליטישן, געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן און באַשטימען די פאָרמעס פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון יידנטום, לויט די באַדינגונגען פון יעדער לאַנד" (אויבן ז. 123). אויב די דאָזיקע „פּאַן־יידישע" אָרגאַ־ניזאַציע האָט אַזוי איבערגעשראָקן דעם ה' מארגולים, אַז אים האָט זיך אפילו געחלומט דאָס געשפּענסט פון פּאַן־סלאַוויזם, — בלייבט אים נאָר איבער אויסצואַרבעטן אַ קאָנטער־פּראָיעקט וועגן אַ קאָנגרעס, וואָס זאָל שטרעבן נישט צו קיין נאַציאָנאַלער, נאָר צו אַן אַנדער מין אָרגאַניזאַציע פון יידנטום באַדאַי אַן „אַלמענטשלעכע"; און אויב ער וועט געפינען אַן אופן צו אָרגאַניזירן דאָס פאָלק נישט אויף נאַציאָנאַלע יסודות, וועט ער בלי ספק האָבן געמאַכט אַ גרויסע דערפינדונג אין סאָציאָלאָגיע...

* * *

אָט אַזוי זעט אויס דער אידעאישער פּלאַנטער, וואָס הערשט אין די מוחות ביי יענעם טייל פון אונדזער אינטעליגענץ, וואָס זיין געגעזים האָב איך דעפינירט אין אָנהייב פון דאָזיקן בריוו. אויף די קלאָרע און קאַטע־גאָרישע הנחות פון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם האָבן די פאַרשטייער פון דער דאָזיקער צעטומלטער אינטעליגענץ אָפּגעענטפערט מיט עפּעס אַזעלכע „שטאַמלענדיקע רייד", וואָס זאָגן עדות וועגן דער עקסטרעמער כאַאָטיש־קייט פון זייער וועלטבאַנעם. נישט פאַרמאָגנדיק געגנונג דרייסטקייט אַרויס־צושטעלן די פאָן פון אַסימילאַציע, רוקן זיי אַרויס די פּוסטע אַבסטראַק־ציע פון „אַלמענטש". זיי פאַרשטייען נישט, אַז עס איז דאָ פאַראַנען איין קאָנקרעטע אַלטערנאַטיווע: אָדער זיין אַ מיטגליד פון דער אייגענער נאַ־ציע, אָדער פון דער פרעמדער, וואָרעם אין דער קלאַסיפיקאַציע פון אַ כלל יחידים איז נישטאָ אַזאַ גרופּע ווי „אַלמענטשן". דאָס אַלגעמיין מענטש־לעכע גייט אַריין ווי רוי־מאַטעריאַל אין יעדער פאָלקישער עוואָלוציע, אָבער די פאָרעם, דער טיפּ וועלן שטענדיק זיין נאַציאָנאַלע. און אויב דער אַנט־וויקלונגס־טיפּ וועט נישט זיין קיין נאַציאָנאַל־יידישער, וועט ער על־פּי הכרך זיין נאַציאָנאַל־רוסיש, דייטש אד"גל, געוועגדט אין דעם, וואָס פאַר אַ ספערע ס'האָט געווירקט אויף דער דערציונג און אויפן וועלטבאַנעם פון דער

געגעבענער גרופּע יידן. און אין דאָזיקן פאַל איז די ירידה פון „נייעם יידנטום" אומפאַרמיידלעך. צונעמען ביי אונדז די טיפּישע נאַציאָנאַלע עוואָלוציע אונדזערע — מיינט צונעמען אונדזער גייסטיקע טעריטאָריע, דאָס איינציקע, וואָס איז אונדז פאַרבליבן נאָך דעם, ווי מיר האָבן אָנגעוואוירן אונדזער פּאָליטישע טעריטאָריע, דאָס איינציקע, וואָס האָט אונדז פאַראייניקט און פאַראייניקט איצט אין דער צעשפּרייטונג.

אונדזער „אינטעליגענץ", וואָס האָט זיך פאַרלוירן", ליידט פון אַ דואַליזם אין וועלטבאַנעס", אין וועלכן עס זענען צונויפגעמישט נאַציאָנאַלע און אַסימילאַטאָרישע עלעמענטן. דאָס דערמאָנט אין דעם רעליגיעזן דואַליזם, וואָס האָט געהערשט אין שומרון. אַרונטערפאַלנדיק אונטער דער השפּעה פון דער פעניקישער קולטור, האָבן אחאָב און די דינערס פון בעל זיך נישט אָפּגעזאָגט פון זייער נאַציאָנאַלן גאָט, פון יהוה; זיי האָבן נאָר געוואָלט אוועקשטעלן לעבן אים דעם בעל. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז מע קאָן נישט צונויפמישן דיביידע קולטן, אַז יהוה איז דער סימבאָל פון נאַציאָנאַלער עוואָלוציע, און בעל — פון דער אַנטינאַציאָנאַלער. נאָר די פּאַרטיי פון נביא אליהו, די דעמאָלטיקע „נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ", האָט פאַרשטאַנען די גאַנצע סכנה און דעם אומזין פון אַזאַ דואַליזם, און זי, אין דער פּערזאָן פון איר פירער, האָט זיך געווענדעט צו די קעגנער מיט דער קאַטעגאָרישער פראַגע: „ביז וואַנען וועט איר אַרומשפּרינגען צווישן ביידע שוועלן (די טעמפּלען פון יהוה און בעל)? אויב יהוה איז גאָט, גייט נאָך אים, און אויב בעל — איז גאָט, טאָ גייט נאָך בעלן!". קיין מיטלוועג איז נישטאָ: אָדער דער נאַציאָנאַלער אָדער אַסימילאַטאָרישער פּרינציפּ!... און יעדער אויפריכטיק דענקענדיקער מענטש דאַרף זיך ענדגילטיק אַרויסזאָגן פאַר איינעם, אָדער פאַר דעם צווייטן.

איך האָב דערמאָנט וועגן אויפריכטיקייט דערפאַר, ווייל זי איז נישטאָ ביי די פאַרשטייער פון יענער אינטעליגענץ. אָט די מענטשן, וואָס האָבן זיך אינערלעך איבערצייגט אין דעם באַנקראָט פון אַסימילאַציע, וואָס זיי האָבן אַמאָל געפּרעדיקט, ווילן אָפּט זיך נישט מודה זיין אין דעם, כדי מע זאָל זיי נישט פּירוואַרפן, אַז זיי האָבן „געביטן די איבערצייגונגען". זיי פאַרגעסן דעם שיינעם אויסדרוק פון מאַרק אורעליאוס: „איך האָב אַמאָל געבלאָנדזשעט, אָבער גייענדיק צו אמת און חכמה, וועל איך נישט דערלאָזן, אַז די אַלטע בלאָנדזשענישן זאָלן מיר פאַרשטעלן דעם וועג". זיי באַמערקן נישט, אַז הינטער די צעטומלטע גייט שוין נאָך דעצידירט אַ גרויסע אַרמיי פון אַ כמעט צעטומלטער אינטעליגענץ, וואָס איז אינערלעך אָפּגעפאַלן פון יידנטום און איז פרעמד זיינע אינטערעסן. אָט די אַרמיי וואַקסט שוין לאַנג אין מערב און וועט וואַקסן אין מזרח אויב מע וועט באַצייטנס נישט אָננעמען קיין מיטלען געזונט צו מאַכן דעם אָרגאַניזם פון דעם מאָדערן־קולטורעלן יידנטום און אים פאַרהיטן פון דעגענעראַציע.

יאָ, גרויס איז נאָך ביי אונדז די צאָל פון יענע, וואָס אַפילו אין אונדזער עפּאָכע פון שאַרפן אידעישן קריזיס פאַרשטעלן זיי זיך דעם וועג צום אמת דורך זייערע אַלטע בלאָנדזשעניש. אָט די מענטשן, וואָס האָבן זיך „גאָרנישט אויסגעלערנט און גאָרנישט פאַרגעסן", שטאָלצירן מיט דער עקשנות אין זייערע בלאָנדזשענישן און זאָגן נאָך מוסר יענע, וואָס האָבן יאָ געלערנט פון קריזיס אין די לעצטע יאָרצענדליקער. אַזוי האָט אויך דער ה' מאַרגולים (וועלכער האָט, ווי מיר האָבן געזען, אפילו אין זיינע בלאָנדזשענישן נישט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדער שטאַנדהאַפטיקייט) „געהאַלטן פאַר זיין חוב — ווי ער דריקט זיך אויס — זיך אָפּצושטעלן אויף איינער אַ היסטאָרישער אינפאָרמאַציע. ער דערמאָנט וועגן מיין יוגנטלעכן אַרטיקל, אין וועלכן איך האָב פאַרטיידיקט רעליגיעזע רעפאָרמעס („וואָס פאַר אַ זעלבסטעמאַנציפּאַציע איז נייטיק פאַר יידן", פאַרעפנטלעכט אין 1883), און ער האַלט עס פאַר זיין פאַרדינסט, וואָס ער האָט דעמאָלט אָפּגעוואָרפן מיינע אַפּיקורסישע בליקן. ער שטעלט פעסט, אַז אין דערמאָנטן אַרטיקל האָב איך כלומרשט „אַטאַקירט דעם טייערן עבר פון די יידן", און ער, מאַרגולים, האָט פאַרטיידיקט אָט דעם עבר „קאָרעקט אַנאַליזירנדיק" מיינע מיינונגען אין זיין אַרטיקל „זעלבסטבאַפרייונג און זעלבסטפאַרלייקענונג" (5, ז. 101). מיין איצטיקער אָפּאָנענט האָט, זעט אויס, חרטה דערויף, וואָס ער האָט אַמאָל „קאָרעקט" אַנאַליזירט מיינע אידעען און דערפאַר האָט ער זיך איצט דערלויבט אַן אויסדרוק, וואָס איז פונקט אַזוי ווייט פון קאָרעקטקייט, ווי פון פאַקטישן אמת.

כדי צו רעסטאַווירן דעם דאָזיקן אמת, מוז איך דערמאָנען, אַז אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל איז באַהאַנדלט געוואָרן אין אַ העזהדיק־פּראָקוראָרישן טאָן, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער עפּאָכע פון אַנטיטעזיס, די פראַגע וועגן רעליגיעזע רעפאָרמעס אין יהדות. ווי אַן אויסגאַנגספונקט פאַר מיין קריטיק איז געווען דער געדאַנק, אַז די אינדיווידועלע פרייהייט פון דער היינטיקער אינטעליגענץ פאָרט זיך נישט מיט דער אייזערנער דיסציפּלין פון דעם תלמודיש־רבנישן הלכה־רעזשים. אָט דער אויסגאַנגס־פונקט — וואָס איז פאַר מיר בלתי־ספק איצט, ווי מיט 20 יאָר צוריק — איז אָבער אַנטוויקלט געוואָרן אין דערמאָנטן אַרטיקל אין אַ פאָרעם, וואָס שטימט אַמווייניקסטן מיט דער היסטאָרישער אָביעקטיווקייט. דאָס איז געווען אַ שאַרפער אויסגעשריי פון אַבסאָלוטן ראַציאָנאַליזם, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן דענקענדיקן יוגנטלעכן בייםאיבערגאַנג פון קינדערשן גלויבן צו פאַרלייקענונג (איך בין אין יענער צייט געווען אַ דעצידירטער „פּאָזיטיוויסט"). מיין טעות איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב די פראַגע וועגן רעפאָרמעס אַוועקגעשטעלט אויפן באָדן פון פילאָסאָפישן ראַציאָנאַליזם, און נישט אויפן באָדן פון וויסנשאַפטלעך־היסטאָרישן עוואָלוציאָניזם. דערצו האָב איך נאָך צונויפ־

געמישט די היסטאָרישע און היינטצייטיקע באַדייטונג פון דער תלמודיש־רבנישער דיסציפּלין און האָב אַרויסגערוקט אירע נעגאַטיווע זייטן אין דער פאַרגאַנגענהייט פונעם קוקווינקל פון „נייעם יידן". דער ה' מאַרגוליס האָט נישט אויפגעדעקט אָט די עיקרדיקע טעותים, נאָר ער האָט אַרויס־גערוקט קעגן זיי זיין אומבאַגרייפלעכן היסטאָרישן פּאַראַדאָקס: כלומרשט, אַז דער תלמוד איז דורכגעדרונגען נישט מיט אולטראַ־נאַציאָנאַלן, נאָר מיט „אַלגעמיין־מענטשלעכן" גייסט. אָט די פאַרטיידיקונג פון פּאַראַדאָקס, וואָס פאַרדרייט דעם גאַנצן זינען פון דער עוואָלוציע אין יהדות, ווערט אין מאַרגוליסעס אַרטיקל באַצייכנט ווי אַ פאַרטיידיקונג פון „עבר" קעגן מיינע „אָנפאַלן". אויב אַזוי, מיין איך, אַז אפילו אין מיין שאַרפער קריטיק איז געווען מען דרך־ארץ צום „טייערן יידישן עבר", איידער אין דער טענדענציעזער אַפּאָלאָגיע פון מיין קעגנער.

אָבער נישט דעמאָלט און נישט דערנאָך האָט זיך מיין אָפּאָנענט נישט אַרויסגעזאָגט קעגן דעם, וואָס האָט באַזונדערס געדאַרפט אָפּגעפרעגט ווערן, דהיינו, קעגן דעם לעצטן קאַפּיטל, אין וועלכן איך (דעמאָלט אַ גראָדליניקער ראַציאָנאַליסט און קאָסמאָפּאָליט) האָב קורץ באַשטימט דעם גורל פון נאַציאָנאַליזם דורך דער אָנגענומענער פאָרמולע: אַז דאָס איז נאַציאָ־נאַלער עגאָיזם. אָבער מאַרגוליס האָט דאָס ניט געטאָן צוליב דער פשוטער סי־בה, וואָס ער האַלט זיך נאָך עד־היום ביי דער דאָזיקער פאָרמולע, און ער פאַרטיידיקט זי, ווי מיר האָבן געזען, מיטן גאַנצן ברען. איך אָבער האָב קיינמאָל נישט פאַרבאַהאַלטן, אַז אין דעם „באַגינען פון מיינע טעג" אין דער ליטעראַטור, בין איך אויך געווען נוטה צום „אַנטיטעזיס". נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק, באַהאַנדלענדיק די באַמערקונגען פון וול. סאָלאָ וויאָוו קעגן נאַציאָנאַליזם, האָב איך געשריבן *):

„אַ סך פון אונדז האָבן אַמאָל געקעמפט קעגן נאַציאָנאַלן עגאָיזם, ווי אַ שעדלעכן פּרינציפּ — און מיר זענען געווען פולשטענדיק גע־רעכט. אָבער מיר האָבן דעמאָלט געטראַכט, אַז נאַציאָנאַליזם בכלל איז אַנדערש נישט בנמצא ווי אין דער פאָרעם פון נאַציאָנאַלן עגאָיזם — און דאָ האָבן מיר זיך טועה געווען. דעם דאָזיקן טעות דאַרפן מיר איצט מתקן זיין. מיר דאַרפן גלייבן און פרעדיקן, אַז חוץ דעם אַמאָראַלישן נאַציאָנאַלן עגאָיזם עקזיסטירט אויך אַ הויך־מאָראַלישער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליזם. דאָס וועט נישט זיין קיין ענדערונג, נאָר אַן אויסברייטערונג פון אונדזערע פריערדיקע אידעאַלן: קעגן נאַציאָנאַלן עגאָיזם וועלן מיר איצט צאָרענען פּונקט ווי אין די פריערדיקע צייטן, אָבער דעם נאַציאָנאַלן אינדיווידואַ־ליזם — דאָס הייליקע רעכט פון פאָלק אויף פאַרזיכיקער גייסטיקער אַנטוויקלונג — וועלן מיר פאַרטיידיקן מיט אַלע כוחות".

בכלל, קאָן איך אויף דער אויבנדערמאָנטער „היסטאָרישער אינפאָרמאַציע" ענטפערן מיט דער אומשטערבלעכער סטראָפע פון וויקטאָר הוגאָ, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן, ווי אַן ענטפער אויף דער טענה פון איינעם אַן אַלטן מאַרקיז, באשר דער פּאָעט האָט פאַרראַטן דעם ראָיאַליזם פון זיינע יוגנטלעכע Odes et ballades (אָדעס און באַלאַדעס — איב.) און איז איבערגעגאַנגען צו די „יאקאָבינער" — רעפּובליקאַנער:

L'horizon a changé, marquiz non pas l'áme.
Rien au dedans de moi, mais tout autour de moi
L'histoire m'apparut, et je compris la loi
Des generations, cherchant Dieu, portant l'arche
Et montant l'escalier immense marche á marche.
Je restai le méme eil, voyant un autre ciel.

פאַר מיר און פאַר אַ סך מענטשן פון מיין דור, וואָס האָבן אין דער יוגנט איבערגעלעבט איינעם פון די טראַגישסטע קריזיסן אין דער יידישער געשיכטע, זענען די אַכציקער יאָרן געווען אַן איבערגאַנג־צייט פון דעם „אַנטיטעזיס", וועמעס שוואַכקייט מיר האָבן שוין פאַרגעפילט, צום נאַציאָנאַלן „סינטעז", וואָס איז נאָך נישט געווען קלאָר אָנגעצייכנט אין אונדזער באַוואוסטזיין.

און מיין גאַנצע פריערדיקע ליטעראַרישע טעטיקייט גיט מיר, דאַכט זיך, דאָס רעכט צו זאָגן, אַז „די געשיכטע האָט זיך צו מיר באַוויזן" און האָט מיר אָנגעוויזן דעם ריכטיקן וועג צום דאָזיקן סינטעז. די ערשטע מטושטשדיקע סוגעסטיעס אירע אין דער ריכטונג האָבן זיך געלאָזט באַמערקן נאָך אין 1886, אין מיינע קריטישע אַרטיקלען וועגן מאָמזענען און רענאַנען, אין וועלכע איך האָב, להיפך צו זייער „העלעניסטישער אָפּשאַצונג" פון דער תקופה פון צווייטן בית־המקדש, אַרויסגערוקט דעם יידישן היסטאָרישן קריטעריי. קלאָרער איז דער נאַציאָנאַלער סינטעז אָנגעצייכנט אין מיינע עטיודן: „וועגן דעם פאָרשן די געשיכטע פון די רוסישע יידן" (1891) און „וואָס אַזוינס איז יידישע געשיכטע" (1893), ווי אויך

---

*) דער האָריזאָנט האָט זיך געענדערט, מאַרקיז, אָבער נישט די נשמה. אינעווייניק אין מיר האָט זיך גאָרנישט געענדערט, אָבער אַלץ — אַרום מיר. די געשיכטע האָט זיך צו מיר באַוויזן — און איך האָב באַגריפן דאָס געזעץ פון די דורות, וואָס זוכן גאָט, וואָס טראָגן די תיבה און שטייגן אויף אַ ריזיקן לייטער טראָט נאָך טראָט. איך בין פאַרבליבן מיט דעם זעלבן בליק, איך זע אָבער אַן אַנדער הימל.

אין אַ גאַנצער רייע קריטישע אַרטיקלען *), און אין אַ סיסטעמאַטישער פֿאָרעם איז אָט דער קריטעריִ באַאַרבעט געוואָרן אין מיינע „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום". — אַזוי בין איך געגאַנגען „טראָט נאָך טראָט" per aspera ad ardua (דורך מניעות צו די הייכן — איב.) און וואָס טיפֿער איך האָב זיך אַריינגעטראַכט אין דעם עבר און הוה פֿון יידישן פֿאָלק, איז אַלץ בולטער פֿאַר מיר אַרויסגעקומען דער גרויסער נאַציאָנאַ־לער סינטעז, וואָס פֿאַראייניקט זיי. און איך בין איבערצייגט, אַז אויפֿן זעלבן דרך גייען און וועלן גיין צום דאָזיקן סינטעז אַלע די, ביי וועמען נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַשטימונג איז אַן אָרגאַנישער טייל פֿון זייער אַל־געמיינעם וועלטבאַנעם.

און אָט פֿאַרוואָס איך קאָן נישט קוקן אָן טיפֿן באַדויערן אויף יענעם טייל פֿון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס איר איז פֿרעמד דאָס זוכן אַ זינען פֿאַר אונדזער נאַציאָנאַלן זיין, און וואָס פֿאַרבלייבט אַפּאַטיש, אָדער — אין בעסטן פֿאַל — ווי צעטומלטע צוקוקער פֿון היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס שפּילט זיך אָפּ פֿאַר אירע אויגן. ס'איז טרויעריק צוצוזען אויך די פֿאַרגליווערטקייט פֿון געדאַנק ביי איינע, און קוים פֿאַרהוילענע פֿאַרלוירנ־קייט ביי אַנדערע. באַזונדער שווער איז צו קוקן אויף יענער צעטומלטער אינטעליגענץ, וואָס איך האָב כאַראַקטעריזירט אין איצטיקן בריוו. אין זייערע רייד סטאַרען זיי זיך צו פֿאַרהוילן די באַדנלאָזיקייט, וואָס קומט צום אויסדרוק אין אַלע זייערע מעשים, און זיי קלאַמערן זיך אין די שערב־לעך פֿון אַנטיטעזיס, וועלכן זיי קאָנען שוין נישט רעסטאַווריִרן. נעגירנ־דיק טעאָרעטיש סיי די נאַציאָנאַלע אידעע סיי די אַסימילאַציע, זענען זיי אָבער אין דער פּראַקטיק מיטהעלפֿער פֿון דער לעצטער. ביי די עלטערע פֿאָרשטייער פֿון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע, וואָס האָבן פֿאַרבראַכט זייערע קינדער־יאָרן אין אַ טראַדיציאָנעלער יידישער סביבה, איז נאָך פֿאַר־בליבן אַ געוויסער פּיעטיזם, וואָס פֿאַרבינדט זיי מיטן יידנטום, אָבער ביי זייערע אָנהענגער פֿון דעם נייעם דור, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין נאַ־ציאָנאַלע דערציונג, וועט אפֿילו דער דאָזיקער פּיעטיזם נישט זיין. די קעגנ־נער פֿון יידישן נאַציאָנאַליזם באַמערקן נישט, אַז דירעקט אָדער אומדי־רעקט צערייסן זיי יענע פֿעדעם, וואָס פֿאַרבינדן אונדזער צוקונפֿטיקע אינ־טעליגענץ מיטן פֿאָלק; זיי העלפֿן מיט דער אַסימילאַציע אפֿילו קעגן זייער ווילן. דאָס לעבן אַליין אַסימילירט און וועט אַסימילירן יענע יידן, וואָס וועלן נישט זיין באַוואָפֿנט מיט אַ גענוג שטאַרקן וועלטבאַנעם. קעגן אָט

---

*) „די ליטעראַטור פֿון אומרואיקע שטימונגען" (רוסיש), „וואָס־כאָד" 1893, 3—6; „די תּקופֿה פֿון צווייטן בית־המקדש אין דער פֿאָר־שטעלונג פֿון רענאַן" (דאָרט, 1894, 5—4); „די קעגנזייטיקע ווירקונג פֿון אידעישע רעכטונגען" (דאָרט, 10—11).

דעם צעשטערנדיקן פּראָצעס, קעגן דעם באַציל פון אַסימילאַציע, וואָס טראָגט זיך אַרום אין דער לופט פון גלות, מוז מען האָבן אימוניטעט, — און דאָס גיט די יידישע נאַציאָנאַלע אידעע.

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט מאַקס נאָרדוי פאַרענדיקט איינע פון זיינע אַגיטאַציע־רעדעס מיטן פאָלגנדיקן אויסרוף: „מיין לעצט וואָרט: יידן וועלן זיין ציוניסטן, אָדער זיי וועלן אינגאַנצן נישט זיין!" איך מיין, אַז איך האָב אַ סך אַ גרעסערן פאַקטישן יסוד אָוועקצושטעלן די אַלטערנאַטיווע אין אַזאַ פאָרעם: די יידישע אינטעליגענץ וועט זיין נאַציאָנאַל, אָדער זי וועט אינגאַנצן נישט זיין; אָדער זי וועט זיין דורכגעדרונגען מיטן אידעאַל פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע פון יידנטום, אָדער זי וועט פאַקטיש זיין וועמעס איר ווילט אינטעליגענץ, אָבער נישט קיין יידישע. צו פאַרווירקלעכן די ערשטע טייל פון דער אַלטערנאַטיווע און צו פאַרמיידן די צווייטע — דאָס ליגט אין אונדזערע הענט און דאָס איז אָפּהענגיק פון אונדזער נאַציאָנאַלן ווילן...

נאָוועמבער 1902.

# עלפטער בריוו

## דער היסטאָרישער מאָמענט *)

### (די עמיגראַציע־פראַגע)

1. ווידער לעבן מיר איבער געשעענישן, וואָס באַווייזן, אַז די געשיכטע פאַרמאָגט גיכער אַ קרייזאַרטיקע באַוועגונג, איידער אַ גראָדליניקע. נאָר־וואָס האָט דאָס יידישע מאַרטירערטום דורכגעמאַכט אַ פולן אומקרייז — פון דער אומאַנער שחיטה ביז דער קישעניעווער, פון יאָר 1788 ביזן יאָר 1903.

מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָבן מיר, די דאָגמאַטיקער פון גראָדליניקן פראָגרעס, דערזען צום ערשטן מאָל, ווי האַסטיק עס האָט זיך אַ בייג געטאָן די „גראָדע" ליניע פון דער געשיכטע און ווי זי איז אַוועק אין אַ ריכטונג, וואָס דערנעענטערט אונדז צום אויסגאַנגספּונקט, צום פינצטערן עבר. איצט האָב זיך דער קרייז געשלאָסן, ער זענען זיך צונויפגעקומען דער סוף מיטן אָנהייב.

מיר זענען דערגאַנגען צו אַ נייעם פּאַטאַלן ראַנד. דער רוב ראַנדן פון אונדזער גלות־געשיכטע איז אָפּגעמערקט מיט בולטע בלוטיקע שטרייפן. די מיילן־סלופּעס, וואָס טיילן אין איר אָפּ איין תקופה פון דער אַנדערער, זענען באַפאַרבט מיטן בלוט פון אונדזערע קדושים, די העלדן פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד. די קרייצצוגן, די אינקוויזיציע, גירושים, גזירות ת"ח ות"ט, האַידאַמאַטשינע, די רדיפות און גזירות פון דער רוסישער רעגירונג, די המונישע פּאָגראָמען, — אָט דאָס זענען די גבול־סימנים פון אונדזער גע־

---

*) געשריבן אַ חודש נאָכן קישעניעווער פּאָגראָם פון יאָר 1903. אין דעם איצטיקן טעקסט זענען, אויפן סמך פון כתב־יד, צוריקגעשטעלט געוואָרן אַ סך שטעלן, וואָס זענען אויסגעלאָזט געוואָרן אין דער ערשטער אויסגאַבע, אונטערן דרוק פון פּלעוועס צענזור, צווישן דער צווייטער און דריטער וואָרענונג, וואָס מען האָט געגעבן דעם אָרגאַן, וואו ס'איז בשעתו דערשינען אָט דער אַרטיקל (וואָכנשריפט „וואָסכאָד", 1903, נומער 21 — 22).

שיכטע. איטלעכער פון די דאָזיקע סימנים שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווענד־פּונקט אויף אונדזער פּיינפולן שליאַך.

דאָס יידישע האַרץ איז נאָך פאַרקלעמט פון ווייטיק צוליב די לעצטע שרעקלעכע געשעענישן, די אויגן זענען נאָך פאַרנעפּלט מיט די טרערן, — גלייכצייטיק אָבער פילט זיך אויך אַ צופלוס פון ענערגיע, וואָס רופט צו מעשים, עס פילט זיך יענער ליידנשאַפטלעכער אויפשטייג פון נאַציאָנאַלן גייסט, וואָס האָט אונדז אין אַלע דורות געדינט פאַר אַ פּאַנצער און כלי־זין אין ענלעכע שאַרפע מאָמענטן. אין פּסיכישן זינען זענען מיר צום נייעם קלאַפּ געווען מער צוגעגרייט, איידער צו די קלעפּ פון די 1880־ער יאָרן. אויף וואָס דען אַנדערש האָבן מיר זיך געקאָנט ריכטן נאָך 22 יאָר, אין וועלכע „יעדער טאָג איז געווען דער מערדער פון עפּעס אַ חלום", יעדער טאָג האָט באַליידיקט אונדזערע הייליקסטע געפילן, האָט שאַרפער געמאַכט די פּיין פון אונדזער פאָלק, האָט אונדז געשטויסן אויפן סאַמע דעק פון סאָציאַלן לעבן. די איבערלעבונגען פון די צוויי צענדליק יאָר האָבן אונדז אויסגעניכטערט (מיטן אויסנאָם פון דעם הייפעלע אומ־היילבאַרע אָפּטימיסטן) בנוגע אַ סך פראַגן. זיי האָבן אונדז איבערגעלאָזט בירושה איין גרויסן לאָזונג: נאַציאָנאַלע אַליינהילף, — און די נייע שוי־דערלעכע געשעענישן מוזן אָט דעם לאָזונג אָנצייכענען מיט פייערדיקע אותיות אויף דער פאָן פון יידישן פאָלק.

עפּעס ווי אַ מעכטיקער עלעקטרישער שטראָם איז דורכגעלאָפן דורכן אָרגאַניזם פון דער באַליידיקטער נאַציע. דער גוף ציטערט נאָך קאָנוואולסיוו, אָבער דער דופּק קלאַפּט האַסטיקער; עס זידן נאָך אויף טרערן, אָבער עס זידט אויך אויף די ענערגיע, די ענערגיע פון צאָרן. קאָן זיין, אַז נאָך קיין מאָל האָבן די לאָזונגען „זעלבסטהילף" און „זעלבסטשוץ" נישט גע־האַט פאַר אונדז אַזאַ טיפן באַטייט, נישט געווען אַזוי קלאָר פאַר אַלע שיכטן פון יידישן פאָלק — ווי אין איצטיקן מאָמענט.

אָבער וואו זענען די וועגן פון זעלבסטהילף? — אָט דאָס איז די ברענענדיקע פראַגע, אויף וועלכער די פריערדיקע עפּאָכע האָט נאָך נישט געגעבן קיין איינשטימיקן ענטפער, — די פראַגע, וואָס פאָדערט דרינגלעך אַן ענטפער דווקא איצט.

2. צוויי פאָרמעס פון זעלבסטהילף האָבן אונדז איבערגעלאָזט בי־רושה די לעצטע צוויי צענדליק יאָר: א) זעלבסטהילף אויף די ערטער און ב) מאַסן־עמיגראַציע. די ערשטע ווערט רעאַליזירט דורך דעם כסדרדיקן עקשנותדיקן קאַמף פאַר בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט פון די יידן אין די אַלטע צענטערן; די צווייטע איז געווענדט אויף ראַדיקאַל צו פאַרבעסערן דעם מצב פון מער אָדער ווינציקער באַדייטנדיקע גרופּעס פון פאָלק דורך איבערפירן זיי פון די אַלטע צענטערן אין לענדער, וואָס זענען גינציקער פאַרן בירגערלעכן, עקאָנאָמישן און נאַציאָנאַלן לעבן. בנור־

גע ביידע עיקרדיקע פּראָבלעמען פון אונדזער לעבן איז ביז איצט נישטאָ קיין הסכם צווישן די פאַרשידענע פּאַרטייען אין דער יידישער געזעלשאַפט.

וואָס שייך דער פראַגע וועגן זעלבסטהילף אויף די ערטער, גייט אָן דער וויכוח צווישן די, וואָס שטעלן זיך איין בלויז פאַר די בירגערלעכע און עקאָנאָמישע רעכט פון די יידן, ווי אַ רעכטלאָזן טייל פון דער באַפעלקערונג, און די, וואָס קעמפן נאָך, חוץ דעם, אויך פאַר די נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעכט פון יידנטום, ווי אַן אָרגאַניזירטער גאַנצקייט. דער דאָזיקער וויכוח איז שוין גענוג אויפגעקלערט געוואָרן אין די פריערדיקע „בריוו".

נישט קיין קלענערע חילוקי־דעות זענען דאָ אין דער פראַגע וועגן דעם ציל און ריכטונגען פון דער עמיגראַציע. איינינקע אָנערקענען בלויז אַן עקאָנאָמישע עמיגראַציע, באַציענדיק זיך גלייכגילטיק צום אָרט און צו די נאַציאָנאַלע קאָנסעקווענצן אירע. אַנדערע, נישט ווילנדיק נאָך מער צעשפּליטערן די דיאַספּאָרע, שטרעבן צו קאָנצענטרירן די עמיגרירנדיקע מאַסן אין באַשטימטע פּונקטן, וואו מע קאָן שאַפן נייע נאַציאָנאַל־קולטורעלע צענטערן; נאָך אַנדערע פאַרבינדן די עמיגראַציע מיט פּאָליטישער ווידער־אויפלעבונג (ציוניזם).

וואָס זשע זאָגן די פאַקטן און ציפערן וועגן די אמתע טענדענצן פון דער עמיגראַציע?

דאָס יאָר 1881 עפנט אויף אין דער געשיכטע פון די יידישע וואַנדערונגען אַ נייע ערע, די צווייטע לויט איר באַדייטונג נאָך דער ערע פון יאָר 1492, נאָכן גירוש־שפּאַניע. אויף אונדזערע אויגן קומט פאָר, שוין איבער צוואַנציק יאָר, אַ גרויסע היסטאָרישע איבערקערעניש, וואָס באַשטייט אין טיילווייזן איבעררוקן דעם הויפּט־צענטער פון יידנטום. פּונקט ווי מיט פיר יאָרהונדערט צוריק האָט זיך דער צענטער פון יידנטום גערוקט פון מערבדיקן טייל אייראָפּע אין איר מזרחדיקער העלפט, און די נאַציאָנאַלע הגעמאָניע האָט אָנגעהויבן איבערגיין פון די ספרדים צו די פּוילישע (דערנאָך רוסישע) יידן, — אַזוי ווערט איצט אונדזער פאָלקס־צענטער צעצווייט, און איין טייל זיינער רוקט זיך איבער פון רוסלאַנד אין אַנדערע פּונקטן, צוליב דער פאַרשטאַרקטער עמיגראַציע.

וואוהין גייט דער הויפּטשטראָם פון דער עמיגראַציע? — נישט אין אונדזער אַלטן היימלאַנד, ארץ־ישראל, וווהין מע האָט, טראָץ אַלע אונדזערע אָנשטרענגונגען, קוים באַוויזן צו קערעווען פאַר די לעצטע יאָרצענדליקער אַרום צען־צוואַנציק טויזנט מענטשן (רעכענענדיק נישט בלויז די לאַנדווירטשאַפטלעכע, נאָר אויך די אינדוסטריעלע קאָלאָניזאַציע); אויך נישט קיין אַרגענטינע, וואו מע האָט, טראָץ די מיליאָנען־הוצאות, באַוויזן איינצואָרדענען אויף ערד עטלעכע הונדערט משפחות, — נאָר גאָר קיין צפון־אַמעריקע, דער עיקר אין די פאַראייניקטע שטאַטן. במשך פון צוואַנ־

ציק יאָר האָבן פון רוסלאַנד אויסגעוואַנדערט קרוב א מיליאָן יידן, און ניין צענטל פון זיי האָבן זיך געלאָזט קיין צפון־אַמעריקע. ביזן יאָר 1880 איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן געווען אַרום אַ פערטל מיליאָן יידן *), און איצט דערגרייכט זייער צאָל כמעט צו אַנדערהאַלבן מיליאָן, בלויז די ניו־יאָרקער יידישע קהילה ציילט שוין אַריבער אַ האַלבן מיליאָן מענטשן.

די עמיגראַציע קיין אַמעריקע גייט אָן אויפהער, מיט אַן איבערראַשנדיקער רעגלמעסיקייט, ווערנדיק שטאַרקער אין די יאָרן, ווען עס פאַרערגערט זיך דער בירגערלעכער אָדער עקאָנאָמישער מצב פון די יידן אין רוסלאַנד, און שוואַכער — אין ווייניקער קריטישע מאָמענטן. די סטאַטיסטיק האָט שוין אויפגעקלערט, אַז די דורכשניט־ציפער פון דער יידישער עמיגראַציע פון רוסלאַנד בלויז קיין צפון־אַמעריקע האָט אין די יאָרן 1881 — 1897 באַטראָפן 25 טויזנט מענטשן יערלעך, און פאַר די פיר יאָר 1898־1902 — 35 טויזנט מענטשן יערלעך (אין קיילעכיקע ציפערן **). אויב מיר וועלן צוגעבן דערצו די עמיגראַציע אין אַלע איבעריקע לענדער פון דער וועלט, וועלן מיר קומען צום אויספיר, אַז די יידישע עמיגראַציע פון רוסלאַנד האָט אין די לעצטע יאָרן דערגרייכט די נאָרמע פון 50 טויזנט אַ יאָר. רעכענענדיק דעם נאַטירלעכן צוּוואַוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד אויף אַנדערהאַלבן פּראָצענט ***), וועלן מיר, ביי דער צאָל פון 5 מיליאָן יידן, באַקומען אַן אַלגעמיינעם צוּוואַוקס פון 75 טויזנט. הייסט עס, אַז עס גייט איצט אַוועק פון רוסלאַנד בערך צוויי דריטל פון אונדזער יערלעכן צוּוואַוקס.

די קישעניעווער קאַטאַסטראָפע און די פּאַניק, וואָס זי האָט אַרויסגערופן אין תּחום־המושב, בשייכות מיט דער וואַקסנדיקער פאַרערגערונג פון אונדזער רעכטלעכער לאַגע, וועט ברענגען צו אַ געוואַלדיקער פאַרגרעסערונג פון דער עמיגראַציע היי־יאָר און שפּעטער, — ווי עס ווייזן שוין אָן דערויף אַ סך סימפּטאָמען. אויב אין יאָר 1891 (דאָס יאָר פון גירוש־מאָסקווע און פון אַנדערע גזירות) איז די ציפער פון עמיגראַנטן דערגאַנגען כמעט ביז 100 טויזנט ****), וועט זי אין די נאָענטסטע יאָרן לכל

*) זע דעם אַרטיקל „אַמעריקע" אין
Jewish Encyclopedia, Vol. 1, New York, 1901.

**) דאָרטן, באַנד 506,1; „אימיגראַציע פון יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע", וואָסכאָד, אַפּריל 1903, ז"ז 104, 106, 111, פ"גל „ענציקלאָפּעדישער ווערטערבוך" פון בראָקהאַוז און עפראָן, באַנד 54, ז' 105.

***) „ענציקל. ווערטערבוך", ב' 4", ז' 93 (טאַבעלן וועגן דער באַוועגונג פון דער באַפעלקערונג אין די גובערניעס פון תחום־המושב).

****) אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן אויסגעוואַנדערט אין יענעם יאָר 76 טויזנט מענטשן („אימיגראַציע אא"וו, ז' 106), בעת אין דער איי־גענער צייט איז געגאַנגען אַ פאַרשטאַרקטע עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע, אַרגענטינע און אַנדערע לענדער.

הפחות נישט זיין נידעריקער פון אַט דעם מאַקסימום. אויף אַזאַ אופן וועט זיך מהיום והלאה איינשטעלן אַ נייע יערלעכע עמיגראַציע־נאָרמע, אַ טאָפּלטע פון דער פריערדיקער *), ביי אַ הונדערט־טויזנטיקער עמיגראַ־ציע וועט שוין פון רוסלאַנד אַוועקגיין יעדן יאָר נישט בלויז דער גאַנצער צואוואוקס (75.000), נייערט אויך נאָך 25.000 מענטשן פון דעם פאָנד פון דער יידישער באַפעלקערונג. פון אַט דעם מאָמענט אָן וועט זיך די עמי־גראַציע פאַרוואַנדלען אין אַ טיילווייזער עוואַקואַציע פון אַלטן יידישן צענ־טער אין פוילן און רוסלאַנד. אוודאי קאָן די דאָזיקע עוואַקואַציע דער־פירן מיט דער צייט בלויז צו מאַכן שיטערער די יידישע מאַסע אין רו־סישן געטאָ, און נישט צום פולן עקזאָדוס אירן פון דאָרטן. בכל אופן איז דאָס טיילווייזע איבעררוקן אונדזער עיקרדיקן היסטאָרישן צענטער קיין צפון־אַמעריקע — אַ בלי־ספקדיקער פאַרקומענדיקער פאַקט. דאָס דאָזיקע איבעררוקן דעם צענטער איז די גרעסטע געשעעניש פון אונדזער היינטצייטיקער געשיכטע.

3. וואָס זשע זוכט ער, דער ייד־עמיגראַנט, וואָס לויפט פון דעם לאַנד פון אונטערדריקונג מעבר לים? ברויט און פרייהייט? — ניין, פרייהייט און ברויט. אַ געדרודפּטער און דערגנידעריקטער, אַ זון פון דעם עלטסטן קולטור־פאָלק, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאַריער, — זוכט ער קודם־כל פרייהייט, און ערשט דערנאָך ברויט, זאָל זיין אפילו יענעם קאַרגן ביסן, וואָס ער האָט געהאַט אין לאַנד פון זיין אויסוואַנדערונג. ער זוכט פאַר זיך די עלעמענטאַרע מענטשלעכע רעכט, אָן וועלכע מע קאָן נישט לעבן, אַזוי ווי אָן לופט; ער זוכט פאַר זיך און פאַר זיין ביסל האָב־און־גוטס די זיכערקייט, וועלכע דאָס אכזריותדיקע היימלאַנד גאַראַנטירט אים נישט. די לעצטע געשעענישן האָבן אָנגעקליידט די דאָזיקע סטימולן אין אַ פּרימיטיוון לבוש: די שטרעבונג צו ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן און געזונט, דאָס לעבן, געזונט און כבוד פון די נאָענטסטע, וועלכע זענען באַדראָט דורך די היהשע אינסטינקטן פון פּאָגראָמשטשיקעס, באַגייסטער־טע מיט דער יודאָפאָבישער אַגיטאַציע און אונטערגעוואָרעמטע דורך דער אומבאַשטראָפטקייט... אויב די נויט און רעכטלאָזיקייט פלעגן אַרויסטרייבן פון לאַנד צענדליקער טויזנטער איבערוואַנדערער, וועט די פּאַניק אַרויס־

*) צום באַדויערן, האָט דאָס לעבן באַרעכטיקט אָט די נביאות נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, ווי מע האָט געקאָנט דערוואַרטן. דער קאָשמאַר, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן איבער דעם רוסישן יידנטום נאָכן קישעניעווער פּאָגראָם, די יאַפּאַנישע מלחמה און די אומגעוויינלעכע פּאָגראָם־כוואַליע ביז די אָקטיאַבער־סאַטורנאַליעס, ביאַליסטאָק און שעדלעץ איינגעשלאָסן, — דאָס אַלץ האָט דערפירט די יידישע עמיגראַציע צו דער שווידערלעכער יערלעכער ציפער פון די לעצטע יאָרן 150־200 טויזנט (1903־1906).

טרייבן הונדערטער טויזנטער. אַנאַלאָגישע ביישפּילן זענען שוין אפילו געווען אין אָנהייב פון די אַכציקער און ניינציקער יאָרן, ווען דער טיפּ פּאָגראָם ־ שחיטה איז נאָך נישט קלאָר געוואָרן אין אַלע זיינע שווידערנ־דיקע פרטים.

אַלע מאָל ווען איך לייען, אַז קיין אַמעריקע קלייבן זיך אריבער יאָר־יערלעך מאַסן איטאַליענער, אירלענדער, פּאָליאַקן, לעב איך איבער אַ געמישטע געפיל פון טרויער און האָפענונג. אויב די גלידער פון אָט די פרייע אָדער האַלב־פרייע נאַציעס, וואָס זייער רעכטלעכער מצב — אפילו ביי די ערגסטע באַדינגונגען — איז מקנא צו זיין, אין פאַרגלייך מיט דער לאַגע פון מיליאָנען יידישע פּאַריער, — אויב זיי פאַרלאָזן זייער פאָטער־לאַנד און עמיגרירן אין אַ לאַנד פון פרייהייט, טאָ וואָס זאָלן שוין טאָן די יידן, וועלכע דאָס „פאָטערלאַנד" טרייבט ברוטאַל אַרויס? אויב די יידן וואָלטן פון רוסלאַנד אויסגעוואַנדערט פּראָפּאָרציאָנעל צו זייער נויט, וואָלט די יערלעכע עמיגראַציע זייערע באַטראָפן נישט וויניקער ווי אַ העלפט פון דער גאַנצער יערלעכער אייראָפּעאישער עמיגראַציע קיין אַמע־ריקע.

צו די, וואָס שרעקן זיך פאַרן שטראָם פון יידישע מאַסן קיין צפון־אַמעריקע מחמת אָרטיקע באַדינגונגען, וואָלט איך געזאָגט: די גרויסע רעפּובליק, וואָס נעמט אויף יאָר־איין, יאָר־אויס אַ האַלבן מיליאָן איבער־וואַנדערער פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, קאָן בתוכם אויפנעמען, לכל הפחות, אַ הונדערט טויזנט יידישע עמיגראַנטן, וואָס זייער ליבע צו אַר־בעט, זייער ניכטערקייט און קולטורעלקייט איז אָקאָרשט אָפיציעל באַ־שטעטיקט געוואָרן אין דער נאָטע פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג וועגן דער רומענישע פראַגע.

דער כוח פון דער צפון־אַמעריקאַנישער אימיגראַציע באַשטייט אין דעם, וואָס זי פליסט מיט אַ באַשטימטן גאַנג און זי איז צוגעפּאַסט צו די לעבנס־באַדינגונגען פון אונדזער מאַסע. אַ יידישער עמיגראַנט פון רוס־לאַנד דאַרף מיט זיך ברענגען קיין אַמעריקע אָדער די קענטעניש פון עפּעס אַ באַשטימטן אַרבעטס־געביט אָדער סתם חשק צו אַרבעט, און לויט דעם פאַלט ער אַריין אָדער אין דער קאַטעגאָריע Skilled labourers אָדער אין באַשטאַנד פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־אַרמיי. ס'איז נאָר נייטיק אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל קערעווען די דאָזיקע אַרבעטער־מאַסע אין יענע פּונקטן, וואו מע דאַרף זי אַממערסטן האָבן. אוודאי שטייט פאַר דעם עמיגראַנט אַ שווערער קאַמף פאַר עקזיסטענץ, ער וועט זיך אָבער ראַנגלען נישט מיט קיין פאַרבונדערע הענט. „פרייהייט" (אָפּגערעדט שוין פון זיכערקייט פאַר זיך און זיין פאַרמעגן) קריגט ער גלייך, ווי נאָר ער שטעלט זיין פוס אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן, און וואָס שייך „ברויט" — וועט ער זיך דערשלאָגן צו דעם נאָך אַ גרעסערן אָדער קלענערן אָנ־

שטרענג אין דעם אָדער יענעם ווינקל פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע *).

הייסט עס, אַז די מאַגיסטראַל־ליניע פון דער רוסיש־יידישער עמי־גראַציע גייט קיין צפון־אַמעריקע. די זייטיקע אָפּצווייגן אירע פירן קיין אַרגענטינע, פּאַלעסטינע, דרום־אַפריקע און טיילווייז אין די מערב־אייראָ־פּעאישע לענדער. אָבער די אַלע זייטיקע שטראָמען, אין איינעם גענומען, ציען אָפּ גאָר אַ קליינעם טייל ביי דער מאַסע פון הויפּטשטראָם. צי איז דאָס גוט, צי נישט — דאָס איז אַן אַנדער שאלה. מע מוז נישט זיין קיין פּאָליטישער ציוניסט, מע זאָל, פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, נישט סי־פּאַטיזירן היים מיט דער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל; אָבער בעל־כרחו וועט זי גיין זייער פּאַמעלעך, און ביי די גינציקסטע באַדינגונגען (אפילו ביי דעם אוטאָפּישן „טשאַרטער”) וועט זי נישט זיין אימשטאַנד צו באַ־פרידיקן אונדזערע אומגעהייערע עמיגראַציע־באַדערפעניש. דרום־אַמעריקע מיט איר קאַטוילישער (דאָס רוב שפּאַנישער) באַפעלקערונג רופט אַרויס ערנסטע באַוואָרענישן בנוגע דעם פרידלעכן צוזאַמענלעבן פון די יידישע איבערוואַנדערער מיט די „שטאַם־איינוואוינער” (דערמאָנט זיך די אַרגענ־טינישע „גאַוטשאָס”!). דרום־אַפריקע (קאַפּלאַנד, טראַנסוואַאַל) וועט שטענ־דיק זיין אַ צווייטראַנגיקער אימיגראַציע־פּונקט, אפילו נאָכן באַזייטיקן די מניעות, וואָס מע שטעלט איצט די יידישע איינוואַנדערער. וואָס שייך די איבערבאַפעלקערטע לענדער פון מערב־אייראָפּע, וואָלטן די יידן געדאַרפט אויסמיידן צו עמיגרירן אהין, סיי ווייל עס לוינט זיך נישט סיי צוליב דער אומזיכערקייט (אַנטי־אַליעניזם) (פרעמדן־קעגנערשאַפט. — איב.). אויסטראַליע וועט אפשר מיט דער צייט ווערן אַן אָפּצווייג פון דער אַמע־ריקאַנישער אימיגראַציע־באַוועגונג, דערווייל אָבער האָט זי כמעט קיין שום באַדייטונג נישט פאַר אונדזער עמיגראַציע־זאַך.

אויב, הייסט עס, דער הויפּט־צענטער פון אימיגראַציע בלייבט אַמע־ריקע, טאָ שטעלט זיך די פראַגע: וואָס דאַרף מען טאָן, אַז דער מאַסנ־שטראָם אהינצו זאָל ווערן רעגולירט, האָבנדיק אין זינען די גרעסטע נוצן פאַר אונדזער פאָלק? וואָס דאַרף מען טאָן, אַז דאָס איבעררוקן, זאָל זיין טיילווייז, פון אונדזער גרעסטן נאַציאָנאַל־קולטורעלן צענטער זאָל פאָרקו־מען אין די גינציקסטע באַדינגונגען פאַרן קומענדיקן וואוקס פון אָט דעם צענטער אויפן נייעם אָרט? אַנדערש גערעדט, ווי אַזוי זאָל מען מאַכן, אַז דער קומענדיקער כמותדיקער צענטער פון יידנטום אין אַמעריקע זאָל

*) מע קאָן מיר אָנווייזן אויף דער „רעעמיגראַציע”, אויף דעם צו־ריקשטראָם פון ווייניקער גליקלעכע איבערוואַנדערער. אָבער דער פּראָצענט פון די לעצטע איז אַ נישטיקער ( 0.8) און ער קאָן דערפירט ווערן צום עקסטן מינימום, ביי אַ גוט געאָרדנטער עמיגראַציע.

ווערן אויך זיין איכותדיקער צענטער, אָדער, לכל הפחות, איינער פון אַזעלכע צענטערן?

די תשובה אויף דעם איז איינע: די עמיגראַציע דאַרף רעגולירט ווערן נישט בלויז ווי אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישער, נאָר אויך ווי אַ נאַציאָנאַלער פאַקטאָר. די עמיגראַציע קיין צפון־אַמעריקע איז אַ סטיכישע פאָלקס־באַוועגונג, אַרויסגערופן דורך דער אייזערנער נויטווענדיקייט. אין אָט דער סטיכישער באַוועגונג דאַרף מען אַריינברענגען אָרדענונג און סיסטעם: מע דאַרף אונטערהאַלטן מאָראַליש די עמיגראַנטן און מע דאַרף רעגולירן דעם עצם גאַנג פון דער עמיגראַציע.

אונדזער עיקר־פּרינציפּ דאַרף זיין: נישט צעשפּליטערן די יידישע תפוצות, נישט צעוואַרפן זיך אין קליינע גרופּעס אויף אַ גרויסן שטח, נאָר פאַרקערט — קאָנצענטרירן זיך אין גרעסערע אָדער קלענערע מאַסן. אויב אָבער אין וואָסערע ־ ס׳איז פּונקטן האָט די קאָנצענטראַציע שוין דערגרייכט די עקסטע גרענעץ, וואָס איז מסוגל אַרויסצורופן עקאָנאָמישע קאָמפּליקאַציעס און סאָציאַלע סכנות, — טאָ דאַרף מען קערעווען די אי־בערוואַנדערער־מאַסן אין אַנדערע פּונקטן, וואו עס איז נאָך נישטאָ אַזאַ געדיכטעניש און קאָמפּאַקטקייט. אין ניו־יאָרק, למשל, און אין די מזרח־דיקע שטאַטן האָט שוין די קאָנצענטראַציע פון דער יידישער באַפעלקע־רונג דערגרייכט צום „אָנזעטיקונגס־פּונקט"; מע דאַרף דעריבער די ווייטערדיקע איבערוואַנדערער־פּאַרטיעס קערעווען דער עיקר אין די מערבדי־קע שטאַטן, וואָס זענען פאַרהעלטענישמעסיק ווייניקער באַוואוינט.

פאַר די דאָזיקע אַלע צילן דאַרף זיין אַ ברייטע אָרגאַניזאַציע, וועגן וועלכער עס האָבן נאָך אין אָנהייב 80־ער יאָרן געחלומט די פריינד פון פאָלק. מע דאַרף גרינדן אַ צענטראַלן איבערוואַנדערער־קאָמיטעט מיט אָפּ־טיילונגען אין אַ סך פּונקטן פון אייראָפּע און פון אַנדערע וועלטטיילן. אין אָט דעם קאָמיטעט און זיינע אָפּטיילונגען דאַרפן זיך צונויפקומען אַלע פעדעם פון דער עמיגראַציע־באַוועגונג; פון דאַנען דאַרף אַרויסקומען די אָנפירונג מיטן גאַנצן ענין: דאָס אַרויסגעבן באַשטעטיקונגען, אָנווייזן די באַקוועמסטע אימיגראַציע־פּונקטן, פאַרגרינגערן די נסיעה דורך באַציונגען מיט די שיפס־געזעלשאַפטן, שאַפן אינפאָרמאַציע־ביוראָס וועגן אַרבעט אד"גל. אַזאַ מין ריזיקע אַרבעט וואָלט געקאָנט אויף זיך נעמען אַן אינס־טיטוציע, וואָס פאַרמאָגט די גרעסטע געלט־מיטלען. און דאָ שווימט אַרויס פון זיך אַליין דער נאָמען „ייקא" — די יידישע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט, וואָס ביז איצט גיט זי אויס אירע מיליאָנען־פאָנדן נישט תמיד פּראָדוק־טיוו. דער שאַרפער קריזיס, וואָס מיר לעבן איצט איבער, דאַרף אָנווייזן אָט דער געזעלשאַפט איר עיקרדיקן חוב: רעגולירן די יידישע עמיגראַציע, אָן ספּעציעלע פאָרצוגן פאַר דעם אָדער אַנדערן מין אירן. דער קומענדיקער „איבערוואַנדערער־קאָמיטעט" דאַרף מיטווירקן אַריינצוברענגען אַ סדר נית

בלויז אין דעם הויפּטשטראָם פון דער עמיגראַציע, דעם צפון־אַמעריקאַ־נישן, נאָר אויך אין די זייטיקע שטראָמונגען — קיין ארץ־ישראל (אויב דער קאָמיטעט וועט צוליב דעם קומען צו אַ הסכם מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע), קיין דרום־אַפריקע, אַרגענטינע א״א.

אין יסוד פון אַט דער גאַנצער טעטיקייט דאַרף ליגן נישט טויטע פי־לאַנטראָפּיע, נאָר די לעבעדיקע שטרעבונג צו נאַציאָנאַליזירן די עמיגראַציע, דאָס הייסט, צו שאַפן גרויסע צענטערן פון אונדזער נאַציאָנאַל־קולטורעלן לעבן, במקום די אַלטע, זיך צעפאַלנדיקע צענטערן.

איינזייטיקע ציוניסטן וועלן זאָגן, אַז אַזאַ שטרעבונג קאָן ווערן מקוים נאָר אין ארץ־ישראל. מע קאָן, פאַרשטייט זיך, נישט לייקענען, אַז דאָס בעסטע געצייג פון נאַציאָנאַליזירן די איבערוואַנדערונג וואָלט געווען אונד־זער אַלט היסטאָריש היימלאַנד. אָבער מיר דאַרפן דאָך, אויב עס זענען אונדז טייער די אינטערעסן פון גאַנצן פאָלק, נאַציאָנאַליזירן נישט בלויז די געוואונטשענע, נאָר אויך די מעגלעכע, די פּאַקטישע עמיגראַציע, וואָס נעמט אַרום ניין צענטל פון דער איבערוואַנדערער־מאַסע. פאַר די פאָלקס־אינטערעסן דאַרפן מיר אויסנוצן די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אומשטענדן פון היינט, און נישט די אילוזאָרישע פון דער צוקונפט. מיר טאָרן נישט פאַרמשפּטן דעם רוב פון די עמיגראַנטן אויף נאַציאָנאַלן טויט, אין דער האָפענונג, אַז עס וועט זיך אונדז אַמאָל איינגעבן צו ראַטעווען אַ קליינעם טייל זייערן אין ארץ־ישראל. דער מחבר פון „אויטאָעמאַנצי־פּאַציע" האָט געזאָגט, אַז „דעם טויזנטיאָריקן וואַנדערער וועט קיין שום וועג (צום היימלאַנד) נישט אויסזען צו לאַנג". אויב אָבער דער וועג צום ווידעראויפלעבן ארץ־ישראל וועט טאַקע באמת זיין צו לאַנג, וועט דער וואַנדערער בעסער אויסקלייבן אַן אַנדער וועג — אַ קירצערן און מער רעאַלן. און דאָס לעבן האָט שוין אָנגעוויזן דעם דאָזיקן וועג.

פאַר מיר איז קיין ספק נישט, אַז, חוץ דעם צוקונפטיקן יידישן ארץ־ישראל, איז נישטאָ נאָך אַזאַ אָרט, וואָס זאָל זיין מער צוגעפּאַסט פאַר דער איינפעסטיקונג פון אַ יידישן נאַציאָנאַלן צענטער מיט אַ געוויסער אינעווייניקסטער אויטאָנאָמיע, — ווי דאָס היינטיקע אַמעריקע. אין די פריערדיקע בריוו (4, 7, 10), האָב איך שוין אָנגעוויזן אויף די אומשטענדן, וואָס מאַכן גרינגער די אויפגאַבע פון קולטור־נאַציאָנאַלן אויטאָנאָמיזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן. איך קען, פאַרשטייט זיך, אויך יענע השפּעות פון דער אַמעריקאַנער קולטור, וואָס זענען גינציקער פאַר דער ניוועלירונג, איידער פאַר דער אויפהאַלטונג פון יידישן נאַציאָנאַלן טיפּ. אָבער אַזעלכע באַדינגונגען קאָנען אַרויסווייזן זייער שעדלעכע ווירקונג נאָר ביי אַ נישט־רעגולירטער, סטיכישער עמיגראַציע, וואָס שטייט מחוץ דער השפּעה־ספערע פון דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ. זאָל אָבער די אינטעליגענץ, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַלע אידעאַלן, איבערנעמען אינטענ־

סיוו די אָנפירנדיקע טעטיקייט, וועט צפון־אַמעריקע געבן דעם גרעסטן רוים צו פאַרווירקלעכן אָט די אידעאַלן. די אַמעריקאַנישע קאָנסטיטוציע קאָן נישט שטערן נישט דער אויטאָנאָמיע פון דער יידישער קהילה־פאַר־וואַלטונג, נישט דעם שאַפן אַ ברייטע אָרגאַניזאַציע פון נאַציאָנאַלער דער־ציונג און בילדונג, נישט דעם אויסבילדן אַ יידישע פּאַרלאַמענטאַרישע פראַקציע *). דאָס אַלץ לאָזט זיך גאַנץ גוט צונויפפּאַרן מיט די התחייבותן פון גוטע בירגער לגבי דער רעפּובליק. כדי צו נאַציאָנאַליזירן די אַמערי־קאַנער יידן דאַרף מען נאָר האָבן אַן אויפריכטיקן ווילן, אַ פּאַראייניקטע און אינטענסיווע אַרבעט פון דער גאַנצער נאַציאָנאַל דענקענדיקער אינ־טעליגענץ. און דערצו איז נייטיק, אַז פּאַראַלעל מיט דער עמיגראַציע פון די רוסיש־יידישע מאַסן קיין אַמעריקע זאָלן אַהין איבערוואַנדערן אויך גרו־פּעס אינטעליגענץ, וואָס געפינען נישט אין דעם אַלטן היימלאַנד קיין אָנ־ווענדונג פאַר זייערע כוחות. מיר לעבן איצט איבער אַזאַ פּסיכישן מאָמענט, ווען עס איז אויך ביי אונדזער רעכטלאָזן געבילדעטן פּראָלעטאַריאַט שאַר־פער געוואָרן די באַדערפעניש צו עמיגרירן. באַזעלט מיטן נאַציאָנאַלן גע־פיל, וואָלט אַ היפּשער טייל פון דער אינטעליגענץ געקאָנט זיך שטעלן בראש פון דער עמיגראַציע־באַוועגונג, וואָס דאַרף פאַרזיכערן ברויט און אַ מעגלעכקייט פון רואיקער פאַרזיכיקער אַנטוויקלונג פאַר אַ גרויסן טייל פון גערודפטן פאָלק.

4. ס'איז שוין אויבן געזאָגט געוואָרן, אַז אפילו אַ פאַרשטאַרקטע עמיגראַציע קאָן ברענגען בלויז שיטערער צו מאַכן די יידישע באַפעלקע־רונג אין דעם יציאה־לאַנד, אין דעם רוסישן מצרים, אָבער נישט צו דער פולשטענדיקער עוואַקואַציע פון אָט דעם לאַנד דורך די יידן. גרויסע מאַסן וועלן נאָך בלייבן אויף די אַלטע ערטער, אין אויסערגעוויינלעך שווערע באַדינגונגען פון מאַטעריעלן און גייסטיקן לעבן. און אַזוי אַרום וועט די גרונט־פּראָבלעם פון זעלבסטהילף און זעלבסטשוץ אויף די ערטער איינ־האַלטן די גאַנצע קראַפט אירע. איך האָב נישט בדעה צום הונדערטסטן מאָל צו דערווייזן, אַז די זעלבסטהילף פון אַ געיאָגטן און געפּלאָגטן פאָלק דאַרף זיין טיף נאַציאָנאַל לויט איר מהות, און ניט קיין פילאַנטראָפּישע, אָן נשמה; אַז די הויפּט־כוחות אונדזערע דאַרפן זיין געקערעוועט אויף צו פאַרשטאַרקן יענע לעבנס־יסודות פון יידנטום, פאַר וועלכע מיר האָבן זיך געראַנגלט און געליטן במשך פון טויזנטער יאָרן. דער נייער קדושים־קראַנץ, וואָס מען האָט נאָר־וואָס אַרויפגעלייגט אויפן קאָפּ פון יידישן

*) דער ביישפּיל פון דער קאָלאָניע וואודביין, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „יידישן שטעטל" מיט אַ ברייטער אָרטיקער אויטאָנאָמיע, לאָזט אונדז האָפן, אַז וואו־נישט־וואו איז אויך מעגלעך, אַז די יידן זאָלן האָבן אַ מערהייט אין דער אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

פּאָלק, וועט אפשר איבערצייגן אויך יענע, וואָס האָבן ביז איצט נישט געפילט קיין עקל צו דער נאָכגיביקער פּאָליטיק פון דער אַסימילאַציע. איך ווענד זיך צו די ברייטע שיכטן פון אונדזער נאַציאָנאַל דענקענדיקער אינטעליגענץ, אָן אונטערשייד פון פּאַרטייאישע שאַטירונגען: מער ווי ווען־עס־איז מוזן מיר זיך צונויפרעדן בנוגע די אופנים פון זעלבסטהילף און זעלבסטשוץ, וועלכע זענען מעגלעך אין די איצטיקע באַדינגונגען.

קודם־כל טאָר מען נישט דערלאָזן דעם פאַלשן געדאַנק, אַז אונטער־שטיצנדיק די מאַסן־עמיגראַציע אין די נייע לענדער, זאָגן מיר זיך כלומרשט אָפּ פון אונדזערע היסטאָרישע רעכט אויף יענע אַלטע צענטערן, וואו מיר האָבן געפירט אַ האָרעפּאַשנע און קולטורעל לעבן במשך פון אַ סך יאָר־הונדערטער, וואו מיר האָבן זיך אין פיל ערטער באַזעצט אַ סך פריער פאַר די, וועלכע רופן אונדז אָן „גרים", און זיך — „תושבים". מיר זאָגן זיך נישט אָפּ פון אונדזער היסטאָרישן און מאָראַלישן רעכט אויף אָט די אַלטע צענטערן, מיר וועלן אויך דאָ שטרעבן מיט אַלע כוחות צו פאַרבעסערן אונדזער עקאָנאָמישן מצב און צו דערגרייכן יענע ביר־גערלעכע רעכט, וואָס מע וויל זיי אונדז איצט נישט געבן. מיר וועלן אָבער קעמפן פאַר אָט די רעכט, ווי אַ נאַציע, וואָס שעצט זיך אַליין. מיר דאַרפן באַשטיין גלייכצייטיק סיי אויף אונדזערע בירגערלעכע רעכט סיי אויף אונדזערע קולטור־אידעאַלן און נאַציאָנאַלע אינטערעסן. מיר קאָנען זיך ווערן קעגן דער אָרגאַניזירטער יודאָפאָבישער אַגיטאַציע דורך אונדזערע קאָנטער־אָרגאַניזאַציעס — געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע. און ווי לאַנג עס זאָל נישט געדויערן דער דאָזיקער קאַמף פאַר רעכט — וועלן מיר פאָרט נישט פאַרלירן דעם גלויבן אין דעם דערפאָלג פון אונדזער זאַך, דער זאַך פון אמת און יושר.

זוכנדיק כסדר גינציקערע פּונקטן פאַר אונדזער נאַציאָנאַלן קיום, וועלן מיר גלייכצייטיק נישט אויפהערן עקשנותדיק צו פאָדערן אונדזער גלייכבאַרעכטיקונג אין דעם לאַנד, וואו מיליאָנען אונדזערע ברידער איז נאָך באַשערט לאַנג צו לעבן. אויב עס איז אונדז באַשערט אויך צו ליידן לאַנג, טאָ וועלן מיר ליידן, קעמפנדיק פאַר אַ בעסערער דאָליע, און נישט אונטערגעבנדיק זיך בהכנעה די אומשטענדן. אַזאַ פּאָליטישע הכנעה וואָלט אונדז גערדאָט מיט פולשטענדיקער דעמאָראַליזאַציע... מיר וועלן זיך אויך נישט באַניגענען מיט האַלבמיטלען און נעבעכדיקע נדבות מצד דער רע־גירונג, נאָר מיר וועלן עקשנותדיק פאָדערן דאָס אַלץ, וואָס עס קומט אונדז, ווי בירגער און מענטשן.

כדי צו באַטראַכטן אַלע פראַגן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט ביידע אַספּעקטן פון אונדזער נאַציאָנאַלער זעלבסטהילף — בירגערלעך־קולטורע־לע און פון עמיגראַציע — דאַרף מען וואָס גיכער צונויפרופן אַן אַלייידישן קאָנגרעס. איך האָב שוין אַמאָל גערעדט וועגן די אויפגאַבן פון אַזאַ קאָנ־גרעס (בריוו 4 און 9), און דאָ דאַרף איך בלויז צוגעבן ,אַז דער איצטי־

קער טרויעריקער מאָמענט רוקט אַרויס אין פאָדערגרונט איינע פון אָפּ די
אויפגאַבן: דאָס רעגולירן און נאַציאָנאַליזירן די עמיגראַציע. די ציוניסטן
וואָלטן געמאַכט אַ גרויסן שפּאַן אין זינען פון אויסברייטערן זייער פּראָ־
גראַם, ווען זיי וואָלטן פאַרוואַנדלט דעם פאָרשטייענדיקן (אין אויגוסט פון
היינטיקן יאָר) זעקסטן קאָנגרעס זייערן אין אַן אַלײדישן קאָנגרעס, מיט
דער אָנגעצייכנטער רעאַלער פּראָגראַם *). אויב אָבער פּאַרטיי־חשבונות
וועלן אָפּהאַלטן די ציוניסטן פון אַזאַ שריט, וועלן זיך געפינען עסקנים,
וואָס וועלן זיין פעיק זעלבשטענדיק צוצוגרייטן אַן אַלפאָלקישן קאָנגרעס.
און עס וועלן זיך געפינען נישט ווינציק מענטשן, וועלכע וועלן האָבן
חשק צו זיין אָנטיילנעמער פון אָט דעם נייעם סנהדרין, וואָס ווערט צו־
נויפגערופן אין די טראַגישסטע מאָמענטן פון אונדזער געשיכטע.

די פאָרשטייענדיקע ברייטע זעלבסטהילף־אַרבעט פאָדערט אַ געוואַל־
דיקע אָנשטרענגונג פון אַלע פאָלקס־כוחות. די גאַנצע יידישע אינטעלי־
גענץ, די גאַנצע אַרבעטספעיקע יוגנט דאַרף זיך מעלדן צו דער דאָזיקער
פאָלקס־מאָביליזאַציע, וואָס ווערט אויסגערופן אין אַ קריטישן מאָמענט.
וויפל ס'האָט זיך נישט פאַרגרעסערט די צאָל קעמפער פאַר אונדזער פאָלקס־
זאַך, איז זי אָבער נאָך אַלץ קליין אין פאַרגלייך מיט דער צאָל פון אונד־
זער גאַנצער אינטעליגענץ, וואָס איז פעיק צו געזעלשאַפטלעכער טעטי־
קייט. טויזנטער געבילדעטע און אפילו טאַלענטירטע יידן טוען נאָך אַלץ
„היטן פרעמדע וויינגערטנער", פאַרלאָזנדיק דעם אייגענעם. טויזנטער אַנט־
לויפן פון דער מחנה אומקומענדיקע ברידער, אַנטלויפן אהין, וואו זייער

---

*) דער זעקסטער באַזעלער קאָנגרעס (אויגוסט 1903), כאָטש ער
איז ווייטער געבליבן אַ פּאַרטייאישער, האָט זיך דאָך אָפּגערופן אויף דער
גרויסער אידעע פון נאַציאָנאַלער עמיגראַציע, וואָס האָט זיך דאַן געטראָגן
אין דער לופטן. דער געדענקפולער אוגאַנדאַ־פּראָיעקט האָט שוין אַ רוק
געטאָן דעם פּאָליטישן ציוניזם פון זיינע פּאָזיציעס, און די „טעריטאָריאַ־
ליסטן־אָרגאַניזאַציע", אַן אַרויסגערופענע צום לעבן דורכן 6־טן קאָנגרעס,
איז, אין תוך גענומען, געווען אַן ענטפער אויף דער ברענענדיקער לעבנס־
נויטווענדיקייט — קערעווען דעם מעכטיקן עמיגראַציע־שטראָם אין אַ באַ־
שטימטער ריכטונג, אין די אינטערעסן פון נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע.
מע מעג האַלטן, אַז די אידעע פון „טעריטאָריאַליזם" לאָזט זיך נישט דער־
גרייכן, מע מוז אָבער אָנערקענען, אַז עס ליגט אונטער איר אַ טיפער
לעבנס־אונטערשלאַק. ווען די טעריטאָריאַליסטן וואָלטן געמאַכט פאַר דער
ערשטער רעאַלער באַזע דאָס רעגולירן די אַמעריקאַנער עמיגראַציע און
דאָס קערעווען זי אין די קנאַפּ באַוואוינטע מערב־שטאַטן, — וואָלטן זיי
זיך דערנענטערט צו דער אויפגאַבע, וואָס איז אָנגעוויזן אין דעם איצ־
טיקן אַרטיקל. גאָר לעצטנס נעמט אָן די טעטיקייט פון דער „ייט"אָ"
(יידישע טעריטאָריאַלע אָרגאַניזאַציע) דווקא אַזאַ פּראַקטישע ווענדונג, אין
דעם זינען פון נאַציאָנאַלער רעגולירונג פון דער רוסיש־אַמעריקאַנער עמי־
גראַציע (באַמערקונג פון יאָר 1907).

אַנטייל איז גאָר נישט אַזוי נייטיק און אפילו נישט געוואונטשן. דערצויגן אין גייסט פון אָפּגעפרעמדקייט צום יידנטום, ווערן זיי פאַרכאַפּט מיט געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע שטרעמונגען פון אַ פרעמדער סביבה, און אָפט מאָל נעמט עס ביי זיי אָן דעם כאַראַקטער פון פאַרקריפּלטער נאָכמאַכעריי. זיי ציען זיך אפילו אַריין אין דעם דעקאַדאַנס פון רוסישן לעבן, מיט די פרישגעבאַקענע טיפּן פון עגאָיסטן־„אינדיווידואַליסטן" און „געלאַנגווייליקטע אינטעליגענטן". איך קאָן נישט אָנווייזן אין אונדזער טרויעריקן לעבן קיין העסלעכערע דערשיינונג, ווי די דאָזיקע ירידה פון געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן ביי אייניקע און פון נאַציאָנאַלע אידעאַלן ביי אַנדערע, — און דאָס איז ביי אַ פאָלק, וואָס שטייט אין אַ מצב פון אָנגעשטרענגטער זעלבסטשוץ, אין אַ מאָמענט פון דער גרעסטער נאַציאָנאַלער סכנה...

עס ווילט זיך גלייבן, אַז די לעצטע שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע וועט צווינגען אָט דעם פאַרהלשטן טייל אינטעליגענץ זיך אויפצוכאַפּן און זיך צו פאַרטראַכטן. וואו ס'איז דאָ אַ געפאַר, וואו ס'איז דאָ אַן אויסערגעוויינלעכע נאַציאָנאַלע אַרבעט, געווענדט צו ראַטעווען הונדערטער טויזנטער ליידנדיקע ברידער, — דאָרט איז נישטאָ קיין אָרט פאַר אַ ספפקדיקן „אינדיווידואַליזם", נישט פאַר אָפּציען געזעלשאַפטלעכע כוחות אין אַן אַנדער זייט. ביי וועמען ס'וועלן זיך עפענען די אויגן אויף דעם תהום פון פאָלקס־צרות, דער וועט נישט אַוועק נישט אין דער מחנה פון די טריומפירער, נישט אין דער מחנה פון די קעמפער פאַר אַ זאַך, וואָס איז ווייט פון די ברענענדיקע טאָג־נויטן...

די צרות אָן אַ ברעג פון אונדזער פאָלק דאַרפן אויסהיילן אי די „געלאַנגווייליקטע" אי די אָפּגעפרעמדטע אינטעליגענץ. זיי וועלן איר געבן אַ דערהויבענעם, הייליקן אידעאַל, אַ ציל און אַ זינען אין לעבן. און אויב די דאָזיקע אינטעליגענץ, וואָס איז ביז איצט אָפּגעפרעמדט פון פאָלק, וועט זיך דורכדרינגען מיט נאַציאָנאַלע אידעאַלן און וועט זיך אָנשליסן צו יענעם טייל, וואָס שלאָגט זיך פון לאַנג אַרויס פון די כוחות אין דעם געראַנגל פאַר דער זאַך פון אונדזער פאָלק, — איז „נאָך אונדזער האָפענונג נישט פאַרלוירן".

ביי דעם פרישן קבר פון אונדזערע נייע נאַציאָנאַלע קדושים זאָלן זיך פאַראייניקן אַלע לעבנספעיקע עלעמענטן פון אונדזער פאָלק, אַלע, אין וועמען ס'איז נאָך נישט פאַרלאָשן „דער יידישער פונק", ווער עס שטרעבט צו דערהאַלטן און אויפלעבן אונדזער נאַציע! זאָל יעדער דענקענדיקער ייד זיך באַטראַכטן פאַר אַ זעלנער פון יענער אומפאַרגלייכלעכער אַרמיי, וואָס קעמפט שוין צוויי טויזנט יאָר מיט גייסטיקן כלי־זין קעגן אומצאָליקע פיינטלעכע כוחות און וואָס האָט ביז היינט אויפגעהיט דאָס יידנטום אין מיטן פון די גרעסטע היסטאָרישע קאַטאַסטראָפעס!

מאַי 1903.

## צוועלפטער בריוו

## דער מוסר-השכל פון די שרעקלעכע טעג

### .1

### וואָס האָט אונדז עמלק געטאָן? *)

אַ ים פון בלוט פאַרגיסט דאָס האַרץ,
אַ ים פון טרערן, נישט באַצאָלטע...
און סייאָמערט, סיברענט דיך,
ווי מיט אַ מעסער עקבערט דיך די פראַגע:
צו וואָס זענען קרבנות, צו וואָס די ליידן?...

צו וואָס זענען די נייע גרוילטאַטן — אַט דאָס אומקערן זיך צו די בלוטיקע אָרגיעס פון „שוואַרצן טויט" און פון כמעלניצקים צייטן? צו וואָס זענען די טויזנטער היהש דערהרגעטע און צעקאַליעטשעטע יידישע קרבנות אין קיעוו, אָדעס, יעליסאַוועטגראַד, קישעניעוו, קאַלאַראַש, ראָמני, אָרשע און נאָך פיל שטעט פון צפון און דרום? צו וואָס דער חורבן פון הונדערטער קהילות, די מיט בלוט פאַרגאָסענע און מיט שערבלעך פאַר־שיטע גאַסן, די צענדליקער טויזנטער פאַריתומטע משפחות, צעראַבעוועטע, אַוועקגעלאָזטע מיט דער טאָרבע?

אפשר צוליב דעם, אַז רוסלאַנד זאָל אריינגיין אין קאָנסטיטוציאָנעלן פּעריאָד פון איר געשיכטע מיט אַ שאַנדצייכן אויפן שטערן, אַז עס זאָל

*) דאָס דאָזיקע קאַפּיטל איז געלייענט געוואָרן אויף דעם טרויער־מיטינג געווידמעט די אָקטאָבער־פּאָגראָמען, אין ווילנע דעם 17־טן נאָוועמ־בער 1905.

אַריינטרעטן אין דער מסיבה פון קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכות מיטן שטעמפּל פון אַ באַרבאַר אָדער פון אַ צעיושעטן פריי־געלאָזטן קנעכט? אָדער דאָס איז אַ דראָענדיקע וואָרענונג דעם יידן, אַז ער, וואָס קעמפט אין די פאָדערשטע רייען פון דער באַפרייונגס־אַרמיי, — ער פאַרבלייבט נאָך אַלץ אי אַ רעכטלאָזער אי אַ שוצלאָזער; אַז ער, וואָס האָט מער פון אַלעמען געהאָרעוועט פאַר דער זאַך פון רעוואָלוציע — ער וועט ווינציקער פון אַלעמען געניסן פון אירע ערשטע פּירות; אַז ער האָט נאָר איין טרויעריקע פּריווילעגיע — צו זיין דער הויפּט־קרבן פון קאָנטר־רעוואָלוציע און פון פאָלקס־באַרבאַריי? וואָס איז עס: די ירושה פון אַוועקגייענדיקן, אָבער נאָך נישט אַוועקגעגאַנגענעם עבר, צי אַ בייזע בשורה אויף דער צוקונפט?

מע זאָגט אונדז: דאָס איז די קאָנטר־רעוואָלוציע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די משרתים פון אַלטן רעזשים בחברותא מיט די פינצטערע עלעמענטן פון פאָלק. דאָס איז אַן אמת — אָבער נישט דער גאַנצער. די בלוטיקע אָקטאָבער־טעג פון 1905 טן יאָר זענען צוגעגרייט געוואָרן נישט בלויז דורך די געשעענישן פון נאָר דער לעצטער צייט: זיי זענען אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגער היסטאָרישער עוואָלוציע פון רוסלאַנד, די קרוין אויף יענער סיסטעם פון אייזן און בלוט, וואָס האָט געשטיקט די יידן במשך פון דעם לעצטן פערטל יאָרהונדערט. דאָס פּאָליציייאישע רוסלאַנד האָט געשאַפן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג צווייערליי אינקוויזיציעס: די אינקוויזיציע פון רעכטלאָזיקייט פאַרן טאָגטעגלעכן געברויך און די פּאָגראָם־אינקוויזיציע פאַר אויסערגעוויינלעכע באַדערפענישן. דאָס זענען געווען צוויי עקן פון איין שטעקן: מיט איינעם פלעגט מען שלאָגן, מיטן צווייטן — הרגענען: אויף איין עק — יאָך, אויפן צווייטן — פאַרטיליקונג.

וועלנדיק באַנייען אין רוסלאַנד דעם רעזשים פון אַלטן שפּאַניע, האָט דער „גרויס־אינקוויזיטאָר" (וואָס איז נישט לאַנג אַוועק אין זיין רו) צוזאַמען מיט זיינע יוצר־משרתים אויסגעאַרבעט, אין הסכם מיט דער אַלגעמיינער פּאָליטיק פון ברוטאַלן אַבסאָלוטיזם, אַ באַזונדערן סטאַטוס פאַר יידן. די מאָטיוון פאַר דעם סטאַטוס זענען פאַראייבפאַכט געוואָרן ביז גאָר:

„די יידן זענען אַ קולטורעל פאָלק און נוטה צו פּראָגרעס, און דאָס טויג זיך נישט פאַר אונדזער קלעריקאַל־מאָנאַרכיסטישער פּאַטריאַרכאַלישקייט, פאַר דעם סדר פון אַזיאַטישן הינערפּלעט און פון דער געבענטשטער עם־הארצות פון פאָלק. טאָ שטיקט זיי, די פרעמדע, לאָזט זיי נישט אַריבער דעם גבול פון „תחום־המושב", יאָגט זיי פון די דערפער אין די איבערגעפּאַקטע שטעט, נעמט ביי זיי צו דאָס שטיקל ברויט, לאָזט זיי נישט צו צו קיין בילדונג, פּירט זיי אַראָפּ צו דער מדרגה פון פּאַריער, רעדט איין די „תושבים", אַז די יידן געפינען זיך אויסערן געזעץ, — און ווען די איינרעדעניש וועט זיך אָננעמען און וועט אַרויסרופן פּאָגראָ־

מען, טאָ איילט זיך נישט זיי צו דערשטיקן: זאָל זיך ארויסווייזן דער „ווילן פון פאָלק". זאָלן די רעכטלאָזע דערפילן אויך דעם שוידער פון שוצלאָזיקייט, און טאָמער וועט זיי דאָס לעבן ווערן נישט איבערצוטראָגן — טאָ זאָלן זיי זיך פארנעמען קיין אמעריקע, פאַלעסטינע, וואו זיי ווילן!"...

אין יאָר 1881 זענען די אנטי־יידישע פאָגראָמען אָפיציעל אָנגערופן געוואָרן (דורכן מיניסטער נ. ב. איגנאַטיעוו) „פאָלקס־משפט", און אין יאָר 1905 ווערן זיי — אויך אָפיציעל — פארעכנט צו דער קאַטעגאָריע „פאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס", וואָס מען איז מקיים אונטער דער עמ־בלעם פון צלם און פון דער נאַציאָנאַלער פאָן. דעמאָלט האָט מען די פאָ־גראָמען באַרעכטיקט מיט עקאָנאָמישע סיבות, מיט דער כלומרשטער „עקס־פּלואַטאַציע פון דער שטאַם־באַפעלקערונג דורך די יידן"; איצט באַרעכ־טיקט מען זיי מיט פּאָליטישע סיבות — מיט דער נקמה פאַר דער רעוואָ־לוציאָנערער טעטיקייט פון די יידן, וועלכע די רעגירונגס־אינקוויזיציע האָט דאָך אליין ארייננגעשטויסן אין תהום פון יאוש און צאָרן. עס האָבן זיך געביטן די מאָטיוון, עס האָט זיך אויך געביטן די פּראַקטיק פון דער פּאָגראָם־אינקוויזיציע, די לעצטע — צום ערגערן. פריער איז נישט געווען קיין קעגנווירקונג מצד דער מאַכט, איצט איז דאָ אָן אָפענע אָדער באַ־האַלטענע מיטווירקונג ביים אָרגאַניזירן די פּאָגראָמען; פריער פלעגט מען חרוב מאַכן הייזער, האָב־און־גוטס; און זינט דעם יאָר 1903 איז אוועק א סדרה שלאָגן און הרגענען. ביינאַנד מיט דער דאָגמע פון אומבאַריר־לעכקייט בנוגע די פּאָגראָמשטשיקעס און רוצחים ביים אויספירן זייערע „אמטלעכע פליכטן", האָט זיך איינגעבירגערט די פּראַקטיק פון פּאָליציי־איש־מיליטערישער פאַרטיליקונג פון דער יידישער זעלבסטשוץ, וואָס האָט געשטערט אויסצופירן אָט די „פליכטן", — ביז וואַנען ס'איז אין די אָקטאָבער־טעג שוין דערגאַנגען צו א פולער ברידערלעכער צונויפגיסונג פון פּאָליציי, סאָלדאַטן און קאָזאַקן מיט די מערדער, קאַניבאַלן און רוי־בער פון צווישן פאָלק. די ווייטערדיקע פּאַראַגראַפן פון דעם סטאַטוט וועגן פּאָגראָם־אינקוויזיציע זענען אונדז באַקאַנט פון דער לעצטער פּראַק־טיק: „באַגלייבטע" רעגירונגס־קאָמוניקאַטן און געריכטס־פּאָליצייאישע אויספאָרשונגען, וואָס לייגן אַרויף די שולד אויף די הרוגים און פּאָגראָ־מירטע, און דערנאָך די שענדלעכע קאָמעדיע פון „רעכטפאַרטיקייט"*)

אזוי האָט זיך געפירט די „אַלטע" רעגירונג; וואָס זשע טוט די נייע

---

*) נאָך די רעוואָלאַציעס פון פירשט אורוסאָוו אין דער מלוכה־דומע (דעמאָלטיקער רוסישער פּאַרלאַמענט. — איב.) און נאָך די גרוילן פון ביאַ־ליסטאָק און שעדלעץ, וועט אָט דאָס בילד פון דער פּאָגראָם־לאַבאָראַטאָ־ריע זיך קאָנען אויסווייזן נאָך צו בלאַס (באַמערקונג פון יאָר 1907).

רעגירונג פון וויטע? זי פּובליקירט אָפיציעלע קאָמוניקאַטן וועגן די פּאָ־גראָמען אויפן סמך פון די באַריכטן, וועלכע עס שטעלן צונויף די אַדמי־ניסטראַטאָרן, וואָס האָבן אָרגאַניזירט ממש אָדער גייסטיק די פּאָגראָמען; זי גיט נישט איבער צום משפט די שולדיקע אין דער שחיטה, וואָס האָט געמאַכט רוסלאַנד צו שאַנד, און אייניקע פון זיי קריגן נאָך אויסגעדריקט אַ דאַנק; די רעגירונג גיט אַרויס אַ „הכחשה" וועגן דער „באַליידיקנדי־קער" ידיעה, אַז דער רוסישער געזאַנדטער אין ווין זאָל האָבן כלומרשט אָרגאַניזירט אַ זאַמלונג לטובת די פּאָגראָמירטע, — מיט איין וואָרט, מיט קיין שום אַקט האָט די רעגירונג נישט אויסגעדריקט די פאַראורטיילונג פון די פּאָרגעקומענע רציחות. דערמיט גיט זי אַ גרונט צו קלערן, אַז אין דער דאָזיקער פּאָליטיק גייט די נייע רעגירונג אין פוס־טריט פון דער אַל־טער, כאָטש נישט אַזוי אָפן. קלאָר, אַז די גרענעץ צווישן דעם אַלטן און נייעם רוסלאַנד איז נאָך דערווייל בלויז אַן „אויסגעדראַכטע ליניע" — לכל הפּחות בנוגע די יידן.

אַזאַ איז די ראַליע פון דער רעגירונג אין אַלץ, וואָס איז געשען — אַ ראָליע פון אַן אַדמיניסטראַטיווער „אָפּריטשינע",*) אַ ראָליע פון מי־ליטערישע דערשטיקער, וועלכע האָבן זיך קונה שם געווען מיט „אינער־לעכע נצחונות", און פון קאָזאַקנטום, וואָס האָט אויפגעלעבט די טראַדי־ציעס פון כמעלניצקין און גאָנטען.

און וואָס איז מיטן פאָלק? נישט שוין זשע האָט דער דאָזיקער וויל־דער המון, די אַזוי גערופענע בּוליגאַנעם און „שוואַרצע מאה" געטאָן אויס־פירן בלויז דעם ווילן פון די, וואָס האָבן זיי געשיקט? יענע טויזנטער און צענדליקער טויזנטער אַרבעטער, פּויערים, שטאָטלייט און „ראַזנאָטשינ־צעס"**), וועלכע האָבן אויפן שטח פון גאַנץ רוסלאַנד, פון אָדעס ביז טאָמסק, געהאַקט יידישע קעפּ, אויסגעשטאָכן אויגן ביי קינדער, פאַרגע־וואַלטיקט און צעהאַקט אויף שטיקער פרויען, אונטערגעצונדן, גערויבע־וועט, געגנבעט און אַוועקגעפירט דאָס אָנגערויבטע צו זיך, — האָבן דען די אַלע נאָר געמאַכט קאָנטער־רעוואָלוציע?

ניין, זיי האָבן געטאָן דאָס, וואָס עס פלעגן טאָן זייערע טאַטעס און בּרידער פאַרצייטנס, און וואָס זיי וועלן אויך ווייטער טאָן אין גינציקע באַדינגונגען, און זיי וועלן דאָס איבערגעבן בצוואה די קומענדיקע דורות, כּל זמן אַ העכערע קולטור און אַ נייע פּאָליטישע דערציונג וועט נישט

*) אָפּריטשינע — פונעם רוסישן וואָרט „אָפּריטשניק" — די טרויע־ריק באַרימטע לייב־גוואַרדיע פון דעם אכזריותדיקן רוסישן צאַר איוואַן דעם פערטן, גערופן אויך איוואַן דער גרויזאַמער (באַמ. פון איב).

**) ראַזנאָטשינצעס — מענטשן פון אומבאַשטימטן שטאַנד, נישט קיין אדלייט, דער עיקר קליינע באַאַמטע, אָפּשטאַמיקע פון גלחים אד״גל (באַמ. פון איב.).

אַרויסטרייבן די חיה פון אָט די שוואַרצע מאות אָדער, בעסער געזאָגט, מיליאָנען. וויפל צייט וועט מען דאַרפן אויף אַזאַ מין מעטאַמאָרפאָזע, אויף איבערדערציען די פאַרווילדעוועטע מאַסן אין גייסט פון אַ קאָנסטי־טוציאָנעל־רעכטלעכער מלוכה, אויף אויסצוואָרצלען דאָס רעכט פון פויסט, וואָס איז אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אין רוסישן לעבן? און וויי־טער — צי וועלן די יידן קריגן פריינד אין די אַלע אויסגעמענטשלטע מאַסן?

לעבעדיקע ביישפּילן לאָזן אונדז נישט ענטפערן מיט זיכערקייט: יאָ!

וואָס האָבן געטאָן און טוען יענע, וואָס האָבן זיך שוין פון לאַנג אויפגעהויבן איבער דער ווילדקייט פון דעם פינצטערן קיניגרייך? וואָס האָט געטאָן די רוסישע געזעלשאַפט אין דער פּעריאָד פון זיינע ליבעראַ־לע און ראַדיקאַלע עלעמענטן? ווי אַנדערש האָט זי זיך אָפּגערופן אויף די אָקטאָבער־פּאָגראָמען, פון איין זייט, און אויף דעם איינפירן אויס־נאַם־צושטאַנד אין פּוילן — פון דער צווייטער! אין ערשטן פאַל האָט זיך דער אָפענער בונד פון די אַדמיניסטראַטאָרישע און המונישע רוצחים אויסגעדריקט אין טויזנטער הרוגים, צענדליקער טויזנטער קאָליעקעס און אין דעם חורבן פון גרעסטן טייל „תחום־המושב"; אין צווייטן פאַל האָט אַן אַקט פון ברוטאַלן געוואַלט בלויז געדראָט מיט קרבנות אין דער צו־קונפט. איז וועגן ערשטן האָט מען געגעבן אַ קרעכץ פון באַדויערונג, וואָר־נישט־וואו אַ געשריי פון צאָרן, בעת דער צווייטער פאַל האָט אַרויסגערופן אַן אָרגאַניזירטן שטרייק, פּראָטעסטן און צאָרנדיקע רעזאָלוציעס, לסוף אויך ערנסטע דערוויידערונגען דער רעגירונג. וואו זענען די הילפס־קאָמי־טעטן, וועלכע רוסישע מענטשן האָבן אָרגאַניזירט לטובת די פּאַריתומטע און פּאָגראָמירטע יידישע משפּחות (אַזעלכע קאָמיטעטן ווערן דאָך געשאַפן דורך קריסטן אפילו אין ענגלאַנד, דייטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער)? וואו זענען די פּראָטעסט־מיטינגען קעגן דעם מאַסן־פאַרברעכן, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט? וואו זענען די דונערנדיקע אַרטיקלען אין די ציטונגען, וואו איז יענער שרעקלעכער וויי־געשריי, וועלכן די נייע באַרטאָלאָמעוס־נאַכט האָט געדאַרפט אַרויסרופן?

שלאַבעריק און קאַלט האָט זיך אָפּגערופן די באַפרייטע רוסישע פרעסע אויף די אומגעהייערע יסורים פון יידנטום און אויף רוסלאַנדס חרפה נישט צום אָפּוואַש. די ערשטע ציטונג פון רוסישן אָרגאַנירטן פּראָ־לעטאַריאַט, „נאָוואיאַ זשיזן" (דאָס נייע לעבן. — איב.), האָט כמעט פאַרשוויגן די פּאָגראָם־גרוילן, עפּעס אַזוי ווי אַ קליינעם עפּיזאָד אין דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף, — אָט די ציטונג, וואָס ליאַרעמט מכוח דער נאָענטער „פאָלקסהערשאַפט" און וויל זיך בשום אופן נישט באַניגענען מיט אַן ענגלישער קאָנסטיטוציע פאַר דעם היינטיקן רוסלאַנד. אַגב — ווי אַזוי האָט זיך געהאַלטן דער אָרגאַניזירטער פּראָלעטאַריאַט גופא אין דער לעצטער אַנטי־יידישער „קאַמפּאַניע"? אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף האָט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט געלייגט דעם קאָפּ ביינאַנד מיטן רו־

סישן, און אָפּט מאָל — פּאַר אים; און ווען די קאָנטר־רעוואָלוציע האָט אַ קערעווע געטאָן איר גאַנצן גרימצאָרן קעגן די יידן — וואו זענען אַהינ־געקומען די רוסישע „חברים"? נאָך פינף בלוטיקע טעג אין אָדעס, ווען די אַרבעט פון פאַרטיליקונג איז שוין געווען פאַרענדיקט, האָבן די אָר־טיקע אָרגאַניזירטע אַרבעטער זיך מודה געווען, אַז זיי האָבן גאָרנישט געטאָן; אין אַנדערע ערטער איז אַפילו אַזאַ פאַרשפּעטיקט מודה זיין נישט געקומען. יענע צענדליקער מסירת־נפשדיקע סטודענטן און אַנדערע רו־סישע מענטשן, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער יידישער זעלבסטשוץ און זענען געפאַלן קרבנות פון חברישן חוב, — זיי וועלן פאַרבלייבן רומרייכע אויסנאַמען פון דעם רומלאָזן כלל...

צי קאָן, נאָך דעם אַלעמען, זיין אַ גרונט פאַר אָפּטימיזם, פאַר צו־טרוי?

פון די שרעקלעכע נסיונות פון לעצטן פערטל יאָרהונדערט האָט דאָס רוסישע יידנטום אַרויסגעטראָגן אַן אומפשרהדיקע שנאה צום דעספּאָטישן רעזשים, וואָס האָט מיט זיינע מעשים איבערגעשטיגן די שפּאַנישע אינק־וויזיציע. אַ קללה אָט דעם רעזשים, וואָס האָט זיך איזדיעקעוועט איבער אונדזער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט זיך פאַסמאַקעוועט מיט די קאָנוואולסיעס פון דער געפּייניקטער זעקסמיליאָניקער נאַציע במשך פון צענדליקער יאָרן! דאָס אויפגעברויזטע פאָלקסהאַרץ האָט שוין גע־וואָרפן די האַניבאַל־קללה אין דעם אומאויפהערלעכן קאַמף קעגן אַלע איבערבלייבענישן פון אָט דעם רעזשים, וועלכע וועלן נאָך אַזוי גיך נישט פאַרשווינדן פון רוסישן לעבן, קעגן יעטוועדן פּרואוו צו רעסטאַווירן דעם אַלטן רעזשים, וואָס איז געוואָרן דער סימבאָל פון אַלעם גרויליקן און אָפּשטויסנדיקן אין דער געשיכטע.

די לעצטע פּאָגראָמען, וואָס נישטאָ זייער גלייכן לויט דער חיהשקייט, מיט וועלכע די רעגירונג האָט געמיינט צו דערהרגענען דעם רעוואָלוציאָ־נערן „באַציל", — זיי וועלן זייער ציל נישט דערגרייכן. די רעוואָלוציאָ־נערע שטימונג וועט זיך דערפון בלויז אויפהייבן, אָבער נאָך מער דאַרף זיך אויפהייבן די נאַציאָנאַלע שטימונג, דאַרף זיך פאַרטיפן דאָס נאַציאָ־נאַלע זעלבסטבאַוואוסטזיין. מיר וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם מוסר־השכל פון די שרעקלעכע טעג. „געדענק, וואָס עמלק האָט דיר געטאָן, ווען דו ביסט אַרויס פון מצרים!"... נאָך פינף און צוואַנציק יאָר מצרישער קנעכטשאַפט — דער איבערפאַל פון רויבגיריקן עמלק, דער נישט־דערהערטער געשריי פון ישראל אין „פעלקער־מדבר", פאַרשטיקטע יללות פון געמאָרדעטע, קרעכצן פון פאַרפּייניקטע...

ווער זשע איז דער היינטצייטיקער עמלק? נישט בלויז די משרתים פון אַלטן רעזשים אַליין, נאָר אויך יענע פינצטערע מאַסן, וואָס זענען געגאַנגען נאָך זיי. אויב די ערשטע האָבן אין אונדז אָנגעצונדן די גע־

פילן פון נקמה און קאַמף, טאָ וועקן אין אונדז די לעצטע אַ געפיל פון גרויל פאַרן עתיד.

איז עס מעגלעך, מע זאָל זיך אין גיכן איבערבעטן?

אויפן לעצטן קאָמונאַלן צוזאַמענפאָר *) אין מאָסקווע האָט איין רו־סישער רעדנער געזאָגט, אַז נאָך דער הונדערטיעריקער אונטערדריקונג פון פוילן דורך דער רוסישער הערשאַפט דאַרפן אַוועקגיין אַ סך יאָרן, איידער דאָס פוילישע פאָלק וועט זיך דורכדרינגען מיט גוטע געפילן צו רוסלאַנד. ווען מע נעמט אין באַטראַכט, אַז פוילן איז אונטערגעדריקט געוואָרן דורך דער רוסישער רעגירונג, און נישט דורכן רוסישן פאָלק, וואָס האָט קיין מאָל נישט געמאַכט אויף די פאָליאַקן נישט קיין פּאָגראָמען, נישט קיין באַרטאָלאָמעוס־נעכט, — טאָ לייג איך אייך פאָר אויסצורעכענען, וויפל צייט דאַרף אַריבערגיין, אַז דאָס יידישע פאָלק, דער מאַרטירער פון גאַנץ רוסלאַנד, זאָל פאַרגעסן, מוחל זיין און זיך איבערבעטן מיט די יורשים פון זיינע פייניקער...

איר, וואָס זענט אַזוי געניט אין אַנאַליז פון פּאָליטישע דערשיי־נונגען, וועט אוודאי אָפּענטפערן מיט פאַררופן זיך אויף „קאָנטר־רעוואָ־לוציע", „ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד" און נאָך אַזעלכע קלוגע טער־מינען פון סאָציאָלאָגישן לעקסיקאָן. איז לאָמיר אויף אַ רגע אָננעמען, אַז ס'איז טאַקע אַזוי: מיר, מענטשן, וואָס זענען אויך אַ ביסל קאַליע גע־וואָרן מיט אַנאַליז, וועלן איבערדייווערן אונדזער דירעקט געפיל און וועלן אים אונטערוואַרפן דעם סילאָגיזם, צוליב פּערזענלעכער טרייסט אָדער אי־לוזאָרישן גלויבן אין רוסישן פּראָגרעס. וואָס וועט איר אָבער מאַכן מיטן פאָלק, מיט דער יידישער מאַסע, וואָס האָט נאָר־וואָס איבערגעלעבט אין איין וואָך אַלע גרוילן פון גאַנצן מיטלאַלטער?

צי וועט איר אויסרייסן פון זיכרון דעם אָנדענק פון טויזנטער אומ־שולדיקע קדושים, צי וועט איר אָפּשוואַכן דעם הייליקן צאָרן פון די מיט־צייטלער און פון די שפּעטערדיקע דורות? לאַנג נאָך וועלן טויזנטער יידי־שע משפּחות באַוויינען די דערהרגעטע, פאַרפייניקטע און געשענדעטע אין די אָקטאָבער־טעג. די קוליע פון הינקענדיקן, דער זכר פון אויסגעשטאָ־כענעם אויג, פון דער אָפּגעשניטענער האַנט, פון צעקאַליעטשעטן פּנים — זיי וועלן אויף לאַנג נאָך זיין די רעליקוויעס פון די גרויל־טעג. און מאַמעס וועלן נאָך לאַנג דערציילן די קינדער, ווי אַזוי מע האָט „אין יענע טעג" פאַרפייניקט זייערע פאָטערס, ברידער און שוועסטער, ווי מע האָט חרוב געמאַכט זייער משפּחה־נעסט, פאַרמשפּט זיי אויף אַלמנהשאַפט, יתומה־

---

*) אויף רוסיש — „זיעמסקי סיעזד". די אַזוי גערופענע „זיעמסטוועס" זענען אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד געווען אַ מין סוראָגאַט פון אָרטיקער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, זענען טאַקע דאָרט געווען פאַרטראָטן אַ סך ליבעראַלע פאָר־שטייער פון דער רוסישער אינטעליגענץ (באַמ. פון איב.).

שאַפט, קראַנקהייטן, הונגער און נויט אָן אַ ברעג. און ס׳וועלן זיך אָנ־פילן מיט טרויער קינדערשע הערצער, און מיט צאָרן וועלן אויפבליצן זייערע אויגן, און פּויסטן וועלן זיך פאַרביילן... און לגבי אָט דעם צאָרנ־דיקן צאַפּל פון דער פאָלק־נשמה, לגבי אָט דער מעכטיקער שמימונג פון קדושים, וואָס וועט איבערגיין לדורות — זענען מיר, מיט אונדזער גאַנצן קאַלטן אַנאַליז, אוממעכטיק. קעגן דעם אויפברויז פון יידישן האַרץ — זענען נישטיק אַלע סאָפיזמען פון שׂכל, וואָס נאַרט זיך אַליין. רעכנט זיך מיט דעם דאָזיקן דירעקטן פאָלקס־חוש, מיט דער פּסיכיק פון געליטענע, מיט יענע עמאָציעס און שטימונגען, וואָס באַוועגן מער די געשיכטע, איידער אַבסטראַקטע אידעען! און אָט דאָס פאָלקס־באַוואוסטזיין, וואָס פאַראַלגעמיינערט ריכטיקער די איבערגעלעבטע געשעענישן, וועט אייך זאָגן: „גלייבט נישט עמלקן, נישט דעם רעגירנדיקן, נישט דעם פאָלקישן, וואָ־רעם דאָס אַלטע רוסלאַנד קאָן זיך נאָך אַנטפּלעקן אין דעם נייעם".

## .2

## קנעכטשאַפט אין רעוואָלוציע

צו פיל צוטרוי צו די אַרומיקע פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע גרופּעס, אַן אומגעלומפּערט נאָכטאַנצן די נייִמאָדישע מוסטערן, אַ געוואַלדיקע כוחות־פאַרשווענדונג אויף אַן אַלגעמיינער, אָפט מאָל פרעמדער זאַך, בעת מע פאַרוואָרלאָזט אין גאַנצן די לעבנסוויכטיקע אינטערעסן פון אייגע־נעם פאָלק, — אָט דאָס זענען די דאָמינירנדיקע אייגנשאַפטן פון די אַק־טיווע כוחות אין היינטיקן רוסישן יידנטום. בעת די איבעריקע אונטערגעדריקטע נאַציאָנאַליטעטן פון רוסלאַנד — פּאָליאַקן, אַר־מענער, שוין אָפּגערעדט פון די פינער — האָבן געפירט דעם רעוואָלו־ציאָנערן קאַמף אונטער נאַציאָנאַלע פענער, האָבן די יידישע רעוואָלוציאָ־נערע מחנות געקעמפט אונטער דער אַלרוסישער אָדער פּוילישער פאָן, — און אַז זיי פלעגן שוין יאָ דערלאָזן אַמאָל אַ יידישע באַפאַרבונג, איז דאָס געווען נישט קיין נאַציאָנאַלע, נאָר אַן עטנאָגראַפישע, צוליב דער באַק־וועמלעכקייט פון „קלאַסנקאַמף". די פינער האָבן געהאַט ספּעציעלע קאַמפּס־לאָזונגען — וועגן צוריקשטעלן זייער קאָנסטיטוציאָנעלע אויטאָ־נאָמיע; די פּאָליאַקן — אָרטיקע אויטאָנאָמיע, פרייהייט פון שפּראַך און נאַציאָנאַלער שול; ביי די אַרמענער האָט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג געקריגן אַ דערפאָלג צוליב דעם קאַמף קעגן פלעווועס רעפּרעסיעס אויף דער אויטאָנאָמיע פון קירך און שול, וואָס זענען טאַקע אָפּגעשאַפט גע־וואָרן דאָ נישט לאַנג אַדאַנק דעם איינשטימיקן פאָלקס־פּראָטעסט.

אין דער טאַקטיק אָבער פון דער יידישער רעוואָלוציע פלעגט דער באַזונדערער פּראָטעסט ווערן פאַרטויבט דורך דעם אַלגעמיינעם, און די פאָדערונג וועגן גלייכבאַרעכטיקונג, ווי איינע פון די עלעמענטאַרסטע „פריי־הייטן", פלעגט אין גאַנצן איינגעשרומפּן ווערן לגבי די אַלגעמיין פּאָלי־טישע אָדער קלאַסן־פּאָדערונגען. קיין איין מאָל האָט מען נישט דערקלערט קיין באַזונדערן דעמאָנסטראַטיוון פּראָטעסט קעגן דער שענדלעכער רעכט־לאָזיקייט פון די יידן, קעגן דעם אומפאַרשעמטן איזדיעקעווען זיך איבער אַ גאַנצן פאָלק במשך פון 25 יאָר; עס זענען נישט געווען קיין ריין־נאַ־ציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען און אפילו נישט קיין פאַר־צווייפלטע פּאָליטישע עקסצעסן (מיטן אויסנאַם פון דעם פאַל דאַשעווסקי און טיילווייז פון לעקערטן). דער יידישער יאוש האָט געדינט ווי אַן אי־נערלעכער מאָטיוו פאַר רעוואָלוציאָנערער שטימונג, ער האָט אָבער נישט געגעבן קיין לאָזונג כלפּי חוץ פאַר רעוואָלוציאָנערע מעשים.

ווי אַ פּועל־יוצא פון די אומאויפהערלעכע רדיפות מצד דער יודאָ־פאָבישער רעגירונג האָט זיך אין רוסישן יידנטום אָנגעקליבן זייער אַ סך אָפּאָזיציאָנעלע ענערגיע. די רעוואָלוציאָנערע יוירונג האָט טיף אַריינגע־דרונגען אין פאַרשידענע שיכטן פון פאָלק, אפילו אין קינדערשע נשמות (וואָרעם דער אַלטער פּרעה־רעזשים פלעגט אויך אויסוואָרצלען יידישע קינדער, אוועקטרייבנדיק זיי פון די שול־טויערן). קיין איין פאָלק האָט נישט אַרויסגעגעבן אַזאַ מאַסע „בונטאַרישע" גרינע יוגנט, ווי די יידן. דאָס איז געווען נאַטירלעך, סימפּטאָמאַטיש פאַר די שוידערלעכע באַדינ־גונגען פון אונדזער לעבן, אָבער זייער טרויעריק לויט די קאָנסעקווענצן, מחמת עס האָט דער באַוועגונג אָנגעגעבן אַ כאַראַקטער פון סטיכישקייט און אומציייטיקייט. איז דען אָט די סטיכישע רעוואָלוציאָנערע ענערגיע אוועק אויף אונדזער פאָלקס־זאַך? ניין. די אַמאָליקע אַסימילאַטאָרישע נטיות ביי די טוערם פון דער אינטעליגענץ, פון איין זייט, און די פּאָ־ליטישע אומרייפקייט ביי אַ היפּשן טייל „קעמפער" פון צווישן די האַלב געבילדעטע עלעמענטן, פון דער צווייטער, — דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער יידישער פּראָטעסט האָט אָנגעוואָרן זיין אינדיווידועלע באַפאַר־בונג און ער האָט זיך אויפגעלייזט אין אַלרוסישן פּראָטעסט. די וויגע־שרייען פון אונדזערע לייידנדיקע, די קרעכצן פון געטאָ־פאַרשפּאַרטע ווערן פאַרוואַנדלט אין אַלגעמיינע לאָזונגען; די פּרוכט פון אונדזער פּיין, די קרבנות פון אונדזער סביבה טראָגן מיר אוועק אויף דעם אַלגעמיינעם „פאָטערלאַנד־מזבח": קיין אייגענעם יידישן רעוואָלוציאָנערן מזבח האָבן מיר נישט, הגם אַנדערע נאַציעס פאַרנעמען איטלעכע איר אייגענע פּאָזי־ציע אין דער מלחמה מיטן אַלטן רעזשים. וואָס שייך אונדזערע רעוואָ־לוציאָנערע עלעמענטן, איז אָדער זיי גיסן זיך צונויף מיט די געהעריקע אָרגאַניזאַציעס פון אַנדערע פעלקער, אָדער זיי טיילן זיך אויס אין אַ באַ־זונדערער פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע, וואָס מע קאָן זי אָנרופן יידישע

סיידן לויט איר שטאם־באַשטאַנד, לויט דער שפּראַך פון זייערע פּראָקלאַמאַציעס, אָבער נישט לויט דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם.

די באַציונג פון די יידישע מיטגלידער אין די פאַרשידענע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען צום יידנטום איז שוין אין אַ גענוגנדיקער מאָס קלאָר געוואָרן.

יענע פּילצאָליקע אַרמיי פון יידישער יוגנט, וואָס פאַרנעמט אַן אָנגעזעען אָרט אין די רייען פון דער „רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי" און זי רוקט אַפילו אַרויס דאָרט אירע לידערס, האָט פאַרמעל איבערגעריסן יעטוועדער פאַרבינדונג מיטן יידנטום. דאָס זענען קאָנסעקווענטע אַסימילאַטאָרן, על־פּי זייערע פּאַרטייאישע און אינטערנאַציאָנאַלע איבערצייגונגען. זייער פאָלק איז דאָס רוסישע, און נישט דאָס יידישע, וואָרעם דער באַגריף „פאָלק" האָט פאַר זיי אַ פּאָליטיש־טעריטאָריאַלן און נישט קיין קולטור־היסטאָרישן אינהאַלט. זעקס מיליאָן יידן, וואָס זענען געבליבן שטעקן אין רוסישן מלוכהשן אָרגאַניזם, זענען פאַר זיי רוסן, וועלכע זענען ביז אַ געוויסער צייט צוגעשריבן צום יידנטום. זיי זענען גרייט צו אָנערקענען אַ ברייטע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמי פאַר אַלע טעריטאָריאַלע פעלקערשאַפטן פון רוסלאַנד — חוץ דער יידישער, וועמען מע וואַרפט צו אומגערן אַ ביינדל אין דער פאָרם פון „זעלבסטבאַשטימונג", האָפנדיק, אַז מיט דער צייט וועט מען דאָס אויך נישט באַדאַרפן, וואָרעם דער יידישער טייך וועט זיך צונויפגיסן מיטן רוסישן ים. דאָס בילד פון דעם טייך יידיש בלוט, פאַרגאָסן מיט די הענט פון רוסישע מענטשן, פאַרשטערט נישט די מאַיעסטעטישע מנוחה פון די יידישע „פּאַרטייער"; עס וועט זיי אויך נישט אַנטוישן דאָס, וואָס אַפילו די אָרגאַניזירטע „חברים" זענען נישט געקומען צו הילף דער געממיתטער נאַציע; ס'איז דאָך נאָר אַן עפּיזאָד פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע... די דאָזיקע מענטשן פילן נישט, אַז זיי, פּונקט ווי טרייע משרתים, טוען בלויז אויספירן די פּאָליטיק פון זייערע באַלעבאַטים, פון דער הערשנדיקער נאַציע; זיי זענען פאַרבליבן אינערלעך נישט־פריי אויך אין דער רעוואָלוציע.

נאָך אַ מיאוסערע „קנעכטשאַפט אין דער רעוואָלוציע" ווייזן אַרויס די יידן פון דער „פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי" P. P. S. וואָס מאַכן אויס אַ היפּשן פּראָצענט פון דער פּאַרטיי אין קאָנגרעס־פּוילן און ליטע. די דאָזיקע מענטשן, וואָס קעמפן פאַנאַטיש פאַר פּוילישער אויטאָנאָמיע, פּוילישער שפּראַך און שול, וואָס דערגייען צייטנווייז ביז שאָוויניזם אין דעם בוקן זיך זיך פאַר אַלעם פּוילישן, — זיי שטרעבן צו פּאָלאָניזירן פולשטענדיק די יידן פון די דערמאָנטע קאַנטן (אין ליטע, למשל, זענען זיי מחייב די יידישע אַרבעטער פון זייערע אָרגאַניזאַציעס צו לערנען פּויליש). דאָס זענען ווירדיקע יורשים פון יענע נעבעכדיקע יידישע „פּאַקטאָרס", וואָס האָבן הכנעהדיק געבויגן די רוקנס פאַר די פּוילישע

פּריצים, האָבן זיי געדינט מיט דער געטריישאַפט פון פּודעלס און האָבן אפילו אָנגענומען פאַר ליב דאָס פּריצישע קאָפּען מיט די פיס. יענע האָבן געבויגן בלויז דעם רוקן, און די בייגן און קאַליעטשען זייערע נשמות אויף אַ פרעמדן שטייגער, — מיט אַ קנעכטישער נאָכגיביקייט זאָגן זיי זיך אָפּ פון אַלץ, וואָס איז נאַציאָנאַל יידיש, פון דער גאַנצער קולטור פון „אייביקן פאָלק", פון אַלע זיינע אידעאַלן און אינטערעסן. גלייך ווי זייערע פּאָליטישע אַנטיפּאָדן פון דער קאָנסערוואַטיווער און האַלב אַנטיסעמיטישער פּאַרטיי „נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטיע" (ענדעקעס. — איב.), פאַרדערן די אָנהענגער פון פּ. פּ. ס. די פולע קולטור־צונויפגיסונג פון די יידן מיטן פּוילישן פאָלק, און נאָר אויף דערוויילע, ביז צום דערגרייכן אָט דעם אידעאַל, גיבן זיי דער „פינצטערער מאַסע" אַ האָמעאָפּאַטישע דאָזע „נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַשטימונג".

די יידישע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי „סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן" (ס. ר.), וואָס אין מינימום־פּראָגראַם איז זי נאָענט צו דער לינקער גרופּע פון דער קאָנסטיטוציאָנעל - דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין נעגאַטיווע באַציונג צום יידנטום, נאָר זיי זענען צו אים סתם אינדיפערענט, לכל הפּחות אין זייער אַקטיווער פּאָליטיק. אין הסכם מיט דער פּאַרטיי־פּראָגראַם דאַרף זיי די אַגראַר־פּראָגראַם זיין נענטער צום הארצן, ווי די יידישע, וואָס איז פאַר זיי נישט מער, ווי אַ פּרט פון דער אַלרוסישער באַפרייערישער באַוועגונג. זיי לעבן זיך אויס אין דעם „גלויבן פון צדיקים" און זענען איבערצייגט, אַז די יודאָפאָביע וועט פאַרשווינדן, און דער רוסישער וואָלף וועט לעבן בשלום מיט דעם יידישן שעפּסעלע.

איז אפשר די פאָרשטייערין פון אונדזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע „בונד", וואָס שרייבט זיך צו אַזאַ וויכטיקע ראָליע אין דער רעוואָלוציאָנער באַוועגונג פון היינטיקן יאָר?

זי קומט טאַקע אַרויס מיט פּרעטענזיעס אויף אַזאַ פאָרשטייערשאַפט, זיי זענען אָבער מיט קיין זאַך נישט באַרעכטיקט. ווי אַ פּאַרטיי, וואָס האָט אָנגענומען פאַר זיך אַן אויסשליסלעך פּראָלעטאַרישע, אַ קלאַסן־פּראָגראַם, דינט דער „בונד" באַוואוסטזיניק נישט די אַלגעמיינע אינטערעסן פון יידישן פאָלק, נאָר בלויז די אינטערעסן פון איין טייל זיינעם — און דאָס דעם קלענסטן טייל. דער אינטערעסן־קאַמף צווישן פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע האָט לגמרי פאַרשטעלט פאַר די בונדאָווצעס דעם קאַמף פאַר אַלפאָלקישע אינטערעסן, וועלכע זענען צום מערסטן אויסגעשטעלט אויף סכנות פון דרויסן. פאַר די חסידים פון „בונד" איז דאָס צוגעקלעפּטע יידישע צעטל — נאָר אַן עטנישער סימן, און נישט קיין נאַציאָנאַלער. זיי רעכענען זיך נאָך מיט דער שפּראַך פון דער מאַסע (זשאַרגאָן,

די אויפֿלעבונג פֿון לשון־קודש וואַרפֿן זיי אָפּ), זיי רעדן וועגן „פֿרייהייט פֿון זעלבסטבאַשטימונג” און אפֿילו וועגן „נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע”, ווי וועגן דאָגמעס פֿון אַלגעמיינער פֿרייהייט; אָבער וועגן רעאַלער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער קולטור, וועגן אַן אויטאָנאָמען קהילה־סדר, וועגן נאַציאָנאַלער דערציִונג, ווי אַ מיטל צו פֿאַרהיטן פֿון אַסימילאַציע, — וועגן דעם טראַכטן זיי נישט; וואָס שייך אַ זעלבשטענדיקער און איינהייטלעכער ייִדישער פֿאָלקס־פּאָליטיק — וואַרפֿן זיי זי שאַרף אָפּ *). דערצו זענען זיי צו פֿיל „קלאַסנקעמפֿער”.

די חסידים פֿון „בונד” זענען געטרייע זין בלויז פֿון איין „נאַציע” — פֿון פּראָלעטאַריאַט. זיי פֿאַרבינדן זיך קיין מאָל נישט מיט פּראָגרעסיווע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען לטובת אַ כּלל־ייִדישן ענין, אַפֿילו ווען עס פֿאָדערן דאָס די שרייענדיקסטע נויטן פֿון ייִדנטום, ווי אַ ציבור. אגב, אָנערקענען זיי גאָר נישט דאָס ייִדנטום, ווי אַ גאַנצקייט. זיי צעשניידן דעם לעבעדיקן אָרגאַניזם אויף צוויי העלפֿטן און זאָגן: די איז אונדזערע, די פּראָלעטאַרישע, און יענע איז אַ פֿרעמדע — פֿון „די נישט־גוטע”: פֿון דער בורזשואַזיע, פֿון די ציוניסטן, נאַציאָנאַליסטן אָדער קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן! צו די בונדאָווצעס רעדט נישט דער פֿאַקט, וואָס די ייִדישע רעכטלאָזיקייט האָט אויפֿן זעלבן שטייגער געדריקט דעם פּראָלעטאַריער, דעם קאַפּיטאַליסט און דעם קליינבירגער, אַז אויף די גאַסן פֿון די פּאָגראָמירטע שטעט זענען איינער לעבן אַנדערן געליגן מיט צעשפּאָלטענע שאַרבנס מענטשן פֿון די אַלע דריי קאַטעגאָריעס; אין דער דאָזיקער דראָענדיקער דערמאָנונג הערן זיי נישט דעם אימפּעראַטיוו: קעמפֿן צוזאַמען מיטן שותּפֿותדיקן שונא.

די אָפּגעפֿרעמדטקייט פֿון ייִדנטום האָט זיך ביי די דאָזיקע פֿאַנאַטי־

---

*) אָט זענען די ווערטער וואָס איינער פֿון די פּאַרטיי־אידעאָלאָגן האָט געזאָגט: „מיר זענען נישט קיין נאַציאָנאַליסטן... מיר זענען נישט קיין אַסימילאַטאָרן. מיר פֿירן אַ קלאַסנקאַמף... דאָ איז די ספֿערע פֿון אונדזערע צילן... זאָל זיין, אַז די געשיכטע האָט פֿאַרמשפּט די ייִדן צו ווערן ענגער מיט אַנדערע פֿעלקער; מיר ווילן נישט אָננעמען קיין מיטלען אָפּצושטעלן אָט דעם פּראָצעס, מיר ווילן אים אויך נישט מיטהעלפֿן. מיר זענען נייטראַל... זאָל זיין, אַז די געשיכטע האָט באַשערט די ייִדן אַן אויפֿבליִונג פֿון אייגנאַרטיקער קולטור; מיר ווילן זיך נישט אָנשטרענגען צו שטערן אָט דער אייגנאַרטיקייט, מיר ווילן זיך אויך נישט באַמיִען וועגן זיין דערפֿאָלג. מיר זענען נייטראַל" (מעדעם, „די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און די נאַציאָנאַלע פֿראַגע", אויסג. „טריבונא" (רוסיש), פּעטערבורג, 1906, ז"ז 21־22; איבערדרוק פֿון „וועסטניק בונדא" (רוסיש), 1904, נומערן 1־5). אָט די מאַיעסטעטישע נייטראַליטעט אין דער פּראָבלעם פֿון לעבן און טויט פֿון אַ נאַציע איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער פּאַרטיי, וואָס רופֿט זיך אָן „ייִדישע"...

קער פון מאַרקסיזם אַרויסגעוויזן אין אַ טראַגישער פאָרם בעת די לעצטע געשעענישן. האַלטנדיק זיך פאַר ריטער פון דער אַלרוסישער רעוואָלוציע, האָבן די בונדאָווצעס זיך געסטאַרעט אַרויסצואווייזן אין די אָקטאָבער־מאַניפעסטאַציעס Plus russes que les russes (מער רוסישער, ווי די רוסן. — איב.), — און ווען נאָך אָט די מאַניפעסטאַציעס האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה באַרטאָלאָמעוס־נעכט פאַר די יידן, האָבן זיי פרום געוואַשן די הענט און געזאָגט: „דאָס איז נישט מער, ווי קאָנטר־רעוואָלוציע! כבוד די געפאַלענע פאַר דער זאַך פון באַפרייונג".

יאָ, רבותי! אפשר האָט איר געפרעגט די אַלע געפאַלענע, פאַרפּייניקטע, צעקאַליעטשעטע און בדיל־חדל־געשטעלטע — פאַר וואָסער זאַך זיי וואָלטן געוואָלט גיין אויף קידוש־השם? איר ווייסט דאָך, אַז 80% פון די געליטענע זענען קרבנות פון יידנטום, — נאַציאָנאַלע, און נישט פּאָליטישע קדושים. זיי זענען קרבנות פון דורותדיקער שנאת־ישראל מצד דעם דאָזיקן ווילדן המון, ביי וועמען אייער „רוסישע" רויטע פאָן האָט אויפגעוועקט אַ גרימצאָרן, ווי ביי אַ קאַמפּס־אָקס — אַ רויט טיכל. צי דען האָט איר נישט געוואוסט, אַז דער רוסישער בער איז נאָך נישט פאַרהיימישט דורך דער קאָנסטיטוציע און אַז אין זיין נאָרע קאָן מען נישט אַריינגיין אומבאַשטראָפט, בפרט נישט קיין אייגענער, נאָר אַ „פרעמדער", צו וועמען ער פילט פון לאַנג אַן אינסטינקטיווע שנאה?

באמת, מע טענה זיך חידושן אויף אָט דעם טיפן גלויבן אין דער קולטור־מעכטיקייט פון רוסישן פאָלק, וועלכן עס ווייזן אַרויס די דאָזיקע פירער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. צוגלייך מיט זייערע חברים פון די רוסישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, זענען זיי איבערצייגט, אַז דאָס רוסישע פאָלק איז באַרופן דורכצופירן אַ רעוואָלוציע פון אַ העכערער מדרגה, וואָס וועט אים געבן די מעגלעכקייט מיטאַמאָל איבערצושפּרינגען אַלע היסטאָרישע באַריערן, דורך דער קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע — גלייך צו „פאָלקסהערשאַפט" אָדער צו אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק, און אַ ביסעלע שפּעטער — צו דעם סאָציאַלן Zukunfts— Staat (מלוכה פון דער צוקונפט. — איב.). „די זקנה אייראָפּע" (אַזוי האָט זי עמעצער אָנגערופן אין דער „נאָוואיאַ זשיזן", נישט באַמערקנדיק, אַז ס'איז אַ וואַריאַציע אויפן מאָטיוו פון „פאַרפוילטן מערב" ביי די סלאַוויאַנאָפילן) איז פאַר אונדז נישט קיין געזעץ: יענע האָט געשאַפן אַ רעוואָלוציע, און מיר — אַן אייבער־רעוואָלוציע.

אין פראַנקרייך האָט זיך די רעפּובליק איינגעפונדעוועט ערשט אין אַכציק יאָר נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע; די דייטשן מוזן זיך נאָך היינט אויך באַניגענען מיט אַ קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע, און דאָס נישט אַזאַ גוטע, כאָטש זיי האָבן אויך געהאַט אין יאָר 1848 זייער רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי, — אָבער מיר ווילן נעמען אַלץ מיטאַמאָל. איז

ווען מיט דער דאָזיקער לעבערלעכער אילוזיע וועגן אַן אייבער־רעוואָלו־ציע שפּילן זיך רוסישע מענטשן — איז דאָס נאָך צום דערקלערן מיטן אומבאַוואוסטזיניקן נאַציאָנאַלן מיסטיציזם, מיט יענעם גלויבן אין דער „שליחות" פון רוסישן פאָלק, וועלכע האָט אַמאָל דיקטירט די סלאַוויאַנאָ־פילן די קעגנזעצלעכע אידעע וועגן אַן אייבער־זעלבסטהערשאַפט *). קעגן אַ גלייביקן שטעלט מען נישט אַרויס קיין פאַקטן: „איז ערגער פאַר די פאַקטן" — וועט ער זאָגן. און אויב די לעצטע בלוטיקע פּאָגראָמען האָבן נאָך נישט איבערצייגט די דאָזיקע מענטשן, אַז מע מוז נאָך האָבן אַ דויערנדיקע קאָנסטיטוציאָנעלע דערציונג, כדי צו פאַרוואַנדלען די פינצ־טערע מענטשן אין ציוויליזירטע בירגער, וואָס זאָלן זיין מסוגל צו פאַר־ווירקלעכן דעם אידעאַל פון פאָלקסהערשאַפט, — וועט זיי שוין קיין זאַך נישט איבערצייגן.

אָבער ווי קומט עס, וואָס דער דאָזיקער מיסטישער רוסישער נאַציאָ־נאַליזם האָט אייך פאַרכאַפּט, הערן יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן — אייך, וועמעס ברידער און שוועסטער עס האָבן נאָר־וואָס נאָך איין מאָל אויס־געפּרוווט אויף די אייגענע צעשפּאָלטענע שאַרבנס איינע פון די היס־טאָרישע „מיסיעס" פון רוסישן פאָלק, אַ מיסיע, וואָס דערנעענטערט דאָס יאָר 1905 צום יאָר 1648, צו דער עפּאָכע פון דער בלוטיקער כמיעל־ניטשינע? איך באַוואונדער אייער רוסיש נאַציאָנאַל געפיל, אָבער איך קאָן נישט אָנרופן אַנדערש, ווי פּאָליטישע מלופּום־קינדער, די יידן, וואָס גייען מאַכן אַ רעפּובליקאַנישע איבערקערעניש מיט אַ פאָלק, וואָס האָט נאָר־וואָס, אויפן באַפעל פון „נאַטשאַלסטווע", אַרויסגעשטעלט אין 150 פּונקטן **) אומצאָליקע „שווארצע מאות" אויף צו פאַרטיליקן די „זשי־דעס", און וואָס איז גרייט אַ רוק צו טאָן שווארצע מיליאָנען, אויב נאָר ס'וועט קומען אַ סיגנאַל פון אויבן. איר זענט נישט קיין שעפער פון דער רעוואָלוציע, נאָר אירע משרתים אָדער מעקלערס. אַלץ פאַרן באַלעבאָס, גאָרנישט פאַר זיך! — אַזאַ איז די פּאָליטיק פון טרייע דינער, און נישט פון שטאָלצע, אומאָפּהענגיקע מענטשן.

ניין, צו שאַפן אמתע פרייהייט זענען נישט באַרופן אַזעלכע מענטשן, מיט לאָזונגען פון דעם תנכישן קנעכט: „כ'האָב ליב מיין האר"... ווען איר וואָלט געוווען אינערלעך פרייע מענטשן, וואָלט איר נישט געפירט די פּאָליטיק פון „באַלעבאָס", נאָר אַן אייגענע: איר וואָלט געקעמפט אין דער

*) דער פּראָפ. קאָטליארעווסקי האָט טרעפלעך באַצייכנט די דאָזיקע טענדענץ ביי די רוסישע ס.־ד. (אויף דער זיצונג פון דער „מלוכה־דומע", דעם 16־טן יוני 1906), ווי „סאָציאַליסטישע סלאַוויאַנאָפילישקייט".

**) מע דאַרף דאָ מאַכן אַ שרעקלעכע אויסבעסערונג: אין 638 פּונקטן — אַזוי האָט באַוויזן די סטאַטיסטיק פון יידישן קאָמיטעט צו העלפן די קרבנות פון די אָקטאָבער־פּאָגראָמען (1908).

מחנה פון דער רעוואָלוציע נישט אונטער דער מאסקע פון רוסן אָדער פּאָליאַקן, נאָר ווי יידן, וועמען ס'איז נישט ווינציקער טייער די אינטע־רעסן פון זייער נאַציע, איידער די אינטערעסן פון דער מלוכה, וואָס אין איר באַשטאַנד גייען זיי אַריין. פולע פרייהייט, בירגערלעכע און נאַציאָ־נאַלע, פאַר יידן קאָנען אויסקעמפן נאָר די, וואָס וועלן אָפּן פירן נישט דעם באַלעבאָס, נישט דעם פריצס פּאָליטיק, נאָר זייער אייגענע — אַ נאַציאָנאַלע, יידישע.

3.

## נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, צי קלאַסן-פּאָליטיק?

קאָן מען צונויפפּאָרן נאַציאָנאַלע פּאָליטיק מיט קלאַסן־פּאָליטיק?

אונטער „קלאַסן־פּאָליטיק" מיינט מען נישט יענעם עקאָנאָמישן קאַמף, וועלכן עס פירן די אַרבעטנדיקע קלאַסן מיטן קאַפּיטאַליזם, כדי צו פאַר־טיידיקן זייערע גערעכטע אינטערעסן: אַזאַ קאַמף איז נויטווענדיק צוליב די אייזערנע געזעצן פון לעבן און ער וועט נישט אויפהערן, כל זמן דאָס אַרבעטסרעכט וועט נישט אָנערקענט ווערן אין פולן פאַרנעם. נאָרמאַל ווערט אַזאַ קאַמף געפירט מיט דערפאָלג דורך די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען און דורך שטרייקן, אָדער דורך באַווירקן די געזעצגעבונג מצד די פאָרשטייער פון אַרבעטערקלאַס אין די פּאַרלאַמענטן. אָבער די היינטיקע אידעאָלאָגן און פירער פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי פאַרשטייען אונטער „קלאַסן־פּאָליטיק" עפּעס אַנדערש, דהיינו — די שטרעבונג אַריינצונע־מען אַלע דערשיינונגען פון פּאָליטישן און גייסטיקן לעבן אין דער קאַטע־גאָריע מאַטעריעלע, קלאַסן־אינטערעסן, די שטרעבונג צו צעשפּאַלטן די נאַציע אויף צוויי פיינטלעכע, אויף אייביק צעקריגטע טיילן: בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט, וועלכע זענען עקאָנאָמיש צעטיילט און ווי זיי וואָלטן מיט קיין שום אַנדער זאַך נישט געווען פאַרבונדן. דאָס איז די שטרעבונג אַוועקצושטעלן דעם עקאָנאָמישן פאַקטאָר בראש פון היסטאָרישן פּראָצעס און אים אונטערוואַרפן די גאַנצע סאָציאַלע און גייסטיקע עוואָלוציע, אין איר גאַנצער אומגעהייערער קאָמפּליצירטקייט.

נישט דאָ איז דאָס אָרט צו באַווייזן, ווי נישט ממשותדיק עס איז די דאָקטרינע פון „היסטאָרישן מאַטעריאַליזם" אין איר אַבסאָלוטער פאָרם, וואָס האָט געקריגן באַזונדערס פיל אָנהענגער צווישן די קינדער פון אַ פאָלק, וואָס זיין גאַנצע געשיכטע איז אַ בלוטער פּראָטעסט קעגן אָט דער דאָקטרינע. וואָס מיר זאָלן אָבער נישט טראַכטן וועגן אַזאַ קלאַסן־פּאָליטיק, איז איינס קלאָר: אַז זי פאַרלייקנט יעטוועדער אַנדערע פּאָלי־טיק, בתוכם אויך אַ נאַציאָנאַלע.

אַ נאַציאָנאַלע פּאָליטיק איז די, וואָס איז געווענדט אויף איינצו־האַלטן און צו אַנטוויקלען דאָס גאַנצע פאָלק, ווי אַ כלל, ווי אַן אינטע־גראַלן קולטור־איינס. די דאָזיקע פּאָליטיק ווערט באַזונדערס אינטענסיוו ביי אַ פאָלק, וואָס איז נישט געשיצט נישט מיט קיין אומאָפּהענגיקער טעריטאָריע, נישט מיט קיין אייגענעם מלוכה־סדר, און וואָס איז אַ מיעוט צווישן אַנדערע, פּאָליטיש און טעריטאָריאַל שטאַרקערע, פעלקער. די פּאָ־ליטיק קריגט אַ באַדייטונג פון דעם העכסטן פירנדיקן קריטעריי ביי אַ פאָלק, צו וועלכן די שטאַרקערע שכנים באַציען זיך פיינטלעך, אונטער־דריקן און רודפן עס, ווי אַ פּרעמדשטאַמיקן נאַציאָנאַלן אינדיווידּ. פיל דורות געפינט זיך שוין דאָס יידישע פאָלק — און וועט זיך נאָך לאַנג געפינען — אין אַזאַ מצב, אין פאַרשידענע גראַדן פון אונטערדריקונג. אין רוסלאַנד האָט דער דאָזיקער יאָך און די סכנות זיינע דערגרייכט די גרעסטע שפּאַנונג פאַר דער איצטיקער תקופה, און דאָס האָט, הייסט עס, געדאַרפט אַרויסרופן ביים יידנטום אַ געהעריקע שפּאַנונג פון דער נאַציאָ־נאַלער ענערגיע, אַן איינשטימיקע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק.

און וואָס זעען מיר?

אָנשטאָט אַ פּאָליטיק פון אַלפאָלקישע אינטערעסן, וואָס שטייען אין דער גרעסטער סכנה, שלעפּט מען אונדז אויפן וועג פון אַ קלאַסן־פּאָלי־טיק, וואָס צעשפּליטערט אָט די כלל־אינטערעסן און וואָס שטעלט אויף זייער אָרט די אינטערעסן פון אַ פּרט, עקאָנאָמישע. דער שלאַכט־לאָזונג: „פּראָ־לעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!" ווערט אויסגערופן אין אַזעלכע מאָמענטן, ווען צוליב דער רעטונג פון פאָלק וואָלט מען אַן אויפ־הער געדאַרפט שרייען: „יידן פון אַלע קלאַסן און פּאַרטייען, פאַראייניקט זיך!" די פירער פון אָרגאַניזירטן יידישן פּראָלעטאַריאַט דערקלערן מיט ציניקשער אָפנהאַרציקייט, אַז דאָס באַוואוסטזיין פון כלל־נאַציאָנאַלע אינ־טערעסן, ווי אַ יסוד פון אַלפאָלקישער פּאָליטיק, איז שעדלעך, ווייל עס „פאַרטונקלט דאָס קלאַסן־באַוואוסטזיין פון פּראָלעטאַריאַט". דער ביכל־דיקער עקאָנאָמישער מאַניזם האָט צעשטערט דאָס באַוואוסטזיין פון שות־פותדיקייט פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן, האָט פאַרקריפּלט אָדער לגמרי אויסגעוואָרצלט דאָס נאַטירלעכע געפיל פון ברידערלעכער אחדות ביי די גלידער פון אַ נאַציע, וואָס האָט מיט אַן אומגלייבלעכן העראָיזם דורכ־געמאַכט אַ דרייטויזנטיאָריקן היסטאָרישן וועג.

אויב קלאַסן־פּאָליטיק קריגט די בכורה ביי אַ נאַציע אַ שטאַרקער, אַ באַהאָפטענער מיטן אייזערנעם רינג פון טעריטאָריע, מלוכהשקייט אָדער לכל הפחות מיט אַ ברייטער אָרטיקער אויטאָנאָמיע, — קאָן מען אפשר אַזאַ מין פּאָליטיק אָנרופן פאַלש, איינזייטיק, אָבער געפערלעך פאַר דער גאַנצקייט פון דער נאַציע איז זי נישט. אויב אָבער אַזאַ פּאָליטיק פון קלאַסן־מחלוקת ווערט געפירט דורך אַ פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי פון אַ

פאָלק, וואָס איז באַהאַפטן בלויז מיט נאַציאָנאַל־קולטורעלע אינטערעסן און וואָס איז אויף שריט־און־טריט אויסגעשטעלט אויף דער סכנה איינגעשלונגען צו ווערן דורך די אַרומיקע פעלקער, — איז דאָס נישט קיין טעות, קיין איינזייטיקייט, נאָר אַ פאַרברעכן, וואָרעם עס פירט צום פּאַנאַנדערפאַל פון דער נאַציע.

אָט זעען מיר, למשל, אַז די פּאָליאַקן, הגם זיי זענען פעסט באַהאַפטן מיט דער בשותפותדיקער טעריטאָריע און שפּראַך און זיי האָפן בקרוב צו באַקומען אַן אָרטיקע פּאָליטישע אויטאָנאָמיע, פון דעסטוועגן פירן זיי אין אַלע זייערע פּאַרטייען אַ מער אָדער ווינציקער אינטענסיווע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, קעמפנדיק קודם־כל פאַר זייערע סעפּאַראַטע פאָלקישע אינטערעסן. די יידן אָבער, וואָס פאַרמאָגן נישט דעם טעריטאָריאַלן פאַנצער, הוילע און אומבאַוואָפנטע אַנטקעגן דראַנג פון פיינטלעכע כוחות, — זאָגן זיך אָפּ פון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק און שיקן זייערע שלאַכט־כוחות אין דער מחנה פון אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט.

הייסט עס, אַז קלאַסן־פּאָליטיק, אפילו ווען זי פאַרדעקט זיך מיט אַ פאַן פון אַ געוויסער נאַציאָנאַליטעט (למשל, ביים „בונד"), קאָן נישט זיין נאַציאָנאַל, ווייל זי איז געצוואונגען צו ברענגען אַ קרבן די כלל־נאַציאָנאַלע אינטערעסן לטובת די אינטערעסן פון קלאַס. די דאָזיקע קלאַסן־פּאָליטיק ווערט אַנטינאַציאָנאַל, אויף וויפל זי רעדט איין דעם יידישן אַרבעטער, אַז נישט בלויז זיינע עקאָנאָמישע, נאָר אויך די סאָציאַל־פּאָליטישע אינטערעסן פאַרבינדן אים מיטן פּראָלעטאַריאַט פון פרעמדע, אָפט מאָל פיינטלעכע פעלקער, און טיילט אים אָפּ פון רוב פון זיין אייגענעם פאָלק, פון אָט דער מיליאָניקער כלומרשט בורזשואַזער מאַסע, וואָס אויף איין זאַטן פאַלן אויס צען הונגעריקע „בורזשויען"*).

---

*) אַן אומגעלונגענעם פּרוּוו צו פאַראייניקן קלאַסן־פּאָליטיק מיט נאַציאָנאַלער האָבן געמאַכט נייע פראַקציעס, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט עפּעס אַ משונהדיקן געמיש פון סאָציאַליזם און ציוניזם (די „ציוניסטן־סאָציאַליסטן", „פּועלי־ציון" א"אַ). מיט דער הילף פון תלמודיסטישן פּלפּול באַמיען זיך די דאָזיקע פראַקציעס צו פאַרבינדן אין זייערע טעאָריעס די יסודות פון צוויי לגמרי פאַרשיידנאַרטיקע ריכטונגען, פאַרגעסנדיק, אַז דער תמצית פון וויכוח באַשטייט אין דעם, וואָסערע פּאָליטיק עס דאַרף האָבן די בכורה — די קלאַסן־פּאָליטיק אָדער די נאַציאָנאַלע, ווייל ביידע קאָנען נישט האָבן די בכורה. אין דער פּראַקטיק באַקומט די אייבערהאַנט, פאַרשטייט זיך, דער סאָציאַליזם. סיי ביי די צ.־ס. סיי ביי די פּ.־צ. שטייט דער קלאַסן־קאַמף פריער פון אַלץ, און די פראַקציעס פירן כסדר צוויש זיך און מיט די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען קליינלעכע מחלוקתן וועגן דעם, ווער פון זיי עט האָט די זכיה צו שטיין נעענטער צום „אמתן מאַרקסיזם", צום אידעאַל פון „פּראָלעטאַריזאַציע" אד"גל. די דאָזיקע עקלעקטישע טעאָריעס טראָגן אין זיך דעם זאָמען פון צעפאַל און זיי

ווי זשע זעט אויס אין איצטיקן מאָמענט יענע פּאָליטישע פּלאַטפאָרם, אויף וועלכער דער רוב פון די אַקטיווע כוחות אין יידנטום וואָלט געקאָנט פירן סיסטעמאַטיש זיין אייגענע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, גלייכצייטיק נעמענדיק אָנטייל אין דער אַלגעמיין מלוכהשער אַרבעט, דער רעוואָלוציאָנערער און שעפערישער?

דאָס איז די פּלאַטפאָרם פון פּאָליטישער דעמאָקראַטיע אָדער, גענויער, פון דער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, צו וועלכער עס שליסן זיך אָן אַלע געזונטע, פּאָליטיש צייטיקע עלעמענטן פון דער רוסישער געזעלשאַפט. צוליב אַן אידעען־אַסאָציאַציע, וואָס האָט זיך באַזונדערס איינגעוואָרצלט אין רוסישן יידנטום במשך פון לעצטן פערטל יאָרהונדערט, איז די פאָרשטעלונג וועגן דעם אַלטן זעלבסטהערשעריש־פּאָליציייאישן רעזשים פאַרבונדן ביי אונדז נישט צום צערייסן און אויף אייביק מיט דער פאָרשטעלונג וועגן דער מיאוסטער שנאת־ישראל, וועגן שענדלעכער אונטערדריקונג פון דער זעקסמיליאָניקער נאַציע. אומקערן זיך צום דאָזיקן רעזשים — דאָס איז אומקום פאַר אונדזער פאָלק; קאַמף מיט אים און מיט זיינע איבערבלייבענישן — איז דער תנאי פאַר אונדזער קיום. אַ קאָנסערוואַטיוו־מאָנאַרכיסטישע פּאַרטיי, וואָס איז מעגלעך ביי דער „הערשנדיקער נאַציע”, וואָלט ביי יידן נישט געהאַט קיין באָדן: זי וואָלט געקריגן אַ נישטיקע צאָל מיטגלידער און וואָלט געשטאָרבן פון אויסצערונג. נישט בלויז צוליב אונדזער דאָמינירנדיקער פּאָליטישער שטימונג, נאָר אויך צוליב אונדזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן — דאַרפן מיר שטיין אויפן באָדן פון קאָנסטיטוציאָנעלער דעמאָקראַטיע. די לעצטע, אין אירע פאַרשיידענע שאַטירונגען, גיט אונדז אַ פּראָגראַם־מאַקסימום פאַר אונדזערע פּראָגרעסיווע עלעמענטן און אַ פּראָגראַם־מינימום פאַר די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע וואָלטן, ביי אַ גרעסערער פּאָליטישער רייפקייט, געקאָנט צוזאַמענאַרבעטן מיט די קאַ־דעטן (קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן.—איב.), ביז צום דערגרייכן זייער מינימום. אין בונד מיט די געזינטסטע כוחות פון רוסישן פאָלק, קאָנצענטרירטע און דער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און וואָס וועלן בלי ספק זיין באַרופן צו שפּילן די הויפּט־ראָליע אין דעם קומענדיקן פּאַרלאַמענטאַרישן סדר, — וועלן מיר זיך דערשלאָגן צו אונדזער בירגערלעכער און פּאָליטישער גלייכבאַרעכטיקונג. און מיט אַ ברייטער אָרגאַניזאַציע פון אונדזערע אייגענע כוחות וועלן מיר קעמפן פאַר אונדזער פולבאַרעכטיקונג, ד״ה, פאַר

---

וועלן נאָר אבערלאָזן אַ זכר וועגן דעם אידעישן פלאָנטער, וואָס האָט געהערשט ביי געוויסע יוגנט־קרייזן אין אונדזער איבערגאַנגס־צייט. וועגן דער נייער, מער נאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער פראַקציע י. ס. פּ. — זע ווייטער, זייט 369 באַמ.

רעאַליזירן אין לעבן די רעכט, וואָס זענען אונדז שוין פּאַקטיש אָנערקענט געוואָרן, און פּאַר אָנערקענען אונדזערע נאַציאָנאַלע רעכט, אין דער פּאָרם פון אַ קהילה־זעלבסטפּאַרוואַלטונג און קולטור־אויטאָנאָמיע. מיר ווייסן אויסגעצייכנט, אַז נאָכן באַזיגן דעם רעגירונגס־אַנטיסעמיטיזם וועט אונדז אויסקומען לאַנג צו קעמפן מיטן אַנטיסעמיטיזם אין דער געזעלשאַפט, און מיר שטעלן זיך גאָר נישט פּאָר, אַז דער קאַמף וועט זיין אַ גרינגער. מיר האַלטן פּאַר אַ שטאַרקער קאַמפּס־פּאָזיציע די ברייטע פּלאַטפּאָרם פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער דעמאָקראַטיע, פאַרבונדן מיט אַ באַשטימטער פּראָגראַם פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

דער יסוד פּאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע איז שוין געלייגט געוואָרן היינטיקן פרילינג (1905). איך רעד וועגן דעם „פאַרבאַנד צו דערגרייכן די פול־באַרעכטיקונג פון יידישן פאָלק אין רוסלאַנד".

דער דאָזיקער „פאַרבאַנד" האָט זיך לכתחילה געשטעלט אויף דעם קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט און געמאַכט פּאַר זיין ציל: „פאַרווירקלעכן אין דער פולער מאָס די בירגערלעכע פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט פון יידישן פאָלק". דאָס איז די ערשטע יידישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אויפגעשריבן אויף איר פאָן די פאָדערונג פון „נאַציאָנאַלע רעכט" באַגלייך מיט בירגערלעך־פּאָליטישע. אונטער „נאַציאָנאַלע רעכט" פאַרשטייט די פאַרעפנטלעכטע פּראָגראַם פון „פאַרבאַנד": „פרייהייט פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער זעלבסטבאַשטימונג אין אַלע אירע דערשיינונגען, בפרט — אַ ברייטע קהילה־אויטאָנאָמיע, פרייהייט פון שפּראַך און שול־בילדונג".

אָט די קורצע, צו אַלגעמיינע פאָרמולעס, וואָס דער ווילנער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר האָט אויסגעאַרבעט, דאַרפן נאָך באַאַרבעט און קאָנקרעטיזירט ווערן געגנוי אויף דעם צווייטן צוזאַמענפאָר, וואָס שטייט פאַר די נאָענטסטע טעג. די אויפגאַבע פון נייעם צוזאַמענפאָר איז אַ טאָפּעלע: 1) פאַרוואַנדלען דעם „פאַרבאַנד" אין אַ יידישער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיין באַרופן צו קעמפן פאַר דער פולבאַרעכטיקונג פון יידישן פאָלק דורך פאַראייניקן אונדזערע כוחות צו דער וואַל־קאַמפּאַניע, צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלע פראַקציע אין דער אַלרוסישער פאַרזאַמלונג פון פאָלקס־פאָרשטייער, דורך קאָאַליציע מיט אַנדערע פּאַרטייען, און, לסוף, דורך דער פרעסע און אַלע מינים פּאָליטישער אַגיטאַציע: 2) צוגרייטן דעם באָדן פאַרן שאַפן אַ פאַראַלעלע קהילה־אויטאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע, אין דער פאָרם פון אַ „פאַרבאַנד פון אַלע יידישע קהילות אין רוסלאַנד", און זיין צענטראַלן אויספיר־אָרגאַן, וואָס זאָל אָנפירן מיט אַלע אינערלעכע יידישע ענינים — קהילהשע, קולטורעלע, דערציערישע — און וואָס זאָל זיין מסוגל צו פאַרווירקלעכן דעם פּרינציפּ פון אונדזער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

כדי צו רעאַליזירן די דאָזיקע אויפגאַבן, דאַרף דער „פאַרבאַנד פאַר פולבאַרעכטיקונג" צוציען די בעסטע כוחות פון יידנטום, אויסברייטערן זיין פּראָגראַם און די ראַמען פון זיין טעטיקייט. דער וועג איז שוין אָנגעצייכנט: די גלייכצייטיקע אָרגאַניזאַציע פון די יידישע כוחות סיי אויפן פּאָליטישן סיי אויפן נאַציאָנאַל־קולטורעלן באָדן.

אין דעם קומענדיקן קאַפּיטל זענען אָנגעוויזן די אופנים, ווי צו דערגרייכן די דאָזיקע צוויי עיקרדיקע אויפגאַבן.

## .4

## אינערלעכע און אויסערלעכע אָרגאַניזאַציע*)

מיר דאַרפן פאַראייניקן אונדזערע כוחות פאַרן אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן קאַמף — דאָס איז דער הייסער פאַרלאַנג פון פאָלק, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט שונאים, און דווקא אין אַ רגע פון גרויסער סכנה — איז עס צעריסן דורך אינעווייניקסטע מחלוקתן. אַ רעאַלע שטרעבונג פאַר איינע, אַ הייליקער טרוים פאַר אַנדערע, — די אידעע וועגן קאָנסאָלידירן אונדזערע אַקטיווע כוחות טראָגט זיך אַרום אין דער לופטן, ווי אַ נויטווענדיקייט פאַר אימפּעראַטיוו צו זעלבסטדערהאַלטונג אָדער ווי דער פאַראייניקטער נשמה. די נויטווענדיקייט צו פאַראייניקונג איז בלי ספק, אָבער די מדרגה פון מעגלעכקייט ווערט שוין באַשטימט דורך די פאַקטישע באַציונגען צווישן די פּאַרטייען און מיטן כאַראַקטער פון יענער אָרגאַניזאַציע, וואָס שטרעבט די דאָזיקע פּאַרטייען צו פאַראייניקן. מע דאַרף דאָ מאַכן אַ חילוק צווישן צוויי טיפּן אָרגאַניזאַציעס. אין אַן אַקטיווער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַ באַשטימטן ציל און אַ באַשטימטע טאַקטיק, איז אַ מער אָדער ווייניקערע איינאַרטיקייט פון איר באַשטאַנד אַן אומבאַדינגטער תנאי פון איר פעסטקייט; וואָס שייך אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלער אָרגאַניזאַציע, וואָס איר ציל איז צו פאַרבעסערן דאָס אינערלעכע לעבן, איז אין איר באַשטאַנד גייען אַריין פאָרשטייער פון אַלע פאָלקס־עלעמענטן, וואָס אָנערקענען די נויטווענדיקייט פון אויטאָנאָמער אַנטוויקלונג, און די ריכטונג אירע ווערט באַשטימט דורך דעם רעזולטאַט פון די צוזאַמענווירקונגען צווישן פאַרשיידנאַרטיקע כוחות אין דער געזעלשאַפט.

---

*) דאָס דאָזיקע קאַפּיטל איז אָנגעשריבן געוואָרן באַלד נאָך דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון „פאַרבאַנד פאַר פולבאַרעכטיקונג פון די יידן", וואָס איז פאָרגעקומען פון 22 ביז 25 נאָוועמבער 1905, אין פעטערבורג.

דער „פאַרבאַנד פאַר פולבארעכטיקונג פון די יידן" געהערט, בלי ספק, צו די אָרגאַניזאַציעס פון ערשטן טיפּ. אין דעם אַלגעמיינעם ציל גייען זיך צונויף, נאַטירלעך, אַלע ריכטונגען און פּאַרטייען; פּרואווט זיי אָבער פאַראייניקן צו שותפותדיקער פּראַקטישער אַרבעט — און איר וועט באַקומען נישט קיין פאַרבאַנד, נאָר אַ פולשטענדיקע צעפּאָרעניש. די אַסימילאַטאָרישע עלעמענטן, וואָס פאַרבינדן די יידישע פּראָבלעם מיט דער אַלגעמיין־רוסישער (אָדער פּוילישער), וועלן נישט צושטיין צום פאַרבאַנד, וואָס טיילט אויס די יידישע פּאָליטיק און וואָס האָט אויף זיין פאָן אויפגעשריבן אַזעלכע שרעקלעכע ווערטער, ווי „נאַציאָנאַלע רעכט" און „קולטור־אויטאָנאָמיע". די סאָציאַליסטישע גרופּעס, אַפילו די, וואָס לייקענען נישט דעם יידישן נאַציאָנאַלן פּרינציפּ, האָבן זיך שוין און אַ סך ערטער געשטעלט אין אַ קעגנערישער פּאָזיציע צום „פאַרבאַנד", ווי צו אַ אויסער־קלאַסן־אָרגאַניזאַציע, און בכן — אַ „בורזשואַזער", וואָס דערצו נאָך האָט זי נישט קיין רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק, נאָר גיכער אַן אָפּאָזיציאָנעלע. וואָס שייך דער קאָנסערוואַטיווער מאַסע, איז דווקא פאַרקערט — זי שרעקט זיך אַפילו פאַר דער דאָזיקער אָפּאָזיציאָנעלער פּאָליטיק פון „פאַרבאַנד", און אויב זי וואָלט געשיקט אירע פאָרשטייער, צום „פאַרבאַנד" איז נאָר כדי אָפּצושוואַכן זיין ראַדיקאַליזם. קלאָר, אַז מיט אַזאַ פאַרשיידנאַרטיקן באַשטאַנד, אויב ער וואָלט זיך אַפילו געשאַפן, וואָלט דער „פאַרבאַנד" נישט פאַרפאָרן ווייטער פון קרילאָווס וואָגן.

וואָס זשע בלייבט איבער צו טאָן דעם „פאַרבאַנד", וואָס, פון איין זייט, קאָן ער נישט פאַראייניקן אַלע פאַראַנענע כוחות פון פאָלק, און, פון דער צווייטער — מוז ער שטרעבן זיי צו פאַראייניקן אין וואָס אַ גרעסערער צאָל צום קאַמף פאַר דער אַלפאָלקישער זאַך?

ער דאַרף שאַפן אַזאַ ברייטע פּלאַטפאָרם, אַזאַ פּראָגראַם־מינימום, וועלכע עס וואָלטן געקאָנט אַקצעפּטירן, ווי אַן אָבליגאַטאָרישע, אַלע אָנהענגער פון אַ רעאַלער פּאָליטיק. אַ פּאָרעטאַפּ פאַר איינע, אַן ענדפּונקט פאַר אַנדערע, — וואָלט אַזאַ פּראָגראַם געקאָנט דינען, ווי צעמענט, פאַר דעם באַשטאַנד פון אַן אויסערפּאַרטייאישער און אויסער־קלאַסן־אָרגאַניזאַציע, לכל הפחות ביז צום דערגרייכן דעם אַלגעמיינעם ציל.

כ'האָב אויבן אָנגעצייכנט צוויי הויפּט־פּרינציפּן פון אַזאַ פּראָגראַם: 1) אַן אַלגעמיינער — אַ קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער און 2) אַ ספּעציעלער — אַ נאַציאָנאַל־יידישער. דער ערשטער קאָן פאַראייניקן אַלע מעסיקע און ראַדיקאַלע קאָנסטיטוציאָניסטן, און אפשר אויך די פּאָליטיש־רייפע עלעמענטן פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ווען זיי וועלן זיך איבערצייגן, אַז מיט זייערע ווייטע אידעאַלן וועט אויסקומען „אַ קאַפּעטשקע צוצוואַרטן", אין די באַדינגונגען פון דער רוסישער ציוויליזאַציע. די נאַציאָנאַל־יידישע פּאָליטיק וועט בלי ספק פאַראייניקן אַלע אונ־

דזערע נאַציאָנאַליסטן, פּאָלקיסטן און ציוניסטן. אַזוי אַרום וועט זיך שאַפן אַ געוויסער אַני־מאמין, וואָס וועט אין די אינטערעסן פון אָרגאַניזאַציע־דיסציפּלין מחייב זיין די אַלע, וואָס ווילן ווערן מיטגלידער פון „פאַרבאַנד".

אויף דעם לעצטן פּעטערבורגער צוזאַמענפאָר פון „פאַרבאַנד" האָבן די קעגנער פון אָט דעם געדאַנק געטענהט, אַז דער „פאַרבאַנד" וועט אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ יידישער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. יאָ, ער וועט זיך, בלי ספק, דערנענטערן צום טיפּ פון אַ פּאַרטיי, ער וועט פון דעסטוועגן נישט אויפהערן צו זיין אַ פאַרבאַנד, וואָרעם אויך די רוסישע ק.־ד.־פּאַרטיי איז פאַקטיש — ווי מע האָט שוין אין דער פּרעסע אָנגעוויזן — אַ פאַרבאַנד פון פאַרשיידענע קאָנסטיטוציאָנעלע פראַקציעס, וואָס זענען פאַרבונדן נאָר מיט אַ צענטראַלער פּראָגראַם. מע שמועסט איצט אפילו וועגן אָנטייל אין דער ק.־ד.־פּאַרטיי פון סאָציאַליסטן, וואָס האַלטן די דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע פאַר אַן ענין פון דער אַקטועלער רעאַלער פּאָליטיק, און די וויטערדיקע סטאַדיעס — פאַר אַן ענין פון דער צוקונפט.

צי וועט אַן ענלעכע קאָמבינאַציע אין אונדזער ענין נישט דערפירן אַמאָל צו אַ צווייטן עקסטרעם — צום פאַרוואַנדלען דעם „פאַרבאַנד" אין אַ פרייער פעדעראַציע אָדער „בלאָק" פון פאַרשיידנאַרטיקע פּאַרטייען, וואָס זענען צווישן זיך געבונדן בלויז מיט אַ באַדינגטן און צייטווייליקן הסכם?

איך נעם זיך נישט אונטער צו זאָגן נביאות וועגן די ענדערונגען אין פּאָליטישן וועטער, ביי דעם געדיכטן נעפּל, וואָס רינגלט אונדז אַרום. דערווייל אָבער דאַרף, לויט מיין מיינונג, דער „פאַרבאַנד" זיך האַלטן פעסט אין זיין לכתחילהדיקער פּלאַטפאָרם, וואָס איז אין אַלגעמיינע שטריכן אויסגעאַרבעט געוואָרן אויף דעם ערשטן ווילנער צוזאַמענפאָר און וואָס איז, צום באַדויערן, נישט באַאַרבעט געוואָרן בפּרטיות, ווי ס'איז געווען צו דערוואַרטן. אין יעדן פאַל האַלט איך, אַז ס'איז געווען אומבאַרעכנט דער „מיטעלער" באַשלוס פון פּעטערבורגער צוזאַמענפאָר, וואָס האָט איבערגעלאָזט דעם „פאַרבאַנד" אין אַן אומבאַשטימטן סטאַטוס קוואָ, לאָזנדיק אָפן דעם צוטריט אַהין אי פאַר די „רעכטע" אי פאַר די „לינקע", נישט באַשטימענדיק קיין אָבליגאַטאָרישע, זאָל זיין מינימאַלע, פּראָגראַם. דאָס קאָן שוין ברענגען נישט צו קיין פּאַרטיי און נישט צו קיין פעדעראַציע, נאָר צו אַ פּשוטן קאָנגלאָמעראַט. דער חוב פון נאָענטסטן צוזאַמענפאָר פון „פאַרבאַנד" וועט זיין צו פאַרריכטן אָט דעם טעות.

הייסט עס, דער „פאַרבאַנד פאַר פולבאַרעכטיקונג פון די יידן" איז אַן אויסערלעכע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע צו שיצן די כלל־יידישע אינטערעסן. דאָס הויפּטפעלד פון זיין טעטיקייט — איז וואַל־קאַמפּאַניעס, דער

אַלגעמיין־רוסישער פּאַרלאַמענט און די פּראָווינץ־סיימען, די פּאָליטישע פּרעסע. זיין טאַקטיק — באַווירקן די געזעצגעבונג און די עפנטלעכע מיינונג אין דער ריכטונג צו דערגרייכן פולבארעכטיקונג און רעאַליזירן דאָס דערגרייכטע. ביז צום פאַרפעסטיקן דעם קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישן רעזשים נעמט דער „פאַרבאַנד" אָנטייל אין דעם אַלגעמיינעם באַפרייונגס־קאַמף אין קאָאַליציע מיט קרובהשע פּאַרטייען, האַלטנדיק דערביי הויך זיין נאַציאָנאַלע פאָן און פּאַרטיידיקנדיק מיט אַלע צוטריטלעכע מיטלען די ייִדישע אינטערעסן. אין דער וואַל־קאַמפּאַניע דערשלאָגט ער זיך, דורך פּאַר־וואַל־אָפּמאַכן, צו פּראָפּאָרציאָנעלער פאָרשטייערשאַפט פון די ייִדן, און אין פּאַרלאַמענט אָרגאַניזירט ער די געוויילטע יידישע דעפּוטאַטן אין אַ געשלאָסענער יידישער פראַקציע. דער אַלגעמיינער פּרינציפּ פון „פאַר־באַנד" איז — פירן אַ יידישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק און שטיין אויף דער וואַך פון די יידישע אינטערעסן אין מיטן פון דער גלייכגילטיקער אָדער פיינטלעכער „דרויסנדיקער וועלט".

מיט דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע פון כוחות פאַר דעם אויסערלעכן פּאָליטישן קאַמף שעפּן זיך אָבער נישט אויס די נאַציאָנאַלע אויפגאַבעס פון ייִדנטום. עס פאָדערט זיך נאָך אַ ברייטערע, שטענדיקע אָרגאַניזאַציע פון דעם אינעווייניקסטן נאַציאָנאַל־קולטורעלן לעבן, פון דער קהילה־זעלבסט־פאַרוואַלטונג און פון יענע אינסטיטוציעס, וואָס האַלטן אויף די פריי־קייט פון שפּראַך, שול־דערציִונג און די איבעריקע פאָרמען פון קולטור־אויטאָנאָמיע. אין דער דאָזיקער אינעווייניקסטער אָרגאַניזאַציע דאַרף זיך באַטייליקן, דורך זיינע געוויילטע פאָרשטייער, דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס רעאַליזירט זיינע „נאַציאָנאַלע רעכט", אין דער גאַנצער פּילגעשטאַלטי־קייט פון זיינע גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע כוחות.

פאַר יעדן איינעם, וואָס שטייט אויפן פעסטן באָדן פון דער געשיכטע און פון דער פּאָליטישער ווירקלעכקייט, איז קלאָר, וואָסער אויטאָנאָמיע עס איז מעגלעך אין דער דיאַספּאָרע. דאָס איז נישט קיין טעריטאָריאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע, נאָר אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלע. איר יסוד איז די זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די קהילות, פרייהייט פון שפּראַך, שול און גע־זעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. אויף דעם יסוד קאָן מען אויפבויען אַ ברייטע קהילה־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל פאַראייניקן אַלע געביטן פון אינע־ווייניקסטער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

אָט איז אַן אַלגעמיינער פּלאַן פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע, געבויט אויף היסטאָרישע פּרעצעדענטן און אויף די פאָדערונגען פון דער הייִנטיקער ווירקלעכקייט, וועלכע מע קאָן אויספירן אפילו אין אַ מעסיק־קאָנסטיטו־ציאָנעלער מלוכה:

1) ווי אַן איינס פון זעלבסטפאַרוואַטונג ווערט אָנערקענט די יידישע קהילה, אָבער ניט די רעליגיעזע (די געמיינשאַפט פון די מתפּללים אין די

בתי־מדרשים), נאָר די נאַציאָנאַלע, דאָס הייסט, די גאַנצע דערוואַקסענע יידישע באַפעלקערונג פון געגעבענעם אָרט, וואָס איר אָנגעהעריקייט צו דער קהילה דריקט זיך אויס אין אַריינטראָגן אַ באַשטימטן שטייער אין איר קאַסע.

2) דער אָרגאַן פון דער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין אַט דער קהילה — איז דער ראַט, וואָס ווערט פעריאָדיש אויסגעקליבן פון די בארעכטיקטע קהילה־מיטגלידער און וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די דאָזיקע מיטגלידער. דער ראַט פירט אָן מיט אַלע קהילה־אינסטיטוציעס פאַר בילדונג, צדקה, רעליגיע — אויסטיילנדיק פון זיין באַשטאַנד אָנפירער אָדער אַפּוטראָפּסים פאַר יעדער אינסטיטוציע. די עלעמענטאַרע יידישע שולן געפינען זיך אין גאַנצן אין רשות פון די קהילות; דאָס לערנען אין זיי פירט זיך אויף לשון קודש אָדער יידיש (אָפּהענגיק פון געלערנטן לימוד און פון טיפּ שולן), לויט פּראָגראַמען, באַשטעטיקטע פאַר אַלע אַזעלכע שולן דורך דער צענטראַלער קהילה־אָרגאַניזאַציע.

3) כדי צו פאַראייניקן די טעטיקייט פון אַלע יידישע קהילות אין רוסלאַנד און כדי צו לייזן אַלפאַלקישע פּראָבלעמען, ווערט געשאַפן אַן אַלייִדישער „קהילה־פאַרבאַנד", וואָס טיילט אויס זיין צענטראַלן אָרגאַן אין געשטאַלט פון אַ צוזאַמענפאָר אָדער „ועד" (אַזוי האָבן זיך גערופן אַזעלכע אָרגאַנען אין אַמאָליקן פּוילן).

4) דער ועד באַשטייט פון בערך 300 דעלעגאַטן, געוויילטע דורך אַלע קהילות (צו איין דעלעגאַט אויף איטלעכע 10 טויזנט דערוואַקסענע איינוואוינער), און ער קלייבט זיך צונויף יעדן יאָר אויף אַ באַשטימטער צייט (נישט ווייניקער ווי אַ חודש) אין איינעם פון די גרעסערע יידישע צענטערן.

5) די פונקציעס פון ועד: א) רעגולירן די קהילה־זעלבסטפאַרוואַלטונג דורך אַרויסגעבן אָבליגאַטאָרישע סטאַטוטן פאַר אַלע קהילות און אָרטיקע אינסטיטוציעס, ווי אויך די פּראָגראַמען פאַר די יידישע שולן; ב) שאַפן צענטראַלע אינסטיטוציעס, וואָס זאָלן אונטערהאַלטן די נאַציאָנאַלע קולטור: מיטלע און העכערע שולן, לערער־אינסטיטוטן, רבנים־סעמינאַרן און אַקאַדעמיעס פאַר געלערנטע: ג) באַווירקן דאָס עקאָנאָמישע לעבן, כדי צו הייבן דעם וואוילשטאַנד פון פאָלק, דורך באַגינציקן קאָאָפּעראַציע, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, רעגולירן די עמיגראַציע אד"גל (אָהער גייט אויך אַריין דער קאַמף פאַר געזעצגעבערישן אויסגלייכן דעם שבת־רו־טאָג מיטן זונטיקדיקן, אַז די יידן זאָלן נישט זיין געצוואונגען צו פאַרמאַכן זייערע אינדוסטריעלע און האַנדלס־אונטערנעמונגען אויף צוויי טעג אין וואָך); ד) אויסערפּאַרלאַמענטאַרישע באַווירקונג ביים באַהאַנדלען יידישע פּראָ־

בלעמען אין דער אַלרוסישער פאַרזאַמלונג אָדער אין די פּראָווינציעלע סיימען; די דאָזיקע באַווירקונג קאָן זיך אויסדריקן אין דערלאַנגען פּעטיציעס און דערקלערונגען, אין שיקן דעפּוטאַציעס אד"גל.

6) די באַשלוסן פון ועד ווערן אויסגעפירט דורך אַ שטענדיקן אויספיר־קאָמיטעט, וואָס האַלט אונטער באַציונגען מיט די אָרטיקע קהילה־אָרגאַנען, ווי אויך מיט די רעגירונגס־אינסטיטוציעס*).

כדי אויסצואַרבעטן אַ גענויעם פּלאַן פון אָט דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, דאַרף מען צונויפרופן אַ נאַציאָנאַלע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג מיט פאָרשטייער פון אַלע יידישע קהילות, אויסגעקליבענע אין אַלגעמיינע און גלייכע וואַלן. דאָס צונויפרופן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און אַלע צוגרייטונגען ווערן אָנפאַרטרויט דעם „פאַרבאַנד פאַר פולבאַרעכטיקונג פון יידן". ווען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג וועט שאַפן די אינעווייניקסטע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אָרגאַניזאַציע אויפן יסוד פון קהילה־אויטאָנאָמיע, רייסט דער „פאַרבאַנד פאַר פולבאַרעכטיקונג" נישט איבער זיין טעטיקייט, נאָר ער בלייבט ווייטער ווירקן, ווי אַ פאַראַלעלע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַן אַנדער ציל: די פאַראייניקונג פון די יידישע אַקטיווע כוחות כלפּי־חוץ, אויפן פּאַרלאַמענטאַרישן באָדן און בכלל פאַר פּאָליטישן קאַמף.

די טעטיקייטס־ספערעס פון דיביידע פּאַראַלעלע אָרגאַניזאַציעס — די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע — דאַרפן גענוי צעגרעניצט ווערן. דעם פּרואוו, וואָס מע האָט געמאַכט אויף דעם לעצטן צוזאַמענפאָר פון „פאַרבאַנד", צונויפצומישן ביידע ספערעס — האַלט איך פאַר נישט קיין געראָטענעם. איך האָב שוין דאָרטן אָנגעוויזן, אַז מע קאָן נישט צונויפפאָרן אין איין אָרגאַניזאַציע די אויפגאַבן אי פון קאַמף אי פון שאַפונג — פּאָליטישע און קולטורעלע. דער „פאַרבאַנד פאַר פולבאַרעכטיקונג", וואָס מוז זיך האַלטן כאָטש ביי אַ מינימאַלער פּאָליטישער פּראָגראַם און ביי אַ געהעריקער טאַקטיק , קאָן נישט פאַרשלונגען ווערן דורך דעם „קהילה־פאַרבאַנד", וואָס איז באַרופן צו רעאַליזירן די קולטור־אויטאָנאָמיע; ביידע אָרגאַניזאַציעס קאָנען אַרבעטן פּאַראַלעל.

דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען די ווייטערדיקע רעזאָלוציע:

„כדי צו רעאַליזירן די בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט פון יידישן פאָלק אין רוסלאַנד, באַשליסט דער צוזאַמענפאָר: איבערגעבן דעם צענטראַל־ביוראָ פון „פאַר־

*) די אַלגעמיינע פּרינציפּן זענען שפּעטער געוואָרן דער יסוד פון דער פּראָגראַם פון דער „פאָלקספּאַרטיי"; אין אַלגעמיינע שטריכן קומט זיך מיט זיי צונויף אויך די רעזאָלוציע פון העלסינקפאָרסער ציוניסטישן קאָנגרעס (סוף 1906).

באַנד", ער זאָל צוטרעטן צונויפצורופן אַן אַלרוסישע יידישע נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, אויפן יסוד פון אַלגעמיינעם און גלייכן וואַלרעכט, כדי פעסטצושטעלן, אין הסכם מיטן ווילן פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, די פאָרמען פון זיין נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג און די יסודות פון זיין אינער־וויניקסטער אָרגאַניזאַציע".

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט בפירוש נישט געוואָלט בינדן די קומענדיקע נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, האָט ער דאָך, אין דער דערמאָנטער רעזאָלוציע, פאָרויסבאַשטימט דעם אינעווייניקסטן נאַ־ציאָנאַל־קולטורעלן טיפ פון דער קומענדיקער אָרגאַניזאַציע. איז אויב אַזוי, קאָן שוין די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג נישט שאַפן קיין אַנדער אָר־גאַניזאַציע, חוץ אַ קהילה־אויטאָנאָמישער, — סיידן די פאַרזאַמלונג וועט זיך אָפּנייגן פון רעאַל־פּאָליטישן דרך.

עס זיינען זיך שטאַרק טועה די יעניקע, וואָס מיינען, אַז אַן אינע־וויניקסטע אָרגאַניזאַציע פון יידנטום אויף די יסודות פון קהילה־אוי־טאָנאָמיע איז נישט קיין ברענענדיקער ענין פון טאָג און אַז מע קאָן אים אָפּלייגן, ביז מע וועט לייזן די פּראָבלעם פון בירגערלעך־פּאָליטישער גלייכ־באַרעכטיקונג. אָן אַן אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג וועלן מיר נישט זיין ביכולת אויסצונוצן אין גאַנצן פאַרנעם די דערוואַרטע גלייכבאַרעכטיקונג.

אונדזער קהילה און אירע אינסטיטוציעס געפינען זיך היינט אין אַ מצב פון פולשטענדיקער צעפאַלונג. די רוסישע רעגירונג, וואָס פלעגט ביי אונדז צונעמען די עלעמענטאַרע בירגערלעכע רעכט, האָט אויך געהאָרע־וועט במשך פון אַ גאַנצן יאָרהונדערט צו דעזאָרגאַניזירן אונדזער קהילה־סדר, וואָס איז ניצול געוואָרן פון די צייטן פון פּוילישער ממשלה, חרוב צו מאַכן די אַלטע קהל־אָרגאַניזאַציע — נישט געבנדיק קיין שום אַנדער זאַך זי צו פאַרטרעטן. די רעגירונג פלעגט אָנרייצן אויף אונדז די יודאָ־פאָבישע הינט, וואָס פלעגן מיט זייער ווילדער בילעריי קעגן „קאַהאַל„ איינרעדן דער רוסישער געזעלשאַפט, אַז די יידישע קהילה־זעלבסטפאַרוואַל־טונג באַהאַלט אין זיך עפּעס, וואָס איז פאַרברעכעריש און געפערלעך פאַר דער מלוכה־אָרדענונג. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז די יידישע קהילה, מיט דער גאַנצער נעץ אינסטיטוציעס, וואָס פלעגן אויסגעהאַלטן ווערן אויף אירע אייגענע מיטלען, האָט נישט געהאַט קיין רעכט פון אַ יורידישער פּערזאָן; די הכנסות פון דער קהילה, פון דער טאַקסע און פון ליכט, זענען אַוועקגעגעבן געוואָרן אין רשות פון דער אַדמיניסטראַציע, אָן קיין שום קאָנטראָל; די זשאַנדאַרמישע האַנט איז געלעגן אויף דער יידישער פאָלקשול און אויף אַלע אונדזערע חברות פאַר בילדונג און צדקה. די רעגירונג האָט ביי אונדז אָפּגענומען גלייכצייטיק סיי די מענטשלעכע סיי

די נאַציאָנאַלע רעכט; זי האָט געשטרעבט צו דער פולשטענדיקער דעגענע־ראַציע פון יידן — ווי מענטשן און ווי אַ נאַציע. אַן אַלט קולטור־פאָלק האָט זי דערפירט צו דער מדרגה פון אַ דעזאָרגאַניזירטער מאַסע, וואָס איז באַהאָפטן בלויז דורך דער בשותפותדיקער רעכטלאָזיקייט...

איז אויב מיר זענען איצט אַריינגעטראָטן אין קאַמף פאַר אונדזערע „בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט", טאָ דאַרפן מיר קודם־כל זיך ראַנגלען קעגן אָט דער אינעווייניקסטער דעזאָרגאַניזאַציע דורך אַ פּלאַנמעסיקער שעפערישער אַרבעט. מיר דאַרפן נישט וואַרטן, ביז וואַנען די געזעצגעבונג וועט דער יידישער קהילה אָנערקענען יורידישע רעכט. די קהילה עקזיסטירט פאַקטיש, הגם אין אַ צעפאַלונגס־צושטאַנד; זי פאַר־מאָגט, כאָטש אין אַ פּרימיטיווער געשטאַלט, אירע אייגענע אינסטיטוציעס, אירע ספּעציעלע שטייערן, איר באַלעבאַטישקייט. טאָ זאָל זשע די קהילה פאַקטיש רעאַליזירן, אין גבול פון די מעגלעכקייטן, איר געזעצלעכע אויטאָנאָמיע, כל זמן אַ יושרדיקערע קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצגעבונג וועט איר נישט געבן די יורידישע סאַנקציע פאַר דעם דאָזיקן אויטאָנאָמישן סדר.

וואָס שייך דעם, שטעל איך זיך פאָר די אויפגאַבע פון דער פאָר־שטייענדיקער „נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג" אויף אַזאַ אופן:

די פאַרזאַמלונג אַרבעט אויס אַ גענויעם פּלאַן פון דער אינעווייניק־סטער אָרגאַניזאַציע: פון דער קהילה, ווי אַן איינס פון דער זעלבסטפאַר־וואַלטונג, און פון אירע אָרטיקע אָרגאַנען, פון דעם קהילה־פאַרבאַנד און זיין צענטראַלן אָרגאַן — דעם צוזאַמענפאָר אָדער דעם „ועד". האָבנדיק געשאַפן אַ באַשטימטן איינהייטלעכן סטאַטוט פאַר אַלע קהילות, פאָרמו־לירט גלייכצייטיק די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג יענע „נאַציאָנאַלע רעכט", פאַר וועלכע מיר וועלן זיך דאַרפן איינשטעלן בקרוב אויפן פּאַרלאַמענטאַ־רישן וועג, צוגלייך מיט די בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט (בהסכם מיט דער פאָרמולע וועגן „נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג", וואָס איז איינ־געשלאָסן אין די פּראָגראַמען אפילו פון מעסיק פּראָגרעסיווע פּאַרטייען). די סאַנקציע פון אַ יידישער אַלפאָלקישער פאַרזאַמלונג וועט צוגעבן אַ באַ־זונדערע וואָגיקייט דער דאָזיקער פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע רעכט, וואָס זייער פאַרנעם איז נאָך ווייט נישט פאַר אַלעמען קלאָר.

און מיר מוזן תיכף קלאָר מאַכן דעם פאַרנעם פון די דאָזיקע רעכט, כדי מיר אַליין זאָלן וויסן וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן אַנדערע. מיר דאַרפן אַריינקומען אין רוסישן פּאַרלאַמענט מיט באַשטימטע און גענויע פאָדערונגען. ווען די פּאָליאַקן, למשל, וועלן פאָדערן — און זיי וועלן דאָס טאָן מיטן ערשטן וואָרט — זייער אויטאָנאָמיע אין דער געשטאַלט פון אַ גענגנט־סיים, דאַרפן מיר וויסן, אין וואָסער פאָרם מיר, יידן, קאָנען פאָדערן אונדזער קולטור־אויטאָנאָמיע. דער „אַלגעמיינער זיעמסטוועס־צוזאַמענפאָר" אין מאָסקווע (נאָוועמבער 1905) האָט אָנגענומען אַ באַשלוס

וועגן דער נויטווענדיקייט צו געבן קאָנגרעס־פּוילן אַ סײמישע אויטאָנאָמיע „באַוואָרענענדיק די רעכט פון דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט". אין אָט דער מינדערהייט גייט אַריין די ייִדישע באַפעלקערונג פון קאָנגרעס־פּוילן, וואָס באַטרעפט דאָרטן בערך 15 פּראָצענט. ווי אַזוי זשע קאָן מען באַוואָרענען די רעכט פון דער „נאַציאָנאַלער מינדערהייט", אויב זי אַליין האָט נאָך נישט קיין גענויע השגה וועגן דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע רעכט, וועגן דעם פאַרנעם פון איר נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, וואָס קאָן ווערן איינגעשלונגען אָדער חרוב דורך דער פּוילישער אויטאָנאָמיע? איך האָב אָט דעם פאַל געבראַכט נאָר לדוגמא, אַז די ייִדישע פּאָליטישע עסקנים וועלן דורך די אומשטענדן זיין געצוואונגען פונאַנדערצופירן די פאָרמולע פון „נאַציאָנאַלע רעכט", וועלכע זיי האָבן אַריינגעשטעלט אין זייער שלאַכט־דעוויז. און דאָ איז וויכטיק, אַז עס זאָלן צווישן אונדז נישט זיין קיין חילוקי־דעות; אַז מיר, געאייניקט אין די פאָדערונגען פון בירגערלעך־פּאָליטישע רעכט, זאָלן זיך נישט צעקריכן אין פאַרשיידענע זייטן ביים פאָדערן די נאַציאָנאַלע רעכט; אַז מיר זאָלן זיך נישט „אויסשטעלן צו לייטיש געלעכטער", אין די אויגן פון די פעלקער, וואָס קעמפן איינשטימיק פאַר זייער אויטאָנאָמיע — דאָס טייערסטע און הייליקסטע פאַר איטלעכער נאַציע, וואָס האָט דרך־ארץ פאַר זיך אַליין.

הײנט עס, אַז די גלייכצייטיקע אָרגאַניזאַציע פון אונדזערע כוחות צום פּאָליטישן קאַמף כלפּי חוץ און צו דער אינעווייניקסטער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַליינטעטיקייט — אָט דאָס איז דער טאָפּלטער הייבשטאַנג, וואָס קאָן אַ קערעווע טאָן אונדזער לעבן אויף אַ נייעם דרך, אויף דעם וועג פון בירגערלעכער און נאַציאָנאַלער באַפרייונג.

* * *

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נאָך נישט אַלץ, וואָס מע קאָן זאָגן אונדזער פאָלק אין דעם איצטיקן קריטישן מאָמענט. מיר שטייען אויף אַ ווולקאַן, וואָס האָט שוין איינגעשלונגען צענדליקער טויזנטער ייִדישע קרבנות — און דער קראַטער זיינער רייכערט נאָך. מיר האָבן געליטן אַזאַ עקאָנאָמישע מפּלה, פון וועלכער די אַזוי אויך נויטליידנדיקע מאַסע וועט אַזוי גיך נישט קומען צו זיך. נאָך גרעסער איז אונדזער מאָראַלישע צעטרייסלונג. די אָקטאָבער־קאַטאַסטראָפע האָט ביי אונדזער פאָלק — יאָ, ביים גאַנצן פאָלק! — צוגענומען דאָס נשמה־גלייכגעוויכט. די מענטשן זענען באַהערשט דורך אַ געוואַלדיקער מהומה. זיי אַנטלויפן פון לאַנד, וואו עס האָט זיך געעפנט אַ תהום פון חשכות און פוילעניש, כדי אָפּצוזמען דעם פרישן הויך פון פרייהייטן; וואו אין דעם אַלגעמיינעם געשלעג האָבן זיך פאַרפלאָנטערט די גרענעצן צווישן באַרבאַריי און רעוואָלוציע; וואו אין דער רעוואָלוציע גופא ווערן די באַוואוסטזיניקע עלעמענטן באַוועלטיקט דורך די סטיכישע.

די גרעסטע מאַסע פּליטים קערעוועט זיך אויפן אַלטן שליאַך: פון רוסישן מצרים — דורכן מדבר פון אַטלאַנטישן אָקעאַן — אין דעם „צוגעזאָגטן לאַנד", וואו מע קאָן גלייך קריגן פרייהייט, און נאָך אַ שווערן געראַנגל — אויך אַ שטיקל ברויט. שוין אַ פערטל יאָרהונדערט, ווי עס גייט אָן אָט די אומאויפהערלעכע באַוועגונג; אַ פערטל יאָרהונדערט שניידן דורך דאַמפּערס די ים־אייבערפלאַך, און ווי אַ פּועל־יוצא — מער ווי מיליאָן יידן, איבערגעוואַנדערטע אין דער גרויסער אַמעריקאַנער רעפּובליק. און איצט, ווען רוסלאַנד, גרייטנדיק זיך צו זיין אַ לאַנד פון פרייהייט, הערט זי נישט אויף צו זיין אַ לאַנד פון פּאָגראָמען, — גייט אונדזער אייביקער וואַנדערער נאָך אַלץ אַהין, מעבר לים.

אפשר וועט איר אים איינהאַלטן, אפשר וועט איר אים זאָגן, ער זאָל צוואַרטן, ער זאָל אָפּשטעלן זיין האַסטיקן יציאת־מצרים, אַז ער זאָל וואַרטן אויף דער מפּלה פון די פּרעות, אויף דעם אומקום פון די „שוואַרצע מאות" אין די כוואַליעס פון רויטן ים, אויף דער פאַרוואַנדלונג פון באַר־באַרישן מצרים אין אַ ציוויליזירטן?

— ניין, איר וועט דאָס נישט זאָגן דער מבולבלער מאַסע, דער גע־רודפטער דורכן בלוטיקן געשפּענסט פון פּאָגראָמען, דער אַרומגערינגלטער דורך די מחנות פון רויבגיריקן עמלק, דער אַנטלויפנדיקער אונטער דרוק פון באַוואוסטזיין, אַז בעסער וועט נישט ווערן, אָדער אַז ס'וועט ווערן נישט אין גיכן. איר אַליין קאָנט איר נישט ערב זיין אויף אַ גיכער ישועה, אויף פאַרהיילונג פון די טיפע וואונדן; איר קאָנט נישט פאַרויסזאָגן דעם העלן לויטערן טאָג נאָך אַ באַגינען, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין אַ בלוטיקן נעפּל...

נישט אָפּצושטעלן די דאָזיקע גרויסע עמיגראַציע־באַוועגונג, נאָר זי צו רעגולירן — דאָס איז אונדזער אויפגאַבע. מיר וועלן זיך ראַנגלען פאַר רעכט און פרייהייט אין דער אַלטער היים, אויפן באָדן, וואָס איז באַשפּריצט מיטן בלוט פון אונדזערע קדושים און קעמפער, — מיר וועלן אָבער אויך טראַכטן וועגן דעם אַנדערן טייל רוסישן יידנטום, וואָס האַלט אין שאַפן אַ נייעם נאַציאָנאַלן צענטער מעבר לים. די צוקונפט געהערט די דאָזיקע צוויי יידישע צענטערן — אין רוסלאַנד און אַמעריקע. דאָס איבעררוקן די כוחות פון ערשטן אין צווייטן וועט ווייטער פאָרקומען, אַזוי לאַנג ווי ביי־דע וועלן זיך נישט דערנעענטערן, זאָל זיין טיילווייז, אין דער מדרגה פון ציוויליזאַציע. די נאַציאָנאַלע העגעמאָניע איבעוויוויניק פון דעם יידנטום וועט זיך מיט דער צייט קאָנצענטרירן אין די ביידע צענטערן, וואָס זענען געאָגראַפיש צעטיילט, אָבער זיי שאַפן היסטאָריש איין גאַנצקייט.

ס'איז דאָ נאָך אַ לאַנד, דאָס געבוירן־לאַנד פון די אבות, באַשיינט מיט די שטראַלן פון אונדזער ווייטער נאַציאָנאַלער יונגשאַפט. אַהין רייסן זיך די בענקענדיקע הערצער פון מיליאָנען — אָבער די פיס גייען נישט.

די בענקשאַפט האָט זיך נאָך נישט פאַרוואַנדלט אין געשפּאַנטן רצון, דאָס ציען פון הארץ — אין אַקטיווער מאַסן־ענערגיע. צי וועט אַמאָל מקוים ווערן אָט די פאַרוואַנדלונג, און אַז זי וועט פאָרקומען — צי וועט זי דערפירן צו דעם, אַז עס זאָל מקוים ווערן דער גראַנדיעזער חלום פון ציוניזם?

צום באַדויערן! די דיאַספּאָרע וועט קיין מאָל נישט פאַרשווינדן, אויב מע זאָל נאָר נישט אַריינגעמען אין חשבון דעם משיחישן „באחרית הימים". אָבער באַלייכטן דעם גלות אפילו מיט אַ קליינעם פאַקל, אָנגע־צונדן אויפן בארג ציון, שאַפן אין דעם היסטאָרישן ווינקעלע פון יידנטום כאָטש אַ קליינעם נאַציאָנאַל־גייסטיקן צענטער, אַ מוסטער־פלאַנצגאָרטן פון ריינער נאַציאָנאַלער קולטור, — דאָס איז שוין אַ גרויסע אויפגאַבע, וואָס מעג פאַרנעמען אַן אָרט אין דער צאָל אַנדערע רעאַלע אויפגאַבן אונדזערע.

עס וועט לעבן בלייבן נישט יענער ציוניזם, וואָס וויל באַהערשן אונ־דזער גאַנצע נאַציאָנאַלע באַוועגונג, נאָר דער, וואָס האַלט זיך בלויז פאַר אַ טייל פון אָט דער באַוועגונג. דעם כוח פון אַ היסטאָרישן פאַקטאָר וועט איינהאַלטן נישט יענער ציוניזם, וואָס פּרעדיקט שלילת הגלות און פלעגט דעם אוטאָפּישן טרוים וועגן מאַכן אַ סוף צו אים, נאָר דער, וואָס — אין דעם צוזאַמענהאַנג מיט אַנדערע אויפגאַבן פון אינעווייניקסטער נאַ־ציאָנאַלער אויפלעבונג פון יידנטום אויף דער גאַנצער וועלט — שטעלט ער זיך פאַר אַ ציל: שאַפן נאָך איין אַקומולאַטאָר פון פאַרזיכיקער גייס־טיקער ענערגיע צו נערן דעם גלות, וואָס ראַנגלט זיך מיט אַלע כוחות פאַר זיין נאַציאָנאַלן קיום.

נאָוועמבער־דעצעמבער 1905.

## דרייצנטער בריוו

# וועגן דער סואווערעניטעט פון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק אין לעבן פון אַן אונטערגעדריקטן פאָלק

### („אויפקלערונגען צום קאַפּיטל „מוסר־השכל")

אין דער ערשטער סעריע „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" (1897—1902) זענען פעסטגעשטעלט די עיקרדיקע אימפּעראַטיוון, וואָס דרינגען אַרויס פון דער סיסטעם פון גייסטיקן אָדער קולטור־נאַציאָנאַליזם, דהיינו: נאַציאָנאַלע רעכט באַגלייך מיט בירגערלעך פּאָליטישע, קהילהשע און קולטורעלע אויטאָנאָמיע, נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, ווי אַ מיטל צו שיצן דאָס יידנטום אין גלות. דאָרט איז אויך בפרטיות אויפגעקלערט געוואָרן די באַציונג פון אָט דער סיסטעם צו דער אַסימילאַציע, פון איין זייט, און צום ציוניזם — פון דער צווייטער.

אין די לעצטע יאָרן, יאָרן אין וועלכע ס'איז אומגעהייער אויסגע־וואַקסן ביי אונדז דער סאָציאַליזם און די קלאַסן־פּאָליטיק, — האָט אַ צווייטע פּראָבלעם פאַרנומען מיין געדאַנק: צי קאָנען גיין געפּאָרט נאַ־ציאָנאַלע פּאָליטיק מיט קלאַסן־פּאָליטיק — צוויי פּרינציפּן, וואָס פּרע־טענדירן ביידע באַגלייך אויף דאָמינירונג — אין די אויסנעמלעכע היס־טאָרישע באַדינגונגען פון יידישן פאָלקסלעבן. דאָס אויספאָרשן די דאָזיקע פּראָבלעם און דאָס אָבסערווירן די פּראַקטיק פון אונדזערע פאַרשיידנאַר־טיקע סאָציאַליסטישע פּראַקציעס — האָבן מיך געבראַכט צו גאַנץ באַ־שטימטע אויספירן, וועלכע איך האָב געהאַט בדעה צו אַנטוויקלען געגוי אין אַ נייער סעריע „בריוו", אויפן סמך פון די הנחות פון דער פריער־דיקער סעריע. די אָקטאָבער־געשעענישן פון יאָר 1905 האָבן מיך באַ־וואוינגן נישט צו וואַרטן אויף דער סיסטעמאַטישער באַאַרבעטונג פון די אָנגעמערקטע אַרטיקלען און איבערגעבן דער עפנטלעכקייט געוויסע פּראַג־מענטן זייערע, בשייכות מיט דער באַלייכטונג פון אונדזערע נאָענטסטע אויפגאַבן. אַזאַ איז די געגעזע פון אַרטיקל „דער מוסר־השכל פון די שרעקלעכע טעג".

איך האָב געהאַלטן פאַר נייטיק דאָ פעסטצושטעלן די געגעזע פון

דעם „מוסר־השכל". היות דער אַלגעמיינער טיטל האָט געגעבן אַ געלעגנ־הייט מיינעם אַ חשובן קריטיקער, ש. אַנ־סקי*), צו מאַכן אַ געוואַגטן אויס־פיר, אַז איך האָב כלומרשט „אויפגעבויט מיין אַרטיקל אויסשליסלעך אויף די לערעם פון די שרעקלעכע טעג... און געבראַכט צו אַ בשותפותדיקן טייל־וויזער אַלע איצט אַרויסגערוקטע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן, אַנ־געמענדיק פאַר זיי בלויז איין לייזונג: נאַציאָנאַלע טאַקטיק (פּאָליטיק?), נאַציאָנאַלע אחדות"**).

מע מוז אָננעמען, אַז מיין אַמאָליקער זשורנאַל־שכן האָט פאַרגעסן אין יענע „בריוו", וואָס וואָלטן אים איבערצייגט, אַז די „לייזונג", וואָס ער פאַראורטיילט, האָב איך פאָרגעלייגט, ווי אַ מסקנה פון אַ באַשטימטער סיסטעם, אַ סך פריער פאַר די נייע „שרעקלעכע טעג", און אַז זי איז, הייסט עס, נישט אָנגעוויזט דורך די שווערע איינדרוקן. פון דער אַנדערער זייט דאַרף מען אָננעמען, אַז די פּראַגמענטאַרישקייט און ערטערווייז דאָג־מאַטישקייט פון איבערגעבן אין דעם „מוסר־השכל" האָבן געקאָנט ביים הער ש. אַנסקי גורם זיין אַ טעותדיקע אויסטייטשונג פון מיינע עיקרדיקע אויספירן, שוין אָפּגערעדט פון די מער פּניותדיקע פּאַרטייאישע אָפּאָנענ־טן, וואָס זענען אַרויסגעטרעטן קעגן מיר אויפן „שלאַכטפעלד" אין דער בונדישער פּרעסע ***).

די בעסטע סגולה אויסצומיידן די אומבאַגרינדעטע קאָמענטאַרן וואָלט, פאַרשטייט זיך, געווען תיכף צו באַלייכטן אין דער פּרעסע אַלע פּרטים פון דער שטרייט־פראַגע. איך האָב אָבער נישט די מעגלעכקייט, אָן שאָדן פאַר מיינע אַקטועלע אַרבעטן, אויסצופירן איצט די דאָזיקע כוונה, און דעריבער בין איך געצוואונגען צו באַגרענעצן זיך דאָ מיט עטלעכע צוגאָב־אויפקלערונגען צו דעם „מוסר־השכל פון די שרעקלעכע טעג". דער ציל וועט זיין אַ ביסל מער צו אַנטוויקלען מיין גרונט־אידעע און אָנצואווייזן דער ערלעכער קריטיק דעם גבול צווישן די אמתע בליקן מיינע און די, וואָס מע שרייבט מיר צו.

אין מיין אָפּשאַצונג פון דער איצטיקער פּאָליטישער גרופּירונג אין יידנטום בין איך אַרויסגעגאַנגען פון די ווייטער קומענדיקע טעזיסן, וועל־כע כ'וועל זיך סטאַרען פּינקטלעכער צו פאָרמולירן.

אַ נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, דאָס הייסט, אַ פּאָליטיק, וואָס איז געווענדט אויף אַרומצוגרענעצן די גאַנצקייט פון פאָלק און זיין זעלבשטענדיקע קולטור־אַנטוויקלונג, איז דער העכסטער קריטערי אומעטום, וואו די דאָ־

---

*) „דער מוסר־השכל פון די שרעקלעכע יאָרהונדערטן", „וואָסכאָד", 1906, נומערן 8—13.

**) דאָרטן, נומ' 77, ז' 10.

***) אַ שטייגער די סעריע פּאָלעמישע אַרטיקלען אין דער ווילנער צייטונג „דער וועקער", יאַנואַר, 1906.

זיקע גאַנצקייט און אינעווייניקסטע פֿרייהייט איז אין אַ סכנה. די יידישע נאַציע אין גלות, אַן אָנלאַנדיקע און אַ צעשפּליטערטע, וואָס האָט אומעטום מער שונאים (באַוואוסטזיניקע אָדער סטיכישע), ווי פֿריינד, און וואָס איז אויסגעשטעלט — צוליב איר מצב — אויף דער אַסימילירנדיקער השפּעה פֿון פֿרעמדע קולטורן, — דאָס יידישע פֿאָלק געפֿינט זיך אין דעם זינען אין צושטאַנד פֿון פּערמאַנענטער סכנה. בכן, דאַרף ביים יידנטום די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק זיין שטענדיק דער העכסטער קריטעריי פֿאַר אַלע פּאַרטייען און קלאַסן, וואָס אָנערקענען נישט דעם פּרינציפּ פֿון „צונויפֿגיסונג” אָדער נאַציאָנאַלער זעלבסטפּאַרלייקענונג. אין פֿאָלק קאָנען און דאַרפֿן עקזיסטירן פֿאַרשיידענע פּאָליטישע, געזעלשאַפֿטלעכע, גייסטיקע און קלאַסן־גרופּעס, זיי דאַרפֿן זיך אָבער אַלע אונטערוואַרפֿן דעם העכסטן אָנפֿירנדיקן פּרינציפּ פֿון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. די פֿאָרמולע Salu Populi Suprema Lecx קאָן לגבי דעם יידנטום ווערן אָנגעווענדט אין בוכשטעבלעכן זינען: דאָס העכסטע געזעץ אָדער קריטעריי איז טאַקע די „רעטונג” (אומבאַשעדיקטקייט”) פֿון פֿאָלק, וואָס דער גאַנצער וועג זיינער אין גלות איז אומעטום פֿול מיט סכנות. די גאַנצע יידישע געשיכטע אין גלות איז די געשיכטע פֿון אומאויפֿהערלעכער מלחמה פֿאַרן קיום פֿון דער נאַציע, ווי אַזאַ, פֿאַר איר אינעווייניקסטער אחדות און אויטאָנאָמיע, אין באַדינגונגען פֿון דרויסנדיקער פּאָליטישער און טעריטאָריאַלער צעשפּליטערטקייט. אין דעם שטעקט אי דער טראַגיזם אי דער דערהויבענער העראָיזם פֿון אונדזער געשיכטע: טראַגיזם פֿון כסדרדיקן „קריגנסצושטאַנד”, וואָס פֿאָדערט די אָנשטרענגונג פֿון אַלע כוחות פֿון פֿאָלק פֿאַר זעלבסטשוץ, און העראָיזם פֿון בייקומען די שווערסטע מניעות במשך פֿון צוויי טויזנט יאָר. צעשטערט אָדער שוואַכט אָפּ באַדייטנדיק אָט די שפּאַנונג פֿון דער נאַציאָנאַלער אַפּווער־ענערגיע — און דאָס יידנטום וועט עקזיסטירן בלויז אין פֿאַנטעאָן פֿון די אָפּגעשטאָרבענע פֿעלקער אָדער פֿון היסטאָרישע מומיעס. און נאָר צו אַזאַ רעזולטאַט פֿירט דאָס פֿאַרטרעטן די נאַציאָנאַלע אָדער אַלפֿאָלקישע (איבערקלאַסן)־פּאָליטיק מיט אַן אַנדערן העכסטן אָדער גלייכווערטיקן קריטעריי, ווי, למשל, מיט קלאַסן־פּאָליטיק.

ה׳ אַן־סקי „זעט לחלוטין נישט, פֿאַרוואָס דער יאָך און די רדיפֿות, כאָטש זיי האָבן דערגרייכט אַ גרעסערע שפּאַנונג, דאַרפֿן דווקא איצט שטעלן אין דער גרעסטער געפֿאַר אונדזער נאַציאָנאַלע אחדות”, — און ער דערקלערט אָפּטימיסטיש: „מיר זעען זי נישט, אָט די „געוואַלדיקע סכנה”, נישט נאָר מצד דעם דרויסנדיקן יאָך, נאָר אויך נישט מצד דער אינעווייניקסטער מחלוקת”. און ער איז דאָ מסביר, אַז אונטערדריקונג און רדיפֿות זענען געווען אין אַלע דורות — און פֿון דעסטוועגן איז דאָס יידנטום ניצול געוואָרן. און די אינעווייניקסטע צעטיילונג, אויף וויפֿל זי „דריקט זיך אויס אין קלאַסנקאַמף, וואָס האָט טיפֿע וואָרצלען אין עקאָ־

נאַמישן און סאָציאַלן לעבן פון פאָלק", דראַט בכלל נישט דעם יידנטום מיט נאַציאָנאַלער צעפאַלונג, וואָרעם „אין שוץ פון די אַלפאָלקישע אינ־טערעסן טרעט אַרויס אויך דער אַרבעטערקלאַס", הגם באַזונדער פון דער בורזשואַזיע.

איך וואָלט געבעטן דעם ה' אַנ־סקי, ער זאָל מיר אָנווייזן אין עבר אַזאַ מאָמענט, ווען אָן דער אַבסאָלוטער בכורה פון דער נאַציאָנאַלער פּאָ־ליטיק איז וועלכער־ס'איז טייל פון דער דיאַספּאָרע ניצול געבליבן אין אַ רעזשים פון אונטערדריקונג און רדיפות, אָדער ער האָט נישט אַרויסגע־וויזן קיין סימנים פון בהדרגהדיקער אויפלייזונג צווישן די איבעריקע פעלקער אין אַ רעזשים פון פרייהייט און עמאַנציפּאַציע*).

וואָס שייך דעם איצטיקן מאָמענט, בין איך מסכים מיטן ה'אַנ־סקי, נאָר מיט איין באַוואָרעניש, וואָס איך האָב שוין געמאַכט אין „מוסר־השכל", דהיינו: דער קלאַסנקאַמף אין זיינע נאָרמאַלע גרענעצן שליסט נישט אויס די כלל־פאָלקישע פּאָליטיק, זי ווערט אָבער אויסגעשלאָסן דורך אַ סואָווערענער קלאַסן־פּאָליטיק, אין דעם זינען פון אַבסאָלוטן אונטער־אָרדענען דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע און גייסטיקע לעבן פון פאָלק דער אידעע וועגן עקאָנאָמישן אַנטאַגאָניזם צווישן דער בורזשואַזיע און פּראָ־לעטאַריאַט. יענע פירער פון יידישן אַרבעטערקלאַס, וואָס לערנען אים שנאה אָן פּשרות צו די „בורזשואַזע" ברידער, וואָס זענען ס'רוב פּונקט אַזוי אָרעם און געפּלאָגט; יענע, וואָס רעדן איין דעם יידישן אַרבעטער, אַז ער האָט מער שותפותדיקע אינטערעסן מיטן פּראָלעטאַריאַט פון פרעמדן פאָלק, איידער מיט דער בורזשואַזיע פון דער אייגענער נאַציע, — יענע פירער צעשטערן יעדן באַוואוסטזיין פון נאַציאָנאַלער אחדות, יעדע מעג־לעכקייט פון סאָלידאַרע מעשים אין אַ פאָלק, קעגן וועלכן עס טרעטן אַזוי סאָלידאַריש אַרויס דרויסנדיקע שונאים, דאָס הייסט, אי די פרעמדע בורזשואַזיע און אָפט מאָל אויך אפילו דער פרעמדער פּראָלעטאַריאַט **).

---

*) די ביישפּילן פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט זענען באַקאַנט. פון דער געשיכטע פון ווייטערע צייטן איז גענוג אָנצואווייזן אויף די ווייט־טערדיקע צוויי רעזולטאַטן אין פּונקטן פון קלענסטן נאַציאָנאַלן ווידער־שטאַנד: די אויפלייזונג פון אַ היפּשן טייל פון דער אַלעקסאַנדרינישער דיאַספּאָרע אין דער העלענישער וועלט; דער נאַציאָנאַלער טויט פון איין העלפט ספרדישע מאַראַנען און די לאַנגע קאָנוואולסיעס פון דער צווייטער.

**) לייענט די ליטעראַטור פון „בונד", ס.־ס., עקסטרעמע פּ.־צ., און פון אַנדערע סאָציאַליסטישע פראַקציעס, סירוב עפּעמערישע; פאָרשט אויס זייער באַציונג, בפרט פון „בונד", צו די אָקטאָבער־געשעענישן, צום אַקטיוון באָיקאָט פון די יידישע וואַלן צו דער „מלוכה־דומע", אָדער צו אַזעלכע באַלערודיקע פאַקטן, ווי לעצטנס דאָס אַרויסטרייבן דורך קריסטלעכע אַר־בעטער זייערע יידישע חברים פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג אין אַ יידי־שער פאַבריק אין ביאַליסטאָק.

איך דערוועג זיך אנטקעגנצושטעלן אַט די פּרעדיקער פון קלאַסן־סעפּאַראַטיזם יענע כלומרשט „בורזשואַזע" אינטעליגענץ, וואָס האָט אין דער שווידערלעכער רעאַקציע־תקופה געוויטיקט מיט אונדזערע אַלפאַלקישע צרות און האָט אויף פאַרשיידענע וועגן געמיט זיך זיי צו פאַרגרינגערן אָדער באַזייטיקן. דאָס, וואָס די פאַרשטייער פון אונדזערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען רופן אָן מיט אַזא ביטול „בורזשואַזער נאַציאָנאַליזם", „בורזשואַזער ציוניזם", „דערגרייכישקייט" (די פּראָגראַם פון פאַרבאַנד צו דערגרייכן פולבאַרעכטיקונג), — דאָס אַלץ זענען אויסער־קלאַסן־באַוועגונגען, וואָס שטרעבן צו דערגרייכן פולבאַרעכטיקונג, נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע און אפילו אַ באַזונדערע טעריטאָריע פאַרן פאָלק, און נישט פאַר באַשטימטע קלאַסן זיינע. די יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט געשאַפן אַט די באַוועגונגען, האָט שטענדיק געווירקט, ווי אַ דעמאָקראַטישע אויסער־קלאַסן־גרופּע, ווארעם אין איר אַליין האָט דער פּראָלעטאַרישער עלעמענט דאָמינירט איבער דעם בורזשואַזן; מיט אַ ביטול־שמייכל קאָן זי אָפּוואַרפן דעם אומזיניקן פאַרוואורף מכוח „בורזשואַזער אידעאָלאָגיע", וואָס מע שיקט איר פון די רייען פון אונדזערע מאַרקסיסטן, וואָס האָבן זיך געמאַכט אַן איינשפּריצונג פון „פּראָלעטאַרישער פּסיכאָלאָגיע". די דאָזיקע אינטעליגענץ, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישע שטרעמונגען אין אַ מעסיקער צי ראַדיקאַלער געשטאַלט, פירט אויס אין יידנטום פונקט אַזאַ פונקציע, ווי די פּאַרטיי ק.־ד. אין דער רוסישער געזעלשאַפט: זי שטרעבט צו שאַפן אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישן און נאַציאָנאַלן באַזיס פאַר אַ נאָרמאַלן לעבן פון אַלע קלאַסן פון פאָלק, דער עיקר טאַקע פאַר די עקאָנאָמיש באַעוולטע.

איגנאָרירנדיק דעם חילוק, וואָס איך האָב געמאַכט, צווישן דער געזעלעבקייט פון קלאַסנקאַמף און דעם געפערלעכן אַבסאָלוטיזם פון קלאַסן־פּאָליטיק, דערלויבט זיך מיין קריטיקער צו איראָניזירן איבער דעם, וואָס איך וויל כלומרשט מיט מוסר־דרשות באַזייטיקן דעם עקאָנאָמישן אַנטאַגאָניזם און דעם קלאַסנקאַמף, וואָס דרינגט פון אים אַרויס; אַז איך האַלט זיי פאַר אַן אויסטראַכטעניש פון „בייזוויליקע אַגיטאַטאָרן", און נישט פאַר קיין „נאַטירלעכע כוחות, וואָס האָבן אין זיך אַ טענדענץ צו צעשטערן די נאַציאָנאַלע אחדות פון יידישן פאָלק" (אין דער לעצטער פראַזע באַשטעטיקט בלויז דער קריטיקער מיינע פאַרדאַכטן); ער לייגט מיר אפילו איראָניש פאָר, איך זאָל זיך מיט דער מוסר־דרשה וועגן קלאַסן־אינדיפערענטיזם ווענדן צו דער בורזשואַזיע. ס'איז אוודאי נישט כדאי צו ענטפערן אויף דעם און דערוויילן, אַז איך האָב אין ערגעץ נישט דורכגעפירט קיין טענדענץ צו מינערן די פאַקטישע באַדייטונג פון עקאָנאָמישן אַנטאַגאָניזם אין יידנטום. דאָס איינציקע, וואָס איך פאָדער פון מיינע קעגנער איז — זיי זאָלן נישט מגזם זיין דעם אמתן עקאָנאָמישן אַנטאַ־

גאַניזם ביי אונדז ביז צו דער מדרגה פון „קאַמף פון אַלעמען קעגן אַלע־מען״.

דער גרויסער טעות פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פּאָליטיק באַשטייט אין דעם, וואָס זי מעסט דעם יידישן שטייגער מיט פרעמדע מאָסן, וואָס זי צעבלאָזט קינסטלעך די עקזיסטירנדיקע ביי אונדז קלאַסן־קעגנזאַצן צו אַזעלכע פאַרנעמען, וואָס זיי האָבן נישט, און דערפון שעפּט זי די סאַנקציע פאַר איר פּריאָריטעט.

דאָס יידישע פאָלק אין רוסלאַנד שטעלט פאָר מיט זיך היינט צו טאָג אַזאַ מאַגנעט מיט צוויי פּאָלוסן אויף די עקן און מיט אַ לאַנגן „נייטראַלן פּאַס״ אין מיטן. די גרויסבורזשואַזיע און דער פאַבריקס־פּראָלעטאַריאַט פאַרנעמען ביי אונדז לעת־עתה אַ קליינטשיק אָרט אויף די צוויי קעגנדיקע פּאָלוסן, און דער עקאָנאָמישער צענטער ליגט נישט אין זיי, נאָר אין דער יזיקער מאַסע קליינהענדלערישע און באַלמעלאָכישע „באַזיצער״, וועלכע וואָלטן לויט זייער Standart of life (לעבנס־ניוואָ.—איב.) ביי אַן אַנדער פאָלק זיך גערעכנט פאַר אומגליקלעכע פּראָלעטאַריער, אָבער ביי אונדז, בלית ברירה, רעכנט מען זיי פאַר „קאַפּיטאַליסטן״*). מיר מאַכן ערשט דורך די אָנהייב־פאַזע פון יענעם קאַפּיטאַליסטישן סדר, וואָס וועגן זיינע פאַטאַלע קאָנסעקווענצן האָבן דאָס אונדזערע „קלאַסאָוויקעס״ זיך אָנגעלייענט ביי מאַרקסן און ענגעלסן, און אונדז שלעפּן זיי שוין אויפן סאָציאַליסטישן שטריק גלייך אין דער לעצטער פאַזע אריין, וואו עס איז שוין נאָענט צו מקיים זיין די ענדציל פון סאָציאַליזם. מיט דער דאָזיקער פאָרסירטער פּאָליטיק וועלן אונדזערע מאַרקסיסטן, וואָס האָבן שלעכט פאַרשטאַנען זייער לערער, פּונקט אַזוי וויט פאַרפאָרן, ווי מיט זייער פּראָקלאַמירן דאָ נישט לאַנג די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, דעם אַכטשעדיקן אַרבעטסטאָג און די איבעריקע פּלוצעמדיקע איבערקערענישן, איינגעשלאָסן די נביאות מכוח דער נאָענטקייט פון אַ רוסישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק.

אויף אַלע ראיות וועגן דער נאַטירלעכקייט און אומפאַרמיידלעכקייט פון קלאַסנקאַמף ענטפער איך: יאָ, ער איז נאַטירלעך און נויטווענדיק, אויף וויפל ער איז אַ פּועל־יוצא פון די פאַקטישע באַציונגען צווישן אַר־

---

*) לויט די ציפערן פון דעם „זאַמלבוך פון מאַטעריאַלן וועגן דעם עקאָנאָמישן מצב פון די יידן אין רוסלאַנד" (אויסגאַבע פון „יעקאָ", 1904, רוסיש), באַטרעפט די צאָל פאַבריק־אַרבעטער יידן אין גאַנצן תחום־המושב — 45 טויזנט, די צאָל באַלמעלאָכעס — איבער אַ האַלבן מיליאָן, די צאָל הענדלערס נאָך מער, און אַ פינפטל פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג זענען די א״נ „פּאַופּערס" (פּאַראָרעמסטע, קבצנים.—איב.), פ״גל פּאַסמאַניק: „דער עקאָנאָמישער מצב פון יידן אין רוסלאַנד", אויסג. קדימה, 1905.

בעט און קאַפּיטאַל אין אונדזער סביבה; ער האָט אָבער נישט דערגרייכט — און וועט נאָך לאַנג נישט דערגרייכן — צו יענער דאָמינירנדיקער באַדייטונג, וואָס וואָלט באַרעכטיקט זיינע פּרעטענזיעס אויף דער ראָליע פון אייבערשטן פירנדיקן פּרינציפּ אין אונדזער גאַנצן געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן לעבן. קלאַסנקאַמף איז איינער פון די פאַקטאָרן, אָבער נישט דער איינציקער און אפילו נישט דער עיקרדיקער פאַקטאָר אין אונדזער לעבן, און זיין השפּעה אויף אונדזער פאָלקס־פּאָליטיק דאַרף זיין פּראָפּאָרציאָנעל צו זיינע פאַקטישע, און נישט צו זיינע קינסטלעכע פאַרנעמען. אפילו ווען ער זאָל ווען־עס־איז קריגן ביי אונדז די באַדייטונג פון אַן ערשטראַנגיקן פאַקטאָר, איז אויך דעמאָלט דאַרף די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק נישט אָפּטרעטן די העגעמאָניע דער קלאַסן־פּאָליטיק, אין באַדינגונגען, וואָס שטעלן אין סכנה די איינזיקייט און גאַנצקייט פון דער נאַציע.

ה׳ אַנ־סקי, וואָס האָט אין דער פריער געבראַכטער ציטאַטע מודה געווען דעם אָפּשרעקנדיקן פאַקטאָר, אַז דער עקאָנאָמישער אַנטאַגאָניזם „האָט די טענדענץ צו צעשטערן די נאַציאָנאַלע אחדות פון יידישן פאָלק", טרייסט אונדז דערמיט, וואָס אינעווייניקסטע אחדות איז נישט קיין אומבאַדינגטער תנאי פאַר נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, און ער פאַררופט זיך דערביי אויפן ביישפּיל פון אייניקע אומאָפּהענגיקע טעריטאָריאַלע נאַציעס. קומט אויס ווידער אַ מאָל איבערצוהזרן דעם טרואיזם וועגן דעם טיפן חילוק צווישן יידנטום און אַלע טעריטאָריאַלע און „מלוכהשע" פעלקער. נאַציעס, וואָס זיינען פאַראייניקט נישט בלויז מיט גייסטיקע, נאָר אויך מיט מעכאַנישע פאַקטאָרן (אייגענע טעריטאָריע, מלוכה־ מיליטערישע שוץ), קאָנען אַמאָל שטיין אין אַ סכנה פון דרויסנדיקער דעראָבערונג אָדער פּאָליטישער אונטעריאָכונג, — און אין מאָמענט פון אַזאַ געפאַר שטרענגען זיי אָן אַלע כוחות צו ראַטעווען „דאָס פאָטערלאַנד", ד"ה, יענעם פאַנצער, וואָס באַוואָרנט זייער גאַנצקייט און אומאָפּהענגיקייט. וואָס שייך דעם יידנטום אין גלות, ווערן אים די קלעפּ דערלאַנגט נישט איבערן פאַנצער, נאָר איבערן גוף, וואָרעם ער איז מיט קיין שום זאַך נישט באַשיצט קעגן זיינע שכנים. עס דראָט אים די כסדרדיקע געפאַר פון אינעווייניקסטער דעראָבערונג: אויפלייזן זיך צווישן די איבעריקע פעלקער אָדער דורך דעגענעראַציע צוליב סאָציאַלער אונטערדריקונג. אָדער דורך אַסימילאַציע און קולטור־צונויפגוס. קעגן אָט דער אומאויפהערלעכער סכנה האָט זיך די גייסטיקע נאַציע געראַנגלט במשך פון אַלע דורות בלויז מיט איין מיטל: מיט אָנשטרענגען איר גייסטיק־נאַציאָנאַלע ענערגיע אין פאַרשיידענע געשטאַלטן, צוגעפּאַסטע צו דעם קולטור־ניוואָ פון יעדער תקופה. נאַציאָנאַלער ווילן, „ווילן צום לעבן" פון דער קאָלעקטיווער פערזענלעכקייט, וואָס איז אַ פּועל־יוצא סיי פון דער אָנגעזאַמלטער געירשנטער ענערגיע סיי פון די אימפּולסן, צוגעקריגענע דורך דערציונג — אָט אין וואָס עס שטעקט

אונדזער וויטאַלע קראַפט. די אָנשטרענגונג פון דעם דאָזיקן נאַציאָנאַלן ווילן דאַרף זיין פּראָפּאָרציאָנעל צו דער געפאַר־מדרגה פון „אינעווייניקסטער דעראָבערונג".

וואָס שייך דער נערונג פון סוביעקטיוון פאַקטאָר פון ווילן, טאָ דאַרף מען אויף אַלע לעבנס־געביטן אונטערהאַלטן די ירושהדיקייט פון אונדזער היסטאָרישער עוואָלוציע, כדי נישט אָפּצורייסן די יונגע צווייגן פון אַלטן שטאַם; מע דאַרף שטאַרקן די נאַציאָנאַלע עלעמענטן אין דערציונג, פאַרטיידיקן די געזעלשאַפטלעכע אויטאָנאָמיע און — אין אַ נאָרמאַלער קאָנסטיטוציאָנעלער מלוכה — פירן אַן אַקטיווע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק. אין די ראַמען פון דעם באַהעפטנדיקן נאַציאָנאַלן קרייז זענען מעגלעך סיי אַ ברייטע אינדיווידועלע פרייהייט, סיי קלאַסנקאַמף, סיי אַלערליי פּאַרטייאישע און קולטורעלע טיילונגען; אָבער יעדע פּאַרטיי אָדער גרופּע, וואָס שטעלט דעם ציל פון דער אייגענער גרופּע העכער פון געזעץ וועגן אַלפאָלקישן אָפּווער, שוואַכט דערמיט אָפּ דעם נאַציאָנאַלן ווילן און דערנענטערט אונדז צום אומקום. ווער עס וויל ממשיך זיין דעם קיום פון יידישן פאָלק — מוז אָנערקענען די סואווערעניטעט פון זיין נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, אָט די אייניציקע גייסטיקע דיסציפּלין פון דעם אָנלאַנדיקן פאָלק, אָט דעם סוראָגאַט פון דער פעלנדיקער טעריטאָריאַלער און פּאָליטישער אייניקייט. אָן אַזאַ אָנערקענונג זענען אַלע וועגן אָפן — צום אַוועקגיין פון יידנטום. און אַז די צאָל פון אַזעלכע אַוועקגעגאַנגענע וועט וואַקסן פּראָגרעסיוו פון דור צו דור, דעמאָלט וואַרט אויף אונדז דער גורל פון די קאַראַימער אָדער שומרונים, און די געשיכטע פון דעם גרויסן „אומשטערבלעכן" פאָלק וועט זיך פאַרוואַנדלען אין דער געשיכטע פון אַן אָפּשטאַרבנדיקן פאָלק.

* * *

אויפגעקלערט דעם עיקרדיקן פונקט וועגן דעם, אַז עס קאָנען נישט צוזאַמענגיין גלייכצייטיק צוויי סואווערעניטעטן — פון נאַציאָנאַלער און קלאַסן־פּאָליטיק — האַלט איך, אַז עס וועט גענוג זיין צו באַרירן נאָר יענע — פון אַ סך — טענות פון מיין אָפּאָנענט, וועלכע האָבן אַ דירעקטע שייכות מיט דעם עיקרדיקן פונקט. און קודם־כל — די באַציונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק צו דער איצטיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

אין דעם ערשטן קאַפּיטל פון זיין אַרטיקל פירט ה' אַנ־סקי דורך אַ פּאַראַלעל צווישן צוויי „פּאָגראָם־תקופות" — די איצטיקע און די פון אָנהייב 80־ער יאָרן — און ער קומט צו אַזאַ אויספיר: „די פּאָגראָמען פון די 80־ער יאָרן האָבן אַרויסגערופן דעם געשריי: צוריק! צוריק צו רעליגיע, צוריק צו נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט, צוריק אין לאַנד פון די אָבות!" זיי האָבן אומגעבראַכט די פריע שפּראָצונגען פון דער רע־

וואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע צווישן אונדזער יוגנט. די לעצטע פּאָגראָמען ווידער (1903—1905), וואָס האָבן געטראָפן די יידישע יוגנט אין אַ שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער יווירונג, האָבן די דאָזיקע יווירונג נישט אָפּגעשוואַכט. אָבער די סאַמע לעצטע אָקטאָבער־סאַטורנאַליען האָבן צעטומלט אַ טייל פון דער יידישער געזעלשאַפט, פאַרשטאַרקט דאָס באַוואוסטזיין פון „איינזאַמקייט און פאַרלוירנקייט" און האָבן אַרויסגערופן, פונקט ווי מיט פערטל יאָרהונדערט צוריק, אַ באַדערפעניש איינצושליסן זיך, פאַרמאַכן זיך אין דער שאָלעכץ"; צווישן דעם דאָזיקן „דערשראָקענעם" טייל פון דער געזעלשאַפט האָט זיך טאַקע איצט געלאָזט הערן דער פּראָטעסט קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ה' אַנ־סקי הערט אָפּקלאַנגען פון אָט דער רעאַקציע אין מיינע און אחד־העמס לעצטע אַרטיקלען.

עס חידושט מיך, ווי אַזוי דער מחבר פון די „פּיאָנערן", וואָס איז אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אין דער נשמה פון אַסימילאַטאָרישן משכיליזם פון סוף 70־ער יאָרן, האָט געקאָנט מאַכן אַזאַ אייבערפלאַכלעכן היסטאָרישן פּאַראַלעל. רעדוצירן די באַוועגונג פון די 80־ער יאָרן אין אירע נאַציאָנאַלע און חיבת־ציונדיקע עלעמענטן צום פּשוטן געשריי: „צוריק צו רעליגיע(?), צו נאַציאָנאַלער איינגעשלאָסנקייט, צום לאַנד פון די אָבות"! — הייסט נישט פאַרשטיין דעם מהות פון דעמאָלטיקן היסטאָרישן פּראָצעס. דער מהות זיינער איז באַשטאַנען דערין, וואָס איין טייל פון דער אינטעליגענץ האָט איינגעזען די גאַנצע העסלעכקייט פון דער פריערדאָמינירנדיקער אַסימילאַציע, אין איר גראָבער פאָרם פון „פאַררוסישונג", און זי האָט זיך געווענדט צו יענער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס פלעגט ראַטעווען די דיאַספּאָרע במשך פון דורות, — געווענדט זיך אינסטינקטיוו, נישט ווויסנדיק נאָך, ווי אַזוי די דאָזיקע פּאָליטיק אַריינצופּאַסן אין די באַדינגונגען פון דער נייסטער קולטור (וועגן רעסטאַוראַציע פון „רעליגיע" אָדער „נאַציאָנאַלער איינגעשלאָסנקייט" האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין, מיט געציילטע אויסנאַמען אפשר); אַנדערע, חסידים פון ראַדיקאַלע מיטלען, האָבן באַשלאָסן, אַז אין גלות איז בכלל נישט מעגלעך נישט קיין דערטרעגלעכע עקאָנאָמישע עקזיסטענץ, נישט קיין נאַציאָנאַל לעבן, — און, בשייכות מיט דער עמיגראַציע־באַוועגונג, האָבן זיי געשאַפן דעם אידעאַל וועגן ווידעראויפלעבן פּאַלעסטינע. די שפּעטערדיקע צוויי צענדליק יאָר האָבן אַנטוויקלט און פאַרטיפט אָט די ביידע ריכטונגען: עס האָט זיך שטאַרק פאַרפונדעוועט און צעצווייגט סיי דער נאַציאָנאַליזם סיי דער ציוניזם, און נאַטירלעכערהייט האָט זיך געמוזט אויסקלאָרן זייער באַציונג צום סאָציאַליזם און צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די דאָזיקע באַציונג האָט אין תוך נישט געקאָנט זיין קיין נעגאַטיווע, אויף וויפל די רעוואָלוציאָנערע און קלאַסן־שטרעמונגען זענען אַ פּועל־יוצא פון

דעם שוידערלעכן עקאָנאָמישן און רעכטלעכן מצב פון די יידן אין רוסלאַנד. די נאַציאָנאַליסטן און ציוניסטן (אויך וויפל די לעצטע זענען פאַר אַן אַקטיווער פּאָליטיק אין דער דיאַספּאָרע) האָבן אויך דאָ געקאָנט אַנווענדן זייער אַלגעמיינעם קריטעריי: די סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג דאַרפן זיך אונטערוואַרפן דער פירונג פון העכסטן פּרינציפּ — פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. דאָס אָפּטרעטן פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ — און נישט די אָדער אַנדערע עפעקטן פון די „שרעקלעכע טעג" — האָט אַרויסגערופן אחד־העמס פּראָטעסט און מיינעם. מיר האָבן נישט פּראָטעסטירט קעגן דער יידישער רעוואָלוציע, ווי אַ נויטווענדיקער ווידערשטאַנד מצד דעם געמאַטערטן פאָלק קעגן זיינע פּייניקער, נאָר מיר האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער נישט־יידישער רעוואָלוציע, קעגן אַסימילאַציע אָדער „קנעכטישקייט" אין אונדזער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, קעגן זיין ביטול צו די נאַציאָנאַלע אויפגאַבן*).

דעם ה' אַנ־סקים היסטאָרישן פּאַראַלעל דאַרף מען אויסבעסערן אַזוי: אין אָנהייב פון די 80־ער יאָרן איז געווען אַ פּראָטעסט קעגן דער קולטור־אַסימילאַציע, און אין די 1900־ער יאָרן — קעגן דער רעוואָלוציאָנערישער אַסימילאַציע. אין דעם לעצן פאַל איז דער פּראָטעסט געווענדט פּונקט אַזוי ווייניק קעגן רעוואָלוציאָנערישקייט בכלל, ווי אין ערשטן פאַל — קעגן קולטור בכלל.

אין מיין „מוסר־השכל" האָב איך בפירוש געזאָגט, אַז איך האַלט די אָנגעשטרענגטקייט פון רעוואָלוציאָנערן פּראָטעסט ביי יידן פאַר נאַטירלעכער, ווי ביי וועלכער־ס־איז אַנדערער נאַציע, וואָרעם איבער קיינעם האָט זיך דער אַלטער רעזשים אין רוסלאַנד אַזוי נישט איזדיעקעוועט, ווי איבער אונדז. בפירוש: איזדיעקעוועט, וואָרעם אַלעמען האָט מען אונטערגעדריקט און איבער די יידן האָט מען זיך איזדיעקעוועט... איך וואָלט אויפגעהערט צו שטאָלצירן מיט מיין אָנגעהעריקייט צו איינער פון די עלטסטע נאַציעס, צו דער נאַציע פון די נביאים, מכבייער און קנאים, ווען זי וואָלט

*) הי אַנ־סקי זעט אַ מין Sacrilége (חילול־השם.—איב.) אין באַהעפטן די באַגריפן „קנעכטשאַפט" און רעוואָלוציע. ס'איז דאָך אָבער קלאָר, אַז דאָס פאָרוואַרפן „קנעכטשאַפט" אָדער נאָכמאַכעריי באַציט זיך נישט צום אָנטייל פון יידישע כוחות אין דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאָר צום נישט־אָנטייל זייערן אין דער יידישער באַוועגונג. דער אויסדרוק „קנעכטשאַפט אין רעוואָלוציע" באַטייט: דער עלעמענט פון קנעכטשאַפט אפילו צווישן די פרייהייט־קעמפער. דאָס איז אַן אופן פון עטישער פאַראורטיילונג לגבי יענע, וועלכע דרייען זיך אַרויס — באַוואוסטזיניק צי אומבאַוואוסטזיניק — פונעם חוב צו פאַרטיידיקן די שוואַכע און זיי קלעפן זיך אָן צו די שטאַרקע, הגם בכלל טוען זיי עס צוליב באַפרייערישע מאָטיוון.

ווען ס׳איז אָפּגעטראָטן דאָס אָרט אין כוח פון רעוואָלוציאָנערן צאָרן, אין דער הייליקער שנאה צו טיראַניע און אין דעם אַקטיוון קאַמף קעגן איר. אַן אויסגעהאָדעוועטער דורך אונדזערע יסורים במשך פון דער שווי־דערלעכער 25־יעריקער רעאַקציע, אַ דערצויגענער דורך אונדזער אָפּאָזי־ציאָנעלער ליטעראַטור און דורך אונדזערע „אומלעגאַלע” אָרגאַניזאַציעס, — האָט זיך דער גייסט פון רעוואָלט געמוזט אַרויסרייסן מיטן כוח פון אַ שטראָם, וואָס האָט זיך באַפרייט פון די אייז־קייטן. מיר האָבן אַלע גע־וואַרט אויף דעם, מיר האָבן ליידנשאַפטלעך גערופן די נקמה־האַנט אויף די קעפּ פון אונדזערע פּייניקער, מיר האָבן געגאַרט צו זען אונדזער יידישן לעגיאָן אין דער רעוואָלוציאָנערער מלחמה, צו הערן דאָרט אונדזערע יידי־שע לאָזונגען, אין וועלכע עס זאָלן אָפּקלינגען די רופן פון די אומגעבראַכ־טע, פאַרפּייניקטע, געשענדעטע פאַר זייער יידישקייט.

האָבן מיר זיך דערוואַרט — און וואָס זשע? וואו איז אונדזער לע־גיאָן, מיט אונדזערע באַזונדערע פענער? וואו זענען אונדזערע אויסגע־וויטיקע לאָזונגען? האָבן זיך אפשר אויסגעמישט אַלע פענער אין דעם אַלגעמיינעם געפעכט מיטן מאַנסטער פון אַלטן רעזשים? ניין, דאָרטן פלאַ־טערן פענער פּוילישע, ליטווישע, אַרמענישע, פינישע. עס איז דאָ אויך אַ יידישער לעגיאָן (דער „בונד”), אָבער אָן אַ בולטער, זיך אויסטיילנדיקער נאַציאָנאַלער פאָן; דער דאָזיקער לעגיאָן באַנוצט אַלגעמיין־רוסישע לאָזונ־גען, נישט מער וואָס אויף זיין אייגענער קאָמאַנדע־שפּראַך. אַלע איבעריקע קנאים אונדזערע שלאָגן זיך אין אַוואַנגאַרד פון דער אַלגעמיינער רע־וואָלוציאָנערער אַרמיי, און איר דערקענט זיי בלויז לויט די נעמען, און נישט לויט דעם נאַציאָנאַלן לאָזונג, וואָרעם ער איז נישט בנמצא: ער איז לגמרי פאַרטויבט דורך די אַלגעמיין־רוסישע אָדער פּוילישע לאָזונגען פון די עקסטרעמע פּאַרטייען, וואָס האָבן אַ שייכות מער צו די ענדציל֗ן פון קאַמף, איידער צו די נאָענטסטע. אין דעם באַפרייונגס־קאַמף פאַרן גאַנצן אונטערגעדריקטן פאָלק קלינגען מאָדנע די קולות: „נידער מיט דער בורזשואַזיע, זאָל לעבן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט!”, — גלייך ווי נישט אַלע קלאַסן פון יידישן פאָלק האָבן געקרעכצט און קרעכצן נאָך אונ־טערן יאָך פון דער יודאָפאָבישער טיראַניע, גלייך ווי נישט די אַלע קרעכצן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין געשריי: „פרייהייט פאַר דעם פאָלק — דעם מאַרטירער!”

אין דעם פעלער פון דער אַלגעמיינער טאַקטיק, וואָס האָט זיך אָפּגע־נייגט פון פּאָליטישער רעוואָלוציע צו סאָציאַלער; אין דעם אויפלייזן די יידישע כוחות אין דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערע מאַסע; און, לסוף, אין מאַנגל פון אַ קלאָרן נאַציאָנאַלן לאָזונג ביים יידישן לעגיאָן, אפילו דאָרט, וואו אַזאַ לעגיאָן איז דאָ, — אין די דאָזיקע פעלערן באַשטייט דער טראַגיזם פון דעם מאָמענט, וועלכן מיר לעבן איצט איבער. דער ערשטער

פּעלער האָט דערלאַנגט אַ קלאַפּ דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, דער לעצטער — איר יידישן אָפּצווייג.

דערוויידערנדיק אויף מיינע אָנווייזונגען בנוגע דעם מאַנגל פון יידישע נאַציאָנאַלע פענער אין דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף, ברענגט ה. אַנ־סקי אַ ריי מאָדנע און סתירהדיקע ראיות (נומער 9, ז"ז 15—16). לכתחילה דערקלערט ער דעם דאָזיקן מאַנגל מיט „יענעם אונטערשייד, וואָס איז פאַראַן צווישן די יידן, צעזייטע איבער דער גאַנצער רוסישער אימפּעריע, און די טעריטאָריאַלע נאַציעס". דערנאָך לייקנט ער גאָר פּלוצעם, אַז עס זענען דאָ באַזונדערע פענער אפילו ביי די טעריטאָריאַלע נאַציעס. „ס'איז נישט ריכטיק, — זאָגט ער, אונטערשטרייכנדיק די דאָזיקע ווערטער, — אַז די פּאָליאַקן, אַרמענער און פינער פירן אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף אונטער זייערע נאַציאָנאַלע פענער. דאָס איז, ראשית. און שנית, איז לגמרי פאַלש צוזאַמענצושטעלן נאַציעס מיט פּאַרטייען... סיי ביי די פּאָליאַקן, סיי ביי די אַרמענער, און אפילו ביי די פינער זענען דאָ אַזעלכע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, וואָס שטייען אויסשליסלעך אויפן שטאַנדפּונקט פון קלאַסנקאַמף און זיי האַלטן, אַז יעטוועדער נאַציאָנאַלע פאָדערונג קאָן נישט גיין געפּאָרט מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער דאָגמע". (ביי די לעטן, דערציילט דער קריטיקער, האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן „לחלוטין נישט אַרויסגערוקט קיין נאַציאָנאַלע פאָדערונגען"). הייסט עס, אַז טעריטאָריאַלע נאַציעס פירן אָדער קאָנען פירן אַ קאַמף אונטער נאַציאָנאַלע פענער, נאָר פון זיי „די פּאָליאַקן, אַרמענער און אפילו די פינער" טוען דאָס נישט. באַמערקנדיק די סתירה צווישן זיינע צוויי הנחות אָדער די בפירושע פאַלשקייט פון דער צווייטער, איילט זיך דער קריטיקער צו פאַרריכטן, אַז נישט די נאַציעס, נאָר געוויסע פּאַרטייען זייערע (איך האָב, פאַרשטייט זיך, קיין מאָל נישט צונויפגעמישט אָט די באַגריפן) וואַרפן אָפּ נאַציאָנאַלע פּראָגראַמען, ווי אַזעלכע, וואָס קאָנען נישט צוזאַמענגיין מיט קלאַסן־פּראָגראַמען.

איז דאָס טאַקע אַזוי? שוין נישט רעדנדיק דערפון, אַז אַזעלכע פּאַרטייען, ווי פּ. פּ. ס., וואָס וואַרפן אָן דעם פּוילישן נאַציאָנאַליזם אויף די יידן, זענען אַ ראיה, אַז ס'איז פּונקט פאַרקערט, — איז די לאַגע אַזאַ, אַז אפילו „ריינע" סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען (פּ. ס. ד., ל. ס. ד. — פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ליטווישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.—איב.) און אַנדערע טרעטן פאַקטיש אַרויס אונטער נאַציאָנאַלע פענער. און אויב אין זייערע פּראָגראַמען זענען נישט תמיד אונטערגעשטראָכן די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, איז דאָס בלויז דערפאַר, וואָס זיי זענען זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווי אומבאַשטרייטלעכע הנחות פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראַקטיק צווישן די אונטערדריקטע טעריטאָריאַלע נאַציעס. שוין מיט זייער נאָמען אַליין, מיט דער איינהייטלעכער שפּראַך פון זייער ליטעראַ־

טור און מיט דער קאַטעגאָרישער פֿאָדערונג פֿון אָרטיקער סיימישער אויטאָנאָמיע — שטעלן אַזעלכע פּאַרטייען אַרויס אַ נאַציאָנאַלע פּראָגראַם.

אָבער די יידן־סאָציאַליסטן? זיי גייען אַריין אין באַשטאַנד פֿון אַזעלכע אַלגעמיין־רוסישע אָדער פּוילישע פּאַרטייען, וואָס אָנערקענען אַפֿילו נישט די יידן פֿאַר אַ רעכטספֿעיקן פֿאָלק, וואָס פֿאַרדינט נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע (דערמאָנט זיך די באַציונג פֿון „איסקראַ" („דער פֿונק" — אָרגאַן פֿון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן.—איב.) אַפֿילו צו די שעמעוודיקע נאַציאָנאַליסטן פֿון „בונד".). אַנדערע, כאָטש זיי שאַפֿן יידישע פֿראַקציעס, אָבער צוליב מורא פֿאַר „פּאַרטיקולאַריזם" — פֿאַרטושן זיי די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם, דאָס הייסט, דאָס באַוואוסטזיין פֿון אחדות בנוגע יידישע פֿאָלקס־אינטערעסן. זיי דערלויבן זיך אַפֿילו צו וויצלען איבער דער „אַלייִדישער פֿאָליטיק" („כּל־ישראל־חברים־פּאָליטיק" — אַ טאָגטעגלעכער אויסדרוק אין דער בונדישער פּרעסע), ווייל זיי פֿילן אין איר אַ געפֿערלעכע קאָנקורענץ פֿאַר זייער קלאַסן־פּאָליטיק.

רעזומירנדיק דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט אין „מוסר־השׂכּל" וועגן די באַזונדערע יידישע סאָציאַליסטישע גרופּעס, קלאַסיפֿיציר איך זיי אויף אַזאַ אופֿן: 1) אַסימילאַטאָרן פֿון אַלערליי מדרגות, וועלכע פֿאַרלירן זיך אין די אַלגעמיינע פּאַרטייען מיט אַן אינטערנאַציאָנאַלער אָדער אַפֿילו מיט פֿרעמדער נאַציאָנאַלער באַפֿאַרבונג (ר. ס. ד., ס. ר., פּ. פּ. ס. א"א); 2) כּמו־נאַציאָנאַליסטן, ביי וועמען די בלאַסע פּראָגראַם פֿון יידישער קולטור־אויטאָנאָמיע ווערט פֿאַרווישט צווישן די אַלגעמיין־רוסישע אָדער קלאַסן־פֿאָדערונגען („בונד"); 3) כּמו־ציוניסטן, ביי וועמען די השׂגות וועגן דער קומענדיקער טעריטאָריאַלער נאַציע און פֿון דער — אויך קומענדיקער — סאָציאַליסטישער אָרדענונג פֿאַרשטעלן די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פֿון היינט (ציוניסטן־סאָציאַליסטן א"א). דער עיקרדיקער טעות, וואָס איז שותּפֿותדיק פֿאַר די אַלע גרופּעס, — איז די שטרעבונג צו מאַכן אַ האַסטיקן שפּרונג פֿון אַ פּאָליציייאישער מלוכה צו אַ צוקונפֿט־מלוכה (אַ סאָציאַליסטישער, און ביי דער לעצטער גרופּע — מיט אַ צומיש פֿון „ציוניסטישן" אָדער טעריטאָריאַלן משיחיזם), אויסמיידנדיק אָדער היפּש פֿאַרקירצנדיק די דויערנדיקע צווישנדיקע עוואָלוציע פֿון אַ רעכט־מלוכה. דער ספּעציעלער חטא קעגן יידנטום באַשטייט אין דער אַסימילאַטאָרישער פֿאַרלייקענונג ביי דער ערשטער גרופּע, און אין אונטערוואַרפֿן די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק אונטער דער קלאַסן־פּאָליטיק — ביי די צוויי לעצטע.

דער אָנגעוויזענער אַלגעמיינער טעות איז נישט בנמצא ביי יענעם טייל פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿט, וואָס האָט אָנגענומען די פּראָגראַם פֿון קאָנסטיטוציאָנעלן דעמאָקראַטיזם; דער ספּעציעלער טעות ווידער ווערט אויסגעמיטן דורך די, וואָס נעמען אַריין אין דער פּראָגראַם פֿון יידישער

פּולבאַרעכטיקונג אויך די פאָדערונג פון „נאַציאָנאַלע רעכט״. אָנטיילנע־מענדיק אין דער ארבעט פון שאַפן אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכה אָנשטאָט דער פּאָליציייאישער, שטעלט זיך — אָדער דאַרף זיך שטעלן — די יידישע געזעלשאַפט פאַר איר עיקרדיקן ציל צו קריגן פאַר דער גערודפטער נאַציע גלייכבאַרעכטיקונג און דערנאָך אויך פולבאַרעכטיקונג. דער סאַמע באַוואוסטזיניקער און נאַציאָנאַל דענקענדיקער טייל פון אונדזער אינטעליגענץ שליסט זיך אָן, אין דעם זינען, נישט אַזוי אין דער פּאַרטיי ק.־ד., ווי אין איר פּראָגראַם, וואָס ליגט זיך נישט אויפן שכל אָן דער פּאָרמעלער דאָגמע וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פון די נאַציאָנאַליטעטן. די דאָזיקע אינטעליגענץ קעמפט זייט ביי זייט מיט די „קאַ־דעטן״ — און זי דאַרף קעמפן, ווי אַ באַזונדערער לעגיאָן, אונטער איר אייגענער נאַציאָנאַלער פאָן - פאַר די יסודות פון אַ דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע, אָן וועלכער עס איז נישטאָ קיין גאַראַנטיע פון גלייכבאַרעכטיקונג. זי איז אָבער לחלוטין נישט זיכער, אַז שפּעטער, נאָכן דערגרייכן די פרייהייטן און די „פּאַפּירענע״ רעכט, וועלן אונדזערע רוסישע פּאַרבינדעטע פון דער ק.־ד. נישט אָננעמען לגבי די יידן פונקט אַזאַ „נייטראַלע״ פּאָזיציע, ווי עס האָבן פאַרנומען די „ליבעראַלן״ אין מערב־אייראָפּע. נאָכן האָניק־חודש פון קאָנסטיטוציע וועלן זיך אפשר אונדזערע וועגן צעגיין, ד״ה, מיר וועלן נישט אָפּשטיין פון אונדזערע קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישע אידעאַלן (צו די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטייען קאָנען, פונקט ווי אין מערב, געהערן קליינע הייפעלעך יידן), און צווישן די רוסישע ליבעראַלן קאָנען זיך באַווייזן אַנטיסעמיטישע שטרעמונגען. לכל הדעות, דאַרפן מיר אויסרעכענען אויף די אייגענע כוחות ביי דער דעראָבערונג פון אונדזער פולבאַרעכטיקונג, ווייל אַן ערנסטע הילף פון דרויסן איז גאַנץ פּראָבלעמאַטיש, — און איך דערוואַ־ט זי נישט אפילו פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס וועלן נאָך לאַנג שטיין אויפן שטאַנדפונקט פון אַסימילירן די יידן, אויב אפילו זיי וועלן אַרויסגיין פון שטח פון ירושהדיקן אַנטיסעמיטיזם*).

---

*) דאָס אָקאָרשט געזאָגטע קאָן זיין אַ ראיה, ווי גרויס ס'איז מיין „צוטרוי" צו די רוסישע קאַדעטן, וועלכן הי' אַנ־סקי וואַרפט מיר פאָר, זעענדיק אין דעם אַ סתירה צו מיין אומצוטרוי צום „פאָלקס־עמלק". מיט „פאָלקס־עמלק" האָב איך געמיינט אי די „שוואַרצע מיליאָנען", וואָס וועלן אין רוסלאַנד אַזוי גיך נאָך נישט פאַרשווינדן, אי די לעגיאָנען באַוואוסטזיניקע און אומבאַוואוסטזיניקע אַנטיסעמיטן אין אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען. — דאָ ווערט אויך קלאָר מיין באַציונג צו די בליקן פון אחד־העמען. אָפּשאַצנדיק ווי געהעריק זיין מוטיקע פּאַרטיידיקונג פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער פּאָליטיק אין דער פּרעסע און אויפן דריטן צוזאַמענפאָר פון „פאַרבאַנד פאַר פולבאַרעכטיקונג", — בין איך אָבער נישט מסכים מיט אים בלויז אין דעם טאַקטישן אויספיר, אַז צו שיצן אונדזער גלייכבאַרעכטי־

אומקערנדיק זיך צום עיקרדיקן פונקט פון אונדזער וויכוח, מוז איך באַמערקן, אַז ה' אַנ־סקי האָט נישט ריכטיק באַלויכטן די אידעע וועגן דער פּריאָריטעט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק לגבי דער קלאַסן־פּאָליטיק. ער זאָגט: „איך וואָלט נישט געפונען אין זיך די דרייסטקייט זיך צו ווענדן צו דער יידישער אַרבעטנדיקער מאַסע מיט דער פאָדערונג, זי זאָל נעמען אין די אייגענע הענט אַריין — אפילו פאַרן פּרייז פון אירע קלאַסן־אינטערעסן — די פאַרטיידיקונג פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן און פון נאַציאָנאַל־קולטורעלן אוצר פון יידישן פאָלק. און איך מיין, אַז נישט ה' דובנאָוו, נישט אחד־העם, נישט די נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען האָבן, נישט קיין רעכט זיך צו ווענדן צו דער מאַסע מיט אַזעלכע פאָדערונגען". און דערנאָך קומט אַ לאַנגער מאָנאָלאָג, מיט וועלכן דאָס יידישע אַרבעטנ־דיקע פאָלק וואָלט זיך געקאָנט ווענדן צו די חסידים פון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק (קאַפּיטל 3).

דער טעות פון קריטיקער איז דאָ באַשיימפּערלעך. די נאַציאָנאַליסטן פאָדערן (און נישט פון דער מאַסע, נאָר פון אירע פירער) נישט מקריב צו זיין די קלאַסן־אינטערעסן, נאָר אונטערצואָרדענען די קלאַסן־פּאָליטיק דעם העכסטן קריטעריי פון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, פּונקט ווי אַלע קלאַסן פון אַנדערע פעלקער וואַרפן זיך אונטער דער אַלפאָלקישער פּאָליטיק פון „ראַטעוועט דאָס פאָטערלאַנד" אין קריטישע מאָמענטן. און שטעלנדיק אַזעלכע פאָדערונגען, זענען מיר זיך סומך דווקא אויף דעם רצון פון פאָלק, וואָס איז קלאָר אויסגעדריקט אין דער געשיכטע און אין דעם היינטצייטיקן לעבן. האָבן דען די יידישע מנהיגים פון אַלע דורות נישט געטענהט צום פאָלק: וואָלסט געקאָנט זיין גליקלעך, ווען דו זאָגסט זיך אָפּ פון דיינע אידעאַלן און גלייבונגען און דו גיסט זיך צונויף מיט די איבעריקע פעלקער, נאָר דו וועסט עס נישט טאָן. דו וועסט אייביק לעבן און

---

קונג מעגן מיר זיך צייטווייליק פאַרבינדן מיט אַלע פּאַרטייען, „אומאָפּהענגיק פון זייערע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן". חוץ די מער אָדער ווינציקער גרינט־לעכע דערווידערונגען, וואָס מע האָט אין דער ריכטונג געמאַכט אחד־העמען, האַלט איך, אַז אַזאַ טאַקטיק איז אַ ניט־פאָלקישע, אין יידישן זי־נען, וואָרעם אונדזער אפילו קנאָפּ באַוואוסטזיניקע מאַסע האַלט פאַר שונאים אַלע פאָרשטייער פון די רעכטע רוסישע פּאַרטייען, אפילו די מעסיקע, נאָך דעם אַלעמען, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. אין מערב־אייראָפּע זענען די יידן אויך כמעט קיין מאָל נישט געגאַנגען מיט די קאָנ־סערוואַטאָרן (די אייגנאַרטיקע ענגלישע קאָנסערוואַטאָרן קומען נישט אַריין אין חשבון). אַ גרויסער שאָד, וואָס אחד־העמס קעגנער האָבן צעבלאָזן אָט דעם טאַקטישן צוגאָב, כדי צו פאַרשטעלן די פונדאַמענטאַלע עיקר־אידעע פון מחבר וועגן דער בכורה פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס באַשטייט אין קאַמף פאַר „אָנערקענען די גלייכווערטיקייט פון יידן, ווי אַ מענטש, און פון יידנטום, ווי אַ נאַציע".

זיך ראַנגלען לשם אונדזער נאַציאָנאַלער ירושה, לשם אונדזער קולטור, פֿאָלקס־אידעאַלן, רעליגיע, עטיק. איז ווען די מנהיגים האָבן אַזוי גערעדט, האָבן זיי זיך דען נישט געשטיצט אויף דעם בולט אויסגעדריקטן פֿאָלקס־רצון? אונדזערע „קלאַסאָוויקעס״ וואָלטן אַליין אויך נישט געהאַט די העזה איצט צו זאָגן דער יידישער אַרבעטנדיקער מאַסע: „צו וואָס זאָלסטו ליידן לשם עפּעס דאָרט אַ באַזונדערער נאַציאָנאַלער קולטור? זאָג זיך דערפֿון אָפּ, לייז זיך אויף אין דער אַרומיקער רוסישער מאַסע — און אַז וואויל וועט דיר זיין״. זיי וואָלטן דאָס נישט געזאָגט, אַפילו ווען זיי וואָלטן געווען זיכער אין אַ טיילווייזן דערפֿאָלג פֿון אַזאַ מיסיאָנערישער פּראָפּאַגאַנדע. הייסט עס, אַז אין האַרצן זענען זיי מודה, אַז די מאַסן פֿאַרמאָגן עפּעס העכערס און שטאַרקערס, ווי דער קלאַסן־אינטערעס, אַז אָט דער „עפּעס״ איז אַ העכערער קריטעריי, פֿאַר וועלכן אויך דער מאַסן־ייד איז מקריב זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן. פֿאַר וואָס זשע, רבותי, ווילט איר נישט מודה זיין אין דער אידעע, אין דער פּאָליטישער פּראָגראַם דאָס, וואָס איז דאָ פּאַקטיש אין לעבן פֿון די אומבאַוואוסטזיניקע מאַסן: די פּריאָריטעט פֿון דער יידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק? ווען מיר וואָלטן איצט געקאָנט מאַכן אַ פּלעביסציט צווישן די מיליאָנען פֿון „יידישן אַרבעטנדיקן פֿאָלק״ אין דער פֿראַגע וועגן דעם פֿאַרגלייך־ווערט פֿון נאַציאָנאַלער און קלאַסן־פּאָליטיק, בין איך נישט מסופּק, אויף וועמעס צד עס וואָלט געווען די שטימע פֿון פֿאָלק. און דעמאָלט וואָלט איר בפֿני כל עם ועדה געמוזט מודה זיין, אַז אייער קלאַסן־פּאָליטיק, ווי וויכטיק זי זאָל נישט זיין פֿאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן, ווערט אין זייער באַוואוסטזיין פֿאַרבלאַסט אין פֿאַרגלייך מיטן אידעאַל פֿון יענער נ נאַלער פּאָליטיק, וועלכע אונדזער פֿאָלק האָט געפֿירט אין פֿאַרשיידענע געשטאַלטן במשך פֿון יאָרטויזנטער און וועט זי ווייטער פֿירן, אויב נאָר אייער פּראָפּאַגאַנדע וועט נישט צווינגען אַ היפּשן טייל פֿון פֿאָלק אָפּצוטרעטן פֿון אָט דעם דרך פֿון אויטאָנאָמער אַנטוויקלונג.

ביז היינט האָט דאָס רוסישע יידנטום, ווי אַ כלל, זיך נישט אָפּגענייגט פֿון וועג פֿון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, איך קאָן אָבער נישט ערב זיין, אַז אַ באַדייטנדיקער טייל זיינער וועט עס נישט טאָן אויף להבא. אונטער דער השפּעה פֿון טראַגישן פּראָצעס פֿון אַסימילירן די נאַציאָנאַל־שוואַכע עלעמענטן פֿון גלות, אונטער דער השפּעה פֿון דער פּראָפּאַגאַנדע פֿון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, וואָס שטעלט די קלאַסן־אינטערעסן העכער פֿאַר די נאַציאָנאַלע, — קאָן זיך אַ געוויסער טייל פֿון פֿאָלק אָפּרייסן פֿון נאַציאָנאַלן באָדן און מיטרייסן אויך שכנותדיקע שיכטן פֿון די מאַסן. קעגן אָט דער פֿאַרשטייענדיקער סכנה קעמפֿן טאַקע די נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן דערוויייל אויף זייער זייט די איבערוועגנדיקע מערהייט פֿון פֿאָלק. די יידישע נאַציאָנאַליסטן (ווי מיטגלידער פֿון אַ גערופֿדטער נאַציע, טראָגן זיי

מיט שטאָלץ אָט דעם נאָמען, דעם סימבאָל פון העלדישן געראַנגל פאַר אונדזערע העכסטע אידעאַלן) האָבן געזען דעם צעפאַל פון אַ סך אונדזערע אויטאָנאָמע יסודות אין מערב, און זיי וועלן אָנשטרענגען אַלע כוחות, אַז ביי אונדז זאָל זיך דאָס נישט איבערחזרן. זיי ווייסן, אַז די תפוצות האַלטן זיך נאָר אַדאַנק דער אָנשטרענגונג פון נאַציאָנאַלן ווילן, וועלן זיי דעריבער שטרעבן דעם דאָזיקן ווילן כסדר צו פאַרשטאַרקן, צו נערן אים מיט די געזונטע זאַפטן פון אונדזער מעכטיקער פילדורותדיקער קולטור, וואָס זאַפּט אַריין אין זיך אַלע עלעמענטן פון דער אַלמענטשלעכער קולטור, און לאָזן דעם ווילן קומען צום אויסדרוק אין אַ סואווערענער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס צו אירע באַפעלן דאַרפן זיין אונטערגעאָרדנט אַלע אונדזערע אינטערעסן: פון קלאַסן, פּאַרטייען און גרופּעס*).

און איך חזר איבער: די דאָזיקע סואווערעניטעט פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק איז אַ דירעקטער אויסדרוק פון דער סואווערעניטעט פון פאָלק, פון זיין נאַציאָנאַלן רצון, אַזוי ווי ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אין גאַנצן גאַנג פון אונדזער געשיכטע. די סואווערעניטעט פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק איז אַ סוראָגאַט פון טעריטאָריאַלער אייניקייט פאַר דער דיאַספּאָרע, וועלכער עס דראָט די דויערנדיקע סכנה פון „אינעווייניקסטער דעראָבערונג". אַנדערע פעלקער, אויך אונטערגעדריקטע, וואָס זענען אָבער פאַראייניקט דורך אַ טעריטאָריע און בשותפותדיקער שפּראַך, נייטיקן זיך נישט אַזוי אין אָט דעם סוראָגאַט, אָדער זיי דאַרפן אים בלויז אין מאָמענטן פון געפערלעכע קריזיסן. פאַר די הערשנדיקע פעלקער איז די „נאַציאָנאַלע פּאָליטיק" אַ שענדלעך ווערקצייג צו אונטערדריקן אָפּהענגיקע נאַציעס; פאַרן יידנטום האָט דער דאָזיקער לאָזונג לגמרי אַן אַנדערן טייטש, אַן אַנדערן תמצית: דאָס איז דער סימבאָל פון אחדות ביים צעזייטן פאָלק, אַ סימבאָל פון גייסטיקן און קולטור־אָפּוועהר; דאָס איז דער ערלעכער וועג פון קאַמף פאַר דער אייגענער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליטעט, וואָס איז מיט קיין שום אַנדער זאַך נישט אַרומגעצוימט, ווי נאָר מיט גייסטיקע פאַקטאָרן און מיט דעם אינערלעך־אויטאָנאָמען שטייגערלעבן.

אַפּריל 1906.

---

*) נאַטירלעך, אַז עס דאַרף דערביי באַוואָרנט ווערן יענע ספערע פון אינדיווידועלער פרייהייט, וואָס לאָזט זיך בכלל צוזויפּפּאָרן מיט געזעלשאַפטלעכער דיסציפּלין.

# פערצנטער בריוו

## וועגן די אויפגאַבן פון דער פאָלקספּאַרטיי

דאָס יידישע פאָלק לעבט איצט איבער איינעם פון די גרעסטע קריזיסן אין זיין געשיכטע. די אייגנאַרטיקייט פון דעם נייעם קריזיס באַשטייט אין דעם, וואָס אין זיין יסוד האָבן זיך פאַרבונדן עלעמענטן פון אַ באַפרייאונגס־באַוועגונג, וואָס זאָגט אָן דעם אונטערגעדריקטן פאָלק גלייכבאַרעכטיקונג, מיט עלעמענטן פון דער באַרבאַרישסטער יוראָפאָבישער רעאַקציע, אַ העלפט יידנטום פון דעם גאַנצן ערדקיילעך, קאָנצענטרירט אין רוסלאַנד, לעבט אין אַן אומגעוויינלעכן מצב, צווישן אינקוויזיציע און עמאַנציפּאַציע, צווישן באַרטאָלאָמעאוס־נאַכט און פריהייטס־באַגינען. אין אַזאַ מצב איז נישט געווען, ערב זיין באַפרייונג, קיין איין טייל פון יידנטום אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד, עסטרייך און אין אַנדערע לענדער, וואו דורך דער רעוואָלוציע האָט מען דעראָבערט — ביינאַנד מיט דעם קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים — די גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די בירגער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. אין מערב איז, — צווישן דעם מיטלאַלטערלעכן מאַרטירערטום און דער מאָדערנער עמאַנציפּאַציע (די צווישנצייט פון 16טן—18טן י"ה) — געווען אַ צייט־שטח פון רעכטלאָזיקייט, אָבער נישט פון פּאָגראָמען און קרייצצוגן. אין רוסלאַנד אָבער איז שוין באַלד אַ פערטל יאָרהונדערט, ווי די גאַסן־פּאָגראָמען באַגלייטן די יודאָפאָבישע רעאַקציע און די געזעצגעבערישע פּאָגראָמען פון אויבן, — און אויפן סאַמע שוועל פון קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים האָט זיך דער גאַנצער „תחום־המושב" באַוויזן אַ חרובער, אַ פאַרגאָסענער מיט בלוט, אויפשווידערנדיק די גאַנצע וועלט מיט זיינע גרויליקע געשרייען — אין מיטן פון די צעווילדעוועטע שוואַרצע באַנדעס פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע...

די יסורים פון רעכטלאָזיקייט און די פּאָגראָם־גרוילן וועלן, נאַטירלעך, נישט אָפּשטעלן די אַקטיווע כוחות פון יידנטום אָנטיילצונעמען אין דער אַלרוסישער באַפרייאונגס־באַוועגונג, פאַרקערט — זיי וועלן נאָר פאַרשטאַרקן דעם ברען פון די קעמפער, וואָס פאַרבינדן מיטן דערפאָלג פון דער דאָזיקער באַוועגונג זייערע האָפענונגען צו ראַטעווען דאָס געפייניקטע פאָלק.

אין וואָסערע פאָרמען אָבער דאַרף זיך אויסדריקן אָט דער אָנטייל אין דעם באַפרייאונגס־קאַמף? וואָס פאַר א ציִלן דאַרף זיך דאָס רוסישע יידנטום שטעלן אין קאַמף פאַר א בעסערער צוקונפט, ווי אַזוי דאַרף מען פאַרשטיין אָט די צוקונפט און וואָסערע כוחות דאַרפן זיך פאַראייניקן, כדי זי צו דערגרייכן? — אויף די דאָזיקע שאלות ווערן געגעבן פאַר־שיידענע תשובות דורך פאַרשיידענע פאַרטייען. „די יידישע פאָלקספאַרטיי״ גייט אויף אַלע די פראַגעס אירע ענטפערס, וואָס דרינגען אַרויס, לויט איר מיינונג, פון פולן סינטעזירן דאָס גאַנצע פאַרגאַנגענע לעבן פון יידנטום מיט די רעאַלע פאָדערונגען פון דער היינטיקער צייט.

די „פאָלקספאַרטיי״ גייט אַרויס אין איר טעטיקייטס־פּראָגראַם פון צוויי גרונט־הנחות: 1) פון באַוואוסטזיין, אַז ס'איז דאָ אַ רעאַלע בשותפותדי־קייט און סאָלידאַרישקייט פון די פאָלקס־אינטערעסן ביי אַלע טיילן פון יידנטום אין דער פאָליטישער, בירגערלעכער און נאַציאָנאַל־קולטורעלער ספערע; 2) פון דער איבערצייגונג, אַז אין קאַמף פאַר זייער נאַציאָנאַלן קיום דאַרפן די יידן אַרויסטרעטן ווי גלידער פון אַן איינהייטלעכער יידי־שער נאַציע, וואָס אין גלות גייט זי אַריין אין באַשטאַנד פון פאַרשיידענע מלוכות און בירגער־פאַרבאַנדן, אָבער נישט אין באַשטאַנד פון אַנדערע נאַציעס.

אויזאַי א. ו. די בשותפותדיקייט פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן ביים יידישן פאָלק געווענדט, פונקט ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער, אין פּאָזי־טיווע פאַקטאָרן, — היסטאָרישע, קולטורעלע און סאָציאַלע — און נישט אין דעם נעגאַטיוון מאָמענט: אין דער נויטווענדיקייט פון קאַמף קעגן פיינטלעכע כוחות, אין דער געשטאַלט פון אַנטיסעמיטיזם און יודאָ־פאָביע. אָבער די, וואָס ווילן נישט אָדער קאָנען נישט אַריינדרינגען אין די אורקוואַלן פון דער נאַציאָנאַלער אחדות, — זיי איז גענוג אָנצואווייזן אויף דעם עלעמענטאַרן פּראַקטישן אמת, אַז דאָרט וואו ס'איז דאָ אַ סכנה פאַרן גאַנצן פאָלק, ווי אַ פּועל־יוצא פון אַ דרוק פון דרויסן, דאָרטן מוז זיין אַ סאָלידאַרישקייט פון גאַנצן פאָלק, כדי די סכנה אָפּצושטויסן. די עלעמענטן פון דער געזעלשאַפט און רעגירונג, וואָס זענען פיינטלעך צו יידן, שיקן זייערע קלעפּ נישט אויף באַזונדערע טיילן פון אונדזער פאָלק, נאָר קעגן פאָלק, ווי אַ גאַנצקייט. אַ געירשנטע צי אַ דערוואָרבענע, אַ סטיכישע צי אַ באַוואוסטזיניקע און אויסגערעכנטע, — די שנאת־ישראל פאַר־דעקט זיך אין פאַרשיידענע תקופות מיט פאַרשיידענע מאַסקעס: רעליגיעזע, ראַסישע, נאַציאָנאַלע, עקאָנאָמישע אָדער פאָליטישע, — עס ווענדט זיך פון דער געזעלשאַפטלעכער שטימונג, וואָס געוועלטיקט אין געגעבענעם מאָמענט. די סיסטעמאַטישע יודאָפאָבישע העצע אין היינטיקן רוסלאַנד, וואָס נעמט אָן די געשטאַלט פון אַ פאַרטיליקונגס־מלחמה קעגן די יידן, וואָלט געדאַרפט גורם זיין אַ פולשטענדיקע פאַראייניקונג פון אַלע יידישע

פּאַרטייען און ריכטונגען צו אַן אַלפּאַלקישן אַפּוועך. אויב דער פירער פון די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט דערקלערט, אַז ווען דייטשלאַנד וועט שטיין אין אַ סכנה צוליבן אַריינדרינגען פון אַ דרויסנדיקן שונא, וועט זיין פּאַרטיי קעמפן פאַרן פאָטערלאַנד זייט ביי זייט מיט די פּאַטריאָטן פון דער בורזשואַזיע, — טאָ וואָס זשע האָבן געדאַרפט טאָן בעבעלס יידישע אידעען־חברים אין רוסלאַנד אין אַ מאָמענט, ווען איבער זייער שוצלאָזן פאָלק איז געהאנגען אַ גרעסערע סכנה, ווי איבער דייטשלאַנד צוליב דער אינוואַזיע פון דער פראַנצויזישער אַרמיי? האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיט דער גאַנצער מאַסע קעמפער פאַר דער פאָלקסזאַך, האָבן זיי אויף אַ צייט מוותר געווען אויף זייערע פּאַרטיי־לאָזונגען וועגן קלאַסן־אונטערשטיידן, כדי אַרויסצוטרעטן אין דער באַפרייונגס־באַוועגונג בלויז לשם ראַטעווען די אייגענע נאַציע, וואָס האָט זיך דערזען — לויטן תלמודישן אויסדרוק — „ווי אַ שעפּס צווישן זיבעציק וועלף”? ניין, ס'איז נישט געווען און ס'איז נישטאָ אַזאַ פאַראייניקונג פון אַקטיווע כוחות אַפילו אין מאָמענט פון שווידערלעכן קריזיס; ס'איז אַפילו נישטאָ קיין ציטווייליקע קאָאַליציע, וואָס איז מעגלעך אַפילו צווישן פּאָליטישע קעגנער. אונדזערע כוחות מאַרשירן מיט פאַרשיידענע וועגן, און פאַרשיידענע פּאַרטייען האַלטן נישט פאַר נייטיק זיך צונויפצוטרעפן, ווי פאַרבינדעטע, אויף פעדעראַטיווע יסודות, צום בשותפותדיקן קאַמף פאַר דערגרייכן דעם נאָענטסטן פּאָליטישן מינימום, צונויפצוטרעפן זיך, זאָל זיין, ביז די בפירושע געפאַר פאַרן גאַנצן פאָלק וועט פאַריבערגיין.

איז אפשר וועט נישט זיין קיין נויטווענדיקייט אָנצושטרענגען אויסערגעוויינלעך די כוחות צו פאַרטיידיקן די אַלפּאָלקישע אינטערעסן, ווי נאָך דער שאַרפער קריזיס וועט פאַרביי, און ס'וועט זיך איינשטעלן אַ נאָרמאַלע לאַגע? די דאָזיקע פראַגע וואָלט געקאָנט פאַרענטפערט ווערן פּאָזיטיוו בנוגע יעדן אַנדערן פאָלק, אָבער נישט בנוגע די יידן. די מעשה איז די, וואָס אויך אין דער „נאָרמאַלער לאַגע” פון די יידן אין גלות איז דאָ אַ שלל מיט אַזעלכע אומנאָרמאַלקייטן, מיט וועלכע אַ פּראַקטישער פּאָליטיקער און נאַציאָנאַלער עסקן קאָן זיך נישט רעכענען. זענען דען די „נאָרמאַל לעבנדיקע” יידן פון מערב פּטור געוואָרן פון דעם פיינטלעכן דראַנג מצד דעם אַנטיסעמיטיזם, פון סאָציאַלער דערנידערונג, פון קאַמף מיט די איבערבלייבענישן פון דער אַלטער יודאָפאָבישער קולטור? האָבן זיי דען שוין אויסגעקעמפט פולע גלייכקייט, נישט בלויז בירגערלעכע, נאָר אויך נאַציאָנאַלע און — לאָמיר אין קלאַמערן שטעלן די פראַגע — האָבן זיי געקעמפט?

און וואָס וואַרט אויף אונדז אין רוסלאַנד, אַז מיר וועלן שוין קריגן אויפן פּאַפּיר די גלייכבאַרעכטיקונג, אַדאַנק יענעם קאָנסטיטוציאָנעל־פּאַרלאַמענטאַרישן רעזשים, פאַר וועלכן מיר קעמפן איצט צוזאַמען מיט דעם

רוסישן פאָלק, וואָס באַפרייט זיך? אויב די פאַפירענע עמאַנציפּאַציע האָט נאָך אַזוי גיך נישט געגעבן די יידן אין מערב קיין פאַקטישע עמאַנציפּאַציע, — טאָ וויפל צייט וועט גדויערן, ביז וואַנען מע וועט זי דעראָבערן און פאַרפעסטיקן אין רוסלאַנד, וואו עס וועלן נאָך לאַנג נישט אויפהערן די דראָענדיקע באַוועגונגען פון שוואַרצמאַהדיקן אכראָן קעגן די נייע דעראָבערונגען פון פּאָליטישער פרייהייט און אייראָפּעישער ציוויליזאַציע?

ווייטער: אויב מיר וועלן אפילו פּטור ווערן פון דער דרויסנדיקער געפאַר, אין די ברוטאַלע פאָרמען פון רעגירונגס־דרוק און המונישע פּאָגראָמען, — וועלן מיר אָבער נאָך נישט פּטור ווערן פון יענער סכנה פון אינעווייניקסטער, נאַציאָנאַלער ירידה, וואָס דראָט אויך די מערבדיקע ברידער אונדזערע. דערגרייכנדיק פאַר זיך אַ פריי בירגערלעך לעבן, זענען מיר נישט פאַרסטראַכירט פון נאַציאָנאַלן טויט, אָדער, לכל הפּחות, פון פּאַמעלעכדיקן אָפּשטאַרבן, אויב מיר וועלן נישט נעמען זאָרגן וועגן יענע גאַראַנטיעס פאַר דער אינעווייניקסטער סאָציאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, וועלכע זענען דער מינימום פאָדערונגען פון יעדער נאַציאָנאַלער מינדערהייט, וואָס וויל זיך נישט אויפלייזן אין זיער אַרומיקער מערהייט.

איין מאָל פאַר אַלע מאָל מוזן מיר פאַר זיך אַליין לייזן די פּראָבלעם: צי קעמפן מיר, יידן, פאַר אַ בעסערער צוקונפט, ווי אַ קאָנגלאָמעראַט פון באַזונדערע יחידים, וואָס דער אָפיציעלער חותם און די בשותפותדיקע רעכטלאָזיקייט האָט זיי צוזאַמענגעקוועטשט, אָדער ווי אַן אינערלעך־אייניהייטלעכע, באַוואוסטזיניקע נאַציע, וואָס האָט באַשטימטע היסטאָרישע און קולטורעלע אויפגאַבן? צי האָבן מיר אין זינען בלויז די טובה פון איטלעכן באַזונדערן בירגער־ייד, וואָס וועט קאָנען, נאָכן דערגרייכן די גלייכבאַרעכטיקונג, זיך באַהעפטן, לויט דער נאַציאָנאַליטעט, צו די רוסן, פּאָליאַקן, דייטשן — אָדער ווילן מיר אויפהייבן דעם סאָציאַלן מצב פון די יידן און דערמיט אויך אויפהייבן און אויפלעבן — אויף וויפל דאָס איז מעגלעך אין די באַדינגונגען פון גלות — די יידישע נאַציע, ווי אַ קולטור־היסטאָרישן אָרגאַניזם?

אין ערשטן פאַל איז נישט נייטיק, מיר זאָלן אין דער פּאָליטישער קאַמפּאַניע גיין צוזאַמען, אין אַ געשלאָסענער מחנה; מיר קאָנען דאָך, מיט אַ סך מער נוצן פאַר דער קאַריערע פון יעדן באַזונדערן ייד, זיך תיכף צעשיטן צווישן די פרעמדע נאַציאָנאַלע גרופּעס אָדער צווישן די אַלגעמיינע אינטערנאַציאָנאַלע פּאַרטייען, אָנשטאָט מיר זאָלן עס טאָן ערשט נאָכן פאַרענדיקן דעם פּאָליטישן קאַמף. אָפּזאָגנדיק זיך פון דער אייגענער אונטערגעדריקטער נאַציאָנאַליטעט, הערט שוין אויף יעדער מיטגליד אירער באַזונדער צו פילן דעם דאָזיקן דרוק, איבערלאָזנדיק פאַר די איבעריקע

די ברירה זיך צו האַלטן אין דעם זעלבן כּלל: „ראַטעווע זיך, ווער עס קאָן". אויב אָבער מיר זענען נאָך צו אַזאַ שפלות נישט דערגאַנגען, אויב מיר זענען נאָך נישט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דורכן ווינט צעווייטן „פאָלקשטויב", אויב מיר האַלטן זיך פאַר אַן איינהייטלעכן פאָלק, און נישט פאַר קיין שפּליטער פון אַ נאַציע, וואָס איז געוואָרן אַ סעקטע „גלויבנס־ברידער", — מוזן מיר זיין טעטיק אויף אַלע געביטן פון פּאָליטישן, סאָציאַלן און גייסטיקן לעבן, ווי אַ זעלבסטבאַוואוסטזיניק פאָלק. מיר דאַרפן אומעטום קעמפן פאַר יענע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, פאַר וועלכע עס ראַנגלען זיך מסירת־פשדיק אַלע נאַציאָנאַלע מיעוטים אין אַ פאַרשיידנשטאַמיקער מלוכה, — נאַטירלעך, מיט יענע ענדערונגען, וואָס דרינגען אַרויס פון די אייגנאַרטיקייטן אין אונדזער היסטאָרישער סיטואַציע.

אונדזערע מערבדיקע ברידער האָבן געמאַכט אַ פאַטאַלן טעות, ווען זיי האָבן אין די צייטן פון זייער עמאַנציפּאַציע נישט געהאַלטן זיך ביי דער פּאָליטיק פון אַלע אונטערגעדריקטע נאַציאָנאַליטעטן. זיי פלעגן אין יעדן לאַנד אַרויסטרעטן נישט ווי אַ טייל פון אַ געאָגראַפיש צעשפּליטערטער, אָבער היסטאָריש אייגנהייטלעכער נאַציע, — נאָר ווי באַזונדערע גרופּעס פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וואָס זענען געווען בלויז צוליב זייער רעליגיע. זיי האָבן זיך דערקלערט (מיטן אויסנאַם פון געצײלטע גרופּעס) פאַר דייטשן, איטאַליענער, טשעכן אָדער פּאָליאַקן פון משהס גלויבן, דאָס הייסט, זיי האָבן זיך פאַרן אַריינטריט אין נייעם בירגערלעכן לעבן אָנגעטאָן — אויפריכטיק אָדער פאַרשטעלט — אַ פרעמדע נאַציאָנאַלע מאַסקע. די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג האָבן זיי זיך געקויפט, געבנדיק אַן אויפגאַב אויף אַסימילאַציע. זיי פלעגן זאָגן די אָרטיקע פעלקער: „נאַציאָנאַל גיסן מיר זיך צונויף, בלייבנדיק ביים רעליגיעזן חילוק, ווי, למשל, די דייטשן־קאַטאָליקן און דייטשן־פּראָטעסטאַנטן". נאָכן קריגן די עמאַנציפּאַציע פלעגן זיי זיך געוויסנהאַפטיק צעצאָלן מיט די קרעדיטאָרן, זיי פלעגן זיך סטאַרען צו „באַרעכטיקן דעם צוטרוי" — און פלעגן זיך אַסימילירן אויף דער גאַנצער ליניע.

אַ סך סיבות ליגן אין יסוד פון אָט דעם טרויעריקן היסטאָרישן פּעלערעם האָבן דאָ געווירקט אי די פּאַרטיקולערע פון נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין (אַ פּועל יוצא פון דעם, וואָס דער נאַציאָנאַלער עלעמענט איז במשך פון דורות איינגעשלונגען געוואָרן דורכן רעליגיעזן), אי דאָס צופּאַסן זיך צו די גראָב־אוטיליטאַרע טענדענצן ביי די הערשנדיקע פעלקער, אי די קנעכטישע נאָכגיביקייט פון רעכטלאָזע און דערשלאָגענע מענטשן, אי, לסוף, די גייסטיקע און קולטור־אָפּטריניקייט פון אַ באַטייטיקן טייל יידישער אינטעליגענץ, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון די אַרומיקע פעלקער. ווי עס זאָל נישט זיין, אָבער אין רעזולטאַט האָט זיך באַקומען אַזאַ העסלעכע דערשיינונג, אַז עמאַנציפּאַציע האָט געקריגן נישט

דער מערב־אייראָפּעישער טייל פון יידישן פאָלק, נאָר פאַרשיידענע גרופּעס „יחידים פון משהם גלויבן”, וואָס זענען געוואָרן, אָדער האָבן צוגעזאָגט צו ווערן טיילן פון דייטשן, פראַנצויזישן, פּוילישן פאָלק אָדער פון אַנדערע פעלקער, ”לויטן אָרט פון צושרייבן”. קלאָר, אַז דאָס איז געווען אַ האַלבע עמאַנציפּאַציע, אַן עמאַנציפּאַציע אַ בירגערלעכע אָן דער נאַציאָנאַלער, אַן עמאַנציפּאַציע פון יידן אָן יידנטום. אויך אין מערב הייבט מען לעצטנס אָן צו פילן די קאָנסעקווענצן פון אָט דעם פאַטאַלן פעלער, נאָך דעם ווי דער אַנטיסעמיטיזם האָט אויפגעדעקט די פּראַקטישע אוממשותדיקייט פון דער אַסימילאַציע, און דער נייער שטראָם פון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס האָט אונטערגעשווענקט איר פּסיכישן פונדאַמענט.

אויך איצט איז די העכסטע אויפגאַבע פאַר די בעסטע מעטשן אין מערב — צו פאַרריכטן דעם פעלער: דערשלאָגן זיך צו פולבאַרעכטיקונג פון דעם יידן, ווי אַ בירגער און גלייכציייטיק ווי אַ גליד פון יענער אייביקער נאַציאָנאַליטעט, וואָס די קורצזיכטיקע פּאָליטיקער האָבן זי פאַרבאַהאַלטן אין דער עפּאָכע פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג.

דער פעלער פון דעם מערבדיקן יידנטום טאָר נישט ווערן איבערגעחזרט דורך די רוסישע יידן. לזכות פון די לעצטע דאַרף מען זאָגן, אַז אין מאָמענט פון ערב־עמאַנציפּאַציע, וואָס מיר לעבן איצט איבער, טרעטן זיי אַרויס — אין רוב פון זיינע אַקטיווע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס — נישט בלויז ווי באַעוולטע רוסישע „אונטערטאַנען”, נאָר אויך ווי גלידער פון דער יידישער נאַציע. דער אויסערפּאַרטייאישער „פאַרבאַנד פאַר פולבאַרעכטיקונג פון די יידן” האָט אויף זיין פאָן אויפגעשריבן די דרייאיקע פאָרמולע: „דערגרייכן בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט”; די ציוניסטן שטרייכן אונטער אין זייער „קעגנוואַרט־פּראָגראַם” דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, פרייהייט פון יידישער שפּראַך און שול; אפילו די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און פראַקציעס פאָדערן — אין אַ פאַרשיידענער מאָס — נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע פאַר די יידן הגם מיט זייער אויסשליסלעכער קלאַסןפּאָליטיק מאַכן זיי צו נישט דעם ציל פון אָט די פאָדערונגען*). דאָס איז דער ערשטער פאַל אין דער געשיכטע, אַז דער רוב אַקטיווע כוחות פון יידנטום זאָל אַרויסטרעטן אין קאַמף פאַר גלייכבאַ־

*) אַ דערפרייענדיקן יוצא מן הכלל פון די סאָציאַליסטישע גרופּעס האָבן מיר אין דער „יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (יי. ס. פּ.), וואָס אירע מיטגלידער זענען אויך באַקאַנט אונטערן נאָמען „סיימאָווצעס" און „וואָזראָזשדענצעס" (וואָזראָזשדעניע — ווידערגעבורט.—איב.). אין זייער פּראָגראַם פאַרנעמט די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע דער צענטראַלן פּונקט, און זייערע פאָדערונגען אין דער ריכטונג גייען אַרויס ווייט איבער די ראַמען אפילו פון רעאַלער פּאָליטיק.

רעכטיקונג אונטער דער אייגענער נאַציאָנאַלער פאָן, דער ערשטער ביישפּיל פון אַליין גלייך מאַכן די יידישע נאַציע מיט די איבעריקע, וואָס קעמפן פאַר זייער קולטור־אויטאָנאָמיע

אָט די דערשיינונג האָט אירע טיפע וואָרצלען אין די אייגנאַרטיקע באַדינגונגען פון יידישן לעבן אין רוסלאַנד. אַ ריזיקע קאָמפּאַקטע מאַסע, וואָס האָט נאָך אויפגעהיט רעשטלעך פון דער גייסטיקער העגעמאָניע פון אַמאָליקן פּויליש־יידישן צענטער, האָט נישט געקאָנט אַזוי גרינג זיך אונטערגעבן דער צעלייגערישער ווירקונג פון דער אַסימילאַציע, ווי דאָס האָבן געטאָן די צעשפּליטערטע גרופּעס פון מערב־יידנטום. דער אַסימי־לאַציע־פּראָצעס, וואָס האָט זיך ביי די רוסישע יידן אָנגעהויבן אין דער דריטן פערטל פון 19טן י״ה, האָט טאַקע אָנגערירט ברייטע קרייזן פון דער געזעלשאַפט, ער האָט אָבער פאַרלוירן זיין אימפּעט, ווען נאָך די 80־ער יאָרן איז געקומען אַ צייט־אָפּשניט פון יודאָפאָבישער רעאַקציע און פּאָגראָמען. דאָס לעצטע פערטל פון „פרייהייט־יאָרהונדערט״ האָט פאַר אונדז אַנטפּלעקט דעם גאַנצן תהום פון יידישע צרות, דעם גאַנצן גיהנום פון גלות. מע האָט אונדז מכבד געווען מיט אַ געדיכטן עקסטראַקט — צונויפגעשטעלט לויט אַן עכט־רוסישן רעצעפּט — פון שענדלעכסטער רעכטלאָזיקייט, קרייציגונג, מיליטערלעכן מאַרטירערטום, אינקוויזיציע־פּייניקונגען. מע האָט אונדזער לעבן אין רוסלאַנד פאַרוואַנדלט אין אַזאַ גיהנום, אַז ביים פאַרפּייניקטן פאָלק האָט זיך באַוויזן אַ ברענענדיקע נויט־ווענדיקייט פון אַ נייעם יציאת־מצרים, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער עמיגראַציע פון איבער אַ מיליאָן יידן אין משך פון 25 יאָר. איבער־לעבנדיק אַלע גרוילן פון מיטלאַרטעלעכער נאַכט אין מיטן העלן טאָג פון דער נייסטער געשיכטע, זענען מיר געווען ביכולת צו מאַכן אַ ברייטערן היסטאָרישן סינטעז, אייז־ער אונדזערע מערבדיקע ברידער אין דער ביז־אַנטיסעמיטישער תקופה; דערצו האָבן מיר נאָך אויסגענוצט זייער ביטערע דערפאַרונג: מיר האָבן געזען, אַז עס קאָן מעגלעך זיין אַ האַלב־פרייהייט און אַ האַלב־עמאַנציפּאַציע, אַז באַגלייך מיט אַ רעזשים פון פאָרמעלער בירגערלעכער גלייכבערעכטיקונג קאָן מעגלעך זיין דאָס ברוטאַלע פאַרליי־קענען די נאַציאָנאַלע גלייכווערטיקייט פון יידן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז נישט אַלע האָפענונגען וועלן מקוים ווערן און אַז נישט אַלע יסורים וועלן אַזוי גיך אויפהערן. און מיר האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער רו־סישער באַפרייונגס־באַוועגונג מיטן צאָרן פון דערנידעריקטע, מיט דער ליידנשאַפט פון קדושים, אָבער גלייכצייטיק אויך מיט דער אַנטשלאָסנקייט צו קעמפן ביזן סוף פאַר דער אייגענער נאַציאָנאַלער פרייהייט. אמת, אין ברען פון קאַמף קעגן דעם מאָנסטער־רעזשים — דעם מקור פון אונדזע־רע פיין און טרערן — פלעגן זיך מענטשן פון אונדזערע עקסטרעמע פאַר־טייען צו אָפט שטעלן אונטער אַלגעמיינע פענער, נישט אַרויסשטעלנדיק

קיין אייגענע, זיי פלעגן אויסרופן אַלגעמיינע לאָזונגען, אין וועלכע מע האָט נישט געהערט דאָס ווייגעשריי פון געפּייניקטן פאָלק; פּסיכיש אָבער איז דאָס געווען דער יידישער פּראָטעסט, וואָס האָט די קעמפער געשטויסן אין שלאַכט. הינטער די פּלייצעס פון די רעוואָלוציאָנערע טוער און פון דער מער נאַציאָנאַל געשטימטער אָפּאָזיציע איז געשטאַנען די צערודערטע יידישע מאַסע און האָט געפילט, אַז דווקא איר שטראָפנדיקע האַנט קע־רעוועט עס די דאָזיקע קלעפּ אין דער ברוסט פון פיינטלעכן רעזשים און אַז מיט אָט די קלעפּ וועט זי צעברעכן אירע שקלאַפן־קייטן. און די דאָזיקע מאַסע האָט רעכט צו פאָדערן, אַז עס זאָל זיך לאָזן הערן העכער דער יידישער לאָזונג אין דעם קעמפער־לעגיאָן, וואָס איז אַרויסגעשטעלט גע־וואָרן דורך דעם סאַמע אונטערגעדריקטן און באַליידיקטן פון צווישן די פעלקער פון רוסלאַנד, אַז אין אָט דעם לאָזונג זאָלן קלינגען יידישע אימפּעראַטיוון.

די דאָזיקע אימפּעראַטיוון דאַרפן און וועלן פּראָקלאַמירט ווערן, אויב נישט דורך אַלע, איז דורכן רוב פון אונדזערע אָרגאַניזירטע אַקטיווע כוחות. עס פאָדערן דאָס די בלוטיקסטע אינטערעסן און די הייליקסטע געפילן פון אונדזערע פאָלק, — און די „פאָלקספּאַרטיי" שטעלט אַרויס אַזעלכע פאָדערונגען אין פאָדערגרונט פון איר פּראָגראַם.

סיי די אַלגעמיין־פּאָליטישע סיי די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דער „פאָלקספּאַרטיי" ענטפערט אויף די נויטן פון די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן. אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג איז נישט בלויז צוגעפּאַסט פאַר דעם פאַרהעלטענישמעסיק הויכן פּאָליטישן באַוואוסטזיין פון די קולטורעלע יידישע מאַסן, נאָר זי איז אויך אַ פאָרבאַדינג פאַר זייער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג. אַלע מער אָדער ווייניקער באַוואוסטזיניקע יידן אין רוסלאַנד, מיט זעלטענע אויסנאַמען, באַנעמען דעם עלעמענטאַרן אמת, אַז בלויז דער ניצחון פון אַ דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע וועט זיי געבן פרייהייט און גלייכע רעכט, און אַז די פּאַרטייען, וואָס שטייען רעכטס פון אָט דער ריכטונג, וועלן קיין מאָל נישט שלום מאַכן מיט אַ פולער עמאַנציפּאַציע פון יידן. אַזוי אַרום אַז סיי די אָפּאָזיציאָנעלע בליקן סיי די לעבנסוויכטיקע פאָלקס־אינטערעסן צווינגען די יידן צוצושטיין צו יענער ריכטונג פון ראַדיקאַלן ליבעראַליזם, וואָס האָט זיך אין רוסלאַנד אויסגע־דריקט אין דער טעטיקייט פון דער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אָדער „פּאַרטיי פון פאָלקס־פרייהייט"*).

*) איך זאָג: צו דער ריכטונג (אין אַלע אירע שאַטירונגען), און נישט צו דער פּאַרטיי גופא, וואוהין אַ מיטגליד פון דער „פאָלקספּאַרטיי" האָט די ברירה יאָ אָדער נישט אַריינצוטרעטן, אָפּהענגיק פון זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען. ער מעג אפילו זיין אַ מיטגליד פון אַן אַנדערער, מער לינ־

אָט פאַרוואָס די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער „פאָלקספּאַרטיי״ האָבן אין דעם אַלגעמיינעם טייל פון זייער פּראָגראַם אַלע עיקרדיקע פּונקטן פון דער ק.־ד.־פּאַרטיי־פּראָגראַם, מיט ענדערונגען, וואָס דרינגען אַרויס פון די נאַ־ציאָנאַלע, שטייגערישע און עקאָנאָמישע אייגנאַרטיקייטן פון יידישן לעבן (למשל, דאָס צוגעבן אַ פינפטן גליד צו דער פירגלידערדיקער וואַל־פאָר־מולע — וועגן פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרטרעטערשאַפט; קירצונגען און הוספות אין די פּאַראַגראַפן וועגן אַגראַרישער און אַרבעטערישער געזעצ־געבונג*).

די גרינדער פון דער „פאָלקספּאַרטיי״ מיינען, אַז דווקא אַרום דער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פּלאַטפאָרם וועט זיך קאָנצענטרירן דער פּאָליטישער קאַמף אין רוסלאַנד במשך פון דער נאָענטסטער עפּאָכע, און אַז די אויפן פּאַפּיר דעראָבערטע פרייהייטן וועט מען נאָך דאַרפן לאַנג דעראָבערן פאַקטיש. די „פאָלקספּאַרטיי״, וואָס שטעלט די אינטערעסן פון כלל העכער פאַר די אינטערעסן פון באַזונדערע טיילן פון פאָלק, קאָן זיך נישט שטעלן אויפן שטאַנדפּונקט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַ־ניזאַציעס, וואָס זייער טעטיקייט נעמט אַרום בלויז אַ קליין ווינקעלע אין לעבן פון יענעם פאָלק, וואָס באַשטייט אויף 90% אָדער פון קליינביר־גערלעכע עלעמענטן (קליינהענדלער, באַלמלאָכעס, פּראָפעסיאָנעלע אינ־טעליגענץ) אָדער פון פאַרפאַלענע קבצנים. האָבנדיק אין זינען די נויטן פון יידישן פאָלק, ווי אַ כלל, האַלטן מיר דעם סיסטעמאַטישן קאַמף פאַר זיין פולבאַרעכטיקונג אויפן באָדן פון קאָנסטיטוציאָנעלער פרייהייט פאַר דער איינציק רעאַלער פּאָליטיק אין אונדזער צייט, פאַרן איינציקן מיטל אויפצושטעלן יענעם פונדאַמענט, אויף וועלכן עס קאָנען שפּעטער זיין טעטיק די פאַרשיידנסטע אָרגאַניזאַציע, סאָציאַליסטישע בתוכם.

אין דעם נאַציאָנאַלן טייל פון איר פּראָגראַם, גייט די „פאָלקספּאַרטיי״ אַרויס פון יענע הנחות אין איר אַלגעמיין־פּאָליטישער פּלאַטפאָרם, וואָס שטעלן פעסט די יסודות פון פרייהייט פון קולטור־זעלבסטבאַשטימונג, פון אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג און געגנטלעכער אויטאָנאָמיע מיט גאַראַנ־טירן די רעכט פון דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט. אויפן סמך פון אָט די אַלגעמיינע פּרינציפּן אין דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם ווערן געמאַכט דע־טאַלע אויספירן און עס ווערן אָנגעוויזן די מיטלען זיי אָנצואווענדן אין

קער פּאַרטיי, אבי ער זאָל נאָר אָנערקענען די קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַ־טישע פּראָגראַם, ווי אַ רעאַלע פּראָגראַם־מינימום פאַרן נאָענטן מאָמענט.

*) די אַלגעמיינע און נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דער „פאָלקספּאַרטיי״ איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אָנהייב פון יאָר 1907 אין די צייטונגען און אין באַזונדערע בראָשורן (אויף רוסיש, העברעיש און יידיש), מיט אַ צוגאָב — דעם איצטיקן אַריינפיר־אַרטיקל.

די באַדינגונגען פון יידישן לעבן. דאָ זענען קלאָר פעסטגעשטעלט: די מיטלען צו גאַראַנטירן די רעכט פון אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט, ווי עס זענען די יידן אין אַלע געגנטן פון דער רוסישער אימפּעריע; די אויס־שליסלעכע קאָמפּעטענץ פון דער אַלגעמיין־אימפּערישער געזעצגעבונגן בנוגע דעם פאַרזיכערן די רעכט פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין די אויטאָנאָמיע געגנטן; פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטערשאַפט פאַר די נאַציאָנאַלע גרופּעס אין דעם אימפּערישן פּאַרלאַמענט און אין די אָרגאַנען פון דער אָרטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג; און, לסוף, אַז דאָס רעכט אויסצו־אַרבעטן די פאָרמען פון אויטאָנאָמיע פאַר יעדער נאַציאָנאַלער גרופּע האָט די נאַציאָנאַלע גרינדונג־פאַרזאַמלונג, צונויפגערופן דורך דער געגעבענער גרופּע.

פּראָיעקטירנדיק די פאָרמען פון אונדזער אינעווייניקסטער אויטאָ־נאָמיע, נאָך איידער מע האָט צונויפגערופן אונדזער יידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, איז זיך די „פאָלקספּאַרטיי" סומך אויף דעם פּרינציפּ פון קהילה־זעלבסטפאַרוואַלטונג, וואָס איז געהייליקט דורך דורות דערפאַרונג. די פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר יעדער נאַציאָנאַלער מינדערהייט, וואָס פאַרנעמט נישט קיין דורכויסיקע טעריטאָריע, איז אָנערקענט אויך דורך דער מאָדערנער וויסנשאַפט (די ווערק פון שפּרינגערן א"א). אין אַלע תקופות פון גלות האָבן די יידן פון פאַרשיידענע לענדער פאַרמאָגט אַ סוראָגאַט פון טעריטאָריעלער אויטאָנאָמיע, אין דער געשטאַלט פון אַ מער אָדער ווינציקער ברייטער קהילה־אָרגאַניזאַציע. אין די ערטער, וואו די רוסישע יידן וואוינען איצט — אין די אַמאָליקע געביטן פון פּוילן — איז די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע געווען ברייט פאַרצווייגט און האָט ארומגענומען דאָס גאַנצע אינעווייניקסטע לעבן פון די די יידישע מאַסן (קהילות, קהילות־פאַרבאַנדן, „ועדים" אָדער געגנטלעכע און לאַנד־צוזאַמענפאָרן). אָבער די אַלטע קהילה־אָרגאַניזאַציע איז אַרויס־געגאַנגען פון פאַקט, אַז די יידישע באַפעלקערונג האָט נישט קיין בירגער־לעכע רעכט און איז אָפּגעזונדערט, ווי אַ קאַסטע; חוץ דעם, איז דער גרונט־איינס פון זעלבסטפאַרוואַלטונג געווען די רעליגיעזע קהילה, די סי־נאַגאָגע געמיינשאַפט; און, לסוף, דער גאַנצער סדר פון זעלבסטפאַרוואַל־טונג פלעגט ווערן צעפּרעסן דורך דער מכה פון אָליגאַרכיע.

די נייע זעלבסטפאַרוואַלטונג־סיסטעם זאָגט זיך אָפּ פון אָט די אַלע פּרינציפּן: פון ערשטן — אין הסכם מיט דער פאָדערונג וועגן פולשטענ־דיקן איינשליסן די יידן אין דעם בירגערלעכן און פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, — אָן דעם קאָן נישט געמאָלט זיין קיין גלייכבאַרעכטיקונג; פון צווייטן — אין הסכם מיט דער איצט הערשנדיקער סעקולאַריזאַציע פון דער נאַציאָנאַלער אידעע, ד"ה, אַז מע טיילט זי אָפּ פון דער רעליגיעזער; פון דער אָליגאַרכיע ווידער דאַרפן אונדז אָפּהיטן די דעמאָקראַטישע פּרינ־

ציפּן, וואָס זענען פאַרלייגט אין פונדאַמענט פון דער נייער קהילה־אויטאָנאָמיע. דער איינס פון יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג קאָן אין אונדזער צייט זיין בלויז די פרייע נאַציאָנאַלע קהילה, וואָס פאַרמאָגט אירע געוויילטע אָרגאַנען אויף אָנצופירן מיט די אָרטיקע קולטורעלע, קאָאָפּעראַטיווע און צדקה־אָרגאַניזאַציעס. די קהילות פאַראייניקן זיך און שאַפן אַן אַלרוסישן „פאַרבאַנד פון יידישע קהילות", וואָס טיילט אויס די צענטראַלע אָרגאַנען פון זעלבסטפאַרוואַלטונג אין דער ספערע פון די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אינטערעסן פון יידנטום. פרייהייט פון שפּראַך און אויטאָנאָמיע פון שול זענען פאַר די יידן, פּונקט ווי פאַר אַנדערע נאַציעס, די ווערטיקסטע פון אַלע געשיצטע „נאַציאָנאַלע רעכט", אָן וועלכע ס'איז נישט מעגלעך קיין פולע גלייכקייט פון בירגער לגבי דעם געזעץ*).

בכלל איז אין די אַלע פאָדערונגען אויפן געביט פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע נישטאָ קיין שום זאַך, וואָס זאָל נישט קאָנען זיך אַריינפּאַסן סיי אין דער אַלגעמיין־מלוכהשער געזעצגעבונג, ביי אַ רעזשים פון אַ דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע, סיי אין די געגנטלעכע אויטאָנאָמיעס פון די אָפּהענגיקע טעריטאָריאַלע נאַציעס, וועמעס באַפרייערישע שטרעבונגען געפינען אַ הייסן מיטגעפיל ביי די יידן. די „פאָלקספּאַרטיי" פּרעטענדירט נישט אויף קיין טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע פאַר אַ פאָלק, וואָס איז אין ערגעץ נישט קיין מערהייט פון דער באַפעלקערונג; די „פאָלקספּאַרטיי" וועט אָבער מיט אַלע כוחות זיך איינשטעלן פאַר אַ יידישער קהילהשער און נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, וואָס דרינגט אַרויס פון פּרינציפּ וועגן פרייער קולטור־זעלבסטבאַשטימונג.

זיך רעכענענדיק מיט די שווערע באַדינגונגען פון דער רוסישער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער עוואָלוציע, זענען מיר גאַנץ ווייט פון אַן אָפּטימיסטישער זיכערקייט אין דער גיכער פאַרווירקלעכונג אפילו פון דער דאָזיקער פּראָגראַם, וואָס קאָן זיך אויסווייזן צו באַשיידן פאַר פּאַרטייען מיט ווייטגייענדיקע „צוקונפט־פּראָגראַמען". עס וועט אויסקומען צו קעמפן פאַר איטלעכן פּונקט פון פּראָגראַם, פריער אין דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג, און שפּעטער אין פּראַקטישן לעבן. אויב אָבער מיר האַלטן זיך פאַר אַ פאָלק, פאַר אַ קולטור־אָרגאַניזם — טאָ מוזן מיר תיכף אַרויסשטעלן אַלע פאָדערונגען פון אונדזער פּראָגראַם, דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון אונדזערע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט (פאַרשטייט זיך, אין רעאַלע פאָרמען, וואָס לאָזן זיך פּראַקטיש רעאַליזירן), און נישט פּחדנותדיק פּאָדערן צוריקצושטעלן אונדזער מענטשלעכע ווערדע „צו ביסלעך", מיט אַ פאָרזיכטיקער „בהדרגהדיקייט". זאָלן אי די פריינד אי די שונאים אונ־

*) זע אויבן, בריוו 12, קאַפּיטל 4: „די אינערלעכע און אויסערלעכע אָרגאַניזאַציע".

דזערע וויסן, וואָס עס פאָדערט און לשם וואָס עס קעמפט דאָס יידישע פאָלק. יענע אָפּאָרטוניסטן, וואָס זאָגן: „לאָמיר זיך פריער דערשלאָגן צו בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע, און דערנאָך ערשט וועלן מיר אַרויסשטעלן די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע רעכט", — זיי זאָגן, אין תוך גענומען, אַזוי: לאָמיר זיך דערשלאָגן צו פּערזענלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, פאַרבאַהאַלטנדיק אונדזער נאַציאָנאַליטעט, און שפּעטער ערשט, וועלן מיר אויסזאָגן דער וועלט, אַז מיר זענען אויך אַ נאַציע". די דאָזיקע „קלוגע" פריינד פון יידנטום קלעקט שוין נישט קיין שכל צו כאַפּן זיך, אַז זיי לייגן אַרויף אויף זייער פאָלק אַ חותם פון נאַציאָנאַלער אומגלייכקייט. וויפל ביטול צו זיין אייגענער נאַציע דאַרף שוין פאַרמאָגן אַ ייד, וואָס האַלט, אַז אַלע נאַציעס האָבן רעכט אויף קולטור־זעלבסטבאַשטימונג, און גלייכצייטיק שטעלט ער אין ספק אָדער פאַרשמעלערט דאָס דאָזיקע רעכט בנוגע זיין אייגענעם פאָלק, וועמעס „קולטור־זעלבסטפאַרשטימונג" האָט זיך אָנגעהויבן מיט דריי טויזנט יאָר צוריק!

מיר פאַרבלענדן זיך נישט מיט דער האָפענונג, אַז אונדזער טעטיקייט, אפילו ביים דערפאָלגרייכסטן אויסגאַנג, וועט שוין ענדגילטיק באַזייטיקן די דורותדיקע „יידן־נויט" פון גלות, וואָס באַשטייט אין דעם כסדרדיקן דרוק אויף אונדז מצד פרעמדע פעלקער און פרעמדע קולטורן. מיר ווייזן נאָר אָן דעם איינציקן רעאַלן וועג — אַ באַרעכטיקטן דורכן צוויטויזנטיאָריקן ־ היסטאָרישן נסיון — צו מאַקסימאַלן אָפּשוואַכן אָט דעם דרוק, צום אויפהאַלטן און ווי ווייט מעגלעך פריי אַנטוויקלען אַ נאַציאָנאַלע דיאַספּאָרע. נישט זעענדיק — אין אונדזער היסטאָרישן בליקפעלד — קיין מעגלעכקייט, עס זאָל מקוים ווערן די "צוקונפט־מלוכה" פון די ציוניסטן, זענען מיר טיף איבערצייגט, אַז אונדזער אַליינטעטיקייט דאַרף ווערן קאָנצענטרירט אויף צו ברענגען אין אָרדענונג אונדזער נאַציאָנאַלן קיום אין אָט דער אַלוועלטלעכער דיאַספּאָרע, וואָס וועט קאָנען אַ ביסל קלענער ווערן אָבער נישט אויפהערן, אפילו נאָך די — גאַנץ פּראָבלעמאַטישע — דערפאָלגן פון ציוניזם און טעריטאָריאַליזם.

און אין דעם גבול פון דער וועלט־דיאַספּאָרע איז דאָ אַ ברייט פעלד צום קאַמף פאַר די מאַטעריעלע און גייסטיקע אינטערעסן פון יידנטום. אין יענע לענדער, וואו דער דרויסנדיקער דרוק — עקאָנאָמיש צי קולטורעל — גייט אַריבער אַ באַשטימטע גרענעץ, דאָרטן קומט צו הילף דער גרויסער פאַקטאָר אין אונדזער געשיכטע: עמיגראַציע, אויף פאַרשיידענע מדרגות, אָנהייבנדיק פון אַ נאָרמאַלער איבערוואַנדערונג פון די באַוווּסטע גרופּעס (לויטן מוסטער פון דער מאַסן־עמיגראַציע פון די אירלענדער און איטאַליענער) און ענדיקנדיק מיטן טיילווייזן אָדער פולשטענדיקן איבעררוקן דעם נאַציאָנאַלן צענטער פון דעם אונטערדריקונגס־לאַנד אין לאַנד פון פרייהייט. די קאָלאָסאַלע יידישע עמיגראַציע פון רוסלאַנד קיין

צפון־אַמעריקע און אַנדערע לענדער דאַרף, נאָכן דערגרייכן עמאַנציפּאַציע אין דער אַלטער היים, זיך פּאַרקלענערן און אָנווערן דעם כאַראַקטער פון אַ פּאַנישן אַנטלויפן; אָבער זי וועט נאָך לאַנג, אפילו אין די בעסטע באַדינגונגען, זיין איינער פון די גרעסטע פּאַקטאָרן אין אונדזער לעבן. די נייע יידישע צענטערן, וואָס שאַפן זיך איצט אין צפון־אַמעריקע און אין ארץ־ישראל, וועלן זיך נאָך לאַנג נערן מיט דער עמיגראַציע פון רוסלאַנד און זיי וועלן פריער אָדער שפּעטער מוזן שפּילן — הגם אויף פאַרשיידענע אופנים — אַ גרויסע ראָליע אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. אָט צוליב וואָס איינע פון אונדזערע וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע אויפ־גאַבן, וועלכע זענען נישט באַגרענעצט מיט די ראַמען פון וועלכן־ס׳איז לאַנד, איז דאָס רעגולירן די עמיגראַציע־באַוועגונג, זאָרגן, אַז זי זאָל נישט צעדרויבלט ווערן, נאָר גיין אין באַשטימטע צענטערן, לויט אַ באַשטימטן פּלאַן, בפרט דאַרף זיין גרויס די זאָרג וועגן די צוויי נייע צענטערן פון צוקונפטיקן יידנטום, פון וועלכע איינער וועט האָבן דעם באַטייט דער עיקר פון אַ גייסטיקן, און דער צווייטער — פון אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישן מיטלפּונקט פון יידישע כוחות. דער דאָזיקער ענין קאָן ווערן אונדזער עיקרדיקע נאַציאָנאַלע אויפגאַבע אין יענעם פאַל, ווען די ברייטע איבער־געשטאַלטונג פון רוסלאַנד זאָל אין דער נאָענטסטער צייט זיין אומ־מעגלעך צוליבן צייטווייליקן נצחון פון דער שוואַרצער פּאָליטישער רע־אַקציע, וואָס דראָט מיט חרוב מאַכן די שפּראָצונגען פון דער באַפרייונגס־באַוועגונג . . .

אָבער וואו עס זאָלן זיך נישט קאָנצענטרירן אונדזער טעטיקייט אין דעם אָדער יענעם מאָמענט — דער ציל אירערער איז איינער: אויסקעמפן אַ בכבודיקע עקזיסטענץ פאַרן יידנטום, ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטן גליד אין דער משפחה פון קולטור־פעלקער. און דאָ קומט די טעטיקייט פון אַ יידישן צענטער פון איין לאַנד אין באַרירונג מיט אַ גלייכאַרטיקער נאַציאָנאַלער אַרבעט אין אַלע אַנדערע גלות־צענטערן, וועלכע שטעלן צונויף איין נאַציאָנאַלע גאַנצקייט.

פון דעם סאַמע מהות פון דער פּראָגראַם פון דער „פאָלקספּאַרטיי" דרינגען אַרויס אירע באַציונגען צו אַלע איבעריקע פּאַרטייען און אָרגאַ־ניזאַציעס פון יידנטום. אונדזער צווייפאַכער קריטעריי פאַרן איצטיקן מאָ־מענט איז: 1) די פּאָזיציע פון דער כלל־נאַציאָנאַלער פּאָליטיק און דער רעאַלער כאַראַקטער פון דער דאָזיקער פּאָליטיק. און דאָס איז פאַר אונדז דער מעסטער פון פּאָליטישער רייפקייט פון דער אָדער יענער פּאַרטיי. יענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס אין זייער טעטיקייט דאָמינירט דער פּרינציפּ פון קאַמף פאַר די רעאַלע אינטערעסן פון פאָלק, ווי אַ כלל, זיי קאָנען אויסשטעלן אויף דעם מיטגעפיל און הילף פון דער „פאָלקספּאַרטיי" אין

יענעם טייל פון זייער טעטיקייט, וואָס פאַלט זיך צונויף מיט אונדזער פּראָגראַם.

מיר גייען זיך לגמרי פונאַנדער מיט די ציוניסטן אין דער אָפּשאַצונג פון אונדזער גאַנצער קולטור־אַרבעט אין גלות: זיי האַלטן זי בלויז פאַר אַ צוגרייטונג־שטאַפּל צו אַ „יציאה" אין דעם „לאַנד פון עתיד", און מיר זענען איבערצייגט אין דעם זעלבשטענדיקן באַטייט פון אָט דער גרויסער אָרגאַנישער אַרבעט לטובת דעם פאָלק, וואָס וועט אין זיין רוב מנין ורוב בנין בלייבן אין די צענטערן פון דער היינטיקער באַזעצונג, און דאָ דאַרף עס לעבן אַ, ווי ווייט מעגלעך, פול בירגערלעך און נאַציאָנאַל לעבן. פון דעסטוועגן זענען מיר גרייט צו גיין צוזאַמען מיט די ציוניסטן אין זייער „קעגנוואַרטס־אַרבעט", אין זייער „רעאַלער אַרבעט", וואָס זאָל זיין לטובת דעם אויפהייבן אומעטום דעם סאָציאַלן מצב פון יידנטום.

מיט דעם אויסערפּאַרטייאישן „פאַרבאַנד פאַר פולבארעכטיקונג פון יידנטום" קאָנען מיר פריינדלעך צוזאַמענאַרבעטן אַזוי לאַנג, ווי ער וועט זיך נישט אָפּנייגן פון דער ווילנער פּלאַטפאָרם — אַ דעמאָקראַטישע און נאַציאָנאַלע. מיט די פאָרשטייער פון די יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס וואָלטן מיר געקאָנט צוזאַמענגיין ביז אַ געוויסער סטאַדיע, אויב זיי וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער אַנטינאַציאָנאַלער טענדענץ צו פאַרשאַרפן קינסטלעך דעם אַנטאַגאָניזם צווישן דער קלאַסן־פּאָליטיק און דער כלל־פאָלקישער און צו פאַרלייקענען די פּריאָריטעט פון דער לעצטער אפילו אין אַזעלכע ספערעס, וואָס ליגן מחוץ דעם גבול פון דעם לגמרי געזעצלעכן קלאַסנקאַמף.

וואָס שייך די אַסימילאַציע־טענדענצן, אָפענע צי פאַרבאַהאַלטענע, בולטע צי פאַרדעקטע מיט אַ גרינגן שלייער פון „פאָלקישקייט", — קעגן זיי וועלן מיר קעמפן כסדר, ווי קעגן איבערבלייבענישן פון אַ צעפוילטן יידנטום, וועלכע האַמעווען דעם פּראָצעס פון אונדזער אינערלעכער אויפלעבונג. אויב אין דער דאָזיקער פוילנדיקער סביבה זענען נאָך דאָ געוויסע געזונטע עלעמענטן, וועלן זיי זיך אויסטיילן און קומען אין די רייען פון די אויפלעבנדיקע און אויפגעלעבטע. אַ ייד, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין און זעלבסטווערדע, דאַרף מעלדן בקול־רם זיינע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, טיף איבערצייגט, אַז דער נאַציאָנאַליזם פון דעם סאַמע אונטערגעדריקן פאָלק אויף דער וועלט איז נישט אין סתירה מיט די העכסטע פאָדערונגען פון פּאָליטישער פרייהייט און דעמאָקראַטישער גלייכהייט. דער יידישער נאַציאָנאַליזם, ווי די ריינסטע פאָרעם פון פאָלקס־אינדיווידואַליזם, קאָן קיין מאָל נישט דעגענערירן אין אַן אַגרעסיוון נאַציאָנאַלן עגאָיזם אָדער שאָוויניזם. נאַציאָנאַליזם פון באַפרייונג קאָן נישט דעגענערירן אין נאַציאָנאַליזם פון אונטערדריקונג ביי אַ פאָלק, וואָס איז אין ערגעץ נישט קיין רוב און אין ערגעץ נישט באַוואָפנט נישט

מיט דער שווערד פון אַ פּאָליצייאישער מלוכה, נישט מיט די אייזערנע צוואַנגען פון אַ „הערשנדיקער" נאַציע.

אין אַ מאָמענט, ווען פּאַרטייען דראָען מיט פאַרשיידענע „צוקונפט־פּראָגראַמען" צו פאַרשטעלן די נאַציע מיט אירע רעאַלע אינטערעסן פון היינט, דאַרפן די פּאַרטייידיקער פון די דאָזיקע כלל־פּאָלקישע רעאַלע אינ־טערעסן זיך פעסטער פאַראייניקן לשם דער סואווערעניטעט פון דעם פּאָלקס־רצון; זיי דאַרפן שאַפן אַ דעצידירנדיקע איבערוואָג לטובת אַ ניכ־טערער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק קעגן אַלערליי שמאָל־פּאַרטייאישע שטר... מונגען אָדער אילוזיעס. די „פּאָלקספּאַרטיי" איז פּאָטענציעל דער קערן פון דער אָרגאַניזירטער נאַציע, וואָרעם עס קאָנען אין איר אַריינטרעטן אַלע לעבנספעיקע עלעמענטן פון יידנטום, וואָס שטעלן העכער פון אַלץ די אויפהאַלטונג און די פרייע אַנטוויקלונג פון זייער פּאָלק אין אַלע לענדער. אויב עס וועט זיך בקרוב דערהערן דאָס קול פון יידישן פּאָלק אויף זיין נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וואָס איז באַרופן צו באַשטימען דעם סדר פון זיין אינעווייניקסטן לעבן, — טאָ וועט אַ „פּאָלקספּאַרטיי" פון אַנגעוויזענעם טיפּ דאַרפן זיין די פולסטע אויסדריקערין פון דעם פּאָלקס פאָדערונגען. די „פּאָלקספּאַרטיי" אָדער פּאַרטיי — פּאָלק שטרעבט צו אָרגאַ־ניזירן די כוחות פון יידנטום נישט בלויז צום קאַמף כלפּי־חוץ פאַר דעם קולטור־ווידערגעבורט פון דער נאַציע. די דאָזיקע אַרבעט איז נישט באַ־גרענעצט מיטן גבול פון אָרט און צייט: זי קומט אין נאָענטער באַרירונג מיט דער באַוועגונג פאַר נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויך אין די מערבדיקע תפוצות. אונדזער אַרבעט איז אויסגערעכנט נישט בלויז אויף דער איצטיקער „מלחמה־צייט", נאָר אויך אויף דעם קומענדיקן פּעריאָד פון שעפערישער נאַציאָנאַלער אַליינטעטיקייט.

מיטן גלויבן אין דער גרויסקייט פון איר אויפגאַבע, מיטן באַוואוסט־זיין וועגן דער הייליקייט פון איר חוב לגבי דער אויסגעפייניקטער נאַציע, וואָס לעבצט נאָך ווידערגעבורט, — טרעט אַריין אין לעבן „די יידישע פּאָלקספּאַרטיי".

דעצעמבער 1906*).

*) געגעבן דאָ, מיט געוויסע הוספות און רעדאַקציאָנעלע אויסבעסע־רונגען, לויט דעם פריער פּובליקירטן טעקסט, ווי אַן אַריינפיר צו דער פּראָגראַם פון דער „פּאָלקספּאַרטיי".

# פופצנטער בריוו

## די באַפרייונגס-באַוועגונג און די עמיגראַציע-באַוועגונג

### (אַן ענטפער דעם ד"ר ח. ד. גורעוויטש) *)

איר האָט מיר געטאָן אַ טובה דערמיט, וואָס אין אייער „אָפענעם בריוו" האָט איר מיר דיהעקט און שאַרף געשטעלט די פראַגע: וואָס פאַר אַ שייכות האָט די פּראָגראַם פון דער „פאָלקספאַרטיי", וואָס איז צוגע־פּאַסט צו דער באַפרייונגס־באַוועגונג אין רוסלאַנד, מיט מיין דערקלערונג (אין דעם אַריינפיר־אַרטיקל צו אָט דער פּראָגראַם) מכוח דער גרויסער באַדייטונג פון עמיגראַציע אין לעבן פון אונדזער פאָלק?

איך האָב אַליין אויך געפילט, אַז עס וועט מיר אויסקומען צו ענט־פערן אויף אַזאַ וויכטיקער שאלה, און אייער בריוו האָט בלויז געשטויסן דערצו, אַז איך זאָל די תשובה געבן תיכף.

קודם־כל מוז איך אָבער אָפּטיילן די פאָרמעלע זייט פון דער פראַגע פון דער פּרינציפּיעלער. אויף דער ערשטער וועט איר באַלד קריגן אַן ענטפער, וואָס וועט אייך מסתמא באַפרידיקן. פאַרוואָס איז די עמיגראַ־ציע־פּראָבלעם אין דער פּראָגראַם פון דער „פאָלקספאַרטיי" דערמאָנט בלויז אין עטלעכע ווערטער („רעגולירן די עמיגראַציע"), און אין מיין אַריינ־פיר־אַרטיקל איז זי אַרויסגערוקט, ווי איינע פון די טרייב־כוחות פון אונ־דזער פּאָליטיק? — די תשובה איז אַ פּשוטע: אויך אַנדערע וויכטיקע פּראָבלעמען זענען אין דער פּראָגראַם באַרירט נאָר אויבנאויפיק (למשל,

---

*) נאָך דעם פאַרעפנטלעכן מיין אַריינפיר־אַרטיקל צו דער פּראָגראַם פון דער „פאָלקס־פאַרטיי" (פריערדיקער בריוו), האָט זיך אין דער צייטונג „פריינד" באַוויזן „אַן אָפענער בריוו צו ש. דובנאָוון", געחתמעט דורכן באַקאַנטן פּובליציסט ח. ד. גורעוויטש. מיין ענטפער אויף דעם דאָזיקן בריוו, געשריבן אין יידיש און פאַרעפנטלעכט אין דער אייגענער צייטונג (נומערן פון 21 — 22 פעברואַר 1907), ווערט דאָ געגעבן אין מיין איבערזעצונג (אויף רוסיש. — באַמ. פון איב.), מיט עטלעכע רעדאַקציאָנעלע שינויים.

די יידישע עקאָנאָמישע פּראָבלעם, פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע אד״גל), און דאָס הייסט לחלוטין נישט, אַז זיי וועלן טאַקע אַזוי בלייבן נישט־געלייזטע. ווען עס וועט זיך צונויפקומען דער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון די ״פאָלקספּאַרטיי״, וואו מע וועט דיסקוטירן רעפעראַטן וועגן יעדן פונקט פון פּראָגראַם, — דעמאָלט וועט מען אַרומרעדן גענוי אויך די עמיגראַציע־פּראָבלעם, און מע וועט אָננעמען אַ באַשטימטע רעזאָלוציע. דערצו מוז איך נאָך מוסיף זיין: פאַר דער פּראָגראַם פון דער ״פאָלקספּאַרטיי״ טראָגט די אחריות דער ״אָרגאַניזיר־קאָמיטעט״, וואָס האָט זי אויסגעאַרבעט; פאַר דעם תמצית ווידער פון דעם אַריינפיר־אַרטיקל טראָגט די אחריות דער, וואָס האָט עס אונטערגעשריבן.

איצט וועל איך איבערגיין צום תוך פון ענין.

איר, הער גורעוויטש, זעט איין אַ טיפע סתירה צווישן די אידעען, וואָס ליגן אין יסוד פון דער פּראָגראַם, פון איין זייט, און אין מיין אַריינפיר־אַרטיקל — פון דער צווייטער. איר קאָנט נישט משיג זיין, ווי אַזוי קאָן מען דאָס פאַרבינדן אויף איין רעאַליטעט־שטח אונדזער אָנטייל אין דער רוסישער באַפרייונגס־באַוועגונג, אונדזער קאַמף פאַר בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט דאָ אויפן אָרט — מיט ענערגישער אַרבעט צו אָרגאַניזירן די יידישע עמיגראַציע־באַוועגונג, און נאָך דערצו מיט דער כוונה צו שאַפן נייע צענטערן אין אַמעריקע און פּאַלעסטינע. איר שטעלט זיך פאַר די זאַך אַזוי: אויב די יידן גייען מסירת־נפשדיק אין דער מחנה פון די רוסישע קעמפער, באַגייסטערטע מיט דעם פּלאַמיקן גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן, — טאָ וועט זיי דען איינפאַלן צו אָרגאַניזירן אַ ברייטע, פּלאַנמעסיקע עמיגראַציע אין אַנדערע לענדער, וואוהין עס פלעגט זיי פריער טרייבן די ביטערע נויט און דער יאוש פון רעכטלאָזע? ווי אַזוי קאָנען גיין צוזאַמען ליכטיקע האָפענונג און פינצטערע פאַרצווייפלונג? סימנים פון אַזאַ יאוש אָדער ״גלות־פּסיכאָלאָגיע״ געפינט איר אין מיינע אויפקלערונגען צו דער פּראָגראַם, בפרט אין די ווערטער, אַז ״אונדזער טעטיקייט, אפילו ביי דעם סאַמע גליקלעכן אויסגאַנג, וועט נישט באַזייטיקן ענדגילטיק... דעם כסדרדיקן דרוק אויף אונדז מצד די פרעמדע פעלקער און פרעמדע קולטורן״, זי וועט נאָר ברענגען צו דער ״מילדערונג פון אָט דעם דרוק״.

פון אייערע ווערטער דרינגט אַרויס, אַז די באַפרייונגס־באַוועגונג און די עמיגראַציע, ווי אַ פּלאַנמעסיקע און אָרגאַניזירטע באַוועגונג, זענען צוויי זאַכן, וואָס שליסן זיך איינע די אַנדערע אויס. איך ווידער מיין, אַז דאָס זענען צוויי זייטן פון דער איינגענער אַלגעמיין־יידישער באַוועגונג, וואָס איז אין די איצטיקע באַדינגונגען געצילט צו באַפרייען דאָס יידישע פאָלק בכל תפוצות ישראל. איך וועל זיך פּרוּוון דערווייזן, אַז איין באַוועגונג קאָן זיך גאָר אָן דער צווייטער נישט באַגיין, נעמענדיק אין

באטראכט דעם מצב פון אונדזער פאָלק היינט צו טאָג, און אפשר טאַקע אויך אין דער ווייטער צוקונפט.

איר וועט, פארשטייט זיך, נישט לייקענען, אז צווישןביידע סיבות פון עמיגראציע בכלל — עקאָנאָמישע און פּאָליטישע — וועט די ערשטע אויף לאנג נאָך איינהאלטן איר קראפט אין לעבן פון די רוסישע יידן. זענען מיר דאָך נישט קיין מער פריווילעגירט פאָלק, ווי די דייטשן אָדער איטאליענער, וואָס עמיגרירן יאָר־יערלעך אין די צענדליקער טויזנטער פון זייערע אייגענע לענדער קיין אמעריקע, פארלאָזנדיק זייער היימלאנד אויף שטענדיק אָדער אויף א צייט צוליב דחקות אָדער ארבעטסלאָזיקייט. עס וועלן נאָך פארגיין א סך יאָרן, איידער מיר וועלן פארהיילן די שווערע וואונדן פון די לעצטע יאָרצענדליקער און ביז מיר וועלן ברענגען אין אָר־דענונג אונדזער עקאָנאָמישן מצב אין רוסלאנד.

איר וועט מסתמא אויך מסכים זיין, אז אפילו ביים בעסטן אויסגאנג פון דער רוסישער באפרייונגס־באוועגונג וועט א היפשער טייל יידן נאָך האָבן פּאָליטישע בארעכטיקונגען צו פארלאָזן זייער היימלאנד, נישט אין קיין קלענערער מאָס, ווי די אירלענדער אָדער פּאָליאַקן, ביי וועמען די עקאָנאָמישע עמיגראציע איז אויך אָפט מאָל פארבונדן מיט דער פּאָלי־טישער, מיט א דראנג צו מער נאציאָנאלע פרייהייט. אויב אזוי, אויב אַז עמיגראציע, הגם אין א קלענערן פארנעם, וועט ווייטער זיין, — איז טאָר מען דאָך נישט לייקענען די נויטווענדיקייט זי צו רעגולירן, ווי א וויכ־טיקע געזעלשאפטלעכע באוועגונג. מיט אָט דעם מינימום וועט איר, הייסט עס, אויך מסכים זיין. איצט וועל איך פארשטעלן דאָס, וואָס אייך דאכט זיך עס אויס, ווי דער מאקסימום פון עמיגראציע־באוועגונג, און מיר — ווי דער אומפארמיידלעכער פּועל־יוצא פון דערווירקלעכקייט און פון רעאלע מעגלעכקייטן.

שוין העכער א פערטל יאָרהונדערט, ווי די יידישע עמיגראציע פון רוסלאנד גייט אָן בערך אין אזא סדר: אין די אכציקער יאָרן, נאָך די ערשטע פּאָגראָמען און ארויסשיקונגען פון די דערפער, פלעגן איטלעכס יאָר עמיגרירן ביז 25 טויזנט מאָן (איך נעם דורכשניטלעכע ציפערן); אין די ניינציקער יאָרן, נאָך דעם גירוש־מאָסקווע, נאָך א ריי גזירות און נאָכן איינפירן דעם מלוכהשן בראנפן־מאָנאָפּאָל — איז די יידישע עמיגראציע געשטיגן ביז 40 — 50 טויזנט א יאָר; אין די לעצטע יאָרן, זינט דער קישעניעווער שחיטה, דער יאפּאָנישער מלחמה און דער נייער פּאָגראָמען־מגפה, — האָט די עמיגראציע אָנגענומען אַן אומגעהויערן פארנעם: יאָר־יערלעך וואנדערן אויס ביז 200 טויזנט יידן. אזא פאניש אנטלויפן וועט — לאָמיר האָפן — אויפהערן, ווען עס וועט בעסער ווערן די פּאָליטישע לאגע אין רוסלאנד בכלל, ווען מיר וועלן זיך דערשלאָגן צו גלייכבארעכ־טיקונג. אָבער וויפל די עמיגראציע זאָל נישט קלענער ווערן, וועט זי נאָך

אַלץ זיין ביי אונדז שטאַרקער, ווי ביי אַנדערע פעלקער. עקאָנאָמיש וועלן מיר, ווי געזאָגט, ליידן נאָך לאַנג: ליידן וועלן מיר אי מחמת די ווייטיקן פון אַלטע וואונדן אי צוליב די נייע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן אַנטיסעמיטיזם, וואָס וועט זיך פאַרשאַרפן, ווי אַ פועל־יוצא פון דער שטאַרקערער — ווייל פרייערער — יידישער האַנטווערקערישער און סוחרישער קאָנקורענץ.

מיר וועלן באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג, — צי מיינט איר אָבער, אַז דעמאָלט וועלן מיר שוין אַ לעב טאָן במנוחה, אַז מיר וועלן תיכף ומיד געניסן פון אַלע רעכט, וואָס מע וועט אונדז געבן אויף פּאַפּיר? צי ווייסט איר, וויפל נגישות האָבן עס איבערגעלעבט די יידן פון פראַנקרייך, דייטשלאַנד און עסטרייך ביים איינפירן אין לעבן זייערע בירגערלעכע רעכט (שוין נישט רעדנדיק וועגן פּאָליטישע), אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון זייער עמאַנציפּאַציע? און דאָס זענען דאָך נישט געווען קיין פּאָגראָמלענדער: דאָרטן האָט די באַפעלקערונג נישט אַרויסגעוויזן קיין וואונדערעלדישקייטן אין דער מלאכה פון שפּאַלטן יידישע קעפּ, ממיתן קינדער און שענדן פרויען. קאָנט איר דען באַשטימען, וויפל צרות עס וועט אונדז נאָך אויסקומען איבערצוטראָגן מצד די גזלנישע באַנדעס „עכט־רוסישע לייט” *) און מצד מער קולטורעלע אַנטיסעמיטן? צי מיינט איר, אַז נאָך דעם נצחון פון דער באַפרייונגס־באַוועגונג — איז שוין אויס פּאָגראָמען... אפשר וועלן זיך שוין נישט איבערחזרן די שרעקלעכע אָקטאָבערטעג, זעלטענע אפילו אין אונדזער פילדורותדיקן מאַרטיראָלאָג, — אָבער „שוואַרצע מאות” לעבן נאָך און וועלן נאָך ברוך־השם בלייבן לעבן, עס וועלן נישט פאַרשווינדן פון דער רוסישער הייליקער ערד די קרושעוואַנס **), און מיר וועלן נאָך האָבן געננוג צו טאָן מיט אָט דעם אָפּפאַל פון דער געזעלשאַפט. ביי אַ ליבעראַלן פּאַרלאַמענטאַרישן רעזשים וועט אוודאי אויפהערן דער רעגירונגס־אַנטיסעמיטיזם, אָבער דער געזעלשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם וועט נאָך לאַנג ווירקן. מע וועט אונדז לאַנג טאָן דערמאָנען, אַז מיר זענען נאָר־וואָס געווען רעכטלאָז און שוצלאָז, און נישט איין מאָל וועט מען אונדז געבן צו פאַרשטיין, אַז מיר זאָלן זיך צו ווייט נישט שטופּן מיט אונדזערע אָקאָרשט געקריגענע רעכט. געוויס, מיר וועלן נישט אָפּטרעטן און מיר וועלן עקשנותדיק קעמפן קעגן דעם פינצטערן געזעלשאַפטלעכן אַנטיסעמיטיזם, פּונקט ווי מיר האָבן פריער געקעמפט קעגן דעם

---

*) אַזוי האָבן זיך גערופן די רעאַקציאָנערע גרופּעס אין רוסלאַנד, וואָס האָבן אָרגאַניזירט און דורכגעפירט די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד: „סאָיוז איסטינאָ רוססקיך ליודיעי" — פאַרבאַנד פון עכט־רוסישע מענטשן. — באַמ. פון איב.).

**) קרושעוואַן איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון קישעניעווער פּאָגראָם אין 1902.

מלוכהשן — און די פּעיקייטן אונדזערע צום קאַמף האָבן מיר שוין דער־ וויזן, — נאָר קיין גרויס נחת וועט אונדז אַזאַ מין קאַמף נישט ברענגען. און אַט די טאַקע, וואָס וועלן נישט קאָנען אויסהאַלטן אַזעלכע לעבנס־ באַדינגונגען, זיי וועלן עמיגרירן. די פּאָליטישע סיבות פון אונדזער עמי־ גראַציע, הגם נישט אַזוינע שאַרפע ווי פריער, וועלן זיך פאַרבינדן מיט די עקאָנאָמישע, — און צענדליקער טויזנטער יידיש וואַנדערער וועלן זיך ציען דורך טייכן און ימען, אין די ווייטע מדינות...

אַט דאָס אַלץ וועט פאָרקומען שוין אין בעסטן פאַל, אויב מיר וועלן זיך דערשלאָגן צו גלייכבאַרעכטיקונג. און וואָס וועט זיין, אַז אויך די צווייטע „מלוכה־דומע" וועט אונדז נישט ברענגען אַט די ישועה, וואָס מיר וואַרטן אויף איר שוין מיט אַ פאַרבאָרגענעם ספק? וואָס וועט זיין, אויב מע וועט אויך די דאָזיקע דומע צעטרייבן אָן שום צערעמאָניע און דערנאָך וועט מען זיך נעמען צו דער געהעריקער „באַאַרבעטונג" פון דער קאָנסטיטוציע אויפן „עכט־רוסישן" פאַסאָן? וואָס וועט זיין, אויב די שוואַרצע מאות פון דעם „פאַרבאַנד פון עכט־רוסישע מענטשן" וועלן מנצח זיין און וועלן האַלטן דאָס לאַנד אין זייערע פאַרבלוטיקטע הענט? — דעמאָלט וועט זיך דאַך ביי אונדז אָנהייבן אַזאַ עמיגראַציע, וואָס אַזעלכע האָט נאָך די יידישע געשיכטע נישט געוואוסט. און דאָס וועט פאַר דער יידישער מאַסע זיין די איינציקע רעטונג, אַ יציאת־מצרים, הגם נישט אַ יציאה אין דעם „צוגעזאָגטן" לאַנד, נאָר אין אַזאַ לאַנד, וואו מע שעכט נישט קיין מענטשן.

אויב איר, וואָס איר זענט סומך אַלע אייערע האָפענונגען אויף דער באַפרייונגס־באַוועגונג, וועט איצט באַגראָבן די עמיגראַציע, — וועט איר זי דעמאָלט מוזן אַרויסנעמען פון קבר. און דעמאָלט וועט איר באַ־ נעמען, וואָסער באַלעבנדיקע און באַפרייענדיקע קראַפט עס ליגט פאַרבאָרגן אין דער יידישער וואַנדערונג, וואָס דויערט טויזנטער יאָרן, פון יענער רגע, ווען יהוה האָט געזאָגט אברהמען: „גיי דיר אַוועק פון דיין לאַנד אין דעם לאַנד, וואָס איך וועל דיר ווייזן!".

איר זאָגט, אַז די אָנהענגער פון דער עמיגראַציע־אידעע זענען פאַר־ חושכטע פּעסימיסטן, וואָס שוואַכן אָפּ די ענערגיע פון פאָלק אין סאַמע ברען פון דעם באַפרייונגס־קאַמף. און איך זאָג: נעמט צו ביים יידן די האָפענונג אויף עמיגראַציע, די האָפענונג דערויף, אַז בעת־צרה וועט ער קאָנען אַוועק פון דער סכנה אהין, וואו עס זענען אַוועק טויזנטער ברידער זיינע, און אַז זענען דאָ געזעלשאַפטלעכע עסקנים, וואָס זאָרגן וועגן אָרגאַניזירן די איבערוואַנדערונג, — נעמט ביים יידן צו דאָס אַלץ, און איר וועט אים מאַכן אומגליקלעך שוין איצט, אין סאַמע פייער פון דער באַפרייונגס־באַוועגונג. דעמאָלט וועט ער באמת אַריינפאַלן אין יאוש, וואָרעם ער וועט זיך דערזען אַ פאַרשפאַרטן, אַן אָפּגעשניטענעם פון דער

גאַנצער וועלט, אויף אַ שלאַכטפעלד, פון וואַנען מע קאָן נישט אַנטלויפן אין פאַל פון אַ מפּלה (און וואו טרעפט נישט אַזוינס בעת מלחמה,): אַט האָט דיך דער שונא דערגרייכט — לייג זיך אַוועק און שטאַרב! יאָ, די יידן שטייען באמת, ווי איר דריקט זיך אויס, מיט איין פוס אין רוס־לאַנד און מיט דעם אַנדערן אין אַמעריקע, ווייל אויב זיי וואָלטן גע־שטאַנען מיט ביידע פיס אויפן רוסישן וואולקאַן, — וואָלטן זיי נישט איינ־געשטאַנען מחמת שרעק פאַר דער נאָענטסטער צוקונפט. איך רעד דאָ, פאַרשטייט זיך, וועגן דעם מאַסן־מענטשן, און נישט וועגן די קעמפער, וואָס וואַרפן זיך אַריין מיט אַנטשלאָסנקייט אין דער שלאַכט — זיגן אָדער שטאַרבן...

דאָ הייבט איר אָן צו זוכן ביי אונדז חטאים, דאָס הייסט — סתירות. איר באַשולדיקט אונדז, אַז מיר גייען אין באַפרייונגס־קאַמף נישט מיט קיין פלאַמיקן גלויבן אין נצחון; אַז מיט איין האַנט דערלאַנגען מיר דעם פאָלק אַ פּראָגראַם פון באַפרייונג, און מיט דער אַנדערער ווייזן מיר אים אָן אויף אַמעריקע און פאַלעסטינע; אַז מיר שטאַרקן אין די יידישע הער־צער דעם „גלות־יאוש".

וואָס שייך „יאוש", וועלן מיר, רבותי, נאָך אַמפּערן זיך: ווער שטאַרקט עס אים — צי דער, וואָס גיט דעם אומגליקלעכן צוויי וועגן צו דער פריי־הייט, צי יענער, וואָס גיט נאָר איין וועג? און וואָס שייך פלאַמיקן גלויבן אין דעם אָנקום פון „משיחס צייטן" אין רוסלאַנד, מיין איך, אַז אין רעאַל־פּאָליטיק איז אַזאַ מין חסידישע התלהבות אָדער פּאָליטישער ראָ־מאַנטיזם קנאַפּ־וואָס נוצלעך פאַר דער זאַך. אונדזערע יונגע פּאָליטישע ראָמאַנטיקער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דענקען, נאַטירלעך, אַנ־דערש. אָבער מיר מיט אייך, ה' גורעוויטש, זענען נישט קיין פּאָליטישע מלופּום־קינדער און האָבן נישט אָנגענומען קיין פּאַדריאַד אויפצובויען אַ „צוקונפט־שטאַט" אין עטלעכע יאָר. פרעגט אַ יידן פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס פאַרמאָגט פּשוטן שכל הישר, צי גלייבט ער פון גאַנצן הארצן, אַז אַט־אַט קומט אָן אין רוסלאַנד אַ גליקלעכע צייט פון „פרייהייט, גלייכ־הייט און ברידערלעכקייט"? פרעגט ביי דער ניכטערער, פּאָליטיש צייטי־קער אינטעליגענץ! מיר האָבן נישט וואָס צו באַהאַלטן: מיר לעבן נישט מיט האָפענונג אָן גרענעצן, נאָר צווישן שרעק און האָפענונג, — און אין אַזאַ מצב וועט אונדז אפשר אויפקומען צו לעבן נאָך אַ לאַנגע צייט.

אוודאי האָבן מיר זיך „אַריינגעוואָרפן אין רוסלאַנדס באַפרייונגס־באַוועגונג מיטן צאָרן פון דערנידעריקטע און מיט דער ליידנשאַפט פון קדושים", — ווי איך האָב זיך אויסגעדריקט אין דעם אַריינפיר־אַרטיקל; אַנדערש האָבן מיר נישט געקאָנט: מיר זענען אַן אַלט קולטורפאָלק, פּאָ־ליטיש זענען מיר דערוואַקסענער פון אַנדערע, מיר קאָנען נישט זיין „קנעכט פון קנעכט", מיר ווילן זיין גלייך מיט אַנדערע פעלקער וואָס שייך ביר־

גערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט. אויב אָבער מיר וועלן נאָך אַ לאַנגדויערנ־דיקן קאַמף נישט דערגרייכן דעם ציל; אויב מיר וועלן די גלייכבאַרעכטי־קונגס־קאַרטע קריגן אַן איינגעוויקלטע אין אַ פּאָגראָם; אויב די רוסישע קאָנסטיטוציע וועט נאָך לאַנג שפּאַנען, ווי אַן אַרעסטאַנטקע, צווישן אַ זשאַנדאַמען־קאָנוואָי און באַנדעס שוואַרץ־מאַהניקעס, — וועט איר ווי־דער דערהערן פון דער יידישער מחנה דעם רוף: אַרויס פון דעם רוסישן מצרים! מיר האָבן געבראַכט און וועלן ברענגען קרבנות אין דעם באַ־פרייונגס־קאַמף פון רוסלאַנד; אויב אָבער, נאָך אַלע אונזערע קרבנות, וועלן מיר אַליין בלייבן, ווי יענע אַלטיטשקע אין פּושקינס מעשהלע, ביי דער אַלטער קאָריטע, — טאָ וועלן מיר נישט אויסהאַלטן, און אַ גרויסער טייל פון אונדזער מאַסע וועט אַוועק.

און אָט די האָפענונג אויף פרייהייט אין וויטן לאַנד, זאָל זיין פאַר אַ טייל פון אונדזער פאָלק, דאַרפן מיר האָבן אין רעזערוו: זי גיט אונדז כוח און מוט צו קעמפן דאָ, אין דעם אַלטן היימלאַנד.

פּרואווט אָבער צונעמען ביי די יידן אָט די האָפענונג! איר ווילט צונעמען דעם וואַנדער־שטעקן ביי אַ פאָלק, וואָס האָט זיך טויזנטער יאָרן אויף אים אָנגעשפּאַרט? איר האַלט די „וואַנדער־פּסיכאָלאָגיע" פאַר אַ זידלוואָרט? איז אדרבה — פּרואווט אַרויסרייסן די וואַנדער־פּסיכאָלאָגיע פון אהאַסווערס האַרץ — צוזאַמען מיט דער נשמה וועט איר זי אַרויס־רייסן! „אייביק וועסטו זיין נע־ונד!" — די קללה, וואָס די קריסטלעכע לעגענדע האָט געוואָרפן אויף דעם „אייביקן ייד", אהאַסווער, — די קללה האָט זיך אין צרותדיקן גלות פאַרוואַנדלט אין אַ ברכה, אין אַ רעטונגס־מיטל, אַנדערש וואָלט ער שוין לאַנג אומגעקומען אָן אַ זכר, ווען ער וואָלט זיך נישט אויפגעלערנט די גרויסע קונסט פון וואַנדערן. אהאַסווער וואָלט נישט געבליבן דער „אייביקער ייד", ווען ער וואָלט נישט געוואָרן דער „אייביקער וואַנדערער".

אונדזערע אָבות, אין יענע שרעקלעכע צייטן, האָבן גוט פאַרשטאַ־נען אָט דעם אמת. „אַ גרויסן חסד, — זאָגט די אגדה, — האָט דער רבונו־של־עולם געטאָן דעם יידישן פאָלק דערמיט, וואָס ער האָט עס צע־זייט איבער פאַרשידענע לענדער, מחמת ווען זיי ווערן גערודפט אין איין מדינה, קאָנען זיי זיך ראַטעווען אין אַ צווייטער". פון רעליגיעזן שטאַנד־פונקט איז עס אוודאי אַ פּאַראַדאָקס: האָט דאָך דער רבונו־של־עולם גע־קאָנט אָפּהיטן פון אומקום זיין „אויסדערוויילט פאָלק" אויך אין איין לאַנד; אָבער אין יסוד פון אָט דעם אַפאָריזם ליגט אַ געזונטער היסטאָרישער גע־דאַנק: ווען נישט די עמיגראַציע, וואָלט שוין פון יידישן פאָלק קיין שריד־ופליט נישט געבליבן נאָך די אַלע קאַטאַסטראָפעס, קרייצצוגן, גירושים, גזירות, אינקוויזיציעס און פּאָגראָמען. און וואָס וואָלט געווען מיט אונדז, רוסישע יידן, אין די לעצטע יאָרצענדליקער, ווען אין דעם זידנדיקן קעסל,

וואו מע האָט אונדז געקאָכט, וואָלטן מיר נישט געקאָנט עפענען אַ קלאַפּאַן און אַרויסלאָזן דעם דאַמף אין אַ זייט! מיר וואָלטן דאָך דערשטיקט געוואָרן אין דער מדינה פון קנעכטשאַפט און פּאָגראָמען, ווען מיר וואָלטן נישט אַרויסגעלאָזט די אַנדערהאַלבן מיליאָן יידן קיין אַמעריקע, פּאַלעסטינע, אַרגענטינע, דרום־אַפריקע און אין אַנדערע לענדער, וואו זיי קאָנען פרייער אָטעמען, — ווען מיר וואָלטן אָנגעוואָרן די האָפענונג אויף דער דאָזיקער מעגלעכקייט אויסצואוואַנדערן. און אָט דעם קלאַפּאַן ווילט איר פאַרמאַכן! היט זיך, דער קעסל זידט נאָך און, אפילו ביי די בעסטע אומשטאַנדן, וועט ער נאָך פון צייט צו צייט זידן!...

די גאַנצע געשיכטע אונדזערע איז אַ געשיכטע פון איבעררוקן די קולטור־צענטערן פון איין לאַנד אין אַ צווייטן, און אין מיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן האָב איך שוין געגנוג אַנטוויקלט די דאָזיקע טעאָריע פון העגעמאָנישע צענטערן. ארץ־ישראל, בבל, שפּאַניע, דייטשלאַנד, פּוילן, רוסלאַנד — דאָס זענען אַלץ גרויסע סטאַנציעס פון דער יידישער קולטור. אין דער לעצטער צייט מערקט זיך אָן אַ נייע גרויסע סטאַנציע אין אַמעריקע און אַ קלענערע — אָבער צום הארצן אַ נאָענטע — סטאַנציע, אין פּאַלעסטינע. צוריק מיט עטלעכע יאָר האָב איך שוין אָנגעוויזן, וואוהין עס פירט דאָס טיילווייזע איבעררוקן פון די יידישע כוחות *), — און די לעצטע געשעענישן האָבן דערוויזן, אַז איך האָב זיך נישט טועה געווען.

פון דער היסטאָרישער און פּסיכאָלאָגישער זייט פון ענין גייען מיר איצט איבער צו דער פּראַקטישער זייט.

איר, ה' גורעוויטש, מיינט, אַז דאָס האָפן אויף די צוויי קומענדיקע צענטערן אין אַמעריקע און ארץ־ישראל — הייסט „שלעפּן זיך הינטער געשעענע פאַקטן". לויט אייער מיינונג, איז לחלוטין נישט דערוויזן געוואָרן, אַז אַמעריקע וועט מיט דער צייט באמת ווערן פאַר אונדז אַ גרויסער עקאָנאָמישער אָדער פּאָליטישער צענטער, און די נייע ישובים אין ארץ־ישראל — אַ קליינער גייסטיקער צענטער. איך נעם אָן מיט דאַנק דעם פּאָרוואורף, אַז איך בין צו פיל טריי די פאַקטן, ווייל דאָס איז נישט קיין קליינער פאַרדינסט אין אַ תקופה, ווען פּאָליטישע ראָמאַנטיקער ציען זיך צו „ווייטע ציל און ווייטע אידעאַלן", וואָס וועלן מקוים ווערן אין משיחס צייטן. פאַר דער „פּאָלקספּאַרטיי" וועט עס זיין אַ גרויסער כבוד און אַ סימן פון פּאָליטישער רייפקייט, אויב זי וועט שטענדיק גיין אויפן דרך פון רעאַל־פּאָליטיק און מאַכן אַלע אירע אויסרעכענונגען אויפן סמך פון פאַקטן, און נישט פון אוטאָפּיעס און חלומות.

מיר זענען נישט קיין ציוניסטן, ווייל מיר האַלטן דעם ענדציל פון

*) אויבן, עלפטער בריוו: „דער היסטאָרישער מאָמענט".

ציוניזם פאַר אַן אומדערגרייכלעכן טרוים, לכל הפחות פאַר די נאָענטסטע דורות. אָבער אויך מיר האָבן אַ ווייטע פּערספּעקטיוו, און דווקא אויפן סמך פון „פאַרקומענדיקע פאַקטן". ווען מיר זען, אַז במשך פון 26 יאָר איז אין אונדזער אוראַלטן היימלאַנד, אין ארץ־ישראל, צוגעקומען אַ צוויי־דריי צענדליק קאָלאָניעס און עטלעכע צענדליק טויזנט יידישע איינוואוי־נער, און אַז דאָרט קומט אויף פּאַמעלעך אַ נייער ישוב פון ערדאַרבעטער, ווייַנגערטנער און פויערים; ווען מיר הערן, ווי קליינע קינדער רעדן אויף אונדזער פאַריינגערטער אַלטער שפּראַך, אַז אין די שולן לערנט מען אַלע לימודים אין אָט דער שפּראַך, — האָבן מיר דאָס רעכט צו האָפן, אַז אין ארץ־ישראל וועט מיט דער צייט אויסוואַקסן אַ גייסטיקער צענטער פון נאַציאָנאַלן יידנטום. ווי גרויס וועט זיין אָט דער צענטער — דאָס איז נאָך אַ פּראַגע, און איך גלייב ניט, ווי אחד־העם, אַז אָט דער צענטער זאָל האָבן אַ מאַגישע קראַפט צו באַווירגן די גאַנצע נאַציאָנאַלע קולטור אונדזערע אין גלות. ניין, אויב מיר וועלן דאָ, אין די תפוצות, ניט פאַרשטאַרקן זעלבשטענדיק אונדזער נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אויפן באָדן פון בירגערלעכע רעכט, דאַמאָלט וועט די קליינע גרופּע „ארץ־ישראל־יידן" *) נישט ראַטעווען אונדז פון אַסי־מילאַציע. אָבער אין גאַנצן אָפּלייקענען די מאָראַלישע השפעה פון ארץ־ישראל־צענטער וואָלט געווען נישט גערעכט. זאָל זיין, אַז אין ציון וועט אויפפלאַקערן אַ קליין פלעמל, וואָס וועט נישט באַלייכטן די גאַנצע יידי־שע וועלט,, אָבער דאָס דאָזיקע פייערל וועט וואַרעמען אַ סך יידישע הערצער. אַ היימיש ווינקל דאָרט, ביי דער אַלטער באָבען, וועט אונדז תמיד צוציען מיט אַ מאַגנעטישן כוח, וועט דערוועקן טייערע היסטאָרי־שע זכרונות, — חוץ אַלעמען וואָס דאָס איז פאָרט אַ פּונקט פאַר קאָ־לאָניזאַציע. אָט די פּראַקטישע קאָלאָניזאַציע דאַרפן אַלע אונטערשטיצן — דערצו דאַרף מען נישט זיין קיין ציוניסט, — און אַזאַ פּאַרטיי פון אַל־פאָלקישער רעאַלער פּאָליטיק, ווי ס'איז די „פאָלקספּאַרטיי", דאַרף עס אין זינען האָבן ביים „רעגולירן די עמיגראַציע".

דאָס אייגענע קאָן מען זאָגן וועגן דער יונגער טאָכטער פון רוסישן יידנטום, וואָס איז איבערגעפאָרן אין אַ נייער וואוינונג — אמת, אַ ביסל ווייטלעך — אין צפון־אַמעריקע. אויב מיר זעען, אַז במשך פון דריט־האַלבן יאָרצענדליק איז אויפגעקומען, דער עיקר דורך אויסוואַנדערער פון רוסלאַנד, אַ כמעט צוויימיליאָניקע „יידישע אַמעריקע"; אַז נאָר איין שטאָט ניו־יאָרק נעמט אַריין אין זיך אַרום דריי פערטל פון אונדזערע שטאַמ־ברידער; אַז דער הויפּט־שטראָם פון אונדזער עמיגראַציע גייט און וועט גיין אין דער גרויסער רעפּובליק מעבר לים, וואו די יידן האָבן זיך שוין

*) די ווערטער „ארץ־ישראל־יידן" זענען דורך דובנאָוון אָנגעגעבן געוואָרן אין יידיש. (באַמ. פון איב.).

אַריינגעפּלאָנטערט אין געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן, — זעענדיק דאָס אַלץ, זענען מיר באַרעכטיקט צו האָפן, אַז אַמעריקע וועט אַמאָל ווערן דער גרעסטער צענטער פון יידנטום נאָך רוסלאַנד, און ביי געוויסע אומשטענדן — אפילו גרעסער. טאַקע אָט די גרויסע היסטאָרישע באַוועגונג דאַרפן מיר נעמען אין אונדזערע הענט אַריין און, ווי ווייט מעגלעך, רעגולירן. מיר דאַרפן — און דאָס אונדזער הייליקער חוב — אָרגאַניזירן די איבערוואַנדערונג קיין אַמעריקע אויף פעסטע יסודות; מיר דאַרפן זיך באַמיען, — אַז די עמיגראַנטן זאָלן נישט ליידן קיין אומזיסטע צרות אין וועג; אַז זיי זאָלן וויסן, אין וואָסער פּונקט פון אַמעריקע עס וועט זיי זיין באַקוועמער צו געפינען אַרבעט און פּרנסה, נישט באַלעסטיקנדיק זיך צו פיל. אי דאָ אי דאָרט דאַרפן מיר אָנשטרענגען אַלע כוחות, אַז די ברידער אונדזערע זאָלן אין דעם נייעם לאַנד זיין אָרגאַניזירט אויף אַ ברייטער באַזע פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָס וועט זיי פאַרהיטן פון קולטור־אַסימילאַציע — די גרעסטע סכנה אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע.

איר האָט מורא, אַז אַמעריקע „וועט פאַרמאַכן אירע ברייטע טויערן פאַר די יידישע עמיגראַנטן". אַן אומזיסטע שרעק. ביי אַלע געזעצגעבערישע באַגרענעצונגען קעגן אימיגראַציע, וועט די גרויסע רעפּובליק פאָרט נישט פאַרמאַכן אירע גרענעצן ספּעציעל פאַר יידן. מע וועט אפשר אויפשטעלן געוויסע דאַמבעס, כדי אָפּצושוואַכן דעם צו גרויסן אימפּעט פון דעם אַלוועלטלעכן עמיגראַציע־שטראָם, וואָס פלייצט קיין אַמעריקע, — אָבער אויך דעמאָלט וועט נאָך בלייבן גענוג אָרט פאַר די יידישע עמיגראַנטן צווישן די וואַנדערער פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. וועט מען נישט אַריינלאָזן דורך „ברייטע טויערן" — וועלן מיר אַריין דורך שמאָלע. ס'איז בלתי ספק: די גרויסע יידישע באַוועגונג קיין אַמעריקע וועט נאָך אָנגיין צענדליקער יאָרן, און אויב מיר וועלן אָט די באַוועגונג איבערלאָזן אָן שום אָרגאַניזאַציע, וועט דאָס זיין אַ פאַרברעכן קעגן אונדזער פאָלק. דער אַמעריקאַנער יידישער ישוב — דאָס איז אַ ליבלעכע טאָכטער פון דער רוסישער מעטראָפּאָליע, און בעת דער אַלטער מוטער גייט עס שלעכט, דאַן טוט עס איר ציען צו דער יונגער טאָכטער אין דער מדינה פון פרייהייט. מיר זענען ענג פאַרבונדן מיט דעם טייל פון אונדזער משפחה, וואָס איז איצט אין אַמעריקע: אונדזערע ליידן — זענען זייערע ליידן, אונדזערע פריידן — זענען זייערע פריידן. מיר טאָרן זיך נישט אָפּזונדערן: דאָס איז דאָך ליב פון אונדזער לייב.

אוודאי טאָר מען נישט זאָגן, אַז דאָרט האָלט עס מיט אונדזערע ענינים אין גאַנצן גוט. אויב אין אַמעריקע לאָזט זיך נישט פילן אַזוי דער דרוק פון פרעמדע פעלקער, איז אָבער דאָרט שטאַרקער דער דרוק פון דער פרעמדער קולטור, איז שטאַרקער די סכנה פון אַסימילאַציע. דערי־

בער טאָקע האָב איך געזאָגט, אַז אי דאָ אי דאָרט דאַרפֿן מיר קעמפֿן פֿאַר אונדזער דרויסנדיקער און אינעווייניקסטער פֿרייהייט, ווי אַן איינהייטלעכע נאַציע. אונדזער כּוח באַשטייט אין דעם, אַז אין אָט דעם מלחמה פֿאַר־מאָגן מיר צוויי פּאָזיציעס: וועט עשיו אָנפֿאַלן אויף איינער, וועלן מיר אים באַגעגענען, ווי ער האָט ער פֿאַרדינט; אָבער אין ערגסטן פֿאַל בלייבט ביי יעקבן די צווייטע פּאָזיציע, „אַ צווייטער לאַגער אויף זיך צו ראַטע־ווען". אומעטום און מיט אַלע כּוחות וועלן מיר זיך ראַנגלען פֿאַר אונד־זער פֿרייהייט און פֿאַר נאַציאָנאַלן קיום.

די קעגנער פֿון דער „פֿאָלקספּאַרטיי" וועלן מסתמא אויסנוצן מיינע ווערטער, כּדי צו פֿאַררעכענען אונדזער פּאַרטיי צו די ציוניסטן אָדער טע־ריטאָריאַליסטן. מיט דער פּאַרטיי האָט עס, נאַטירלעך, קיין שום שייכות נישט; די דאָזיקע ווערטער שרייב איך נישט אין איר נאָמען. מיך ווידער קאָן מען מאַכן פֿאַר אַ ציוניסט סיידן מיט דער הילף פֿון אַ פּאָלעמישן מאַנעווער. מיינע געדאַנקען וועגן ציוניזם און די איבעריקע יידישע באַ־וועגונגען זענען גענוג קלאָר אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום". עס איז, בלי ספק, דאָ עפּעס שותפותדיקס צווישן מיינע בליקן און דעם ציוניזם אָדער טעריטאָריאַליזם, אויף וויפֿל מיר שטייען אויף אַ בשותּפותדיקן נאַציאָנאַל־קולטורעלן באָדן; אָבער דער וויכּוח מכּוח דעם שווערפּונקט פֿון אונדזער אַרבעט איז נאָך ווייט נישט אויסגעגליכט. שוין אָפּגערעדט דערפֿון, אַז איך בין זייער ווייט פֿון דעם בליק פֿון די מאַקסימאַליסטן אין ציוניזם, אַז דער גאַנצער נאַציאָנאַלער קאַמף אונדזערער אין די תּפֿוצות דאַרף זיך בלויז שטעלן פֿאַר אַ ציל „צו אָרגאַניזירן די „יציאה" אין דעם אוטאָפּישן „יידנשטאַט". מיר רעגולירן און אָרגאַניזירן נישט קיין אוטאָפּישע, נאָר אַ רעאַלע עמיגראַציע; מיר פֿאַרנעמען זיך נישט מיט שאַפֿן קינסטלעך נייע צענטערן, נאָר מיר רע־כענען זיך מיט דער פֿאַקטישער פֿונאַנדערשטעלונג פֿון די נאַציאָנאַלע כּוחות אין יענע צענטערן פֿון דער דיאַספּאָרע, וואָס האָבן זיך שוין גע־שאַפֿן און שאַפֿן זיך, און מיר זאָרגן וועגן זייער פּאַרפּעסטיקונג אין דעם זינען פֿון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמישקייט.

איך האָב געהאַלטן פֿאַר וויכטיק אויפֿצוקלערן דעם עולם די ערנסטע פֿראַגע וועגן דער באַציונג צווישן די צוויי גרויסע באַוועגונגען אין דעם לעבן פֿון רוסישן יידנטום, און עס ווילט זיך גלייבן, אַז ס'איז מיר גע־לונגען צו דערווייזן, אַז די באַפֿרייונגס־באַוועגונג און די עמיגראַציע־באַ־וועגונג זענען אין די איצטיקע באַדינגונגען נישט קיין צוויי קאָנטראַסטן, נאָר צוויי כּוחות, וואָס דערגאַנצן זיך איינע די אַנדערע.

די לעצטע שאלה פֿון דעם „אָפֿענעם בריוו" צו מיר האָט שוין אַהער קיין שייכות נישט, פֿון דעסטוועגן וועל איך געבן אויף איר אַ קורצע תּשובה.

איר האַלט, אַז די „פֿאָלקספּאַרטיי" האָט נישט קיין רעכט פּירצו־וואַרפֿן אַנדערע פּאַרטייען, אַז זיי שטעלן זייערע פּאַרטייאישע שטרעבונ־גען העכער פֿון די אַלפֿאָלקישע. די מעשה איז אָבער די, וואָס אַרויסקו־מענדיק מיט אַזאַ פּאַרוואָורף אין דעם אַריינפֿיר־אַרטיקל צו דער פּראָגראַם, האָב איך געהאַט אין זינען — ווי ס'איז דאָרט אָנגעוויזן — יענע פֿון אונדזערע קלאַסן־פֿראַקציעס, וואָס האָבן געמאַכט פֿאַר אַ זידלוואָרט די הייליקסטע, רירנדיקסטע פֿאָרמולע פֿון יידישער אחדות: „כל ישראל חברים". יידן, וואָס פֿאַר זיי איז דער טערמין „כלל־ישראל־פּאָליטיק" — אַ זידל־וואָרט, וואָס לאַכט אויס די הויכע אידעע פֿון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וועלכע האָט אונדז געראַטעוועט במשך פֿון צוויי טויזנט יאָר; יידן, וואָס שטרעבן צו צעשפּאַלטן און צעקרישלען פֿון אינעווייניק דאָס צעזייטע פֿאָלק, און וואָס לערנען איין צענט־חלק פֿון דער גערודפֿטער נאַציע פֿיינט צו האָבן די איבעריקע ניין צענטל מיט אַ שנאה פֿון פּראָלעטאַריאַט צו דער „קאָמאַנדירנדיקער" בורזשואַזיע (אַ „בורזשואַזיע", וואָס באַשטייט פֿון מיליאָנען הונגעריקע אָדער האַלב־זאַטע און טויזנטער זאַטע מענטשן), — אַזעלכע יידן פֿאַרדינען כשר דעם פּאַרוואָורף, אַז זיי זענען מקריב די „נאַציע" לטובת דעם „קלאַס" אָדער דער פּאַרטיי.

אײַער פּאַרוואָורף אויפֿן אַדרעס פֿון דער „פֿאָלקספּאַרטיי", אַז זי „היט זיך פֿאַר ווייטע אויפֿגאַבן און ווייטע אידעאַלן און באַגרענעצט זיך מיט די נאָענטסטע אַלגעמיין־יידישע אינטערעסן", — נעם איך אָן אין נאָמען פֿון דער פּאַרטיי, ווי אַ פֿאַרדינטן קאָמפּלימענט. יאָ, מיר ווילן נישט אויף געוואַלט „מקדים זיין דעם קץ", אונטערשטופּן משיחן. און ווייסט איר פֿאַרוואָס? — ווייל מיר קאָנען נישט. מיר האָבן הויכע אי־דעאַלן — וואָס קאָן זיין העכער ווי אָרגאַניזירן דאָס גאַנצע יידנטום? — מיר גייען אָבער צו זיי מיט רעאַלע וועגן און מיר פֿליען נישט אין די הימלען. איך בין זיכער, אַז טיף אין האַרצן וועט איר מסכים זיין מיטן וואונטש, אַז מיר זאָלן באמת אין אַ האַלבן יאָרהונדערט מקיים זיין אין לעבן אָט די „נאָענטסטע" אַלגעמיין־יידישע צילן, וואָס זענען אָנגעמערקט אין דער פּראָגראַם פֿון דער „פֿאָלקספּאַרטיי", — און דעמאָלט וועלן מיר זיך שוין אויסגלייכן בנוגע די „ווייטע אידעאַלן".

פֿעברואַר, 1907.

— 1 —

# „חיוב הגלות"

## (וועגן „שלילת הגלות" פון אחד העם) *)

איך האָב אַן אַלטן אידעאישן וויכוח מיט אַ שרייבער, וואָס בשייכות צו דער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע האָב איך מיט אים מער באריר־פונקטן ווי מיט ווער־ס׳איז אַנדערן צווישן אונדזערע שרייבער פון היינטיקער צייט. טאַקע אָט די נאָענטקייט צווישן מיין שיטה און אחד־העמס האָט אונדז ביידן געצוואונגען צו פּרואוון קלאָר מאַכן, אין וואָס מיר זענען יאָ מסכים און אין וואָס מיר גייען זיך פונאַנדער; און ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, איז דערביי מער אויפגעקלערט געוואָרן דאָס, וואָס טיילט אונדז פונאַנדער, איידער דאָס גרינטלעכע, וואָס פאַראייניקט אונדז. אין „על פרשת דרכים" און אין די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" וועלן די לייענער געפינען אַ צאָל זייטלעך, וואו די מחברים פוןביידע ביכער טענהן זיך אויס דירעקט אָדער אומדירעקט. די דאָזיקע אויפקלערונגען זיינען נישט דערפירט ביז צו אַן ענדע, — און ערשט איצט קען איך באַגריסן אחד העמס נייעם פרואוו צוצוקומען נעענטער צום צענטראַלן פונקט פונעם וויכוח און „אָנצייכענען פינקטלעכער די גרענעצן צווישן די צוויי שטרייטיקע אידעען", וואָס צוויש זיי „איז אפשר דער אונטערשייד נישט אַזוי גרויס, ווי עס קען זיך אויסדוכטן פון ערשטן קוק". דער אַרטיקל פון וועלכן עס איז אַרויסגענומען די לעצטע פראַזע („שלילת הגלות" אין מאי־ביכל „השלוח" פון דעם יאָר) איז אָנגעשריבן מיט אחד העמס געוויינטלעכער שאַרפקייט פון אַנאַליז, און ער גיט באמת די מעגלעכקייט

---

*) דער אַרטיקל איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך ש. דובנאָוון אינעם רוסיש־יידישן זשורנאַל „יעווריייסקי מיר", מאַי 1909. אין דער העברעישער אויסגאַבע פון די „בריוו" איז ער אָפּגעדרוקט ווי דער אַכטער בריוו אונטערן נאָמען „חיוב הגלות" (דאָס באַשטעטיקן, אַקצעפּטירן דעם גלות).
דער אַרטיקל אין איבערגעזעצט פון ח. ש. קאַזדאַן. (באַמערקונג פון פאַרלאַג).

אַרײַנצודרינגען טיפער אין דער פּלוגתא צווישן די צוויי קרובהשע סיסטעמען.

אין דער איצטיקער סטאַדיע דרייט זיך דער וויכוח אַרום איין צענטראַלן פּונקט: אין וואָס פאַר אַ מאָס פאַרלייקנט איינע פון די שטרייטנדיקע דאָקטרינעס דעם „גלות", און די אַנדערע „באַשטעטיקט" אים, אַקצעפּטירט אים? דער אויסגאַנגפּונקט פונעם אָרטאָדאָקסאַלן ציוניזם און טעריטאָריאַליזם איז אַזאַ: זיי פאַרלייקענען אידעאָלאָגיש דעם גלות, דאָס מיינט, זיי זענען איבערצייגט אַז די גאַנצע יידישע דיאַספּאָרע איז פאַרמשפּט צו נאַציאָנאַלן טויט, אויב מען וועט נישט שאַפן פאַר דער נאַציע קיין אויטאָנאָמע טעריטאָריע. באַוואוסטזיניק צי אומבאַוואוסטזיניק, אַדאַנק דעם פּסיכישן אימפּולס וואָס האָט געבוירן זייער אידעע, מוזן די אָרטאָדאָקסאַלע ציוניסטן און טעריטאָריאַליסטן אין אַ גרעסערער צי אַ קלענערער מאָס פאַרלייקענען די מעגלעכקייט פון אַ נאַציאָנאַלן לעבן פאַר יידן אין גלות; זיי מוזן לפּחות באַטראַכטן אַלע פּרוּוון צו נאַציאָנאַליזירן דעם גלות — ווי שוואַכע פּאַליאַטיוון. אין מיינע „בריוו" האָב איך נישט איין מאָל אונטערגעשטראָכן דעם דאָזיקן פּסיכאָלאָגישן אונטערשלאַק פון ציוניזם. ווי אַ געוויסע שטימונג איז דער אונטערשלאַק געבליבן אומפאַרענדערט במשך פון דער גאַנצער תקופה, ווען דער ציוניזם האָט זיך געוויגט צווישן דער טונקעלער פאָרמולע פון פאַר־באַזעל: „אַ מקום מקלט פאַר די, וואָס ווילן נישט אָדער קענען נישט זיך אַסימילירן" — און דער העלסינגפאָרסער פאָרמולע: „קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט אין גלות". לעצטנס האָב איך אויף די שפּאַלטן פון „יעווריייסקי מיר"*) אַרומגערעדט פאַרבייגייענדיק די קעגנזייטיקע באַריר־פּונקטן פון די צוויי פּאָלאַרע אידעאָלאָגיעס — ציוניזם און אַסימילאַציע: איינע פון זיי פאַרמשפּט מיט ביטערניש דעם גלות צו נאַציאָנאַלן טויט צוליב פּאַטאַלע סיבות, און די אַנדערע בענטשט אים מיט פרייד — צו זעלבסטמאָרד. איך האָב אָבער דאָרט נישט געמאַכט די געוויינטלעכע באַוואָרעניש מכח יענער פאָרם פון ציוניזם, וואָס איז אָפיציעל נישט אַנערקענט — די שיטה פון אחד־העם: זי פאַרלייקנט נישט דעם „גלות", זי זוכט נאָר אין ציון אַ צענטער אויף צו פאַרשטאַרקן די נאַציאָנאַלע דערנערונג פון גלות. איך האָב דאָס נישט געטאָן, ערשטנס, ווייל אין מיינע פריערדיקע אָפּהאַנדלונגען האָב איך שוין נישט איין מאָל געמאַכט אַזעלכע באַוואָרענישן; צווייטנס, ווייל אויף איינע פון מיינע אָפּהאַנדלונגען, וואו די פראַגע איז אַוועקגעשטעלט מיט קאַטעגאָרישקייט**), האָט אחד־העם ניט געגעבן קיין ענטפער. איצט אָבער

*) יאַנואַר. — „די פּראָצעסן פון הומאַניזאַציע און נאַציאָנאַליזאַציע אין דער נייסטער יידישער געשיכטע".

**) בריף וועגן אַלטן און נייעם יידנטום, ז"ז 206—214, ייד. אויסג.

האָט ער די תשובה געגעבן, „ער האָט געדעקט, הגם נישט אין דער פולער מאָס, דעם אַלטן חוב" ווי ער דריקט זיך אויס, — קענען מיר שוין שטאַרק אַ רוק טאָן פאָרויס דעם אַנאַליז פונעם ענין וואָס אינטערעסירט אונדז *).

אינעם דערמאָנטן אַרטיקל אַנאַליזירט אחד העם די אידעע פון „שלילת הגלות", וואָס די „אויטאָנאָמיסטן" מאַכן פאַר דעם פאָרוואורפן די ציוניסטן; ער אונטערשיידט דאָרטן צוויי פאָרמען פון גלות־נעגאַציע: אַ סוביעקטיווע און אַן אָביעקטיווע. „אין סוביעקטיוון זינען זענען אַלע יידן שלילת־הגלותניקעם; חוץ יחידים, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער פאַרבינדונג מיטן כלל, אַנערקענען אַלע, אַז די לאַגע פון „שאָף צווישן וועלף" איז שרעקלעך, און אַלע וואָלטן געוואָלט, אַז די דאָזיקע לאַגע זאָל באַזייטיקט ווערן". בכן, „שלילת הגלות", ווי אַ פּאַרטייאישער לאָזונג, קען זיין נאָר אַן אָביעקטיווער, דאָס מיינט — „פאַרלייקענען די מעגלעכקייט פון נאַציאָנאַלן קיום אין גלות פאַר די קומענדיקע דורות", נאָכדעם ווי עס איז צעשטערט געוואָרן די גייסטיקע וואַנט, וואָס האָט אַרומגענומען אונזערע עלטערן, און דער שטראָם פון פרעמדע קולטורן דראָט „אָפּצואווישן אַלע אונדזערע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן, אַוועקטראָגן אַלע נאַציאָנאַלע ווערטן". די גלות־פאַרלייקענער פון אָט דעם טיפּ טיילן זיך אויף צוויי מינים, לויט די אַויספירן, וואָס זיי מאַכן פון זייער פאַרלייקענונג. איינע זאָגן: ווי באַלד אַז עס איז נישטאָ קיין צוקונפט פאַר דער יידישער נאַציע און זי איז פאַראורטיילט צו פאַרשווינדן איז גלייכער, מיר זאָלן אַליין דערנעענטערן איר סוף, איידער צו וואַרטן, אַז אָט דער סוף זאָל קומען נאָך אַן אויסמאַטערנדיקער גסיסה; ווער עס קאָן זיך אַסימילירן מיט די אַנדערע פעלקער — איז וואויל צו אים; און ווער עס קאָן נישט — זאָל זיך באַמיען, אַז זיינע קינדער זאָלן דאָס קענען טאָן. „די אַנדערע גרופּע זאָגט: ווייבאַלד אַזוי, זענען מיר מחויב אַ סוף צו מאַכן צו אונדזער גלות, איידער ער וועט מאַכן אַ סוף מיט אונדז; און כדי צו פאַרזיכערן אונדזער קיום אין דער צוקונפט, דאַרפן מיר אַלע צעשפּרייטע טיילן פון אונדזער פאָלק צונויפנעמען אינעם לאַנד פון אונדזערע אָבות (אָדער — גיט צו אַ טייל פון דער גרופּע — אויף אַן אַנדער טעריטאָריע, וואָס וועט אויסגעטיילט ווערן פאַר אונדז), וואָרעם דאָרט — און נאָר דאָרט — וועלן מיר קענען ווייטער ציען אונדזער נאַציאָנאַלן קיום; ווער עס קען און וויל זיך אַסימילירן מיט די אַנדערע פעלקער — זאָל זיך פאַרבלייבן אויף זיין פּלאַץ, אָבער ווער עס קען נישט און וויל זיך נישט אַסימילירן — זאָל גיין אין דער יידישער מלוכה אַריין" (ז' 468).

---

*) דער גאַנצער פּאַראַגראַף (פון די ווערטער „אין דער איצטיקער סטאַדיע" — איז אין דער העברעישער אויסגאַבע אַרויסגעלאָזן. (באַמ. פון איב.).

אָבער די דאָזיקעביידע גרופּעס, — זאָגט ווייטער אחד העם, — זייַנען נישט געווען ביכולת צו פאַרכאַפּן דאָס גאַנצע פאָלק. „נישט נאָר די פּאַרטיי, וואָס פאַרלייקנט צוגלייך סיי דעם גלות סיי דעם נאַציאָנאַלן קיום, נאָר אויך יענע פּאַרטיי, וואָס פאַרלייקנט דעם גלות כדי צו באַקרעפטיקן דעם נאַציאָנאַלן קיום — איז נישט געווען ביכולת צו באַקומען דערויף דעם הסכם פונעם פאָלק", ווייל אין זיין נשמה ווירקט אומבאַוואוסטזיניק דער ווילן צו נאַציאָנאַלן קיום, און אָט דער ווילן „קען נישט שלום מאַכן מיט אַן „עקזיסטענץ בתנאי, בעת מע ספקט, צי דער תנאי לאָזט זיך גאָר דורכפירן. דאָס יידישע פאָלק פילט נאָך אין זיך אַ ווילן און אַ כוח צו לעבן ביי אַלע באַדינגונגען, אָן אַלטערנאַטיוון, און דער נאַטירלעכער אינסטינקט דערלאָזט אים נישט אָנצונעמען די פאָרמולע: ווילסטו לעבן — טאָ פאַרלאָז דעם גלות. וואָרעם הינטער דער דאָזיקער פאָרמולע שטעקט אַ צווייטע, וואָס איז פאַרן פאָלק נישט אָנצונעמען: אויב דער עקספּערימענט פון עקזאָדוס וועט זיך נישט איינגעבן — וועסטו אומקומען" (דאָרט).

דערפאַר מאַקע זעען מיר אַז דאָס פאָלק בכלל „פאַרלייקנט דעם גלות סוביעקטיוו און אַפּראָבירט אים אָביעקטיוו". גלות איז אַ שלעכטע זאַך, אָבער לעבן מוז מען אויך אין גלות, ביזן „סוף פון די יאָרן", און ווי לאַנג — דאָס איז דאָך פאַרבאָרגן פאַר אַלעמען. דאָ קומט אָבער אויף אַזאַ פראַגע: ווי אַזוי זאָל מען לעבן אין גלות און זיך אויפהאַלטן ווי אַ נאַציע? דער ווילן צו לעבן האָט געצוואונגען דאָס פאָלק אין אַלע תקופות זיך אַרומצוצוימען מיט ווענט, זיך צו שיצן קעגן דער צעשטערנדיקער ווירקונג פון דער פרעמדער סביבה; היינט צעפאַלן זיך אָט די ווענט פאַר אונדזערע אויגן. וואו זשע איז די נייע וואַנט, זי זאָל קענען פאַרבייטן די אַלטע? אויף דעם ענטפערן די „נאַציאָנאַליסטן": נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע! אָבער דאָ בעט זיך אַ נייע פראַגע: אין וואָס פאַר אַ מאָס? זעען די „נאַציאָנאַליסטן" אין דער אויטאָנאָמיע אַ גאַראַנטיע פון אַ פולן און גאַנצן נאַציאָנאַלן לעבן אין גלות, אָדער זיי באַפרידיקן זיך מיט ווייניק, מיט דעם וואָס לאָזט זיך אין די מעגלעכקייט-גרענעצן דערגרייכן?" (ז' 469). צו אַ פולן נאַציאָנאַלן לעבן באַדאַרף מען צוויי באַדינגונגען: מעגלעכקייט און ווילן, אָבער אין אַ גרויסער מאָס הענגט אָפּ דער ווילן פון דער מעגלעכקייט: „די אָנשטרענגונג פון נאַציאָנאַלן ווילן" איז נישט גענוג אויף צו פאַרהיטן די נאַציע דאָרט, וואו די אויסערלעכע אומשטענדן שוואַכן כסדר אָפּ דעם דאָזיקן ווילן. פון דעם מאַכט אחד העם דעם אויספיר, אַז אויך די אויטאָנאָמיסטן באַטראַכטן נישט די אויטאָנאָמיע ווי אַ גאַראַנטיע פון אַ פולן און גאַנצן נאַציאָנאַלן לעבן אין דער גלות-צעשפּרייטקייט, זיי ווילן נאָר אויספועלן נאַציאָנאַלע רעכט כדי צו פאַרזיכערן אונדזער נאַציאָנאַל לעבן „אין די גרענעצן פון מעגלעכקייט", הגם די דאָזיקע גרענעצן זיינען צו ענג פאַר דער פרייער אַנטוויקלונג פון יידישער קולטור (ז' 471).

אין אָט די „באַשיידענע" גרענעצן, האַלט אחד העם, קען נישט קיין שום נאַציאָנאַל־דענקענדיקער ייִד זײַן מחולק װעגן דער געװאונטשנקייט פון דער אויטאָנאָמיע; די חלוקי־דעות גייען אָן נאָר װעגן דעם, צי אַזאַ גאַראַנטיע איז גענוגנדיק. די מער אַנטשיידענע נאַציאָנאַליסטן קענען איי־בעררוקן די „מעגלעכקייט־גרענעצן" װייטער אַרויס פון גלות; האַלטנדיק אַז נאַציאָנאַלע רעכט אין גלות זענען נישט געזיכערט און זיי באַװאָרענען גאָרנישט, קענען די נאַציאָנאַליסטן זוכן די באַװאָרעניש פאַר אַ נאַציאָ־נאַלן לעבן — מחוץ דעם גלות. „װיבאַלד אָבער, — זאָגט, אחד העם, — די אויטאָנאָמיסטישע תורה אָנערקענט, אַז אויטאָנאָמיע גיט נישט קיין ענדגילטיקן ענטפער אויף דער פראַגע און אַז מען דאַרף שטרעבן צו איר נאָר צוליבן כלל „בעסער װײניקער איידער גאָרנישט", — דאַרף דאָך די דאָזיקע דאָקטרין אויך מודה זײַן, אַז אונדזער חוב איז צו זוכן אַנדערע, ראַדיקאַלערע מיטלען אויף צו פאַרפעסטיקן און אויסברייטערן אונדזער נאַציאָנאַל לעבן, על פּי דעם אַנדערן כלל: „בעסער אַ סך, איידער װײ־ניק" (ז' 472)... אַזאַ ראַדיקאַל מיטל זעט אחד העם אין זײַן טעאָריע װעגן אַ „גייסטיקן צענטער".

„די אויטאָנאָמיסטן, — זאָגט ער, — װייסן, אַז עס איז שוין צװאַנ־ציג יאָר, װי עס עקזיסטירט בײַ אונדז אַ ציוניסטישע גרופּע, װאָס ענט־פערט אויף דער אויבן־געשטעלטער פראַגע אַזוי: אַ נײַע װאַנט (אַ צוים) פאַר אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן אין גלות דאַרף מען בויען מחוץ דער דיאַספּאָרע — אינעם לאַנד פון אונדזערע אָבות. פון די „אמתע" ציוניסטן אונטערשיידט זיך אָט די גרופּע מיט דעם, װאָס נישט זי אָנערקענט, אַז עס לאָזט זיך פאַרװירקלעכן דעם קיבוץ גליות און נישט זי נעגירט דעם קיום אין די תפוצות; דאַקעגן האַלט זי, אַז גלות איז אַ שטענדיקע דערשיינונג, און מיר זענען נישט ביכולת אים צו באַזייטיקן, דערפאַר שטרעבט זי צוצוגעבן אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן אין גלות — קראַפט און חיזוק; אָבער דעם איינציקן װעג דערצו זעט זי אין אויסבילדן אַ שטענ־דיקן צענטער פאַר אונדזער נאַציע אויפן פּלאַץ פון איר נאַטירלעכער אַנט־װיקלונג... אין זייער װיכוח מיט די ציוניסטן, האָבן אונדזערע אויטאָנאָ־מיסטן אין אויג נאָר איין מין ציוניזם: יענעם, װאָס זײַן יסוד איז די ליק־װידאַציע פון גלות, און מע קען אים פאָרװאַרפן דעם מאָטיװ פון „שלילת הגלות", — און מיט דעם איז דאָך פאַרבונדן די סכנה פאַרן קיום האומה. אָבער זיי פאַרשװײַגן דעם אַנדערן ציוניזם, אויף װעלכן אָט דער פאָר־װאָרף איז נישט חל. מיטן דאָזיקן פאַרשװײַגן, טראַכט איך זענען די אויי־טאָנאָמיסטן אַזוי װי מודה: זיי פילן, אַז זייער אייגענע תורה פירט זיי טאַקע צום דאָזיקן ציוניזם, און אַז סוף כל סוף װעלן זיי אַרונטערפאַלן אונטער זײַן שליטה. װאָרעם אַנדערש בלײַבט זיי נאָר איין אַלטערנאַטיװע: אָדער צוזאָגן די פולשטענדיקע לייזונג פון דער גלות־פּראָבלעם דורכן דערגרייכן די אויטאָנאָמיע, אָדער אינגאַנצן פאַרלייקענען די מעגלעכקייט צו לייזן

פולשטענדיק די דאָזיקע פּראָבלעם. געבן אַזאַ צוזאָג קענען זיי נישט, ווייל אין קיין ניסים גלייבן זיי אַליין נישט; פאַרלייקענען ווידער קענען זיי ניט, ווייל דעמאָלט וועלן זיי אַליין ווערן גלות־ניין־זאָגערס אין שרעקלעכסטן זינען פון וואָרט. וואָרעם אַלע גלות־פאַרניינער גלייבן אין עפּעס אַן ענדע, אין דער ריכטונג פון לעבן אָדער פון טויט; בעת די אויטאָנאָמיסטן אָבער פאַרמישפּטן אונדזער קראַנק פאָלק צו פאַרבלייבן אייביק אויפן קראַנקן־בעט, אָן שום האָפענונג געזונט צו ווערן.*) און ווען זיי וועלן, ענדלעך, צוקומען צו דער דאָזיקער אַלטערנאַטיווע, וועלן זיי אויך מוזן אויפהייבן די אויגן צו מזרח און צוגעבן זייער שיטה אַ נייע פאָרם, באַזירט אויפן כּלל: האַלט זיך ביי איינס, אָבער לאָז נישט אַרויס פון האַנט אויך דאָס אַנדערע! מען דאַרף אונדזער נאַציאָנאַל לעבן אין גלות אויסבעסערן און אויסברייטערן וואָס ווייטער אין די גרענעצן פון מעגלעכקייט, אָבער אין דער זעלבער צייט דאַרף מען זוכן אַ פולע לייזונג פון דער פּראָבלעם אויסער די גרענעצן פון גלות" (ז' 473).

איך האָב זיך באַמיט איבערצוגעבן פּינקטלעך דעם עיקר־תּוך פון אחד־העמס אַרטיקל, על פּי רוב מיט זיינע אייגענע ווערטער. נישט אַי־בעררייסנדיק מיט מיינע קעגן־טענות. איצט וועל איך עס טאָן, נאָכגייענ־דיק דעם געדאַנקען־גאַנג פון מיין אָפּאָנענט. ראשית כּל, נעם איך אָן זיין קלאַסיפיקאַציע מיט דער באַצייכענונג פון צווייערליי סאָרטן „אָביעקטיווע" גלות־פאַרלייקענער: אַסימילאַטאָרן, וואָס פאַרלייקענען סיי דער גלות סיי די נאַציאָנאַליטעט, און ציוניסטן וואָס פאַרלייקענען דעם גלות כּדי צו פאַרפעסטיקן די נאַציאָנאַליטעט. דאָס פאַלט צונויף אינגאַנצן מיט מיין אַרויסגעזאָגטן געדאַנק וועגן די צוויי פּאָלוסן — אַסימילאַציע און ציו־ניזם — וואָס קומען זיך צונויף אויפן לאָזונג: ראַטעווע זיך, ווער עס קען! עס איז אויך זייער אָנגענעם, וואָס דאָס מאָל האָט דער שעפער פון גייס־טיקן ציוניזם זיך אָפּגעגרענעצט מער קאַטעגאָריש, ווי אַמאָל, פון יענע, וואָס איך פלעג זיי אָנרופן „נאַציאָנאַליסטן בתנאי". בכן, די אויטאָנאָ־מיסטן און די גייסטיקע ציוניסטן שטייען ביידע אין איין שורה, קעגן די גלות־פאַרלייקענער: מיר זענען, הייסט עס, — „יאָ־זאָגערס" פון גלות. אין וואָס זשע פאַר אַ זינען אָפּראָבירן מיר אים? איך בין מסכּים מיט אחד־העמען, אַז נישט אין סוביעקטיוון זינען, נישט מחמת מיר אָנערקענען די געוואונטשנקייט און ברכהדיקייט פון גלות־עקזיסטענץ. אוודאי, וואָלטן מיר פאַרמאָגט די הייב־ראָד, וואָס איז בכוח אַריבערצופירן אַלע תּפוצות־ישראל צו דער „יידישער מלוכה", וואָלטן מיר עס מיט פרייד געטאָן אָדער

*) אָנגעהויבן פון די ווערטער „אין זייער וויכוח מיט די ציוניסטן" און ביז אַהער — איז אין דער העברעיִשער אויסגאַבע דער טעקסט אַרויס־געלאָזן (באַמ. פון איבערז.).

מיר וואָלטן צוגעשטאַנען צו יענע, וואָס טוען עס. מיר מאַכן נאָר, בכן,
אַ פשרה מיט דער פאַטאַלער אומפאַרמיידלעכקייט פונעם גלות און מיר
שטרעבן איינצוהאַלטן און צו אַנטוויקלען דעם נאַציאָנאַלן קיום פון דער
איבערוועגנדיקער מערהייט פון פאָלק, וואָס פאַרבלייבט ווייטער אין גלות.
ביז אָט דעם פונקט גייען מיר זיך צונויף אין דער גלות־אַקצעפּטאַציע
מיט די גייסטיקע ציוניסטן (און מיט דער גאַנצער פאָלקסמאַסע). ווייטער
פון דעם פונקט אָבער הייבט זיך אָן אונדזער פּלוגתא, ווען מיר דאַרפן
פאַרענטפערן די פראַגע: ווי אַזוי זאָלן מיר פאַרזיכערן אונדזער נאַציאָנאַלן
קיום אין די תפוצות? אין ענטפער אויף דער פראַגע גיט מען אָן צוויי
לאָזונגען: 1) „אַ גייסטיקער צענטער אין ציון, ווי אַ נאַציאָנאַלער צוצי־
פונקט פאַרן גלות” און 2) „קאַמף פאַר די נאַציאָנאַלע רעכט אָדער קול־
טור־אויטאָנאָמיע אין גלות”. נו, דאַרפן מיר איצטער זיך פונאַנדערקלייבן
אין אַזעלכע שאלות: זענען די צוויי לאָזונגען אין סתירה, אָדער זיי קענען
ווערן צוגעפּאַסט איינער צום צווייטן? כדי צו באַפעסטיקן דעם נאַציאָנאַלן
קיום אין גלות — איז גענוג צו פאַרווירקלעכן נאָר איינעם פון די דאָזיקע
לאָזונגען, אָדער זיי זענען ביידע נייטיק מיט זייער קעגנזייטיקער ווירקונג?
אָט דאָ הייבט זיך אָן מיין „מחלוקה” מיט אחד־העמען.

יעדער פון אונדז האַלט, אַז דעם „קעגנערס” לאָזונג איז נישט גע־
וואגנדיק אויף צו לייזן די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם פון גלות; אָבער יעדער
פון אונדז באַנעמט אַנדערש די דאָזיקע נישט־גענוגנדיקייט. איך האָב
נישט איין מאָל אַרויסגעבראַכט, אַז עס איז מעגלעך און געוואונטשן צו
האָבן אַ רעלאַטיוו קליינעם קולטור־נאַציאָנאַלן צענטער אין פאַלעסטינע,
וואָס זאָל האָבן אַ נאַציאָנאַליזירנדיקע השפעה אויף דער דיאַספּאָרע; *)
איך האָב נאָר אָפּגעפרעגט, צי אַזאַ צענטער וועט האָבן דעם אַבסאָלוטן
באַטייט, ווי דער איינציקער אָנשפּאַרפונקט, וואָס קען פאַרהיטן די דיאַס־
פּאָרע פאַר נאַציאָנאַלער דעגענעראַציע. „די דיאַספּאָרע, — האָב איך גע־
שריבן אין 12־טן בריוו — וועט קיין מאָל נישט פאַרשווינדן, אויב נישט
אַריינגעמען אין חשבון דעם משיחישן „באחרית הימים”. אָבער צו באַ־
לויכטן די דיאַספּאָרע אפילו מיט אַ קליינעם פאַקעל, אָנגעצונדן אויפן
בארג ציון, צו שאַפן אינעם היסטאָרישן וויגעלע פון יידנטום אפילו אַ
קליינעם נאַציאָנאַלן גייסטיקן צענטער, אַ מוסטער־פאַרפלאַנצער פון ריי־
נער נאַציאָנאַלער קולטור — דאָס איז דאָך שוין אַ גרויסע אויפגאַבע, זי
מעג פאַרנעמען אַן אָרט צווישן אַלע אַנדערע אונדזערע רעאַלע אויפגאַבעס...
די קראַפט פון אַ היסטאָרישן פאַקטאָר וועט איינהאַלטן נישט יענער ציוי־
ניזם, וואָס פאַרלייקנט דעם גלות און שפּייזט זיך מיטן חלום וועגן ליק־

---

*) „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום", ז"ז 123, 169, 185־186, 206־207, 212־213, 252־253, נאָר באַזונדערס ז"ז 346־347, 377, 388.

ווידירן דעם גלות, — נאָר יענער, וואָס צווישן אַ סך אַנדערע אויפגאַבעס פון אינערלעכן נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט, שטעלט ער זיך דעם ציל: צו שאַפן נאָך איין אַקומולאַטאָר פון אייגנאַרטיקער גייסטיקער ענערגיע אויף צו דערנערן די דיאַספּאָרע, וואָס מיט אַלע כוחות קעמפט זי פאַר איר נאַציאָנאַלן קיום".

די דאָזיקע איינשטעלונג האָב איך נאָך פאָרמולירט אין סאַמע ברען פון דער „באַפרייונגס־באַוועגונג" אין רוסלאַנד (1905), און איך זאָג זיך פון איר נישט אָפּ אויך איצט, ווען מיר לעבן איבער אַ נאָך ליכטיקערע באַפרייונגס־באַוועגונג אין טערקיי. אין דער אויבן געבראַכטער פאָרמולע שטעל איך פעסט די באַציונג פון „אויטאָנאָמיזם" צום געדאַנק פון אַ פּאַלעסטינער צענטער: דער לעצטער איז איינער פון די רעזערוואואַרן פון נאַציאָנאַלער ענערגיע פאַר דער דיאַספּאָרע, איר גורל אָבער איז פאַרבונדן מיטן אָנגיין ווייטער אינעם דורות־לאַנגן קאַמף פאַר אייגענע נאַציאָנאַלע רעכט אָדער קולטור־אויטאָנאָמיע אומעטום.*)

אחד־העם פאַרלאַנגט, אַז די אויטאָנאָמיסטן זאָלן אויפקלערן: צי האַלטן זיי, אַז די אויטאָנאָמיע אין די תפוצות גיט אַ פולע לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אָדער זיי באַפרידיקן זיך מיט די „גרענעצן פון מעגלעכקייט". מיט צופרידנקייט גיב איך מיין אָויפקלערונג: אוודאי קענען מיר גוט די טראַגישע זייטן פון גלות און מיר קענען נישט האָפן, אַז דאָ וועט דערגרייכט ווערן יענע פולקייט און גאַנצקייט פון קולטור־נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, וואָס אַזאַ איז מעגלעך נאָר ביי אַ נאַציע, וואָס לעבט אין אַן אייגענער זעלבשטענדיקער מלוכה. מיר האָפן נישט, אַז אַזאַ מלוכה וועט דערגרייכט ווערן אין פּאַלעסטינע — און דאָך זענען מיר איבערצייגט אַז עס קען זיך דאָרט אויסבילדן אַן אויטאָנאָמער יידישער צענטער מיט אַ ריינערער און ווערטפולערער נאַציאָנאַלער קולטור, איידער אין גלות. פון דעסטוועגן חזרן מיר איבער מיט דער גאַנצער קאָנסעקווענטקייט: אין די תפוצות ישראל דאַרפן מיר בפירוש זיך פאַרמעסטן צו באַקומען דעם מאַקסימום קולטור־נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר דער מערהייט פון פאָלק; אין פּאַלעסטינע ווידער וועלן מיר אַרבעטן צו דערגרייכן אַזאַ אויטאָנאָמיע — אוודאי מיט אַ גרעסערער פעולה — פאַר דער מינדערהייט פון פאָלק; דערווייליע איז זי נאָך קליין, אָבער אין דער צוקונפט קען זי זיך פונאַנדערוואַקסן. כדי צו פאַרשטאַרקן די תפוצות, וועלן מיר אויסניצן נישט נאָר די נאַציאָנאַליזירנדיקע השפעה פונעם פּאַלעסטינער צענטער, נאָר אויך אַלע אַנדערע מיטלען, וואָס געפינען זיך אין געשיכטלעכן

*) דער גאַנצער פּאַראַגראַף, חוץ דעם ערשטן זאַץ („יעדער פאַר אונדז האַלט" אאַ"וו, איז פון העברעישן טעקס באַזייטיקט. (באַמ. פון איבערז.)

רשות פון אַ פאָלק, וואָס האָט במשך פון יאָרטויזנטער אָפּגעהיט זיין נאַציאָנאַלן קיום.

פרעגט איר, וואָס פאַר אַ מין וואָנט אָדער צוים וועלן מיר אויפשטעלן אויפן אָרט פון דער אַמאָליקער געטאָ־מויער? יעדער עפּאָכע האָט זיך איר סטרוקטור, און דער מעכטיקער לעבנס־אינסטינקט וועט זיכער אונטערזאָגן דעם פאָלק, אין וואָס פאַר אַ סטיל אויפצובויען די נייע וואָנט פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, אַזוי אַז זי זאָל אים פאַרבייטן די אַמאָליקע „גדר לגדרים" און גלייכצייטיק אים נישט אָוועקרייסן פון די קוואַלן פון דער וועלט־קולטור. דאָס יידנטום האָט דאָך ניט איין מאָל געוויזן אַ ביישפּיל, ווי אַזוי אַריבערצוטראָגן דאָס ערגסטע, — יידן האָבן גלייכצייטיק אָנגעהאַלטן דעם פּראָצעס פון זיך אַנטקעגנשטעלן און דעם פּראָצעס פון זיך צופּאַסן; דער דאָזיקער פּראָצעס האָט פאַרלאַנגט „אויסלייז־קרבנות", ער האָט אָבער דערגרייכט זיין ציל *), על כל פּנים, יענע, וואָס פאַרלייקענען נישט דעם גלות, האָבן נישט קיין אַנדער וועג ווי צו פירן אַ כסדרדיקן קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַליזירונג און אויטאָנאָמיזירונג פון דער דיאַספּאָרע. דער גייסטיקער צענטער אין פּאַלעסטינע איז פאַר דער מינדערהייט — אַלץ, פאַר דער מערהייט אָבער איז ער נאָר איינער פון די נאַציאָנאַליזירנדיקע פאַקטאָרן.

איצט, אַז מיר האָבן שוין געגעבן אַ קאַטעגאָרישע תשובה אויף אחד־העמס שאלות, וועלן מיר זיך נעמען רשות צו שטעלן פון אונדזער זייט עטלעכע פראַגן די גייסטיקע ציוניסטן. צי האַלטן זיי, אַז נאָר דער איינער פּאַלעסטינער קולטור־צענטער איז בכוח צו געבן דער גאַנצער גרויסער דיאַספּאָרע יענעם סכום נאַציאָנאַלע ענערגיע, וואָס איז נייטיק אויף צו נאַציאָנאַליזירן און אויטאָנאָמיזירן די תפוצות? ווייטער, ווי אַזוי שטעלן זיי זיך פאַר דאָס אַנטוויקלען די דאָזיקע ענערגיע אין גלות: אין דער פאָרם פון פּאַסיוו אויפנעמען די קולטור־נאַציאָנאַלע אידעאַלן, וואָס קומען אַרויס פון פּאַלעסטינע, אָדער אין דער פאָרם פון אַקטיוון קאַמף פאַר די אייגענע נאַציאָנאַלע רעכט אין אַלע לענדער פון דער צעשפּרייטקייט?

זאָל אחד־העם אויף דער ערשטער פראַגע ענטפערן פּאָזיטיוו **), וועט ער אַ שותף צו יענע שלילת־הגלותניקעס און „נאַציאָנאַליסטן בתנאי", וואָס ער אַליין גרענעצט זיך אָפּ פון זיי צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים. אויב ער זאָל אָנהענגען דעם נאַציאָנאַלן קיום פון דער דיאַספּאָרע נאָר אין דער ווירקונג פונעם צוציענדיקן פּאַלעסטינע־צענטער, וואָלט ער געדאַרפט קומען צו דער מסקנה, אַז אָן דעם גייסטיקן צענטער אין פּאַלעס־

*) אין זיין אַרטיקל איז פאַראַן איין אומפּאָרזיכטיקער אויסדרוק אין דעם זינען; זע אויבן (ז' 399) די ציטאַטע פון זיין אַרטיקל.

**) דער זאַץ איז פון העברעישן טעקסט באַזייטיקט (באַמ. פון איב.).

טינע איז נישטאָ קיין יידישע נאַציע, דאָס הייסט, ער וואָלט אַריינגעפאַלן אינעם זעלבן טעות פון די הערצליסטן (ער האָט דאָך זיי אַליין קריטיקירט דערפאַר), וואָס טענהן: „אָן אַ יידנשטאַט איז נישטאָ קיין יידנטום". מיר זענען, בכן, באַרעכטיקט צו טראַכטן, אַז דער גייסטיקער ציוניזם זעט (לכל הפּחות דאַרף ער זען) אינעם ווידעראויפלעבן פונעם פּאַלעסטינער קולטור־צענטער — נישט די איינציקע, נאָר די עיקרדיקע באַוועגקראַפט פאַר די תפוצות: זיי וועלן די דאָזיקע ענערגיע, וואָס קומט פון דרויסן, קאָמ־בינירן מיט זייערע אייגענע אינערלעכע כוחות און זיי אויסניצן ווי אַ כלי־זין אין קאַמף פאַרן נאַציאָנאַלן קיום.

איצט קומען מיר צו דער צווייטער פראַגע: אין וואָס פאַר אַ פאָרם וועט זיך אויסדריקן דער דאָזיקער קאַמף פון די תפוצות פאַר זייער נאַ־ציאָנאַלן קיום? קלאָר, אַזעלכער איז מעגלעך נאָר אין דער פאָרם פון כסדר שיצן די אייגענע נאַציאָנאַלע רעכט און די קולטור־אויטאָנאָמיע, אויף וויפיל דאָס לאָזט זיך דערגרייכן אין יעדער געגעבענער מלוכה. די גייס־טיקע ציוניסטן וואָלטן זיך דאָ צונויפגעטראָפן מיט די אויטאָנאָמיסטן — „ושלום על ישראל", לפּחות צווישן אָט די צוויי קרובישע ריכטונגען. אָבער גראָד ביי דעם פּונקט בלייבט אחד־העם שטיין אויפן האַלבן וועג און ער דערזאָגט נישט דאָס לעצטע וואָרט. פאַרקערט — ער באַמיט זיך כסדר אָפּצושוואַכן די האָפענונג, אַז אין גלות קען דערגרייכט ווערן אַ קולטור־נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, מעג זיין אפילו אין אַ באַגרענעצטער מאָס. ער אָפּאָנירט ווייטער קעגן די פּראַקטישע אופנים פון אונדזער קאַמף פאַר אויטאָנאָמיע אין דער נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה; די דאָזיקע אופנים האָב איך אין מיינע „בריוו" יאָ אָנגעצייכנט, אָבער ער האַלט, אַז יידן, ווי אַ נישט־טעריטאָריאַלע נאַציע, קענען נישט אָנווענדן אָט די מעטאָדן (ז' 471—472). וויבאַלד אַזוי אָבער, בלייבט אַ קשיה: מיט וועלכע פּראַק־טישע וועגן האַלט אחד־העם יאָ פאַר מעגלעך צו שיצן די נאַציאָנאַלע עק־זיסטענץ פון דער גרויסער דיאַספּאָרע (בתנאי — אַ פּאַלעסטינער צענטער וועט עקזיסטירן)? ער אַליין פאַרלייקנט דאָך נישט דעם גלות. ווי אַזוי זשע פאַרענטפערט מען די סתירה, וואָס עס זיינען כולל די ווייטער־דיקע צוויי זאַצן צום סוף פון דער אויבן געבראַכטער ציטאַטע: „זי (די גרופּע גייסטיקע ציוניסטן) זעט דעם איינציקן וועג צו דעם (צו פאַר־שטאַרקן דאָס נאַציאָנאַלע לעבן אין גלות), אַז מען זאָל שאַפן אַ שטענ־דיקן צענטער פאַר אונדזער נאַציע אויפן פּלאַץ פון איר נאַטירלעכער אַנטוויקלונג". און: „מען דאַרף אונדזער נאַציאָנאַל לעבן אין גלות אויסבעסערן און אויסברייטערן וואָס ווייטער, אין די גרענעצן פון מעג־לעכקייט, אָבער אין דער זעלבער צייט דאַרף מען זוכן די פולע לייזונג פון דער פּראָבלעם אויסער די גרענעצן פון גלות"? וועלכע „גרענעצן פון מעג־לעכקייט" זעט עס אחד העם מחוץ דער ספערע פון קאַמף פאַר די נאַציאָ־נאַלע רעכט אין גלות?

און ווידער באַווייזט זיך פאַר אונדז דער כישוף־קרייז, אין וועלכן דער גייסטיקער ציוניזם דרייט זיך פון לכתחילה *): דער פּאַלעסטינער צענטער ווירקט אויף די תפוצות אין פּרט פון נאַציאָנאַליזאַציע; די נאַציאָנאַליזירטע תפוצות שטרעבן די באַקומענע ענערגיע איבערצושמידן — אין אַקטיוון קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט, ד"ה פאַר דער אויטאָנאָמיע פון קהילה, שול, שפּראַך. קומט מען אָבער און מע זאָגט: נאַציאָנאַלע רעכט אין גלות איז אוממעגלעך צו דערגרייכן... וויבאַלד אַזוי, וואָס זשע וועט אַרויסקומען פון דער ווירקונג פונעם פּאַלעסטינער צענטער? זי וועט דאָך נאָר אַרויסרופן אַספּיראַציעס, וואָס זיי איז נישט באַשערט מקוים צו ווערן, אַבסטראַקטע אידעען, וואָס וועלן ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין קאָנקרעטע נאַציאָנאַלע רעכט און גאַראַנטיעס. און אויב די לעצטע וועלן פעלן, וועלן די גלות־תפוצות נאָר וועגעטירן און זיך דערנעענטערן צום אונטערגאַנג, וואו זשע איז דאָ די פאַרשטאַרקונג פון גלות? און אויב דער גלות וועט דעגענערירן, צי קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז דער צענטער אין פּאַלעסטינע זאָל וואַקסן? דער עצם ווידעראויפלעב פון אַ גייסטיקן צענטער אין פּאַלעסטינע העננגט דאָך אָפּ פונעם צופלוס פון געזונטן נאַציאָנאַלן מאַטעריאַל פון דעם גלות; פון וואַנען זשע וועט זיך נעמען דער דאָזיקער מאַטעריאַל, אויב עס וועלן פעלן די אויסערלעכע גאַראַנטיעס פאַר דער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג אין גלות — אַן אָרגאַניזירטע קהילה, שול וכדומה? און עס שטעלט זיך די פראַגע: ביי אַזעלכע באַדינגונגען — צי איז מעגלעך עס זאָל וואַקסן אַ יידישער צענטער אין פּאַלעסטינע, און אויב יאָ — צי איז ער נייטיק פאַרן גלות?

פונעם דאָזיקן טעמפּן ווינקל קען נאָר איינס אַרויסראַטעווען די גייסטיקע ציוניסטן: זיי זאָלן אָנערקענען דעם אויטאָנאָמיזם אָדער די אידעע פון נאַציאָנאַלע רעכט אין גלות (פאַרשטייט זיך, „אויסגעברייטערטע ביז די סאַמע גרענעצן פון מעגלעכקייט"), — אָן דעם קען מען זיך נישט פאָרשטעלן אויך די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פון יידנטום. דער חילוק צווישן פּאַלעסטינע און גלות וועט זיין אין כמות און אין איכות: אין פּאַלעסטינע וועט זיין לערך אַ קליינער מיעוט פון דער נאַציע, דערפאַר וועט איר קולטור־נאַציאָנאַל לעבן זיין פולער און גאַנצער; אין גלות ווידער וועט זיין וויניקער פון דעם מין גאַנצקייט (אפילו ביי אָנגעשטרענגטן קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע), דערפאַר אָבער וועט אין כמות דער צענטער זיין אומפאַרגלייכלעך גרעסער. די קעגנזייטיקע ווירקונג פון די דאָזיקע צוויי צענטערס וועט אין פּועל־יוצא פאַראיינהייטלעכן די ווייטערדיקע נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג פון יידנטום. אָט דאָס איז דער מיני־

*) זע — „די נאַציע פון היינט און די נאַציע פון דער צוקונפט", „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום", ז"ז 213—214.

מום, וואָס די גייסטיקע ציוניסטן מוזן אָנערקענען, וויבאַלד זיי פּאַרלייקענען נישט דעם גלות.

וועט דאָס טאַקע זיין די ענדגילטיקע מסקנה פונעם גייסטיקן ציוניזם, דעמאָלט איז נישטאָ קיין מניעה, פאַרוואָס ער זאָל זיך נישט צונויפגיסן מיטן אויטאָנאָמיזם; ווען די גייסטיקע ציוניסטן אָנערקענען דעם געדאַנק, אַז עס איז יאָ מעגלעך נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין גלות, קענען זיי קומען צו אַ הסכם מיט די אויטאָנאָמיסטן, וואָס זענען מודה, אַז דער קולטור־צענטער אין פּאַלעסטינע קען האָבן אַ צוצי־קראַפט. אוודאי רעדט זיך דאָ נישט וועגן פאָרמעל צונויפגיסן די פּאַרטייען צי אָרגאַניזאַציעס, וואָס ביידע ריכטונגען האָבן נאָך נישט באַוויזן אויסצובילדן; עס מיינט נאָר צונויפגיסן די אידעישע ריכטונגען גופא, — און קיינער קען דאָך נישט צווייפלען, אַז ביידע האָבן אַן איינפלוס אויפן וועלטבאַנעם פונעם „נייעם יידנטום".

איך גיי נאָך ווייטער און זאָג: אין יענעם מאָמענט ווען אויך דער אָרטאָדאָקסאַלער ציוניזם — אין די גרענעצן פון זיין פּראַקטישער טעטיקייט אין פּאַלעסטינע — וועט זיך אָפּזאָגן פונעם שעדלעכן געדאַנק וועגן שלילת הגלות און ער וועט אָנערקענען (עס זענען שוין געווען אַזעלכע פּרואוון) דעם זעלבסטווערט פון דער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג אין גלות, — אין יענעם מאָמענט וועט קומען אויך זיין צונויפשמעלצונג מיטן נאַציאָנאַליזם אָדער אויטאָנאָמיזם. נאָך אין 1901 האָב איך גערעדט וועגן אַזאַ פאַראייניקונג *), — און מיר האָבן געהאַט עטלעכע אַזעלכע גרויסע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, וואָס האָבן צוגעגעבן גלויבן, אַז אַזאַ אַקט איז גאָר נאָענט. היינט צו טאָג זענען די ציוניסטן נוטה צו בויען צו ברייטע פּלענער מכוח דער ליכטיקער צוקונפט אין פּאַלעסטינע און זיי מאַכן צו געדיכט די שוואַרצע פאַרבן מכוח דער פּערספּעקטיוו פון טעטיקייטן אין גלות; אָבער אויך אָט דער נייער פּאַראָקסיזם פון שלילת הגלות וועט מוזן ברענגען צום נאַטירלעכן סוף — צו באַגרייפן די שרעקלעכע פאָלגן פון אַזאַ נעגאַציע... און ווען דאָס וועט געשען, וועט פון דאָס ניי אַרויסשווימען אויף דער אייבערפלאַך דער פּשוטער, ווי אַ נאַטור־געזעץ, אמת: וויבאַלד מע קען נישט בטל מאַכן דעם גלות, איז דער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלן קיום מעגלעך נאָר אין דער פאָרם פון אומעטומיקער נאַציאָנאַליזאַציע און אויטאָנאָמיזאַציע פון יידנטום, אויפן וועג פון פאַרשטאַרקן די אינעווייניקסטע אָרגאַניזירטקייט און פון קעמפן פאַר די נאַציאָנאַלע רעכט, — יעדער נאַציע קעמפט פאַר אַזעלכע, אַ טעריטאָריאַלע צי אַ נישט־טעריטאָרילע נאַציע, יעדערע אויף איר שטייגער.

---

*) „אַ צעשפּליטערטע און אַ פאַראייניקטע נאַציאָנאַלע פּאַרטיי", „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום", ז' 242—260.

אויב עס וועט בכלל פֿאַרבלייבן עפּעס פֿון די ציוניסטן אין געשיכט־
לעכן לעבן, איז עס — אחד־העמס „גייסטיקער צענטער"; און דאָס, וואָס
עס וועט פֿאַרבלייבן פֿונעם געדאַנק וועגן דעם כּוח־המושך פֿונעם פּאַ־
לעסטינער צענטער פֿאַרן גלות — דאַרף זיך צונויפֿגיסן מיטן ברייטן גע־
דאַנק פֿון אויטאָנאָמיזם, אַזוי ווי אַ טייל מיט דעם גאַנצן.*)

* * *

צום שלום, מוז איך זאָגן נאָך עטלעכע ווערטער וועגן איין פּרט
פֿונעם אויטאָנאָמיסטישן געדאַנק, וואָס אחד־העם האָט אים פֿאַרבייגייענ־
דיק באַרירט, און אויך ד"ר פּאַסמאַניק באַרירט אים אין אַן אַנדער אַר־
טיקל אין זעלבן נומער „השלוח". אחד העם זאָגט: ער פֿאַרשטייט נאָך
יענע אויטאָנאָמיסטן וואָס, די גאַנצע נאַציאָנאַלע קולטור מיינט ביי זיי
די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור, די נאַציאָנאַלע דערציונג — דאָס רעדן אויף
זשאַרגאָן, און זייער נאַציאָנאַלער אידעאַל — איז אויף דער מדרגה פֿון
אַ קליין ליטוויש אָדער סלאָוואַקיש פֿעלקעלע". אַזאַ מין גלות־אויטאָנאָ־
מיע קען נאָך געמאָלט זיין, אָבער זי קען נישט באַפֿרידיקן יענע נאַציאָנאַ־
ליסטן, וואָס שעצן די פֿילדורותדיקע געשיכטלעכע קולטור פֿון יידנטום און
זיי באַפֿרידיקן זיך ניט מיט דער צופֿעליקער קולטור, וואָס דער נעכטיקער
טאָג האָט אָנגעטראָגן, זיי קענען ניט צולאָזן דער געדאַנק, אַז דאָס אייביקע
פֿאָלק וועט שפּילן די ראָל פֿון עפּעס אַ קלייניקער האַלב־קולטורעלער נאַ־
ציע (ז' 471). דער אָרטאָדאָקסאַלער ציוניסט ד"ר פּאַסמאַניק פֿרעגט אָפּ
מיין סיסטעם (ער דערפֿירט זי צו עפּעס אַ שמאָל־נאַציאָנאַלן ספּיריטואַ־
ליזם) און ער דערווייזט, אַז אויך דער „זשאַרגאָן", ווי אַ פֿאַרגענגלעכע
שפּראַך, וועט נישט ראַטעווען די אויטאָנאָמיסטן, און מיט אַ פֿאָרוואָרף־
טאָן ווייזט ער אָן, אַז איך „היט זיך אָנצורירן" די פֿראַגע וועגן דער נאַ־
ציאָנאַלער שפּראַך (ז' 424).

איך האָב נישט בדעה, פֿאַרשטייט זיך, צו באַהאַנדלען אין דער איצ־
טיקער נאָטיץ אַזאַ קאָלאָסאַלע פּראָבלעם, ווי די שפּראַכן־פֿראַגע, — איך
וועל זיך צו דעם נאָך נישט איין מאָל אומקערן. און ווען איך וועל זיך
אַרויסזאָגן וועגן דעם ענין, איז אוודאי נישט אין זין פֿון אָפּשאַפֿן אונד־
זער טויזנטיאָריקע געשיכטלעכע קולטור און פֿאַרבייטן זי מיט דער
„זשאַרגאָנישער קולטור פֿון נעכטיקן טאָג". און דאָך מוז איך שוין דאָ
זיך מודה זיין אין מיין „גרויסער זינד": אין דער צאָל אַנדערע שטיצ־
פּונקטן פֿון אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור־אויטאָנאָמיע אין גלות — שלים

*) די אייבערשטע צוויי פּאַראַגראַפֿן („איך גיי נאָך ווייטער" און
אויב עס וועט בכלל") — זיינען אין העברעישן טעקסט באַזייטיקט. (באַמ.
פֿון איב.).

איך איין אויך אזא מעקטיקן אינסטרומענט, ווי עס איז די פאָלקשפּראַך פון זיבן מיליאָן יידן אין רוסלאַנד און גאַליציע, וואָס שוין עטלעכע יאָר־הונדערט שפּילט זי די ראָל פון דער גערעדטער אומגאַנגשפּראַך, פון דער לערנשפּראַך אין חדר און אין ישיבה, און אין אַ געוויסער מאָס — פון אַ ליטעראַרישער־שפּראַך *). ווי אַזוי מיר זאָלן נישט קוקן אויפן זשאַרגאָן (בכל אופן וועלן מיר, נאַציאָנאַליסטן, זיך נישט שטעלן אויף דער פּאָזיציע פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, וואָס האָט אים פּראָקלאַמירט ווי אונדזער איינציקע „נאַציאָנאַלע" שפּראַך), **) אָבער אָפּזאָגן זיך פון אים, איינעם פון די יסודות פון דער פאָלקס־איינהייט, בשעת די שפּראַכן פון די אַרומיקע פעלקער רייסן אַוועק פון אונדזער פאָלק צענדליקער טויזנטער „קינדער", וואָס קענען אָפּט אפילו זיך ניט צונויפרעדן מיט די „טאַטעס"; אָפּזאָגן זיך צו פאַרשטאַרקן די קאָנקורענץ פונעם זשאַרגאָן מיט די אַסימילירנדיקע פרעמדע שפּראַכן, — דאָס וואָלט געווען אַ משוגעת. מיר האָבן ניט קיין האָפענונג, אַז אונדזער אַלטע נאַציאָנאַלע שפּראַך זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ לעבעדיקער אומגאַנגשפּראַך פון דער גאַנצער דיאַספּאָרע, — און מיר וואָלטן באַגאַנגען אַ נאַציאָנאַלן פאַרברעכן, מיר זאָלן נישט אויסניצן אין קאַמף מיט דער אַסימילאַציע די גאַנצע ווידער־שטאַנד־קראַפט, וואָס די פאָלקשפּראַך גיט אונדז. מיר וואָלטן געווען גע־גליכן צו אַ הינקענדיקן, מיט איין נאַטירלעכן און מיט איין קינסטלעכן פוס, וואָס שליידערט אַוועק דעם לעצטן, מחמת עסטעטישער התלהבות. די העברעישע שפּראַך — דאָס איז אונדזער נאַטירלעכער פוס, אָבער נאָר איין פוס, נישט צוויי: דעם אַנדערן פוס האָט אָפּגעשניטן דער גלות, ער האָט די דאָזיקע שפּראַך אַרויסגענומען פון לעבעדיקן באַנוץ פון דער מאַסע און אים באַגרענעצט מיט דער ספערע פון ליטעראַטור, רעליגיע, טיילווייז שול. דעם פעלנדיקן פוס האָט מען פאַרביטן מיט אַ קינסטלעכן — דעם „זשאַרגאָן", און אויף אָט די צוויי פיס האַלט זיך דאָס פאָלק שוין וויפיל יאָרהונדערטער (אַזוי ווי אין די גאָר אַלטע צייטן ביים דואַ־ליזם פון דער העברעישער און דער אַראַמעישער שפּראַכן). איז שוין

---

*) זי מיין פאָרשאַרבעט „די גערעדטע שפּראַך פון די פּויליש־ליט־ווישע יידן אין 16טן און אין דער ערשטער העלפט 17טן יאָרהונדערט", יעווריייסקאַיאַ סטאַרינאַ 1909, ב. 1.

אין דער העברעישער אויסגאַבע איז אָנשטאָט די אָקאָרשט געבראַכ־טע דריי שורות, אַריינגעגעבן די ווייטערדיקע פון ש. דובנאָוו: „אין דער לעצטער עפּאָכע שטייט די לעבעדיקע פאָלקשפּראַך אין צענטער פון דער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק אין די תפוצות, און די שאַפונגען פון אירע שרייבער ווערן איבערגעזעצט אויף אַ סך אייראָפּעישע שפּראַכן". (באַמ. פון איב.).

**) די ווערטער אין קלאַמערן זיינען אין דער העברעישער אויסגאַ־בע — אַרויסגענומען. (באַמ. פון איב.).

זשע קען ביי די נאַציאָנאַליסטן, וואָס פאַרלייקענען ניט דעם גלות, אַנט־שטיין דער געדאַנק אָט דעם קינסטלעכן פּוס אַוועקצונעמען און נישט באַנוצן זיך מיט אים מיט דער כוונה פון נאַציאָנאַלער שטאַנדהאַפטי־קייט? דאָס וואָלט דאָך געמיינט פאַרמשפּטן דאָס פאָלק (אויב עס וואָלט נאָר געווען נאַיוו און געפאָלגט די געפערלעכע עצה) — תיכף אַוועקצו־פאַלן.

ווען די שפּראַכן־פראַגע וועט אין אונדזער ליטעראַטור אַוועקגעשטעלט ווערן אין דער גאַנצער ברייטקייט, ווען מען וועט זי באַטראַכטן נישט לויטן קוק פון דער אָדער יענער פּאַרטיי צי ליטעראַרישער גרופּע, נאָר פון אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן קוקווינקל, דעמאָלט וועלן די נאַציאָנאַליסטן, וואָס פאַרלייקענען נישט דעם גלות, נישט קומען צו אַזעלכע פאַלשע גע־דאַנקען. אויף וויפיל מיר „אָנערקענען" יאָ די נאַציאָנאַלע דיאַספּאָרע, אויף אַזוי פיל מוזן מיר אויך אַנערקענען דעם „זשאַרגאָן", ווי איינעם פון די כלי־זין אין קאַמף פאַר אויטאָנאָמיע, צוגלייך מיט דער העברע־אישער שפּראַך און מיט אַנדערע פאַקטאָרן פון אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור.

— 2 —

## שלילת הגלות און חיוב הגלות אין אחד העמס לערע.*)

אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פון אונדזער תקופה פאַרנעמט אחד העם אַ באַזונדער אָרט, אויפן גרענעץ צווישן אָפיציעלן ציוניזם און נאַציאָנאַליזם (אין אַלגעמיינעם באַגריף). מיט זיין גרויסער ליטעראַרישער פּאָזיציע פּאַרפילט ער דעם גאַנצן חלל, וואָס טיילט אָפּ די פאַרלייקענערס פון גלות — פון זיינע יאָ ־ זאָגער. אין פאַרלויף פון דער צייט און מיט דער אַנטוויקלונג פון אידעען, ווערט אחד העמס שיטה וועגן אַ „גייסטיקן צענטער" אַלץ מער פאַרוואַנדלט אין אַן אויסגלייך־כוח צווישן די בויער פון ציון און די, וואָס בויען דעם גלות אין נאַציאָנאַלן גייסט. זי זינט ווי אַ בריק צווישן די צוויי עקסטרעמען פון דער נאַציאָנאַלער מחנה, און איר באַזונדערע אויפגאַבע איז: צו פאַראייניקן די כוחות, וואָס אַרבעטן פּאַר דער נאַציאָנאַלער ווידעראויפלעבונג, אָפּצורייניקן דעם פּלאַץ פּאַר אַ נאַציאָנאַלן סינטעז.

כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל — פאַראייניקן דעם ריס אינעם נאַציאָנאַלן לאַגער מיט דער הילף פון אחד העמס שיטה, — דאַרף מען קלאָר מאַכן איין גרונט־געדאַנק, וואָס איז נאָך נישט גענוג אויפגעקלערט געוואָרן אין דעם דאָזיקן שרייבערס סיסטעם, און דאָס איז: אין וואָס פאַר אַ מאָס שטייט דער שעפער פון דער דאָזיקער שיטה אויף דער זייט פון די גלות־פאַרלייקענער, און ווי ווייט גרייכט זיין דערנעענטערונג צו די גלות־יאָ־זאָגערס, וועלכע פאַרלאַנגען אַן אָרגאַניזירטע נאַציאָנאַלע טעטיקייט אין אַלע תפוצות ישראל, אַ טעטיקייט לשמה און נישט לשם דער איינהייטלעכקייט פונעם „צענטער" און זיין אַרום?

ווי געזאָגט, די אויפקלערונג פון אָט דער פראַגע איז זייער וויכטיק סיי טעאָרעטיש און סיי פראַקטיש, — עס וועט דאָך קומען אַ טאָג, ווען

---

*) פאַרעפנטלעכט אין „השלוח" כרך לו, 1914, אין דעם העפט, וואָס איז געווידמעט דעם יובל פון אחד־העמען — עס איז דעמאָלט געוואָרן 25 יאָר, זינט ער האָט אָפּגעדרוקט זיין ערשטן אַרטיקל „לא זה הדרך".

מען וועט נעמען רעדן וועגן אַ שותפותדיקער אַרבעט פון די נאַציאָנאַ־ליסטן מיט די ציוניסטן. זינט יענעם טאָג, ווען אחד העם האָט פאָרמו־לירט זיין לערע, האָב איך זיך באַמיט אַ סך מאָל — אין קריטישע אָפּ־האַנדלונגען און אין פּערזענלעכע דיסקוסיעס — אויפצוקלערן די דאָזי־קע פראַגע, און ביז היינט האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן צו באַקומען אַ פּאָזיטיווע פאַרענטפערונג, הגם מיר האָבן ביי די פּאַרהאַנדלונגען דער־גרייכט אַ פּונקט, וואָס איז זייער נאָענט צו דער דערוואַרטעטער פאַרענט־פערונג.

די כוונה פון מיין היינטיקן קורצן אַרטיקל איז זיך אָפּצושטעלן אָט אויף יענעם פּונקט און אַרויסברענגען אַן ענטפער, וואָס ביידע נאַציאָנאַלע ריכטונגען זאָלן אים קאָנען אָננעמען, — זיי האָבן דאָך צווישן זיך אַ בולטע נאָענטקייט פון גייסט. איך וויל זיך פאַרטיפן אַ ביסל אין אחד העמס לערע און פּרוּוון קומען צו אַן אַלגעמיינעם אויספיר, — ער אַליין האָט נאָך אַזעלכן נישט פעסטגעשטעלט ענדגילטיק, אָבער דאָס קומט ממילא אַרויס פון אַ צאָל פּרטימדיקע אויספירן, וואָס אונדזער מחבר האָט גע־מאַכט ביים אַנטוויקלען זיין טעאָריע. נאָך צענדליקער יאָרן פונעם וויכוח צווישן דעם גייסטיקן ציוניזם און דעם גייסטיקן נאַציאָנאַליזם, פיל איך פאַר מיין מאָראַלישן חוב צו באַשטעטיקן, אַז מיר האָבן סוף כל סוף דערגרייכט אין אונדזער וויכוח אַ „פאַרשטענדיקונג״ און אַז מיר האָבן דאָ אַ געוויסן יסוד פאַר אַ נאַציאָנאַלן סינטעז אין דער צוקונפט. און אפשר וועט גוט אויפגענומען ווערן אָט די אָרעמע מתנה מיינע, וואָס איך טראָג צו צו דער היינטיקער אויסגאַבע פון „השלוח״, געווידמעט דעם אויסגעצייכנטן שריפטשטעלער, — אָט די מתנה איז אַ געמיש פון צו־קונפט־האָפענונגען מיט זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון יענע 25 יאָר, זינט איך אָבסערוויר פון דער נאָענט, ווי אַזוי עס איז געוואַקסן דער שריפטשטעלער און צוזאַמען מיט אים די ליטעראַטור פון יענעם דור.

* * *

אַ לאַנגע צייט האָט מען אחד העמען באַטראַכט פאַר אַן עקסטרע־מען גלות־פאַרלייקענער. אין זיינע ערשטע אַרטיקלען („קנעכטשאַפט אין פרייהייט״, „פראַגמענטן״ א״א) איז אויסגעשפּרייט אַ שוואַרצער שלייער איבערן גלות; אָט דער „חושך מצרים״ איז מסוגל געווען אָפּצווווישן אַלע האָפענונגען ביים דור פון עמאַנציפּאַציע און השכלה. נאָר אַ קליינער שטראַל האָט דורכגעדרונגען פון דער וווייטנס אָט די פינצטערניש: דער געדאַנק וועגן „ענדערן דעם צענטער״; אין יענער צייט, ביים אָנהייב פו־נעם ישוב ארץ ישראל, האָט מען נאָך נישט געפילט אָט די פאָרמולע, און זי איז נישט אַריינגעדרונגען אין די הערצער. אָבער יעדערער, וואָס האָט זיך אַריינגעטראַכט אין אחד העמס לערע אפילו אין יענער צייט — אין דער תקופה פון די „חובבי ציון״ — האָט געקענט אַרויסזען דעם אונ־

טערשייד צווישן שלילת הגלות, וואָס קומט אַרויס פון די טיפענישן פון דער „יידישקייט־נויט" — און יענעם אויבנאויפיקן שלילת הגלות, וואָס קומט פון דער „יידן־נויט" און דאַרף דינען פאַר דער אַגיטאַציע און פאַרשפּרייטונג פונעם חיבת־ציון־געדאַנק אין זיין קינדערישער פאָרם — צו ראַטעווען דאָס גאַנצע יידישע פאָלק דורך דער קאָלאָניזאַציע פון ארץ ישראל. אָבער די מענטשן פון יענעם דור האָבן נישט געפילט דעם דאָזיקן אונטערשייד. אפילו אחד העם אַליין, וואָס האָט אַזוי קלאָר און בולט אַרויסגעבראַכט די הויפּטפּונקטן פון זיין לערע וועגן אויפלעבן דעם נאַציאָנאַלן גייסט דורך „אויפריכטן צוריק דעם צענטראַלן פּונקט" אין ארץ ישראל, האָט אויך נישט פעסטגעשטעלט קיין גרענעצן אין פּרט פון גלות־פאַרלייקענונג.

אין קלאָרערע שטריכן האָט אחד העם פעסטגעשטעלט די גרענעץ פון דער גלות־נעגאַציע ערשט דעמאָלט, ווען ער איז אַרויס אין אַ פּאָלעמיק מיט די פּאָליטישע ציוניסטן. אין די יאָרן פון די ערשטע קאָנגרעסן און פון שטאַרקסטער באַגייסטערטקייט פאַר הערצלס לאָזונגען, האָבן זיך דערהערט אַזעלכע ניכטערע רייד זיינע („על פרשת דרכים", ב. 2, ז. 24 א"וו):

„ביטער איז דער אמת, אָבער מיט זיין גאַנצער ביטערקייט איז ער בעסער איידער די אילוזיע. מיר דאַרפן זיך מודה זיין, אַז קיבוץ גליות איז אַ זאַך פון איבער דער נאַטור. בדרך הטבע איז מעגלעך, אַז אין יאָרן און יאָרן אַרום וועלן מיר אויפבויען אַ יידישע מלוכה; מעגלעך, אַז יידן וועלן זיך דאָרטן פאַרמערן און פאַרפעסטיקן און זיי וועלן פאַרפילן דאָס גאַנצע לאַנד. אָבער אפילו דעמאָלט וועט די מערהייט פון פאָלק פאַרבלייבן צעזייט און צעשפּרייט אין פרעמדע לענדער, און עס וועט אוממעגלעך זיין צונויפצונעמען זיי אַלע פון די פיר עקן וועלט: אַזוינס קען מבטיח זיין נאָר די רעליגיע, דורך אַ גאולה פון ניסים. איז אויב אַזוי, אויב אַ „יידישע מדינה" מיינט נישט דאָס זעלבע וואָס „קיבוץ גליות", נאָר זי באַטייט באַזעצן אַ קליינעם טייל פון פאָלק אין ארץ ישראל, — וואָס זשע וועט דעמאָלט זיין מיט די פיזישע צרות ביי דער מערהייט פון פאָלק אין די לענדער פון דער צעשפּרייטקייט?"...

נאָך דעם ווי אחד העם האָט אויסגעדריקט אַזאַ מיינונג, האָט ער שוין מער נישט געקענט זיך באַגרענעצן מיט סתם אָנווייזונגען, אַז דאָס ראַטעווען דעם נאַציאָנאַלן גייסט אין גלות הענגט אָפּ בלויז פון שאַפן אַ ציוניסטישן צענטער און פון זיין אויסווירקונג; ער האָט דערפילט די

גויטווענדיקייט צו פאָרמולירן די פּראַקטישע פּרינציפּן פון דער ווידער־אויפלעב־אַרבעט אינעם זעלבן גלות, — און דאָס איז דאָך געווען אין דער בחינה פון „באַשטעטיקן די רעאַליטעט" (אין אָביעקטיוון זינען). דער־מאָלט האָט ער אין זיין „תחית הרוח" (1903) פאָרגעלייגט אַ פּראָגראַם פון קולטור־אַרבעט: פאַרשטאַרקן די העברעישע ליטעראַטור און שטרעבן צו קאָנצענטרירן אַרום איר די אַלע כוחות, וואָס זיינען צעשפּרייט אין פרעמדע ליטעראַטורן; „פאַרכאַפּן די שולן", דערציונג אין נאַציאָנאַלן גייסט, — אַלץ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן, אין וועלכע עס האָבן אין יענער צייט אָנטיילגענומען אַ סך פון די בעסערע ציוניסטן און פון די נאַציאָנאַליסטן.

אָבער אויך מיט דעם האָט אחד־העם נישט יוצא געווען זיין חוב, און ווען די פראַגע וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין די גלות־לענדער האָט צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט — פריער אין דער ליטעראַ־טור און שפּעטער אין די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען פון די יידישע פאַרטייען, — איז דער שעפער פון דער טעאָריע וועגן „גייסטיקן צענטער" געצוואונגען געווען אויפצוקלערן זיין באַציונג צו דער דאָזיקער פראַגע און פעסטשטעלן מיט מער פּינקטלעכקייט, וואָס פאַר אַ מאָס נעגאַציע און אַקצעפּטאַציע פון גלות נעמט אריין די טעאָריע פון די „גייסטיקע ציוני־סטן". דער דאָזיקער ענטפער איז געקומען — אמת מיט אַ פאַרשפּע־טיקונג — אין אַ קורצן און שאַרפן אַרטיקל פון אחד העם אונטערן נאָ־מען „שלילת הגלות" (1909) — איינער פון די פיינסטע אַרטיקלען זיי־נע, וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיין סטיל און מיטן גלאַנץ פון זיינע געדאַנקען („על פרשת דרכים", ב. 4, ז"ז 116—160).

אין אָט דעם אַרטיקל איז דער מחבר מודה: שלילת הגלות אין אָביעק־טיוון זינען, מיט אַנדערע ווערטער — אָנערקענען, אַז אָן אַ „יידישער מלוכה" קען אונדזער פאָלק בכלל נישט עקזיסטירן אין דער צוקונפט, ווי אַ באַזונדער נאַציע, — אָט דער געדאַנק איז אין סתירה צו „דעם ווילן צו עקזיסטירן, וואָס לעבט אין האַרצן פון פאָלק; עס איז נישט זיין דרך מסכים צו זיין אויף אַ תנאי־עקזיסטענץ (טאָמער וועט דער תנאי נישט קענען אויסגעפירט ווערן); דאָס יידישע פאָלק בכלל פילט נאָך אין זיך אַ ווילן און אַ כוח צו לעבן ביי אַלע באַדינגונגען, אָן שום „טאָמער" און „אויב", און דעריבער לאָזט אים נישט זיין נאַטירלעכער אינסטינקט אָנ־צונעמען אַזאַ טעאָריע, וואָס זאָגט אים: „ווילסטו לעבן — גיי אַרויס פון גלות!" — אינטואיטיוו פילט דאָס פאָלק, אַז דאָס איז אַ טאָפּעלער תנאי, און אַז אָננעמען די ערשטע העלפט פון דעם תנאי ברענגט צום אָננעמען אויך די צווייטע העלפט: אויב עס וועט זיך נישט איינגעבן דער פרואוו צו פאַרלאָזן דעם גלות, וועסטו אומקומען — און דאָס פאָלק וויל נאָר לעבן"... און דעריבער צווינגט דער חיוב הגלות, וואָס איז איינגעוואָרצלט

אין הארצן פון פאָלק, „אז דאָס פאָלק זאָל זוכן און געפינען אין יעדער תקופה די פאסיקסטע וועגן אויף איינצוהיטן זיין נאציאָנאַליטעט און איר אנטוויקלונג, צוגעפּאסט צו די לעבנס־באַדינגונגען, וואָס רינגלען אים ארום".

וואָס זשע איז דער באזיס פאר דער דאָזיקער נאציאָנאַלער פארהיטונג? — די נאציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין אַלע תפוצות ישראל. פרעגט אָבער דאָ אחד העם: אויטאָנאָמיע — אין וואָס פאר א מאָס? ער נעמט אָן „ווי כמעט א זיכערע זאך, אז אויך די אויטאָנאָמיסטן אָנערקענען, אז די אויטאָנאָמיע אין גלות פארמאָגט נישט גענוג כוח צו מאכן אונדזער לעבן פול און גאַנץ אויף אַן אמת; זיי זאָגן נאָר, אז דער ווילן צו נאַציאָנאַלן קיום פאָדערט פון אונדז, מיר זאָלן קעמפן פאר נאציאָנאַלע רעכט אין גלות, כדי אויסצובררייטערן דעם באזיס פון אונדזער נאציאָנאַלן לעבן ביז צו דער גרענעץ פון מעגלעכקייט. און וויבאַלד די טעאָריע וועגן אויטאָנאָמיע באַקומט אזא באַשיידענע פאָרם, צווייפל איך, צי עס וועט זיך געפינען איין אמתער ייד, וואָס זאָל סוביעקטיוו זיין איינגעשטעלט קעגן דער טעאָריע, ד"ה, ער זאָל נישט וועלן אויסברייטערן אונדזערע נאציאָנאַלע רעכט אין גלות און זאָל נישט געפינען פאר נייטיק צו ארבעטן לטובת דעם, וואו נאָר ס'איז מעגלעך. אויב עמעצער פארלייקנט די דאָזיקע טעאָריע, איז עס נאָר צוליב אָביעקטיווע טעמים: זיי באַטראַכטן די אויטאָנאָמיע נישט אין די „גרענעצן פון מעגלעכקייט", נאָר פון יענער זייט פון אָט דער גרענעץ, ווייל לויט זיי איז אונדזער מצב צווישן די פעלקער בכלל נישט מסוגל צו ברענגען די גרעסערע מלוכות צו דעם, אַז זיי זאָלן אָנערקענען אונדזערע נאציאָנאַלע רעכט". און דאָ זעט אחד־העם דעם איבערגאַנג פון דער אויטאָנאָמיע־טעאָריע צו דער „צענטער"־טעאָריע: „וויבאַלד די טעאָריע פון די אויטאָנאָמיסטן אָנערקענט, אז אויטאָנאָמיע איז נישט קיין פולע פארענטפערונג, נאָר מיר דארפן זיך באַמיען זי צו פארווירקלעכן, לויטן כלל „בעסער ווייניק איידער גאָרנישט", איז זי דאָך געצוואונגען מודה צו זיין אויך, אז מיר דארפן זוכן נאָך אַנדערע וועגן, ראַדיקאַלערע, כדי צו פארשטאַרקן אונדזער נאציאָנאַליזם און אויסברייטערן אונדזער נאציאָנאַל לעבן, לויט אַן אַנדער כלל: בעסער מער איידער ווייניק". און מיט אָט דעם וועג גייט טאַקע יענע „ציוניסטישע גרופע" (די אָנהענגער פון א צענטער), „וועלכע אונטערשיידט זיך פון די אמתע ציוניסטן מיט דעם, וואָס זי אָנערקענט נישט דער קיבוץ גליות און זי פארלייקנט נישט דעם קיום אין גלות; אדרבה, באטראַכטנדיק דעם גלות ווי א פערמאַנענטע דערשיינונג, וואָס מיר זענען נישט אימשטאַנד אים בטל צו מאכן, פאָדערט די ריכטונג צו שטאַרקן אונדזער נאציאָנאַל לעבן אין גלות, זי האַלט אָבער, אז דער איינציקער .וועג דערצו איז שאפן א שטענדיקן צענטער פאר אונדזער נאציאָנאַלן לעבן אינעם לאַנד פון זיין

נאַטירלעכער עקזיסטענץ". און סוף כל סוף, האָט אחד העם, וועלן אויך די אויטאָנאָמיסטן זיין געצוואונגען „צו ווענדן זייערע אויגן אויף מזרח און צוגעבן זייער טעאָריע אַ נייע פאָרם פון „האָט זיך ביי דעם, אָבער לאָז נישט אַרויס פון האַנט אויך דאָס אַנדערע": מע דאַרף אויסבעסערן און אויסברייטערן אונדזער נאַציאָנאַל לעבן אין גלות ביז גאָר דער גרעניץ פון מעגלעכקייט, אָבער גלייכצייטיק זוכן אַ פולע לייזונג פון יענער זייט גרענעץ פון גלות".

ווייל איך דאָ נישט באַנייען דעם וויכוח צווישן דעם גייסטיקן ציוניזם און דעם נאַציאָנאַלן אויטאָנאָמיזם. איך האָב שוין בשעתו געענטפערט אויף אחד העמס אַרטיקל „שלילת הגלות" *). און מע קען זאָגן, אַז אין די צוויי עסייען זענען ביידע דיסקוטירנדיקע צדדים געגאַנגען ווי מעגלעך ווייט אין זייער שטרעבונג צו פאַראייניקן די פראַקציעס אינעם לאַגער פון נאַציאָנאַליזם. עס רעדט זיך נישט וועגן אַ פשרה צווישן די צדדים, ווייל ווען עס האַנדלט זיך וועגן פּרינציפּיעלע חלוקי דעות, איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר פשרות; פאַרקערט, עס רעדט זיך וועגן דעם, אויף וויפיל יעדע פון די צוויי שיטות צווינגט אירע פאַנאַטישע איבערצונגען פון דער אַנדערער שיטה יענע אויספירן, וואָס זענען שותפותדיק פאַר ביידן, — אויב נישט פאַקטיש, איז פּאָטענציעל.

איך האָב שוין אַרויסגעזאָגט מיינע מיינונגען אינעם דערמאָנטן אַרטיקל, דאָ וועל איך זיי נאָר קורץ רעזומירן: די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיסטן אַנערקענען דעם באַטייט און דעם איינפלוס פונעם קולטור־צענטער אין ארץ־ישראל און זיי האַלטן פאַר זייער חוב אַריינצונעמען אין זייער פּראַקטיק די אַרבעט אויף צו שטאַרקן און אַנטוויקלען דעם צענטער, בתנאי אַז די דאָזיקע פּרט־אַרבעט זאָל פאַרבונדן ווערן מיט דער גאַנצער אַרבעט — אויף צו שטאַרקן די נאַציאָנאַלע קולטור און די געזעלשאַפטלעכע אויטאָנאָמיע אין אַלע לענדער „אין די גרענעצן פון מעגלעכקייט". איך זיץ איצט און פאַרטיף זיך אין אחד העמס תורה (ווייל זי איז אַ תורה, און מען דאַרף זי שטודירן), און איך נעם אַרויס פון איר דעם אויספיר, וואָס דער שעפער פון דער תורה האָט קוים אָנגעצייכנט, אָבער ער האָט זי נישט איינגעשטעלט ווי אַ כלל; איך האָף שטאַרק, אַז אויב ער אַליין וועט דאָס נישט טאָן, וועלן דאָס פאַרענדיקן זיינע תלמידים און זיי וועלן פעסטשטעלן דעם געזעץ.

אויף וויפיל די גייסטיקע ציוניסטן „האַלטן זיך נישט ביים געדאַנק פון קיבוץ גליות און זיי פאַרלייקענען נישט דעם קיום אין גלות, נאָר אדרבה זיי באַטראַכטן דעם גלות פאַר אַ פּערמאַנענטע דערשיינונג און זיי פאָדערן מע זאָל פאַרשטאַרקן אונדזער נאַציאָנאַל לעבן אין גלות", —

---

*) דער אַרטיקל פון „יעווריסקי מיר", וואָס איז געדרוקט אויבן.

אויף אַזוי פיל טאָרן זיי נישט און קענען נישט באַטראַכטן ווי דעם „איינציקן וועג דערצו דאָס שאַפן אַ שטענדיקן צענטער פאַר אונדזער נאַציאָנאַליטעט אינעם לאַנד פון איר נאַטירלעכער עקזיסטענץ" (אין ארץ־ישראל); און פונקט אַזוי ווי אחד־העם ראָט עס די אויטאָנאָמיסטן, אַזוי וועלן אויך די גייסטיקע ציוניסטן זיין געצוואונגען זיך אָנצוהאַלטן איןביידע זאַכן: „צו פאַרבעסערן און צו פאַרברייטערן אונדזער נאַציאָנאַל לעבן אין גלות אין גאָר דער גרענעץ פון מעגלעכקייט און אין דער זעל־בער צייט זוכן אַ פולשטענדיקע לייזונג פון יענער ייט גרענעץ פון גלות". דאָס איז דאָס רעכט און די פליכט פון ביידע דיסק ירנדיקע צדדים, וואָס שטרעבן צו דער שלמות און אינטעגראַציע פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק, וואָרעם אויך די אַרבעט אויף צו אַנטוויקלען אַ גייסטיקן צענטער אין ארץ־ישראל, וואָס זאָל האָבן אַ השפעה אומעטום, געהער דאָך סוף כל סוף צום קרייז אַקטיוויטעטן, וואָס מע קען דורכפירן נאָר „אין די גרענעצן פון מעגלעכקייט", נאָר אויף וויפל מיר וועלן זיין אימשטאַנד צו באַזייטיקן די פּאָליטישע און די קולטור־שטערונגען. דער גלות קעמפט קעגן דער „יידישקייט־נויט" מיט אַלע וועגן, וואָס ער האָט אין זיין רשות, און נישט נאָר מיטן וועג פון אויסוואַנדערונג קיין ארץ ישראל, — פאַרוואָס זשע איז ער וויניקער באַרעכטיקט? אין דער זעלבער מאָס וואָס דער נאַציאָנאַליסט איז פאַרפליכטעט אָנטייל צו נעמען אין דער אַרבעט פאַר אויפלעבן ארץ ישראל, אין דער זעלבען מאָס איז דער ציוניסט וואָס פאַר־לייקנט נישט דעם גלות — מחויב אָנטייל צו נעמען אין דער אַרבעט פאַר אויפלעבן דאָס פאָלק ישראל אין אַלע לענדער און צו באַנוצן זיך מיט אַלע קאַמפמיטלען, וואָס זענען אָנגענומען ביי די אַנדערע פעלקער, וועל־כע קעמפן פאַר זייער קיום, — אפילו אויב אַזאַ ציוניסט גלייבט נישט, אַז דער דאָזיקער ציל וועט פולשטענדיק דערגרייכט ווערן.

וויפיל מאָל איז שוין איבערגעחזרט געוואָרן אין אחד־העמס שיטה אָט דער פּרינציפּ (אַ פּרינציפּ, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ווי אַ דעפי־ניטיווער פּסיכאָלאָגישער און היסטאָרישער אמת): נישט דאָס דערגרייכן דעם ציל איז דער עיקר, נאָר דאָס שטרעבן צו אים. די שטרעבונג אויפ־צושטעלן אַ גייסטיקן צענטער פּירט שוין ממילא צום פאַרשטאַרקן די קאָנצענטראַציע פון כוחות אין גלות. דאָס איז דאָך דער הויפּט־יסוד פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע: אונדזער פאָלק איז לעבן געבליבן און עס וועט פאַרבלייבן אין גלות אויף אַזוי פיל, אויף וויפל עס האָט גע־שטרעבט און וועט שטענדיק שטרעבן צו אויטאָנאָמיע, צו אינערלעכער זעלבשטענדיקייט, צו נאַציאָנאַלער קולטור אין דער צעשפּרייטקייט, הגם די דאָזיקע שטרעבונג איז ווייט פון דעם אידעאַלן ציל. מיטן כוח פון אָט דער שטרעבונג ציען מיר ווייטער דעם פאָדעם פון אונדזער נאַציאָ־נאַלן לעבן. און אויב עמעצער וועט פרעגן: פון וואַנען וועט מען שעפּן אָט די שטרעבונג, אָט דעם ווילן צו אַ נאַציאָנאַלן לעבן? — וועלן מיר

ענטפערן מיט אחד העמס ווערטער: „פונעם ווילן צו עקזיסטענץ... וואָס פירט אונדזער פאָלק צו גלייבן אין דער מעגלעכקייט פון זיין נאַציאָנאַלן קיום אין גלות און צו זוכן די געהעריקע וועגן אויף איינצוהיטן זיין נאַציאָנאַליטעט און זי אַנטוויקלען אין הסכם מיט די לעבנס־באַדינגונגען, וואָס רינגלען עם אַרום" („על פרשת דרכים", ב. 4. ז' 109). אויב אָבער ס'איז אַזוי, האָבן מיר פאַר זיך צוויי שטרעבונגען, וואָס אין דער אמתן איז עס איינע: אויפצולעבן די מערהייט פון פאָלק אין גלות און זיין מינדערהייט אין ארץ ישראל. און ווער עס נעמט אָן איינע פון די שטרעבונגען, קען זיך נישט באַפרייען פון דער צווייטער, ווייל די ביידע רענעסאַנס־אידעען זיינען צוויי זייטן פון דער זעלבער מטבע.

אחד העם איז אין זיין אינערלעכן באַנעם טיף, און זיין לערע איז קלאָר, ער פאַרשיכורט זיך נישט מיט קיין שום געדאַנק — ווי טייער ער זאָל אים נישט זיין — און ער פאַרלירט נישט דעם חוש פאַר רעאַליטעט; דערפאַר האָט ער געוואָגט אָפּצוטרעטן פונעם אָנגענומענעם וועג אין זיין סביבה, דעם וועג פון שלילת הגלות. אָט דער לערער און פירער האָט נאָך ווייט נישט פאַרענדיקט זיין שליחות אין לעבן. מיט אַ יאָר צוריק האָט ער פאַרענדיקט זיין גרויסן ספר „על פרשת דרכים", אָבער זיין לערע איז נישט פאַרענדיקט. די יידישע עפנטלעכקייט איז באַרעכטיקט צו דערוואַרטן פון אחד העמס פעדער נייע שאַפונגען וועגן די פּראָבלעמען, וואָס פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין דער יידישער וועלט, איבער דער טעאָריע וועגן דער עוואָלוציע פון גלויבן און וויסן, פון עטיק און פון דער אידעע פון נאַציאָנאַליזם. און ווען אחד העם וועט דערגרייכן אָט דעם שפּיץ באַרג, בין איך זיכער, אַז ער וועט שאַפן דעם נאַציאָנאַלן סינטעז, ווי אַ לאָגישן המשך פון זיין ביזאהעריקער לערע און ווי אַ נייעם זעלבשטענדיקן דרך — אַן אָפּצווייג פון זיין „פרשת דרכים".

און איך פאַרענדיק מיט אַזאַ ברכה פאַר אחד העמען צו זיין ליטעראַרישן יובל: זאָל אים זיין באַשערט, אַז זיין לערע זאָל דערגרייכן צו העכסטער שלימות, און ער זאָל פאַרנעמען ביי אונדז דעם פּלאַץ פון אַ פאַרמיטלער, וואָס אויף אים שפּאַרן זיך אָן ביידע פליגלען פון אונדזער נאַציאָנאַלן לאַגער, און דעמאָלט וועט דער „אחד העם" (איינער פון פאָלק) ווער דער „מאחד העם" (פאַראייניקער פון פאָלק), — ער וועט ווערן דער וויכטיקער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון נאַציאָנאַליזם ביים יידישן פאָלק.

ס. פעטערבורג, 1914 *).

---

*) דער אַרטיקל איז דורך ש. דובנאָוו געשריבן אָריגינעל אין העברעיש. אויף יידיש איבערגעזעצט — ח. ש. קאַזדאַן. (באַמערקונג פון פאַרלאַג.)

### הוספה „א“ צום פינפטן בריוו

# וועגן נאַציאָנאַלער דערציונג

## אַ פּלאַן פון אַ שול־רעפאָרעם *)

ביי היינטיקן טאָג עקזיסטירן צוויי טיפּן יידישע שולן: 1) די ספּעציעלע שול (דער חדר, די אַלטע תלמוד־תורה, די ישיבה), וואָס געניסט פון אַ באַדייטנדיקער אויטאָנאָמיע, אָבער וואָס גיט נאָר יידיש וויסן, און דאָס איינזייטיק, אָן אַ סיסטעם; 2) די שול פאַר אַלגעמיינער בילדונג (יידישע עלעמענטאַרע און מיטלשול — „קאַזיאָנע“ (מלוכהשע — איב.), געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע), וואָס זענען מער אונטערגעוואָרפן דער השגחה פון דער רעגירונג, און וואָס גיבן די קינדער נאָר אַלגעמיינע בילדונג, אָן יידיש וויסן, אָדער אין זייער אַ קליינער דאָזע, און וואָס רוסיפיצירן אין אַ באַדייטנדיקער מאָס די תלמידים. די שולן פוןביידע טיפּן נייטיקן זיך אין אַ גרונטיקער רעפאָרעם, וואָס ערטערווייז האָט זי זיך

---

*) דעם טייל פון בריוו „וועגן נאַציאָנאַלער דערציונג“ האָב איך אין דער איצטיקער אויסגאַבע אויסגעטיילט פון טעקסט אין אַ באַזונדער הוספה, מחמת דער פּלאַן פון אַ שול־רעפאָרעם, צוגעפּאַסט צו די אומשטענדן פון דער לעצטער צייט (1902), קאָן בקרוב ווערן אויסגעברייטערט און דורכגעפירט אין אַ ראַדיקאַלערער פאָרעם, אויב אין רוסלאַנד וועט זיך פאַרפעסטיקן אַ באמת קאָנסטיטוציאָנעלער רעזשים. איך מיין אָבער, אַז די „הוספה“ האָט מער ווי אַ היסטאָרישן אינטערעס. דער מצב פון יידישן שולוועזן, וואָס איז דאָ אָנגעצייכנט געוואָרן, האָט זיך כמעט נישט געענדערט אין די לעצטע פינף יאָר, און בכן דאַרף עס גענומען ווערן אין אכט ביי דער פאָרשטייענדיקער ראַדיקאַלער רעפאָרעם; וואָס שייך די אַלגעמיינע דיכטליניעס פון דער רעפאָרעם, וואָס איך האָב אָנגעוויזן, קאָנען זיי רעקאָמענדירט ווערן אויך איצט, נאָך אין אַ ברייטערן מאַשטאַב. דער היסטאָרישער אינטערעס פון איצטיקן בריוו באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט אַרויסגערופן אַן אייגנאַרטיקן קולטור־קאַמף אין דער געזעלשאַפט און אין דער פּרעסע (אין שייכות מיט איינִיקע געזעלשאַפטלעכע אַרויסטרעטונגען) פאַר און קעגן אַ נאַציאָנאַלער שול, — וועגן דעם רעדט זיך ווייטער, אין דער הוספה „ב“.

אין אייניקע ערטער איז די באַהאַנדלונג פון ענין געקירצט און געענדערט, עס זענען אויך אויסגעלאָזט געוואָרן די צענזור־עופעמיזמען.

שוין אָנגעהויבן אונטער דער השפּעה פון די נאַציאָנאַלע שטרעמונגען אין יידנטום.

דער עיקר חיסרון פונעם אַלטן חדר איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט נישט דערפילט זיין פונקציע פון אַן אַלפאַלקישער שול, אָפּשליסנ־דיק זיך אין די ראַמען פון רעליגיעזער בילדונג, פּונקט ווי ער וואָלט אַלע זיינע תלמידים געגרייט פאַר רבנים. דער חדר איז געווען אַ נאַטירלעכער פּראָדוקט פון דער עפּאָכע, ווען נאַציאָנאַליטעט האָט ביי אונדז געמיינט דאָס זעלבע וואָס אָרטאָדאָקסאַלע יידישקייט. אויפהיטן אָט די סכאָלאַס־טישע שול, מיט אירע פּרימיטיווע מעטאָדן פון בילדונג, מיט איר מיטל־אַלטערלעכער סביבה, איז געוואָרן אוממעגלעך. און דאָס לעבן אַליין רוקט איצט אַרויס אַ טיפּ פון אַ נייעם, רעפאָרמירטן חדר. דער אַזוי גערופענער חדר מתוקן שטעלט מיט זיך פאָר דעם ערשטן פּרואוו פון פאַרוועלטלעכן די יידישע עלעמענטאַרע דערציונג, דעם ערשטן פּרואוו צו באַשאַפן אַ נאַציאָנאַלע שול, אָנשטאָט דער רעליגיעזער. אין דעם נייעם חדר פאַרנעמט דאָס ערשטע אָרט דאָס ריכטיקע דערלערנען לשון־קודש, ווי אַן אינסטרו־מענט פון נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג, ווייטער גייט דאָס לערנען תנך און די שפּעטערדיקע יידישע ליטעראַטור, בשייכות מיט די רעליגיעזע און עטי־שע יסודות פון יהדות. אין אייניקע מוסטער־חדרים איז לשון־קודש אפילו די לערנשפּראַך, אָנשטאָט זשאַרגאָן (דער נאַטירלעכער מעטאָד), און אַזוי אַרום ווערט אונדזער ליטעראַטור שפּראַך אין די שולוועלט די אומגאַנג־שפּראַך.

אָבער דאָס אַלץ איז נאָר אַ קערנדל פון דער יידישער נאַציאָנאַלער שול. אין גאַנץ רוסלאַנד קאָן מען איצט אָנציילן בסך־הכל עטלעכע צענד־ליק חדרים־מתוקנים, קעגן די טויזנטער חדרים פון אַלטן טיפּ. עס איז נאָך נישט געוואָרן אויסגעאַרבעט קיין איינהייטלעכע, באַשטימטע פּראָגראַם פאַר אַלע חדרים־מתוקנים, און עס הערשט נאָך אַ גרויסער פּלאָנטער אין זייערע לערן־מעטאָדן. אַן אַלגעמיינע לערן־פּראָגראַם, וואָס זאָל מחייב זיין אַלעמען, וואָלט געקאָנט אויסגעאַרבעט ווערן אויף אַ צוזאַמענפאָר פון יידישע לערערס, און די חברה „מפיצי־השכלה" וואָלט געקאָנט באַשטימען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אויף צו באַטראַכטן און באַשטעטיקן די נאָרמאַלע פּראָגראַם, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורכן צוזאַמענפאָר. ביי אַן ענערגישער אַרבעט אין דער דאָזיקער ריכטונג, קאָן מען אָוועקשטעלן דעם חדר־מתוקן אויף אַ געהעריקער הויך, און אין משך פון עטלעכע צענד־ליק יאָר ביסלעכווייז באַזייטיקן פון לעבן דעם אַלטן חדר, וואָס האָט אי־בערגעלעבט זיין צייט און וואָס פירט איצט אַ נעבעכדיקע עקזיסטענץ. געבראַכט אין אָרדענונג און ראַציאָנעל אָוועקגעשטעלט, וואָלט דער נייער חדר געקאָנט דינען ווי אַן עלעמענטאַרע פאָלקשול פאַר קינדער נישט נאָר

פאַר פרומע, נאָר אויך פאַר פריידענקערישע עלטערן.

מיר דאַרפן באַזונדערס טייער האַלטן אָט דעם נייעם שולטיפּ, ווי איינעם פון אונדזערע ווינציקע ריין פאָלקישע אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס. דער נייער, רעפאָרמירטער חדר קאָן דינען ווי איינער פון די הויפּט־אינס־טרומענטן אויפצולעבן אונדזער נאַציאָנאַלע שפּראַך. אויב דאָרט וועט באמת זיך איינגעבן צו פאַרפעסטיקן דעם „נאַטירלעכן מעטאָד" פון לער־נען, וועט דאָס זיין דער ערשטער שריט צו פאַרוואַנדלען די שפּראַך פון דאַווענען, פון דער ליטעראַטור און שריפטלעכע באַציונגען — אין אַ לעבעדיקער אומגאַנג־שפּראַך, זאָל זיין אַפילו נאָר אין די ווענט פון דער שול. איך האַלט עס פאַר זייער געוואונטשן, אַז אין חדר זאָל אונדזער אוראַלטע נאַציאָנאַלע שפּראַך קאָנקורירן מיט דער שפּעטערדיקער אומ־גאַנג־שפּראַך, אָדער „זשאַרגאָן", כאָטש איך אָנערקען, אַז אויך דער לעצ־טער האָט אַ גרויסע קולטור־באַדייטונג. דער אידעאַל פון אויפלעבן די שפּראַך פון תנך איז אַזוי הויך, אַז אַפילו דאָס טיילווייזע דערגרייכן אים איז קאָלאָסאַל וויכטיק, ווייל ער איז איינער פון די באַדינגונגען פון אונדזער נאַציאָנאַלער אייניקייט.

איך לאָז אָפן די פראַגע וועגן איינשליסן אין פּראָגראַם פון חדר די עלעמענטאַרע לימודים פון אַלגעמיינער בילדונג און די רוסישע שפּראַך. ביי היינטיקן טאָג איז דורכן רוסישן געזעץ, וואָס שטרעבט פּראַקטיש צו מאַכן ווערטלאָז דעם חדר, פאַרבאָטן דאָרט צו לערנען אַלגעמיינע לימו־דים; די דאָזיקע לימודים ווערן אין ווינציקע חדרים געלערנט באַזונדער, ווי אַ צוגאָב־קורס, און זיי ווערן געלערנט זייער שלעכט. אין תוך גענו־מען זע איך נישט קיין שום שאָדן פאַר דער דערציונג אין דעם, וואָס דאָס קינד אין חדר־עלטער (בערך פון 6 ביז 10 יאָר) וועט זיך לערנען נאָר יידישע לימודים און דערנאָך וועט ער אריבערגיין אין דער אַלגעמיינער שול. די נאַציאָנאַלע דערציונג וואָלט דערפון געוואונען בכלל, ווייל זי וואָלט געווירקט אויף דער נשמה פון תלמיד אין די יאָרן, ווען דאָס קינד איז צום מערסטן אויפנעמפעיק, גלייכצייטיק וואָלט די אַלגעמיינע בילדונג נישט פאַרלוירן, ווייל די קורסן פון דער עלעמענטאַרער און מיטלשול פאַלן צונויף מיטן עלטער פון 10—20 יאָר. אויב אָבער דאָס פּראַקטישע לעבן וועט פאָדערן איינצושליסן עלעמענטאַרע אַלגעמיינע לימודים אין חדר־קורס, וועט מען תמיד קאָנען געפינען אַ מער אָדער ווייניקער לעגאַלע קאָמבינאַציע צו באַפרידיקן די דאָזיקע באַדערפעניש *).

*) איך האָב דאָ גערעדט וועגן חדרים פאַר יינגלעך. די פראַגע וועגן בילדונג פאַר מיידלעך האָט זיך אַ ביסל קאָמפּליצירט דערמיט, וואָס די חדרים פאַר מיידלעך זענען נאָך נישט געוואָרן לעגאַליזירט אָפיציעל. אין צוויי פאַלן האָט דאָס בילדונגס־מיניסטעריום נישט געפונען פאַר מעגלעך צו דערלויבן עפענען אַ מיידלשן חדר, אויפן סמך פון אַ צופעליקער און

די אַלטע תלמוד־תורות, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר געזעלשאַפטלעכע חדרים פאַר אָרעמע קינדער, קאָנען פאַרוואַנדלט ווערן אין גרויסע חדרים־מתוקנים, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן אויפן חשבון פון דער געזעלשאַפט, דערויף דאַרף מען נישט קיין באַזונדערע דערלויבענישן פון דער מאַכט. מיט אַ געהעריקער דערלויבעניש קאָנען זיי אויך פאַרוואַנדלט ווערן אין תלמוד־תורות פון נייעם טיפּ, אין וועלן עס וועלכע אויך געלערנט ווערן אַלגעמיינע לימודים צוגלייך מיט די יידישע, אָבער אַזעלכע תלמוד־תורות געהערן שוין צו דעם טיפּ שולן פאַר אַלגעמיינער בילדונג, וועגן וועלכע איך וועלן רעדן ווייטער.

צום מערסטן האָט געליטן פון דער צעשטערערישערווירקונג פון דער צייט די העכערע ספּעציעלע שול — די ישיבה, וואָס האָט צוגעגרייט ספּעציאַליסטן אין תלמוד און רבנישער ליטעראַטור. נאָר אַ גרונטיקע רע־פאָרעם קאָן ראַטעווען אָט די אונטערגייענדיקע שול פון ענדגילטיקן אונ־טערגאַנג און זי פאַרוואַנדלען אין אַן אינסטיטוציע, וואָס שולט אויס נאַ־ציאָנאַלע לערערס און רבנים. אין די גרויסע קולטור־צענטערן פון תחום־המושב וואָלט מען אָפיציעל געקאָנט פאַרוואַנדלען די ישיבות אין מיטעלע רעליגיעזע לערן־אַנשטאַלטן פון סעמינאַר־טיפּ, כאָטש זיי וועלן נישט טראָגן אָט דעם נאָמען **).

---

טעותדיקער אויסטייטשונג פון געזעץ וועגן מלמדים פון 1893. צווישן אַנ־דערן האָט דאָס מיניסטעריום מאָטיווירט דעם אָפּזאָג דערמיט, אַז כלומרשט פון שטאַנדפּונקט פון דער יידישער רעליגיע איז לערנען מיידלעך יידישע רעליגיעזע דינים נישט געוואונטשן". („ספּראַוואָטשניק", באַנד וועגן בילדונג פאַר יידן, ז' 97). צו באַפעסטיקן דעם דאָזיקן מאָטיוו פאַררופט זיך דער אָפיציעלער מקור אויפן יורה־דעה (קאַפּ. 246, סעיף 6). שוין נישט רעדנדיק וועגן דעם, ווי מאָדנע דאָס איז צו באַגעגענען פאַרטיידיקער און אויסטייטשער פון שולחן־ערוך אין די רוסישע רעגירונגס־קרייזן, — איז אין דערמאָנטן סעיף בכלל נישט פאַראַן קיין פאַרבאָט צו לערנען מיידלעך יידישע רעליגיע: עס זאָגט זיך דאָרט נאָר, אַז אַזאַ מין לערנען איז נישט קיין חוב. דער ווערטלעכער טעקסט פון סעיף 6, קאַפּ. 246 איז אַזאַ: „אַן אשה וואָס לערנט תורה וועט האָבן עולם־הבא, כאָטש נישט אַזוי, ווי אַ מאַן, ווייל זי טוט דאָס נישט מחמת חוב". ווייטער ווערט דאָרט אָנגעוויזן אַז לויט דער מיינונג פון די בעלי־התלמוד איז בילדונג פאַר פרויען נישט נייטיק, עס ווערט אָבער אָנגעגעבן, אַז דאָס איז נאָר שייך צו תורה שבעל־פה (תלמוד), אָבער נישט צו דער תורה שבכתב (תנ"ך). ווי עס זאָל נישט זיין, דאַרף מען אָנווענדן אַלע באַמיונגען כדי צו לעגאַליזירן חדרים מתוקנים פאַר מיידלעך, אונטער דעם נאָמען, אָדער ווי „פּריוואַטע מיידלשולן".

**) לאָמיר דערמאָנען, אַז די עקזיסטענץ פון די ישיבות איז לעגאַלי־זירט געוואָרן דורכן ביז איצט גילטיקן געזעץ פון 1844, און אַז דאָס איבעראַנדערשן זיי ווי פּריוואַטע ספּעציעלע שולן אויף נייע יסודות איז נאָך ביז דאָ נישט לאַנג געשטיצט געוואָרן פון דער רעגירונג. זע „ספּראַ־

אין די קליינע שטעטלעך ווידער, וואו די ישיבות געפינען זיך אין רשות פון דער עקסטרעמער אָרטאָדאָקסיע, קאָן מען דאָרט אויסבעסערן די ספּעציעלע פּראָגראַם און די לערן־מעטאָדן ביסלעכווייז, דורך באַווירקן די פאָרשטייער פון די אָרטיקע קהילות און דורך בעסערע משגיחים און לערערס. אין די ישיבות־סעמינאַרן — אויב עס וועט זיך איינגעבן צו לעגאַליזירן אַזאַ רעפאָרעם — וועט מען לערנען, חוץ דעם ברייטן ספּעציעל יידישן קורס, אויך אַלגעמיינע לימודים אין פאַרנעם פון אַ גימנאַזיע־קורס, און די תלמידים, וואָס וועלן פאַרענדיקן די שול, וועלן האָבן דאָס רעכט, נאָכן אויסהאַלטן דעם פעסטגעשטעלטן עקזאַמען, צו זיין רבנים אָדער לערערס פון יידישן וויסן. דורך דעם וועט כאָטש טיילווייז געלייזט ווערן אויך די „רבנים־פראַגע", ביז דער ענדגילטיקער לייזונג דורך גרינדן אַ העכערן „טעאָלאָגישן אינסטיטוט".

אויב אונדזער אַלטע פאָלקשול נייטיקט זיך נאָר אין רעפאָרמען, דורך וועלכע זי זאָל צוגעפּאַסט ווערן צו די באַדערפעניש פון היינטיקן לעבן, נייטיקט זיך אָבער די יידישע שול פאַר אַלגעמיינער בילדונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דער נייסטער צייט, אין נאַציאָנאַליזאַציע. געשאַפן דורך דרויסנדיקער איניציאַטיוו *) און אַנטוויקלענדיק זיך אין אַ צייט, ווען אין יידנטום האָבן דאָמינירט אַסימילאַטאָרישע שטרעמונגען, האָט די דאָזיקע „רוסיש־יידישע" שול געהאַט אין זיך אַ סך רוסישס און ווייניק יידישס. זי האָט ביז איצט ווינציק־וואָס זיך אונטערגעשיידט פון אַ ריין רוסישער שול. און דאָס לערנען דאָרט יידישע לימודים האָט ס'רוב געטראָגן אַזאַ „קאַזיאָנע" (אָפיציעלן — איב.) כאַראַקטער, איז געווען אומיסטן אַזוי פאַררוקט אויף לעצטן פּלאַן, ווי עפּעס אומנייטיקס, אַז עס קאָן נישט זיין קיין רייד, וועגן דעם, אַז אָט דער עלעמענט זאָל האָבן משפּיע געווען אויפן אַלגעמיינעם גייסט פון דער שול. דער דאָזיקער מצב לאָזט זיך גיכער דערקלערן מיט דער נידעריקער נאַציאָנאַלער איכות פון

---

וואָטשנאַיאַ קניגא פּאָ אָבראַז. יעווריעוו" (אינפאָרמאַציע־בוך בנוגע ביל־דונג פאַר יידן), ז"ז 50 און 64 (סטאַטוט פון דער וואָלאָזשינער ישיבה).

*) די רוסיפיקאַטאָרישע טענדענץ פון אוואַראָווס שול־רעפאָרעם איז גענוג באַקאַנט. ווי ווייט עס זענען פאַרגאַנגען אַזעלכע טענדענצן פון די 40־ער יאָרן, קען מען משפטן פון די דאָקומענטן, וואָס זענען פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין מיינע „היסטאָרישע מיטטיילונגען". נר. 13 („ביור־ראָקראַטישעסקיע אופּראַזשניעניא ווי רעשעניאי יעווריסקאַוואָ וואָפּראָסאַ" (ביוראָקראַטישע איבונגען ביים לייזן די יידן־פראַגע), „וואָסכאָד", 1901, נר. 4—5, ווי אויך אין אָפיציעלן „דאָקלאַד" (באַריכט) פון א. י. געאָרגיעווסקי „פּאָ וואָפּראָסו אָ מיעראַך אָטנאָסיטעלנאָ אָבראַזאָוואַניאַ יעווריעוו" (צו דער פראַגע וועגן בילדונג פאַר יידן) (אָפּגעדרוקט אין אַ קליינער צאָל עקזעמפּלאַרן, אין יאָר 1896).

דעם לערער־פּערסאָנאַל, איידער מיט שטערונגען מצד דער מאַכט. דאָס געזעץ האָט אייגנטלעך אָפּגעגעבן די יידישע לימודים אַ גענוג ברייט אָרט אין פּראָגראַם פון דער שול; ווי מיר וועלן זען ווייטער, איז די זאָרג וועגן די יידישע לימודים אין אַ געוויסער מאָס איבערגעגעבן געוואָרן די על־טערן פון די תּלמידים, די לערערס און די אַפּוטרופּסים פון די שולן; מיר האָבן אָבער נישט באַוויזן אויסצונוצן אַפילו אָט די קליינע פּריווילעגיע אויף אָנצוגעבן אונדזער שול אַ פאָלקס־כאַראַקטער, אָדער לכל הפּחות נישט צו דערלאָזן, אַז זי זאָל אָפּגעפרעמדט ווערן פון יידישן לעבן.

אין דער שול פאַר אַלגעמיינער בילדונג, באַשטימט פאַר יידן, מוז על פּי הכּרח הערשן דואַליזם. אין איר פּראָגראַם שטייט אויף איין זייט די מלוכה־שפּראַך מיט דער גרופּע לימודים פון אַלגעמיינער בילדונג, און פון דער צווייטער זייט — די נאַציאָנאַלע שפּראַך מיט דער גרופּע יידישע לימודים. איינשטעלן אַ געוויסע גלייכגעוויכט צווישן די דאָזיקע וויכטיקע פאַקטאָרן פון דערציונג; זאָרגן דערפאַר, אַז די מלוכה־שפּראַך זאָל נישט אַרויסשטויסן די נאַציאָנאַלע (די אָפיציעלע שול־השגחה זאָרגט שוין גאַנץ אייפערדיק, אַז עס זאָל נישט געשען דאָס פאַרקערטע); אַז דאָס לערנען אַלגעמיינע און יידישע לימודים זאָל גיין פּאַראַלעל; און אַז אין שול זאָל ענדלעך אויפהערן צו געוועלטיקן דער גייסט, וואָס איז קעגן די נאַציאָ־נאַלע געפילן פון די תּלמידים, — אָט דאָס אַלץ איז די אויפגאַבע פון די, וואָס ווילן זיך נעמען צו רעפאָרמירן אונדזער שול־דערציונג.

דער יסוד פון דער לערן־פּראָגראַם דאַרף זיין דער עלעמענטאַרער פּרינ־ציפּ, אַז אַ ייד איז מחויב צו קענען צוויי שפּראַכן: די נאַציאָנאַלע שפּראַך — פאַר דעם אינערלעכן קולטור־לעבן, און די מלוכה־שפּראַך — פאַר דעם בירגערלעכן לעבן; אַז ביידע שפּראַכן זענען אים נייטיק, ווי אינסטרו־מענטן פאַר זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג; און, לסוף, אַז פאַר אים איז גלייכ־צייטיק נייטיק אַלגעמיינע בילדונג, ווי אַ מענטשן, און יידישן וויסן — ווי אַ ייד *). בלויז אַרויסגייענדיק פון דאָזיקן פּרינציפּ, וועלן מיר קאָנען איינשטעלן אין שול יענע גלייכגעוויכט, וואָס ביז איצט איז זי אַזוי בולט

*) בעתן שרייבן דאָס אַרטיקל, האָט מען אַפילו נישט געקאָנט חלו־מען וועגן אַן אָפענער קאָנקורענץ פון דריטן עלעמענט אין שול — וועגן דער יידישער שפּראַך, „זשאַרגאָן", וואָס פּרעטענדירט איצט מיט רעכט אויף דער ראָל פון דער לערנשפּראַך אין אונדזערע עלעמענטאַרע שולן, ווי די לעבעדיקע מוטערשפּראַך פון די תּלמידים. איצט אָבער, ווען מיר קעמפן פאַר אַן „אויטאָנאָמער שול אין דער אויטאָנאָמער געזעלשאַפט", דאַרפן מיר ענערגיש זיך איינשטעלן צו פאָדערן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אונדזער לעבעדיקער פאָלקשפּראַך, וואָס קאָן, נישט ווייניקער ווי העברעיש, קעגנ־ווירקן דער רוסיפיקאַציע אין שול און אין לעבן. צו דער פראַגע וועגן „זשאַרגאָן" וועל איך זיך נאָך אומקערן (1907).

געשטערט געוואָרן, צום שאָדן פון אונדזערע היילי־קסטע פאָלקס־אינטערעסן.

ביי היינטיקן טאָג עקזיסטירן דריי קאַטעגאָריעס עלעמענטאַרע שולן פאַר אַלגעמיינער בילדונג: 1) די „קאַזיאָננע" (מלוכהשע — איב.) אָדער עלעמענטאַרע יידישע שולן (לויטן געזעץ פון 1873), 2) געזעלשאַפטלעכע שולן, צו וועלכע עס געהערן אויך די נייע תּלמוד־תּורות, וואָס זענען לעגאַליזירט דורך דער רעגירונג, און 3) פּריוואַטע שולן. די צוגעהעריקייט פון דער שול צו דער אָדער אַנדערער קאַטעגאָריע ווערט באַשטימט דורכן אויסערלעכן סימן: דורך דעם קוואַל פון הכנסה, פון וועלכן דער געגעבענער לערן־אַנשטאַלט ווערט אויסגעהאַלטן. די „קאַזיאָננע" שולן ווערן אויסגעהאַלטן פון דעם ספּעציעלן „סוויעטשני סבאָר" (ליכט־אָפּצאָל — איב.), וואָס געפינט זיך אין רשות פון בילדונגס־מיניסטעריום; די געזעלשאַפטלעכן שולן — אויפן חשבון פון „קאָראָבאָטשני סבאָר" („טאַקסע", שטייער פון כשר פלייש — איב.), און פון אַנדערע ספּעציעלע מיטלען פון די יידישע קהילות; די פּריוואַטע שולן עקזיסטירן אויף די מיטלען פון זייערע באַלעבאַטים. אָפּהענגיק פון בודזשעט־מקור האָט זיך ביי די דערמאָנטע דריי שולטיפּן אויך איינגעשטעלט אַ גרונטיקער אונטערשייד אין זייער לערן־פּראָגראַם און אַדמיניסטראַציע. אין די „קאַזיאָננע" שולן הערשט אַ שטרענגע רעגירונגס־רעגלאַמענטאַציע; די געזעלשאַפטלעכע שולן געניסן פון אַ טיילווייזער זעלבסטפאַרוואַלטונג, אין דער פאָרעם פון „אַפּיטרופּסים־ראַטן", וועמעס מיטגלידער ווערן אויסגעוויילט פון צווישן דער אָרטיקער יידישער געזעלשאַפט און וואָס פאַרנעמען זיך מיט דערווירטשאַפט פון די שולן; די פּריוואַטע שולן, כאָטש זיי זענען אונטערגעוואָרפן דער השגחה פון דער בילדונגס־מאַכט, האָבן זיי פון דעסטוועגן באַדייטנדיקע מעגלעכקייטן פאַר פרייער איניציאַטיוו מצד זייערע באַלעבאַטים.

וואָס שייך דער פּראָגראַם פאַר יידישע לימודים, געפינען זיך די „קאַזיאָננע" שולן אין דער ערגסטער לאַגע. די צאָל שעהן, וואָס ווערט אָפּגעגעבן די דאָזיקע לימודים, איז גענוי פעסטגעשטעלט געוואָרן דורכן געזעץ פון 1873, דהיינו: 10 לעקציעס אין צוגרייטונגס־קלאַס און 8 — אין יעדן פון די גרונטקלאַסן (אין די איין־און צוויי־קלאַסיקע שולן מיט אַ זעקסיאָריקן קורס) *). אין הסכם מיטן אַרטיקל 32 פון דערמאָנטן געזעץ, ווערן די אַלגעמיינע לימודים אין די עלעמענטאַרע („קאַזיאָננע") יידישע שולן געלערנט אין די פרימאָרגן־שעהן, און די יידישע — נאָך מיטאָג. אין דער הערה צום דאָזיקן אַרטיקל זאָגט זיך: „די, וואָס ווילן לערנען ד יידישע לימודים ביי זיך אין דער היים — ווערן באַפרייט פון צו באַ־

*) „ספּראַוואָטשנאַיאַ קניגאַ פּאָ וואָפּראָסו אָבראַזאָוואַניאַ יעווריעוו" (אינפאָרמאַציע־בוך בנוגע עניינים פון בילדונג פאַר יידן) אַרויסגעגעבן פון דער „חברה מפיצי השכלה", פּעטערבורג, 1901, זייט 29.

זוכן די דאָזיקע לעקציעס אין שול" *). דאָ איז צו זען די בולטע טענדענץ אַוועקצושטעלן די יידישע לימודים אויפן צווייטן פּלאַן אין דעם לערן־סיסטעם פון דער שול און זיי פאַררעכענען צו דער קאַטעגאָריע „נישט אָבליגאַטאָרישע". מיט דער דאָזיקער טענדענץ האָבן זיך באַנוצט נישט בלויז די קריסטלעכע לערערס **), נאָר — צו אונדזער חרפּה — אויך אַ סך יידישע פּעדאַגאָגן אין די „קאַזיאָננע" שולן, און דערמיט לגמרי דעגראַדירט די יידישע לימודים. עס אַז אָבער מעגלעך אינגאַנצן אַן אַנדער באַציונג צו דעם ענין. די צאָל שעהן פאַר יידישע לימודים, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אין געזעץ, איז גאָרנישט אַזוי נישטיק, אַז אַ גוטער לערער זאָל דערביי נישט קאָנען אַרבעטן אין דער נאַציאָנאַלער ריכטונג. ביי צען לעקציעס אין צוגרייטונגס־קלאַס און אַכט אין די גרונטקלאַסן (אין שולן מיט אַ זעקסיאָריקן קורס), קאָן מען פונדעסטוועגן נישט ווינציק אויפטאָן

*) דאָרט, זייט 25.

**) דאָס אַרטיקל 22 פון „סטאַטוט וועגן יידישע עלעמענטאַר־שולן פון 1873" גיט דאָס רעכט די אויפזעערס און פאַרוואַלטערס פון די בילדונגס־קרייזן „אין פאַלן פון נויטווענדיקייט", צו באַשטימען אויף לערער־פּאָסטנס אין די „קאַזיאָננע" (מלוכהשע) יידישע שולן, צוגלייך מיט יידישע לערערס פון יידישן גלויבן, אויך פּערזאָנען פון קריסטלעכן גלויבן", און אין אייניקע קרייזן באַנוצט זיך די מאַכט מיטן דאָזיקן רעכט, באַשטימנדיק קריסטלעכע פאַרוואַלטערס פאַר די שולן, אפילו ווען ס'איז נשטאָ קיין „נויטווענדיקייט", ווען למשל, עס זענען יאָ פאַראַן סאָלידע קאַנדידאַטן־יידן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אַזעלכע נאָמינאַציעס רופן זיך אָפּ זייער שלעכט אויף דעם מצב פון די יידישע לימודים, אויף וועלכע עס קאָן אַכטונג געבן נאָר אַ יידישער פאַרוואַלטער. דאָ נישט לאַנג זענען אין איינער אַ שטאָט פון דרום גלייכצייטיק נאָמינירט געוואָרן פאַר דער דאָרטיקער מלוכהשער יידישער שול אַ קריסט פאַר אַ פאַרוואַלטער און אַ משומד אַלס לערער. אין ריגע איז דער „סמאָטריטיעל" (אויפזעער) פון דער 2־קלאַסיקער יידישער מלוכה־שול איינער מ., וואָס האָט זיך געשמדט מיט עטלעכע יאָר צוריק (פון דער ידיעה פון אָרטיקן קאָרעספּאָנדענט, „וואָסכאָד", 1901, נר. 68). דער קאָרעספּאָנדענט גיט איבער דעם אויסטערלישן פאַקט, אַז אָט דער מ. איז נאָך זייַן שמדן זיך נישט נאָר פאַרבליבן אויף זיין פּאָסטן, נאָר האָט אין משך פון אַ לענגערער צייט אויך געלערנט יידישע לימודים. „די פאָרשטייער פון דער יידישער געזעלשאַפט האָבן פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ צושטאַנד, נאָר דער פאַרשטאָרבענער פאַרוואַלטער פון בילדונגס־קרייז לאַוראָווסקי האָט זייער פּראָטעסט נישט גענומען אין אכט", און ערשט דאָ נישט לאַנג האָט אָט דער פּראַוואָסלאַווע אויפזעער, אויפגעהערט צו לערנען מיט יידישע קינדער די עלעמענטן פון יענעם גלויבן, פון וועלכן ער האָט זיך עפּנטלעך אָפּגעזאָגט... ס'איז איבעריק צו רעדן וועגן דעמאָראַליזירנדיקן איינפלוס פון אַזעלכע פאַקטן. ס'איז אוממעגלעך זיך נישט אויפצורעגן פון דעם מאַנגל אין בירגערלעכן מוט ביי די עלטערן, וואָס שיקן זייערע קינדער אין שולן, אין וועלכע עס ווערן אויף אַ גראָבן אופן באַליידיקט די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע געפילן פון די קינדער.

פאַר דערלערנען מיט הצלחה העברעיש, יידישע געשיכטע און יהדות, וואָס גייען אָפיציעל אַריין אין באַשטאַנד פון די „יידישע לימודים". אויב די דאָזיקע לימודים וואָלטן געלערנט געוואָרן דורך אַ צוגעגרייטן לערער, וואָס האָט ליב און פאַרשטייט זיין אַרבעט, וואָלטן זיי פאַקטיש פאַרוואַנדלט געוואָרן פון צווייטראַנגיקע אין ערשטראַנגיקע און פון נישט־אָבליגאַטאָרישע אין אָבליגאַטאָרישע. די תלמידים וואָלטן גערן געלערנט די לימודים, וואָס רעדן אַזוי פיל צו זייער נאַציאָנאַלן געפיל, אויב דאָס דאָזיקע געפיל וואָלט אויך געווען אייגן דעם לערער און וואָלט קולטיווירט געוואָרן אין שול. אָבער אַזאַ לערער איז היינטיקע צייט אַ גרויסע זעלטנקייט אין די „קאַזיאָננע" שולן, צוליב סיבות, וועגן וועלכע איך וועל רעדן שפּעטער.

אַ סך בעסער, אין נאַציאָנאַלן זינען, קאָנען אַוועקגעשטעלט ווערן די צוויי אַנדערע שולטיפּן — די געזעלשאַפטלעכע און די פּריוואַטע. אין די געזעלשאַפטלעכע שולן, אין די תלמוד־תורות, איז די צאָל יידישע לעקציעס נישט באַגרענעצט מיט קיין באַזונדערע כללים און קאָן דערפירט ווערן ביזן מאַקסימום. אַזוי למשל, אין דער מאָהילעווער תלמוד־תורה דערגרייכט די צאָל שעהן פאַר יידישע לימודים ביז 20 יאָר אַ וואָך אין יעדן קלאַס *). אין דער ווילנער מוסטער־תלמוד־תורה איז די צאָל יידישע לעקציעס אַ וואָך — 16, צו דריי לעקציעס יעדן טאָג, חוץ פרייטיק, ווען ס'איז דאָ נאָר איין לעקציע **). אין דער אָדעסער תלמוד־תורה איז שוין צו באַמערקן די טענדענץ פון די דרום־שטעט — צו באַגרענעצן די צאָל שעהן פאַר יידישע לימודים: נאָר 12 אין די צוגרייטונגס־קלאַסן און צו 10 אין די דריי גרונטקלאַסן ***). אָבער יעדנפאַלס איז די דורכשניטלעכע צאָל פון יידישע שעהן אין די געזעלשאַפטלעכע שולן אַ גענוג הויכע, און, חוץ דעם, איז דאָס באַזוכן די דאָזיקע לעקציעס דאָ אנערקענט אַלס אַ מוז, צוגלייך מיט די לעקציעס פון אַלגעמיינע לימודים. על כן, איז דאָ אַלץ אָפּהענגיק פון דער באַציונג צום ענין מצד דעם פאַרוואַלטער, די לערער און די אַפּוטראָפּסים־ראַטן.

ביי אַ גוטן ווילן און באַוואוסטזיין פון די אייגענע נאַציאָנאַלע התחייבותן, וואָלטן אָט די אַלע טוערס פון די געזעלשאַפטלעכע שולן געקאָנט דערפירן דאָס לערנען די יידישע לימודים צו אַ געוויסער פולקייט און שלימות. אַ פינף־זעקסיאָריקער קורס, ביי אַ גוט אַוועקגעשטעלטן לימוד, גיט דעם תלמיד אַ מעגלעכקייט צו באַקומען סאָלידע קענטעניש אין לשון־קודש, תנך, יידישע געשיכטע און פון יהדות. מיט אַזעלכע קענטענישן וועט דער קומענדיקער אַרבעטער, באַלמלאָכע און קליינער סוחר (דער רוב פון די תלמידים אין די געזעלשאַפטלעכע שולן געהערט צו די דאָ־

*) אינפאָרמאַציע־בוך (רוסיש), ז' 55 (לויטן געזעץ פון 1888).

**) דאָרט, ז' 56.

***) דאָרט, ז' 125.

זיקע קלאַסן) קאָנען דורכגיין דעם דאָרנדיקן לעבנסוועג פון אַ ייד, און קאָנען אַנטקעגנווירקן די אַסימילירנדיקע השפּעות פון דרויסן.

אין די פּריוואַטע שולן וואָלט דאָס לערנען די יידישע לימודים, אַוועק־געשטעלט אויף אַ ברייטערן שטייגער, אויך נישט אָנגעטראָפן אויף קיין גרויסע מניעות מצד דער מאַכט, אויב די באַלעבאַטים פון די דאָזיקע שולן וואָלטן געהאַט אין זינען, חוץ די אייגענע אינטערעסן, אויך נאַ־ציאָנאַלע. דער אַרטיקל 4 פון דעם „געזעץ וועגן פּריוואַטע יידישע לערנאַנ־שטאַלטן" *) זאָגט: „דער אַלגעמיינער ציל פון די פּריוואַטע יידישע לערנאַנשטאַלטן באַשטייט אין: 1) געבן די קינדער גענוגנדיקע ידיעות פון דער יידישער רעליגיע, און 2) זיי גרינגער מאַכן דעם איבערגאַנג אין אַנ־דערע שולן". דאָ זענען די יידישע לימודים אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן ערשטן פּלאַן. אין יאָר 1895 איז געקומען אַן אויפקלערונג פון מיניסטע־ריום פאַר פאָלקסבילדונג, לויט וועלכער עס ווערט לגבי די פּריוואַטע יידי־שע שולן אָנגעווענדט דאָס אַרטיקל פון דעם אַלגעמיינעם געזעץ וועגן פּריוואַטע לערנאַנשטאַלטן, דהיינו: אַז „דער אויסוואַל פון לימודים אין יעדער פּריוואַטער שול איז אָפּהענגיק פון דער פּערזאָן, וואָס גרינדעט זי", און ווערט דערנאָך באַשטעטיקט דורך דער שולמאַכט. הייסט עס, דער גרונטגעזעץ שטערט נישט איינצופירן אין די פּריוואַטע יידישע שולן אַ סאָלידע פּראָ־גראַם פון יידישע לימודים. און עטלעכע אַזעלכע שולן באַנוצן זיך פּאַקטיש מיט זייערע פּרעראָגאַטיוון. אין די פּעטערבורגער שולן פון „מפיצי־הש־כלה" **) דערגרייכט די צאָל שעהן פאַר יידישע לימודים צווישן 10 און 14 אַ וואָך, און אין די אָפּטיילונגען פאַר מיידלעך — צווישן 8 און 12 ***). אָבער, פון דער צווייטער זייט, זעען מיר, אַז אין אַכט פּריוואַטע שולן, וואָס ווערן סובסידירט דורך דער אָדעסער אָפּטיילונג פון דער זעלבער „מפיצי־השכלה", ווערן די יידישע לימודים גרינגגעשעצט. אין די שולן פאַר יינגלעך ווערט פאַר די דאָזיקע לימודים אָפּגעגעבן 5—6 לעקציעס אַ וואָך, און פאַר מיידלעך — פון 3 ביז איין לעקציע אַ וואָך ****).

*) אַרויסגעגעבן אין יאָר 1844, אָבער איז גילטיק ביז היינט, אין הסכם מיט די נייסטע אָפּיציעלע אינטערפּרעטאַציעס. זע „אינפאָרמאַציע־בוך" (רוסיש) ז' 78, לינקס, ווי אויך ז' 83 (אינטערפּרעטאַציע פון מי־ניסטעריום פאַר פאָלקס־בילדונג פון 1895 יאָר).

**) צו זיי ווערן אָנגעווענדעט די כללים בנוגע פּריוואַטע לערנאַנשטאַלטן, אין הסכם מיט דער אויפקלערונג פון דעם אויפזעער פון פּעטערבורגער שול־קרייז פון 1895, דאָרט, ז' 84.

***) דאָרט, ז' 121—125 (אַלגעמיינע סך־הכלען). די צאָל לעקציעס אין די אָפּטיילונגען פאַר מיידלעך איז ניט קלאָר, און דערפאַר בין איך ניט ערוב פאַר דער פּינקטלעכקייט פון סך־הכל.

****) זע די פּאַקטישע ציפערן אין דעם מעמאָראַנדום, וואָס איז אי־

זייער שלעכט איז אוועקגעשטעלט דער ספּעציעל־יידישער לימוד אין די פּראָווינציעלע פּריוואַטע שולן, וואו דער אויסוואַל פון לערן־פּראָגראַם איז אין גאַנצן לויטן איינזען פון באַלעבאָס פון דער שול. ס'רוב איז דאָס אַ האַלבער אינטעליגענט, אָדער פון דער אַסימילירטער אינטעליגענץ, וואָס פאַרשטייט נישט די באַדייטונג פון נאַציאָנאַלער דערציונג; דעם איינציקן תכלית זעען זיי נאָר אין דער רוסישער עברי, וואָס האָט אַ באַשטימטן מאַרקווערט. די צאָל יידישע לעקציעס אין זייערע שולן איז דערפירט צו אַ מינימום, אויב נישט צו נול; אויך דער אופן פון לערנען קאָן נישט באַפרידיקן. דאָרט ווידער וואו די שול־באַלעבאַטים וואָלטן יאָ געוואָלט אוועקשטעלן דאָס לערנען פון די יידישע לימודים אויף אַ געהעריקער הויך, טרעפן זיי אָפט אָן אויף מניעות אָדער מצד די עלטערן אָדער מצד דער שולמאַכט. אַ סך עלטערן קוקן אויף דער אַלגעמיינער שול ווי אויף אַ דערגאַנצונג צום חדר, וואו זייערע קינדער האָבן פריער געלערנט, — און פאָדערן פון איר נאָר רוסישע עברי. דאָ האָב מיר, לכל הפּחות, אַ באַשטימטן מאָטיוו, כאָטש אַ ווינציק באַוואוסטזיניקן, וואָרעם פאַקטיש קאָן דער אַלטער סכאָלאַסטישער חדר נישט געבן זיינע תלמידים די קענטענישן פון דקדוק און געשיכטע, וואָס גייען נישט אַריין אין זיין פּראָגראַם. ס'איז אָבער פאַראַן אַ היפּשע גרופּע עלטערן (באַזונדערס אין די גרויסע שטעט פון דרום), וואָס זאָרגן בכלל נישט פאַר דער נאַציאָנאַלער דערציונג פון זייערע קינדער. זיי קוקן אויף דערציונג פון תכלית־קוקווינקל און זיי זענען גרייט צו צאָלן געלט פאַר רוסישער עברי און אַריטמעטיק; דקדוק, געשיכטע, יהדות — דאָס זעט זיי אויס אומנוצלעך פאַרן פּראַקטישן לעבן, נישט כדאי דערויף זיך לאָזן קאָסטן, — און די אָרעמע שול־באַלעבאַטים מוזן זיך רעכענען מיט די דאָזיקע פאָדערונגען פון די „גראַמאָטע־קויפערס" *). די דאָזיקע טרויעריקע דערשיינונג וועט קאָנען באַזייטיקט ווערן ביסלעכוויין, מיט דער פאַרשטאַרקונג פון די נאַציאָנאַלע שטימונגען אין די האַלב־קולטורעלע מאַסן, פון איין זייט, און מיט דער אַלגעמיינער פאַרבעסערונג אין דעם לימוד פון יידישן וויסן — פון דער אַנדערער זייט. מע דאַרף שטרעבן דערצו, אַז אי די האַלב־געבילדעטע עלטערן, אי די דערציערס זאָלן פאַרשטיין, אַז יידיש וויסן האָט זיין הויכן ווערט — גייסטיקן, מאָראַלישן און געזעלשאַפטלעכן.

אין אַנדערע ערטער, ווי שוין געזאָגט, איז עס די שולמאַכט, וואָס דערלאָזט נישט אויסצוברייטערן די פּראָגראַם פון יידישע לימודים אין די

---

בערגעגעבן געוואָרן דער אָדעסער אַפּטיילונג דורך אַ גרופּע מיטגלידער, „וואָסכאָד" 1902, נר. 1.

*) גראַמאָטע — קענטענישן אין רוסיש און אַלגעמיינע לימודים. — איב.

פּריוואַטע שולן. אָפּט זאָגט זיך די שולמאַכט אָפּ צו באַשטעטיקן לערנ־פּלענער, אין וועלכע עס ווערן פאַר יידישע לימודים אָפּגעגעבן מער ווי 6—8 שעה אַ וואָך. אַזאַ באַציונג פון דער אָרטיקער שולמאַכט האָט נישט קיין שום באַגרינדונג, ווייל לויטן געזעץ האָט דער באַלעבאָס פון דער פּריוואַטער שול אַ היפּשע פרייהייט ביים „אויסוואַל פון די שול־לימודים", און די יידישע לימודים שטייען אפילו אויפן ערשטן פּלאַן. די שול־באַלעבאַטים וואָלטן געדאַרפט קעמפן פאַר זייערע געזעצלעכע רעכט, דורך ברענגען דעם ענין צו די העכערע אינסטאַנצן. אָבער אויך דאָ איז מעגלעך אַ קאָמפּראָמיס, וואָס וועט נישט קרעמפּירן ביידע צדדים. לעצטנס דערלויבט די שולמאַכט אָן שום מניעות אַזעלכע פּריוואַטע שולן, אין וועלכע אַלגעמיינע לימודים ווערן געלערנט אין די פאַר־מיטאָג־שעהן, און יידישע — נאָך מיטאָג, דערביי איז צאָל יידישע לעקציעס, וואָס גייען נישט אריין אין לערנפּלאַן, נישט באַגרענעצט און קאָן דערגיין ביז 18 שעה אַ וואָך (צו דריי שעה אַ טאָג *). אויף אָט דעם נייעם טיפּ ״שול־חדר" וואָלט מען געדאַרפט ערנסט זיך פאַרטראַכטן, ווי אויף איינעם פון די וויכטיקסטע כלי־זין פון נאַציאָנאַלער דערציונג.

איך פאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז איינער פון עיקרדיקע תנאים צו רעפאָרמירן די שול־דערציונג איז די צוגרייטונג פון אַ געהעריקן לערער־פּערסאָנאַל. דער איצטיקער פּעדאַגאָגישער פּערסאַנאַל אין די יידישע שולן איז נישט צופרידנשטעלנדיק, אין נאַציאָנאַלן זינען. די תלמידים פון די „יידישע לערער־אינסטיטוטן" (פון צוויי אינסטיטוטן איז לעבן געבליבן נאָר איינער — אין ווילנע), זענען מיט זעלטענע אויסנאַמען, נישט צוגעגרייט צו קאָנען גוט לערנען יידישע לימודים. אין דער פּרעסע האָט מען נישט איין מאָל אָנגעוויזן אויף דעם „קאַזיאָננע" גייסט פון די „אינסטיטוטן", זיין אָפּטייטנדיקן פאָרמאַליזם און זיין גרינגשאַצנדיקע באַציונג ספּעציעל — צו יידישע לימודים. דער קריסטלעכער דירעקטאָר פון אָט דעם געשלאָסענעם לערן אַנשטאַלט און די רוסישע לערערס פון די אַלגעמיינע לימודים זענען אָנגעשטעלט געוואָרן דורך דער רעגירונג מיט בולט־רוסיפיקאַטאָרישע טענדענצן, און נישט זיי דאַרפן עס זאָרגן פאַר דעם געהעריקן אַוועקשטעלן די יידישע לימודים; דער אינספּעקטאָר ווידער און די ספּעציעלע יידישע לערערס קאָנען נישט אָדער ווילן זיך נישט איינשטעלן פאַר די רעכט פון יידישן וויסן אין אַן אַנשטאַלט, וואָס לאָזט אַרויס דערציערס פאַר דער יידישער יוגנט. דאָס לערנען לשון־קודש איז פאַרוואַנדלט

*) די דאָזיקע ידיעות זענען שייך צום אָדעסער שולקרייז.

געוואָרן אין „זוברעווען" *) דקדוק, אויפן שטייגער ווי מע לערנט די אַנ־טיקע שפּראַכן אין די קלאַסישע גימנאַזיעס. די נביאים, וועמעס שריפטן זענען אָנגעזאַפּט מיט סאָציאַל־עטישן אינהאַלט, ווערן געלערנט אויף אַ רוטינערן אופן, עלעהיי ציצעראָן, אָדער קסענאָפאָנט — אין די גימנאַזיעס; דערביי גייט מען נישט דורך אין משך פון גאַנצן קורס אפילו קיין העלפט פון תנך. יידישע געשיכטע ווערט געלערנט פון לערנביכער־קיצורים, וואָס טויגן פאַר עלעמענטאַרע שולן, אָן קיין שום וויסנשאַפטלעכער קריטיק. אַזאַ טויט לערנען קאָן נישט אַריינגעבן די תלמידים קיין ליבשאַפט צו יידישן וויסן, קאָן נישט דערוועקן אין זיי נישט קיין נאַציאָנאַלע און נישט קיין רעליגיעז־מאָראַלישע געפילן. און פאַקטיש, דער רוב לערער וואָס איז אַרויסגעקומען פון אינסטיטוט איבערראַשט אונדז מיט זיין נאַציאָנאַלן אינ־דיפערענטיזם און מיט זיין „קאַזיאָנע" באַציונג צום לערנען יידישע לי־מודים. אַ דערפרייענדיקן יוצא מן הכלל זענען נאָר אַ קליינע צאָל לערערס, וואָס האָבן נאָך ביזן אָנקומען אין אינסטיטוט פאַרמאָגט אַזאַ רעזערוו פון יידישן וויסן און נאַציאָנאַלע געפילן, אַז ער איז נישט פאַרמינערט געוואָרן אפילו אין דער אָפּטייטנדיקער סביבה פון אָט דעם „קאַזיאָנע" אַנשטאַלט.

מען דאַרף זיך באַמיען, אויף וויפל ס'איז מעגלעך, אַריינצוברענגען אַ לעבעדיקן גייסט אין אָט דעם מלכות פון לאַנגווייליקייט און רוטין. אָבער מיר טאָרן זיך נישט פאַרלאָזן אויף אָט דעם איינציקן „קאַזיאָנע" צושטעלער פון לערערס, וואָס לאָזט אַרויס בערך 15—20 לערערס אַ יאָר. אין דערוואַרטונג פון יענע גינציקע באַדינגונגען, וואָס וועלן אונדז דער־לויבן צו עפענען איינעם אָדער צוויי לערער־אינסטיטוטן, צוגעפּאַסטע צו אונדזערע פאָלקס־באַדערפעניש, — דאַרפן מיר דערווייל אויסשעפּן אַלע באַשיידענע מיטלען, וואָס מיר האָבן אין אונדזער רשות, כדי צו שאַפן קאַדרען פון פאָלקסלערער, וואָס זאָלן זיין גוט צוגעגרייט סיי אין אַלגע־מיינעם, סיי אין יידישן וויסן. אין די גרויסע צענטערס פון תחום־המושב שוויבלט און גריבלט היינט מיט תלמידים פון חדרים און ישיבות, וואָס זענען געקומען פון דער פאַרוואָרפענער פּראָווינץ מיטן באַגער צו לערנען אַלגעמיינע בילדונג. פאַרמאָגנדיק ברייטע, כאָטש נישט סיסטעמאַטישע קענטעניש אין תנך און תלמוד נייטיקן זיך די דאָזיקע „לאָמאָנאָ־סאָווס" **) — אין אַלגעמיינער מיטעלער בילדונג און אין אַ סיסטעמאַטי־זאַציע פון זייערע יידישע קענטעניש. צוליב געוויסע באַגרענעצונגען, ווי אויך צוליב זייער עלטער (פון 18 ביז 30 יאָר) און קנאַפּע מאַטעריעלע

*) זוברעווען — חזרן מעכאַניש אויף אויסנווייניק. — איב.

**) לאָמאָנאָסאָוו — באַרימטער רוסישער געלערנטער, אויטאָדידאַקט, געשטאַמט פון פּראָסטן פאָלק. — איב.

מיטלען, קאָנען זיי נישט אָנקומען אין גימנאַזיע און אין די העכערע לערנ־אַנשטאַלטן, און דער איינציקער וועג, וואָס בלייבט דעם רוב פון זיי — דאָס איז דער וועג פון אַ פּאָלקסלערער *). צוגרייטן זיך אין אַ משך פון צוויי־דריי יאָר אין די עיקר־לימודים פון אַלגעמיינעם בילדונגס־קורס, און דערנאָך אויסהאַלטן דעם איינגעשטעלטן עקזאַמען אויף צו באַקומען דעם טיטול „עלעמענטאַרער" אָדער „הויזלערער", — אָט דאָס איז דער אויסגעטרויממטער ציל פון דעם רוב "זוכערס".

דערשלאָגנדיק זיך צו אַזאַ טיטול, באַקומען זיי דאָס רעכט צו לערנען אין די פּריוואַטע יידישע שולן, ווי אויך צו עפענען אַזעלכע אין פאַרשיידענע שטעט. זיי קאָנען לערנען סיי אַלגעמיינע, סיי יידישע לימודים, און אַזוי אַרום אַנטשפּרעכן זיי, אין אַ געוויסער מאָס, דעם געזוכטן טיפּ פון אַ פּאָלקסלערער. טאַקע צו אָט דער צוגרייטונג פון קומענדיקע לערערס דאַרפן מיר זיך נעמען זייער ערנסט. מען מוז איינאָרדענען פאַר די אויטאָדידאַקטן ספּעציעלע קורסן, וואו מע זאָל מיט זיי לערנען אַלגעמיינע לימודים און סיסטעמאַטיזירן זייער יידיש וויסן. כדי אויסצומיידן אָפּיציעלע שוועריקייטן, איז אַמבאַקוועמסטן דאָס צו מאַכן אין דער פאָרעם פון גרינדן ביי די עלעמענטאַרע יידישע שולן „אָוונטקורסן פאַר דערוואַקסענע". די פּראָגראַם פון די צווייקלאַסיקע יידישע שולן, דערגאַנצט מיט מעטאָדיק און ספּעציעלע פּראַקטישע אַרבעטן, איז גענוג פאַר דער צוגרייטונג פון לערערס פאַר דער עלעמענטאַר־שול. אַזעלכע קורסן, איינגעאָרדנט אין עטלעכע גרעסערע צענטערן פון תחום־המושב (אָדעס, ווילנע, יעקאַטערינאָסלאַוו, קישיניעוו, קאָוונע), וואָלטן איטלעכס יאָר געקאָנט אַרויסלאָזן ביז צו הונדערט יונגעלעכע, וועלכע וואָלטן נאָכן אויסהאַלטן

*) נאָר אין אָדעס אַליין האָט די צאָל פון די דאָזיקע אויסערשול־תלמידים, וואָס לערנען זיך מיט דער הילף פון אומזיסטע לערערס ביי דער שוואַכער מיטהילף פון דער אָרטיקער אָפּטיילונג פון „מפיצי־השכלה" האָט אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1900 דערגרייכט 218 מאַן (זע דעם באַריכט פון דער אָדעסער אָפּטיילונג פאַרן יאָר 1900, ז' 79). אויב מיר זאָלן צו דער דאָזיקער ציפער צוגעבן די גרויסע גרופּע אויטאָדידאַקטן, וועמען מפיצי־השכלה האָט נישט געהאָלפן מיט גאָרנישט, וועט זיך באַקומען אַן אָנגעזעענע סומע, וואָס זאָגט עדות וועגן דער שאַרפקייט פון דעם „קאַמף פאַר בילדונג". אין משך פון צען יאָר האָב איך פּערזענלעך גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אינעם גורל פון דער דאָזיקער אַרמיי „זוכער פון וויסן" און האָבן זיך איבערצייגט וויפל גייסטיקע כוחות עס זענען איך פאַרבאָרגן, וואָס ביי אַ אַ געהעריקער אונטערשטיצונג און אָנפירונג וואָלטן זיי געקאָנט פאַרוואַנדלט ווערן אין דער „רעטונגס־אַרמיי" פון יידישן וויסן. ס'איז אַן אומגליק, וואָס דאָס ברוטאַלע אָרעמע לעבן צעברעכט און פאַרקריפּלט אַ סך פון דעם דאָזיקן אינטעלעקטועלן פּראָלעטאַריאַט.

די איינגעשטעלטע עקזאַמענס, געקאָנט באַקומען לערער־טיטלען און אַר־בעטן ווי לערערס אין די פּראָווינציעלע יידישע שולן, געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע. די געזעלשאַפט „מפיצי־השכלה" וואָסביים סובסידירן די עלעמענטאַרע יידישע שולן טרעפט זי זיך אָן אויפן מאַנגל פון לערער־פּערסאָנאַל, וואָלט דעמאָלט געהאַט אויף דער פּראָווינץ גרייטע קאַדרען פון אמתע פאָלקסלערערס, וואָס קומען אַרויס פון דער יידישער מאַסע און וואָס קאָנען מיטווירקן ביים נאַציאָנאַליזירן אונדזער עלעמענטאַרע שול.

די תלמידים פון חדר און ישיבה זוכן אַלגעמיינע בילדונג, כדי אַריינ־צוקומען אין די רייען פון באַשיידענע פאָלקסלערער. אָבער עס איז נאָך פאַראַן אַ גרעסערער קאָנטינגענט פון יחידים, פון וועלכע מע וואָלט גע־קאָנט ווערבירן פאָלקסלערערס און לערערינס. איך רעד דאָ וועגן די תל־מידים און תלמידות פון רוסישע מיטלשולן, פאַר וועלכע דער סאַמע גלייכסטער און בכבודיקסטער וועג איז — לערערשאַפט. הונדערטער יידישע יוגנטלעכע ענדיקן יעדן יאָר דעם גימנאַזיע־קורס, רעאַלע און קאָמערץ־שולן, און נאָר אַ קליינער טייל קומט אָן אין אוניווערסיטעט און אין ספּעציעלע העכערע שולן; אָפט גייען זיי אַהין אָן באַשטימטע אויסזיכטן אויף דער צוקונפט. נאָך גרעסער איז די צאָל יידישע מיידלעך, וואָס ענ־דיקן די פרויען־גימנאַזיעס (וואו דער צוטריט איז נישט אַזוי באַגרענעצט) און וועלכע זענען צוגעגרייט נאָר צו פּעדאַגאָגישער אַרבעט. אָט די אַלע הונדערטער יונגעלייט און מיידלעך האָבן, אַ דאַנק זייערע אַטעסטאַטן, דאָס רעכט צו לערנען אין די פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע שולן און צו עפענען אַזעלכע אומעטום. צי באַנוצן זיי זיך אָפט מיט זייערע רעכט? — צום באַדויערן, קומט אויס צו ענטפערן: ניין!

אין די לעצטע יאָרן גרופּירן זיך אין די גרויסע שטעט אַרום אייניקע יידישע שולן, אַלגעמיינע און פּראָפעסיאָנעלע, יונגע כוחות, בעיקר פרויען, וואָס אַרבעטן אָפט מיט מסירת־נפש לטובת דער פאָלקסבילדונג. אָבער די צאָל פון אַזעלכע מוטערס און טוערינס אויפן פּעדאַגאָגישן געביט איז נישטיק אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס עס וואָלטן אונדז געקאָנט געבן די יערלעכע אַרויסלאָזן פון די מענער און פרויען־גימנאַזיעס, פון די רעאַלע, קאָמערציעלע און אַנדערע שולן. הונדערטער יונגעלייט און מיידלעך דרייען זיך אַרום פּוסט־און־פּאַס, קלאַפּן אין אַלע טירן, טרעטן אַריין אין אַזעלכע ריין פּראָפעסיאָנעלע אַנשטאַלטן, ווי למשל פאַר צאָן־דאָקטוירים, אַקושער־קעס און פעלדשער, לויפן אַרום אויף פּריוואַטע לעקציעס, קומען אָן אַר־בעטן אין קאָנטאָרן און האַנדלס־אונטערנעמונגען; אָבער זעלטן ווער נעמט זיך צו יענער אַרבעט, צו וועלכער ער איז מער אָדער ווייניקער געוואָרן צוגעגרייט — צו דער הייליקער אַרבעט פון לערנען דאָס פאָלק.

אוודאי איז דער וועג פון אַ פאָלקסלערער אָדער לערערין אַ שווערער;

שווער איז דאָס לעבן אין די פאַרוואָרפענע שטעט און שטעטלעך, ביי דעם
קנאַפּן לערערישן פאַרדינסט, ביי דער אומאויפהערלעכער אַרבעט און זאָרגן,
און אַמאָל — עגמת־נפש און צוזאַמענשטויסן. אָבער דערפאַר וויפל התרומ־
מות און הייליקייט, וויפל דערהויבנקייט און אידעאַליזם, וויפל נאַציאָנאַלע
מסירת־נפש און מאָראַלישע באַפרידיקונג איז דאָ אין אַזאַ אַרבעט! צו
זיין אַ פּיאָנער פון בילדונג אין די פאַרוואָרפענע טונקעלע ווינקלען, צו
האָבן דעם באַוואוסטזיין, אַז דו מאַכסט פון די דערשלאָגענע און דער־
דריקטע יידישע קינדער דערצויגענע מענטשן, מער צוגעפּאַסטע פאַר זייער
פּערזענלעכער און נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, — פאַרגיטיקט דען נישט
אַזאַ באַוואוסטזיין די אַלע צרות און זאָרגן פון דעם דענקענדיקן טוער?

נאָך קיין מאָל האָט אַ גוטער פאָלקסלערער נישט געשפּילט אין אונד־
זער לעבן אַזאַ גרויסע און דעצידירנדיקע ראָל, ווי היינט, ווען דער ענין
פון יידישער בילדונג, אָנטרעפנדיק אויף אומצאָליקע מניעות מחוץ, איז שוין
געוואָרן כמעט אַן אויסשליסלעך אינערלעכער ענין. די צאָל מענטשן, וואָס
גייען איטלעכס יאָר אַריין אין די רייען פון פאָלקסלערער און לערערינס,
קאָן דינען פאַר אַ ריכטיקער מאָס פון דעם, אויף וויפל אין אונדזער גע־
זעלשאַפט האָט זיך נאָך אויפגעהיט פּערזענלעכער אידעאַליזם און נאַציאָ־
נאַלער זעלבסטבאַוואוסטזיין. אָן אָט די צוויי אימפּולסן, וואָס זענען ענג
פאַרבונדן צווישן זיך, איז אוממעגלעך די ישועה פאַר אונדזער פאָלק.
און כדי אַריינצוברענגען אין דער גאַנצער מאַסע פון אונדזערע שולטוערס
און טוערינס דעם באַוואוסטזיין פון זייער חוב לגבי דעם פאָלק, איז נייטיק
אַז זיי זאָלן זיך אַריינציען אין דער נייסטער נאַציאָנאַלער באַוועגונג,
וואָס האָט אַרומגענומען די בעסטע מוחות פון יידנטום. די דאָזיקע באַ־
וועגונג וועט פאַראיידלען, וועט איבערדערציען יענע פון זיי, וואָס זע־
נען דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון אַסימילאַציע. בחורים און מיידלעך,
וואָס האָבן פאַרענדיקט אַלגעמיינע לערנאַנשטאַלטן און זענען נאָך נישט
באַקאַנט מיט דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, דאַרפן זיך צואיי־
גענען אָט די עלעמענטן פון נאַציאָנאַלן וויסן, איידער זיי גייען ווערן
פאָלקסלערער און לערערינס. זיי קאָנען דאָס דערגרייכן דורך פּערזענלע־
כער און קרייזל־זעלבסטבילדונג (אין אַ סך ערטער זענען פאַראַן אַ זעלכע
קרייזלעך); עס קאָנען אויך איינגעאָרדנט ווערן, פאַר דעם זעלבן צוועק,
ספּעציעלע אָוונטקורסן פאַר יידישע לימודים ביי די עקזיסטירנדיקע שולן.
צואייגענענדיק זיך דאָס נייטיקע יידישע וויסן, וועט די נאַציאָנאַלע יוגנט
באַקומען, חוץ די אָפיציעלע רעכט, אויך דאָס מאָראַלישע רעכט אַריינצו־
טרעטן אין די רייען פון פאָלקסלערערס.

דאָ זענען מיר צוגעקומען צו דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן איבער־
דערציען אַ געוויסן טייל פון אונדזער אינטעליגענץ אין נאַציאָנאַלן זינען.
פון דער טיפּעניש פון דער אָרטאָדאָקסישער מאַסע קומען ביי אונדז אַרויס

מענטשן, וואָס באַקומענדיק אין דער יוגנט אַן אויסשליסלעך רעליגיעז־נאַ־ציאָנאַלע דערציונג, דאַרפן זיי דערנאָך זיך איבערדערציען אויפן אייראָ־פּעישן שטייגער, און שוין אין דערוואַקסענעם עלטער לערנען אַלגעמיינע בילדונג און די מלוכה־שפּראַך. פון דער צווייטער זייט, קומט פון די נייע „קולטור"־קרייזן אַ דור, וואָס זייענדיק דערצויגן אין דער אַלגעמיין־רוסישער שול, איז ער, מער אָדער ווייניקער, אָפּגעפרעמדט פון יידיש־נאַ־ציאָנאַלן וויסן און ער דאַרף שוין זיך איבערדערציען אויפן יידישן שטיי־גער. אָט די צוויי אומנאָרמאַלע עקסטרעמען באַווייזן, אַז דער קומענדי־קער, מער נאָרמאַלער דור דאַרף באַקומען גלייכצייטיק אי נאַציאָנאַל־יידיש וויסן, אי אייראָפּעישע בילדונג, כדי ער זאָל דערנאָך נישט דאַרפן זיך איבערדערציען. אָבער ביז וואַנען די אָנגעוויזענע אַנאָמאַליעס עקזיס־טירן, מוז מען זיך רעכענען מיט זיי, דעסטאָ מער, וואָס מע קאָן נישט האָפן, אַז זיי זאָלן אין גיכן פאַרשווינדן. מע מוז רעגולירן סיי די אַלטע באַוועגונג פון יידישן וויסן צו אַלגעמיינעם, און די נייע באַוועגונג — פון אַלגעמיינעם צום יידישן. די נאַציאָנאַלע איבערדערציונג פון דעם טייל יוגנט, וואָס האָט זיך אָפּגעקערט פון אַסימילאַציע, האָט זיך שוין אָנגע־הויבן, דאַרף מען צוהעלפן אָט דער אויסלייזנדיקער רעסטאַווראַציע, וואָס זאָגט אונדז אָן אויפלעבונג, — דורך ליטעראַטור, קרייזלעך פאַר יידישער זעלבסטבילדונג, ספּעציעלע קורסן, ביבליאָטעקן און לייענזאַלן.

אַזוי אַרום וועלן מיר האָבן צוויי גרויסע רעזערוון פון פאָלקסלערערס: די תלמידים פון די חדרים און ישיבות, באַקומענדיק אַלגעמיינע בילדונג, וועלן לערנען אין אונדזערע עלעמענטאַרע שולן בעיקר יידישע לימודים, ווידער די תלמידים פון די רוסישע מיטלשולן, דורכגייענדיק דורכן נאַ־ציאָנאַלן פילטער, וועלן אין די זעלבע שולן לערנען אַלגעמיינע לימודים. דאָס וועט זיין אַ פּאַראַלעלע באַוועגונג פונעם פאָלק און צום פאָלק, און זי איז עלול אויפצופרישן אונדזער גייסטיקע אַטמאָספער.

חוץ דער גרויסער זאָרג וועגן דער יידישער פאָלקשול, דאַרפן מיר נאָך זאָרגן דערפאַר, אַז אין די פּראָגראַמען פון די אַלגעמיין־רוסישע לערן אַנשטאַלטן זאָלן איינגעפירט ווערן יענע ספּעציעלע לימודים פאַר די יידי־שע תלמידים, צו וועלכע זיי האָבן רעכט לויטן געזעץ. מיר באַנוצן זיך זייער ווייניק מיט דעם רעכט צו לערנען מיט אונדזערע קינדער (וואָס באַזוכן די גימנאַזיעס, רעאַלע, קאָמערציעלע און שטאָטישע שולן) יידי־שע געשיכטע און ליטעראַטור, זאָל זיין אונטער דער אָפיציעלער פירמע פון „יידישער רעליגיע". אין די צפון־מערבדיקע שולקרייזן קאָן מען נאָך גאַנץ אָפט טרעפן מיטלשולן, וואו מע לערנט די יידישע שילער יידישע רעליגיע און געשיכטע; אָבער אין די דרומדיקע שולקרייזן טרעפן זיך אַזעלכע אַנשטאַלטן זעלטן. אויך דאָס אַוועקשטעלן די דאָזיקע לימודים, אין, מיט קליינע אויסנאַמען, זייער ניט באַפרידיקנדיק, צוליב דעם שלעכטן

צוזאַמענשטעל פון דעם לערער־פּערסאָנאַל (בעיקר פון צווישן די אָרטיקע „קאַזיאָנע" ראַבינערס) און דער מטושטשדיקייט פון פּראָגראַם. די תלמי־דים, און גאַנץ אָפט אויך די לערערס גופא, באַציען זיך מיט גרינגשאַ־צונג צו אָט די „נישט־אָבליגאַטאָרישע לימודים", און אַזוי אַרום באַקומט זיך אַ דערנידעריקונג פון יידיש וויסן, אַנשטאָט אַ דערהייבונג. מען דאַרף ענערגיש קעמפן קעגן אָט דער פאַרברעכעריש־אָפּגעלאָזענער באַציונג צו אונדזער נאַציאָנאַלער זאַך. אין דעם ווילן פון די תלמידימס עלטערן איז געוועגדט, לויטן געזעץ, צי זאָל מען לערנען מיט זייערע קינדער יידישע לימודים אין יעדער מיטלשול. על כן דאַרף די נאַציאָנאַלע יידישע אינ־צי דער נאַציאָנאַלער מיסיע, וואָס ווערט אויף זיי אַרויסגעלייגט. ביי דער טעליגענץ זיך באַמיען, דורך מאָראַליש באַווירקן די עלטערן, אַז אומע־טום זאָל געלערנט ווערן יידישע געשיכטע און ליטעראַטור, און אַז צו דער דאָזיקער אַרבעט זאָלן צוגעצויגן ווערן מענטשן, וואָס זענען ראוי נישטיקער צאָל שעהן, וואָס ווערן אָפּגעגעבן פאַר די יידישע לימודים אין די גימנאַזיעס, רעאַלע און קאָמערץ־שולן, איז אוודאי שווער צו געבן די תלמידים גענוגנדיקע קענטעניש; אָבער אַ גוטער לערער, וואָס איז דורכ־געדרונגען מיט נאַציאָנאַלן גייסט, וועט שטענדיק באַוויזן, אין אַ גרע־סערער אָדער קלענערער מאָס, צו ווירקן אין דעם גייסט אויף די תלמידים און תלמידות, וועט קאָנען אין זיי איינפלאַנצן אַ געפיל פון ליבשאַפט צו דער לייבלעבער נאַציע און פאַרלאַנג זיך נעענטער צו באַקענען מיט איר רומפולער געשיכטע און ליטעראַטור. און דאָס איז שוין — אַ וויכ־טיקער אויפטו.

מיט דעם ענין פון נאַציאָנאַליזירן די דערציונג איז אויך געבונדן די פראַגע, וואָס באַאומרואיקט אונדזער געזעלשאַפט שוין אַ משך פון 15 יאָר און וואָס פאַר אַ סך איז זי די סיבה פון אומגלייבלעכע יסורים. אין יאָר 1887 זענען איינגעפירט געוואָרן די באַגרענעצונגען פאַר יידן אָנצו־קומען אין די רוסישע מיטעלע און העכערע לערן־אַנשטאַלטן. דאָס האָט ביי אַ גרויסן טייל פון אונדזער יוגנט אָפּגענומען דאָס רעכט אויף ביל־דונג. פון אַלע רעגירונגס־רעפּרעסיעס, וואָס שיטן זיך אויף אונדז מיט דער פולער האַנט אין משך פון לעצטן יאָרצענדליק, איז די דערמאָנטע — אפשר די סאַמע שרעקלעכסטע. ס'איז ווייטיקדיק צו זען אָט דעם אינטעלעקטועלן „קינדערמאָרד", צו הערן די יללות פון די פאָטערס און מוטערס, וועמעס קינדער עס ווערן באַרויבט פון עלעמענטאַרע רעכט אויף בילדונג: עס איז אַ ווייטיק בייצוזיין ביי דער סיסטעמאַטישער שול־אויס־צערונג פון „עם־הספר". אָבער נעבעכדיק און נישטיק איז דער, וואָס קאָן נאָר אָראָפּשלינגען באַליידיקונגען, וויינען אָדער זיך אויפרעגן, און קאָן גאָרנישט טאָן, כדי ווי וויט מעגלעך אָפּצושוואַכן די קלעפּ, וואָס ער באַ־קומט. אין דעם אומגליק, וואָס האָט אונדז געטראָפן, איז דאָ איין זייט,

מיט וועלכער מיר וואָלטן געקאָנט זיך באַנוצן אויף צו פאַרבעסערן מאָ־ראַליש אונדזער מיטעלע בילדונג, ווען אפילו אין באַשיידענע מאַשטאַבן. דאָס געזעץ „ארט. 969, ב' 9 פון קאָדעקס, אויסגאַבע 1876) דערלויבט יידן „צו גרינדן אייגענע שולן אויף אויסצובילדן איר יוגנט אין וויסנ־שאַפט און קונסט און אויף צו לערנען די געזעצן פון זייער רעליגיע". אין דאָזיקן געזעץ איז נישט געמאַכט געוואָרן קיין אויסנאַם פאַר מיטעלע לערן־אַנשטאַלטן — גימנאַזיעס, רעאַלע און האַנדלשולן — וואָס קאָנען, בכן, געגרינדעט ווערן דורך יידן און פאַר יידן (אייניקע אַזעלכע שולן, פאַר ייִנגלעך און מיידלעך, עקזיסטירן שוין אין רוסלאַנד). דאָס דאָזיקע רעכט, וואָס דאָס געזעץ גיט אונדז, דאַרף מען פאַרטיידיקן מיט דער גאַנ־צער ענערגיע, קעמפנדיק מיט אַלע מניעות מצד דער אַדמיניסטראַציע *). אויב אונדזערע אייגענע גימנאַזיעס, רעאַלע און האַנדלשולן וועלן זייערע תלמידים נישט געבן קיין שום רעכט אויף אַנצוקומען אין די העכערע לערנאַנשטאַלטן, קאָנען די דאָזיקע רעכט דערוואָרבן ווערן דורך אָפּגעבן דעם איינגעשטעלטן עקזאַמען ביי די מלוכה־שולן. דערפאַר אָבער וועט דער אינטעלעקטועלער און מאָראַלישער געווינס פאַר אונדז זיין אַ קאָ־לאָסאַלער. ערשטנס, וועלן אַ סך יידישע קינדער, וואָס איצט זענען פאַר זיי פאַרמאַכט די טירן פון די מיטלשולן, האָבן אַ מעגלעכקייט צו באַ־קומען מיטעלע בילדונג; צווייטנס, וועלן די דאָזיקע קינדער פטור ווערן פון יענע דערנידעריקונגען, וואָס זיי קומט אויס איבערצוטראָגן ביים אריינ־טרעטן אין דער מלוכה־שול און אין דער שול גופא, — דערנידעריקונגען, וואָס לאָזן איבער אין דער נשמה אַן אָפּזאַץ פון ביטערניש אויפן גאַנצן לעבן; דריטנס, אַ טייל פון אונדזערע קינדער, וואָס ווערן פאַרפרעמדט פון דעם אייגענעם שטייגער דורך דעם גאַנצן איינשטעל פון די אַלגעמיין־רוסישע שולן, וועט באַקומען די מעגלעכקייט צו לערנען יידישע לימודים, לויט אַ ברייטן פּראָגראַם, רוען אין די שבתים און ימים־טובים, — מיט איין וואָרט, וועט שטיין אַ סך נעענטער צו די קוואַלן פון אונדזער נאַ־ציאָנאַלן לעבן, ווי איצט.

די יידישע פּובליציסטיק האָט שוין נישט איינמאָל באַרירט אָט די פראַגע; און אויב איר קול וועט נישט דערהערט ווערן, אויב אונדזער געזעלשאַפט Viribus unitis (מיט פאַראייניקטע כוחות. — איב.)

*) פון 1906 איז דאָס עפענען פריוואַטע מיטלשולן פאַר יידן באַ־דייטנדיק פאַרלייכטערט געוואָרן דורך דעם מיניסטעריום פאַר פאָלקסביל־דונג, דערביי האָבן אייניקע שוין באַקומען פולע רעכט, אַנדערע איז דאָס צוגעזאָגט געוואָרן אין דער צוקונפט. דאָס ברייטע אויסנוצן דאָס דאָזיקע רעכט וועט ברענגען וויכטיקע רעזולטאַטן פאַר דער זאַך פון יידישער ביל־דונג אין רוסלאַנד.

וועט זיך נישט נעמען דורכצופירן אין לעבן דעם דאָזיקן געדאַנק מיט יענער גאַנצער ענערגיע, אויף וועלכער עס איז פעיק אַ נאַציע, וואָס באַשיצט איר כבוד, — וועט די געשיכטע דערנאָך זיין באַרעכטיקט צו שטעמפּלען אַזאַ געזעלשאַפט מיט די עפּיטעטן: קנעכטישע, פּחדנותדיקע...

אַ גרויס געווינס פאַרן יידנטום וואָלט אויך געווען צו גרינדן אַ באַזונדערע העכערע יידישע שול, יידיש נישט לויט די פאַקולטעט־פּראָגראַמען, נאָר לויט דעם צוזאַמענשטעל פון פּראָפעסאָרן און סטודענטן. אויב אפילו אין גאַליציע פאָדערן היינט די רוטענער אַן אייגענעם „רוטענישן אוניווערסיטעט", האָב דאָך די רוסישע יידן, וואָס ווערן נישט צוגעלאָזט אין די אַלגעמיינע אוניווערסיטעטן, אוודאי רעכט אויף אַן ענלעכן אויטאָנאָמען אַנשטאַלט. אין רוסלאַנד איז דאָס, געוויס, דערווייל נישט מעגלעך; אָבער עס איז גאַנץ מעגלעך צו גרינדן אַ העכערע יידישע שול אין איינעם פון די לענדער אין מערב־אייראָפּע. היינט צו טאָג לערנען זיך אין אויסלענדישע העכערע לערן־אַנשטאַלטן טויזנטער רוסישע יידן. די אוניווערסיטעטן פון בערלין, פּאַריז, היידעלבערג, מאָנפּעליע, בערן, גענף און אַנדערע זענען איבערפולט מיט אַ מאַסע יידישע סטודענטן פון רוסלאַנד; דאָ און דאָרט ווערן שוין, צוליב דעם איבערפלוס פון די אויסלענדער אין די אוידיטאָריעס און קליניקעס, איינגעפירט באַגרענעצונגס־מיטלען. אפילו די געעפנטע דאָ נישט לאַנג פּאַריזער „פרייע רוסישע שול", וואָס גיט דערווייל נאָר עפנטלעכע קורסן איבער סאָציאַלע וויסנשאַפטן, האָט בעיקר יידישע צוהערערס. ביי אַזעלכע באַדינגונגען וואָלט אַ פרייער יידישער אוניווערסיטעט אין אויסלאַנד (ווי למשל דער „פרייער אוניווערסיטעט" אין בריסעל) געווען פאַרזיכערט סיי מיט צוהערערס, סיי מיט מאַטעריעלע מיטלען (פון ספּעציעלע באַשטייערונגען און פון שכר־לימוד), ווי אויך מיט יידישע פּראָפעסאָרן פון צווישן אונדזערע געלערנטע, וואָס ווערן אין אַנדערע לענדער נישט דערלאָזט צו פאַרנעמען אוניווערסיטעט־קאַטעדרעס צוליב זייער נאַציאָנאַליטעט. אין אַזאַ מין אוניווערסיטעט וואָלט געקאָנט עקזיסטירן אויך אַ ספּעציעלער „פאַקולטעט פון יידישע וויסנשאַפטן": דאָרט וואָלט מען געלערנט ספּעציעלע יידישע שפּראַך־קענטעניש, ליטעראַטור, געשיכטע, פילאָסאָפיע און יהדות. די נאַציאָנאַלע באַדייטונג פון אַזאַ העכערן לערן־אַנשטאַלט וואָלט געווען קאָלאָסאַל: דאָס וואָלט געווען דער העכסטער אינטעלעקטועלער צענטער פאַר דער צעשפּרייטער נאַציע, אַ מקום־מקלט פאַר אַלע די, וואָס לעכצן נאָך וויסן, וואָס אין זייערע היימלענדער ליידן זיי טאַנטאַלס יסורים... אונדזער נאַציאָנאַלער כבוד און די נאַציאָנאַלע אינטערעסן באַפעלן אונדז צו נעמען זיך צו אַזאַ זאַך, וויפל אָנשטרענגונגען דאָס זאָל נישט קאָסטן.

די זאָרג פאַר דער אומעטומיקער אָרגאַניזאַציע פון נאַציאָנאַלער דערציונג דאַרף נעמען אויף זיך אונדזער אינטעליגענץ, וואָס האָט שוין איצט

אין אַ סך ערטער געגומען דינען דעם פאָלק, לויט אירע כוחות, דורך איינאָרדענען עלעמענטאַרע שולן, חדרים מתוקנים, ביבליאָטעקן אד"גל. אָבער חוץ אָט די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, דאַרפן עקזיסטירן אויך צענטראַלע אָרגאַנען, וואָס זאָלן פאַראייניקן די טעטיקייט פון אַלע יחידים און אָרגאַניזאַציעס, וואָס אַרבעטן לטובת דער יידישער פאָלקסבילדונג.

צי קאָן די דאָזיקע אויפגאַבע דורכפירן די „חברה מפיצי־השכלה" אין רוסלאַנד און אירע אָפּטיילונגען אויף דער פּראָווינץ? — אפילו אין די באַשיידענע גרענעצן פון זיין סטאַטוט וואָלט די „חברה" נאָך געקאָנט זייער אַ סך טאָן אין דער ריכטונג צו פאַרבעסערן די נאַציאָנאַלער דערציונג אין די געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע שולן. אין דער לעצטער צייט האָט די „חברה מפיצי השכלה", אַ דאַנק דער פאַרשטאַרקונג פון אירע מאַטעריעלע מיטלען *), באַקומען די מעגלעכקייט באַדייטנדיק אויסצוברייטערן איר טעטיקייט אויפן געביט פון שטיצן פאָלקסבילדונג. זי קאָן איצט, דורך געלט־סובסידיעס, שטיצן אַ סך געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע שולן, וואָס עקזיסטירן אין דער פּראָווינץ, און מיטהעלפן צו גרינדן נייע. צוליב דעם שאַרפן מאַנגל אין לערער־פערסאָנאַל דאַרף די „חברה מפיצי־השכלה" אויסנוצן אַלע מיטלען, וואָס געפינען זיך אין איר רשות, כדי צוגרייטן יידישע לערערס, באַזונדערס אויף אַ פאַראייניפאַכטן אופן, דורך גרינדן פּריוואַטע קורסן אויף צוגרייטן פעיקע מענטשן צום לערער־פאַך, ווי עס איז אָנגעוויזן געוואָרן אויבן.

זאָרגנדיק זיך וועגן כמותדיקן וואוקס פון די יידישע שולן, דאַרף „מפיצי־השכלה" אויך זאָרגן וועגן דער איכותדיקער פאַרבעסערונג פון דעם לימוד אין זיי, באַזונדערס וועגן ריכטיק אויסקשטעלן דאָס לערנען די יידישע לימודים, פאַר וועלכע עס דאַרף, פריער פאַר אַלץ, אָפּגעגעבן ווערן אַ גענוגנדיקע צאָל שעהן אַ וואָך. באַזונדערע ווישנשאַפטלעכע און לערן־קאָמיסיעס ביי די קאָמיטעטן פון „מפיצי־השכלה" און ביי אירע אָפּטיילונגען דאַרפן אויסאַרבעטן אַ נאָרמאַלע פּראָגראַם פון לערנען יידישע לימודים אין די נידעריקע און מיטעלע שולן, אין די חדרים מתוקנים און תלמוד־תורות, און די קאָמיטעטן דאַרפן אַכטונג געבן, דורך זייערע משגיחים, אַז די דאָזיקע פּראָגראַמען זאָלן פּינקטלעך אויסגעפירט ווערן, לכל־הפחות אין די שולן, וואָס ווערן סובסידירט דורך „מפיצי־השכלה". די קאָמיסיעס וואָלטן אויך געקאָנט אויסאַרבעטן פּלענער פון לערנביכער פאַר יידישע שולן, סיי פאַר די יידישע, סיי פאַר אייניקע אַלגעמיינע לימודים (למשל, אַ פּלאַן פאַר אַ רוסישער כרעסטאָמאַטיע, מער צוגעפּאַסט צו דעם ניוואָ און געפילן פון יידישע תלמידים, ווי די פאַראַנענע כרעסטאָמאַטיעס

---

*) זע דעם „באַריכט פון זער חברה מפיצי־השכלה" פאַרן יאָר 1900, פעטערבורג 1901, ז' 6.

פאַר די עלעמענטאַרע רוסישע שולן, וואָס מערסטנטייל זענען זיי צונויפ־געשטעלט טענדענציעז און צוגעפּאַסט צו די באַדערפעענישן פון אַ „פּראַ־וואָסלאַוונעם" תּלמיד), און געבן אַ פּעדאַגאָגישע אַפּראָבאַציע די לערנבי־כער, וואָס זענען אין הסכּם מיט די פּלענער. בכלל, ביי יעדן גרויסן ענין, וואָס איז נוגע נאַציאָנאַלער דערציונג ביי יידן, דאַרף „מפיצי־השׂכּלה" אָדער אַרויסווייזן איר דירעקטע איניציאַטיוו, אָדער שטיצן די גוטע אי־ניציאַטיוו פון יחידים און אַנשטאַלטן. זי דאַרף און קאָן, ביז אַ געוויסער מאָס, דינען ווי אַ צענטראַלער אָרגאַן אויף צו רעגולירן און פאַראייניקן די בילדונגס־אַרבעטן, וואָס ווערן געטאָן אין פאַרשידענע ערטער פון תּחום־המושב.

דאָס אַלץ איז געווענדט אין דער מדרגה, אין וועלכער די „חברה מפיצי השׂכּלה" און אירע אויספיר־אָרגאַנען, די קאָמיטעטן און קאָמיסיעס, וועלן זיין דורכגעדרונגען מיט דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע. אויף אַן אַנ־דער אָרט *) האָב איך באַריכות גערעדט וועגן דער היסטאָרישער גענעזע פון „מפיצי־השׂכּלה" און וועגן די אויפגאַבעס, וואָס שטייען פאַר איר — און האָב פאָרמולירט מיינע מסקנות בזה הלשון: „די חברה מפיצי השׂכּלה" איז אין גאַנצן געווען אַ פּראָדוקט פון יענער צייט, ווען זי איז אויפגעקו־מען (1863). דאַמאָלט איז אויפן ערשט פּלאַן געשטאַנען די אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן אַלגעמיין־רוסישע בילדונג צווישן יידן, כּדי צו דער־נעענטערן זיי צו דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג. אין תּוך איז דאָס געווען אַ ריין אויסערלעכע בילדונג: זי האָט געשטרעבט איבערצובויען דעם יידישן שטייגער אויף נייע קולטור־יסודות; בילדונג האָט קודם־כּל געמיינט זיך אויסלערנען די רוסישע שפּראַך און נוצלעך וויסן. די מי־טעלע און העכערע שול האָבן די יידן אויסגעהויבן נאָך העכער אויפן געזעלשאַפטלעכן לייטער, און דערפאַר האָבן זיי געהאַלטן פאַר נייטיק דאָס צו סטימולירן. בכלל, אַלע זאָרגן פון אונדזערע „משׂכּילים" זענען דע־מאָלט געווען געקעריעוועט דורך שולבילדונג צו פאַרבעסערן די רעכטלעכע באַדינגונגען פון יידישן לעבן אין רוסלאַנד. די צייט האָט באַוויזן, אַז די דאָזיקע באַמיונגען זענען געווען אומזיסטע (בשייכות מיט אָט דעם לעצטן), אָבער נישט אין דעם גייט עס: דער קולטורעלער ניוואָ פון די רוסישע יידן האָט זיך פאַר די לעצטע יאָרצענדליקער בלי־ספק געהויבן, און די „חברה מפיצי־השׂכּלה" האָט פון איר זייט נישט ווייניק בייגעטראָגן דער־צו. איצט איז אַן אַנדער צייט און אַנדערע אויפגאַבעס מיר דאַרפן זאָרגן נישט אַזוי פיל וועגן אויסערלעכער בילדונג, ווי וועגן אינערלעכער ביל־דונג: וועגן ערנסטע קענטענישן, וואָס האָבן דעם ציל צו שטאַרקן דעם

*) „די סך־הכּלען פון דער „חברה מפיצי־השׂכּלה", וואָסכאָד, 1891, ב. 10—11.

גייסט פון פאָלק. צו גלייך מיטן אַלזייטיקן, אַלגעמיין־מענטשלעכן וויסן, וואָס איז נישט צוגעשפּיצט צו קיין שום באַגרענעצטע צילן, דאַרף אויך שטיין אַלזייטיק יידיש וויסן (לערנען יידיש געשיכטע, ליטעראַטור אא״וו), וואָס האָט איין הויכן ציל: זעלבסטבאַוואוסטזיין. מער ווי ווען־נישט־איז דאַרפן מיר זיך איצט פאַרטיפן אין זיך, מיען זיך פאַר אונדזער גייסטי־קער שלימות, נישט צופּאַסן זיך צו קיין שום צופעליקע און צייטווייליקע שטרעמונגען, נישט נושא־חן זיין ביי קיינעם און קיינעם נישט חנ־פענען... די „חברה מפיצי־השכלה״ איז פון דער אייגענער פּראַקטיק געוואָר געוואָרן, ווי נישט זיכער עס איז צו בויען די השכלה פון פאָלק אויף דעם שמאָל־אוטיליטאַרן יסוד. אויב די טוער פון דער דאָזיקער ״חברה״ וועלן זיך דורכנעמען מיט דער איבערצייגונג, אַז דאָס יידנטום אין גלייכצייטיק אי אַ טייל פון דער מענטשהייט אי אַ באַזונדערע נאַ־ציאָנאַליטעט, און דערפאַר דאַרף עס אין זיין גייסטיקן לעבן פאַראייניקן אַלגעמיין־מענטשלעך וויסן מיט ספּעציעל־יידישע קענטעניש, — איז דאָ אַ האָפענונג, אַז זיי וועלן עפּעס אויפטאָן פאַר אונדזער אומגליקלעך פאָלק״.

ווען איך האָב מיט צען יאָר צוריק געשריבן אָט די שורות, האָב איך נישט געטראַכט, אַז מיר וועט נאָך אויסקומען אַרויסצוטרעטן אין קרייז פון די „מפיצי־השכלה״־טוערס צו פאַרטיידיקן אַזעלכע עלעמענטאַרע אמתן קעגן בולט־אַסימילאַטאָרישע טענדענצן. אָבער פאַקטיש איז דאָס געשען דאָ נישט לאַנג, נאָך אַ יאָרצענדליק, וואָס זיין ביטערע דערפאַרונג וואָלט באַדאַרפט איבערצייגן אונדזער אינטעליגענץ, אַז די ישועה פון אונדזער פאָלק איז נאָר אין אַ פעסטער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. אין דעם באַ־ריכט פון דער אָדעסער אָפּטיילונג פון דער „חברה מפיצי־השכלה״ פאַרן יאָר 1900, האָט דער קאָמיטעט פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג אַרויסגע־בראַכט זיין אני־מאמין אין די פאָלגנדיקע אויסדרוקן: „אויף דער זעלבער זיצונג (אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון יאָר 1900) איז דערוועקט געוואָרן די פראַגע וועגן דעם, אַז דער קאָמיטעט דאַרף ראַדיקאַל ענדערן זיין ריכטונג און לויט די מעגלעכקייטן לייגן מער אכט אויף דער דערציונג פון דער יוגנט אין שטרענג רעליגיעזן(?) און אין יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט, אין הסכם מיט די נייע שטרעמונגען, אויפגעקומענע אין יידנטום; אָבער אַ ריזיקע מערהייט פון דער פאַרזאַמלונג האָט מיט דער דאָזיקער מיינונג נישט מסכים געווען, האַלטנדיק, אַז דאָס איז לחלוטין נישט אין הסכם מיט די אמתע צילן פון דער „חברה מפיצי־השכלה״, און האָט, פאַרקערט, לגמרי אָקצעפּטירט די ריכטונג פון קאָמיטעט, וואָס זעט די אויפגאַבע פון דער „חברה״ אין פאַרשפּרייטן צווישן דער יידישער מאַסע די עלעמענטן פון אַלגעמיין־אייראָפּעישער בילדונג און פּראַקטיש־נוצלעכע פּאָזיטיווע קענטענישן״.

די דאָזיקע דערקלערונג פון אָדעסער קאָמיטעט האָט אויף דער צוויי־

טער, זייער שטורמישער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג פֿון דער אַרטיקער אָפּ־טיילונג (אַפּריל 1901), אַרויסגערופֿן דערווידערונגען, סיי פּאַקטישע, סיי פּרינציפּיעלע *). די פּאַקטישע דערווידערונגען זענען באַשטאַנען אין דעם, וואָס די פֿאַרשטייער פֿון די „נייע שטרעמונגען" האָבן אויפֿגעהויבן די פֿראַגע וועגן נאַציאָנאַלער דערציונג פֿון דער יידישער יוגנט, אָבער נישט וועגן „שטרענג־רעליגיעזער" אָדער אָרטאָדאָקסישער, ווי דאָס איז פֿאָרמולירט געוואָרן דורכן באַריכט פֿון קאָמיטעט; דערנאָך איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דער אויספֿיר פֿון „באַריכט", אַז אַ „ריזיקע מערהייט פֿון דער פֿאַרזאַמלונג האָט נישט מסכים געווען", כלומרשט, מיט די פֿאָדערונגען פֿון דער אָפּאָזיציע, — איז נישט באַגרינדעט, היות ווי די אויפֿגעהויבענע פֿראַגע איז בכלל נישט געשטימט געוואָרן.

מיר איז דעמאָלט אויסגעקומען צו ענטפֿערן דעם קאָמיטעט בנוגע דעם תּוך פֿון זיין דערקלערונג. דורך אַ פּשוטן אַנאַליז פֿון דער דאָזיקער דערקלערונג האָב איך פֿעסטגעשטעלט דעם פֿאַקט, אַז קעגנשטעלנדיק „אייראָפּעישע בילדונג" דער נאַציאָנאַל יידישער, האָט דער קאָמיטעט דער־מיט גופֿא אָפּגעוואָרפֿן די לעצטע; אָפּוואַרפֿן ווידער דעם „נאַציאָנאַלן גייסט" אין דער בילדונג פֿון פֿאָלק, וואָס ווערט גערודפֿט טאַקע פֿאַר זיי־נע נאַציאָנאַלע אידעאַלן, הייסט, אַז מען וואַרפֿט בכלל אָפּ יעדן העכערן מאָ־ראַלישן און סאָציאַלן עלעמענט אין דער בילדונג און מען קערעוועט זיך נאָר מיט דעם שמאָל אוטיליטאַרן צוגאַנג בנוגע דער שול, וואָס דאַרף זיין נאָר אַן אינסטרומענט אינעם קאַמף פֿאַר עקזיסטענץ. די באַציונג פֿון אַדעסער קאָמיטעט צו דער נאַציאָנאַלער אידעע האָב איך אילוסטרירט מיט עטלעכע ביישפּילן פֿון זיין טעטיקייט. צום סוף האָב איך געשטעלט די פֿראַגע: האַלט דער קאָמיטעט אונטער זיין דערמאָנטע דערקלערונג, לויט וועלכער עס ווערט פֿאַרלייקנט די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם אין דער דערציונג, אָדער די דאָזיקע געוואַגטע דערקלערונג איז נישט מער ווי אַ אומפֿאַרשטענדעניש?

קיין קלאָרן ענטפֿער האָב איך אויף דער דאָזיקער פֿראַגע נישט באַ־קומען. אָנשטאָט אַן ענטפֿער האָט דער קאָמיטעט, דורך איינעם פֿון זיינע עלטסטע מיטגלידער, פֿאָרגעלייגט דער אָפּאָזיציע אַ קעגן־פֿראַגע: „אין וואָס זשע באַשטייט אייער נאַציאָנאַלע פּראָגראַם?, וואָס מיינט איר מיט נאַציאָנאַלן גייסט אין דער דערציונג?" ס'איז געווען אַ ווייטיק און אַ חרפּה צו הערן אַזאַ פֿראַגע אויף אַ יידישער פֿאַרזאַמלונג. אין דער דאָ־זיקער פֿראַגע און אין דעם, וואָס ער האָט אומדירעקט מסכים געווען מיט

*) ידיעות וועגן דער דאָזיקער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג, כאָטש נישט אומעטום ריכטיקע, זענען אין יענער צייט געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אין פֿאַר־שידענע יידישע פּרעסע־אָרגאַנען.

דער רעזאָלוציע פון קאָמיטעט, האָט זיך אַרויסגעוויזן די גאַנצע טיפקייט פון אונדזער סאָציאַלער ירידה. עפּעס אַזוינס איז זיך לחלוטין נישט פאָרצושטעלן, למשל, אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון פּוילישע ביל־דונגס־טוערס... אָבער איך האָב אויפגענומען דעם דאָזיקן אַרויסרוף — און דער איצטיקער „בריוו" איז אַן ענטלעכער ענטפער אויף דער גע־שטעלטער פראַגע. און אויב די קענער פון יידישער נאַציאָנאַלער דער־ציונג נעמען אָן דעם דאָזיקן ענטפער ווי אַ געווג קלאָרן און דעצידירטן, וואָלט איך זיי פאַרגעלייגט זיך אַרויסצוזאָגן אויך אַזוי קלאָר וועגן דעם, וואָס איז זייער קוק אויף די אויפגאַבעס פון יידישער דערציונג*).

די אָנגעוויזענע געזעלשאַפטלעכע פאַקטן כאַראַקטעריזירן די באַציונג פון געוויסע קרייזן פון דער געזעלשאַפט צום ענין נאַציאָנאַליזאַציע פון דער יידישער שול און זענען אַן אָנזאָג, אַז ער וועט זיך אָנטרעפן אויף גרויסע שוועריקייטן. פון דעסטוועגן דאַרף מען דאָזיקע ביישפּילן נישט צו פיל פאַראַלגעמיינערן. די טעטיקייט פון דעם צענטראַלן קאָמיטעט פון „מפיצי־השכלה" אין פּעטערבורג און זיינע קאָמיסיעס באַווייזן, אַז דאָרט באַציט מען זיך נישט אַזוי נעגאַטיוו צו דער אידעע פון נאַציאָנאַלער דערציונג, ווי צווישן די אָדעסער משכילים... ס'איז נאָך נישט אויסגע־וועפּט געוואָרן דער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין ביי די יידישע אינטעלי־גענטע טוערס, און די פאָרשטייערס פון דער אָפּגעלעבטער אַסימילאַטאָ־רישער ריכטונג וועלן נאָך דערזען קעגן זיך אַ רייע קעמפערס פון צווישן דעם נייעם, פרייען יידנטום, וואָס טרעט אריין אין לעבן מיטן לאָזונג פון „נאַציאָנאַלן רענעסאַנס".

*) זע פריער, בריוו 10. „וועגן דער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך פאַרלוירן".

הוספה „ב״ צום פינפטן בריוו

# וועגן נאַציאָנאַלער דערציונג

## דער קולטור־קאַמף 1901—1902.

ווי ס'איז צו זען פון די לעצטע שורות פון דער פאַריקער הוספה, איז אין 1901 דער געזעלשאַפטלעכער אינטערעס געווען קאָנצענטרירט אַרום דער פראַגע וועגן דער נאַציאָנאַלער שול, אַ דאַנק דער אַגיטאַציע און די עפנטלעכע דיסקוסיעס צווישן די אָנהענגער און קעגנער פון דער דאָזיקער אידעע. אין אָדעס, אין דער הויפּטנעסט פון אַסימילאַציע, האָבן די אָנהענגער פון דער נאַציאָנאַלער שול געאַרבעט דורך דעם נישט אָפּיציעלן „קאָמיטעט פאַר נאַציאָנאַליזאַציע", און די קעגנער — אין דעם קאָמיטעט פון דער אָרטיקער אָפּטיילונג פון דער „חברה מפיצי־השכלה". אין האַרבסט 1901 איז דעם דאָזיקן קאָמיטעט צוגעשטעלט געוואָרן, דורך אַ גרופּע מיטגלידער פון דער אָפּטיילונג אַ „מעמאָראַנדום" וועגן דער נייטיקייט צו רעפאָרמירן די שולן, וואָס ווערן סובסידירט דורך דער „חברה", אין דעם זינען פון אויסברייטערן און פאַרבעסערן דאָרט די יידישע לימודים. דער אָדעסער קאָמיטעט האָט אויף דעם געענטפערט, פרילינג 1902, מיט אַ באַזונדער דעקלאַראַציע, אין וועלכער ער האָט קעגן דעם שטאַנדפּונקט פון די נאַציאָנאַליסטן אַרויסגערוקט אַ רייע מאָטיוון צו פאַרטיידיקן זיין שמאָל אוטיליטאַרן קוק אויף די אויפגאַבעס פון דער שול. נאָך דער אָפיציעלער דערקלערונג פון די „משכילים", אַז די עיקר־אויפגאַבע פון דער שול איז נאָר אַלגעמיין־רוסישע, און נישט יידישע בילדונג, — האָט זיך דער קאַמף פון די פאַרטייען פאַרשאַרפט. אַ נייער עפנטלעכער געראַנגל צווישן די ביידע צדדים איז צושטאַנד געקומען אויף דער גרויסער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון „מפיצי־השכלה" אין אָדעס (דעם 15 מאַי 1902), אויף וועלכער עס זענען אַרויסגעטראָטן, ווי פאַרטיידיקער פון דער נאַציאָנאַלער שול, אחד־העם און דער מחבר פון די שורות; ווי פאַרטיידיקער פון דער קעגנזעצלעכער ריכטונג זענען אַרויסגעטראָטן — מ. ג. מאַרגוליס און י. ל. סאַקער. די פּרטים פון דעם דאָזיקן קאַמף וועט דער לייענער געפינען אין דער דעמאָלטיקער יידישער

פּרעסע (זע אויך די באַזונדערע בראָשור „צו דער פראַגע וועגן נאַציאָנאַ־לער דערציונג" (רוסיש), אָדעס, שערמאַנס פאַרלאַג, 1903). איך האָב באַלויכטן די געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג פון דאָזיקן קולטור־קאַמף אין דעם אַרטיקל „די נאַציאָנאַלע דערציונג פאַרן משפּט פון דער אָדעסער פאַרזאַמלונג" (וואָכנטלעכער „וואָסכאָד" 1902, נר. 23—26). דער ליטע־ראַרישער וויכוח האָט זיך אויך דערנאָך געצויגן אין אַ לייזנשאַפטלעכער פאָרעם, און זיינע אָפּקלאַנגען וועט דער לייענער געפינען געניער אינעם בריוו „וועגן דער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך פאַרלוירן".

כדי צו כאַראַקטעריזירן די דעמאָלטיקע געזעלשאַפטלעכע שטרעמונ־גען, וועל איך דאָ ברענגען דאָס לעצטע קאַפּיטל פון דעם דערמאָנטן אַר־טיקל מיינעם „די נאַציאָנאַלע דערציונג פאַרן משפּט פון דער אָדעסער פאַרזאַמלונג" (דאָ זענען אויסגעלאָזט איבערחזרונגען, אָבער עס זענען צוריקגעשטעלט געוואָרן די אויסלאָזן פון אָפּגעדרוקטן טעקסט):

"Fabula docet" (אַ משל לערנט. — איב.) וואָס זשע לערנט אונדז דער געזעלשאַפטלעכער פאַקט, וואָס איז געשען דאָ נישט לאַנג, און וואָסערע קאָנסעקווענצן דרינגען פון אים אַרויס פאַרן ווייטערדיקן גאַנג פון אונדזער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט?

„ראשית־כל איז דער דאָזיקער פאַקט אַ באַוויז, אַז אין אַ סך קרייזן פון אונדזער אינטעליגענץ הערשט אַ שרעקלעכער בלבול־המוחות. די אי־דעישע פאַרלוירנקייט, דאָס צונויפמישן די פענער און ריכטונגען, אָדער די עקשנותדיקע צוגעבונדנקייט צו אַלטע אידעען, פון וועלכע עס איז שוין אויסגעוועפּט געוואָרן יעדער לעבנס־זין, און אומזיסט פּרואוווט מען זיי איבערפאַרבן אויף אַ נייעם שטייגער, — אָט דאָס זענען די גרונט־שטריכן פון דעם קריזיס, וואָס מיר לעבן איצט איבער. קלאָר און פעסט פירן דורך זייער פּראָגראַם נאָר יענע, וואָס זענען טיף איבערצייגט, אַז דער נאָרמאַלער וואוקס פון יידנטום איז מעגלעך נאָר מיטן תנאי, אַז מיר וועלן ווייטער פאָרזעצן אונדזער נאַציאָנאַלע עוואָלוציע, וואָס איז צייט־ווייליק איבערגעריסן געוואָרן אין אונדזער געשיכטע דורך דער אַסימילאַ־ציע־פּאַזע. יענע ווידער, וואָס האָבן נאָך נישט איבערגעריסן מיט דער דאָזיקער פאַזע, יענע, וואָס לויט זייער דערציונג אָדער איינגעוואָרצלטע רגילותן קאָנען נישט אָפּן צושטיין צו דער נאַציאָנאַלער ריכטונג, — וואָלטן פון זייער זייט באַדאַרפט אַרויסשטעלן אַ באַשטימטע פאָן, אַ באַשטימטע טעטיקייטס־פּראָגראַם. ביז איצט האָבן זיי דאָס נישט גע־טאָן. ס'רוב זאָגן זיי זיך אָפּ פון דער אַסימילאַציע־טעאָריע, אָבער פּראַק־טיש פירן זיי דורך אירע מסקנות; זיי האָבן אָנגעוואָרן די סיסטעם, זיי האָבן אָבער איינגעהיט אירע עיקרדיקע פּונקטן. אַ דאַנק דעם, וואָס זיי פעלט די פאָן, אַרבעטן זיי אָפט אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַ־ניזאַציעס צוזאַמען מיט די טוערס פון דער נאַציאָנאַלער ריכטונג; אָבער

דאָס איז אַן אַרבעט פון כוחות, וואָס ווירקן אין קעגנזעצלעכע ריכטונ־גען, און דערפאַר איז דער רעזולטאַט — נול. איצט איז געקומען דער מאָמענט פון דיפערענצירונג. די עפנטלעכע וויכוחים וועגן אַזעלכע פראַ־געס, ווי נאַציאָנאַלע דערציונג, וואָלטן באַדאַרפט אויפקלערן דעם טיפן אונטערשייד אין די שטימונגען צווישן די אָנהענגער און קעגנער פון דער נאַציאָנאַלער אידעע. פון איצט אָן איז „נאַציאָנאַלע דערציונג" דער שלאַכט־פאַראָל, דאָס איז דער סימן, לויט וועלכן מע וועט קאָנען דערקענען די ריכטונג פון דער געגעבענער גרופּע.

„אין דער הינזיכט קאָן די אָדעסער עפּאָפּעע, ביי אַלע טרויעריקע זייטן פון אונדזערע געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס זענען דורך איר אויפגע־דעקט געוואָרן, ברענגען גרויס נוצן. זי האָט אויפגעקלערט, אַז די דיפע־רענצירונג איז נייטיק: „ענטוועדער — אָדער".

מע וואַרפט אונדז פאָר „שפּאַלטונג", „מחלוקת" און נאָך אַזעלכע שרעק־לעכער זאַכן. אָבער אויב איר האָט מורא פאַר מחלוקת, דאַן שפּאַנט איין אין איין וואָגן אַ פערד און אַן אָקס, פאַראייניקט דאָס, וואָס מע קאָן נישט פאַראייניקן — און איר וועט זען, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען. אויב אונדזער געזעלשאַפטלעכער וואָגן „שטייט נאָך ביז איצט אויפן זעלבן אָרט" (אַ ציטאַט פון קרילאָווס משל „דער שוואַן, דער ראַק און דער העכט" — איב.), איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס צוליב דער מורא פאַר „מחלוקת" האָבן מיר אים געשלעפּט „מיט פאַראייניקטע כוחות" פון די דריי העלדן פון קרילאָווס משל. דער אידעישער כאַאָס, דער סינקרעטיזם פון איבערצייגונגען האָבן אומגעבראַכט און ברענגען אום אונדזער גע־זעלשאַפטלעכע זאַך. שעפערישקייט איז מעגלעך נאָר נאָכן צעגלידערן דעם כאַאָס. איצט האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון צעגלידערונג, און קיין שום זאַך וועט דאָס נישט אָפּשטעלן. זאָל יעדע פּאַרטיי אָדער גרופּע אַר־בעטן אָפן אין נאָמען פון אירע איבערצייגונגען, — און דעמאָלט וועט דאָס פאָלק בפועל ממש דערזען, וועמעס ריכטונג איז ריכטיקער, וועמעס טעטיקייט איז פרוכפּערדיקער.

„אוודאי איז אונדזער נאַציאָנאַלע ריכטונג אויף אַזוי פיל ברייט, זי גיט אַזוי פיל פרייע מעגלעכקייטן פאַר אַלמענטשלעכע שטרעבונגען, אַז אונטער איר פאָן קאָנען שטיין אָנהענגער פון פאַרשידענע פילאָסאָפישע און סאָציאַלע דאָקטרינעס. אָבער איין תנאי דאַרף געשטעלט ווערן איט־לעכן, וואָס וויל זיין טעטיק אונטער דער דאָזיקער פאָן: אָנערקענען די היסטאָרישע און פּסיכאָלאָגישע נויטווענדיקייט פון דער נאַציאָנאַלער עוואָ־לוציע פון יידנטום און איינשטעלן זיך פאַר אויטאָנאָמיע אין אַלע ספערן פון לעבן. דער דאָזיקער תנאי שליסט אויס אַלע מינים אַסימילאַציעס, אָפענע אָדער פאַרבאַהאַלטענע אונטערן נאָמען פון „אַלמענטשלעכע אי־דעען". אָט דער תנאי שליסט אויך אויס דעם טיפּ „געצוואונגענע נאַציאָ־

נאַליסטן", וואָס האָבן ציטווייליק שלום געמאַכט מיטן נאַציאָנאַליזם נאָר דערפאַר, ווייל אַלע נאַציעס שטויסן אונדז היינט אָפּ פון זיך; לסוף, שליסט ער אויך אויס יענע נאָמינעלע נאַציאָנאַליסטן, וואָס מיט זייער טעטיקייט שעדיקן זיי אָפּן די אויטאָנאָמע אַנטוויקלונג פון יידנטום, אָפּ־לייקענענדיק די נייטיקייט פון אַזעלכע יסודות, ווי נאַציאָנאַלע דערציונג.

„פאַר אַלע פראַקציעס, וואָס ווען זיך פאַראייניקן אין דער נאַציאָ־נאַלער פּאַרטיי, זענען די לעצטע געשעענישן אין אָדעס אויך זייער באַ־לערנדיק... מיר האָבן זיך אַלע געקאָנט איבערצייגן, אַז אונדזער ערשטע און עיקרדיקע אַרבעט באַשטייט אין נאַציאָנאַליזירן אונדזער אינטעליגענץ, וואָס איז אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון פאָלק. קיין שום פאָלק, וואָס געפינט זיך אין צושטאַנד פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער פאַרטיידיקונג, קאָן אין זיין געשיכטע נישט אָנווייזן אויף אַזאַ אויסטערלישן ביישפּיל, אַז זיין אייגענע אינטעליגענץ זאָל קעגנשטעלן דאָס „אַלמענטשלעכע" (אין דעם געגע־בענעם קאָנקרעטן פאַל — אַלרוסישע) דעם אייגענעם „נאַציאָנאַלן" און זאָל אָפּלייקענען די נויטווענדיקייט פון נאַציאָנאַלער דערציונג פון די צוקונפטיקע דורות, וועמען עס דראָט, אין קעגנפאַל, אומפאַרמיידלעכע אויפלייזונג צווישן די אַרומיקע פעלקער. ס'איז זיך קוים פאָרצושטעלן, אַז ערגעץ אַנדערש זאָלן פאָרשטייער פון אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט אַזוי אייפעריק זיך איינשטעלן פאַר דעם שולטויף פון דער הערשנדיקער נאַ־ציע, פאַר איר שפּראַך און ליטעראַטור, קעגן אייגענעם נאַציאָנאַלן שול־טיפּ, קעגן אייגענער שפּראַך און ליטעראַטור, — ווי דאָס האָבן געטאָן די אָדעסער יידישע „משכילים". ביי אַזאַ נאַציאָנאַלער דעקאַדענץ דאַרפן אַלע אָנשטרענגונגען געווענדעט ווערן אויף דער זאַך פון איגערלעכער נאַציאָנאַל־גייסטיקער אויפלעבונג, אָן וועלכער עס איז נישט מעגלעך קיין שום ווייטערדיקע שריט אין דער אָדער יענער פּראַקטישער ריכטונג. און דאָס בעסטע מיטל צו דערגרייכן דעם דאָזיקן גרויסן ציל איז — נאַציאָ־נאַליזאַציע פון דער דערציונג, פון דער שול, פון דער אינטעליגענץ און פון יענער האַלב־קולטורעלער מאַסע, וואָס איז דער סאַמע וואַקלדיקער עלעמענט אין נאַציאָנאַלן זינען.

„דאָ איז שוין אויך דאָ דער ענטפער פאַר יענע, וואָס וואָלטן געוואָלט אָפּשאַפן די באַצייכענונג, ווי למשל, „נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ" אד"גל. ביי אַנדערע פּאָליטיש־אָפּהענגיקע פעלקער איז באמת נישטאָ קיין באַדער־פעניש אין אַזעלכע באַצייכענונגען. ס'איז געווען, למשל, צו זאָגן „פּוי־לישע אינטעליגענץ", אַז ס'זאָל זיין פעבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס מיינט מען: נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ, וואָס פאַרטיידיקט איר פּאַרזיכיקייט און אַזאַ אָדער אַן אַנדער מאָס (אַמאָל אפילו אין דער טרויעריקער פאָרעם פון אולטראַנאַציאָנאַליזם). נאָר ביי אונדז זענען די טערמינען „יידיש" און „נאַציאָנאַל" נישט אידענטיש, ווייל עס איז דאָ אַ יידישע אינטעליגענץ,

וואָס פאַרלייקנט איר נאַציאָנאַלע פאַרזיכיקייט. דערפאַר האָט ביי אונדז די דערמאָנטע צעטיילונג אַ רעאַלן יסוד. כל זמן עס עקזיסטירט אַסימי־לאַציע, דאַרף עקזיסטירן, ווי אַ קעגנווירקנדיקער כוח, נאַציאָנאַליזאַציע. און אונדזער פּלאַמיקסטער פאַרלאַנג איז, אַז ס'זאָל קומען אַ צייט, ווען די באַצייכענונג „נאַציאָנאַלע" זאָל מער נישט נייטיק זיין, ווען דער טער־מין „יידישע אינטעליגענץ" וועט אַבסאָלוט זיין אידענטיש מיטן טערמין „נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ". אָבער טאַקע כדי צו דערגרייכן אָט דעם ציל, דאַרף מען לכתחילה אַרויסרוקן די נאַציאָנאַלע אידעע, ווי אַ באַ־שטימטע פאָן.

„פון דעם איצטיקן אידעישן כאַאָס, וואו עס האָבן זיך צוזאַמענגע־שטויסן disjecta semina rerum (צעוואָרפענע זאָמען פון זאַכן. — איב.) דאַרפן אַרויסקומען, פריער אָדער שפּעטער, דורך נאַטירלעכער צע־גלידערונג, יענע פאַרזיכיקע שעפערישע עלעמענטן, וואָס בילדן די גאַראַנ־טיע פון אינערלעכער אויפלעבונג. פון דער צווייטער זייט, וועלן זיך פון דאָרטן אויך אויסטיילן יענע פרעמדאַרטיקע עלעמענטן, וואָס טראָגן אין זיך דעם קערן פון נאַציאָנאַלער דעגענעראַציע.

„מיט פיר און צוואַנציק הונדערט יאָר צוריק, אין אַ תקופה פון אַן ענלעכן געזעלשאַפטלעכן כאַאָס און אידעישן סינקרעטיזם, האָט דער נביא מלאָכי גערעדט וועגן דעם פאָרשטייענדיקן פּראָצעס פון „שמעלצונג", וואָס וועט פון פאָלק אָפּטיילן „דאָס ריינע גאָלד און זילבער פון די צומישן", די אָנהענגער פון נאַציאָנאַל־פאַרזיכיקן לעבן — פון די אָנהענגער פון פאַרמישונג און צונויפגיסונג. דער שמעלצונגס־פּראָצעס האָט זיך אָנגע־הויבן אויך ביי אונדז".

יאַנואַר־יוני 1902. (רעדאַקציע 1907).

# הוספות

## 1. פון דער הקדמה צו די ערשטע „בריוו" (1897) (*

(** De quel nom te nommer, heure trouble où nous sommes?

ווי אזוי רופט מען אן אט דעם מאָמענט, וואָס אונדזער געזעלשאַפט לעבט איצט איבער, אָט די שלאַבעריקייט פון געדאַנקען און מעשים, די מאָגערקייט פון אידעאַלן און פּרינציפּן?

מיט יעדן יאָר ווערן מיר אַלץ אָרעמער אין גייסט. מיר זענען שוין געגליכן צו „קלינגענדיקן קופּער און צו אַ קלאַפּנדיקער פּושקע", וואָרעם די שטימונג אונדזערע ווערט שוין נישט אויסגעאַרבעט דורך אונדזער אינעווייניקסטן לעבן, נאָר זי איז אַן אָפּשפּיגלונג פון דרויסנדיקע באַווירקונגען. במשך פון איין יאָרצענדליק נאָר האָבן זיך די שטימונגען אין דער יידישער געזעלשאַפט געביטן דריי מאָל. ס'איז ביי אונדז געווען אַ צייט פון פיבערדיקער פאַרלוירנקייט, וואָס איז געווען אַ פּועל־יוצא פון יאוש, ווען ביי אַלעמען אויף די ליפּן איז געשטאַנען די פראַגע: „וואוהין גייט מען?" ***) דערנאָך איז געווען אַ קורצער מאָמענט פון אָנגענעמע חלומות און האָפענונג, וואָס זענען נישט מקוים געוואָרן ****). איצט ווידער איז אַלץ איינגעשטילט געוואָרן: נישטאָ נישט קיין יאוש

---

*) דער פריערדיקער טעקסט איז דאָ אין געוויסע ערטער געקירצט, און אין אַנדערע — דערגאַנצט מיט די צוריקגעשטעלטע צענזור־אויסלאָזן און דערקלערנדיקע באַמערקונגען.

**) מיט וואָסער נאָמען זאָל מען דיך אָנרופן, אומרואיקע צייט, וואָס מיר לעבן איבער? (וויקטאָר הוגאָ).

***) די יאָרן 1890—1892 — דער ברען פון רעגירונגס־גזירות, געקרוינט מיטן שרעקלעכן מאָסקווער גירוש, די צייט פון דער פאַרשטאַרקטער עמיגראַציע קיין צפון־אַמעריקע און אַרגענטינע, ווען אַ סך האָבן זיך אומגעטראָגן מיטן פּלאַן פון באַראָן הירש וועגן פולשטענדיק עוואַקואירן די יידן פון רוסלאַנד.

****) די האָפענונגען, וואָס מע האָט געהאַט בשייכות מיט דער ענדערונג אויפן צאַרישן טראָן (1894—1895), זענען גיך אַריבערגעגאַנגען אין דער קאַטעגאָריע פון „פּוסטע חלומות".

און נישט קיין האָפענונגען; ס'איז דאָ נישט מער ווי אַ מין גלייכגילטיקער צושטאַנד, עפּעס אַזאַ דערדריקנדיקער באַוואוסטזיין, אַז עס איז נישט צו דערוואַרטן בקרוב קיין שום תּוכיקע ענדערונגען אין אונדזער טרויעריקן מצב, און דעריבער מוז מען זיך דערווייל אָפּזאָגן פון וואָסערע־ס'איז ברייטערע אויפגאַבן. אָט דער באַוואוסטזיין ווירקט איינשלעפערנדיק אויפן רוב פון דער יידישער אינטעליגענץ, באַגינציקט איר אומטעטיקייט אָדער צווינגט זי דורכצוקומען מיט קלייניקע קהלשע ענינים, וואָס גייען נישט ווייטער, ווי די פאָדערונגען פון בירגערלעכער פילאַנטראָפּיע.

מיר לעבן איצט איבער אַ מין געזעלשאַפטלעכן בין־השמשות. איז דאָס אַ בין השמשות פאַר נאַכט אָדער ערב באַגינען: גייען מיר צו ליכט, אָדער גאָר צו אַ נאָך אַ געדיכטערן חושך?

קנאַפּ־דענקענדיקע מענטשן, וואָס ווענדן אָן צום היסטאָרישן לעבן פון אַ פאָלק דאָס נעבעכדיקע מעסטל פון דער לעבנס־וואָכעדיקייט, וועלן ענטפערן, פאַרשטייט זיך, אַז די לייזונג פון דער דאָזיקער פראַגע איז געווענדט פון די „דרויסנדיקע אומשטענדן", און אין דערוואַרטונג אויף די דאָזיקע „אומשטענדן" וועלן זיי געמיטלעך איבערשטופּן די צייט אָדער פּאָרען זיך מיט כּלערליי קהלשע קלייניקייטן, וואָס ווערן פאַלש אָנגעגעבן ווי אַ „פאָלקס־ענין". אויב אַזעלכע מענטשן וועלן זיין דער דאָמינירנדי־קער עלעמענט אין אונדזער געזעלשאַפט, איז מעג מען לכתחילה זאָגן נביאות, אַז די געזעלשאַפט וועט אַלץ מער גיין באַרג־אַראָפּ. אויב אָבער עס וועט זיך אין אונדזער געזעלשאַפט איינוואָרצלען און קריגן די איי־בערהאַנט די איבערצייגונג, אַז אונדזער גורל איז קודם־כּל געווענדט אין אונדז אַליין; אַז נישט די אָדער יענע באַציונג פון פאָליציי־צירקל דעצי־דירט וועגן גורל פון אַן אוראַלטן קולטור־פאָלק; און אַז די אינעווייניקס־טע, גייסטיקע אויפלעבונג, ווי אַ זעלבשטענדיקער אַקט פון אונדזער רצון, איז דער הויפּט־תּנאי, וואָס פאַרזיכערט אונדזער צוקונפט, — דעמאָלט וועט מען שוין האָבן געפונען דעם וועג צו אונדזער ווידערגעבורט. מיר וועלן אינערלעך זיין פריי, כּל־זמן אין אונדז וועט לעבן אַ פרייער, אָפּאָ־זיציאָנעלער גייסט, אפילו ווען עס זאָל אויף אונדז דריקן דער יאָך פון דרויסנדיקער רעכטלאָזיקייט. אַ שקלאַף הייסט דער, וואָס די נשמה זיינע איז אַ הכנעהדיקע, און נישט יענער, וואָס דער דרוק פון דעספּאָטיזם באַ־רויבט אים פון עלעמענטאַרע מענטשלעכע רעכט. דעמאָראַליזאַציע איז אַ פּועל־יוצא פון ביטול צו זיך אַליין און פון נשמה־ליידיקייט; דאָס איז אוממעגלעך, ווען עס איז פאַראַן דרך־ארץ צו זיך אַליין און קלאָרע אַק־טיווע אידעאַלן. אויב עס דראָט וועמען־ס'איז דעגענעראַציע, איז עס אפשר בלויז יענעם טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס קאָן נישט דעם דרוק מחוץ אַנטקעגנשטעלן אַ באַהעפט פון נאַציאָנאַל־קולטורעלע אידעאַלן, גלייכווערטיקע צו יענע אומצעשטערלעכע רעליגיעזע אידעאַלן, אַדאַנק וועל־

בע עס האָט זיך געהאַלטן און האַלט זיך, טראָץ אַלע צרות, די גלייביקע יידישע מאַסע.

גאָר אין דער לעצטער צייט איז אין אונדזער חושכדיקן לעבן אריינגעקומען א געוויסע אויפלעבונג אדאנק דעם ערשטן באַזעלער קאָנגרעס, וואָס האָט פּראָקלאַמירט די אידעע פון פּאָליטישן ציוניזם. דער אומבאַשטרייטלעכער פאַרדינסט פון קאָנגרעס באַשטייט אין דעם דעמאָנסטרירן די איינהייט פון צעשפּרייטן פאָלק און אין פּרואוו אויפצואוועקן אונדזערע דרימלענדיקע כוחות צו לעבעדיקער אַלפאָלקישער ארבעט. עס שטייט אָבער אונטער א גרויסן ספק די לאַנגדויערנדיקייט פון א נאַציאָנאַלער באַוועגונג דווקא אין געשטאַלט פון ציוניזם. פאַרבינדנדיק דעם ענין פון נאַציאָנאַלער ווידעראויפלעבונג מיטן חלום וועגן פּאָליטישער רעסטאַווראַציע פון פּאַלעסטינע, טוט דער נייער ציוניזם, ערשטנס, אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער געזעלשאַפט פון די סאָציאַלע אינטערעסן פון יידנטום אין דער דיאַספּאָרע; צווייטנס, ריזיקירט דער ציוניזם אַרויסצושטעלן זיך ווי א נישט־ממשותדיקע באַוועגונג, ווי נאָר עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דער טרוים וועגן טעריטאָריאַל־פּאָליטישער אויפלעבונג קאָן נישט מקוים ווערן. דער ציוניזם איז א גוצלעך אויפמונטערנדיק מיטל, וואָס קאָן ביי דעם יונגן דור אויפהאַלטן דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטגעפיל, אָבער נאָר צייטווייליק, כל־זמן עס וועלן נישט קומען ספקות אָדער אַנטטוישונג אין דער מעגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן דעם ענדציל פון אָט דער באַוועגונג, — און דאָס וועט דאָך פריער אָדער שפּעטער מוזן געשען. דעמאָלט וועלן די אַנטטוישטע ציוניסטן פאַרגרעסערן די מחנות פון יענע, וואָס האַלטן שוין אָט באַלד 15 יאָר אין איין בלאָנדזשען אָן א וועג און אָן א ציל, פאַרלוירענע און צעטומלטע, ווי סאָלדאַטן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער פאָן.

דער מצב פון אָט דער לעצטער גרופּע אינטעליגענץ, זייער א צאַלרייכע, איז באַזונדערס טראַגיש. נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרלוירן — צוליב דער אַנטיסעמיטישער רעאַקציע — די אמונה אין די ישועות פון דער אַסימילאַציע־באַוועגונג פון די 70־ער יאָרן, האָבן די פאַרשטייער פון אָט דער ריכטונג פון דעסטוועגן נישט אַנטשלאָסן זיך אָנצושליסן אין דער נייער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פון יידנטום. א סך פון זיי האָבן זיך צוגעוואוינט צו פאַרבינדן דעם באַגריף אַסימילאַציע מיט „געבילדעטקייט" און ליבעראַליזם, און דעם באַגריף נאַציאָנאַליזם — מיט קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט; און מחמת אָט דעם אייבערפלאַכלעכן, טעותדיקן קוק ווילן זיי נישט זוכן אין דער נאַציאָנאַלער אידעע דעם אָנשפּאַר, וועלכן זיי האָבן אָנגעוואָרן אין דער אַסימילאַציע. און אָט אַזוי לעבן זיי — אָדער לחלוטין אָן אַלגעמיינע פירנדיקע פּרינציפּן, אָדער זיי קלאַמערן זיך נאָך אין די שערבלעך פון דער צעבראָכענער סיסטעם, וואָס איז פאַר־

זיי פאַרבונדן מיט זכרונות וועגן בעסערע צייטן. אין בעסטן פאַל האַלטן זיך די דאָזיקע מענטשן ביי שמאָל־אוטיליטאַרע אויסרעכענונגען פון דער מינוט. צי קאָן מען אָבער פירן אַ פּרוכפּערדיקע אַרבעט אָן אַ באַגייס־טערנדיקער אַלגעמיינער אידעע?

מיר דאַכט זיך, אַז ס׳איז געקומען די צייט איבערצוקוקן אונדזער פאַרפּלאָנטערטן אידעישן אינווענטאַר. צווישן די שערבלעך פון פריער־דיקע אָפּגעטער און די אייליקע פּרוּוון צו פאַרבייטן זיי מיט נייע, דאַרף זיך דערהערן דאָס קול פון יענע, וואָס די נסיונות פון די לעצטע יאָר־צענדליקער האָבן זיי אָפּגעצויגן פון אָפּגעטער אין דער ריכטונג פון דורכ־געטראַכטע אידעאַלן, אַרויסגעשעפּטע און די טיפענישן פון דער היסטאָרישער עוואָלוציע פון יידנטום. זיי דאַרפן מיט דער פולער אויפריכטיקייט דער־קלערן, וואָס האָבן זיי געלערנט פון די פריערדיקע טעותים, וואָס פאַר אַ קאָרעקטיוון האָבן זיי באַוויזן אַריינצוטראָגן אין זייער וועלטבאַנעם דורך דעם שווערן פּראָצעס פון אַליינבאַשטימונג. זייער אויסגעוויטיקטן שע־פערישן געדאַנק דאַרפן זיי אַנטקעגנשטעלן דער גייסטיקער פאַרגליווערט־קייט פון איינע, דער פאַרלוירנקייט פון אַנדערע און דער לייכטזיניקער פאַרכליניעטקייט פון די דריטע. זייער אַ שלעכטער ייד איז דער, וואָס האָט גאָרנישט געלערנט פון די שווערע נסיונות אין דער לעצטער עפּאָכע און נישט אָנגעהויבן אַ געגויע רעוויזיע פון זיינע פאַרטייאישע איבער־צייגונגען, נישט געפּרואווט זיך אַליין צו קאָנטראָלירן, צו פאַרטיפן זיינע נאַציאָנאַלע אידעען. און נאָך ערגער איז דער, וואָס וויל נישט, מחמת פאַלשער איינגליבע, זיך מודה זיין אין דעם אַלעם, וואָס ער האָט גע־לערנט אַדאַנק אַ מער צייטיקן אַריינטראַכטן זיך, און לפנים טוט ער וויטער דינען דער זעלבער אמונה, פון וועלכער ער האָט זיך שוין אין האַרצן אָפּגעזאָגט.

איינע פון די סיבות, פאַרוואָס אונדזערע אידעישע שטרעמונגען זע־נען אומצייטיק און מטושטש, באַשטייט אין דעם מאַנגל פון היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, און דאָס מערקט זיך אפילו אין די דאָקטרינעס, וואָס טרעטן אַרויס אונטער אַ נאַציאָנאַלן פלאַג. ביי אונדז איז אָנגענומען געוויינטלעך צו באַשטימען די גאַנצע צוקונפט פון פאָלק פון דעם קוקווינקל פון די נייסטע געשעענישן, און נישט אויפן סמך פון דעם גאַנצן קאָמפּלעקס מאָ־מענטן, וועלכע דאָס יידנטום האָט איבערגעלעבט. אונדזערע „גרים״ מכל המינים באַקוקן די דראַמע פון דער יידישער געשיכטע, בלויז אָנהייבנדיק פון פינפטן אַקט, און זיי שטעלן זיך פאָר, אַז דאָס איז טאַקע דער אָנ־הייב פון דער דראַמע. זעלטן־ווען פרעגן זיי זיך: צי זענען אַמאָל נישט פאָרגעקומען געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, געגליכן צו די איצטיקע, אין די פריערדיקע תקופות פון אונדזער געשיכטע, און צו וואָסערע רעזול־טאַטן האָבן זיי דערפירט? זייער פילאָזאָפיע פון געשיכטע נעמט אַרום

נישט מער ווי צוויי־דריי נאָענטסטע יאָרצענדליקער. קינדער פון אַן אור־ראַלטן היסטאָרישן פאָלק, האַלטן זיי זיך אַזוי, ווי עס וואָלט געווען אַ פאָלק ערשט פון נעכטן, און נישט אַ נאַציע, וואָס האָט אָנגעזאַמלט לעבנס־חכמה פון יאָרטויזנטער.

איבערקוקן די אָנזאַמלונג פון העכסטע פּרינציפּן, וואָס דרינגען אַרויס פון דער אַלמענטשלעכער און פון אונדזער אייגענער געשיכטלעכער עוואָ־לוציע, און אויפקלערן, וואָסערע פון זיי דאַרפן ווערן די פירנדיקע אין אונדזער נאַציאָנאַלן ענין; אַריינברענגען אַ היסטאָרישע פּערספּעקטיוו אין דעם אַפּשאַצן די מאָדערנע שטרעמונגען אין יידישן לעבן, און, לסוף, אָפּרופן זיך פון צייט צו צייט אויף די טאָג פּראָבלעמען, וואָס שטייען אין פאַרבינדונג מיט די יסודות פון אונדזער נאַציאָנאַלן זיין, — אָט דאָס זענען די אויפגאַבן פון די ווייטערדיקע „בריוו".

נאָוועמבער, 1897.

## 2. הקדמה פון מחבר צו דער דייטשער איבערזעצונג פון די ערשטע „בריוו" (1903) (*

די דאָזיקע אַריינפיר־שורות צו דער דייטשער איבערזעצונג פון מיינע „בריוו" שרייבט איך אין טעג פון טיפן נאַציאָנאַלן טרויער, אַרויסגערופן דורך דער קישעניעווער קאַטאַסטראָפע. מיר לעבן איבער אַ מאָמענט, ווען אין אונדזער סאָציאַלן מצב ווערן פאַרווישט די גרענעצן צווישן „אַלטן" און „נייעם" יידנטום, צווישן מיטלאַלטער און נייצייט. און — לאָמיר זיך נישט נאַרן — דער דאָזיקער מאָמענט, אַן אומגעוויינלעכער לויט זיינע אויסערלעכע אויסדרוקן, איז אין תוך ענג פאַרבונדן גענעטיש מיט דעם אַלעמען, וואָס יידן לעבן איבער אין פאַרשיידענע מדרגות במשך פון די לעצטע יאָרצענדליקער.

די דורותדיקע, ירושהדיקע שנאה צום יידנטום וואַקסט צווישן די קריסטלעכע מאַסן, קומענדיק צום אויסדרוק צי אין „קולטורעלע" פאָרמען פון מערב־אייראָפּעישן אַנטיסעמיטיזם, צי אין די באַרבאַרישע פאָרמען פון רוסישן וואַנדאַליזם און מלוכהשער אונטערדריקונג. דער האַלב־קולטורעלער רוסישער יודאָפאָב קרושעוואַן, איינער פון די באַגייסטערער פון דער קישעניעווער שחיטה, דערקלערט אָפן אין זיין גאַסן־בלעטל (וואָס ווערט סובסידירט דורך דער רעגירונג) אַזאַ מין אולטימאַטום די רוסישע יידן: „אָדער ווערט קריסטן, אָדער פאַרלאָזט דאָס לאַנד במשך אַ יאָר צייט!" די רוסישע רעגירונג זאָגט די יידן מיט דער גאַנצער סיסטעם פון אכזריותדיקע באַגרענעצונגען און רדיפות: „כל־זמן איר וועט נישט ווערן

*) אין יאָר 1905 איז אין בערלין דערשינען אַ דייטשישע איבערזעצונג פון די ערשטע צוויי „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" א"נ: "Die Grudlagen des Nationaljudentums" (Berlin Yüd. Farlag) מיט אַן אויספירלעכער הקדמה פון איבערזעצער, ד"ר י. פרידלענדער, און מיט אַ הקדמה פון מחבר, ספּעציעל אָנגעשריבן פאַר דער דייטשער איבערזעצונג. דאָ גיב איך איבער די דאָזיקע הקדמה, ווי אַ דערגאַנצונג צום ניינטן בריוו („דער היסטאָרישער מאָמענט"), וואָס איך האָב געשריבן גלייכצייטיק, נאָך דעם קישעניעווער פּאָגראָם פון יאָר 1903.

אוים יידן, וועלן מיר אייך האַלטן אין דעם מצב פון רעכטלאָזע און שוצ־לאָזע פּאַריער". און די אייראָפּעישע אַנטיסעמיטן באַדויערן די דאָזע פון עמאַנציפּאַציע, וואָס מע האָט די יידן געגעבן אין די קורצע intervala lucida (ליכטיקע איבעררייסן. — איב.) פון דער מאָדערנער געשיכטע, און זיי צעבלאָזן דעם פלאַם פון שנאה צום יידנטום, ווי אַ ראַסע און נאַציע.

ווי אַזוי זשע ענטפערט דאָס געבילדעטע יידנטום אויף אַט אומעטומי־קער פאַרשטאַרקונג פון באַרבאַרישער אָדער „ציוויליזירטער" יודאָפאָביע?

זי גיט צוויי פאַרשיידענע ענטפערס: איינער הייסט — אַסימילאַציע; דער צווייטער — פּאָליטישער ציוניזם. אין תוך אָבער זענען דאָס נישט קיין ענטפערס, נאָר פּשוטע מעכאַנישע אָפּקלאַנגען פון דער אַלטערנאַטיוו, וואָס עס גיבן אונדז די שונאים. זיי זאָגן אונדז: אַסימילירט זיך אָדער גייט אַוועק! און פון דער יידישער מחנה זאָגן אייניקע: „מיר אַסימילירן זיך"; די אַנדערע: „מיר גייען אַוועק!"

האָבן די דאָזיקע ענטפערס אַ ממשות?

קודם־כל וואַרפט זיך אין די אויגן זייער פּראַקטישע אומצוועקמעסי־קייט, אפילו ביי די גינציקסטע באַדינגונגען. אַסימילירן און בהדרגה דער־פירן צו פולשטענדיקער אויפלייזונג צווישן אַנדערע פעלקער (און טאַקע אַזאַ מין אויפלייזונג פאָדערן דאָך אונדזערע שונאים) — דאָס קאָן מען מאַכן אפשר מיט אַ צענטל פון יידנטום, אָבער די איבעריקע ניין צענטל, דער קערן פון פאָלק, וועט פאַרבלייבן נאַציאָנאַל־פאַרזיכיק. דאָס אייגענע וועלן מיר אפשר קוים קאָנען, אין די בעסטע אומשטענדן, באַזעצן אין פּאַלעסטינע — נאָך לאַנגיאָריקע כוחות־אָנשטרענגונגען — אַ מיליאָן יידן, אָבער ניין מיליאָן וועלן בלייבן אין דער צעשפּרייטונג. קלאָר, אַז אַזאַ מין אויסוועג — צי דאָס זייער אַ פּראָבלעמאַטישער — וואָס פאַרגרינגערט דעם גורל פון אַ צענטל פאָלק, קאָן נישט אָנגענומען ווערן פאַר אַ ליי־זונג פון דער פּראָבלעם, וואָס באַרירט דעם גורל פון גאַנצן פאָלק.

דער חילוק צווישן ביידע עקסטרעמען — דער דאָקטרינע פון אַסי־מילאַציע און דעם פּאָליטישן ציוניזם — איז אַן עטישע, און נישט קיין פּראַקטישע. די אַסימילאַציע־דאָקטרינע לייגט פאָר צו פאַרראַטן אויף אַ געמיינעם אופן אונדזער נאַציאָנאַלע פאָן; צו פאַרלייקענען (לגמרי אָדער טייל־ווייז) דאָס אַלץ, מיט וואָס עס לעבט און לשם וואָס עס ראַנגלט זיך דאָס יידי־שע פאָלק. דער ציוניזם, אויף וויפל אין זיין יסוד ליגט די אידעע פון אומ־צעשטערלעכער נאַציאָנאַלער פאַרזיכיקייט (ווייל ס'איז דאָ אַ מין ציוניזם, וואָס האָט נישט אַט דעם יסוד), — שטעלט ער מיט זיך פאָר אַ באַוועגונג אַ דערהויבענע און היסטאָריש אידעאַלע, וואָס שטעלט אַנטקעגן דער פּאַ־טאָלאָגישער אַסימילאַטאָרישער דעגענעראַציע — אַ געזונטן עלעמענט פון ווידערגעבורט. אָבער פּראַקטיש, ווי שוין געזאָגט, וועט נישט די באַוועגונג, נישט די צווייטע נישט לייזן, אין גאַנצן אָדער אפילו אין אַ באַדייטנדיקער

מאָס, די גרויסע פּראָבלעם, וואָס דער איצטיקער היסטאָרישער מאָמענט האָט געשטעלט פאַרן יידנטום.

וואו זשע איז די אמתע, אַלץ כולל־דיקע לייזונג?

כדי צו געפינען זי, דאַרפן מיר זיך ווענדן צו אונדזער געשיכטע, צום גרויסן סינטעז פון יאָרהונדערטער, צום אָנגעזאַמלטן נסיון פון אַלע אי־בערגעלעבטע עפּאָכעס. ס׳איז דאָ איין וועג, וואָס האָט דורכגעפירט אונד־זער פאָלק דורך אַ ריי דורות; דער וועג פון אויטאָנאָמער נאַציאָנאַל־גייס־טיקער עוואָלוציע. פאַר דער דאָזיקער אויטאָנאָמישקייט פון אַנטוויקלונג, — די נשמה פון דער יידישער נאַציע, — דאַרפן מיר און קאָנען זיך ראַנגלען אומעטום, אין אַלע אונדזערע תפוצות, און נישט בלויז אין דעם פּראָבלע־מאַטישן צוקונפטיקן ציון, וואָס וועט קיין מאָל נישט מאַכן קיין סוף מיטן גלות, און אין בעסטן פאַל וועט ער אים אפשר נאָר אַ ביסל קלענער מאַכן. אונדזער שוואַכקייט שטעקט אין דער אינעווייניקסטער צעפּאָרנקייט פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן, וואָס איז אַ פּועל־יוצא פון דער עפּאָכע פון אַסימילאַציע־אַנטיטעזיס; אונדזער שטאַרקייט באַשטייט אין איינשטעלן פעסט אַ שעפערישע עוואָלוציע, אין געשטאַלט פון אַ סינטעז פון אַלטן און נייעם יידנטום, אין דעם שטרעבן צו אינעווייניקסטער נאַציאָנאַל־קול־טורעלער אויפלעבונג אומעטום.

אונדזער ענגע נאַציאָנאַלע באַהאָפטנקייט וועט אונדז געבן אַ מעכטיק געווער אין קאַמף פאַר אונדזער סאָציאַלן קיום צווישן פעלקער. אויב אין די אָדער יענע ערטער ווערט דער מצב פון אַ געוויסן טייל אונדזער פאָלק נישט אויסצוהאַלטן, איז דערפון דאָ אַן אויסוועג, צו וועלכן עס קומען אָן אַלע אונטערגעדריקטע פעלקער אָדער קלאַסן: אויסוואַנדערן אין פּונקטן, וואו ס׳איז דאָ מער גינציקע באַדינגונגען פאַר נאַציאָנאַלן און עקאָנאָמישן וואוקס. ביי אַ ברייט אָרגאַניזירטער אַליינהילף וועט אַ רעגולירטע עמיגראַ־ציע ברענגען נישט צו אַ צעשפּליטערונג פון יידנטום, נאָר בלויז צום אי־בעררוקן זיינע צענטערן. גרויסע איבערוואַנדערונגען — בשייכות מיטן איבעררוקן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע צענטערן — זענען אַ געוויינטלעכע דערשיינונג אין דער יידישער געשיכטע. מיט פיר הונדערט יאָר צוריק, גלייך נאָך דעם צעשטערן דעם ספרדישן צענטער אויפן פּירענעישן האַלב־אינדזל, איז אויפגעקומען דער אשכנזישער צענטער אין מזרח־אייראָפּע, וואָס האָט ביז דער לעצטער צייט געדינט ווי איינער פון די וויכטיקסטע רעזערוואוואַרן פון אונדזער נאַציאָנאַלער ענערגיע. דאָס היינטיקע רוסלאַנד גייט בפירוש אין די פוסטריט פון דעם אַלטן שפּאַניע: דורך מיטלאַל־טערלעכער געזעצגעבונג און באַרבאַרישע רדיפות שטרעבט עס צו באַפרייען זיך פון די יידן. אַ טיילווייזע עוואַקואַציע האָט זיך שוין אָנגעהויבן: אַ גרויסער טייל פון יערלעכן נאַטירלעכן צוואַוואוקס ביי דער יידישער באַ־פעלקערונג גייט אַוועק פון רוסלאַנד. פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר האָט

רוסלאַנד אַ שטוים געטאָן קיין צפון־אַמעריקע אַרום אַ מיליאָן יידן. אָט דער הויפּטשטראָם צייכנט אויך אָן די ריכטונג, אין וועלכער עס רוקט זיך איבער דער רוסיש־יידישער צענטער. און ס'איז בלתי ספק, אַז אַ גרויסער אוצר פון נאַציאָנאַל־פּאַרזיביקע כוחות, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין רוסישן יידנטום, וועט אין דעם פרייען לאַנד קריגן מערער גינציקע דרויסנ־דיקע באַדינגונגען פאַר זיין אַנטוויקלונג, איידער אין דעם לאַנד פון קנעכט־שאַפט און רעכטלאָזיקייט.

פאַרשטייט זיך, אַז סיי דאָ סיי אין אַנדערע לענדער וועט דער פרייער יידישער נאַציאָנאַליזם זיין אַנדערש, לויט זיינע אויסערלעכע קולטור־פאָר־מען, ווי דער מיטלאַלטערלעכער אָפּגעשלאָסענער געטאָ־נאַציאָנאַליזם, — אָבער אין אָט דער מעטאַמאָרפאָזע ליגט טאַקע דער גאַנצער תמצית פון אונדזער מאָדערנעם „נאַציאָנאַלן סינטעז". צו באַווייזן די היסטאָרישע גע־זעצלעכקייט און די פּראַקטישע מעגלעכקייטן צו פאַרווירקלעכן דעם דאָ־זיקן סינטעז, — אין דעם באַשטייט די עיקר־אויפגאַבע פון די ווייטער־דיקע „בריוו".

אָדעס, 19 מאַי 1903.

פּ. ס.

אין דער הקדמה פון איבערזעצער צו דער דייטשער אויסגאַבע פון די „בריוו", ווי אויך אין אַ באַזונדערער בראָשור פון ד"ר פרידלענדער "Dubnow's Theory of Jewish Nationalism" N. Y. 1905 האָט מען מיר אָנגעוויזן אויף דער ווייטערדיקער סתירה בשייכות מיט מיין קריטיק פון ציוניזם: פון איין זייט, אָנערקען איך, אַז דער גייסטיקער טיפּ נאַציע שטייט העכער פון טעריטאָריאַלן, און פון דער צווייטער זייט — דערלאָז איך די געוואונטשנקייט פון אַ האַלב־אויטאָנאָמען קולטור־צענטער אין פּאַלעסטינע, ווי אַ טיפּיש־נאַציאָנאַלן. די דאָזיקע סתירה איז נישט מער ווי אַן אויסגעדאַכטע. טעאָרעטיש האַלט איך דעם גייסטיקן טיפּ נאַציע פאַר אַ העכערן שטאַפּל אין דער פעלקער־עוואָלוציע, איידער דעם טערי־טאָריאַלער; דאָס שטערט מיר אָבער נישט צו אָנערקענען, אַז דער צוגאָב פון טעריטאָריאַלער אייניקייט פאַרגרעסערט דעם כוח פון יעדער נאַציע, אפילו פון דער, וואָס האָט שוין דערגרייכט יענעם העכן שטאַפּל. דער גאַנצער וויכוח מיינער מיטן ציוניזם דרייט זיך נישט וועגן דעם, צי ס'איז געוואונטשן, נאָר וועגן דעם, צי ס'איז מעגלעך אַזאַ טעריטאָריאַל פּאָלי־טישער צענטער, וואָס זאָל באַהעפטן דאָס גאַנצע יידנטום. אויב אין דער פריערדיקער רעדאַקציע האָבן געוויסע פראַזעס געקאָנט געבן אַ פּתחון־פּה צו אומפאַרשטייעניש, זענען אין דער נייער רעדאַקציע די דאָזיקע אומ־קלאָרקייטן אין גאַנצן באַזייטיקט געוואָרן.

* * *

# הערה צום צוועלפטן בריוו „דער מוסר השכל פון די שרעקלעכע טעג"

אין דער העברעאישער אויסגאַבע פון די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם ייִדנטום" האָט ש. דובנאָוו אַריינגעטראָגן גרויסע ענדערונגען אינעם קאַפּיטל „קנעכטשאַפט אין רעוואָלוציע":

1) אויף זייט 325 ווען עס רעדט זיך וועגן דעם אַז „די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע כוחות האָבן געקעמפט אונטער דער אַלגעמיין־רוסישער אָדער פּוילישער פאָן" — האָט ש. דובנאָוו אויסגעמעקט די ווייטערדיקע פראַזע: „און אַז זיי פלעגן שוין יאָ דערלאָזן אַמאָל אַ ייִדישע באַפאַרבונג, איז דאָס געווען נישט קיין נאַציאָנאַלע, נאָר אַן עטנאָגראַפישע, צוליב דער באַמוועמלעכקייט פון "קלאַסנקאַנף".

2) אויף זייט 326 איז אַרויסגענומען דער קלאַמער, צום סוף פונעם פּאַראַגראַף, וועגן דאשעווסקי און לעקערט.

3) אויף זייט 327, צווייטע שורה פון אויבן, ווען עס רעדט זיך וועגן די ייִדישע טוערס פון דער „רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי" און זיי ווערן אָנגערופן „קאָנסעקווענטע אַסימילאַטאָרן" — זענען אויסגעמעקט די ווייטערדיקע עטלעכע ווערטער: „צוליב זייערע פּאַרטייאישע און אינטערנאַציאָנאַלע איבערצייגונגען".

4) אויף דער זעלבער זייט ווען עס רעדט זיך וועגן דעם אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אַנערקענען ברייטע אויטאָנאָמיע פאַר אַלע טעריטאָריאַלע פעלקער אָבער ניט פאַר ייִדן, — איז אויסגעמעקט דער ווייטערדיקער זאַץ: „חוץ דער ייִדישער, וועמען מע וואַרפט צו אומגערן אַ ביינדל אין דער פאָרם פון „זעלבסטבאַשטימונג", האָפנדיק, אַז מיט דער צייט וועט מען דאָס אויך נישט באַדאַרפן, וואָרעם דער ייִדישער טייך וועט זיך צונויפגיסן מיטן רוסישן ים".

5) אויף דער זעלבער צייט ווייטער איז וועגן די ייִדישע „פּאַרטייליט" אויסגעמעקט דער ווייטערדיקער זאַץ: „עס וועט זיי אויך נישט אַנ־

טוישן דאָס, וואָס אפילו די אָרגאַניזירטע „חברים" זענען נישט געקומען צו הילף דער געממיתטער נאַציע".

6) אויף דער זעלבער זייט אינעם פּאַראַגראַף וועגן די יידישע מיט־גלידער פון פּ. פּ. ס., האָט ש. דובנאָוו אַרויסגעוואָרפן די ווייטערדיקע כאַראַקטעריסטיק זייערע: „דאָס זענען ווירדיקע יורשים פון יענע נעבעכדיקע יידישע ,פאַקטאָרס', וואָס האָבן הכנעהדיק געבויגן די רוקנס פאַר די פּויליש פּריצים, האָבן זיי געדינט מיט דער געטריישאַפט פון פודעלס און האָבן אפילו אָנגענומען פאַר ליב דאָס פּריצישע קאַפּען מיט די פּיס. יענע האָבן געבויגן בלויז דעם רוקן, און די בייגן און קאַליעטשען זייערע נשמות אויף אַ פרעמדן שטייגער, — מיט אַ קנעכטישער נאָכגיביקייט זאָגן זיי זיך אָפּ פון אַלץ, וואָס איז נאַציאָנאַל יידיש, פון דער גאַנצער קולטור פון ,אייביקן פאָלק', פון אַלע זיינע אידעאַלן און אינטערעסן".

7) אויף זייט 329 אויבן ווען עס רעדט זיך וועגן די פּ. פּ. ס. וואָס פאָדערן „די פולע קולטורעלע צונויפשמעלצונג פון יידן מיטן פּוילישן פאָלק" — זענען אויסגעמעקט די ווייטערדיקע ווערטער וואָס קומען באַלד נאָך דעם: „און נאָר אויף דערוווייל, ביז צום דערגרייכן אָט דעם אידעאַל, גיבן זיי דער ,פינצטערער מאַסע' אַ האָמעאָפּאַטישע דאָזע „נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַשטימונג".

8) אויף דער זעלביקער זייט, אינעם פּאַראַגראַף וועגן „בונד", זיינען אויסגעמעקט די ווערטער וואָס קומען ביים סאַמע סוף: „וואָס שייך אַ זעלבשטענדיקער און איינהייטלעכער יידישער פאָלקס־פּאָליטיק — ווארפן זיי זי שארף אָפּ, דערצו זענען זיי צו פיל „קלאַסנקעמפער".

9) אויף זייט 330 ווען עס רעדט זיך, אָנהייב פּאַראַגראַף, וועגן די חסידים פון „בונד" וואָס ווילן נישט מיטאַרבעטן מיט די יידישע כלל־פּאַרטייען, זיינען אויסגעמעקט די ווערטער: „אפילו ווען עס פאָדערן דאָס די שרייענדיקסטע נויטן פון יידנטום, ווי אַ ציבור". און ביים סוף פון פּאַראַגראַף איז אויסגעמעקט דער זאַץ „אין דער דאָזיקער דראָענדיקער דערמאָנונג הערן זיי נישט דעם אימפּעראַטיוו: קעמפן צוזאַמען מיטן שותפותדיקן שונא".

10) אויף דער זעלבער זייט, אין דער פוס־נאָטע וועגן מעדעמען, איז אויסגעמעקט דער לעצטער זאַץ: „אָט די מאַיעסטעטישע נייטראַליטעט אין דער פּראָבלעם פון לעבן און טויט פון אַ נאַציע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּאַרטיי, וואָס רופט זיך אָן „יידישע"... חוץ דעם, איז דאָ אין דער העברעאישער אויסגאַבע צוגעגעבן וועגן מעדעמען: „צום סוף פון זיין לעבן האָט דער דאָזיקער פירער געענדערט זיין מיינונג און ער האָט זיך מער דערנעענטערט צום נאַציאָנאַלן געדאַנק".

11) אויף דער זעלבער זייט, אינעם צווייטן פּאַראַגראַף ווען עס רעדט זיך וועגן דער האַלטונג פון די בונדיסטן נאָך די אָקטאָבער־פּאָגראָמען און זייער טענה, אַז „דאָס איז נישט מער ווי קאָנטער־רעוואָלוציע", האָט

ש. דובנאָוו אויסגעמעקט די ווערטער: „זיי האָבן מיט באַשיידנקייט אָפּגע־וואַשן די הענט". און ווייטער, אָנהייבנדיק פון די ווערטער „אַ לויב צו די וואָס זיינען געפאַלן פאַרן באַפרייאונגס קאַמף", — האָט ש. דובנאָוו אינגאַנצן אויסגעמעקט די ווייטערדיקע העלפט פונעם דאָזיקן פּאַראַגראַף. ער האָט אויך אַרויסגעוואָרפן די גאַנצע זייט 331 און אויך די ערשטע 8 שורות פון דער זייט 332. ער פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל מיט די ווערטער: „אונדזערע לינקע פּאַרטייען דאַרפן קעמפן אין דער מחנה פון דער רע־וואָלוציע נישט אונטער דער מאַסקע פון רוסן אָדער פּאָליאַקן, נאָר ווי יידן, וועמען ס'איז נישט ווינציקער טייער די אינטערעסן פון זייער נאַ־ציע, איידער די אינטערעסן פון דער מלוכה, וואָס אין איר באַשטאַנד גייען זיי אַריין". דערביי אָבער האָט ער ווייטער אויסגעמעקט דעם סאַמע לעצטן זאַץ פונעם דאָזיקן קאַפּיטל: „פולע פרייהייט", אא"וו. אַזוי אַרום האָט ש. דובנאָוו באַזייטיקט די גאַנצע הייסבלוטיקע און שאַרפע פּאָלעמיק מיטן „בונד" אין די אַנדערע יידישע סאָציאַליסטן.

12) פון דער העברעאישער אויסגאַבע האָט ש. דובנאָוו אינגאַנצן באַ־זייטיקט דאָס פערטע קאַפּיטל פונעם צוועלפטן בריף — די זייטן 337 — 344, איבערלאָזנדיק דאָ נאָר די זייטן 345 און 346. דער דאָזיקער פער־טער קאַפּיטל הייסט: „די אויסערלעכע און די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע"; דאָרט ווערט געגנוי געשילדערט די פּראָגראַם און טעטיקייט פונעם „פאַר־באַנד צו דערגרייכן יידישע פולבאַרעכטיקונג" און אויך פונעם „וועד פון די יידישע קהילות".

13) פונעם דריטן קאַפּיטל „נאַציאָנאַלע אָדער קלאַסן־פּאָליטיק האָט ש. דובנאָוו באַזייטיקט די פּוסנאַטע ווענן „פּועלי ציון" און „ציוניסטן סאָציאַליסטן" (ז' 344).

ח. ש. קאַזדאַן

# אינדעקס פון נעמען

---

# Simón Dubnov

Cartas sobre el Judaísmo Antiguo y Moderno
traducidas del ruso por:
*Moisés y Saúl Ferdman*

Edición del Fondo Mendelson de la Sociedad
Pro Cultura y Ayuda, A. C.

Amsterdam 180-502
México 11, D. F.

Se terminó de imprimir este libro el 10 de julio de 1959, en los Taleres de la **Imprenta Moderna,** Manuel Pintel, Calle del Doctor Garciadiego No. 28, México, D. F. Número de ejemplares: 1000.

Printed in Mexico
Impreso en México